29-טעס העפט פרייז 5 קאפ׳
מיט פאסטגעלד 7 ק׳



# קאפיטאן דרייפוס

## דער פערשיקטער אויף טייוועלס-אינזעל.

2-טער טהייל.

אסטערהאזי׳ס מפלה.

ווירקליך אינטערעסאנטער פאריזער ראמאן.

הויפטפערקויף אין צוקערמאנן׳ס בוכהאנדלונג
ווארשא, נאלעווקי 15.

ווארשא, תרנ״ח

דרוק שולדבערג ושותפו, טווארדא № 6

„КАПИТАНЪ ДРЕЙФУСЪ", романъ.

Выпускъ XXIX.

Типографія Шульдбергъ и Ко., Варшава, Твердая № 6.

# קַאפִּיטַאן

# דְרֵייפוּס

דֶער פֶערשִׁיקְטֶער אוֹיפְן טַייוָועלְס-אִינְזֶע

---

אַ ווירְקלִיךְ אִינְטֶערֶעסַאנְטֶער פַּארִיזֶער

רָאמַאן

ווארשא

תרנ"ח

בדפוס דובערוש טורש, נאלעווקי 39,

---

# КАПИТАНЪ

# „ДРЕЙФУСЪ"

РОМАНЪ

ВАРШАВА

1898 г.

[...]афія Б[...] Турша, Налев[...] 39.

עסטערהאזי'ם מפלה

# צווייטער טהייל

פון דעם ראמאן

# קאפיטאן דרייפוס

דער פערשיקטער אויפ'ן טייוועלס אינזעל.

## I.

# װֶער אִיז דֶער אֶמֶתֶער שְׁפִּיָאן?

גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז גֶעלֶעגֶען אויסְגֶעצויגֶען אויף זַיין סָאפָע אִין דֶעם רַייךְ מֶעבְּלִירְטֶען צִימֶער און גֶערויכְט אָהן אויפְהֶער צִיגַארֶען.

אִין אֵיין הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען אַ נַייֶעם רָאמַאן.

דָאס בּוּךְ הָאט עֶר אָבֶער נוּר גֶעהַאלְטֶען אָבֶער נִיט גֶעלַייֶענְט.

אִיהם אִיז יֶעצְט נִיט גֶעקְרָאכֶען אִין קָאפּ דִי עֶלֶענְדֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם רָאמַאנְס הֶעלְדֶען. זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען גֶעוֶוען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט פִיעל אַנְדֶערֶע זַאכֶען. פֶערְבִּיסֶען הָאט עֶר גֶערַייבֶערְט דִי שְׁוַוארְצֶע צִיגַארֶען װֶעלְכֶע הָאבֶען פוּל גֶעמַאכְט דֶעם צִימֶער מִיט רויךְ. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר בָּאז דָאס בּוּךְ אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען און אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן גֶעלֶעגֶער.

— מֶען קֶענְן דָאךְ מְשׁוּגַע װֶערֶען — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ און אָנְגֶעהויבֶען מִיט גְרויסֶע שְׁפְּרַייזֶען צוּ שְׁפַּאצִיערֶען אִיבֶּער'ן צִימֶער — אֵיין אוּמְגְלִיקק נָאךְ דֶעם צְוַוייטֶען. אַלְץ וִוי אויף לְהַכְעִיס. אֲפִילוּ מַיין נְקָמָה צוּ דֶער פַאמִילְיֶע דְרֵייפוּס גֶערָאט מִיר אויךְ נִיט אִין דִי לֶעצְטֶע צַייט. כְּ'קֶענְן נִיט קְלוּג װֶערֶען פוּן פּוֹטִיפֶרַעס רֵייד. עֶפֶּעס הָאט זִי מִיר אָנְדֶערְצֶאהלְט אַ גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע. דָאס קִינְד אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען בַּיי אִיהר אִין דִי הֶאנְד און פְּלוּצְלִינְג װִיעדֶער פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען. אויסְטֶערְלִישׁ, נִיט צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען! פּוֹטִיפֶרַע אִיז דָאךְ עֶפֶּעס נִיט פוּן דִי וַוייבֶער, װֶעלְכֶע לָאזֶען זִיךְ עֶטְוַואס אַוֶועקְגֶעהְמֶען פוּן אוּנְטֶער דֶער נָאז, כְּ'זָאל וַוייטֶער זָאגֶען אַז זִי הָאט מִיךְ פֶערְפִיהרְט און דָאס קִינְד עֶרְגִיץ עֶרְהַאלְטֶען פַאר אַ אֵייגֶענֶעם גֶעבְרוּיךְ, הָאט זִי עֶס דָאךְ מִיר בַּאלְד גֶעקֶענְנְט זָאגֶען. אִיז דֶענְן פַאר מִיר אַ אוּנְטֶערְשַׁייד וָואס זִי טְהוּט מִיט דֶעם קִינְד?

דֶער דִיעֶנֶער, װֶעלְכֶער אִיז גְרַאדֶע יֶעצְט אַרַיין אִין צִימֶער, הָאט דֶעם גְרַאף גֶעשְׁטֶערְט וַוייטֶער צוּ קְלֶערֶען זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען.

— דָאקְטָאר דוּבּוּאַ וִויל זִיךְ זֶעהֶען מִיט דֶעם הֶערר — הָאט דֶער דִיעֶנֶער גֶעמָאלְדֶען.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט דֶעם דִיעֶנֶער עֶרְשְׁרָאקֶען אָנְגֶעקוּקְט.

— בִּיטֶע — הָאט עֶר גֶעזָאגְט, נָאכְדֶעם װֶוענְן עֶר הָאט זִיךְ עֶטְוָואס בֶּערוּהִיגְט.

דֶער דִיעֶנֶער אִיז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען.

— דָאקְטָאר דוּבּוּאַ — הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר וִויעדֶער גֶערֶעדְט צוּ זִיךְ — דָאקְטָאר דוּבּוּאַ פוּן דֶעם דוּלְהויז, אִין װֶעלְכֶען כְּ'הָאבּ אַרַיינְגֶעזֶעצְט דִי קְלָארֶע

קְלוֹידִיַא לָארֶעטַטָא, וָואס הָאט עֶר צוּ מִיר פַאר אַ גֶעשֶׁאפְט? אָה, כְּ'וַייסס שׁוֹין, עֶר קוּמְמְט אַוַדַאי נָאךְ דֶעם חוֹב, וָואס כְ'בִּין אִיהם שׁוּלְדִיג, דִי צֶעהן טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, וֶועלְכֶע כְ'הָאבּ אִיהם צוּגֶעזָאגְט, אוּם עֶר זָאלל קְלוֹידְיֶען מַאכֶען פַאר אַ מְשׁוּגָעֶנֶע. נַיין, הֶערר דָאקְטָאר, דָאס מָאל הָאט אִיהר נִיט גֶעטְרָאפֶפֶען, אִיהר זָאללְט אֲפִילוּ אוֹיסשָׁאקְלֶען אַללֶע ווִינְקֶעלֶעךְ פוּן מַיין שְׁטוּבּ, וֶועט אִיהר נִיט גֶעפִינְגֶען קַיין טוֹיזֶענְד פְרַאנְק אוֹיךְ נִיט.

דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ דִי טְהִיר גֶעעֶפֶענְט אוּנ אִין צִימֶער אִיז אַרַיין דֶער דָאקְטָאר דוּבּוּאַ.

עֶר הָאט דֶעם גְרַאף מִיט רֶעספֶּעקְט בֶּעגְרִיסְט, נָאכְדֶעם הָאט עֶר פֶערְרִינְגֶעלְט דִי טְהִיר אוֹיף אַ שְׁלָאסס אוּנ פְרַאגֶענְד אָנְגֶעקוּקְט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאְיָאר.

– זִי אִיז בַּיי אַייךְ, גְרַאף?

– וֶוער? – הָאט עָסְטֶערְהַאזִי אוֹיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶאגְט.

– קְלוֹידִיַא לָארֶעטַטָע, דִי קְלָארֶע-מְשׁוּגָעֶנֶע.

דֶער גְרַאף אִיז בְּלַייך גֶעוָוארֶען אוּנ זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אַ שְׁמֵייכֶעל צוּ גֶעבֶּען.

– דָאקְטאר! – הָאט עֶר גֶעזָאגְט – אִיךְ בִּין דָאךְ נִיט קַיין קִינְד אִיהר זָאללְט פוּן מִיר חוֹזֶק מַאכֶען. וָואס הֵייסְט? בַּיי מִיר קוּמְמְט אִיהר זוּכֶען אַ פְרוֹי, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַייךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ הִיטֶען. לוֹיט ווִי מִיר שַׁיינְט, וַוייסס יֶעדֶערֶער אַז מַיין הוֹיז אִיז נִיט קַיין דוֹלְהוֹיז פַאר מְשׁוּגָעִים?

– דִי מְשׁוּגָעֶנֶע אִיז אָבֶּער עֶנְטְלָאפֶען פוּן דוֹלְהוֹיז – הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעלַאסֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט.

עָסְטֶערְהַאזִי הָאט אִיהם ווִילְד אָנְגֶעקוּקְט אוּנ אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען:

– אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מֶענְשׁ, וָואס הָאט אִיהר גֶעטְהוּן? ווִי אַזוֹי אִיז דִי פְרוֹי עֶנְטְלָאפֶען פוּן אַייֶער הַאנְד?

דֶער דָאקְטָאר הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס, אַז דִי גָאלְדֶענֶע בְּרִיללֶען הָאבֶּען זִיךְ אַ רוּק גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶער נָאז.

– אִיהר מֶעגְט אַייךְ בֵּייזֶערֶען ווִי פִיעל אִיהר ווִילְלְט, כְּ'פֶערְשְׁטֶעה גַאנְץ גוּט אַייֶער עַגְמַת-נֶפֶשׁ, סְ'אִיז אָבֶּער פֶערְפַאלְלֶען, אַ פַאקְט אִיז אַז קְלוֹידִיַא לָארֶעטַטָא אִיז נִיט דָא אִין מַיין דוֹלְהוֹיז. אִיהר ווִילְלְט ווִיסֶען ווִי אַזוֹי דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען? גְלוֹיבְּט מִיר, כְּ'פֶערְשְׁטֶעה אַלְלֵיין נִיט פַאר וָואס זִי הָאט הַאלְז אוּנ גֶענִיקְק נִיט צוּבְּרָאכֶען וֶוענְן זִי הָאט זִיךְ אַרוּנְטֶער גֶעלָאזְט פוּן דַאךְ אוֹיף דֶער בְּלֶעכֶענֶער רִינְנֶע. אִיהר פְרֶעגְט קַשְׁיוֹת אוֹיף מְשׁוּגָעִים? וָואללְט דֶענְן אַ גֶעזוּנְדֶער מֶענְשׁ גֶעפַאללֶען אוֹיף אַזַא שֵׂכֶל אוֹיסצוּבְּרֶעכֶען צִיעגֶעל פוּן אַ דַאךְ אוּנ זִיךְ רִיזִיקִירֶען דוּרְכְצוּגַנְבְהֶנֶען דוּרְךְ אַ לָאךְ? גֶעווִיסס נִיט, אוּנ אוּנְזֶער מְשׁוּגָעֶנֶע הָאט עֶס יָא גֶעטְהוּן.

– שׁוֹין לַאנְג? – הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאְיָאר דֶענֶערְוִוירְט גֶעפְרֶאגְט.

– שׁוֹין פִיעְר טָאג.

— און ערשט היינט ברייננגט איהר מיר די טייערע בשורה?

— ווייל ביז יעצט האב איך אלץ אנגעווענדעט כדי די משוגענע צו געפפינגען. מיינע מענשען האבען ארומגעזוכט די גאנצע געגענד פון ווערסייל ביז פאריז. ליידער איז מיין טרחה געווען אומזיסט.

עסטעררהאזי האט זיך געחאפט מיטביידע הענד פאר די שלייפען.

— איהר ווייסט דען דאקטאר, אז אייערע ניט־פארזיכטיגקייט געגען די פרוי, קענן מיך אומגליקליך מאכען ביז׳ן גרונד?

— כ׳האב עס גראדע ניט געוואוסט, נור אללענפאללס קענן איך אייך טרייסטען מיט א גוטע בשורה.

דער דאקטאר האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף עסטערהאזיס פלייצעס און דורך די גאלדענע בריללען שארף אנגעקוקט דעם שווארצען מאיאר.

— הערר מאיאר — האט ער אנגעהויבען צו זייען די ווארטער פאמעלאך — דאמאלס, ווען איהר האט צו מיר געבראכט די פרוי קלאודיא איז זי געווען פאלקאממען געזונד, ביים בעסטען ריינעם זינן, קלאר אזוי ווי איך מיט אייך. שלאגט מיר ניט איבער די רייד, גראף עסטערהאזי, איהר וועט מיר גאר ניט איינרעדען. ניט אומזיסט בין איך א דאקטאר און שוין ניט קיין יונגער מאנן, וועלכער האט אין לעבען געהאט גענוג פראקטיק און פערשטעהט זיך אויף מענשען. כ׳זאג אייך נאך אמאל, אז קלאודיא לארעטטא איז דאמאלס געווען פאללקאמען געזונד אויפ׳ן קאפ. איהר הערט? זי איז געווען. היינט אבער איז זי עס שוין ניט מעהר.

— ניט מעהר זאגט איהר? דאקטאר! כ׳בעט אייך, אלזא ווי זאגט איהר? קלאודיא לארעטטא איז יעצט...

— משוגע — האט דער דאקטאר דובוא האסטיג געענטפערט, גלייך ווי א משא וואלט איהם אראב פון צונג.

דער שווארצער מאיאר האט לאנג אבגעצויגען דעם אטהעם.

— כ׳האב דאס מיינינגע געטהון — האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט — דער געזונדסטער מענש וואלט געמוזט אין מיין דול־הויז משוגע ווערען, בפרט אזא שוואכע נערוועזע פרוי ווי זי. וואכען לאנג איז זי פון בעט ניט אראבגעגאנגען און געערדט ווי פון היטץ פערשיעדענע נארישקייטען און יעדערען בעזונדער ערצעהלט עפעס א גרויסען סוד. זי מעג שוין יעצט קומען אויף פרעמדע האנד, וועט אפילו א קינד זיין א מבין, אז ער האט צו טהון מיט א משוגעת. איהר מעגט בלייבען גאנץ רוהיג, איהר האט שוין פאר דער פרוי׳ס סודות ניט וואס מורא צו האבען.

— ווי פאללט אייך דען איין אז כ׳האב אמאל מורא געהאט פאר קלאודיאן? אין מיינע אויגען האט זי שטאנדיג ווילד אויסגעזעהען און דעריבער האב איך זי אוועקגעפיהרט אין דול־הויז.

דער דאקטאר איז אויפגעשפרונגען פון ארט, זיינע אויגען זענען מיט אמאל ווי דאפפעלט גרויסס געווארען.

— גראף עסטערהאזי! איהר שפיעלט אייך מיט פולווער און פערגעססט מיט וועמען איהר האט צו טהון. כ'בין ניט אייער שיק־יונגעל און מיר וועט איהר קיין באבע־מעשיות ניט ערצעהלען. איהר מיינט אודאי אז כ'וועל צולאזען דערצו איהר זאללט אייך די האנד אבוואשען פון קלוידיאס אומגליק און די גאנצע שולד אויף מיר ארויפווארפען? — ניין, העררר גראף, א גראבער טעות! כ'פערלאנג פון אייך דאס וואס מיר קוממט, די צוגעזאגטע צעהן טויזענד פראנק, און פאללס אין דריי טאג קריג איך ניט מיין געלד, וועלל איך שוין וויססען וואס כ'האב צו טהון.

און דער דאקטאר האט געחאפט זיין צילינדער־הוט.

— איין אויגענבליק, דאקטאר — האט עסטערהאזי זיך האסטיג אבגערופען.

דער שווארצער מאיאר האט געשווינד אליין איינגעזעהען אז ער האט געמאכט א פעהלער.

דער דאקטאר האט זיך נאך אמאל אומגעקוקט פון שוועלל און איראניש געזאגט:

— ביז יעצט האט ווענינגסטענס איין גנב דעם אנדערען ניט גענארט. איהר גראף זייט דער ערשטער ציגיינער, וועלכער וויל די גאנצע וועלט אבנארען, אפילו די אייגענע גוטע ברידער.

— אומגליקליכער מענש! ווי קוממט צו אייך אזא העזה?

— דאס איז נאך ערשט א אנהייב און פאללס כ'קריעג ניט מיין געלד צייט דריי טאג, מה די פולווער־פאסס, אויף וועלכער מיר זיטצען ביידע, פלאצען און דאמאלס מעג שוין זיין וואס ס'וויל...

גלייך נאך דעם איז דער דאקטאר האסטיג אריבער ד שוועלל און צוגעמאכט די טהיר פון הינטען.

ווי א ניעדערשלאגענער האט איהם דער שווארצער מאיאר נאכגעקוקט.

— ער האט גערעדט קלארע דבורים — האט ער געמורמעלט צו זיך — ס'בלייבט קיין אנדער ברירה, נור איהם אבצוטראגען דאס געלד.

— פון וואננען נעהמט מען אבער די צעהן טויזענד פראנק? — האט ער ביטטער א שמייכעל געגעבען — מיין קרעדיט איז אוים. מיר וועט קיינער היינט ניט בארגען אפילו לומפיגע פינף טויזענד פראנק.

אך, וואו נעהמט מען יעצט מיין געוועזענעם מחותן, געארג מיראוויץ, ער האט זיך געטויגט צו די זאכען. א שאד וואס ער זיצט דארטען אין קאיענא, ביי איהם ארויסצושיטטען פון ארבעל א מיליאן פראנק, איז געווען איינע פון די קלענסטע זאכען.

דִי זִיסֶע מַחֲשָׁבוֹת אִיבֶּער מִירָאוִויצְעס פַאלְשׁ-גֶעלְד הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען אַ גְרָאבֶּע נוּר אַ בֶּעקַאנְטֶע שְׁטִימֶע .

— לָאזְט מִיךְ אַרַיין , זָאג אִיךְ , אוֹיבּ אִיהְר ווילְלט נִיט שְׁפֶּעטֶער חָרָטָה הָאבֶּען — הָאט דֶער גְרָאבֶּער קוֹל גֶעזָאגְט צוּם לָאקַאי — כְּ'בִּין סַאלָאמָאן בֶּ ע נַ א ס , אִיהְר פֶער־שְׁטֶעהְט שׁוֹין מִיט וֶועמֶען אִיהְר רֶעדְט ? אַז אִיךְ ווִילל פֶערְלִירְט אִיהְר מָארְגֶען אַייעֶר שְׁטֶעללֶע , ווַייל דֶער הֶערר גְרַאף עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י וֶועט זִיךְ מוּזֶען אַלְלֵיין בֶּעדִיעֶנֶען .

— אַ פְרִישֶׁער גַאסְט קוּמְמט מִיךְ פֵּיינִיגֶען , דֶער טַייפֶעל זָאלל אִיהְם נֶעהְמֶען — הָאט דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר בֶּאז גֶעקְרִיצְט מִיט דִי ווַייסֶע צֶאהְן .

בֶּ ע נַ א ס הָאט מִיט רַעשׁ גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר .

— וָואס ווִילְלט אִיהְר , גֶעלְד ? — הָאט עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען — כְּ'הָאבּ נִיט ־קֵיין גֶעלְד .

— וָואס ווִילְלט אִיהְר — הָאט אִיהְם דֶער פְּרָאצֶענְטְנִיק אִירָאנִישׁ נָאכְגֶעמַאכְט — גֶעדוּלְד ? נֵיין , כְּ'הָאבּ נִיט ־קֵיין גֶעדוּלְד צוּ ווַארְטֶען . אוּנ בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט עֶר אַרוֹיסגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דֶער טַאשׁ אַ פַּאק מִיט פַּאפִּיעֶרֶען .

— וֶועקְסְלֶען ! — הָאט זִיךְ בֶּ ע נַ א ס צוּשְׁרִיעֶן ווִי אַ מְשׁוּגָעֶנֶער — אַ שֶׁאנֶע וֶועלְט , כְּ'לֶעבֶּען , אַ וֶועקְסֶעל אִיז נִיט ־קֵיין וֶועקְסֶעל , אַ וָוארְט אִיז נִיט ־קֵיין וָוארְט — דֶער רַייכֶער שְׁוֶוער אִיז פֶערְשִׁיקְקְט אִין ־קַאיֶענַנַא ... בִּיז יֶעצְט הָאט נוּר אַ סוֹחֵר בַּאנְקְרָא־טִירְט ... הַיינְט מַאכֶען שׁוֹין גְרוֹיסֶע גְרַאפֶען אוֹיךְ פְּלֵטָה — פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק מִיט צִינְזֶען דְ'צִינְזֶען קוּמְמט מִיר , אָרֶעמֶער שְׁלֶעפֶּער , פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען גְרַאף עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י . אַ שֶׁאנֶע וֶועלְט , כְּ'לֶעבֶּען , דֶער גְרוֹיסֶער גְרַאף מַאכְט צוּם נַארֶען אַ גֶענִיטֶען פְּרָאצֶענְטנִיק .

— שַׁא , מֶערְדֶער , פְּרָאצֶענְטְנִיק — אִיז עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י רוֹיט גֶעוָוארֶען פוּן צָארֶען — בְּרֵיינְג מִיךְ נִיט אַרַיין אִין כַּעַס , אוֹיבּ דוּ ווִילְלסְט זִיךְ נִיט זֶעהֶען מִיט מַיין ־קָאנְטְצוּג .

סַאלָאמָאן בֶּ ע נַ א ס הָאט זִיךְ צוּלַאכְט מִיט אַ קְרֶעכְץ .

— אַ אַלְטֶע מַעֲשֶׂה ! אַז דֶער שֶׁאנֶער ־קַאווַאלְיֶער קוּמְט צוּ דֶעם מַלְוֶה אַרוֹיסצוּ־צַארֶען דִי פָּאר , מִיט שְׁווַייסס אָבְגֶעשְׁפָּארְטֶע גְרָאשֶׁען , אִיז דֶער מַלְוֶה דַאמָאלְס לִיעבּ אוּנ גוּט , אַ צַדִיק , וֶועלְכֶער רַאטֶעוֶועט מֶענְשֶׁען . אַז דֶער טֶערְמִין לוֹיפְט אָבֶּער פֶער־בַּיי אוּנ דֶער מַלְוֶה פֶערְלַאנְגְט זַיין גֶעלְד צוּרִיק , בָּאט דֶער פְּרִיץ דֶעם פְּרָאצֶענְטְנִיק אָן דֶעם ־קָאנְטְצוּג .

עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י אִיז ווִילְד גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט שׁוֹין אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם ־קָאנְטְצוּג אַ קְלַאפּ צוּ גֶעבֶּען .

סַאלָאמָאן בֶּ ע נַ א ס אָבֶּער הָאט זִיךְ וֶועניג וָואס גֶעשְׁרָאקֶען .

— אַדְרַבָּא , הֶערר גְרַאף — הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן — קְלַאפְּט מִיר אוֹיס דֶעם אַלְטֶען רָאק , כְּ'מוּז יֶעצְט אוֹיסזֶעהֶען רֵיין אוּנ פַּיין , אַנִיט וֶועט מֶען מִיךְ נִיט אַרַיינְלָאזֶען צוּ דֶעם קְרִיעגְס־מִינִיסְטֶער .

– צום קְריעגס־מִינִיסְטֶער ? – האָט עֶסְטֶערהַאזִי אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען – מֶענְש, ווִי קוּמְמט אִיהְר דָארְטֶען ?

– זֶעהט אִיהְר ? כְּ'האָב פֵיינְד פַאלְשֶׁע הִינְטֶערגֵיינְג אוּנ זָאג אַייךְ אָפֶּען, אַז פוּן דַאנֶען גֶעה אִיךְ צוּ דֶעם מִינִיסְטֶער, אִיהְם צוּ ווַייזֶען דִי נִיט־אַיינְגֶעצָאהלְטֶע ווֶעקְסְלֶען אוּנ אוֹיסֶערְדֶעם הָאב אִיךְ אִיהְם נָאךְ ווָאס צוּ עֶרְצֶעהלֶען זֶעהר ווִיכְטִיגֶע זַאכֶען.

דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר הָאט זִיךְ גֶעוואָרְפֶען ווִי אַ טִיגֶער אִין דֶער קְלַיאטְקֶע. צוּם צְווֵייטֶען מָאל אִין אֵיין טָאג הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט אוּנְטֶערגֶעבֶּען פַאר דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען שׂוֹנֵא.

פִיל הָאט עֶר דֶעם קַאנְטְצוּג אַוֶעקְגֶעוואָרְפֶען אוּנ מִיט אַ גַאנְץ אַנְדֶערֶען טָאן גֶעזָאגְט:

– סַאלָאמָאן בֶּענַאס! כְּ'וֶועלל מִיט אַייךְ אוֹיךְ רֶעדֶען אָפֶּען. פוּן דֶעם מִינִיסְטֶער ווֶעט אִיהְר דָאךְ קֵיין גֶעלְד סַיי ווִי סַיי נִיט קְריעגֶען, אִיהְר קֶענְנְט נוּר דוּרְכְדֶעם מִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען. ווָאס ווֶעט אַייךְ צוּקוּמֶען אַז כְּ'וֶועלל ווֶערֶען אוֹיס אָפִיצִיעֶר ?

– ווֶעלל אִיךְ ווֶענִיגְסְטֶענְס הָאבֶּען אַ נְקָמָה.

– אוּנ דֶערְמִיט ווֶעט אִיהְר שׁוֹין דֶעקֶען מַיין חוֹב ?

– נֵיין, נְקָמָה אִיז אַ גוּטֶע זַאךְ, נוּר בַּארֶעס גֶעלְד אִיז נָאךְ בֶּעססֶער. אַלְזָא, ווָאס רֶעדְט מְהוּט מֶען ? אַדְרַבָּא, גִיט אִיהְר מִיר אַ עֵצָה ווִי אַזוֹי כְּ'זָאלל אָפְּקְריעגֶען מַיין חוֹב.

– זַייט רוּהִיג, כְּ'וֶועלל אַייךְ בֶּעצָאהלֶען בִּיז אֵיין צֶענְטִים, נוּר גִיט מִיר דְרַיי טָאג צַייט.

בֶּענַאס הָאט זִיךְ קֵיין פְּלַאטְץ נִיט גֶעפוּנֶען.

– ווָאס קוּמְמט אָבֶּער אַרוֹיס ? נָאךְ אַ צוּזָאג, נָאךְ אַ שְׁבוּעָה.

– דָאס מָאל אָבֶּער אִיז שׁוֹין דֶער לֶעצְטֶער צוּזָאג, אִין דְרַיי טָאג אַרוּם הָאבּ אִיךְ גֶעלְד.

– נֵיין, הֶערר גְרַאף, אַזוֹי גֶעהט עֶס נִיט. כְּ'הָאבּ גֶעשְׁווָארֶען הַיינְט צוּ גֶעהן צוּם מִינִיסְטֶער, מוּז אִיךְ הַאלְטֶען ווָארְט. נוּר ווַארְט, ס'אִיז דָא אַ פְּלַאן. כְּ'וֶועלל טַאקִי אַהִין גֶעהן צוּם מִינִיסְטֶערְס הוֹיז אוּנ בַּאלְד צוּרִיקְקוּמֶען, אוֹיף אַזַא אַרְט ווֶעלל אִיךְ טַאקִי מְקַיֵים זַיין מַיין שְׁבוּעָה אוּנ נִיט זַיין בַּיים מִינִיסְטֶער.

– אָה, קְלוּגֶער סַאלָאמָאן! – הָאט דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר שׁוֹין גֶעלַאכְט – מִיט אַייעֶר שְׁבוּעָה בִּין אִיךְ שׁוֹין אוֹיסְגֶעזָארְגְט, דִי הוֹיפְּטזַאךְ אָבֶּער אִיז ווָאס ווֶעט זַיין מִיט מַיין פְּארְשְׁלָאג ווֶעגֶען דִי דְרַיי טָאג ?

– גֶעדֵיינְקְט אָבֶּער, גְרַאף, אַז נִיט אַ שָׁעָה לֶאנְגֶער ווִי דְרַיי טָאג.

– חָלִילָה, מַיין לִיעבֶּער הֶערר בֶּענַאס.

– נו זֶעהט אִיהְר װֶער ס'הָאט רֶעכְט? אָט בִּין אִיךְ װִיעדֶער גֶעבְּלִיבֶּען דֶער לִיעבֶּער „הָערר בָּ ע נ א ס".

אונ דֶער פְּרָאצֶענְטנִיק אִיז אַװֶעק מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אוֹיף דִי לִיפֶּען.

דֶער שְׁװַארְצֶער מַאיָאר הָאט הַאסְטִיג צוּגֶעמַאכְט נָאךְ אִיהְם דִי טְהִיר אוֹיף אַ רִיגֶעל.

נָאכְדֶעם אִיז עֶר לַאנְגְזַאם צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זַיין אָרְט. זַיין גֶעזִיכְט אִיז בְּלַאס גֶעװָארֶען, דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעװָארְפֶען פַייעֶר אונ דִי װַייסֶע צֵיינֶער – גֶעבִּיסֶען דִי לִיפֶּען.

– דֶער שְׁלִימַזֶל יָאגְט מִיךְ – הָאט עֶר גֶעמוּרְמֶעלְט צוּ זִיךְ אַלֵיין – װַייטֶער צוּ דֶער עֲבֵרָה. נָאךְ אַמָאל מוּז אִיךְ מִיר נֶעהמֶען צוּ דֶער אַרְבֵּייט, פַאר װֶעלְכֶער כְ'הָאבּ אַזוֹי מוֹרָא, אונ שוֹין װִיפִיעל מָאל גֶעשְׁװָארֶען, אַז כְ'װֶעלל עֶס מֶעהר נִיט טְהוּן.

נָאךְ אֵיינְמָאל מוּז אִיךְ טְהוּן דָאס פֶערְבְּרֶעכֶען, אוֹיף װֶעלְכֶע דְ רֵ י י פ וּ ס אִיז אוּמְשׁוּלְדִיג פֶערְאוּרְטְהֵיילְט, װַייל דֶער חַיָיב בִּין אִיךְ. הַיינְט, װִי דַאמָאלְס, מוּז אִיךְ עֶס טְהוּן צוּלִיעבּ דִי גְרוֹיסֶע חוֹבוֹת.

נוּר שַׁא, פָארְזִיכְטִיג, גַאנְץ פָארְזִיכְטִיג! מִיט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען שְׁפִּיעלְט מֶען זִיךְ נִיט. דָאס אִיז גֶעפֶעהרְלִיךְ װִי דִינַאמִיט, װֶעלְכֶע שִׁיסְט אוֹיס אונ טְרֶעפְט הוּנְדֶערְט פוּסס װַייט.

יֶענֶעס מָאל אִיז עֶס מִיר גְרָאדֶע גֶעלוּנְגֶען דִי' הָאנְד רַיין אָבצוּװַאשֶׁען אונ דִי גַאנְצֶע שׁוּלְד אַרוֹיפצוּװַארְפֶען אוֹיף אִיהְם. קַאפִּיטַאן דְרֵ י י פ וּ ס אִיז פֶערְשִׁיקְט אִין קַאיֶענְנַא אונ מַאיָאר עֶסְטֶ ע ר הַ א זִ י אִיז גֶעװָארֶען גְרוֹיסס בַּיים מִינִיסְטֶער.

הַיינְט װֶעט זַיין אַ בִּיסֶעל שְׁװֶערֶער צוּ גֶעפִינֶען דֶעם פַאסֶענְדֶען קָרְבָּן, קֵיין צְװֵייטֶער דְ רֵ י י פ וּ ס אִיז אוּנְטֶער דֶער הַאנְד דֶערְװַייל נִיט דָא. כְ'מֵיין אָבֶּער אַז ס'אִיז גָאר נִיט נֵייטִיג, קֵיינֶעם װֶעט גָאר נִיט אַיינְפַאלֶען חוֹשֵׁד צוּ זַיין דֶעם הוֹיפְּט־שְׁטַאבּ נָאךְ דְרֵייפוּסֶעס פְּרָאצֶעס.

נוּר קֵיין מוֹטְה נִיט פֶערְלָארֶען, גְרַאף עֶ ס טֶ ע ר הַ א זִ י. דִי װֶעלְט אִיז גְרוֹיסס אונ דֶער שְׁװַארְצֶער מַאיָאר פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ װִי צוּ פִיהרֶען.

מִיט אַ טִיעפֶע בֶּעשְׁלָאסֶענְהֵייט אִיז עֶ ס טֶ ע ר הַ א זִ י אַרֵיין אִין זַיין גֶעפוּצְטֶען שְׁלָאפְצִימְמֶער.

אוֹיף דֶער װַאנְד, בַּיי פֶערְשִׁיעדֶענֶע גֶעװֶעהרֶען זֶענֶען גֶעהַאנְגֶען אוֹיסגֶעשְׁטָאפְּטֶע חַיוֹת אונ פוֹיגְלַאךְ.

עֶ ס טֶ ע ר הַ א זִ י אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אֵיין פוֹיגֶעל אונ גֶעזָאגְט:

– קוּם אַהֶער, מַיין טַייעֶר פוֹיגֶעלֶע אונ גִיעבּ מִיר אַהֶער דָאס, װָאס כְ'הָאבּ בַּיי דִיר בֶּעהַאלְטֶען.

עֶר הָאט אַ דְרִיקק גֶעגֶעבֶּען אִין אַ אוֹיג פוּן דֶעם פוֹיגֶעל אונ פוּן דִי גֶעאֶפֶּענְטֶע בְּרוּסְט אַרוֹיסגֶענוּמֶען אַ פֶּעקִיל פַּאפִּיערֶען.

דאס זענען געווען די זעלבע דאקומענטען, וועלכע חוה ריטמער האט אמאל ארויסגעצויגען ביי דעם איינגעשלאפענעם קאפיטאן דרייפוס. און מיט א טייפעלישען געלעכטער האט יעצט דער שווארצער מאיאר געהאלטען אין האנד די פאפירען, וועלכע האבען אומגליקליך געמאכט א יונגען מאנן ביי די בעסטע יאהרען און צו־בראכען דאס גליק פון א גאנצע פאמיליע.

צוואנציג יאהר, אדער אפשר דאס גאנצע לעבען וואללט דרייפוס אוועק־געגעבען, ווען ער איז אים שטאנד אויפצוווייזען זיינע ריכטער וואו ס'זיינען אהינ־געקומען די וויכטיגע דאקומענטען, די פלאנער פון פראנקרייך'ס פעסטונגען. דאס לעבען וואללט איהם ניט שווער געווען צו געבען פאר די ענטדעקונג, ווייל דעם עלענדען קאפיטאן דרייפוס איז דער כבוד טהייערער געווען ווי לעבען.

ווער האט אבער געקענט וויסען, אז די טהייערע פאפירען ליעגען בעהאלטען ביי א פויגעל אין דער ברוסט? ווער האט געקענט וויסען אז דרייפוס'עס בעסטער גוטער פריינד האט די דאקומענטען עקסטרא בעהאלטען, כדי דעם קאפיטאן אומגליקליך צו מאכען און נאכדעם ביי א גוטע געלעגענהייט עס פערווענדען פיר דעם אייגענעם נוטצען?

איין עסטערהאזי האט עס געוואוסט און ער וועט עס דאך קיינעם ניט ערצאהלען.

יעצט לאכט ער, און זיין פערדארבענער כאראקטער בעגרייפט גאר ניט, ווי ווייט ניעדערטרעכטיג ער איז.

ער ווייסס נור איינס: ער מוז האבען געלד, געלד פאר דעם דאקטאר, געלד פאר דעם פראצענטניק, געלד און געלד, און אום זיך צו ראטעווען מוז ער... פערקויפען פראנקרייך.

מיט ברעננענדע בליקען האט ער אנגעקוקט די דאקומענטען.

— מיט דריי הונדערט טויזענד פראנק זיינען זיי ניט טהייער בעצאהלט פון דעם, ווער עס דארף זיי. די פאפירען קענן מען גאר מיט געלד ניט שאטצען. דריי הונדערט טויזענד פראנק איז גלאט א מציאה פאר פראנקרייכס סודות, און איך קענן דורכדעם געהאלפען ווערען.

וואס געהט מיך אן פראנקרייך? פון מיינעטוועגען קענגען אין איין טאג אומגעבראכט ווערען הונדערט טויזענד פראנצויזען. כ'וועלל נאך הנאה האבען צו זעהען ווי די דייטשע אולאנער קלאפפען פראנצויזען.

ביי די ווארטער האט ער זיך געזעצט ביים שרייב־טיש און אויפגעשריבען א מעלדונג זיין עלטסטען, אז ער מוז אויף צוויי מעת־לעת אוועקפאהרען אויף אורלאפ צו דער קראנקער מוטטער, וועלכע האלט ביים שטארבען.

נאכדעם האט ער צוגערופען דעם דיענער און איהם געהייסען באלד צו בעזארגען דעם בריעף.

— כ׳מוז באלד אבפאהרען קיין נאסקאן צו מיין מוטטער — האט ער געזאגט — כ׳וועלל מיך דארטען לאנג ניט זאממען.

נאכדעם האט ער אנגעטהון דעם רייזע־מאנטעל, נאך אמאל א טאפ געגעבען די ברוסט צו זעהען, אויב די טהייערע פאפיערען ליעגען אויף זייער ארט, אונ איז ארויס פון צימער.

אין פארהויז האט ער זיך געטראפפען מיט א טעלעגראף־שליח.

— הערר גראף? — האט דער שליח געפרעגט אונ האפליך ארונטערגענומען דעם הוט.

— יא, דאס בין איך.

— כ׳האב גראדע צו דעם הערר גראף א דעפעשע.

עסטערהאזי האט איהם געגעבען אויף ביער אונ צוגענוממען די דע־פעשע.

ער איז אריין צוריק אין זיין וואהנונג אונ געעפפענט דעם טעלעגראם.

א שוידער איז איהם דורך איבער אללע גליעדער.

פון גרויס איבערראשונג האט ער זיך אנידערגעזעצט אין פארהויז אויף דעם דיענערס שטוהל.

— האבען טאקי די אלטע ווייבער רעכט? — האט ער געמורמעלט אונ די אויגען ניט אראבגענומען פון דעם ווייסען פאפיער — אז זיי הייסען ניט זאגאר אויף א געלעכטער זיך שפיעלען מיט׳ן שטן. איז דען מעגליך אז א פערבארגענע קראפט זאגט אונז שטענדיג אן וועגען דעם טויט פון אונזערע ליעבע קרובים, אפילו ווען זיי זיינען גאנץ ווייט פון אונז? ס׳איז אויסטערליש, וואונדערבאר!

אונ ער האט נאך אמאל דורכגעלייענט דעם טעלעגראם, וועלכען ער האט געהאלטען אין זיינע ציטטערענדע האנד.

„גראף עסטערהאזי, מאיאר, הויפטשטאב. פאריז.

„איער מוטטער האלט ביים שטארבען, בעט גלייך קוממען, זי האט אויפ׳ן הארצען א שווערע לאסט, וועלכע זי קענן נור איך איבערגעבען אונ דאמאלס וועט איהר לייכטער ווערען. איילט אייך צו קוממען, אייער מוטטער קענן האכס־טענס נאך צוויי טאג דערציעהען.

אבבע סילוואַ

דער פפארער פון געמיינדע מאנטפערדי״.

— מוטטער! — האט עסטערהאזי א געשריי געגעבען אונ פערשטעללט די אויגען מיט די האנד, — מוטטער, אומזיסט רופסט דו מיך — כ׳קענן דיין סוד ניט איבערנעהמען. אז איך זאלל דיר פאלגען אונ אהינקוממען צו דיין טויטבעטט מאך איך מיך אלליין אומגליקליך, דאס טאר איך ניט אונ קענן ניט.

דריי טאג צייט, מעהר האט ער ניט, אונ אויב ער וויל פטור ווערען פון די פערפאלגער מוז ער די צייט בענוטצען.

ער האט די דעפעשע אריינגעשטעקט אין דער טאש און ארויסגענומען דעם זייגער.

ס'איז געווען פינף דער זייגער נאך מיטאג.

זייגער זיעבען געהט אב דער שנעללצוג קיין בריסעל, מיט וועלכען דער שווארצער מאיאר מוז פערדייזען, ס'איז איהם נאך אין גאנצען איבערגעבליבען צוויי שעה און ער האט נאך זעהר פיעל צו בעזארגען.

— דו וועסט שטארבען, מוטטער — האבען זיינע ליפפען געזאגט — און ניט זעהען דיין זוהן, פאר וועמען דו ווילסט דיין הארץ ארויסזאגען. ווען דו ווייסט אבער אין וואס פאר א לאגע כ'בין יעצט, וואלסט דו אלליין געזאגט: "געה און ראטעווע דיך — די לעבענדיגע מוזען לעבען".

און עסטערהאזי איז ארויסגעלאפען פון צימער. ער איז אוועק צו פוסס אין קאזעטאם הויז. דארטען וועט ער געוויסס בעגעגנען פוטיפרען.

און ער האט געטראפפען.

אין קורצע ווארטער האט ער איהר געזאגט, אז ער מוז באלד אבפאהרען, וואהין האט ער געלייקענט.

— מאך אז מען זאלל מיך ניט דערקענען — האט ער זי געבעטטען.

פוטיפרע איז שוין געווען געוואהנט שטיללערהייט איהם אלץ צו פאלגען און יעדען וואונש די מינוט צו ערפיללען.

אויך יעצט האט זי איהם די שווארצע בארד איינגעפודערט מיט א ווייסען מעהל, וואס געהט ניט לייכט אב.

נאכדעם האט זי איהם אויפ'ן קאפ אנגעטהון א גרויסען שייטעל און אונטער־געפארבט די ברעמען אויך מיט אזא קאליער.

— דיין מאנטעל לייג אוועק — האט זי נאכדעם געזאגט — כ'וועלל דיר געבען א נאנדערען, מיט א ברייטע פאססענדע הוט. דאמאלס קענסט דו רייזען וואהין דו ווילסט אלס איטאליענישער מאלער.

— וואהל אין דער וועלט — האט עסטערהאזי לוסטיג געענטפערט — איטאליעניש רעד איך טאקי גאנץ געשווינד.

קאזעטטא האט דערווייל געבראכט א שאנע, אויסגעהאפטע רייזע־טאשע מיט א אויסגענייטען מאנאגראם A. F.

דער שווארצער מאיאר האט בעקוקט די רייזע־טאש און געזאגט מיט א שמייכעל:

— כ'וועלל אלזא הייסען אלעקסאנדרא פראסקאטי, א מאלער פון נעאפאל.

אז ער האט זיך נאכדעם גוט אנגעקוקט אין שפיעגעל איז ער געווען האכסט צופריעדען מיט דער מאסקע און די פערקליידונג.

ער האט אויסגעזעהן ווי א סימפאטישער גראער מאנן

— כְּ׳מֵיין — הָאט עֶר גֶעלַאכְט — אַז דֶער אַלְטֶער שְׁנֵיי פוּן מַיין קָאפּ וֶועט נִיט אָבְּקִיהלֶען צוּ מִיר דִי לִיעבֶּע פוּן פְרויֶען.

דִי פָּאר וֶוארְטֶער הָאבֶּען אויפגֶעוֶועקְט בַּיי פּוֹמְפֶּרַען אִין הַארְצֶען אַ פֶּער־גֶעסֶעסֶענֶעם שְׁטוּרְם.

— דוּ פָּאהרְסְט צוּ אַ פְרויֶענְצִימֶמֶער? — הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט מִיט הִיטְץ, אוּנ בַּיי אַיין גֶעדאַנְקֶען אַז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר קֶענֶן זִי אַוֶועקְוַוארְפֶען צוּלִיעבּ אַ נַ׳אַנְדֶערֶע, אִיז אִיהְר לִיעבֶּע צוּ אִיהם נָאךְ הֵייסֶער גֶעוָוארֶען.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט זִיךְ אויסגֶעלַאכְט.

— זַיי נִיט קֵיין נַאר — הָאט עֶר אִיהְר גֶעעֶנְטְפֶערְט — גֶעה שׁוין, גֶעה. וֶוענֶן כְּ׳הָאבּ אִין זִינֶען עֶפֶּעס אַ לִיעבֶּע, וָואלְט אִיךְ דֶענֶן גֶעקוּמֶען צוּ דִיר, דוּ וָואלְלְסְט מִיךְ פֶערמַאסְקִירֶען?

דִי „מֵאוּסֶע” פְרוי הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט בֶּענוּגֶענְט מִיט דֶער אַנְטְוָוארְט.

— וואוּ דֶענֶן פָּאהרְסְט דוּ?

— אוּנ אַז כְּ׳וֶועלל דִיר שׁוין זָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת, וֶועסְט דוּ מִיר דֶענֶן גְלויבֶען?

— אויבּ נוּר דֶעם אֱמֶת וֶועלל אִיךְ דִיר גֶעוויסס גְלויבֶּען.

— אַלְזָא, זַיי וִויסֶען אַז כְּ׳פָאהר טַאקִי צוּ אַ פְרוי.

„דִי מֵאוּסֶע” הָאט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען.

— זֶעהְסְט דוּ, אַז מֶען קֶענֶן גִיט מִיט דִיר רֶעדֶען — הָאט זִיךְ עֶסְטֶערְהַאזִי וַוייטֶער גֶעוויצֶעלְט — וָואס שְׁרַייסְט דוּ? כְּ׳פָאהר טַאקִי צוּ אַ פְרוי, וָועה אָבֶּער צוּ וֶועלְכֶער.

אוּנ בַּיי דִי וָוארְטֶער הָאט אִיהְר דֶער לִיגְנֶער דֶערלַאנְגְט דִי דֶעפֶּעשֶׁע, וֶועלְכֶע עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעקְרָאגֶען פוּן דֶער מוּטֶער.

— בַּייזֶער דִיךְ נִיט, מַיין קְרוין — הָאט אִיהם שׁוין פּוֹמְפֶּרַע אִיבֶּערגֶעבֶּעטֶען — דוּ וַוייסְט דָאךְ, פַאר וָואס כְּ׳בִּין אַזוֹי אוּמְרוּהִיג, אַלְץ פוּן לִיעבֶּע. כְּ׳לִיעבּ דִיךְ, שְׁוַוארְצֶער, מֶעהר וִוי פִיעל דוּ פֶערדִיענְסְט. מֵיילָא צוּ אַ מוּטֶער מוּז מֶען פָאהרֶען, יֶס׳הֶעלְפְט נִיט, בִּפְרַט אַז זִי פֶערלַאנְגְט. נוּר זָאג מִיר צוּ וָואס הָאט דִיר גֶעטוֹיגְט דִי מַאסְקֶע?

— דוּ וַוייסְסְט דָאךְ, אַז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אוּמֶעדוּם שׂוֹנְאִים. אִין גַאסְקָאן פֶעהלְט אויךְ נִיט דִי סְחוֹרָה.

פּוֹמְפֶּרַע אִיז מִיט דֶער תְּשׁוּבָה גֶעבְּלִיבֶּען נִיט אִין גַאנְצֶען בֶּערוּהִיגְט, אָבֶּעוָואהל עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט זִיךְ מִיט אִיהְר גַאנְץ הֵייסס גֶעזֶעגֶענְט.

קוים אִיז עֶר נוּר אַוֶועק עֶטְלִיכֶע טְרִיטט אִיז זִי אַרוֹיס אִין הוֹיף אוּנ הוֹיךְ אַ רוּף גֶעטְהוּן:

— בִּיאָן, בִּיאָן!

דֶער קְלֵיינֶער יוּנְגֶעל אִיז דִי מִינוּט צוּגֶעלָאפֶען.

— ביאָן, הער זיך איין מיט קאָפּ, וואס כ'וועלל דיר זאָגען :

דער שוואַרצער מאַיאָר איז נור וואס אַרוים פון הויז. לויף איהם נאָך געשווינד אונ געה איהם נאָך טריטט ביי טריטט, ער זאָל דיך ניט בעמערקען. וואהרשיינליך וועט ער געהן אויף אַ וואָקזאַל, זאָללסט דו איהם אויך בעגלייטען, גלייך מיט איהם געהן צו דער קאַססע אונ בעטראַכטען גענוי דעם אָרט, וואוהין ער געהמט דעם בילעט.

— כ'האב אָבער אַ שלעכטען זכרון — האט זיך דער קליינער גנב בעקלאָגט — אונ קען ניט געדיינקען די נעמען פון די פרעמדע שטאָדט.

— שוטה! צו וואס האסט דו דען די האַנד? אַז מען געדיינקט ניט, שרייבט מען אויף. דו האסט ביי דיר פּאַפּיער מיט אַ בליישטיפט?

— ניין, נור אַ גריפּעל מיט אַ קליין טאַפעל.

— דאס איז אויך גענוג אויפצושרייבען די שטאָדט. זעה נור מאַך ניט קיין טעות. דו קענסט דאָך דעם שוואַרצען מאַיאָר?

— איך איהם יאָ, ער מיך ניט.

— גלייבער אַז ער קען דיך ניט. נו, מאַך דערפון אונ שטעלל פיסס. געדיינק אַז דער מאַיאָר האט היינט אַ גראָע באָרד אונ זעהט אויס ווי אַ איטאַליענער מיט אַ ברייטע הוט. האַלט נור קאָפּ, אַז דו וועסט גוט פערריכטען דאס וואס כ'הייסס דיר, קריעגסט דו אַ גלאָז וויין מיט געלד אויך, אַ ניט בין איך דיר ניט מקנא קאַזעטאַס קלאָפּ.

דער קליינער גנב איז אַוועקגעפלויגען, גלייך ווי אַ שטורם־ווינד וואָללט איהם געיאָגט.

דער שוואַרצער מאַיאָר איז נאָך ניט ווייט געוועזען, ווייל קאַזעטאַ האט איהם אויף דער טאָבטערס ווינק אויפגעהאַלטען מיט אַ פּאָר, ניט וויכטיגע פראַגען.

דער קליינער גנב האט איהם דעריאָגט אונ אַזוי נאָכגעגאַנגען טריטט ביי טריטט.

עסטערהאַזי איז גאַר ניט איינגעפאַללען זיך אומצוקוקען אויף אַ אָרעם יונגעל, וועלכער געהט הינטער איהם.

אויף דער בריקק פּאָנט־נעף האט ער גענומען אַ דראָשקע אונ זיך געהייסען פיהרען אויף דעם נאָרד־וואָקזאַל.

דער קליינער ביאָן האט זיך אָנגעזעצט פון הינטען אונ אויף אַזאַ אָרט געקוממען צו פאָהרען מיט איהם צוזאַממען.

צו רעכטער צייט איז ער אויך געשטאַנען נעבען איהם ווען עסטערהאַזי איז צוגעגאַנגען צו דער קאַססע אונ הויך פערלאַנגט אַ בילעט צווייטער קלאַסס קיין בריססעל.

— בריססעל — האט דער קליינער איבערגעזאָגט — בריססעל, דאס איז

אַ שְׁוֶוערֶער וָוארְט. נִישְׁט קָשָׁה, בְ'וֶועלל עֶס אָבֶּער שוין גֶעדֵיינְקֶען, שְׁוַוארְץ אויף וַוייסס.

נָאכדֶעם אִיז דֶער פֶערקְלֵיידֶעטֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר, מִיט'ן בִּילֶלְעט אִין הַאנְד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם צִימֶער, וואו דֶער טֶעלֶעגְרַאף אִיז אונ דָארְטֶען אויפְגֶע־שְׁרִיבֶּען אַ דֶעפֶּעשֶׁע צוּ דֶעם פְּפַארֶער, אַז אִיהְם אִיז אונמֶעגְלִיךְ הַיינְט צוּ פָאהרֶען, אָבֶּער שְׁפֶּעטסְטֶענְס אִין אַכְט טָאג אַרוּם וֶועט עֶר דָארְטֶען זַיין, דֶערוַוייל וִוינְשְׁט עֶר דֶער מוּטטֶער גִיךְ גֶעזוּנְד צוּ וֶוערֶען פוּן דֶער שְׁלַאפְפְקֵייט.

בִּיאָן אִיז אויךְ דָאס מָאל פוּן אִיהְם נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען.

— וִוי הֵייסְט דִי שְׁטָאדְט פוּן דֶער דֶעפֶּעשֶׁע? — הָאט דֶער צִינָאוְונִיק נָאךְ אַמָאל אִיבֶּערגֶעפְרֶעגְט.

— אַנְדְרַארָא — הָאט דֶער פֶּערשְׁטֶעלְלְטֶער אִיטַאלְיֶענֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט — דָאס אִיז אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטִיל אִין דִי פִּירֶענֶעעֶן.

— גוּט, סְ'אִיז אִין אָרְדְנוּנְג.

עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז אַרֵיין אִין בוּפֶעט. עֶר הָאט נָאךְ גֶעהַאט צֵייט אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה בִּיז דֶער צוּג וֶועט אָבְגֶעהֶען, דֶערוַוייל קֶענֶען עֶר עֶפֶּעס פֶערבַּייסֶען.

דִי צֵייט הָאט בֶּענוּצְט דֶער קְלֵיינֶער גַנְב בִּיאָן אויפְצוּצֵייכֶענֶען אויף זַיין טַאפֶעלֶע דִי פָּאר וֶוארְטֶער פַאר פּוּטִיפָרַען.

עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין וַוארְטֶע־זַאל אויף אַ בַּאנְק, גֶעגֶענְאִיבֶּער דִי עֶלֶעקְ־טְרִישֶׁע לַאמְפּ. בִּיז אַהֶער הָאט עֶר אַלְץ אִיבֶּערגֶעחַזֶרְט דִי וֶוארְטֶער: בְּרִיססֶעל, אַנְדָארַא — אַנְדְרַארָא בְּרִיססֶעל. יֶעצְט הָאט עֶר לַאנְגְזַאם אויפְגֶעשְׁרִיבֶּען מִיט אַ שֶׁאנֶע הַאנְדשְׁרִיפְט:

— דֶער גְרָאעֶר אִיטַאלְיֶענֶער פָאהרְט קַיין בְּרִיססֶעל, דֶעפֶּעשִׁירְט הָאט עֶר נָאךְ אַנְדָארַא.

נָאכדֶעם הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ שֶׁאנֶעם רַאמֶעל אונ בֶּעהַאלְטֶען דֶעם קְלֵיינֶעם טַאפֶעלֶע אִין זַיין שְׁמוּטְצִיגֶע טַאשֶׁען־טִיכֶעל אַזוֹי שְׁטָאלְצִיג, גְלַייךְ וִוי אַ פְּרָאפֶעססָאר, וֶועלְכֶער הָאט נוּר וָואס גֶעמַאכְט דִי גְרֶאסְטֶע עֶרְפִינְדוּנְג. בִּיאָנֶען אִיז אָבֶּער נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶוען לַאנְג זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן מִיט זַיין אוֹצָר.

קוים אִיז עֶר נוּר אַרִיבֶּער דֶעם וַוארְטֶע־זַאל, זִינְגֶענְדִיג אַ פְרֶעהְלִיךְ לִיעדֶעל אונ טְרַאכְטֶענְדִיג וֶועגֶען דֶער גְלָאז וַויין מִיט דִי פָּאר גְרָאשֶׁען, וֶועלְכֶע „דִי מַאוּסֶע" הָאט אִיהְם צוּגֶעזָאגְט, אִיז מִיט אִיהְם פָארְגֶעקוּמֶען אַ אונפֶערהָאפְּטֶער צוּפַאלל.

אויפ'ן שְׁוֶועלל הָאט עֶר דֶערזֶעהֶען פוּן וַוייטֶען צְוַויי עֶלֶעגַאנְטֶע הֶערֶען, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען פֶערטִ־עפְט אִין אַ הַייסֶען גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

פְּלוּצְלִינְג אִיז אֵיינֶער פוּן זֵיי הַאסְטִיג צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם קְלֵיינֶעם גַנְב אונ אִיהְם יֶענֶערגִישׁ גֶעחַאפְּט פַאר'ן קָאלְנֶער.

נָאכדֶעם הָאט עֶר בִּיאָנֶען אויפגֶעהוֹיבֶּען אִין דֶער הוֹיךְ.

דער קְלֵיינֶער גַנָב האָט זיך גֶעצאַפּפֶּעלְט ווי אַ פיש אין אַ נֶעטְץ.

– כ'האָב איהם גֶעפּאַקְט, דאָקְטאָר בּוּרְגֶער, – האָט דער הערר גֶעזאָגְט מיט אַ שְׁטאַרְקֶע שְׁטימְמֶע – דאָס איז דער זֶעלְבֶּער קְלֵיינֶער גַנָב, וועלְכֶער האָט מיר דאַמאָלְס, ווען אַנְדְרֶעעֶ איז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוואָרֶען, פֶערְקויפְט דעם פאַלְשֶׁען נוּמֶער „פינאַראָ״.

בּיאַנְגֶען איז פינְסְטֶער גֶעוואָרֶען אין די אויגֶען. מיט אַללֶע כּחות האָט עֶר זיך אַרויסְגֶעריסֶען פון דעם פְרֶעמְדֶען'ס שְׁטאַרְקֶע האַנְד און פאַיל פון בּויגֶען פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוואָרֶען, נאָך אֵיידער דער דאָקְטאָר בּוּרְגֶער איז צוּגֶעגאַנְגֶען.

אויף דְרויסֶען איז גֶעוועֶן פינְסְטֶער, פאַר'ן וואָקְזאַל איז גֶעשְׁטאַנֶען אַ גאַנְצֶע רֵייהֶע מיט דאָראָשְׁקֶעס און דער פְּלאַטְץ איז גֶעוועֶן פול מיט פּוּסְגֶעהֶער.

אין גְרוֹיס האַסְט האָט אָבֶּער דער קְלֵיינֶער גַנָב אַרויסְגֶעלאָזֶען פון האַנְד די נאָז־טיכֶעל מיט דעם טֵייעֶרֶען אוֹצָר.

לויפֶענְדיג צְווישֶׁען די דאָראָשְׁקֶעס האָט עֶר עֶס אין זינֶען ניט גֶעהאַט. איהם איז יֶעצְט נור גֶעלֶעגֶען אין קאָפּ, ווי אַזוי זיך צו בֶּעהאַלְטֶען פון דעם בּאָזֶען מַתִּית דְרֵייפוּס, וועלְכֶער איז אַהֶערְגֶעקוּמֶען צו בֶּעגְלֵייטֶען זיין גוּטֶען פְרֵיינְד, דעם דאָקְטאָר בּוּרְגֶער.

מַתִּית איז גֶעוועֶן בּאָז און דֶערְגֶעֶרְווירְט.

– פאַר וואָס האָב איך איהם אַרויסְגֶעלאָזְט? – האָט עֶר גֶעזאָגְט צו זיך אַלְלֵיין – אַזאַ גוּטֶער צוּפאַלל, כ'האָב פון איהם גֶעקֶענְט שוין אַלְץ גֶעוואוּאהר ווערֶען, ווער ס'האָט איהם דאַמאָלְס גֶעשִׁיקְט צו מיר מיט דער פאַלְשֶׁער בְּלאַט צייטוּנְג, און אויף אַזאַ אַרְט וואָלְט איך גֶעפאַללֶען אויפ'ן וועג וואו אַנְדְרֶעעֶ איז אַהינְגֶעקוּמֶען. האַ, צום טייפֶעל, מיר זאָלל עֶס טְרֶעפֶען!

– פֶערְפאַללֶען, הערר דְרֵייפוּס – האָט איהם דער דאָקְטאָר בֶּערוּהיגְט – איהר זייט דאָך ניט שוּלְדיג, אַז דער קְלֵיינֶער גַנָב איז גֶעשִׁיקְטֶער פאַר אוּנְז בֵּיידֶען. אַללֶענְפאַללְס איז שוין גוּט וואָס איהר ווייסְט, ווי עֶר זֶעהט אויס. עֶר וועט אַייך שוין נאָך אַמאָל אַרֵיינְפאַללֶען אין די הֶענְד. ניט גֶעזאָרְגְט, און דאַמאָלְס וועט איהר איהם שוין פֶעסְטֶער האַלְטֶען. מיר דאַכְט זיך אָבֶּער אַז לויפֶענְדיג האָט דער קְלֵיינֶער גַנָב עֶפֶּעס פֶערְלאָרֶען.

– אַ טאַשֶׁענְטוּך – האָט מַתִּית נאָך אַלְץ ניעדֶערְגֶעשְׁלאָגֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט.

– ניין, דאָס איז ניט קיין אֵיינְפאַכֶע נאָז־טיכֶעל. אַראָבְּפאַללֶענְדיג האָט עֶס אַ קְלוּנְג גֶעגֶעבֶּען.

און דער דאָקְטאָר האָט זיך אַיינְגֶעבּויגֶען אויפְצוּהייבֶּען די טיכֶעל.

– אַ טאַפֶּעל מיט אַ גְרִיפֶּעל – האָט דער דאָקְטאָר איבֶּערְרַאשְׁט גֶעזאָגְט צו מַתִּית'ן, און איהם דֶערְלאַנְגְט דעם טאַפֶּעלֶע – איהר זֶעהט, דאָס איז עֶפֶּעס פֶערְנאָטירְט, גאָר אַ זֶעלְטֶען מאָדְנֶע בֶּעמֶערְקוּנְג. לֶעזְט איהר נור איבֶּער, הערר דְרֵייפוּס, אֶפְשַׁר וועט איהר פֶערְשְׁטֶעהֶען דעם סוֹד?

מַתִּית הָאט לַאנְג בֶּעקוּקְט בּיאָנְס נָאטִיץ־בּוּךְ. זַיינֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ וָואס אַמָאל הַאסְטִיגֶער בֶּעוֶועגְט אוּנ ער הָאט הויךְ צוּם צֶעהנְטֶען מָאל אִיבֶּער־גֶעלַייֶענְט:

– דֶער גְרוֹיסֶער אִיטַאלְיֶענֶער פָאהרְט קֵיין בְּרִיסֶעל, דֶעפֶּעשִׁירְט הָאט ער נָאךְ אַנְדָארָא.

אַנְדְרָא? – הָאט דֶער דָאקְטָאר פֶּערְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט – וואו לִיעגְט עֶס דֶענן?

– אִין דִי פִּירֶענֶעֶען – הָאט מַתִּית גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנ גְלַייךְ נָאכְדֶעם ווִיעדֶער גֶעזָאגְט:

– אַז מִיר זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועֶן קְלֵיינֶע קִינְדֶער, בִּין אִיךְ מִיט מַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶען בְּרוּדֶער אַלְפְרֶעד גֶעוֶועֶן גוּט בֶּעפְרַיינְדֶעט מִיט דֶעם גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי, אוּנְזֶער יֶעצְטִיגֶען שׂוֹנֵא, אוּנ ער פְלֶעגְט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג עֶרְצֶעהלֶען אַז זַיין מוּטֶער וָואהנְט אִין אַנְדָארָא.

אוּנ אִיהר ווַייסְט וָואס מִיר אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען?

– נֵיין, מַיין פְרֵיינְד – הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט.

– דֶער גְרוֹיסֶער אִיטַאלְיֶענֶער – הָאט מַתִּית אוֹיפְגֶערֶעגְטֶערְהֵייד ווִיעדֶער גֶעזָאגְט – אִיז נִיט קֵיין אַנְדֶערֶער, ווִי דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר וָועלְכֶער הָאט זִיךְ פֶערְקְלֵיידֶעט אוּנ פָאהרְט קֵיין בְּרִיסֶעל.

– צוּ וָועלְכֶען צְוֶועק? – הָאט דֶער דָאקְטָאר אַלְץ מִיט מֶעהר אִינְטֶערֶעסֶע גֶעפְרֶעגְט.

– צוּ וָואס? ווַייסְס אִיהם דֶער טַייפֶעל. גֶעווִיסס ווִיעדֶער עֶפֶּעס אַ שְׁטִיקֶעל מִיר אָנְצוּטְהוּן. דֶער מֶערְדֶער לֶעבְּט דָאךְ נוּר דַארוּיף אוּם אוּנְז אוּמְגְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען. דָאס מָאל, אָבֶּער, וֶועט עֶס אִיהם נִיט גֶערָאטֶען.

– ווִי אַזוֹי?

– אַיינְפַאךְ, כ׳פָאהר אוֹיךְ מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען צוּג נָאךְ בְּרִיסֶעל. ער גֶעהט אָב אִין פִינְף מִינוּט אַרוּם. אִיהר וֶועט אַזוֹי גוּט זַיין, דָאקְטָאר, בֶּערוּהִיגֶען דִי מַאמֶע גֶערָאלְדִינֶע. זָאגְט אִיהר אָבֶּער נִיט וָואהִין אוּנ צוּ וָואס אִיךְ פָאהר.

– אָבֶּער הֶערר מַתִּית, אִיהר זַייט דָאךְ גָאר נִיט פָארְבֶּערֵייטֶעט צוּם פָאהרֶען, אִיהר הָאט אֲפִילוּ נִיט קֵיין וַוארֶעמֶע דֶעקֶע.

– ס׳מַאכְט נִיט אוֹיס, יֶעצְט הָאבֶּען מִיר וַוארֶעמֶע נֶאכְט אוּנ בְּרִיסֶעל לִיעגְט נִיט ווַייט, אִין גַאנְצֶען פִינְף אָדֶער זֶעקְס שָׁעָה רַייזֶע. גֶעלְד פֶּעהלְט מִיר נִיט.

מַתִּית הָאט זִיךְ וַוארֶעם גֶעזֶעגְנֶעט מִיט׳ן דָאקְטָאר אוּנ גִיךְ גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער קַאסֶע נָאךְ אַ בִּילֶעט.

אַז אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אִיז דֶער צוּג אָבְּגֶעפָאהרֶען אוּנ עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט זִיךְ בְּרֵייט צוּזֶעצְט אִין וַואגְן, הָאט עֶס אִיהם גָאר נִיט גֶעקֶענְנְט אַיינְפַאלֶען אַז אִין דֶעם זֶעלְבֶּען צוּג לוֹיעֶרְט אוֹיף אִיהם זַיין עֶרְגְסְטֶער שׂוֹנֵא.

מתית דרייפוס איז איהם אין גאנצען פון זיננען ארוים.

ער האט יעצט געהאט נור איין זארג, צייטענוויז צו פרובירען, אויב דער טייערער אוצר ליעגט פעסט אויף דער ברוסט.

די דאקומענטען זענען איהם געוועזען טהייערער ווי אלץ אין דער וועלט.

זיי האבען א ווערטה פון דריי הונדערט טויזענד פראנק!

אונ דער שווארצער מאיאר האט א שמייכעל געגעבען.

דארטען, אויף דעם טייפעלס-אינזעל, וואלגערט זיך ארום זיין געוועזענער קאמעראד...

אונ ער איז פריי, ביים כבוד, א אפיציער פון שטאב, אונ פערדיענט נאך דאביי דריי הונדערט טויזענד פראנק...

אונ דער שווארצער מאיאר שלאפט רוהיג אין דער צווייטער קלאססע, נאך א גוטען אבענדברויט.

גראף עסטערהאזי מוז האבען א געוויססען פון אייזען.

---

## II.

## צווישען ציגיינער.

ענדע אקטאבער 1895 איז דורכגעגאנגען דורך די וועגגערישע וועלדער א באנדע ציגיינער.

שטארק געבויטע פערד זענען געוועזען איינגעשפאננט אין דריי גרויסע בריקעס, פול מיט מענשען אונ זאכען אונ אויף א יונגען שאנעם אונ פעסטען רייט-פערד, וואס וואלט געפאסט פאר דעם רייכסטען קאוואליער, איז געזעססען דער הויפטמאנן פון דער באנדע, א יונגער ציגיינער מיט א אבגעברעננטע, אינטעלליגענטע געזיכט; די קורץ געשארענע שווארצע בארד אונ דער ציגיינערישער קאסטיום האבען איהם זעהר געקליידט.

די ברייטע שאראוואַרען מיט גאלד-טאשמען האבען זיך פאססענד געהאַפטעט מיט די גרויססע, לעדערנע שטיפעל. דער ראק געבונדען אויף שנורען אונ אנשטאט קנאפ אויסגעזעצט מיט זילבערנע טאלערס, האט צוגעגעבען חן צו דעם לייטישען אויסזעהען פון דעם יונגען ציגיינער. מיט א בעזונדערע געשיקליכקייט האט ער פערוואַרפען פון הינטען דעם ווייססען רייזעמאנטעל, וועלכער האט מעהר צוגעדעקט דעם פערד ווי דעם רייטער.

דער הויפטמאנן פון דער באנדע, דער ציגיינערפירשט פארקאש אלאדאר

איז געווען בעקאנגט אין גאנץ בעהמען און אונגארן, אלס ענערגישער, קלוגער און פערשטאנדיגער ציגיינער.

ציימענווייז פלעגט ער זיך אנשפארען מיט׳ן פערד ביי דער זייט פון א וואגען און לאנג עפעס אריינרעדען דארטען.

דאמאלס איז געווען צו זעהען דער קאפ פון א שאנע ציגיינערקע, וועלכע פלעגט אויפהייבען איהרע שווארצע אויגען רוהיג אויף דעם הויפטמאנן און אויף אללע זיינע פראגען געבען נור קורצע, א מאל זאגאר שטאלצע אנטווארטען.

די זונן האט געהאלטען ביים אונטערגאנג און לאנגזאם איז געווארען וואס א מאל פינסטערער. די ציגיינער-באנדע איז דערנווייל צוגעפאהרען ניט ווייט פון א וואסער.

דאס איז געווען דער טייך וואאג, וועלכער פאללט אריין אין דונאי.

אין פריהיאר, ווענן פון די גרויסע בארג „סאטרעם״ שמעלצט דער שניי, ווערט די שטעללע אין גאנצען פערגאסען מיט וואסער פון דעם וואאג. יעצט אבער איז געווען רינגם ארום טרוקקען און א הויכער, שמעקענדיגער גראז האט בעדעקקט די גאנצע געגענד.

דער הויפטמאנן אלאדאר האט געגעבען א צייכען מיט א זילבערנער פייפע אז די נסיעה אויף היינט האט אויפגעהערט.

די מינוט האבען זיך אבגעשטעלט די בריקעס און פון זיי זענען ארויסגע־קראכען מאדנע שווארצע געשטאלטען. אין א קורצער צייט האט די גאנצע געגענד געראוישט פון לעבען.

די פערד האבען מיט אפעטיט געריסען דעם פרישען גראז, געחאפט א הויפען גרינעם היי מיט די ווארצלען אין די צאהן און נאכדעם מיט שטאלץ, ווי נאך א שטארקען נצחון, לוסטיג אויפגעהויבען דעם קאפ אין דער הויך.

די וועגען זענען געשטאנען אין איין רייהע און אין א פאר מינוט ארום איז שוין געווען פארטיג א געצעלט, אין וועלכעס עטליכע פרויען פון דער באנדע וועללען האבען א נאכט-לעגער. פאר דעם געצעלט האט זיך באלד בעוויזען א פייער און אין א גרויסען קעססעל האט א מאוסע אלטע ציגיינערקע געקאכט א נאכט-עססען פאר דער גאנצער באנדע.

גרויסע שטיקקער פלייש, קארטאפפעל איבערגעשניטטען אויף העלפט, אלץ בעשאטען מיט פאפריקא — אט דאס הייסט א מאהל-צייט ביי א ציגיינער.

און ביי דעם אלעמען האט נאך די אלטע מאוסקייט מיט די צווארפענע האר געהאט געדולד ניט ארויסצולאזען פון די צאהן א לאנגען ציבוך, מיט א זילבערנעם קאפ, פון וועלכעס ס׳האט זיך יעדע סעקונדע אויפגעהויבען א גרויסער רויך.

אויף א װארצעל פון א בוים, ניט ווייט פון דעם קעססעל זענען געזעססען צוויי

פְּרויעֶן, וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיט פֶערְגֶעניגֶען זִיךְ אָנְגֶעוַאורֶעמְט בַּיי דֶעם פַייעֶר, וַוייל דִי נַאכְט הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צוּ וֶוערֶען קֶעלְטְלִיךְ.

אַיינֶע פוּן דִי פְרויעֶן אִיז גֶעוֶוען יֶענֶע וואוּנְדֶערְשֶׁאנֶע צִיגַיינֶערְקֶע, מִיט וֶועלְכֶער דֶער פִּירְשְׁט אַ לַ א ד אַ ר הָאט אוּנְטֶער וֶועגֶענְס גֶעפִיהְרְט גֶעשְׁפְּרֶעכֶען.

מֶ ע לְ יָ א רֶ ע, אַ אֵיינִיקֶעל פוּן דֶער מְאוּסֶקִייט, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים קֶעסֶעל, אִיז גֶעוֶוען שֶׁאן אוּנ שְׁטַארְק גֶעבּויט, בִּיז צוּם עֶנְטְצִיקֶען. אִיהְר גֶעזִיכְט אִיז מַאט־גֶעלְבּ, מִיט אַ פָּאר שְׁוַוארְצֶע אויגֶען אוּנ רויטֶע לִיפֶּעלַאךְ. אַזַא גֶעזִיכְט אוּנ אַזֶעלְכֶע אויגֶען, הָאבֶּען אִין זִיךְ מֶעהר כֹּחַ, וִוי אַ צִיגַיינֶערְס בְּרֵייטֶע פְּלֵייצֶעס אוּנ שְׁטַארְקֶע פויסְטֶען.

אויסֶערְדֶעם הָאט נָאךְ דִי שֶׁאנֶע מֶ ע לְ יָ א רֶ ע גֶעהַאט וֵוייכֶע, שְׁוַוארְצֶע הָאר וִוי בַּיי אַ וָוארָאנֶע.

דִי אַנְדֶערֶע פְרוי, וֶועלְכֶע אִיז גֶעזֶעסֶען נֶעבֶּען אִיהְר, אִיז נִיט וֶועניגֶער שֶׁאן גֶעוֶוען וִוי מֶ ע לְ יָ א רֶ ע, אִיהְר הָאט אָבֶּער גֶעפֶעהלְט דָאס לֶעבֶּען אוּנ אִיהְר פָּנִים אִיז גֶעוֶוען אָבְגֶעשְׁוַאכְט, קְרֵיינְקלִיךְ, דִי אויגֶען אַיינְגֶעפַאלֶלֶען, אוּנְטֶערְשְׁלָאגֶען מִיט בְּלוֹיֶע צֵייכֶענְס. סְ'הָאבֶּען אֲפִילוּ נִיט גֶעהָאלְפֶען דִי רֵייצֶענְד שְׁוַוארְץ־בְּלוֹיֶע הָאר.

זִי אִיז גֶעזֶעסֶען פַארְמָרָה־שְׁחוֹרְהט, טְרויעֶרִיג, נוּר צֵייטֶענְוַוייז הָאבֶּען זִיךְ אִיהְרֶע אויגֶען אָבְגֶעשְׁטֶעלְט אויף דֶעם קְלֵיינֶעם יוּנְגֶעל, וֶועלְכֶער אִיז גֶעלֶעגֶען בַּיי אִיהְר אויף דִי קְנִיע, אוּנ דַאמָאלְס הָאט זִיךְ אויף אִיהְרֶע לִיפֶּען בֶּעוִויזֶען אַ שְׁמֵייכֶעל.

דִי פְרוי, וִוי אויךְ דָאס פִינְף־יֶאהרִיגֶע קִינְד, הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִי זֶעלְבֶּע קְלֵיידֶער וָואס אַלֶע, אוּנ דָאךְ אִיז לַייכְט גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען, אַז דִי קְרַאנְקֶע פְרוי מִיט דֶעם קִינְד גֶעהֶערֶען נָאךְ נִיט לַאנְג צוּ דֶער בַּאנְדֶע.

צְווִישֶׁען זִיךְ הָאבֶּען זֵיי גֶערֶעדְט פְרַאנְצוֹיזִישׁ אוּנ מִיט דֶער בַּאנְדֶע אַ צוּבְרָאכֶענֶע, צִיגַיינֶערְשֶׁע שְׁפְּרַאכֶע. מִיר ווִילְלֶען אויךְ נִיט לֶענְגֶער אוּנְגֶעדוּלְדִיג צוּ מַאכֶען דִי לֶעזֶער אוּנ אָפְּפֶען זָאגֶען, אַז דִי קְרַאנְקֶע פְרוי אִיז קְלוֹיְדַיא לָ א רֶ ע טְ טַ א אוּנ דָאס יוּנְגֶעל אִיז אַ נְ דְ רֶ ע, דֶעם קַאפִּיטַאן דְ רַ ייפ וּ סֶ ע ס זוּהְן, וֶועלְכֶער אִיז עֶטְלִיכֶע מָאנַאטֶען צוּרִיק פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם לוּפְטבַּאלָאן. מִיר וַוייסֶען שׁוֹין אַז נוּר דוּרְךְ אַ נֵס אִיז עֶר נִצּוֹל גֶעוָוארֶען פוּן דֶער מְאוּסֶע פ וּ טִ י פֶּ רַ ע ס הֶאנְד אוּנ אַרַיינְגֶעפַאלֶלֶען צוּ דִי צִיגַיינֶער.

סְ'דַארְף קֵיינֶעם נִיט וואוּנְדֶערֶען, וָואס אַ לַ א ד אַ ר'ס בַּאנְדֶע, וֶועלְכֶע אִיז מִיט פִיער מָאנַאט צוּרִיק גֶעוֶוען אִין פְרַאנְקְרַייךְ, וַואנְדֶערְט שׁוֹין יֶעצְט אַרוּם אִין אוּנְגַארֶען. בַּיי צִיגַיינֶער אִיז עֶס אַ קְלֵיינִיגְקֵייט.

וואוּ זֶענֶען זֵיי שׁוֹין נִיט אויסְגֶעוֶוען אִין דִי עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים? — פוּן פְרַאנְקְרַייךְ זֶענֶען זֵיי אַרִיבֶּער קֵיין דַייטְשְׁלַאנְד, דָארְטֶען הָאט זֵיי דִי פָּאלִיצֵיי וַוייטֶער פֶערְיָאגְט קֵיין בֵּייעֶרֶען אוּנ דוּרְךְ בֶּאהֶמֶען גֶעקוּמֶען אויף דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם טַייךְ וַואַג.

צוּלִיעב דֶעם קְלֵיינֶעם אַ נְ דְ רֶ ע הָאבֶּען זֵיי דַאמָאלְס אויךְ מִיטְגֶענוּמֶען דִי

קְרַאנְקֶע פְרוי. דָאס קִינְד הָאבֶּען דִי שְׁוַוארְצֶע צִיגַיינֶער כְּמְעַט ווִי פֶערְגֶעטְטֶערְט. אִיבֶּערְהויפְּט דִי שֶׁאנֶע מֶעלְיָארֶע הָאט גָאר נִיט גֶעווּאוּסְט וָואס צוּ טְהוּן מִיט דֶעם טְהַייעֶרֶען אַנְדְרֶעאַס.

ס'קֶענְנֶען זַיין אַז דִי יוּנְגֶע צִיגַיינֶערְקֶע הָאט אִין דְרֵייפוּסֶעס זוּהְן גֶעזֶעהֶען אַ אָבְּבִּילְד פוּן אִיהְר אַיינֶענֶעם קִינְד, וָואס זִי הָאט גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט מִיט פִינְף יָאהְר צוּרִיק.

דַאמָאלְס אִיז אוֹיךְ דִי בַּאנְדֶע גֶעוֶועזֶען אִין אוּנְגַארֶען.

אוּנ דַאמָאלְס הָאט מֶעלְיָארֶע דוּרְכְגֶעמַאכְט אַ רָאמַאן, וֶועלְכֶער אִיז בֶּעשֶׁערְט אִיבֶּערְצוּקוּמֶען יֶעדֶער צִיגַיינֶערְקֶע — וֶוענְן זִי אִיז שֶׁאן אוּנ יוּנְג.

דִי בַּאנְדֶע קֶענֶען דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן מֶעלְיָארֶעס לִיעבֶּע. זַיי רֵיידֶען אָבֶּער קַיין מָאל נִיט דֶערְפוּן. יֶעדֶער בֶּעזוּנְדֶער ווַייסס, פוּן וֶועמֶען מֶעלְיָארֶע הָאט גֶעהַאט אַ קִינְד, ס'אִיז אָבֶּער שְׁתִיקָה.

דֶער הויפְּטמַאנְן אַלַאדַאר פַּארְקָאשׁ הָאט שְׁטְרֶענְג פֶערְבָּאטֶען אִין מֶעלְיָארֶעס גֶעגֶענְוַוארְט צוּ רֵיידֶען פוּן דֶעם.

אוּנ דִי אַלְטֶע בַּאבֶּע, דִי מְאוּסֶע מוּשַׁא מִיט דִי ווַייסֶע הָאר הָאט גֶעשְׁוָאוֶרען אַז זִי וֶועט שְׁטֶעכֶען מִיט אַ שַׁארְפֶען מֶעססֶער יֶעדֶערֶען פוּן דֶער בַּאנְדֶע, וֶוער ס'וֶועט הָאבֶּען דִי הֶעזָה צוּ דֶערְמָאנֶנֶען מֶעלְיָארֶעס רָאמַאן. דִי בַּאנְדֶע הָאט גֶעווּאוּסְט אַז דִי אַלְטֶע מוּשַׁא הָאט לִיעב צוּ הַאלְטֶען וָוארְט, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבֶּען זַיי גֶעשְׁווִיגֶען.

זַיי הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ נִיט אַ וָוארְט גֶערֶעדְט, נִיט פוּן מֶעלְיָארֶעס גֶעלִיעבְּטֶען, נִיט פוּן אִיהְר קִינְד, וָואס אִיז שׁוֹין לַאנְג בֶּעגְרָאבֶּען עֶרְגִיץ אִין רוּסְלַאנְד, אוֹיף דֶעם צִיגַיינֶערְשֶׁען אַרְט.

דָאס אִיז אוֹיךְ דִי אוּרְזַאכֶע וָואס מֶעלְיָארֶע הָאט אַזוֹי לִיעב דֶעם קְלֵיינֶעם אַנְדְרֶעאַ אוּנ אִיז גֶעהַאסְט אִין קְלוֹידְיַאס אוֹיגֶען.

דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּסֶעס גֶעוֶועזֶענֶע גֶעלִיעבְּטֶע פַּאסְט אוֹיף זַיין זוּהְן מִיט אַזַא צֶערְטְלִיכֶע לִיעבֶּע, אוֹיף וֶועלְכֶע נִיט יֶעדֶע מוּטְטֶער אִיז פֶעהִיג. בַּיי אִיהְר שְׁטֶעהְט עֶר נִיט נִידְרִיגֶער ווִי אַ אַיינֶען קִינְד. עֶר גֶעהֶערְט נוּר אִיהְר, דָאס אִיז אִיהְר אוֹצָר, אִיהְרֶער אוּנ נִיט קֵיינֶעמְס. דַארִיבֶּער צִינְדֶט זִיךְ אִיהְר גֶעזִיכְט אָן מִיט כַּעַס וֶוענְן אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען ווִילֶּען אִיהְם אוֹיךְ לִיעב הָאבֶּען.

קְלוֹידְיַאן עֶרְגֶערְט וָואס מֶעלְיָארֶע לֶערְנְט דֶעם קְלֵיינֶעם אַנְדְרֶעאַ דִי צִיגַיינֶערְשֶׁע שְׁפְּרַאכֶע אוּנ וָואס אַנְדְרֶעאַ רוּפְט זִי „מוּטְטֶער”, ס'בְּרֶענְנְט אִין אִיהְר, ס'קָאכְט דָאס בְּלוּט וֶוענְן זִי הֶערְט עֶס, אָבֶּער הֶעלְפֶען קֶען זִי נִיט.

מֶעלְיָארֶע פִיהְרְט בְּרֵייט אִיהְר מֶמְשָׁלָה אוֹיף דֶער בַּאנְדֶע, אוּנ זָאגַאר דֶער פִירְשְׁט אַלֵיין, אַלַאדַאר פַּארְקָאשׁ אִיז אִיהְר גֶעהָארְזַאם. דֶער שְׁטְרֵיינְגֶער הויפְּט־מַאנְן, וָואס פִיר זַיין אֵיין בְּלִיקק צִיטְטֶערְט יֶעדֶער צִיגַיינֶער, וֶוערְט גֶעלַאסֶען, שְׁטִילל אוּנ עֶדֶעל וֶוענְן מֶעלְיָארֶע אִיז דָא דַאבֵּיי.

פַאר וָואס ? — וֶועט גֶעוִויסס דֶער לֶעזֶער אַללֵיין פֶערְשְׁטֶעהן .

אַלַאדַאר פְּארְקַאשׁ הָאט שׁוין לַאנְג גֶעקָאנְנט הָאבֶּען אַ אֵייגֶען הויז , זָאנַאר אַ גוּט . אִיהְם אִיז אויךְ לַייכְט גֶעוֶועזֶען צוּ קְרִיעגֶען דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעללֶע בַּיי דֶער מֶמְשָׁלָה אָדֶער עֶרְגִיץ וואו פְּרִיוַואט אַלְס אויפְזֶעהֶער אִין אַ וַואלְד . נִיט אֵיין מָאל הָאט מֶען אִיהְם פָארְגֶעשְׁלָאגֶען רַייךְ אוּנ גְרויסס צוּ וֶוערֶען . עֶר הָאט אַלְץ גֶעלָאזְט לויפֶען אוּנ בֶּעסֶער גֶעוָואלְלט אַרוּמְרַייטֶען בַּיי מֶעלְיָארֶעס זַייט .

עֶר הָאט גֶעלִיעבְּט דִי שֶׁאנֶע צִיגַיינֶערְקֶע אוּנ עֶר לִיעבְּט זִי נָאךְ וַוייטֶער .

צוּ אִיהר הָאט זַיין הַארְץ גֶעזוּנְגֶען דִי זִיססֶע לִיעדֶער , פִיר אִיהְר הָאט עֶר גֶעשַׁאבֶּערְט מִיט פֶערְד , צוּלִיעב אִיהְר הָאט עֶר קֵיין זַאךְ נִיט גֶעלָאזְט לִיעגֶען וָואס זַיינֶע אויגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען — זָאנַאר וֶוענן דִי זַאךְ הָאט גֶעהֶערְט צוּ אַ נְ׳אַנְדֶערֶען . אוּם אִיהר כְּבוֹד צוּ רַאטֶעוֶועןן הָאט עֶר מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהְר צוּרִיק גֶעוָואלְלט וֶוערֶען אַ רוֹצֵחַ אוּנ דֶעם טוֹיְדט מַאכֶען אַ גֶעוִויססֶען פְּרִיץ , וֶועלְכֶער הָאט מִיט פָאלִיצַיי גֶעיָאגְט דִי אוּמְגְלִיקְקְלִיכֶע מֶעלְיָארֶע מִיט אִיהר קִינְד , וַוייט אִיבֶּער דִי אוּנְגַארִישֶׁע גְרֶענֶעץ , אוּנ אִיהְר צוּלִיעב הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד בֶּערוּהִיגְט אוּנ נִיט פֶערְגָאססֶען דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם גְרויזַאמֶען מֶענְשֶׁען , וֶועלְכֶער הָאט זַיין מֶעלְיָארֶען אָנְגֶעטְהוּן אַזוֹי פִיעל חֶרְפָּה , שְׁמֶערְץ אוּנ פַּיין .

עֶר הָאט זִי גֶעלִיעבְּט נָאךְ דַאמָאלְס , וֶוענן זִי אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְשׁוּלְדִיג וִוי אַ קִינְד ; דִי לִיעבֶּע אִיז נִיט שְׁוַאכֶער גֶעוָוארֶען , וֶוענן דֶער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ הָאט אִיהְר דִי אוּנְשׁוּלְד מִיט גְוַואלְד בֶּערוֹיבְּט , אוּנ יֶעצְט אִיז דִי לִיעבֶּע נָאךְ גְרֶעססֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען .

פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אַ צִיגַיינֶער קֵיין מָאל נִיט גֶעזֶעהֶען , אַז דֶער הויפְּטמַאנְן זָאל מֶעלְיָארֶען זָאנַאר אַ קוּשׁ גֶעבֶּען .

זֶעלְטֶען דֶערְפְרַייט זִי אִיהְם מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אויף דִי רוֹיטֶע לִיפֶּען , זֶעלְטֶען הֶערְט עֶר פוּן אִיהר אַ וָוארְט , וֶועלְכֶער קְלִינְגְט פַאר אִיהְם וִוי דִי בֶּעסְטֶע מוּזִיק .. . פַאר אַ צִיגַיינֶער אִיז אָבֶּער קֵיין זַאךְ נִיט צוּ שְׁוֶוער אוּנ זַיין גֶעדוּלְד אִיז אָהְן אַ גְבוּל .

דֶער בָּאזֶער וָואלְף וֶוערְט בַּיי אִיהְם גֶעלַאססֶען וִוי אַ יוּנְגֶע רִינְדֶעל .

אוּנ אַז עֶר ווילל גֶעפֶאללֶען וֶוערֶען זַיין גֶעלִיעבְּטֶער , וֶועט אִיהְם נִיט שְׁוֶוער זַיין דִי זוּנְן , דִי לְבָנָה מִיט דִי שְׁטֶערֶען פוּן הִימֶעל אַרוּנְטֶערצוּנֶעהְמֶען פַאר אִיהרֶע פִיסס .

אַלַאדַאר פְּארְקַאשׁ אִיז אויךְ אַזאַ צִיגַיינֶער .

בֶּעסֶער וָואלְט אָבֶּער פַאר אִיהְם גֶעוֶועזֶען , אוּנ פִיעל גֶעזוּנְטֶער צוּ קְרִיעכֶען זָאנַאר אִין אַ נָארֶע פוּן וֶועלְף אוּנ דָארְטֶען דִי קְלֵיינֶע וֶועלְפֶעלֶעךְ פוּן אוּנְטֶער דֶער מוּטֶער אַרוֹיסצוּצִיעהֶען , אֵיידֶער אָנְצוּהֵייבֶּען מִיט מֶעלְיָארֶעס הַארְץ .

זִי אִיז אַ פְרוֹי מִיט גַאֲוָה ...

וָואס פַאר אַ וֶוערְטה קֶענְן בַּיי אִיהר הָאבֶּען אַ צִיגַיינֶער ?

זִי הָאט אִין קָאפּ גַאנְץ אַנְדֶערֶע פְּלֶאנֶער ... אַךְ , דִי שֶׁאנֶע מֶעלְיָארֶע ...

נאכדעם ווי די ציגיינער האבען געענדיגט דאס נאכט־עססען זענען זיי ווידער אריין אין די וועגען צו לעגען זיך שלאפען.

א ציגיינער לעגט זיך שלאפען מיט די הינער אונ שטעהט אויף מיט די הענער, אויסער אז ס'מאכט זיך א מאל שפאט אין דער נאכט א שטיקעל ארבייט אונ עס איז דא א אויסזיכט צו געפינען ניט קיין כשרה מציאה.

היינט איז דערפון ניט געווען וואס צו ריידען, ווייל זיי האבען געוואוסט אז רינגס ארום וואהנען ניט קיין מענשען.

ביי דעם פייער זענען נאך געבליבען די אלטע מושא מיט איהר איינִיקעל מעליארע, קלוידיא, דער קליינער אנדרעע אונ ניט ווייט פון זיי דער הויפטמאנן אלליין, אלאדאר פארקאש.

ער האט אנגעשטעלט זיין הארפע אונ אויף די סטרונעס האט דער יונגער ציגיינער אויסגעזונגען זיינע זיסע טאנער, פול מיט חלומות אונ פאנטאזיעס, וועלכע האבען מיט א שווערען זיפץ דורכגעריססען די לופט.

מיעד אונ שלאפעריג האט זיך דער קליינער אנדרעע אויסגעצויגען אויף א טוך אונ דאס קאפיל אנגעשפארט אויף קלוידיא'ס קניע, וועלכע האט מיט איהר האנד פערשטעלט זיין געזיכט פון דער לבנה'ס שיין.

די קליינע חוואליעס פון דעם טייך וואס האבען געמורמעלט זייער זיסס נאכט־ליעד.

די אלטע מושא האט אריינגעשטעקט איהר בליק אין דעם פייער, גלייך ווי זי וואלט דארטען, אין די פערברענטע קוילען זוכען א אלטען פערבארגענעם סוד. ציי־טענווייז האבען איהרע אויגען א בליץ געגעבען אונ אויף די אלטע פער־דארטע ליפפען האט זיך בעוויזען א חיטרער שמייכעל.

מעליארע האט אויך אראבגעלאזען דעם קאפ אויף דער ברוסט. פון צייט צו צייט האט זי בגנבה אנגעקוקט דעם הויפטמאנן; אין דעם בליק האט אבער ניט געשטעקט קיין ליעבע, נור אומגעדולד, גלייך ווי איהר וואלט שוין נמאס געווארען זיין שפיעלען. א נ'אנדערע אויף איהר שטעללע וואלט זיך צווייגט פון זיין הארץ־געזאנג.

דאס איז ניט געווען קיין איינפאכע מוזיק, וועלכע יעדער בעטלער שפיעלט אויפ'ן מארק. אין די זיסע טאנער האבען זיך געהערט גרויססע שמערצען פון א צובראכענעם הארץ, א טרויעריגע געשיכטע פון א אומגליקליכען לעבען, פול יסורים אונ האפפנונג.

אונ גלייך ווי דער שפיעלער וואלט פערשטאנען מעליארעס כוונה איז זיין הארפע פלוצלינג שטיל געבליעבען. צום אויסלאז האבען זיך די סטרונעס צושאטטען מיט א געשריי פון א מענשען, וועלכען דאס הארץ האט געפלאצט אויף צוויי.

די אלטע האט זיך איבערגעקוקט מיט מעליארען.

דאמאלס איז קלאָרינדע אויפגעשטאנגען פון איהר אָרט און צוגעדריקט דעם קליינעם אנדרעע, וועלכען זי האט געהאלטען אויף די הענד, צו דער ברוסט.

— ליעבע גוטע פריינד — האט זי געזאגט — ס'איז מיר שווער עס אייך צו זאגען, אָבער כ'מוז.

איהר האט מיך מיט דעם קינד אויפגענומען זעהר פריינדליך ווי די בעסטע געסט. אז איך בין קראנק געוועזען האט איהר מיר פלעגע געגעבען און מיטגענומען פון לאנד צו לאנד.

גאטט זאלל אייך דערפאר בעפריעדיגען. איך קען אייך נור דאנקען.

מארגען אלזאָ, ווען די זונן וועט אויפגעהן מוז איך מיך שיידען מיט אייך און מיטנעהמען דאס קינד מיט מיר.

מעלזארע האט זי בעז אָבגעמאסטען מיט די אויגען, די אלטע האט איהר אָבער א ווינק געגעבען זי זאלל איינהאלטען דעם כעס.

— כ'שפיער אז איך בין יעצט פאלקאממען געזונד — האט ווייטער קלאָרינדע געערעדט — און גאטט צו דאנקען, די שלאפפקייט איז פארביי. דאס הארץ זאגאר טהוט נאך מיר געוונג וועה, ווען כ'דערמאנן מיך אָן א געוויססע שלעכטע זאך, וועלכע כ'קענן שוין ניט פערגעססען, דאס אָבער בין איך זיכער אז יעצט האב איך שוין ניט וואס מורא צו האבען ווידער דעם זינן צו פערליערען.

— פאר וואס ווילסט דו אונז פארלאזען, קלאָרינדע? — האט זיך אָבגערופען אלאדאר פארקאש, וועלכער האט בעמערקט מעלזארעס צארן — זעגען מיר דענן מיט דיר זיך ניט בעגאנגען ווי מיט א שוועסטער, האבען מיר דען זיך מיט דיר ניט געטהיילט יעדערען ביסען פון מויל? ווייסט דו דענן ניט ווי דער ליעבער טהייערער אנדרעע איז איינגעבאקען ביי אונז אין הארץ? פאר וואס, זאג קלאָרינדע, ווילסט דו אונז אוועקנעהמען אונזער טרייסט, אונזער ליכט, אונזער פערגעניגען?

— זיי ניט בעז, פירשט אלאדאר פארקאש. איך ווייסס עס גאנץ גוט, וואס איהר האט מיט אונז געטהון און גלויבט מיר, אז איך וועלל אייך דעם חסד קיין מאל ניט פערגעססען. דאס קינד אָבער איז ניט מיינס. ער איז מיט רציחה געראובט געוואָרען פון אַ עדלען הויז; זיין פאמיליע זוכט איהם געוויסס ארום ווי מיט ליכט, זאגט איהר אלליין, איז דענן א יושר אז דאס קינד זאלל צווישען אייך אויסוואקסען א אָרעמער ציגיינער, וועלכער האט ניט קיין היים און ווייסט ניט היינט וואו ער וועט מארגען דעם קאפ אוועקלייגען? ניין, אויב איהר האט איהם אמת ליעב, קענט איהר עס אלליין ניט פערלאנגען.

— זי איז גערעכט — האט זיך אָנגערופען די אלטע מושא און מיט כח אויסגעקלאפט די ליולקע אָן א שטיין — מיר טארען מיט גוואלד דאס קינד ניט איינהאלטען. אונזערע ציגיינער גנבהנען ניט קיין קינדער.

מִיר הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהם מִתְקָרֵב גֶעוועזֶען דַאמָאלְס וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר אִיז אַ יָתוֹם אָהן עֶלְטֶערְן. יֶעצְט אָבֶּער, אַז קְלוֹידְיַא הָאט אוּנְז גֶעזָאגְט וֶוער עֶר אִיז, וָואלְט גְלַאט אַ עֲבֵרָה זַיין, מִיר זָאלֶען אִיהם שְׁטֶערֶען צוּרִיק צוּ קוּמֶען אַהֵיים צוּ זַיין פַאמִילְיֶע.

מֶעלְיָארֶע הָאט אוֹיךְ אַ שָׁאקֶעל גֶעטְהוּן מִיט'ן קָאפּ אַז זִי אִיז מַסְכִּים.

— מֵילָא — הָאט פָּארְקַאשׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט — אַז דִי קְלוּגֶע מוּשַׁא אוּנ דִי שֶׁאנֶע מֶעלְיָארֶע ווִילֶען אַזוֹי מוּז אִיךְ אוֹיךְ בֶּעשְׁטֶעהֶען. מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה וֶועלל אִיךְ דִיךְ אַלֵיין בֶּעגְלֵייטֶען בִּיז דִי שְׁטָאדְט קַאמְרָאן. פוּן דָארְטֶען קֵיין פַארִיז קֶענְנְסְט דוּ שׁוֹין פָּאהרֶען מִיט דֶער בַּאהן. גֶעלְד וֶועט דִיר אוֹיךְ נִיט פֶעהלֶען. כְ'ווִילל אַז דוּ זָאללְסְט וֶועגֶען אוּנְז שְׁטֶענְדִיג אַ גוּטֶע מֵיינוּנְג הָאבֶּען.

— וֶועגֶען דֶעם בֶּעדַארְפְט אִיהר מִיךְ שׁוֹין נִיט צוּ בֶּעטֶען, עֶדְלֶער צִיגַיינֶער! — הָאט קְלוֹידְיַא פְרֶעהלִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהר בֶּעווִיזֶען אִין דִי אוֹיגֶען — דָאס קִינְד וֶועלל אִיךְ אוֹיךְ לֶערְנֶען עֶס זָאלל פִיר אַייךְ גָאטט בֶּעטֶען. דֶערְוַוייל אַ גוּטֶע נַאכְט!

אוּנ זִי אִיז אַרַיין אִין גֶעצֶעלְט, וואו זִי פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג שְׁלָאפֶען מִיט דֶער אַלְטֶער אוּנ מֶעלְיָארֶען.

— וַוארְט, כְ'וֶועלל דִיר נָאךְ בְּרֵיינְגֶען דֶעם טְרוּנְק, וֶועלְכֶער הָאט דִיךְ אַזוֹי גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט — הָאט אִיהר דִי אַלְטֶע נָאכְגֶעשְׁרִיֶען. אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם זֶענֶען אַלַאדַאר אוּנ מֶעלְיָארֶע גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין.

דַאמָאלְס הָאט זִיךְ דֶער יוּנְגֶער צִיגַיינֶער אַנִידֶערְגֶעוָוארְפֶען אִין שְׁטוֹיבּ פַאר דֶער גֶעלִיעבְּטֶערְם פִיסס.

— מֶעלְיָארֶע! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּנ דֶער קוֹל הָאט אִיהם גֶעצִיטֶערְט — פִינְף יָאהר זֶענֶען אַרִיבֶּער פוּן יֶענֶער צַייט, זִינְט מִיר זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעשְׁטַאנֶען צוּזַאמֶען דָא אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט, אוֹיךְ אִין אַזַא נַאכְט ווִי דִי הַיינְטִיגֶע.

דַאמָאלְס בִּיזְט דוּ גֶעוֶועזֶען נִיעדֶערְגֶעשְׁלָאגֶען, זֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ, וַוייל דֶער, וֶועמֶען דוּ הָאסְט גֶעלִיעבְּט, הָאט דִיר אָנְגֶעטְהוּן חֶרְפּוֹת בּוּשׁוֹת אוּנ מִיט אַ שְׁטֶעקֶען גֶעיָאגְט פוּן זַיין הוֹיז.

אִיךְ אָבֶּער הָאבּ מִיט טְרֶערֶען פֶערְלַאנְגְט, דוּ זָאללְסְט וֶוערֶען מַיין וַוייבּ אוּנ דוּ הָאסְט מִיר דַאמָאלְס אָבְּגֶעלֵייגְט דִי אַנְטְוָוארְט אוֹיף גַאנְצֶע פִינְף יָאהר מִיט דֶער בֶּעדִינְגוּנְג, אַז מִיר זָאללֶען זִיךְ אִין פִינְף יָאהר אַרוּם טְרֶעפֶען אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט.

פִינְף יָאהר הָאסְט דוּ אוּמְזִיסְט גֶעוַוארְט, אַז דַיין פֶערְפִיהרֶער, דֶער פָּאטֶער פוּן דַיין קִינְד זָאלל דִיךְ אוֹיפְזוּכֶען אוּנ פֶערְבֶּעססֶערְן דָאס, וָואס זַיין פָאטֶער דֶער נַארִישֶׁער בַּעַל גַאֲוָה הָאט מִיט דִיר שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן. דוּ הָאסְט גֶעוַוארְט, וַוייל עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען מִיט דִיר חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען אוּנ דוּ זָאלְסְט וֶוערֶען זַיין וַוייבּ, דִי פִירְשְׁטִין דוּבִּינְסְקַא. דוּ ווִילְלְסְט ווִיססֶען ווִי אַזוֹי עֶר הָאט וָוארְט גֶעהַאלְטֶען?

מֶעלְיָארֶען אִיז דוּרְךְ אַ שׁוֹידֶער אִיבֶּער אַללֶע גְלִיעדֶער.

— דו הערסט דאס שאללען פון די פליטען, דאס געזאנג פון די הארפען, דאס שמעטערען פון די הערנער, דו הערסט? — האט דער ציגײנער ווײטער מיט א וועהמאג געזאגט — דער ווינד טראגט אונז אריבער די מאנער איבערן טײך און ווען דו וועסט דיך אויף די שפיטץ פינגער שטעללען, קענסט דו זאגאר מיט די אויגען אלײן זעהען די פראהליכע פנימער פון די גאסט. דו ווייסט, וואס ס'בעדייטעט זייער טאנצען מיט זייער שפרינגען?

זיי וועגען משמח דעם חתן מיט דער כלה.

דער חתן איז דיין אמאליגער פערפיהרער. זיין פאטער, דער אלטער פירשט איז שוין לאנג טוידט, יעצט וואללט ער שוין פריי קעננען דיך גענעמען צו זיך ווי גאטט האט געבאטען, ער וויל אבער ניט. דער יונגער פירשט דוביגסקי, וועלכער האט געירשענט דעם פאטערס שטאלץ און פערמעגען, האט נאך אפעטיט אויף נדן אויך און היינט ביי דער נאכט איז זיין חתונה מיט דער רייכער, יונגער גראפין נייהאף.

מעלאריע איז אויפגעשפרונגען פון ארט און צוגעהאלטען מיט ביידע האנד דעם בוזען, וועלכער האט זיך האסטיג בעוועגט.

אלאדאר פארקאש אבער, וועלכער האט פינף פעללינע יאהר געשוויגען און א ווארט ניט דערמאנט מעלארען פון איהר אומגליקק, האט יעצט אהן רחמנות געשאטען זאלץ אויף די ניט פערהיילטע וואונדען פון דער יונגער פרוי.

— מיינע מענשען טראגען מיר אלץ צו — האט ער ווײטער געצויגען די ווארטער — פון זיי ווייס איך אז די גראפין נייהאף, אדער ווי זי וועט אין א פאר שעה ארום הייסען, די פירשטין דוביגסקא איז יונג, אונשולדיג, און די גראסטע שאנהייט פון אונגארען. אויסערדעם איז זי א יתומה מיט א ירושה פון זיעבען גיטער און א גרויסס פערמעגען אין באאר.

וואס פאר א ווערטה קענן האבען געגען אזא רייכע שאנהייט א ציגײנערקע מעלאריע?

דו ביסט ביי דובינסקען נור געוועזען א ליאלקעלע און נאכדעם ווען ער האט זיך מיט דיר געננוג אנגעשפיעלט, האט ער גאטט געדאנקט אז ער ווערט פון דיר פטור און דיך אוועקגעווארפען. ער איז אפילו ניט נײגיעריג געוועזען זיך נאכצופרעגען אויב דו האסט דיר עפעס ניט געטהון ביים פאללען.

ביי מיר אבער, מעלאריע, ביסט דו מיין גאנץ וועלט.

איך ליעב דיך מיט דעם הייסען פייער — אויף וועלכעם ס'איז פעהיג נור א ציגײנער, מיט דעם פייער, וואס האט אין זיין מאכט די גראססטע פראכט פון לעבען און דעם ערגסטען טוידט. פאלג מיר, מעלאריע, ווער מיין קעניגין, מיין שטערען, די נשמה פון מיין נשמה.

און מיט גרויסס תאוה האט דער ציגײנער אנגעהאפט מעלאריעס קליינע פיססלאך און זיי בעדעקט מיט קושען.

— גִיב מִיר אַנְטְוָוארְט, גֶעלִיעבְּטֶע פְרוֹי — הָאט עֶר שׁוֹין שְׁטִיללֶער גֶעקְרֶעכְצְט — עֶנְטְפֶער מִיר אוֹיף דִי פְרַאגֶע, וֶועלְכֶע כְ׳הָאבּ בַּיי מִיר גֶעטְרָאגֶען פִינְף יָאהר לַאנְג פֶערבָּארְגֶען אִין הַארְצֶען.

— דוּ קְרִיעגְסְט אַנְטְוָוארְט — הָאט דִי צִיגַיינֶערְקֶע שַׁארְף גֶעעֶנְטְפֶערְט — כְ׳שְׁוֶוער דִיר בַּיי הֶעקַאטֶע, דִי מוּטטֶער פוּן אַללֶע צִיגַיינֶער, שְׁוֶוער אִיךְ דִיר, אַז בַּיים אוֹיפְגַאנְג פוּן דֶער זוּנן וֶועסְט דוּ שׁוֹין וִויססֶען וָואס אוֹיף דִיר וַוארְט. דִי אֵיין נַאכְט זַיי נָאךְ גֶעדוּלְדִיג, נָאךְ עֶטְלִיכֶע שָׁעָה הַאלְט דִיךְ אוֹיף. נִיט אוּמְזִיסְט הָאבּ אִיךְ פֶערלַאנְגְט דוּ זָאללְסְט מִיךְ אַהֶערבְּרֵיינְגֶען — דִי נַאכְט וֶועלל אִיךְ בֶּענוּטְצֶען אוֹיסצוּגְלַייכֶען דִי אַללֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת. דוּ פֶערשְׁטֶעהסְט דָאךְ וָואס אִיךְ מֵיין?

— אוֹיבּ אִיךְ פֶערשְׁטֶעה! דוּ ווִילְלְסְט דִיךְ גֶעוִויסס נוֹקֵם זַיין?

— אֶפְשַׁר — הָאט מֶעלְיָארֶע הַאסְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִין אִיהְרֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען הָאט אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען אַ פַייעֶר.

— גוּט, כְ׳וֶועלל נָאךְ אִיבֶּערוַוארְטֶען דִי נַאכְט אוֹיךְ. גִיעבּ מֶעלְיָארֶע מִיר אַהֶער אַ טְרוּנְק אוּנ נָאכְדֶעם וֶועלל אִיךְ גֶעהֶען שְׁלָאפֶען.

מֶעלְיָארֶע הָאט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. שְׁטִילל אִיז זִי אַרֵיין אִין צִימֶמֶער אוּנ אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אִיז זִי ווִיעדֶער גֶעקוּמֶמֶען מִיט אַ זִילְבֶּערְנֶעם בֶּעכֶער אִין דֶער הַאנד.

— אוֹיף וָואס זָאלל אִיךְ טְרִינְקֶען? — הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאנן פוּן דֶער צִיגַיינֶערְשֶׁער בַּאנְדֶע גֶעפְרֶאגְט — אוֹיף לִיעבֶּע אָדֶער נְקָמָה, גוּט אָדֶער בְּלוּט?

— טְרִינְק אוֹיף בֵּיידֶע — הָאט דִי שֶׁאנֶע מֶעלְיָארֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט פֶערטְרַאכְט — לִיעבֶּע אוּנ נְקָמָה וָואהְנֶען גַאנְץ אָפְט אוּנטֶער אֵיין דַאךְ.

אַלַאדַאר הָאט אוֹיסגֶעלֵיידִיגְט דֶעם בֶּעכֶער בִּיז׳ן דֶעק.

— דֶעם טָאקַאיֶער שְׁפִּיעֶרְט מֶען הַיינְט מִיט בִּיטטֶערְקַייט — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — דָאס אִיז אַ סִימָן אוֹיף נְקָמָה.

נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּנ צוּגֶעטְרָאגֶען צוּ דִי לִיפֶּען אַ בְּרֶעג פוּן מֶעלְיָארֶעס קְלֵייד.

אוֹיף אַללֶע פִיער אִיז עֶר גֶעקְרָאכֶען צוּ זַיין גֶעלֶעגֶער, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען פַאר אִיהְם גֶעגְרֵייט אִין אֵיינֶע פוּן דִי בְּרִיקֶעס.

עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּיעֶרְט זֶעלְטֶען מִיעד אִין אַללֶע גְלִיעדֶער.

דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהְם שְׁנֶעלל צוּגֶעמַאכְט — אִין מִילְיָארֶעס וַויין אִיז גֶעוֶוען שְׁלָאפְטְרוּנְק...

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט, נָאכְדֶעם ווִי דֶער הוֹיפְּטְמַאנן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט דִי אַלְטֶע מוֹשַׁא אַרוֹיסגֶעשְׁטֶעקְט אִיהר מָאוּסֶען קָאפּ צְווִישֶׁען פָארהַאנְג פוּן גֶעצֶעלְט.

— עֶר אִיז שׁוֹין נִיטָא? — הָאט זִי גֶעפְרֶאגְט.

– בִּיז מָארְגֶען בִּין אִיךְ שׁוֹין מִיט אִיהְם פֶערְזָארְגְט – הָאט מֶעלְיָארֶע גֶע־עֶנְטְפֶערְט – אוּנ וָואס הֶערְט מֶען מִיט קְלוֹידְיַאן ?

– פַאר אִיהְר אִיז אוֹיךְ נִיט דָא וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען, זִי שְׁלָאפְט וִוי אַ גֶעהַרְגֶעטֶע.

דַאמָאלְס אִיז דִי צִינַיינֶערְקֶע אַריין אִין גֶעצֶעלְט, וָואס אִיז גֶעוֶוען בֶּעלוֹיכְטֶען מִיט אַ קְלֵיין לֶעמְפֶּעל.

אוֹיף אַ וָואללֶענֶעם דֶעק אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיסגֶעצוֹיגֶען קְלוֹידְיַא לָארֶעטַא, אִיהְר בְּרוּסְט הָאט זִיךְ בֶּעוֶועגְט כְּסֵדֶר אוּנ מִיט גֶעשְׁלָאסֶענֶע אוֹיגֶען הָאט זִי פֶעסְט אַרוּמגֶעאַרֶעמְט דֶעם קְלֵיינֶעם אַנְדְרֶעעֶ.

שְׁטִילל וִוי אַ קַאטְץ הָאט זִיךְ מֶעלְיָארֶע אַרִיבֶּערגֶעבוֹיגֶען אִיבֶּער דִי שְׁלָאפֶענְדֶע פְרוֹי אוּנ אָהְן גֶערוּדֶער אוֹיפגֶעהוֹיבֶּען דָאס קִינְד אוֹיף דִי הֶאנְד.

קְלוֹידְיַא הָאט זִיךְ אַ צַאפּפֶּעל גֶעגֶעבֶּען וִוי פוּן אַ שְׁטַארְקֶען חָלוֹם.

סְ'קֶענן גַאנְץ מֶעגְלִיךְ זַיין אַז דִי שְׁוַואכֶע פְרוֹי הָאט גֶעשְׁפִּירְט, וִוי מֶען נֶעהְמְט אִיהְר צוּ דָאס קִינְד, זִי אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען צוּ שְׁוַואךְ דֶעם שְׁטַארְקֶען שְׁלָאף צוּ פֶערְטְרַייבֶּען פוּן דִי גֶעשְׁלָאסֶענֶע אוֹיגֶען.

מֶעלְיָארֶע הָאט אַיינְגֶעוִויקֶעלְט דָאס קִינְד אִין אַ וַוארֶעמֶע דֶעקֶע אוּנ גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס מִיט אִיהְם פוּן גֶעצֶעלְט.

דִי אַלְטֶע בָּאבֶּע אִיז אִיהְר נָאכגֶעגַאנְגֶען.

עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען זַיינֶען זֵיי נָאךְ שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען צוּזַאממֶען בַּיי דֶעם פַייֶער, וֶועלְכֶער הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסצוּגֶעהֶען אוּנ דִי אַלְטֶע הָאט מִיט דִי לֶעצְטֶע פוּנְקֶען גֶעשְׁווִינְד פֶערְרַייבֶערְט דִי לְיוּלְקֶע.

– דוּ הָאסְט אַלְזָא יֶעצְט אַלֶץ וָואס דוּ בֶּעדַארְפְסְט – הָאט מוֹשַׁא גֶעזָאגְט צוּ דֶער צֵ' ניקיל – פֶערלִיעֶר־זֶע נִיט קֵיין אִיבְּרִיגֶע צַייט אוּנ הוֹיב אָן צוּ שְׁפְּרַייזֶען. דוּ וַוייסְט דָאךְ וִוי אַזוֹי אַרִיבֶּער צוּגֶעהֶען דִי בְּרִיק, דוּ קֶענְנְסְט ווֹאהל דֶעם וֶועג צוּ דֶעם שְׁלָאסס קְרַאסְנָאהָארְקַא, נִיט אֵיין מָאל בִּיסְט דוּ דָארְטֶען גֶעלָאפֶען אָהְן מַיין ווִיסֶען, וֶוענן דֶער טַייפֶעל מִיט זַיינֶע זִיסֶע רֵייד הָאט דִיךְ פֶערְפִיהְרְט אוּנ אוּמ־גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט. יֶעצְט גֶעה דֶעם זֶעלְבֶּען וֶועג מִיט מַיין בֶּעפֶעהל, כְּ'שִׁיק דִיךְ דָארְטֶען.

יֶעצְט נֶעהם דוּ דִיךְ אָן פִיר דַיין רֶעכְט, דוּ הָאסְט דִי בֶּעסְטֶע גֶעוֶועהר אִין דִי הֶאנְד – חַא, חַא, חַא, דַיין קִינְד. עֶר וֵוייס דָאךְ פוּן דֶעם שְׁווִינְדֶעל נִיט, אַז זַיין אֶמֶתֶער מַמְזֵר לִיעגְט שׁוֹין לַאנְג בֶּעגְרָאבֶּען אוּנ בֶּעשָׁאטֶען אִין דֶער קַאלְטֶער עֶרְד.

– גֶענוּג, בָּאבֶּעשֶׁע, גֶענוּג – הָאט זִיךְ מֶעלְיָארֶע גֶעבֶּעטֶען מִיט אוּנְגֶעדוּלְד – כְ'וַוייסס שׁוֹין וָואס כְ'הָאבּ צוּ טְהוּן, כְ'וַוייסס אַז הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט מוּז עֶס נֶעהמֶען אַ סוֹף; וֶוער סְ'זָאלל זַיין דִי פִּירְשְׁטִין דוּבִּינְסְקַא דִי ווִירְטִין פוּן קְרַאסְנָאהָארְקַא, אִיךְ אָדֶער יֶענֶע לֵיאלְקֶע.

אַדְיֶע, בְּלַייבּ גֶעזוּנְד, בָּאבֶּעשֶׁע, הַיינְט מוּז עֶס גֶעהֶמֶען אַ עֶק פוּן מֶעלְיָארֶעס צָרוֹת!

זִי הָאט צוּגֶעדְרִיקְקְט דָאס קִינְד צוּ זִיךְ אוּנ אִיז גֶעשְׁווִינְד אַוֶועק צוּם טַייךְ.

דִי אַלְטֶע הָאט זִיךְ דֶערוַוייל אַיינְגֶעקוּקְט אִין דֶעם הַאלְבּ אוֹיסגֶעלָאשֶׁענֶעם פַייעֶר.

— דִי פוּנְקֶען שְׁפְּרִיטְצֶען — הָאט דִי אַלְטֶע גֶעמוּרְמֶעלְט צוּ זִיךְ אַלֵיין — זִיעבֶּען פוּנְקֶען — זִיעבֶּען עֶקקֶען הָאט דֶעם פִּירְשְׁטְ׳ס קְרוֹין — זִי וֶועט אִיהְר צְוֶועק עֶרְרַייבֶען.

צוּם טַייפֶּעל — פֶּערַקאטֶעס בְּלִיטְץ מֶאג אִיהְם טְרֶעפֶּען — אַללֶע פוּנְקֶען זַיינֶען מִיט אַמָאל פֶערלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען — צוּ גֶעשְׁווִינְד, צוּ גֶעשְׁווִינְד!!!

הַא, הַא, צִיגַיינֶער־לִיעבֶּע, דוּ בִּיסְט וִוי אַ פַייעֶר! הֶעלל, לִיכְטִיג פְלַאקֶערְסְט דוּ אוֹיף, נָאכְדֶעם גֶעהסְט דוּ אוֹיס וִוי אַ לִיכְט, פֶערלָאשֶׁען אוּנ מִיט אַמָאל וֶוערְט אַ פִינְסְטֶערֶע נַאכְט!!

אִין כַּעס הָאט זִי אַ בְּרִיק גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער פוּסס דִי שְׁוַוארְצֶע הַאלְבּ רוֹיטְע הָאלָאוֶועשְׁקֶעס אוּנ נָאכְדֶעם הָאט אִין דֶער לוּפְט אַ קְלוּנג גֶעגֶעבֶּען אִיהְר פוּסְטֶער גֶעלֶעכְטֶער.

~~~

# III.

## דוּבִּינְסְקֶעס גָאלְדֶענֶע יוֹיךְ.

דִי שֶׁאנֶע צִיגַיינֶערְקֶע מֶעלְיָארֶע אִיז הַאסְטִיג גֶעגַאנְגֶען אִיהְר וֶועג.

דִי לְבָנָה הָאט אִיהְר צוּגֶעשַׁיינְט אוּנ פְרֶעהלִיכֶער גֶעמַאכְט דִי אֵיינְזַאמְקֵייט.

מִיט דֶעם קִינְד אוֹיף דֶער הַאנְד אִיז זִי גֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער זַאמְד אוּנ שְׁפִּיטְצִיגֶע שְׁטֵיינֶער, בִּיז זִי אִיז גְלִיקְלִיךְ אַרִיבֶּער דֶעם טַייךְ אוּנ אִין אַ קוּרְצֶע צַייט שְׁפֶּעטֶער אִיז זִי שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם גְרוֹיסֶען וַואלְד, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם שְׁלָאסס קְרַאסְנָאהָארְקָא.

דָא אִין דֶעם וַואלְד הָאט זִי גֶעקֶענְנְט יֶעדֶען בּוֹים, יֶעדֶען־צְוַוייג, יֶעדֶען שְׁטֵיין, יֶעדֶעס גְרֶעזֶעלֶע. נִיט אֵיין מָאל אִין יֶענֶע זוּממֶערְנֶאכְט וֶוענן דֶער פֶּערְפִיהְרֶער הָאט אִיהְר גֶעשְׁוָוארֶען עֶווִיגֶע טְרַייהַייט, פְלֶעגְט זִי מִיט אִיהְם שְׁפַּאצִירֶען גֶעאַרֶעמְט צְווִישֶׁען דִי הוֹיכֶע בּוֹימֶער, גֶעדִיכְטֶע קוּסטֶען אוּנ גֶעזוּכְט זַיין לִיעבֶּע.

דַאמָאלְס אִיז אַלְץ אַרוּם גֶעוֶועזֶען גְרִין, לֶעבֶּענְדִיג. יֶעצְט אָבֶער אִיז הֶערְבְּסְט (אָסְיֶען) אוּנ דִי גַאנְצֶע נַאטוּר הָאט גֶעהַאלְטֶען בַּיים אָבְּשְׁטַארְבֶּען.

מִיללְיָאנֶען מִילְלְיַאסֶען גֶעלֶע בְּלֶאטֶער זַיינֶען גֶעוֶועזֶען וִוי עֶקְסְטְרַא אוֹיסגֶעשָׁאטֶען אוּנטֶער דִי פִיסס אוּנ אוֹיף דֶעם קִינְסְטְלִיכֶען דִיוַואן זַיינֶען אִיהְרֶע טְרִיטט נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ הֶערֶען.
~~~

איבערגעשראקענע נאכט־פויגעל האבען זי יא בעמערקט און געשוויגד אוועק־געפלויגען פון זייער ארט. פון דער ווייטענס האט זיך אויך געהערט דאס וואיען פון א וואלף.

מעליארע האט פאר דעם וואלף אויך ניט מורא געהאט.

פאר איהר איז ניט געווען קיין סוד, או די ווילדע חיה איז נור דאמאלס געפעהרליך, ווענן דער קאלטער שניי דעקקט אין ווינטער אלץ צו און די הונגעריגע וואלף בלייבען אהן חיונה.

אויסערדעם לעבען די מענשליכע און חיות־ציגיינער צווישען זיך זעהר גוט, און ס'איז נאך ניט געווען דער פאלל, או א וואלף זאלל אין אונגארען שלעכטס טהון א ציגיינער. געוויסס קעננען זיי זיך גוט.

א שעה לאנג איז מעליארע געגאנגען דורך דעם געדיכטען וואלד; ענדליך זיינען די בוימער וואס אמאל שיטערער געווארען און אין א פאר מינוט ארום האט זיך שוין בעוויזען דער פאלאץ קראסנאהארקא.

אלאדאר פארקאש האט קיין ליגען ניט געזאגט: דער שלאסס איז הערליך בעלויכטען און פון ווייטען הערען זיך לוסטיגע טאנץ און רוישענדע מוזיק.

מעליארע האט שטארק פערביסען די ליפפען. די האנד, אויף וועלכע זי האט געטראגען דאס קינד, האבען אנגעהויבען צו ציטטערען.

גאנץ געוויסס, ס'איז שוין נאך דער חופה.

דער פירשט סטעפאן דוביניסקי, וועלכער האט אמאל געשווארען מיט הייססע ליעבע, או ער וועט קיין מאל ניט פערלאזען די שאנע, טהייערע ציגיינערקע, זיצט יעצט דארטען אין זאל אויבען־אן ביי א גרויססען טיש מיט געסט – נור מיט איהר – מעליארען ניין, נעבען איהם זיצט א נ'אנדערע און די אנדערע איז היינט געווארען זיין ווייב.

מעליארע איז אלזא געקוממען צו שפעט?

א נ'אנדערע אויף איהר ארט וואלט געוויסס זיך שוין לאנג מיאש געווען און מיט א זיפץ געענטפערט „יא" – מעליארע אבער איז ניט ווי אללע פרויען. דאס הארץ טהוט איהר וועה, די וואונדען בלוטען, זי איז אבער הארטער פאר אללע שמערצען, שטארקער פון אללע וועהטאגען.

וואס געהט עס איהר אן או דארטען אויבען האט היינט דער פריעסטער פער־בונדען צוויי נפשות אויף דאס גאנצע לעבען?

— ווער איז שטארקער? – פרעגט זיך מעליארע – דער פריעסטער אדער די ליעבע?

און די ציגיינערקע ענטפערט בעשלאססען או איין הויך פון דער ליעבע צו־רייסט דעם היילינגען לאנגען בונד פון דעם פריעסטער.

און ביי מעליארען איז א קליינינקייט זיך אריינצוגנבהנען אין קראסנא־

הָארְקַאם שְׁלָאסס אוּנ מִיט גְוַואלְד צוּרִיק צוּ נֶעהמֶען דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען , וֶועלְכֶער גֶעהֶערְט הַיילִיג אִיהְר , מֶ ע לְ יָ א רֶ ע ן , אוּנ נִיט יֶענֶער רַייכֶע פְרוֹי .

אוֹיף אַ מִינוּט קְלֶערְט זִי גָאר נִיט וֶועגֶען יֶענֶע פְרוֹיס לַאגֶע . אַ אַרָאבְּגֶעפַאללֶענֶער בְּלַאטט פוּן אַ בּוֹים הָאט פַאר אִיהְר מֶעהר אִינְטֶערֶעססֶע וִוי סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקֶעס יוּנְגֶע פְרוֹי .

גֶעוֶואהנְלִיךְ , קֵיין נַאר בֶּעדַארְף מֶ ע לְ יָ א רֶ ע נִיט צוּ זַיין , קֵיינֶער דַארְף זִי יֶעצְט דֶערוַוייל נִיט זֶעהֶען . זִי וֶועט נִיט אַריינְגֶעהן דוּרְךְ דִי גְרוֹיסֶע פְרָאנְטְטְהִירֶען וִוי אַללֶע גֶאסְט . נֵיין , זִי קֶענֶען אַ נְ'אַנְדֶער וֶועג , דֶעם אַלְטֶען וֶועג , דוּרְךְ וֶועלְכֶען זִי אִיז נִיט אֵיין מָאל גֶעלָאפֶען בַּיי דֶער נַאכְט צוּ דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען .

דַאמָאלְס אִיז עֶר דָארְטֶען גֶעזֶעססֶען אוּנ מִיט אוּנְגֶעדוּלְד גֶעוַוארְט אוֹיף אִיהְר — הַיינְט הָאט עֶר גֶעוִויסס אִין גַאנְצֶען פוּן זִינֶען אַרוֹיסגֶעלָאזֶען דִי שֶׁאנֶע צִיגַיינֶערְקֶע , וֶועלְכֶער עֶר הָאט אַמָאל אַזוֹי גֶעלִיעבְּט .

דִי צִיגַיינֶערְקֶע הָאט אָבֶּער נִיט פֶערְגֶעססֶען דִי אַמָאלִיגֶע זִיסֶע מִינוּטֶען . זִי הָאט נָאךְ זָאגַאר דֶעם שְׁלִיססֶעל פוּן יֶענֶער טְהִיר , וֶועלְכֶע פִיהְרְט גְלַייךְ אִין דוּבִּינְסְקֶעס שְׁלָאף-צִימֶער . דֶעם דָאזִיגֶען שְׁלִיססֶעל טְרָאגְט זִי אוֹיף דֶער בְּרוּסְט אוּנ עֶר אִיז בַּיי אִיהְר טְהַייעֶרֶער וִוי אַלֶץ אִין דֶער וֶועלְט .

דוּרְךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע קִינְסְטְלִיכֶע וֶועגֶען צְווִישֶׁען שְׁטֵיינֶער אוּנ קוּסְטֶעס הָאט זִי דֶערְגְרֵייכְט דִי בֶּעקַאנְנְטֶע הִינְטֶער-טְהִיר .

אַז זִי אִיז גֶעוֶועזֶן נִיט וַוייט הָאט אִיהְר דָאס הַארְץ אַ צִיטְטֶער גֶעגֶעבֶּען . טָאמֶער אִיז אִין דִי פִינְף יָאהְרֶען דָאס הוֹיז אִיבֶּערְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אוּנ דֶער שְׁלִיססֶעל וֶועט נִיט פַּאססֶען ?

נוּר גָאטט צוּ דַאנְקֶען , דֶער שְׁלִיססֶעל שְׁלִיסְט גוּט . וואוֹהְל אִין דֶער וֶועלְט .

מִיט שְׁטָאלְץ אוּנ גְלַייכְצֵייטִיג גַאנְץ פָארְזִיכְטִיג הָאט מֶ ע לְ יָ א רֶ ע בֶּעטְרַאכְט דִי טְרֶעפּ , אוֹיבּ קֵיינֶער גֶעהט נִיט .

נֵיין , רִינְגְס אַרוּם אִיז נִיט גֶעוֶוען קֵיין עֵדוּת , דִי גַאנְצֶע טְהֵייל פוּן דֶעם שְׁלָאסס אִיז גֶעוֶוען וִוי נִיט בֶּעוָואהְנְט פוּן מֶענְשֶׁען .

דִי צִיגַיינֶערְקֶע הָאט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבְּען אוּנ שְׁטִילל אוֹיפְגֶעשְׁלָאסֶען דִי טְהִיר .

מֶ ע לִ יָ א רֶ ע אִיז יֶעצְט גֶעשְׁטַאנֶען אִין פָארהוֹיז פוּן דֶעם פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקֶעס שְׁלָאף-צִימֶער . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

בַּיים רַייךְ גֶעפּוּצְטֶען טִישׁ פוּן גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער-גֶעשִׁירר , צְווִישֶׁען פִיעל גֶאסְט , זִיטְצֶען חָתָן אוּנ כַּלָה .

דִי יוּנְגֶע פִירְשְׁטִין ד וּ בּ י נְ ס קַ א הָאט אוֹיסגֶעזֶעהֶען וִוי אַ רוֹיז , וֶועלְכֶע הוֹיבְּט נוּר וָואס אָן צוּ בְּלִיעהֶען אוּנ זִי אִיז וִוי צוּגֶעפַּאסְט צוּ דֶעם יוּנְגֶען מַאנְן .

פִירְשְׁט סְטֶעפַאן ד וּ בּ י נְ ס קִ י אִיז אוֹיךְ שֶׁאן אוּנ עֶלֶעגַאנְט .

זַיינֶע אויגֶען קוּקֶען שַׁארְף אָן דִי שֶׁאנֶע, יוּנְגֶע פְרוֹי, נוּר צַייטֶענְוַייז, אַז קֵיינֶער זֶעהט נִיט, לויפְט דוּרְךְ אַ טְרוֹיעֶרִיגֶער שְׁאטֶען אִיבֶּער זַיין גֶעזִיכְט.

— וָואס אִיז מִיט דִיר, סְטֶעפַאן? — פְרֶעגְט דִי יוּנְגֶע פְרוֹי, וֶועלְכֶע בֶּעמֶערְקְט דִי פֶערְבָּארְגֶענֶע, טְרוֹיעֶרִיגֶע מִינֶע פוּן אִיהְר יוּנְגֶען מַאנְן — דוּ הָאסְט עֶפֶּעס אַ עֶרְגֶער־נִיסס, דוּ בִּיסְט פִּיעלְלַייכְט נִיט גֶעזוּנְד, אָדֶער אֶפְשַׁר הָאסְט דוּ חֲרָטָה אוֹיף דִי פֶּער־לָארֶענֶע פְרַייהַייט?

דֶער פִירְשְׁט סְטֶעפַאן הָאט אַ דְרִיקְק גֶעגֶעבֶּען אוּנטֶערְן טִישׁ דֶער וַוייבְּס הַאנְד.

— לִיעבֶּע יוּלְיַאנַא — קְלִינְגְט זַיין קוֹל צִיטֶערִיג — גֶעבֶּענְשְׁט זָאלל זַיין דֶער טָאג, אִין וֶועלְכֶען כְ'הָאבּ דִיר אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען דִי פְרַייהַייט, דֶעם נָאמֶען אוּנ זִיךְ זֶעלְבְּסְט, ווייל אִיךְ לִיעבּ דִיךְ, אוּנ דֶער אֵיין גֶעדַאנְקֶען אַז מִיר וֶועלֶען בֵּיידֶע צוּ־זַאמֶען פֶערבְּרֵיינְגֶען דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן אוּנְזֶער לֶעבֶּען, מַאכְט מִיךְ אוּנְגַאטוּרְלִיךְ גְלִיקְלִיךְ. דָאךְ גְרַאדֶע הַיינְט...

פְלוּצְלִינְג אִיז עֶר שְׁטִילל גֶעוָוארֶען אוּנ טְרוֹיעֶרִיג אַרַיינְגֶעקוּקְט אִין בֶּעכֶער.

— סְטֶעפַאן, דוּ טְרָאגְסְט אַרוּם בַּיי דִיר אַ סוֹד! — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דִי יוּנְגֶע פְרוֹי פֶערְזָארְגְט, — אַךְ, וֶוענְן דוּ זָאלְלְסְט וֶועלְלֶען מִיר פֶּטְרְטְרוֹיֶען וָואס דִיךְ קְוֶועלְט! כְ'בִּין דָאךְ דַיין וַוייבּ, אַ שׁוּתָּף צוּ דַיינֶע צָרוֹת אוּנ פַּיין.

— אַךְ, מַיין מַלְאָךְ, מַיין קְרוֹין, פַאר דִיר מֶעג אִיךְ מַיין גַאנְץ הַארְץ אוֹיס־רֵיידֶען אוּנ כְ'בִּין זִיכֶער אַז דוּ וֶועסְט מִיךְ פֶערְשְׁטֶעהְן אוּנ מִיט רַחֲמָנוּת אוּרְטְהַיילֶען.

— אִין דֶעם בְּרוֹיכְסְט דוּ נִיט צוּ צְוַוייפְלֶען — הָאט יוּלְיַאנַא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ זִיךְ נָאךְ נֶעהְנְטֶער צוּגֶערוּקְט צוּ דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען מַאנְן — וָואס מֶעהר צוּטְרוֹיֶען מִיר וֶועלֶען הָאבֶּען אֵיינְס צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען, וֶועט אוּנְזֶער בּוּנְד פֶעסְטֶער וֶוערֶען אוּנ אוֹיף אוּנְז וֶועט טַאקִי מְקוּיָם וֶוערֶען דִי עֶווִיגֶע בְּרָכָה: אֵיין גוּף אוּנ אֵיין נְשָׁמָה.

— אַלְזָא קוּם לִיעבֶּע פְרוֹי, נִיט דָא אִיז דֶער אָרְט כְ'זָאלל דִיר מַיינֶע סוֹדוֹת אִיבֶּערְגֶעבֶּען, וָואס טוֹיגֶען אוּנְז פְרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְטֶער פִיער אוֹיגֶען וֶועלֶען מִיר אוּנְז אַלֶץ עֶרְצֶעהלֶען.

אוּנ דִי יוּנְגֶע פָּאר גֶעהט אַוֶועק שְׁטִיללֶערְהַייט אִין זַייעֶר צִימֶער...

דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט וַוייטֶער לוּסְטִיג, דִי גֶאסְט עֶסֶען, טְרִינְקֶען אוּנ בֶּעמֶערְקֶען נִיט אַז דִי חָתָן כַּלָה זֶענֶען אַוֶועק.

דֶער פִירְשְׁט פִיהְרְט דוּרְךְ זַיין יוּנְגֶע וַוייבּ דוּרְךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע צִימֶערֶען אוּנ שְׁווִינְדֶעל־טְרֶעפֶּען, בִּיז זֵיי קוּמֶען עֶנְדְלִיךְ צוּ דִי הִינְטֶערְטְהִיר פוּן דֶעם טְהוּרֶעם.

— צוּ דֶער טְהִיר זֶענֶען נוּר דָא צְוַויי שְׁלִיסְלֶען — גִיבְּט דֶער יוּנְגֶער פִירְשְׁט צוּ עֶרְקְלֶערֶען זַיין יוּנְגֶע וַוייבּ — אֵיינֶעם הַאלְט אִיךְ יֶעצְט אִין דֶער הַאנְד אוּנ דֶעם אַנְדֶערֶען...

— אונ דֶער אַנְדֶערֶער ? — הָאט יוּלְיַאנַא שְׁנֶעלל גֶעפְרֶעגְט, וֶוען זִי הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז אִיהר מַאנן אִיז פְּלוּצְלִינְג רוֹיט גֶעוָוארֶען.

— דֶער צְוַויימֶער פוּן דִי בֵּיידֶע שְׁלִיסֶלֶען — הָאט דֶער פִירְשְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ דֶער קוֹל הָאט אִיהם גֶעצִיטֶערְט — אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעהֶערְט עֶר צוּ דִיר, אַזוֹי אִיז שׁוֹין בַּיי אוּנְז דֶער מִנְהָג פוּן יָאהרֶען לַאנְג, לֵיידֶער אָבֶּער אִיז דֶער שְׁלִיסֶעל פֶערְפָאלֶלֶען גֶעוָוארֶען אוּנ כְּ׳מוּז דִי טְהִיר עֶפְּפֶענֶען מִיט מַיינֶעם.

דֶער פִירְשְׁט סְטֶעפַאן עֶפְּפֶענְט אוֹיף דִי טְהִיר אוּנ לַאנְגְזַאם פִיהרְט עֶר אַרַיין זַיין יוּנְגֶע פְרוֹי אִין צִימֶּער.

יוּלְיַאנַא בֶּעקוּקְט נַייגִיעֲרִיג דִי טְהַייֶערֶע רַייכֶע בֶּעפּוּטְצוּנְגֶען: גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער, זַייד אוּנ סַאמֶעט מִישֶׁען זִיךְ אוֹיס אוֹיף יֶעדֶען שְׁרִיט אוּנ טְרִיטט; דֶער שְׁלָאף-צִימֶּער אִיז בֶּעלוֹיכְטֶען מִיט פַייֶער-אַמְפֶּעלְן אִין יֶעדֶען ווִינְקֶעל.

גֶעלַאסֶען הֵייבְּט אִיהר אָן סְטֶעפַאן אַרוּנְטֶערְצוּנֶעהמֶען דֶעם בְּרוֹיט שְׁלַייֶער, נָאכְדֶעם זֶעצְט עֶר זִי אַנִידֶער אוֹיף אַ סָאפֶע אוּנ בֶּעדֶעקְט אִיהרֶע הֶאנְד מִיט הַייסֶע קוּשֶׁען.

— לָאז אָב, סְטֶעפַאן — בֶּעט זִיךְ דִי שֶׁעמֶעדִיגֶע פְרוֹי — נִיט אַזוֹי...

— דוּ הָאסְט רֶעכְט, טַייבֶּעלֶע — הָאט עֶר זִיךְ אָבְגֶערוּפֶען אוּנ דְרִיקְקְט זִי נָאךְ פֶעסְטֶער צוּ דֶער בְּרוּסְט — אֵיין לִיפּ צוּ דִי צְווייטֶע, אַ בְּרוּסְט צוּ אַ בְּרוּסְט אוּנ אוֹיף אַזַא אַרְט וָועל אִיךְ דִיר אַיינְרוּימֶען אִין אוֹיעֶר דֶעם סוֹד, וֶועלְכֶער שְׁטֶערְט מַיין גְלִיקְק, זָאגַאר אִין דֶער מִינוּט. יָא, טְהַייֶערֶע יוּלְיַאנַא, עֶרְשְׁט יֶעצְט ווֵייס אִיךְ ווָאס סְ׳הֵייסְט לִיעבֶּע, עֶרְשְׁט יֶעצְט, זִינְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעטְרָאפֶפֶען. לִיעבֶּע אִיז אַ מַלְאָךְ פוּן הִימֶּעל, וֶועלְכֶען גָאטט שִׁיקְט עֶקְסְטְרַא אַרָאבּ אוֹיף דְ׳עֶרְד, עֶר זָאלל אוֹיסְפַּיינֶען דִי מֶענְשְׁלִיכֶע הֶערְצֶער.

עֶטְלִיכֶע יָאהר צוּרִיק הָאבּ אִיךְ עֶס אָבֶּער נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעוֶוען פַאר-נַארְט. דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ אִין דֶעם וָוארְט לִיעבֶּע פֶערְשְׁטַאנֶען נוּר אֵיינְפַאכֶע תַּאֲוָה, וֶועלְכֶע כְּ׳הָאבּ גֶעלָאשֶׁען לוֹיט דֶעם נַארִישֶׁען שֵׂכֶל פוּן דִי יוּנְגֶע יָאהרֶען. דִי תַּאֲוָה הָאט מִיר פֶערְבְּלֶענְדְט דִי אוֹיגֶען כְּ׳זָאלל מִיךְ אַיינְלִיעבֶּען אִין אַ צִיגַיינֶערְקֶע.

יוּלְיַאנַא גִיט אַ צִיטֶער.

גְלַייךְ אָבֶּער נָאכְדֶעם רוּקְט זִי זִיךְ צוּ נָאךְ נֶאהֶנְטֶער צוּ דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען מַאנן אוּנ עֶר וֶוערְט בֶּערוּישְׁט פוּן אִיהר אָטְהֶעם, וֶועלְכֶער שְׁלָאגְט זִיךְ אָבּ אוֹיף זַיין הַארְץ.

— מֶעלְיָארֶע דִי צִיגַיינֶערְקֶע אִיז גֶעוֶוען אַ שֶׁאנֶע — הֵייבְּט עֶר אָן וַוייטֶער צוּ צִיעהֶען דִי וָוערְטֶער — אוּנ זִי הָאט בֶּענוּצְט אַללֶע מֶאגְלִיכֶע שְׁטִיקְלֶעךְ, אוֹיף וֶועלְכֶע אַ מֵיידֶעל פוּן אִיהר שְׁטַאנְד אִיז נוּר פֶעהִיג, כְּדֵי אִיךְ זָאלל פֶערְלִיערֶען דֶעם פֶער-שְׁטַאנְד אוּנ פֶערְקְרִיעכֶען מִיט אִיהר אִין אַ לַאנְגֶען רָאמַאן. צוּ זִי הָאט מִיךְ ווִירְקְלִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט ווֵייסס אִיךְ עַד הַיּוֹם נִיט, זִי הָאט אָבֶּער מִיר עֶהרְלִיךְ גֶעדִיענְט ווִי אַ ווַייבּ.

איין טאג האט זי מיר אנגעזאגט די שלעכטע בשורה אז זי ריכט זיך אין קורצען צו ווערען א מוטטער. אז איך בין א ביסעל געקוממען צו זיך פון דעם איינדרוקק, וועלכען די בשורה האט אויף מיר געמאכט, האט זי ביי מיר אויסגענארט א נדר, אז כ׳וועלל דאס קינד, וואס בעדארף צו קוממען אויף דער וועלט, געבען מיין נאמען און איהם מאכען פאר א יורש פון אונזער משפחה.

יולינא! כ׳האב דעם נדר ניט געהאלטען!

דער פירשט סטעפאן בעהאלט זיין געזיכט ביי דער פרויס ברוסט.

אונטער דעם גרויססען בילד, וועלכער שטעללט פאר די שאנדהייט וועגוס האט זיך געלאזט הערען א געראודער.

אפשר איז דארטען פערבלאנדזעט א קאטץ?

יולינא בעמערקט עס ניט און גלעט דעם מאנן די געקרייזעלטע האר.

— ווייטער — זאגט זי מיט איהר זיססען קול — ערצעהל נור ווייטער, וואס איז געווארען פון דער אומגליקליכער מיט איהר קינד?

— מעליארע האט געבארען א יונגעל — ענטפערט טרויעריג דער פירשט — און אין דעם טאג אבער, ווענן זי האט געטראגען דאס קינד צו מיר, איז איהר בעפאללען מיין פאטער מיט זיינע מענשען.

ער איז געוואהר געווארען פון דעם סוד און מיר א ווארט ניט זאגענדיג האט ער אויף איהר יעדען טאג געלויערט.

מיט שטעקענס, מיט בייטשען, אהן רחמנות האט ער פערטריבען די ציגיינערקע פון זיין גבול. און לויט ווי מיר האט ערצעהלט איינער פון מיין פאטערס מענשען, וועלכער איז געוועזען ביי דער שרעקליכער סצענע, האט מעליארע אפילו א געשריי ניט געגעבען. זי האט נור אויפגעהויבען דאס קלייד און צוגעדעקט דאס קינד, וואס זי האט פעסט געדריקט צו דער ברוסט.

זי האט זיך נאך אמאל אומגעקוקט אויף מיין פאטער און זיינע מענשען, וועלכע זענען געוועזען בערייט זי צו הרגענען אויף טוידט, נאכדעם האט זי הויך, אללע זאללען הערען, צוגעשיקט מיין פאטער א קללה אויף זייער לשון און... זי איז... אראבגעשפרונגען מיט דעם קינד אין וואססער פון דעם טייך.

— שרעקליך! — מאכט יולינא מיט די ליפפען — די מענשליכע אכזריות איז גאר ניט צו בעשרייבען.

— מעליארע איז ניט דערטרונקען געווארען — ציעהט דערוייל ווייטער סטעפאן די טרויעריגע געשיכטע — ס׳איז געוועזען א ריינער וואונדער פון גאטט.

די מענשען, וועלכע זענען דערביי געשטאנען האבען זייערע איינענע אויגען ניט געוואללט גלויבען. נאך מעהר וואונדער, זי האט אזוי קינסטליך געשוואוממען, אז דאס קינד איז אפילו ניט בעשפריצט געווארען מיט איין טראפפען פון וואססער.

מיט א ווילדען טייפעלשען געלעכטער איז זי ארויף אויף דעם צווייטען ברעג

און אַהינגעגאַנגען צו דער באַנדע ציגיינער, וועלכע האָבען אויף זיי געוואַרט.
דאָרטען האָט אָבער מיין פאָטער בעזונדער אָנגעגרייט פּאָליציי, וועלכע האָט די באַנדע גלייך פעריאָגט ווייט פון אונזער גרענעץ.

פון דאַמאָלס האָב איך מעליארען ניט געזעהען און קיין מאָל פון איהר ניט געהערט. היינט איז גראַדע געוואָרען פינף יאָהר זינט זי איז פערשוואונדען געוואָרען, צוזאַממען מיט מיין קינד. מיין פאָטער האָט פון דאַמאָלס אָן ניט אויפגעהערט צו קרענקען. נאַרישע מענשען האָבען געזאָגט אַז די ציגיינערקע האָט איהם פערשאָלטען.

איך גלויב אין דעם ניט, געשווינדער איז עס איהם געקומען דערפון, וואָס ער איז צייט זיין לעבען געווען אַ שרעקליכער בעסן און פון יעדער נאַרישקייט געוואָרען באַז און אויפגערעגט.

צוויי יאָהר צוריק האָבען איהם די דאָקטוירים אַוועקגעשיקט אין וואַרעמע באָדער. איך האָב איהם בעגלייט און דאָרטען בין איך מיט דיר בעקאַנט געוואָרען מיין טהייערע יוליאַנא. דאַמאָלס בין איך אויך געוואָהר געוואָרען וואָס הייסט אמת'ע ליעבע!

פון יוליאַנאס בלויע אויגען גיססען הייססע טרערען. זי שפּרייט אויס די הענד ווי צו אַ געבעט און מיט אַ שטימע, וועלכע געהט אַרויס פון טיעפען האַרצען, פרעגט זי דעם מאַנן:

— קענסט דו מיר שווערען, סטעפאַן, אַז דו האָסט די ציגיינערקע ניט ליעב געהאַט מיט דער וועלכער ליעבע ווי מיך?

— דאַרויף קען איך דיר הייליג שווערען — ענטפערט דער פירשט דובינסקי — מיט פייער ליעבען האָב איך זי קיין מאָל ניט געליעבט, כ'האָב נור צו איהר געשפּיעלט אַ תאווה פון אַ מאַנספּערזאָן צו אַ פרויענצימער.

פון הינטער דעם בילד „ווענוס" האָט ווער אַ געשריי געגעבען. דעם קול אָבער האָט פערהילכט יוליאַנאס שמחה, ווענן זי איז צוגעפאַללען צום מאַנן.

- איך פון מיין זייט בין דיר מוחל — שטאַממעלען איהרע ליפּפען — דו זאָללסט אָבער פערגעססען, אין גאַנצען פערגעססען יענע בילדער.

אָנשטאַט ווערטער האָט זיך אין צימער געהערט נור קושען און קושען.

סטעפאַן איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, זיין געזיכט פלאַממט, די אויגען בלישצען.

— איך ליעב דיך — קלינגען נאָך אין זיינע אויערען דער ווייבס ווערטער — כ'ליעב דיך מיין סטעפאַן, מיין מאַנן!!!

פּלוצלינג אָבער איז ער ווי צומישט שטעהען געבליבען. ער האָט דערהערט אַ געשריי און דערקענט דעם ווייבס קול.

— יוליאַנא, געליעבטע, וואָס פעהלט דיר? — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— דָארְטֶען! דָארְטֶען! — הָאט אִיהם דִי וַוייבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט. זִי אִיז גֶעוֶוען בְּלַייךְ וִוי דִי וַואנְד — זֶעה נוּר סְטֶעפַאן!

דֶער יוּנְגֶער פִירְשְׁט הָאט אוּיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי אוֹיגֶען אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן וִוי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט.

אוּיף זַיין בֶּעט אִיז גֶעלֶעגֶען אַ קִינְד אִין צִיגַיינֶער קְלֵיידֶער, בֶּעלוֹיכְטֶען פוּן דֶער לְבָנָה׳ס שַׁיין.

IV.

# אַ מַאנְן פוּן צְוֵויי וַוייבֶּער.

דִי עֶרְשְׁטֶע אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ פוּן דֶער אוּנְפֶערְהָאפְטֶער אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג דִי יוּנְגֶע פְרוֹי יוּלְיַאנַא.

— דַיין וְדוּי, סְטֶעפַאן, הָאט גֶעהָאלְפֶען — הָאט זִי גֶעזָאגְט צוּם מַאנְן — דוּ הָאסְט צוּרִיקְקְגֶעקְרָאגֶען דַיין קִינְד. דוּ זֶעהְסְט, דָאס אִיז דָאךְ דַיין זוּהְן.

— אִיז דֶענְן דָאס מֶעגְלִיךְ? — הָאט זִיךְ דֶער פִירְשְׁט גֶעוואוּנְדֶערְט — וִוי אַזוֹי קוּמְט דֶענְן דָאס קִינְד דָא? זָאלל אִיךְ זָאגֶען אַז מֶעלְיָארֶע הָאט גֶערֵיזִיקִירְט מִיט׳ן לֶעבֶּען אוּנ צוּרִיק גֶעקוּמֶען אִין אוּנְזֶער גֶעגֶענְד?

מִיט אַ שַׁארְפֶען בְּלִיקְק הָאט עֶר אָנְגֶעקוּקְט דֶעם בִּילְד פוּן דִי שֶׁאנְהַייט „וֶוענוּס“. עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען פוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע רַעְיוֹנוֹת, וֶועלְכֶע הָאבֶּען פֶערְטְרִיבֶּען דֶעם לֶעצְטֶען בְּלוּטְס־טְרָאפֶּען פוּן זַיין בְּלַאססֶע גֶעזִיכְט.

נִיט רֶעדֶענְדִיג אַ וָוארְט הָאט עֶר אַרוּמְגֶענוּמֶען יוּלְיַאנֶען, אוּנ גְלַייךְ וִוי עֶר וָואלְט בְּדֵעָה הָאבֶּען זִי צוּ רַאטֶעוֶוען פוּן אַ סַכָּנָה, הָאט עֶר זִי הַאסְטִיג אַוֶועקְגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דֶעם בִּילְד.

יוּלְיַאנַא אִיז אָבֶּער נִיט גֶערְן אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

— וָואס בִּיסְט דוּ אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען? — הָאט זִי מִיט אַ גֶעמַאכְטֶען שְׁמֵייכֶעל גֶעפְרֶעגְט — פַאר דָאס קִינְד הָאסְט דוּ נִיט וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען, זֶעה נוּר וָואס פַאר אַ שֶׁאן קִינְד, אַ אֶמֶת׳ער מַלְאָך׳ל!

זֶעהט עֶס דֶענְן נִיט אוֹיס וִוי גָאטט אַלֵיין וָואלְט דִיר גֶעשִׁיקְקט אַנְטְוָוארְט אוּיף דַיין שְׁוֶוערֶען וִדוּי? עֶר, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, ווילל דִיר מוֹחֵל זַיין, נוּר מִיט דֶעם תְּנַאי אַז דוּ זָאלְלְסְט זַיין אַ פָאטֶער צוּ דַיין זוּהְן, אַ גוּטֶער פָאטֶער, וֶועלְכֶער זָאגְט זִיךְ נִיט אָבּ פוּן זַיין פְלֵייש אוּנ בְּלוּט, נוּר גִיבְּט אִיבֶּער זַיינֶע קִינְדֶער מִיט שְׁטָאלְץ דֶעם נָאמֶען אוּנ דֶעם טִיטֶעל, וֶועלְכֶער ס׳קוּמְט זֵיי לוֹיט׳ן דִין.

פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי אִיז נָאךְ אַזוֹי צוּמִישְׁט, אַז עֶר קֶענְן נִיט עֶנְטְפֶערֶען אַ וָוארְט.

— וָעה נור, וִוי שֶׁאן דֶער יונְגֶעל אִיז — זָאגְט ווִיעדֶער זַיין יונְגֶע פְרוֹי אוּנ פִיהרְט אִיהְם צוּ מִיט כֹּחַ צוּ דֶעם קִינְד — וָעה נור וִוי לִיעבּ אוּנ זִיסס עֶר שְׁלָאפְט, אוּנ שְׁפִּירְט גָאר נִיט וֶוער ס׳שְׁטֶעהט נֶעבֶען אִיהְם. דוּ ווייסְסְט, לִיעבֶּער סְטֶעפַאן, עֶר אִיז דָאךְ אִין גַאנְצֶען פָּארָאבְּגֶע צוּ דִיר! דַיינֶע בְּלָאנְדֶע לָאקְקֶען, דַיין ווייסֶער שְׁטֶערֶען אוּנ דַיינֶע פַיינֶע לִיפֶּפֶּעלַאךְ. אִין דֶעם קִינְד אִיז קֵיין זֵכֶר נִיטָא פוּן יֶענֶע בַּאנְדֶע, קֵיין צֵייכֶען פוּן אַ צִיגַיינֶער. אַ מַלְאָךְ׳ל, אַ אֶמֶתֶער מַלְאָךְ׳ל פוּן גָאטט!

אוּנ דִי שֶׁאנֶע פְרוֹי בֵּייגְט זִיךְ אַיין אוּנ גִיבְט אַ קוּשׁ דָאס קִינְד אִין דֶעם הַאלְבּ אָפְפֶענֶעם מַיילְכֶעל..

דַאמָאלְס אִיז דֶעם פִירְשְׁטֶענְס הַארְץ אוֹיךְ גֶערִיהרְט גֶעווָארֶען.

אִין דֶער מִינוּט הָאט עֶר אַלְץ פֶערְגֶעסֶען, דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע פֶערְגַאנְגֶענְהֵייט, דִי גְרוֹיזַאמֶע גֶעגֶענְוַוארְט, דִי חֶרְפָּה פַאר מֶענְשֶׁען, דִי סַכָּנָה פוּן פְרֶעמְדֶע מַיילֶער, אַלְץ אִיז פֶערְגֶעסֶען גֶעווָארֶען צוּלִיעבּ דֶעם אַיין שְׁטַארְקֶען גֶעפִיהל פוּן אַ פָאטֶער צוּ זַיין קִינְד.

מִיט פֵייכְטֶע אויגֶען אִיז עֶר צוּגֶעפַאללֶען צוּ דֶעם קִינְדְס גֶעלֶעגֶער.

— מַיין קִינְד — הָאט עֶר שְׁוָוער אַרויסגֶערֶעדְט — מַיין קִינְד, מַיין אָרֶעם, לִיעבּ קִינְד!

— אוּנְזֶער קִינְד — הָאט אִיהְם דִי פְרוֹי פֶערְבֶּעססֶערְט אוּנ עֶר הָאט דֶערְשְׁפִּירְט יוּלְיַאנַאס הַאנְד אוֹיף זַיין קָאפּ.

דִי צְווֵיי ווָערְטֶער הָאבֶּען אִיהְם וִוי פֶערְצְוֵוייבֶערְט, נָאךְ מִיט מֶעהר הִיטְץ אִיז עֶר צוּגֶעפַאללֶען צוּ זַיין פְרוֹי.

— יוּלְיַאנַא! — הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶען פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען — טְהַייעֶרֶע, לִיעבֶּע יוּלְיַאנַא, וִוי זָאלל אִיךְ פֶערְשְׁטֶעהֶן דַיינֶע עֶדְלֶע ווָארְטֶער? דוּ ווִילְסְט צוּ־דְרִיקֶען צוּ דַיין בְּרוּסְט מַיין זוּהְן, ווֶעלְכֶער שְׁטַאמְמְט אַרוֹיס כוּן אַ פְרֶעמְדֶער פְרוֹי? דוּ ווִילְלְסְט ווֶערֶען אַ מוּטֶטֶער פוּן מַיין קִינְד, פוּן דֶעם קְלֵיינֶעם ווָארֶעם? יוּלְיַאנַא! אוּנְזֶערֶע אָבוֹת זָאגֶען, אַז גָאטט שִׁיקְקְט אָפְּט אַרָאבּ אוֹיף דֶער ווֶעלְט אַ מַלְאָךְ אִין אַ מֶענְשְׁלִיכֶען גֶעשְׁטַאלְט, ווֶעלְכֶער לֶערְנְט אוּנְז צוּ זַיין גוּט אוּנ פְרוּם. בִּיז יֶעצְט הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט אַז דָאס אִיז בְּלוֹיז אַ ווֶערְטִיל, הַיינְט אָבֶער הָאבּ אִיךְ אִין דִיר דֶער־קֶענְנְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען פֶערְשְׁטֶעלְלְטֶען גָאטְטֶס מַלְאָךְ.

יוּלְיַאנַא הָאט דֶעם מַאנְן הֵייסס צוּגֶעדְרִיקְקְט צוּ דֶער בְּרוּסְט.

— נֵיין, מַיין סְטֶעפַאן, בְּ׳בִּין נִיט קֵיין מַלְאָךְ, נוּר אַ מֶענְשׁ מִיט גֶעפִיהל אוּנ עֶטְוָואס פֶערְשְׁטַאנְד. שְׁלֶעכְט וָואלְט גֶעוֶועֶן, ווֶענְן דָאס קְלֵיין קִינְד זָאלל נִיט בֶּערִיהְרֶען מַיין מֶענְשְׁלִיכֶעס הַארְץ, אוּנ כְ׳זָאלל דִיר שְׁטֶערֶען דָאס גְלִיקק צוּ הָאבֶּען דַיין זוּהְן בַּיי זִיךְ.

נֵיין, מַיין מַאנְן! — אוּנ אִיהְר קוֹל הָאט זִיךְ בַּיי דִי ווָערְטֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף דֶער הָאכְסְטֶער אָקְטַאווֶע. — כְ׳זָאג דִיר נָאךְ אַמָאל אַז מַיין גַאנְצֶער בֶּעגֶעהר אִיז

צו זיין אַ מוטטער צו דעם קינד, אונ אויב גאָטט וועט וועט מיר אויך אַ מאָל שיינקען קינדער, וועללען זיי זיין זיינע ברידער אונ שוועסטער, אַללע גלייך.

כ'וועלל היטען אונ ערציעהען דעם בכור פון דובינסקעס פאמיליע, אונ דאָס קינד וועט נאָך פעסטער פערקניפּפען דעם בונד צווישען מיר אונ דיר סטעפאן!

— ניין, פון דיין שבועה וועט גאָר ניט ווערען! — האָט זיך געלאָזט הערען אַ שאַרפער קול פון אונטער דעם גרויסען בילד.

די יונגע פירשטין איז אָבגעשפּרונגען פון דעם קינד מיט אַ געשריי אונ מיט־געשלעפּפט מיט זיך דעם מאַנן אין מיטטען צימער.

דאַמאָלס האָט זי יעצט בעמערקט אַז דאָס בילד פון דער שאַנער וועגוס איז פלוצלינג פערשוואונדען געוואָרען אונ אויף איהר אָרט איז געשטאַנען אין כעס אַ לעבענדיגע ציגיינערקע, אונ אויף איהר איז געפאַללען דער שיין פון דער ליכטיגער לבנה.

— מעליאַרע! —

האָט דער יונגער פירשט אַ געשריי געגעבען אונ מיט אַמאָל זענען ווי פון אַ בעהעלטעניש צוריק אַרויסגעקראָכען די אַללע פערבאָרגענע געפיהלען פון שרעק אונ חרפּה. ס'איז שווער מיט ווערטער איבערצוגעבען זיין לאַגע.

— מעליאַרע! — האָט נאָך אַמאָל אַ קלונג געגעבען איבער דעם גרויסען צימער איין ציטטערענדער קול.

— יאָ, מעליאַרע, די ציגיינערקע, די זעלבע מעליאַרע, וועלכע דיין פאָטער האָט אָהן רחמנות פערזאָגט מיט געשלעג אונ קללות, דיין ווייב די ציגיינערקע, די מוטטער פון דיין קינד.

אונ מעליאַרע איז אַרויס פון ראָם.

מיט אַ שטאָלציג אויפגעהויבענעם קאָפּ איז זי צוגעגאַנגען צו דער יונגער פּאָר, וועלכע זענען געשטאַנען ווי פערשטיינערט פון דעם טוידט־שרעקק. יולינא האָט ניט אַזוי פיעל געציטטערט וועגען זיך ווי פאַר דעם געליעבטען מאַנן

סטעפאַן האָט זיין יונגע פרוי דערוייל פערשטעלט מיט'ן קערפּער אונ אויס־געשטרעקקט צו דער ציגיינערקע די האַנד.

— צוריק! — האָט ער געשריען — דו האָסט דיך אַריינגעגנבעט אין דעם הויז ווי אַ שונא, אונ איך פערבאָט דיר אָנצוריהרען מיט דעם קלענסטען פינגעריל אָן דער פרוי, וועלכע שטעהט הינטער מיר.

די ציגיינערקע האָט זיך ווילד צולאַכט:

— דו האָסט געוויסס מורא כ'זאָלל זי ניט פערכשופ'ן—האָט זי שאַרף געענטפערט — אָדער אפשר מיינסט דו אַז די ריינע דאַמע קענן פערשמוצט ווערען ווענן כ'זאָלל זי אָנריהרען. אויב זי האָט דערפאַר מורא, וואָלט איך בעססער אַ עצה געגעבען זי זאָלל פון דיר וואָס שנעללער אַוועקגעהן, ווייל ביי דיין ברוסט האָב איך מיין ריינע נשמה פערשמוצט.

– מעלזארע, אומזאנסט איז דיין טרחה! דו וועסט צווישען אונז קיין באז לעבען ניט מאכען. יוליאנא ווייסס גאנץ גוט וואס צווישען אונז האט פאסירט. כ'האב איהר אלליין מיט א שעה צוריק אלץ ערצעהלט.

– דאס ווייסס איך, כ'בין דאביי געשטאנען, ווען דו האסט דיך מתודה געוועזן און פון דיין מויל בין איך געוואהר געווארען אז דו האסט מיך קיין מאל ניט געליעבט, אז אויך דאמאלס ווען דו האסט מיך געקושט און געהאלזט, איז דאס נור געוועזן א קינדערשפיעל, א חלום, וועלכער געהט לייכט פארביי...

נור ניט אין דעם בין איך יעצט אויסען. כ'בין ניט געקומען אהער פון אזוי וויט, צו הערען ווידער דיינע פאלשע שבועות און צוזאגען, וועלכע כ'הויבען זיך ניט אן און לאזען זיך ניט אויס, כ'פערלאנג אויך ניט פון דיר דו זאללסט מיר ווידער האלזען און קושען ווי אמאל, כ'בעדארף עס גאר ניט. כ'בין נור אהער געקומען צו פערלאנגען יושר און גערעכטיגקייט.

– יושר? וואס מיינסט דו דערמיט?

– דו פרעגסט נאך? – האט זיך די ציגיינערקע געוואונדערט און איהרע אויגען האבען א בליץ געגעבען – לויט יושר בעדארף איך הייסען און זיין דיין ווייב. אויף מיין קאפ בעדארף זיך אברוהען די קרוין פון דער פאמיליע דובינסקי. לויט יושר קוממט מיר צו זיין אויף יענער'ס ארט, כ'בעדארף ליעגען אין דיינע ארעמס. איך מעלזארע די ציגיינערקע בין א מוטטער צו דיין קינד, מיר קוממט ליעבע און כבוד, כ'בין די פריצטע פון קראסנאהארקא.

און די יונגע ציגיינערקע האט זיך אוועקגעשטעלט אין אזא פאזיציע, גלייך ווי אויף איהר קאפ וואלט שוין געבלישצעט די קרוין און זי איז אריין אין שלאסס ניט בגנבה נור ווי א ווירטהין אין איהר אייגען הויז.

– מעלזארע! – האט זיך דער פירשט געשטארקט רוהיג צו רעדען – מעלזארע! דו גלויבסט דאך אלליין ניט אין דעם וואס דו רעדסט. אין מיינע ארעמס האלט איך יעצט א פרוי, מיט וועלכער כ'האב יעצט ניט לאנג חתונה געהאט ווי ס'פאסט פאר גאטט און פאר לייטען. כ'ליעב זי און וועלל זי ליעבען ביז מיין לעצטען טאג.

דיך אבער האב איך קיין מאל ניט געליעבט און גאטט האט אויך ניט מסכים געוועזן אויף אונזער צוזאממענקוממען.

מיין אבער ניט, ארעמע ציגיינערקע, אז כ'וויל דיר פטרן מיט גאר ניט. ניין, כ'וועלל דיר פערגיטיגען פאר אללע צרות, וואס דו האסט געליטטען צו־ליעב מיר.

פון היינט מאל אן וועלל איך דיר בעשטיממען א סומע געלד, וועלכע דו וועסט קריעגען אללע יאהר פון מיין קאססע און דו וועסט קעננען רוהיג לעבען ווי א פירשטין.

דאס קינד וועלל איך נעהמען צו מיר און איהם ערציעהען ווי א זוהן.

געוויסס האסט דו אויך איינגעהערט, אז מיין ווייב ווילל אזוי גוט זיין אונ דאס קינד ערציעהען ווי איהר אייגענעס.

— דאס הייססט — האט איהם מעלי'אר ע איבערגעהאקט די רייד — מיט אנדערע ווארטער הייססט עס אז דו ווילסט מיך לעבענדיגערהייט בעגראבען אין אקבר פון געלד-פאפיערען, דו וועסט מיך בעשיטטען מיט געלד, כ'זאלל ניט קעננען אויפ־שטעהן צו תחית המתים אונ שטערען דיין רוהע.

דו האסט אבער אגראבען טעות, פירשט דוביגנסקי! כ'בין ניט געקוממען נאך דיין געלד, נאך דיין גרויססען פערמעגען, כ'בעדארף דיך אלליין, דיין פערזאן, דו זאללסט מיר צוריק געבען דיין נאמען אונ מיין כבוד, וועלכען דו האסט ביי מיר גערויבט!!

לאך ניט, סטעפאן, דו מיינסט געוויסס אז אהעמע ציגיינערקע ווייסס גאר ניט וואס כבוד הייסט, זי איז ניט קיין מבין אויף די עהרע, מיט וועלכער די עדעללייט זיינען אזוי שטאלץ? א טעות, ליעבער סטעפאן. מיר האבען אויך בלוט אזוי ווי איהר, אונ איך פערלאנג מיין כבוד, דעם כבוד פון א ציגיינערקע! געה אוועק פון איהר אונ קומם אהער צו מיר, איך בין דיין ווייב, די אמתע ווייב.

— מעליארע, דו ביסט ניט ביים ריינעם זינן, דו שפיעלסט מיט מיר א טרויעריגע סצענע, וועלכע קענן זיך שלעכט. טראגיש אויסלאזען. דו קעננסט מיך נאך ברענגען דערצו כ'זאלל צוזאממענרופען מיינע מענשען, אונ זיי וועללען ערשט דיך לערנען דרך ארץ אונ ווייזען דעם וועג.

מעליארע האט זיך נאך אמאל ווילד צולאכט.

— אהה, יעצט דערקענן איך דיך, פירשט דוביגנסקי! יא, דאס ביסט דו דער־זעלבער, אין גאנצען געראטען אין דעם טהייערען טאטען. ניט וויים פאללט דער עפעל פון בוים, דער זוהן קענן וואהל דעם טאטענס תורה. אדרבא, רוף דיינע היידוקען, זאללען זיי נאך אמאל פערטרייבען די מוטטער פון דיין קינד.

ביי די ווערטער איז יוליאנא אניעדערגעפאללען דער ציגיינערקע צו די פיסס.

— מעליארע! — האט זי זיסס געזאגט און אויפגעהויבען די דעליקאטע האנד ווי צו א געבעט — כ'בעט דיך, האב רחמנות אויף מיר, וועלכע ליעגט צו דיינע פיסס, אונ שטער ניט אונזער גליקק. דו ווייססט דאך אז אויף אזא ארט וועסט דו דאך דיין קינד אויך קיין טובה ניט טהון.

— מיין קינד? — האט די ציגיינערקע מיט חוצפה געענטפערט — חא, חא, חא, מיין קינד... מיין קינד...

דער געלעכטער האט אזוי איבערגעשראקען סטעפאנען אז ער איז צוגעלאפען צום קינד אונ אויסגעשפרייט איבער איהם די האנד, גלייך ווי ער וואלט איהם וועללען בעשיטצען פון זיין מוטטער.

מעליארע האט שנעלל בעמערקט סטעפאנס ליעבע צו דעם קינד און זי האט די מינוט געזאגט:

— אללענפאללס וועסט דו דאך מיר ערלויבען מיטצונעהמען דעם קינד מיט מיר, ווענן דיינע מענשען וועלען מיך פערטרייבען פון דאנגען.

— ניין, ניין, ער בלייבט ביי אונז — האט זיך האסטיג אבגערופען יוליאנא און איז אויפגעשטאנגען פון איהר ארט — ער איז זיין קינד ווי דיינס.

— פינף יאהר איז ער אבער געוועזען נור מיינס — האט די ציגיינערקע געענטפערט מיט כעס — די גאנצע צייט האב איך אלליין געמוזט פאר איהם זארגען. פינף יאהר נאכאנאנד האט זיך זיין פאטער וועגען איהם ניט געקיממערט און זאגאר ניט גע־וואוסט וואו דאס קינד איז אהינגעקוממען. פון דעם פירשט'ס וועגען האט זיין קינד שוין לאנג געקענט שטארבען ערגעץ ווייט, אין א פרעמדע לאנד. מיינע האנד האבען איהם ארומגעטראגען סיי זוממער סיי ווינטער. אז ס'איז קאלט געוועזען האב איך איהם ווי א בהמה צוגעדעקט מיט מיין לייב און נאכט ניט געשלאפען, ווענן דאס קינד האט זיך אויף עפעס געקלאגט. כ'האב עם ניט ערציהגען ווי א ציגיינער־קינד, נור ווי א מאגנאט. צוליעב דעם קינד איז אונזער באנדע א לאנגע צייט געבליבען אין פראנקרייך אינ אנדרעאס פערשטעהט היינט בעססער פראנ־צויזיש ווי זיין מוטטערשפראך. פרעגט איהם ווי ער הייסט און ער וועט אייך ענטפערען אנדרעע, ניט אנדרעאס, ניט קיין ציגיינער, נור אנדרעע דרייפוס, ווייל אזוי האט געהייסען זיין לעהרער, דער קאפיטאן, אין וועמעס הויז ער איז געוועזען פאלליגע צוויי יאהר.

איך ארעמע ציגיינערקע האב קיין געלד ניט געזאלעוועט, ווייל כ'האב געוואללט אז אנדרעאס זאלל ניט אנטהון קיין חרפות זיין פאטער, דעם פירשט דובינסקי, ווענן ער וועט אמאל קוממען צו איהם צונאסט.

— א דאנק דיר, מעליארע, — האט סטעפאן געענטפערט — כ'איז זעהר שאן פון דיין זייט, וואס דו האסט ניט געלאזט אויסוואקסען אונזער קינד ווי א ווילדע בלום פון א וואלד, נור געגעבען א עדעלע ערציעהונג. גאטט איז מיין עדות, אז כ'וויל דערפאר אלץ פערגיטיגען.

די ציגיינערקע האט אראבגעלאזען דעם קאפ און זיך פערקלערט. ס'קענן זיין, אז זי איז ענדליך געריהרט געווארען פון יוליאנאס גוטסקייט אדער פון סטע־פאנס שמערצען.

— גוט, אלזא — האט זי געזאגט — כ'וועלל דיר מאכען דעם לעצטען פאר־שלאג, בעשטעהסט דו דערויף איז גוט, א ניט וועלל איך ניט ווארטען ביז דו וועסט רופען דיינע היידוקען, נור אלליין אוועקגעהן פון דאנגען. אויף א וויילע וועסט דו פון מיר פטור ווערען, פירשט דובינסקי; געדיינק אבער, אז מיר וועלען אונז נאך אמאל זעהען...

— אלזא, זאג, וואס פערלאנגסט דו?

— דָאס װֶעסְט דו בַּאלְד גֶעװָואהר װֶערֶען. אִיךְ פֶּ'רלַאנְג, אַז אָט דִי — אונ מֶעלִיָארֶע הָאט אָנְגֶעװִיזֶען מִיט דֶער הַאנְד אויף יולְיַאנֶען — מִיט װֶעלְכֶער דוּ הָאסְט פַאר אַ פָּאר שָׁעָה צוּרִיק גֶענוּמֶען „שְׁלוּבּ" ¹) מוּז זַיין דֵיין װַייבּ. כְּ'פֶּערְשְׁטֶעה אַלַיין אַז דוּ קֶענְנְסְט דִיךְ מִיט אִיהְר נִיט שֵׁיידֶען.

אִיךְ אָבֶּער, דִי מוּטֶער פוּן דֵיין קִינְד, בֶּעדַארְף שְׁטֶעהֶען מִיט אִיהְר אוֹיף אַיין מַעֲמָד אונ הָאבֶּען דִי זָעלְבֶּע דֵעָה װָאס זִי.

אִיךְ װִיל װאהְנֶען אִין קְרַאסְנָאהָארְקַא, גְלַייךְ מִיט אִיהְר. סְ'מֶעג זָאגַאר זַיין צְװִישֶׁען אוּנְז 20 צִיגַ'מֶערֶען, מִ'ר זָאלֶען אוּנְז קֵיין מָאל נִיט טְרֶעפֶען, דָאס הַארְט מִיךְ נִיכְט.

כְ'װִיל אוֹיךְ הָאבֶּען אַ קַארֶעטֶע אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין זֶעקְס פֶערְד, גְלַייךְ װִי זִי, מִיר זָאלֶען אוֹיךְ בֶּעדִינֶען הַיידוּקֶען, אונ מַיין טִישׁ זָאל זַיין גְלַייךְ װִי אִיהְרֶער, גֶע־גְרֵייט מִיט גָאלְד אונ זִילְבֶּער. אויסֶערְדֶעם װִיל אִיךְ אִין גֶעװִיסֶע צֵייטֶען זִיךְ זֶעהֶען אונ רֶעדֶען מִיט דִיר גְלַייךְ װִי זִי.

— דָאס אִיז אוּמֶעגְלִיךְ! — הָאט סְטֶעפַּאן אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען — אַזַא לֶעבְּעֶן צוּזַאמֶען קֶענֶען אוּנְז נוּר פֶערְשַׁאפֶען אוּמְזִיסְטֶע עַגְמַת נֶפֶשׁ, אונ װָאס װֶעלֶען זָאגֶען פְרֶעמְדֶע מַיילֶער? זֵיי װֶעלֶען דָאךְ אוֹיף מִיר טַייטְלֶען מִיט דִי פִינְגֶער: אָט גֶעהְט אַ מַאן פוּן צְװֵיי װַייבֶּער.

— דוּ, סְטֶעפַּאן דוּבִּינְסְקִי, הָאסְט מוֹרָא פַאר פְרֶעמְדֶע צוּנְגֶען? — הָאט מֶעלִי־אָרֶע גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ — װָאוּ אִיז גֶעװֶעזֶען דֵיין פַּחַד דַאמָאלְס, װֶען דוּ הָאסְט מִיר בֶּערוֹיבְּט דִי יוּגֶענְד, מַיין עֶהְרֶע, דֶעם אַיינְצִיגֶען אוֹצָר, װֶעלְכֶען כְ'הָאבּ פֶערְמֶעגְט?

נוּר גֶענוּג, כְ'הָאבּ שׁוֹין צוּ פִיעל נָאכְגֶעגֶעבֶּען. אָנְשְׁטָאט צוּ פָארְדֶערֶען דָאס װָאס מִיר קוּמְט לוֹיט'ן יוֹשֶׁר הָאבּ אִיךְ מִיךְ נָאר גֶעבֶּעטֶען, גְלַייךְ װִי אַ בֶּעטְלֶערִין װָאס װַארְט אוֹיף אַ נְדָבָה.

כְ'װִינְשׁ אַייךְ נִיט קֵיין אוּמְגְלִיקְק, װַייל דָאס װֶעט אַייךְ נִיט מַיידֶען זָאגַאר אָהְן מַיין קְלָלָה. אַ לֶעבֶּען פוּן אַ פָּאר פָאלְק װָאס הַייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַזַא סְקַאנְדַאל, קֶענֶען זִיךְ נִיט גוּט אויסְלָאזֶען. אַזַא לֶעבֶּען מוּז זַיין פֶערְשָׁאלְטֶען.

נָאכְדֶעם הָאט זִי זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אונ אִיז אַװֶעקְגֶענַאנְגֶען, נוּר בַּיי דֶער טְהִיר אִיז זִי שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען. זִי הָאט זִיךְ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אָן דֶער װַאנְד אונ זִיךְ גֶעחַאפְּט בַּיי דֶער בְּרוּסְט.

— מַיין קִינְד — הָאט זִי גֶעזָאגְט, אונ אַ קְװָאל טְרֶערֶען הָאט זִיךְ אַ גָאסס גֶעגֶע־בֶּען פוּן אִיהְרֶע אוֹיגֶען — לָאז מִיר װֶענִיגְסְטֶענְס אַ קוּשׁ גֶעבֶּען מַיין קִינְד, אַיידֶער אִיךְ װֶעל אַװֶעקְגֶעהְן פוּן דַאנֶען אוֹיף שְׁטֶענְדִיג.

יוּלְיַאנַא הָאט רַחֲמָנוּת גֶעקְרָאגֶען אוֹיף דֶער עֶלֶענְדֶער מוּטֶער.

---

¹) „שלוב" א קריסטליכע חופה.

לאַנגזאַם האָט זי אַרויסגענומען דאָס שלאָפענדע קינד פון בעט און עס דער־לאַנגט דער ציגיינערקע.

די טהיר איז געוועזן אָפּען.

מעליאַרע האָט צוגענומען דאָס קינד, עס צוגעדריקט צו דער ברוסט און פייל פון בויגען איז זי שוין געשטאַנען אויף דער שווינדעל טרעפּ און זיך אָנגע־שפּאַרט אויף די פּאַרענצע.

— ריהר מיך ניט אָן — האָט זי געשריגען צו דעם פירשט סטעפאַן — אַ ניט לאָז איך אַרויס דיין קינד פון מיינע הענד און ער וועט אַראָבפּאַללען אין אָבגרונד.

יולאַנאַ האָט ערשראָקען אַ געשריי געגעבען.

זי האָט געמוזט צואַמענגעהמען אַללע כּחות, כּדי דעם מוטה ניט צו פערלירען.

מיט ביידע הענד האָט זי אַרומגענומען דעם מאַנן ער זאָלל ניט בעפאַללען די ציגיינערקע.

די לבנה האָט בעלויכטען די שרעקקליכע סצענע.

— יעצט איז נאָך צייט — האָט דערוייל מעליאַרע ווייטער געשריגען, און די שוואַרצע צוואָרפענע האָר האָבען זי בעדעקקט אין גאַנצען פון הינטען — אָדער דו טהוסט וואָס איך פערלאַנג, אַ ניט שפּרינג איך אַראָב פון דער טרעפּ, צואַמען מיט דיין זוהן.

סטעפאַן האָט אַ ציטער געגעבען מיט'ן גאַנצען קערפער, דאָס בלוט האָט אין איהם געקאָכט פון כּעס.

— זאָג איהר צו, בעשטעהע אויף אַלץ — האָט איהם די יונגע פרוי איינגערוימט אין אויער.

סטעפאַן האָט זי ניט געהערט, ווי צומישט האָט ער געקריצט מיט די צעהן, זיך געביסען אין די ליפּען און געטרעטען מיט די פיס.

אַ גליקק איז געוועזן פאַר דער ציגיינערקע וואָס אויף דער סצענע האָט זיך אָנגעהויבען די ראָללע פון אַ פיערטע פּערזאָן, וועלכע האָט ביז יעצט געשוויגען.

דער קליינער אַנדרעע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

מיט האַלב פערמאַכטע אויגעלאַך האָט דאָס פערשלאָפענע קינד ווי דורך אַ חלום אָנגעקוקט דעם אָבגרונד פון דער שווינדעל טרעפּ. אַ שרעק האָט ער זיך צוויינט מיט אַ געשריי:

— פּאַפּאַ! פּאַפּאַ! וואו ביסט דו? העלף דיין קינד!

— מיין קינד, מיין קינד — האָט סטעפאַן געחליפּעט — ניט מיר אַוועק מיין קינד... איך... בעשטעהע אויף אַלץ.

— דאָס איז נאָך ווייניג פיר מיר, דו מוזט מיר שווערען.

— איך שווער דיר צו;

— נײן, נײט אזוי. שװער מיר בײ דעם לעבען פון דײן יולי־אנא...
בײ אײער גליקק... בײ דײן האנאר... בײ דײן געשטארבענעם פאטער!!
— זאלל זײן אזוי, כ'שװער דיר בײ די אללע טהײערע אנדענקונגען...
— געדײנק, אלזא, סטעפאן, אז אזא שבועה מוז מען האלטען, דא האסט דו דײן קינד.

אין דער זעלבער מינוט איז שוין דער קלײנער אנדרעע געלעגען בײ יולי־יאנען אויף די האנד, װעלכע איז מיט איהם גיך אריין צוריק אין שלאפ־צימער.

סטעפאן, דאגעגען, האט אבגעמאסטען מעליארען מיט א שארפען בליקק.

— דו האסט אויסגעפיהרט — האט ער געזאגט מיט א געשטיקקטען, הײזעריגען קול — װאס דו האסט געװאלט, כ'װעלל יעצט מײן שבועה האלטען, אונ דו װעסט געװיס זײן צופריעדען. דו װעסט װאהנען װי א פירשטין, רײך אונ גרויסארטיג, קײן זאך זאלל דיר ניט פעהלען;

אײנס אבער האסט דו פערגעססען, קלוגע ציגײנערקע, אונ דארויף האב איך דיר קײן שבועה ניט געגעבען.

מײן ליעבע האסט דו ניט פערלאנגט אונ כ'װעלל דיך האססען אונ פער־אכטען, כ'װעלל דיך פײנד האבען מיט דער גרעסטער שנאה אונ שילטען יעדעס מאל װענן כ'װעלל מיך דערמאנען, אז דו האסט צובראכען אונזער גליק.

מעליארע האט ניט געענטפערט.

זי האט זיך אנגעשפארט אויף די שװינדעל־טרעפ אונ פינסטער אראב־געקוקט אין אבגרונד.

סטעפאן האט זיך אומגעקעהרט אונ אריין אין טהורעם, דארטען האט ער דרײ מאל א דריקק געגעבען אין א עלעקטרישען גלאקק אונ אין א פאר מינוט ארום איז אויף דער בריק שוין געשטאנען דער אויפזעהער פון שלאס.

ער האט צארניג אנגעקוקט די ציגײנערקע, גלײך װי ער װאללט פראגען װי אזוי קוממט זי אהער.

זי האט אויף איהם שטאלץ א װארף געטהון מיט די אויגען.

— װאס שטעהסט דו? — האט זי באז געפראגט — דער הערר רופט דיך.

אויף דער שװעל האט אויף איהם שוין געװארט דער פירשט אללײן.

— אויף דער בריק האסט דו געזעהען די ציגײנערקע?

— יא — האט דער אויפזעהער געלאססען געענטפערט.

— אלזא, געדײנק װאס איך זאג דיר: די ציגײנערקע װעט בעװאהנען די צפון־זײט פון דעם שלאסס, צעהן צימערען װענינגסטענס. װאס זי װעט נור װעלען צום אײנריכטונג מוז מארגען גלײך בעשטעללט װערען אין קאמראן, ס'מעג קאסטען װער װײס װי טהײער.

דער אויפזעהער האט פערוואונדערט געפעפענט זיין מויל און מיט מיטלייד אנגעקוקט דעם הערען.

— היידוקען, דיענסט מארדען, וועגען און פערד, אלץ וואס זי וועט פערלאנגען. מיט איין ווארט זי מוז בעהאנדעלט ווערען ווי די פירשטין אלליין. האסט מיך גוט פערשטאנגען?

— יא, כ'האב פערשטאנגען.

— טא געה און געהם זי מיט.

דער אויפזעהער איז אוועקגעגאנגען, און אז ער האט זיך דאס מאל ווידער געטראפפען מיט דער ציגיינערקע אויף דער בריק איז ער געבליבען שטעהען מיט רעספעקט און געהארכזאם געזאגט:

— איהר וועט אזוי גוט זיין, מאדאם, און געהן מיט מיר, ס'וועט אלץ באל ווערען בעזארגט. כ'וויל האפפען אז די מאדאם וועט פון מיר צופריעדען זיין.

מעלאריע האט א חיטרען שמייכעל געגעבען.

זי האט נאך א מאל מיט נצחון אנגעקוקט דעם שלאפצימער פ[..]טהורעס און מיט א שטאלציג אויפגעהויבענעם קאפ נאכגעגאנגען דעם אויפזעהער.

אין צימער זענען דערווייל געזעססען סטעפאן מיט יוליאנא'ן ביי דעם בעט, אויף וועלכען ס'האט ווידער רוהיג געשלאפען דער קליינער אנדרעע, דעם קאפיטאן דרייפוסעס זוהן.

מאנן און ווייב האבען געהאט פייכטע אויגען פון טרערען. זיי האבען זיך פעסט צוגערוקט איינס צום אנדערען, גלייך ווי זיי וואלטען מורא האבען אז מען זאלל זיי באלד ניט פונאנדער־שיידען.

— יעצט האבען מיר דעם גרעסטען שונא אין שטוב — האט סטעפאן געזאגט — גאטט מעג אויף אונז רחמנות האבען און ניט לאזען שטערען אונזער גליקק, וועלכער הייבט נאך יעצט אן צו בליהען.

יוליאנא האט הייסס זיך צוקושט מיט'ן מאנן.

— ליעבער סטעפאן, אויף אלץ איז דא א רפואה. געגען אונזער שונא האבען מיר אויך א מיטטעל. דאס איז די אמתע טרייע, ריינע ליעבע.

— יא, מיין ווייב, דו ביסט גערעכט. מיר וועלען די פרעמדע שנאה גובר זיין מיט אונזער הייססער ליעבע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אז די זונן איז אויפגעגאנגען און די באנדע איז געוואהר געווארען פון מעלאריעס אוועקגעהען מיט דעם קינד, זענען אללע אונמוטיג געווארען און עטליכע מענשען האבען זאגאר דאדורך פיעל געליטטען.

קלאודיא לארעטטא איז פון גרויס שרעק צוריק קראנק געווארען און נאך א מאל ארויס פון זינגען. זי האט געלאכט, געשריען, געוויינט און געשאלטען,

בּיז אין עטליכע שעה אַרום איז זי אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען און קיינער האט איהר מעהר ניט געזעהען.

אַלאַדאר פּארקאש האט ניט גערעדט קיין וואָרט. שטיל האָט ער גענוממען זיין האַרפּע און אַריבּער דעם טייך וואַאַג.

נאָכדעם איז ער אַריין אין וואַלד און געוואַרט בּיז ס'איז פינסטער געוואָרען.

אַז די לבנה מיט די שטערען האָבען אָנגעהויבען אַרומצושפּאַציערען איבּער'ן הימעל, איז ער צוגעגאַנגען צו די בּעלויכטעטע פענסטער פון הויף. אין עטליכע מינוט אַרום האָט ער דערזעהען אַ שאָטען, וועלכער האט זיך אינוויניג אַרומגעדרעהט פאַר די פענסטער.

דער אַבּבּילד פון דעם שאָטען איז איהם געווען בּעקאַנט.

דאַמאָלס האָט ער זיך אַניעדערגעזעצט אויף אַ הויכען שטיין, געגענאיבּער דיזע פענסטער, און האָט אָנגעהויבּען צו שפּיעלען.

און אין די קאַלטע לופט פון דער פינסטערער נאַכט האָבען זיך פלוצלינג געלאָזט הערען פערשיעדענע טאָנער, פון האַוה, געבעט, קלאָגען און חניפה.

ס'האָט זיך געדאַכט אַז די סטרונעס זיפצען אין איין קול:

— קום צוריק, אַך, קום צוריק!

דאָס שפּיעלען האָט אָבער ניט געהאָלפען, דער פענסטער איז געבּליעבען פערשלאָסען און גלייך נאָכדעם איז אויך געוואָרען אויסגעלאָשען די ליכט.

אַלאַדאר פּארקאש האט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג און ניט אויפגעהאָרט צו שפּיעלען.

יעצט האָבען שוין די סטרונעס ניט געחנפעט, ניט געקלאָגט, נור מיט צאָרן אָנגעזאָגט: „נקמה“.

איין סטרונע האט געפּלאַצט נאָך די אַנדערע, און ער האט ווייטער געשפּיעלט, בּיז ס'האָט געפּלאַצט די לעצטע סטרונע.

דאַמאָלס האָט זיך בּעוויזען דער מאָרגענשטערען און דער ציגיינער איז אַוועק צוריק צו זיין בּאַנדע.

ער האָט אָנגעזאַמטעלט דעם פערד און אַוועקגעריטען קיין קאָמראָן. דאָרטען האָט ער זיך אָבגעשטעללט פאַר דער פּאָליציי־בּיורא.

אין עטליכע וואָכען אַרום האָט מען געקענט טרעפען אַלאַדאר פּארקאש אין אַ בּלויען מונדיר, מיט אַ שווערד בּיי דער זייט.

די עלסטע זענען געווען פון איהם זעהר צופריעדען, ווייל ווער נאָך אַזוי ווי ער האָט געקענט וויסען אַללע פערבּאָרגענע ערטער פון גנבות און גנבים;

אין דעם וואַלד, וועלכער האָט געהערט צו קראַסנאָהאָרקאַ, איז געווען אין אַ קעללער אַ קליין ביידעל. לאַנגע יאָהרען איז דאָס ביידעל געשטאַנען ליידיג, בּעוואַקסען און בּעשמוצט פון שניי און רעגען. יעצט וואוינט דאָרטען ווידער אַ מענש.

דָאס אִיז דִי אַלְטֶע מְכַשֵׁפָה מוּשַׁא.

זִי קְלַייבְּט גְרָאזֶען, מַאכְט צוּרֶעכְט מֶעדִיצִינֶען פַאר מֶענְשֶׁען אוּנ בְּהֵמוֹת, זָאגְט נְבִיאוֹת אוֹיף קָארְטֶען אוּנ גִיבְּט סְגוּלוֹת צוּ הָאבֶּען קִינְדֶער.

דִי נַארִישֶׁע בּוּיֶערֶען גְלוֹיבֶּען אִין אִיהרֶע נְבִיאוֹת אוּנ סְגוּלוֹת, דָאס רוֹב אָבֶּער בְּרֵיינְגֶען אִיהר מַתָּנוֹת אֵייֶער אוּנ פּוּטֶער נִיט פוּן פְרַיינְדְשַׁאפְט, נוּר פוּן מוֹרָא דִי אַלְטֶע מְכַשֵׁפָה זָאלֿ נִיט פֶערְשֶׁאמֶען זֵייעֶרֶע בְּהֵמוֹת.

רִינְגְס אַרוּם אִיז גֶעוֶוען בֶּעקַאנְט, אַז נוּר דוּרְך דֶער אַלְטֶעס כִּשׁוּף אִיז מֶעלְיָארֶע צוּרִיק אַרַיין אִין פַּאלַאץ, נוּר דוּרְך אִיהר הָאט זִיךְ דֶער גְרוֹיסֶער פִּירְשְׁט סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי אַזוֹי פֶערְזִינְדִיגְט אַז עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַ מַאנְן פוּן צְוֵויי ווַייבֶּער, אֵיינֶע אַ בְּלָאנְדֶע אוּנ דִי אַנְדֶערֶע אַ שְׁוַוארְצֶע, בֵּיידֶע אָבֶּער גְרוֹיסֶע שֶׁאנְהַייטֶען.

אוּנ יֶעצְט אִיז אִיבֶּערַאלל דֶער פִּירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם נָאמֶען:

דֶער מַאנְן פוּן דִי צְוֵויי ווַייבֶּער.

---

# V.

# דִי פְּלֵטָה אִיז נִיט גֶערָאטֶען.

מֶענְשֶׁען הָאבֶּען לִיעבּ זִיךְ צוּ נַארֶען. ס'דַאכְט זִיךְ תָּמִיד ,,אַז אַט, אַט וֶועט זַיין אַנֵס, גָאטט וֶועט הֶעלְפֶען, אוּנ דַאבֵּיי בֶּערֶעכְנֶען זֵיי נִיט אַז נִסִים זֶענֶען קֵיין מָאל נִיט גֶעוֶוען, יֶעדֶע זַאךְ אִיז נַאטִירְלִיךְ אוּנ הֶעלְפְט נוּר דַאמָאלְס, וֶוענְן דֶער מֶענְשׁ גֶעהט בְּדֶרֶךְ הַיָּשָׁר, מְהוּט וָואס גָאטט הָאט גֶעבָּאטֶען, אַרְבֵּייט רֶעעֶלל אוּנ פְלַייסִיג אוּנ זוּכְט נִיט קֵיין גְלִיקֶען, קֵיין כְּשֵׁרֶה מְצִיאוֹת. מִיט דֶעם רֶעעֶללֶען וֶועג, וָואס אֱמֶת אִיז, קֶענְן מֶען נִיט גְלִיקְלִיךְ וֶוערֶען מִיט אַ מָאל, גַאנְץ אָפְט מוּז מֶען נָאךְ אוֹיסְשְׁטֶעהֶען עֶטְלִיכֶע צָרוֹת אוֹיךְ, דֶערְפַאר אָבֶּער מַאכְט דִי אַרְבֵּייט דָאס לֶעבֶּען זִיסס. גְלִיקְלִיךְ אוּנ רוּהִיג לֶעבְּט אָבּ זַיין בִּיסֶעל יָאהרֶען דֶער מֶענְשׁ, ווֶעלְכֶער בֶּענוּגֶענְט זִיךְ מִיט וֶוענִיג.

דְרֵייפוּס אוּנ זַיינֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען פֶערְבְּרַאכְט שְׁלֶעכְטֶע טֶאג אוּנ נֶאכְט אוּנ זֵיי הָאט זִיךְ גֶעגְלוֹיבְּט בֶּעפְרַייט צוּ וֶוערֶען.

הָאבֶּען זֵיי דֶענְן אָבֶּער נִיט גֶעוואוּסְט אַז לַאנְג וֶועט דִי בֶּעפְרַייאוּנְג נִיט דוֹיעֶרֶען? אַז דִי, מִיט פִּיעל מִיה אוּנ מַאטֶערְנִעשׁ קִינְסְטְלִיךְ גֶעמַאכְטֶע שִׁיפְפֶעל הָאט אַ גַאנְץ קְלֵיינֶעם וֶוערְטְה גֶעגֶען דִי גְרוֹיסֶע אוּנ שְׁנֶעללֶע גוּבֶּערְנַאטָארְס דַאמְפְּשִׁיף, אַז הֶאכְסְטֶענְס קֶענְן זֵי זִיךְ רֵייטֶען מִיט דִי נָאכְיָאגֶער אַ טָאג צְוֵויי, סוֹף כָּל סוֹף מוּזֶען זֵיי אָבֶּער אַרַיינְפַאללֶען צוּ זֵיי אִין דִי הֶאנְד.

אויף אַזֶעלְכֶע אויפְקְלֶערוּנְגֶען בֶּעדַארְף מֶען נִיט זַיין קַיין נָבִיא, אוּנ אַ קְלֵיין קִינְד קֶענֶן עֶס אויךְ פֶערְשְׁטֶעהֶען. דָאךְ אוּנְזֶערֶע פֶערְשִׁיקְטֶע גְרויסֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעוָואלְט בֶּעגְרַייפֶען אוּנ דִי וִיסֶע נָאלְדֶענֶע הָאפְנוּנְג הָאט גֶעהַייסֶען עֶנְטְלויפֶען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

שְׁטֶעלְט אַייךְ יֶעצְט פָאר, לִיעבֶּע לֶעזֶער, זַייעֶר שְׁרֶעק וֶוענֶן דֶער יַם אִיז בֶּעלויכְטֶען גֶעוָוארֶען מִיט דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע לִיכְט אוּנ אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַרוּם הָאבֶּען זַיי שׁוין דֶערְהֶערְט הִינְטֶער זִיךְ דֶעם גוּבֶּערְנַאטְארְס שְׁנֶעלֶע דַאמְפְשִׁיף.

ס'אִיז אַלְזָא עֶנְדְלִיךְ גֶעשֶׁעהֶען דָאס אוּמְגְלִיק, פַאר וֶועלְכֶען זַיי הָאבֶּען אַזוֹי מוֹרָא גֶעהַאט.

יֶעדֶערֶער פוּן זַיי בַּיי זִיךְ טִיעף אִין הַארְצֶען הָאט פִיעל גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען דֶעם, נוּר דָאךְ הָאט זִיךְ יֶעדֶערֶער מִיה גֶעגֶעבֶּען דֶעם פַּחַד נִיט אַרויסְצוּזָאגֶען, אוּנ וֶוענֶן זַיי זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען בַּיי נַאכְט אִין הַייל הָאבֶּען זַיי גֶערֶעדְט פוּן אַלֶע אוּמְגְלִיקֶען, נוּר נִיט פוּן דֶער סַכָּנָה.

יֶעדֶערֶער הָאט וָואהל פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז קוים וֶועט דֶער קַאיֶענֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גְרֶעפֶּין גֶעוָואהר וֶוערֶען פוּן דֶער מַעֲשֶׂה, וֶועט עֶר גֶעוִויס אַלְץ אָנְוֶוענְדֶען אוּם זַיי צוּ דֶערְיָאגֶען.

אוּנ עֶר הָאט מִיט וָואס: זַיין דַאמְפְשִׁיף אִיז בֶּעקַאנְט מִיט אִיהר שְׁנֶעלִיג-קַייט, דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע לַאמְפֶּען קֶענֶען בֶּעלַייכְטֶען דִי וַוייטְסְטֶע שְׁטְרֶעקֶעס אִין דֶער גְרֶאסְטֶער פִינְסְטֶערְנִיש, דֶערְצוּ אִיז עֶר, דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אַלֵיין, אַ בָּקִי אִין אַלֶע גֶעגֶענְדֶען.

אוּנְזֶערֶע פַּאסַאזִירֶען זֶענֶען גֶעוָוארֶען טְרוֹיֶערִיג, זָאגַאר לֶעאָנִיע אוּנ עֶרְוִוין. דִי שְׁטַארְקְסְטֶע צְווִישֶׁען אַלֶע הָאבֶּען אויךְ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דִי נָאז.

— מִיר זֶענֶען פֶערְלָארֶען! — הָאט זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען עֶרְוִוין — אוּמְזִיסְט גֶעוֶוען אוּנְזֶער גַאנְצֶע טִרְחָה אוּנ שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט, דִי נִיט-גֶעשְׁלָאפֶענֶע נֶאכְט אוּנ אַלֶע סַכָּנוֹת, אִין וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְזֶער לֶעבֶּען בִּיז הַיינְט. יֶעצְט מוּזֶען מִיר צוּרִיק גֶעהֶען אויף דֶעם פֶערְשָׁאלְטֶענֶעם אִינְזֶעל אוּנ נָאךְ דָאפֶּעלְט לַיידֶען פַאר דִי שְׁלֶעכְטֶע פְּרָאבֶּע צוּ עֶנְטְלויפֶען.

— אוּנְזֶער לֶעבֶּען הָאט יֶעצְט גָאר קַיין וֶוערְט נִיט — הָאט זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען דֶער דֶעלִיקַאטֶער אַנְטָאנְיָא — אוּנ עֶרְגֶער פַאר אַלְץ אִיז דָאס, וָואס יֶעצְט מוּזֶען מִיר אִין גַאנְצֶען שׁוין פֶערְלִיערֶען דִי הָאפְנוּנְג אַמָאל בֶּעפְרַייט צוּ וֶוערֶען.

— לִיעבֶּע פְרַיינְד — הָאט זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען לֶעאָנִיע אוּנ זַיין קוֹל הָאט גֶעצִיטֶערְט — אִיךְ הָאבּ בַּיי מִיר פֶעסְט בֶּעשְׁלָאסֶען מֶעהר נִיט צוּ גֶעהֶען אויף דֶעם טַייפֶעלְס-אִינְזֶעל. דִי פָאר שָׁעָה פְרַייהַייט, וֶועלְכֶע כְּ'הָאבּ יֶעצְט גֶענָאסֶען אויפ'ן יַם אוּנ דִי בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט מִיט נַייעֶ מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעמַאכְט אויף מִיר אַ גְרויסֶען רוֹשֶׁם, אוּנ אִיךְ שְׁפִּיער מִיךְ יֶעצְט נִיט פֶעהִיג צוּ לַיידֶען צָרוֹת אוּנ יִסוּרִים וִוי פְרִיהֶער.

ניין, לענגער קענן איך ניט לעבען אזא לעבען, און ביי מיר איז געבליבען פעסט מעהר ניט צו זיין אויף דעם פערשאלטענעם אינזעל

— וואס דענן מיינסט דו צו טהון? — האט דרייפוס געפרעגט מיט א טרויעריגען שמייכעל.

— כ'וועלל פריהער שטארבען אײדער זיי וועלען מיך פאקען.

אויסער אונזער עלענדען חבר מיראוויץ זייט איהר אללע יונגער פאר מיר און קענט נאך עפעס האפפען. איך האב אבער שוין אבגעלעבט די בעסטע יאהרען, וואס א טאג ווער איך אלץ עלטער און נעהנטער צום קבר. איין ליכטיגער שטראהל אין מיין פינסטערען לעבען וואלט אפשר געקענט זיין מיין איינציגע געליעבטע טאכטער דאלארעס, נור ווי קומם איך צו איהר? זי איז ווייט, ערגעץ אין קובא אדער אפשר גאר אין פראנקרייך, און איך, איהר אלטער פאטער מוז זיך פייניגען אין קאיעננא.

ניין, פאר מיר האט שוין דאס לעבען קיין רייץ ניט, און איינס פון די ביידע, אדער א קויל פון א פיסטאלעט, אדער א שפרונג אין דעם טיעפען ים, קענן מיך בעפרייען פון דעם ווייטערדיגען פינסטערען לעבען.

פאר מיר איז דער טוידט פיעל געשיידטער ווי דער גיהנום פון קאיעננא.

— איך בין אויך מסכים דערצו — האט זיך אבגערופען ערווין — שטארבען שטארבט מען נור איין מאל, די צרות פון לעבען ציעהען זיך אבער גאנץ אפט ווי א באנד לאנגע יאהרען. ארעטטא, מיין ווייב, מיין געליעבטע, זאג מיר נור איין ווארט אז דו ווילסט שטארבען מיט מיר צוזאממען, צומאכען די אויגען ביי מיין ברוסט, ארויסלאזען די נשמה אין א לאנגען קוש, זאג נור איין ווארט און כ'וועל א מינוט ניט קלערען און נאכטהון לעאניעס ביישפיעל.

ארעטטא איז צוגעפאללען צו דעם געליעבטען.

— צוריק געפאנגען זיין איז דאס זעלבע וואס זיך זעגענען מיט דיר אויף שטענדיג — האט זי געזאגט מיט טרערען, — דער טוידט אבער וועט אונז פערבינדען אויף עוויג.

— און איך — האט זיך אבגערופען אנטאניא — פאר מיר איז דענן דער טוידט ניט די איינציגע אויסלייזונג פון די צרות?

— אז שטארבען, זאללען אללע צוזאממען — האט א קרעכץ געגעבען דער אלטער קאלעקא מיראוויץ.

— פולווער פעהלט אונז ניט — האט ערווין זיך אבגערופען — און מיר קענגען אויפזעטצען די לאדקע מיט דינאמיט. קיין לייכטערען און שנעללערען טוידט בעדארף מען גאר ניט.

— פולווער! פולווער! — האבען זיך צושריען אנטאניע מיט ארעטטען אין איין קול. דער געדאנקען וועגען דעם טוידט האט זיי בערוישט און ווי צומישט זענען זיי ארומגעלאפען איבער די לאדקע...

דער זאַפּאַס פון די פולווער איז געלעגען אין דער „קאיוטע".

דאָרטען איז יעצט געשטאַנענען דער קאַפּיטאַן דרייפוס.

— צוריק! — האט זיין קול געדונערט, אונ מיט גוואַלד האט ער אָבגעשטויסען ערווינגען, ווערלכער איז שוין געווען ניט ווייט פון די פולווער -- צוריק, אומגליקליכע משוגעים, איהר האט דענן גוט בערעכענט וואס איהר געהט טהון? אונ וואו בין איך אין דער וועלט? אַזוי לאַנג ווי איך וועלל לעבען וועט איהר ניט אויספיהרען אייער ווילדען, אונמענשליכען פּלאַן.

די אַרעסטאַנטען זיינען געבליבען שטעהן ווי אָבהענדיג, אונ פערוואונדערט האָבען זיי אָנגעקוקט דעם קאַפּיטאַן.

— דרייפוס, אום גאטטעס וויללען, וואס רעדסט דו? — האט ערווין האַלב באַז געפּראַגט — דו ווילסט טאַקי מען זאלל דיך באַלד צוריק פיהרען געבונדען אין קייטען? אונ דאס זאָגסט דו, וואס דו ביסט תמיד געוועזען פאַר אונז אַ ביישפּיעל פון מוטה אונ קיין מאָל ניט מורא געהאט פאַר'ן טויט? יעצט האסט דו שוין חרטה אונ ווילסט בעסער אויסגעהען פון צרות אויף'ן טייפעלס־אינזעל איידער זיך אַלליין דאס לעבען צו נעהמען?

— זיך אַלליין דאס לעבען נעהמען קענן נור אַ טרום אָבער ניט קיין העלד. איבריגענס טאָר איך עס גלאַט ניט טהון, ווייל איך האָב געשוואָרען מיין ווייב, קיין מאָל, אין דער גרעסטען נויט, אויף זיך אַלליין קיין האַנד ניט צו לייגען.

— אונז האַלט אָבער קיין שבועה ניט אָב.

— אַ טעות, ליעבער ברודער ערווין, דו האסט אויך געשוואָרען דיין ווייב, נור אויף אַ נ'אַנדער אַרט.

דו האסט שוין פערגעססען, אַז ערשט עטליכע שעה צוריק האסט דו צוגעזאגט דיין ווייב זי עוויג צו ליעבען אונ צו בעשיטצען פון יעדער געפאהר, אונ יעצט, ביי דער ערשטער סכנה האסט דו שוין אין דיר אַזוי פיעל מוטה ניט עם אַריבערצוטראָגען, ערווין, ערווין, כ'האב דיך געהאַלטען פאַר אַ סך עדלער.

אָדער דו, לעאָניע, אַ געוועזענער פּריעסטער, אָנשטאַט צו טרייסטען די ניעדערשלאָגענע, אַזוי ווי גאָטט האט געבאָטען, רעדסט דו נאָך דער ערשטער זיי צו זיך דאס לעבען צו נעהמען!

ניין, איך אַללעמען פעהלט געדולד אונ מוטה אונ ווי קינדער אָדער ווי שוואַכע פרויען פאללט איהר גלייך אַראָב ביי זיך, אָנשטאַט צו קלערען וועגען אַ תכלית, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען.

— זיך צו ראַטעווען? -- האָבען אַללע געפאַנגענע אַ געשריי געגעבען אין איין קול — קאַפּיטאַן דרייפוס, דו רעדסט פון זינן, מיר אונ רעטטונג, דאס זיינען גאר צוויי זאַכען!

— אַט אין דעם איז טאַקי צווישען אונז דער גאַנצער אונטערשייד, איך קלער אונ טהו אונ איהר קענט נור זיפצען.

מִיר רַאכְט זִיךְ אַז וֶוענִן דֶער חַלָף לִיעגְט שוין אויפֶען הַאלְז, הֶעלְפְט נִיט קֵיין חָכְמוֹת אוּנ דֶער וָואס טְרִינְקְט זִיךְ, מוּז זִיךְ אָנְחַאפֶּען זָאגַאר אָן אַ שְׁטְרוֹי. דִי צַייט אִיז קוּרְץ אוּנ דַארִיבֶּער מוּז אִיךְ בִּקְצוּר זָאגֶען מַיין פְּלַאן.

אויסֶער דִי שִׁיף הָאבֶּען מִיר דָאךְ נָאךְ אַ קְלֵיין לָאדְקֶע אויךְ, וֶועלְכֶע אַדֶעטטַא הָאט מִיטְגֶעבְּרַאכְט מִיט זִיךְ אַייעֶרְגֶעכְטֶען. אָט דִי לָאדְקֶע וֶועט אוּנְז רַאטֶעוֶוען. דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר יָאגְט דָאךְ נָאךְ נוּר דִי גְרוֹיסֶע שִׁיפְּפֶעל אוּנ עֶר וֶועט גָאר נִיט בֶּעמֶערְקֶען דִי קְלֵיינֶע לָאדְקֶע, אויף וֶועלְכֶע מִיר וֶועלֶען גִיךְ אַוֶועקשְׁווִימֶען. פְּרָאוִויַאנְט פֶעהלְט אוּנְז נִיט אוּנ אִין גָאר אַ קוּרְצֶער צַייט קֶענֶען מִיר דֶערגְרֵייכֶען דִי בְּרֶעגֶען פוּן בְּרַאזִילְיֶען.

דִי אַרֶעסְטַאנְטֶען פֶּנִימֶער זַיינֶען לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען.

— קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס! — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען לֶעאָגִיעַ, כְּ׳מוּז דִיר זָאגֶען דֶעם אֱמֶת, אַז דוּ בִּיסְט טַאקִי אַ זֶעלְטֶענֶער מֶענְשׁ.

— לֶעבֶּען זָאלל דֶער קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס! — הָאט עֶרְווִין גֶעשְׁרִיגֶען — לֶעבֶּען זָאלל עֶר, וָואס עֶר דֶער אַיינְצִיגֶער הָאט גֶעהַאלְטֶען קָאפּ.

— רַאטֶעוֶוען זִיךְ! — הָאבֶּען אַללֶע נָאכְגֶעשְׁרִיגֶען — זִיךְ רַאטֶעוֶוען שְׁנֶעללֶער!

— אויף אוּנְזֶער גְלִיקק אִיז אַ פִינְסְטֶערֶע נַאכְט אוּנ דֶער יַם אִיז גֶעוָוארֶען אוּמ־רוּהִיג — הָאט דְרֵייפוּס דֶערוַוייל גֶעטְרֵייסְט דִי קָאמְפַּאנְיֶע — דֶער שׂוֹנֵא וֶועט אוּנְז אַזוֹי גִיךְ נִיט דֶערזֶעהֶען אוּנ דֶערזֶעהֶען.

זֶעלְטֶען גֶעשִׁיקְקְט אוּנ שְׁנֶעלל הָאבֶּען דִי אַרֶעסְטַאנְטֶען גֶעאַרְבֵּייט.

דִי מֶאנְנֶער הָאבֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט דִי לָאדְקֶע אוּנ אַדֶעטטַא הָאט גֶע־טְרָאגֶען פְּרָאוִויַאנְטֶען אוּנ אִין אַ קוּרְצֶע צַייט אַרוּם אִיז אַלֶץ גֶעוֶוען פַארְטִיג.

דְרֵייפוּס אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען הִין אוּנ הֶער אוּנ ווִי אַ אַנְפִיהְרֶער גֶעקָאממַאנְדִירְט, אוּנ מִיט זַיין הַייזֶעריגֶען קוֹל אִיבֶּערְגֶעשְׁרִיגֶען דִי רוֹישֶׁענְדֶע חְוַואלְיֶעס פוּן יַם.

פְּלוּצְלִינְג הָאט זִיךְ דֶערהֶערְט אַ קְנַאלל פוּן אַ שָׁאס. דָאס הָאט מֶען גֶעשָׁאסֶען פוּן דֶעם גוּבֶּערְנַאטָארְס דַאמְפְּשִׁיף.

— זָאללֶען זֵיי שִׁיסֶען — הָאט דְרֵייפוּס וַוייטֶער גֶעטְרֵייסְט דִי חֶבְרָה — טְרֶעפֶען וֶועלֶען זֵיי שְׁוֶוערְלִיךְ אִימֶעצֶען פוּן אוּנְז. דִי פִינְסְטֶערְנִישׁ אִיז צוּ גְרוֹיס, הָאבְּסְטֶענְס קֶענְנֶען זֵיי צוּשְׁפַּאלְטֶען דֶעם יַם.

דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ צוּלַאכְט פוּן דֶעם וִויטְץ אוּנ נָאךְ מִיט מֶעהר הִיטְץ זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער אַרְבֵּייט.

— ווִי הַאלְט עֶס בַּיי אַיךְ? — הָאט דְרֵייפוּס ווִידֶער אַ גֶעשְׁרֵיי גֶע־גֶעבֶּען.

— מִיר זַיינֶען פַארְטִיג — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען לֶעאָנִיעַ.

אַדֶעטטַא מִיט אַנְטָאנְיֶען זַיינֶען דִי עֶרְשְׁטֶע אַרִיבֶּער אִין לָאדְקֶע.

— גִיט אַכְטוּנְג! — הָאט דְרֵייפוּס וַוייטֶער בֶּעפָאהלֶען — כְּ׳וֶועלל אַיךְ אַרִיבֶּער

געבען מיראוויצען. האט איהם פעסט און לאזט איהם ניט פאללען.

נאכדעם וועלל איך אלליין אויך קעננען אריבערשפרינגען און נאך מיר דער "מצורע".

דער מצורע, וועלכער איז די גאנצע צייט געלעגען שטילל אין זיין נארע האט יעצט א געשריי געגעבען פון פריידע.

דרייפוס איז צוגעגאנגען צום קאלעקע.

— האב נימ קיין מורא, מיין פריינד — האט דער קאפיטאן געזאגט צו איהם — האלט דיך נור גוט צו, נישט קשה, כ'וועלל דיך ניט ארויסלאזען פון די האנד, ביז דו וועסט זיין אין לאדקע.

— אך, וואס פאר א שווערע לאסט בין איך פאר אייך.

— אומזיסטע דבורים, מיין פריינד, דו ווייסט דאך גאנץ גוט אז כ'וועלל דיך ניט איבערלאזען אלליין.

און דרייפוס האט אנגענומען דעם קאלעקע מיט דער מיינונג איהם איבער־צוגעבען די חברים אין די האנד.

דאס איז אבער ניט געווען קיין לייכט שטיקעל ארבייט

דער ים האט געראשט און די לאדקע האט זיך אללע מאל אבגעריסען פון דער שיף.

פלוצלינג האט ווידער געגעבען א קנאלל און דרייפוס איז מיט'ן קאפ אראב אניעדערגעפאללען אויף דעם קאלעקע, וועלכער האט זיך פעסט געהאלטען אן איהם.

— לעאניע! — האט ער הויך אויפ'ן גאנצען קול א געשריי געגעבען, ווען ער איז ווידער געשטאנען אויף די פיסס — ערווין! קומם אהער, געשווינד, כ'האלט פעסט די ליניע.

און מיט אללע כחות האט ער א ציה געגעבען די ליניע.

ערשט יעצט האט ער דערזעהען אז די ליניע איז איבערגעשאסען, און זיין שרייען איז אומזאנסט, ווי וועללען איהם שוין פון דער לאדקע ניט דערהערען.

— מיר האבען זיך אבגעריסען — האט מיראוויץ א קרעכץ געגעבען — אלץ צוליעב מיר.

דרייפוס האט שוין ניט געהערט זיינע קרעכצען, ווי א פערסממטע מויז איז ער ארומגעלאפען הין און הער.

ווי צומישט האט ער געחאפט א רעוואלווער און פיער מאל אויסגעשאסען. איהם האט זיך געדאכט אז אפשר אויף אזא ארט וועללען זיינע חברים דערהערען דעם סיגנאל און איהם קוממען ראטעווען. דאס איז אבער אויך געווען נור א פאלשע האפנונג.

דער קאלעקע איז דערווייל געזעסען אין א ווינקעל און זיך בעגאסען מיט טרערען.

–כ׳האב באלד געוואוסט – האט ער געהאלפּעט – אז עס וועט ניט גוט זיין. קיים האט איהר מיך מיטגענוממען מוז געשעהן עפּעס א אומגליקק. איך בין שוין אזא שלימזל, וועלכער מהוט זיך קיין טובה ניט אונ דעם אנדערען נאך א רעה. צוליעב מיר מוזט דו יעצט אבקוממען אונ ליידען איבער אזייעס נאך פיעל שווערערע צרות.

דרייפוס האט איהם ניט געענטפערט, נור אפּאר גרויססע טרערען האבען זיך איהם געשטעללט אין זיינע אויגען.

– ניין ניט – האט זיך געבעטטען מיראוויץ, אליין זיינען איהם די אויגען געוועזען פייכט – ווענן דו הייבסט אן צו וויינען, דאכט זיך מיר דאמאלס, אז דער הימעל עפּענט זיך אויף אונ ס׳מבולט מיט שוועבעל אונ פעך א סוף צו מאכען פון דער וועלט.

דרייפוס האט זיך שווער בערוהיגט פון דעם אלטענס רייד. אין כעס האט ער געבּיססען די נאגעל אונ זיך געריססען די האר פון קאפּ.

ענדליך איז ער עטוואס רוהיגער געווארען אונ געזאגט: – גרויססער גאטט אין הימעל! זאלל זיין ווי דו ווילסט, כ׳וועלל שוין אויסטרינקען דעם גאנצען בעכער ביטטערקייט ביז׳ן גרונד אונ אונשולדיג ווייטער זיך קוועללען אויפ׳ן טייפעלס־אינזעל. נור זאלל עס וועניגסטענס זיין א אבקומעניש פיר מיינע עלענדע חברים. העלף זיי, גרויססער גאטט, גליקקליך צו עררייבען דעם ברעג פון דער יבשה אונ זאללען זיי וועניגסטענס בעפרייט ווערען פון ווייטערע יסורים האב, גאטט, רחמנות אויף די פיער עלענדע נפשות! –

דער שטורם־ווינד האט זיך דערוייל איינגעשטילט אונ די זונן האט אנגעהויבען אויפצוגעהן.

דרייפוס האט יעצט געקענט זיך פריי ארומקוקען. די לאדקע איז ניט געוועזען צו זעהען, נור פון דערווייטענס האט זיך בעוויזען דעם גובערנאטארס דאמפּפשיף.

איהם איז פינסטער געווארען אין די אויגען אונ מיט א הארץ־ווייטאג האט ער געזאגט צו מיראוויצען:

– שוין נאך אללעמען. אין א פערטיל שעה ארום וועלען מיר זיין ביי זיי אין די הענד. מאך דיך געגרייט, מיין פריינד.

דריי לאדקעס האבען זיך אבגעריססען פון דער דאמפּשיף אום נאכצוזאגען די ארעסטאנטען.

אז זיי זענען צוגעפאהרען נאהענטער האט דרייפוס דערזעהן אין יעדער לאדקע צעהן סאלדאטען, וועלכע האבען געהאלטען געגרייט געלאדענע ביקסען.

אין איין לאדקע איז געשטאנגען דער גרויער גובערנאטאר גרעפפין.

די שיף איז געווארען ארומגערינגעלט פון אללע זייטען.

— זייט פֶערְטִיג צום שִׁיסֶען! — הָאט דֶער גוּבֶערְנַאטָאר בֶּעפאהלֶען די סָאלְדַאטֶען.

די סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען זיך אַריהר גֶעגֶעבֶּען און דְרֵייפוּס הָאט דֶערזֶעהֶען דְרַייסִיג בִּיקְסֶען גֶעצִיעלְט אויף אִיהם מִיט מִירָאווִיצֶען.

עֶר הָאט מִיט די אויגֶען גֶעזוּכְט דֶעם „מְצוֹרָע״, נור אִיהם אִיז נִיט גֶעוֶוען צוּ זֶעהֶען.

וואו הָאט עֶר גֶעקֶענְנְט אַהִינְקוּמֶען?

— גִיבְּט אַיךְ אוּנְטֶער — הָאט דֶערוַוייל גֶעשְׁרִיעֶן דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר — מִיט גוּטֶען, אַ נִיט הֵייסס אִיךְ שִׁיסֶען.

— נֶעהמְט אוּנְז, מִיר זֶענֶען אַייעֶרֶע גֶעפַאנְגֶענֶע — הָאט דְרֵייפוּס קַאלְטבְּלִיטִיג גֶעעֶנְטפֶערְט.

— כְּזֶעה נור אָבֶער צְוֵויי — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעשְׁרִיעֶן — וואו זֶענֶען די אִיבְּרִיגֶע?

נִיט לַאנְג טְרַאכְטֶענְדִיג הָאט דְרֵייפוּס גֶעעֶנְטפֶערְט:

— יֶענֶע מוּזְט אִיהר זוּכֶען אִין יַם. אוּנְזֶערֶע חֲבֵרִים הָאבֶען נִיט גֶעוַוארְט אויף אַיךְ און אַלֵיין גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין אָצֶעאַן.

— צוּם טַייפֶעל! — הָאט זיך דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעעֶרְגֶערְט — זַיי זֶענֶען מִיר אַרוּיס פוּן די הֶאנְד.

אִין אַפָּאר סֶעקוּנְדֶען אַרוּם, אַז די לָאדְקֶע אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען גַאנְץ נָאהֶענְט הָאט עֶר ווִיעדֶער גֶעפְרֶעגְט:

— און דֶעם פָּאדְרַאצִיק פַּאנְטַאלָאנְס טָאכְטֶער אִיז אויךְ מִיט זַיי דֶערטְרוּנְקֶען?

— יָא.

גְרֶעפּפִין הָאט אַ ווִינְק גֶעגֶעבֶּען און זֶעקְס סָאלְדַאטֶען זֶענֶען אַריין אִין שִׁיף אַרִיבֶּערצוּשְׁלֶעפֶּען מִירָאווִיצֶען מִיט דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס אִין דֶעם גוּבֶערְנַאטָארְס לָאדְקֶע, ווֶעלְכֶע אִיז בַּאלְד אַוֶעקְגֶעשְׁוואוּמֶען צוּ דֶער דַאמְפְּפשִׁיף.

דְרֵייפוּס און מִירָאווִיץ זֶענֶען גֶעזֶעסֶען צְווִישֶׁען צְוֵויי סָאלְדַאטֶען, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע קֶעפּ די אָנְגֶעלָאדֶענֶע בִּיקְסֶען.

די סָאלְדַאטֶען פוּן די אִיבְּרִיגֶע לָאדְקֶעס זֶענֶען דֶערוַוייל אַריין אִין שִׁיף, דָארְטֶען צוּ מַאכֶען אָרְדְנוּנְג.

זֵייעֶר אַרְבֵּייט הָאט אָבֶער לַאנְג נִיט גֶעדוּיעֶרְט.

אויף דֶעם אָרְט פוּן דֶער אַרֶעסְטַאנְטֶענְס שִׁיף הָאט זיך בֶּעווִיזֶען אַ וָואלְקֶען פוּן רויךְ און טוֹידְטֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרוּמְגֶעשְׁווֹאוּמֶען אִיבֶּער'ן יַם.

ווָאס אִיז דָארְטֶען גֶעשֶׁעהן?

דֶער מְצוֹרָע, ווֶעלְכֶער אִיז די גַאנְצֶע צֵייט גֶעזֶעסֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין קַאיוּטֶע — הָאט צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען די גַאנְצֶע פּוּלְוֶוער.

אַז דְרֵייפוּס און מִירָאווִיץ זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶוען אַרִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען אִין דֶעם

גובערנאַטאָרס לאַרקע האַט ער אונטערגעצונדען די פולווער און אויף אַזאַ אַרט זיך דאָס לעבען גענומען.

ער האַט אָבער פערגעסען, אַז דאַבִיי האָבען אויך געמוזט ליידען צוואַנציג אונשולדיגע מענשען...

VI.

# איין גנב נאַרט דעם צווייטען.

איינע פון די גרעסטע שאַנזאנעטען אין ברִיסעל איז מיט עטליכע יאָהר צוריק געוועזען די פּרימאַדאָננאַ [1]) פון דער גרויסער אָפּערא, נינאָן דע קלער.

מיט איהר געשיקליכקייט און עלעגאַנטקייט איז זי געווען אַ עכטע פּאַריזערקע און איהר שטימע האַט איינפאַך בעצויבערט יעדערען, ווער ס'האַט נור געקענט האָבען דאָס פערגעניגען זי צו הערען זינגען, און ניט נור ביי די מאַננסבּיללען האָט זי נושא חן געוועזען, נור זאָגאַר די פרויען האָבען ניט אויפגעהערט צו פּאַטשען „בראַוואָ", ווען די שאַנע נינאָן איז פערגעטרעטען אויף דער סצענע און מיט אַ בעזונדערען געפיהל אָבגעזונגען איהר טהייל פון דער אָפּערא.

ווייניג ווער האָט געוואוסט געני דעם שטאַמם, פון וואַננען זי קוממט אַרויס.

פאַר אַללעמען איז נור געבליבען אַ וואונדער פאַר וואָס נינאָן מיט איהר טייערען טאַלענט זיצט אין בריסעל. דאַכט זיך מיט אַזאַ קול האַט זי געקענט דרייסט ווייט קוממען און פאַריזער אָפּערא האַט זיך מיט איהר ניט געמאַגט שעמען.

געפעהלט, הייסט, האַט איהר אין בריסעל אויך גאַר ניט.

נינאָן האָט געהאַט אַ פּרשטליכע געהאַלט און ניט איינער האַט איהר מקנא געוועזען דאָס רייך לעבען. אין איינעם פון בריסעלער קוואַרטאַלען, ווייט פון די האַנדעלס-גאַססען, פון מיטטען דער שטאָדט, האַט נינאָן געהאַט אַ איינענע ווילע [2]), וועלכע איז געשטאַנדען אין אַ שאַנעם דופטיגען גאָרטען.

ניט יעדערער האָט געהאַט די זכיה אַריינצוגעהן אין דעם רייכען פּאַלאַץ, וועלטען ווענן איז געווען דער פאַלל, נינאָן זאָלל איינלאַדען צו זיך גאַסט. אַז דער פאַלל האָט אָבער יאַ געטראָפען זענען די ציטונגען פולל געווען דערמיט, און איינער האָט דעם אַנדערען איבערגעגעבען די וואונדער פון דעם זעלטענעם באַל.

אין איין פריהמאָרגען אין מאָנאַט אָקטאָבער, איז שטעהן געבליבען פאַר דער

---

1) פרימאַדאָננא — די בעסטע זינגערין פון דער אפּערא, וועלכע זינגט אללע הויפּט־ראָללעס.

2) ווילל׳ע — א זוממער פּאַלאַץ.

זִינְגֶערְקֶעס פַּאלַאץ אַ הוֹיבֶער גְרוֹיסֶער מַאנן, וָועלְכֶער הָאט לויט זַיינֶע קְלֵיידֶער אוֹיס־גֶעזֶעהֶען וִוי אַ אִיטַאלְיֶענֶער.

עֶר הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען בַּיים גְלָאק אוּנ שְׁנֶעלל אַריין אִין פָּארְהויז, וֶוענן דֶער דִיעֶנֶער הָאט גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר.

– כְ'ווילל מִיךְ זֶעהֶען מִיט דֶעם פְרַיילַיין נִינָאן־דֶע־קְלֶער – הָאט עֶר גֶעזָאגְט דֶעם דִיעֶנֶער, וָועלְכֶער הָאט אִיהְם פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט.

– לֵיידֶער גֶעהמְט יֶעצְט דָאס פְרַיילַיין נִיט אָן – הָאט דֶער דִיעֶנֶער דֶעם פְרֶעמְדֶען דֶעלִיקַאט גֶעעֶנְטפֶערְט.

בַּיי דִי וֶוערְטֶער אִיז פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק אויף דִי טְרֶעפּ אַרָאבגֶעגַאנְגֶען אַ יוּנְגֶע, רַיין גֶעקְלֵיידֶעטֶע שְׁטוּב־מֵיידֶעל.

– פְרַיילַיין לִיזַא – הָאט זִיךְ צוּ אִיהְר אָבגֶערוּפֶען דֶער דִיעֶנֶער – גֶעהמְט יֶעצְט אוּנְזֶער מַאדַאם אָן וִויזִיטֶען?

– מַארְמוּאָזֶעל נִינָאן־דֶע־קְלֶער שְׁלָאפְט נָאךְ יֶעצְט גַאנְץ גֶעשְׁמַאק – הָאט זִיךְ אָבגֶערוּפֶען דִי שְׁטוּב־מֵיידֶעל, אוּנ אויךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ צוּ דֶעם פְרֶעמְדֶען אִיטַאלְיֶענֶער – גֶעכְטֶען אויף דֶער נַאכְט אִיז זִי גַאנְץ שְׁפֶּעט גֶעקוּמֶען פוּן טְהֶעאַטֶער אוּנ עֶרְשְׁט זַייגֶער צְוַויי זִיךְ גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען. יֶעצְט אִיז דֶער זַייגֶער אַכְט אוּנ אִין דֶער שָׁעָה גֶעהמְט זִי אִיבֶּערהויפְּט קֵיינֶעם נִיט אָן.

– אֲפִילוּ אַ וִויזִיט – הָאט זִיךְ דֶער פְרֶעמְדֶער גֶעוָוענְדֶעט – וָועלְכֶער קוּמְט פוּן דֶעם וַוייטֶען אִיטַאלְיֶען אויף מַארְמוּאָזֶעל דֶע־קְלֶערס אַיינְלַאדוּנְג? נִינָאן אִיז וִוירְקְלִיךְ גְרוֹיסס אִין אִיהְר פַאךְ, כְ'בִּין אָבֶער אויךְ בַּיי זִיךְ נִיט אַרָאבגֶעפַאלֶען, אַ בֶּערִיהמְטֶער מַאלֶער הָאט אויךְ פַיינְד אוֹיסצוּשְׁטֶעהן פְרֶעמְדֶע קַאפְּרִיזֶען.

– גֶעעֶהרְטֶער הֶערר, וָואס קֶענן אִיךְ אַייךְ הֶעלְפֶען אַז בַּיי אוּנְז אִיז שׁוֹין אַזוֹי פוּן יָאהרֶען אַיינְגֶעפִיהרְט, גֶעסְט אוֹיפצוּנֶעהמֶען נוּר צְווִישֶׁען צְוַויי אוּנְד זֶעקְס דֶעם זַייגֶער נָאכְמִיטָאגְס.

– דָאס אִיז אַלְץ גַאנְץ שֶׁאן אוּנ גוּט, כְ'הָאבּ דָאךְ אָבֶער אַייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט, אַז מִיךְ קֶענְנְט אִיהְר נִיט גְלַייכֶען מִיט אַלֶע אַנְדֶערֶע אוּנ כְ'בֶּעט אַייךְ דִי מִינוּט אוֹיפצוּוֶועקֶען אַייעֶר מַאדַאם.

– דֶער הֶערר אַלֵיין פֶערְשְׁטֶעהט דָאךְ אַז דָאס טָאר אִיךְ נִיט טְהוּן.

– אויף מַיין פֶערַאנְטְוָוארְטְלִיכקַייט, כְ'נֶעהם עֶס אויף מִיר. אִיהְר זָאגְט נוּר אַייעֶר מַאדַאם, אַז סְ'אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פָאהרֶען דֶער אִיטַאלְיֶענִישֶׁער מַאלֶער אַלֶעססַאנְדְרָא פְרַאסְקַאטוֹ, אוּנ זִי וֶועט אַייךְ נָאךְ דַאנְקְבַּאר זַיין, פַאר וָואס אִיהְר הָאט זִי אוֹיפְגֶעוֶועקְט.

דֶער פְרֶעמְדֶער אִיז גֶעוֶועזֶען בַּיי זִיךְ אַזוֹי פֶעסְט אַז דָאס שְׁטוּב־מֵיידֶעל הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֵיידֶען אוּנ אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ הֶערֶען וִוי אויף דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט אַ טְהִיר.

דֶער אִיטַאלְיֶענִישֶׁער מַאלֶער אִיז דֶערְוַוייל אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם פָאדֶער־

צימֶער הִין און צורִיק און מִיט אַ מִינֶע פון אַ גְרויסֶען קֶענֶער בֶּעטְרַאכְט דִי קְלֵיינֶע בִּילְדֶער, וָואס זֶענֶען גֶעהַאנְגֶען אִין צִימֶער. דֶער דִינֶער הָאט אִיהם גֶע-וָואלְט אַרוּנְטֶערְגֶעהֶמֶען דִי רַייזֶע-טַאש, נור דֶער פְרֶעמְדֶער הָאט עֶס נִיט עֶרְלויבְּט.

אִין פִינְף מִינוּט שְׁפֶּעטֶער אִיז שׁוין פְרַיילֵיין לִיזַא גֶעוֶוען צורִיק. ס'אִיז אָן אִיהר גֶעוֶוען קֶענְטִיג אַז זִי אִיז זֶעהר אִיבֶּערְרַאשְׁט דֶערְמִיט וָואס דָא קוּמְט יֶעצְט פָּאר. זִי הָאט זִיךְ אַ נֵייג גֶעגֶעבֶּען אוּנ גֶעזָאגְט:

— סִינְיָאר [1] אַללֶעססַאנְדְרָא פְרַאסְקַאטוּ וֶועט אַזוֹי גוּט זַיין אוּנ מִיר נָאכְגֶעהֶען. מַיין מַאדַאם הָאט גֶעבֶּעטֶען סִינְיָאר זָאלל זִי אוֹיפְוַוארְטֶען אִין דֶעם קְלֵיינֶעם זַאלָאן, בִּיז זִי וֶועט פַארְטִיג וֶוערֶען מִיט אִיהר טוּאַלֶעט.

דֶער מַאלֶער הָאט זִיךְ אַ נֵייג גֶעגֶעבֶּען.

מִיט דֶער גֶעשְׁטְרִיקְטֶער רַייזֶע-טַאשׁ אִין דֶער הַאנְד אִיז עֶר נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם שְׁטוּב-מֵיידֶעל אוֹיף דִי טְרֶעפּ, בִּיז זֵיי זֶענֶען אַרַיין אִין אַ צִימֶער, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהֵייסֶען בַּיי דֶער זִינְגֶערִין „דָאס רוֹיזֶען-צִימֶער“.

דִי זַיידֶענֶע טַאפֶּעטֶען זֶענֶען גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעשְׁטִיקְט מִיט גֶעלֶע אוּנ וַוייסֶע רוֹיזֶען, דִי מֶעבֶּעל דֶעסגְלַייכֶען, אוּנ אִיבֶּער דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁפִּיגֶעל פוּן קְרִיסְטַאל הָאבֶּען זִיךְ גֶעדְרֵייט דִי רֶעמֶען וְוִי שְׁלַאנְגֶען אוֹיס קִינְסְטְלִיךְ גֶעמַאכְטֶע רוֹיזֶען פוּן פָּארְצֶעלַאן.

זָאגַאר דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע לֶעמְפְּלֶעךְ הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וְוִי בּוּקֶעטֶען פוּן וַוייסֶע רוֹיזֶען.

דֶער מַאלֶער הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוֹיף אַ נִידְרִיגֶען וַויכֶען שְׁטוּהל אוּנ דִי רַייזֶע-טַאשׁ אַוֶועקְגֶעלֵייגְט נֶעבֶּען זִיךְ.

— נִינְיָאן אִיז, כ'לֶעבֶּען, נִיט קֵיין נַאר אוּנ פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ אוֹיף קֶאֱמָנוּת וְוִי צוּ פִיהרֶען — הָאט עֶר גֶעמוּרְמֶעלְט צוּ זִיךְ — וְוִי לַאנְג אִיז דֶענן נָאךְ וְוִי זִי הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אִין פַּארִיז אוּנ קוים פֶערְדִינְט אוֹיף בְּרוֹיד מִיט דִי לֶעקְצְיָאנֶען וָואס זִי הָאט גֶעגֶעבֶּען אוֹיף מוּזִיק? הַיינְט אִיז פוּן אִיהר גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶע דַאמֶע אוּנ זִי לַאכְט שׁוֹין גֶעוִויסס פוּן אִיהרֶע אַמָאלִיגֶע תַּלְמִידוֹת (שִׁילֶערִינְנֶען). חַא, חַא, חַא, וָואס קֶענן אַלְץ פוּן אַ מֶענְשֶׁען וֶוערֶען!

נֵיין, נִיט מִיר וֶועט זִי דָאס אַיינְרֶעדֶען, אַז דִי גַאנְצֶע עֲשִׁירוּת הָאט זִי נוּר פוּן גֶעהַאלְט. אוֹיסֶערְדֶעם מוּז זִי גֶעווִיסס הָאבֶּען נָאךְ זַייטִיגֶע פֶּעטֶע פֶערְדִינְסְטֶען. מִיט'ן עֶהרְלִיכֶען וֶועג קֶענן מֶען נִיט לֶעבֶּען אַזוֹי בְּרֵייט.

אַבִּיסֶעל וַוייסס אִיךְ דָאךְ אוֹיךְ פוּן וַואנֶען זִי שֶׁעפְּט דִי עֲשִׁירוּת — בַּיי דִי וָוארְטֶער הָאט דֶער מַאלֶער אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען — פוּן מֶעקְלֶערַיי בַּיים פֶערְקוֹיפֶען דִי סוֹדוֹת פוּן פְרַאנְצוֹיזִישֶׁער רֶעפּוּבְּלִיק קֶענן מֶען אוֹיךְ אָבְלֶעקֶען אַ בֵּיין.

---

[1] סיניאר — הייסט אויף איטאליעניש הערר.

אַ שְׁפִּיאָן פֶערְדִיעֶנְט שְׁוֶוער אָבֶּער גְרָאבּ.

אַנַאר אִיז דֶער, וֶועלְכֶער קֶענְן אוּנ ווילל נִיט אַרַיינְשַׁארֶען יֶענֶעמְס גֶעלְד צוּ זִיךְ.

אַ מֶענְשׁ לֶעבְּט נִיט אֵייבִּיג, אוּנ דִי עֶטְלִיכֶע צֶעהְנְדְלִיג יָאהר וָואס אִיהם אִיז בֶּעשֶׁערְט צוּ גֶעוֶועלְטִיגֶען, בֶּעדַארְף עֶר זִיךְ זִיסס מַאכֶען אִין נַחַת אוּנ וואהלְטָאג.

אוּנ דֶער אִיטַאלְיֶענֶער הָאט אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט דִי הַאנְד אוּנְטֶער׳ן מַאנְטֶעל זִיךְ אִיבֶּערְצוּצַייגֶען אוֹיבּ דֶער אוֹצָר אוֹיף זַיין בְּרוּסְט אִיז נָאךְ גַאנְץ.

דַאמָאלְס הָאט זִיךְ דִי מְהִיר גֶעעֶפֶענְט אוּנ דִי זִינְגֶערִין אִיז אַרַיין אִין צִימֶער.

נִינָאן־דֶע־קְלֶער אִיז נִיט גֶעוֶוען הויךְ גֶעוַואקְסֶען אָבֶּער דַאגֶעגֶען פוּל מִיט חֵן.

לַאנְגְזַאם הָאט זִי צוּגֶעשְׁלָאסֶען הִינְטֶער זִיךְ דִי מְהִיר אוּנ עֶרְשְׁט נָאכְדֶעם צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם אִיטַאלְיֶענֶער, וֶועלְכֶער אִיז שְׁנֶעלל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זַיין אָרְט.

זִי הָאט צוּ אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁטֶעקְט בֵּיידֶע הֶענְד.

— קוּים אַ מָאל, גְרַאף עֶ ס טֶ ע ר הַ א זִ י, זֶעהט מֶען זִיךְ וִויעדֶער.

— נוּר נִיט מִיט דֶעם נָאמֶען, גוּטֶע פְרַיינְדִין — הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר גִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיהר אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין דִי מִילְךְ־וַוייססֶע הֶאנְטֶעל — ס׳קֶענְן נִיט טוֹיגֶען פַאר אוּנְז בֵּיידֶען, וֶוענְן וֶוער פוּן אַיְיעֶרֶע דִיעֶנֶער זָאלל גֶעוָואהר וֶוערֶען מַיין רִיכְטִיגֶען נָאמֶען.

יֶעצְט הֵייסס אִיךְ אַלֶעססַאנְדְרָא פְרַאסְקַאטוֹ, אַ בֶּערִיהמְטֶער מַאלֶער פוּן אִיטַאלְיֶען, וֶועלְכֶער אִיז עֶקְסְטְרַא אַרָאבּגֶעפָאהרֶען אָבְּצוּמָאלֶען אַייֶער בִּילְד.

— פַאר אַייֶער פָּארְזִיכְטִיגְקֵייט, גְרַאף, זַייט אִיהר וֶוערְט אַ מֶעדַאל — הָאט דִי זִינְגֶערִין אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — אוּנ דַארִיבֶּער ווּאוּנְדֶערְט עֶס מִיךְ נָאךְ מֶעהר וִוי אַזוֹי אִיהר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ מִיר צוּ קוּמֶען אִין אַזַא פְרִיהֶע שָׁעָה. אִיהר וַוייסְט דָענְן נִיט אַז יֶעדֶע אַרְטִיסְטִין אִיז אִין חְשַׁד אוּנ וִוי פִיעל הָאט עֶס גֶעפֶעהלְט אִיהר זָאלְט אַרַיינְפַאלֶען אִין אַ צָרָה?

— הַיינְט בִּין אִיךְ גְרַאדֶע גְלִיקְלִיךְ דוּרְךְ — הָאט אִיהר דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אוּנְטֶערְגֶעבְּרָאכֶען דִי רֵייד — קֵיינֶער אִיז נָאךְ מִיר נִיט נָאכְגֶעגַאנְגֶען אוּנ כ׳וָואלְט שְׁוֶוערֶען, אַז קֵיין אֵיין אֵיינְצִיגֶער מֶענְשׁ הָאט מִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען וִוי אִיךְ בִּין אַהֶער גֶעקוּמֶען. אִיבְּרִיגֶענְס הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעהַאט קֵיין אַנְדֶער בְּרֵירָה. אִין אַ הָאטֶעל הָאבּ אִיךְ מוֹרָא גֶעהַאט אַרַיינְצוּפָאהרֶען, מֶען זָאלל מִיךְ טַאקִי נִיט דֶערְקֶענֶען, אָבְּוָואהל כ׳הָאבּ גֶעפַארְבְּט דִי בָּארְד אוּנ טְרָאג אַ שַׁייטֶעל. יֶעצְט עֶרְשְׁט זֶעה אִיךְ אַז כ׳הָאבּ גוּט גֶעטְהוּן, וָואס כ׳בִּין נִיט אַרַיינְגֶעפָאהרֶען אִין אַ הָאטֶעל. דֶער בֶּעסְטֶער סִימָן אִיז, אִיהר הָאט מִיךְ דִי מִינוּט דֶערְקֶענְט.

— אִיךְ נִיט דֶערְקֶענֶען? אַזַא פַייֶערְדִיגֶען יוּנְגֶען מַאנְן? — הָאט זִיךְ נִינָאן צוּלַאכְט.

— וָואס קוּמְמְט אָבֶּער אַרוֹיס פוּן מַיין פַּייֶער, אַז אִיהר קִיהלְט עֶס בַּאלְד אָב מִיט אַייֶער שְׁרֶעקְלִיכֶען אַייז.

— לָאזְט אָב, גְרַאף — הָאט דִי זִינְגֶערִין זִיךְ שׁוֹין עֶרֶענְסְט אָבְּגֶערוּפֶען — אִיהר זַייט דָאךְ נִיט אַהֶער גֶעקוּמֶען אַזַא וַוייטֶע נְסִיעָה, פוּן פַּארִיז קַיין בְּרִיסֶעל, מִיר צוּ מַאכֶען קָאמְפְּלִימֶענְטֶען. גֶעוִויסס הָאט אִיהר דַאבַּיי אַ וִויכְטִיגֶערֶען אִינְטֶערֶעס, זִיךְ אָבְצוּרֶעכֶענֶען מִיט אוּנְזֶער בֵּיירֶענְם שׂוֹנֵא.

— אוּנְזֶער בֵּיירֶענְם שׂוֹנֵא? — הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אִיבֶּערְגֶעפְרֶאגְט — וֶוער זָאלל עֶס דֶענְן זַיין, שֶׁאנֶע דַאמֶע? וֶועמֶען מֵיינְט אִיהר דֶערְמִיט?

— פְרַאנְקְרַייךְ, אָדֶער בֶּעססֶער גֶעזָאגְט, דִי פְרַאנְצֶעזִישֶׁע רֶעפּוּבְּלִיק.

אוּנ דֶער זִינְגֶערִינְס אוֹיגֶען הָאבֶּען בַּיי דִי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען מִיט הַאסס.

— פַאר מִיר, גְרַאף, הָאט אִיהר דָאךְ נִיט וָואס צוּ לַייקֶענֶען, אַז אִיהר הָאט אוֹיךְ דִי רֶעפּוּבְּלִיק נִיט וֶוענִיגֶער פַּיינְד וִוי אִיךְ. אוּנ נִיט אוּמְזִיסְט. אַ קְלֵיינִיגְקַייט, אַזַא פֶּעהִיגֶער אָפִיצִיער וִוי אִיהר, מַיין פְרַיינְד, אַזַא שַׁארְפֶער גַייסְט, פוּל עֶנֶערְגִיֶע אוּנ לֶעבֶּען, אִיז נָאךְ בִּיז יֶעצְט אַלְץ אוֹיף דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מַעֲמַד, אַ אַייבִּיגֶער מַאיָאר, אוּנ וֶוער אִיז דֶענְן אִין דֶעם שׁוּלְדִיג? אַלְץ דִי רֶעפּוּבְּלִיק מִיט אִיהרֶע פְרַייֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע פִיהרֶען אַללֶעמֶען פַאר'ן נָאז.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעם.

דִי פְרוֹי הָאט גֶעוואוּסְט מִיט וָואס אִיהם צוּ נֶעהמֶען, זִי הָאט גֶעקֶענְט זַיינֶע שְׁוַואכֶע זַייטֶען.

— יָא, יָא, נִינָאן! — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ זַיין בְּלֵייכֶעס גֶעזִיכְט אִיז גֶעוָוארֶען טְרוֹיֶערִיג — כְ'ווֵייסס אַז אִיהר הָאט פַיינְד פְרַאנְקְרַייךְ פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען אוּנ כְ'בִּין שׁוֹין זֶעהר נַייגִיעֶרִיג צוּ וִויסֶען וָואס אִיהר וֶועט זָאגֶען, וֶוענְן כְ'וֶועלל אַייךְ פֶּערְטְרוֹיֶען אַ סוֹד, אַז אִיךְ טְרָאג יֶעצְט אוֹיף דֶער בְּרוּסְט אַ גֶעהֵיימְנִיסס, וֶועלְכֶע קֶענְן אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען דִי רֶעפּוּבְּלִיק, וֶוענְן עֶר פַאללְט נוּר אַרַיין אִין גֶעהֶערִיגֶע הָאנְד.

נִינָאן־דֶע־קְלֶער הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט גַאנְץ שְׁטַארְק אַיינְהַאלְטֶען אוּם נִיט אַ גֶעשְׂרֵיי צוּ גֶעבֶען פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה.

— אִיהר הָאט בַּיי אַייךְ דָאקוּמֶענְטֶען — פְּלֶאנֶער — וִויכְטִיגֶע פַּאפִּיעֶרֶען — הָאט זִי הַאסְטִיג אִין אֵיין אָטְהֶעם גֶעפְרֶעגְט. אַךְ, וַוייזְט נוּר — כְ'זָאלל זֵיי נוּר אָנְקוּקֶען — וִוי פִיעל וִוילְט אִיהר פַאר זֵיי? — רֶעדְט גֶעשְׁווִינְד!

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אִיז גֶעגַאנְגֶען אַ פָּאר טְרִיטט צוּרִיק.

גְלֵייךְ וִוי עֶר וָואלְט וֶועללֶען אָבְּהִיטֶען זַיין אוֹצָר פוּן אַ סַכָּנָה, הָאט עֶר זַיי הַאנְד אַנִיעדֶערְגֶעלֶעגְט אוֹיף דֶער בְּרוּסְט.

— לַאנְגְזַאם, זִיךְ נִיט גֶעאַיילְט — הָאט עֶר כִּמְעַט גְרָאב גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיהר דַארְפְט וִויסֶען אַז דָאס מָאל הָאב אִיךְ מִיךְ בֶּעשְׁלָאססֶען, דִירֶעקְט צוּ הַאנְדְלֶען

מִיט יֶענֶער פֶּערְזָאן, וָועלְכֶער כְּ'הָאבּ מִיט אַ יָאהר צוּרִיק דוּרְךְ אַייךְ אִיהר פֶּערְקוֹיפְט מַיין נְשָׁמָה אוּנ גֶעוִויסֶען. דָאס מָאל, פֶּערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ, הָאבּ אִיךְ אִין מַיין הַאנְד פְּלֶאנֶער, וָועלְכֶע וַוייזֶען דֶעם שׂוֹנֵא גְלַייךְ דֶעם וֶועג קַיין פַּארִיז אוּנ גָאר אָהן מִיה פַאלֶען אַללֶע פְרַאנְצֶעזִישֶׁע פֶעסְטוּנְגֶען בַּיי אִיהם אִין דִי הֶאנְד.

— וואהל אִיז דֶער וֶועלְט! מֶען וֶועט בַּיי אַייךְ דִי פַּאפִּיעֶרֶען קוֹיפֶען מִיט'ן גְרֶאסְסְטֶען פֶּערְגֶעניגֶען.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אִין כַּעַס אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער פוּסס.

— וַוייטֶער "מֶען וֶועט" אוּנ נָאךְ אַ מָאל "מֶען וֶועט" — הָאט עֶר זִיךְ גֶעבְּלָאזֶען — אוּנ וֶוענן וֶועלל אִיךְ שׁוֹין אַ מָאל וִויסֶען מִיט וֶועמֶען כְּ'הָאבּ אֵייגֶענְטְלִיךְ צוּ טְהוּן? וֶוענן וֶועלל אִיךְ שׁוֹין גֶעוָואהר וֶוערֶען, וֶוער סְ'אִיז פְרַאנְקְרַייכְ'ס שׂוֹנֵא וֶועמֶען אִיךְ טְרוֹי אָן מַיין הָאנֶער, אוּנ נָאךְ מֶעהר — מַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען?

דִי זִינְגֶערִין הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס.

— וָואס קֶענן עֶס אַייךְ אָנְגֶעהֶען? — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ פְרַאגֶע — דִי פֶּערְזָאן, וָועלְכֶע בֶּעצָאהלְט אַייךְ מִיט גֶעלְד פַאר אַייֶער סְחוֹרָה וֶועט דָאךְ גֶעוִויסס קֵיינֶעם נִיט עֶרְצֶעהלֶען, וֶועגֶען דֶעם מֶעגְט אִיהר שְׁלָאפֶען גַאנְץ רוּהִיג. אִיבְּרִיגֶענְס, גְרַאף, אַייךְ דַארְף מֶען דָאךְ נִיט אַיינְגֶעבֶּען קֵיין שֵׂכֶל, אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט דָאךְ בֶּעססֶער פַאר אוּנְז אַז מֶען בֶּעדַארְף וֶועמֶען צוּ מַאכֶען פַאר אַ „שָׂעִיר הַמִשְׁתַּלֵחַ"[1].

— וָואס מֵיינְט אִיהר דֶערְמִיט? — הָאט דֶער גְרַאף נִינָאנֶען פֶּערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט.

דִי שֶׁאנֶע זִינְגֶערִין הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּלַאכְט.

נָאכְדֶעם הָאט זִי אַרוֹיף גֶעלֶעגְט דִי הֶאנְד אוֹיף עֶסְטֶערְהַאזֶעס פְּלֵייצֶעס אוּנ אִיהם אַרַיינְגֶערוֹימְט אִין אוֹיעֶר:

— כְּ'הָאבּ דֶערְמִיט גֶעמֵיינְט דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס, דֶעם פֶּערשִׁיקְטֶען אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל. חַא, חַא, גְרַאף, אִיהְר וֵוייסְט, אִיהר הָאט עֶס גֶעמַאכְט ווי אַ אֶמֶתֶער אַרְטִיסְט, אַ מַייסְטֶער־שְׁטִיקק. נוּ, הָאבּ אִיךְ שׁוֹין רֶעכְט, אַז אִין אַ נוֹיט קֶענְנְט אִיהר תָּמִיד גֶעפִינֶען עֶפֶּעס אַ דְרֵייפוּסֶען, אוֹיף אַ כַּפָּרָה פִיר זִיךְ?

— כְּ'הָאבּ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט אַז נִינָאן־דֶע־קְלֶער אִיז אַזוֹי קְלוּג ווִי שֶׁאן. גָאטט מַיין גָאטט, מִיט אַזַא וַוייבּ ווִי אִיהְר וָואלְט אִיךְ מִיר אוּנְטֶערגֶענוּמֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אַיינְצוּנֶעהמֶען.

— שׁוֹין ווִיעדֶער מִיט קָאמְפְּלִימֶענְטֶען? דַאכְט זִיךְ מִיר אַז מִיר הָאבֶּען נָאךְ אוּנְזֶער גֶעשֶׁאפְט נִיט גֶעעֶנְדִיגְט. ווִי פִיעל פֶּערלַאנְגְט אִיהְר פַאר אַייֶערֶע דָאקוּ־מֶענְטֶען?

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט זִיךְ אַ וַויילֶע פֶערְטְרַאכְט. עֶר הָאט אַלֵיין פֶּער־

---

[1]) אַ שעיר המשתלח — הייסט אַ פערשיקטער באָק. דאס איז געווען אַמאל דער קרבן פאר אַללע יודישע עברות.

שְׁטַאנְגֶען, אַז עֶר בֶּעט צוּ פִיעל, נוּר דֶער חֵשֶׁק צוּ גֶעלְד אִיז גֶעוֶועֶן גְרוֹיסס.

פִּיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְּרַאנְק — הָאט עֶר גֶעזָאגְט עֶטְוָואס אוּנְזִיכֶער — פֶּערשְׁטֶעהט אִיהְר מִיךְ, כְ׳הָאבּ בַּיי מִיר דִי פְּלֶאנֶער פוּן פִּיער ווִיכְטִיגֶע פֶּעסְטוּנְגֶען, אוּנ מִיר דַארְפְט זִיךְ, אַז מִיט הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְּרַאנְק אִיז יֶעדֶערֶער נִיט צוּ טְהַייעֶר בֶּעצָאהלְט.

ווִי גְרוֹיסס אִיז אָבֶּער גֶעוֶועֶן זַיין וואוּנְדֶער וֶוענְן דִי זִינְגֶערִין הָאט אִיהְם רוּהִיג אוּנ קַאלְטבְּלוּטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— דֶער פְּרַייז אִיז נִיט טְהַייעֶר. יֶעצְט אַלְזָא, לִיעבֶּער פְרַיינְד, וֶועלֶען מִיר עֶטְוָואס צוּזַאמֶען פְרִיהשְׁטִיקֶען אוּנ בַּיים עֶסֶען וֶועלל אִיךְ אַייךְ אִיבֶּערגֶעבֶּען, ווִי אַזוֹי דָאס גֶעשֶׁאפְט זָאלל גֶעמַאכְט וֶוערֶען.

— כְ מוּז אַייךְ אָבֶּער בֶּעמֶערְקֶען, מַאדְמוּאַזֶעל נִינָאן — הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט — אַז לֶאנְגֶער ווִי פִּיער אוּנְד צְוַואנְצִיג שָׁעָה קֶענְן אִיךְ דָא אִין בְּרִיססֶעל נִיט בְּלַייבֶּען.

— הַיינְט אוֹיף דֶער נַאכְט וֶועט אִיהְר הָאבֶּען דָאס גֶעלְד — הָאט נִינָאן פֶּעסְט גֶעעֶנְטְפֶערְט.

זִי הָאט אָנְגֶעקְלוּנְגֶען אוּנ אִיהְר שְׁטוּבּ־מֵיידֶעל אִיז אַריין אִין צִימֶער.

— אַלְזָא גוּט, כְ׳בֶּעשְׁטֶעה אוֹיף דֶעם פְּרַייז פוּן דֶעם בִּילְד, סִינְיָאר פְּרַאסְקַאטוֹ, הָאט דִי זִינְגֶערִין דַאמָאלְס גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיכֶען טָאן אוּנ שְׁטָאלְץ אָנְגֶעקוּקְט דֶעם מַאלֶער — דָאס בִּילְד זָאלל אָבֶּער אַרוֹיסגֶעהֶען ווִירְקְלִיךְ גוּט, וֶועל אִיךְ אַייךְ בֶּעטֶעטֶען בַּיי מִיר אִין הוֹיז צוּ בְּלַייבֶּען, כְּדֵי אִיהְר זָאללְט שְׁטֶאנְדִיג הָאבֶּען דֶעם אָרִיגִינַאל פַאר זִיךְ. מַיין שְׁטוּבּ־מֵיידֶעל וֶועט אַייךְ אָנְוַייזֶען אַ צִימֶער אוֹיף דֶעם צְווייטֶען שְׁטָאקק, אִין אַ פֶערְטִיל שָׁעָה אַרוּם וֶועט אִיהְר אַזוֹי גוּט זַיין אַרוּנְטֶערגֶעהֶען אִין מַיין עֶססְצִימֶער צוּ פְרִיהשְׁטִיקק.

אוּנ מִיט אַ שְׁטָאלְצֶען נֵייג אִיז נִינָאן דֶע קְלֶער אַרוֹיס פוּן צִימֶער.

דָאס שְׁטוּבּ־מֵיידֶעל הָאט דֶערוַוייל אַרוֹיפגֶעפִיהְרְט עֶסְטֶערהַאזִען אִין צְוַויי עֶלֶעגַאנְטֶע צִימֶערֶען. דָארְטֶען הָאט עֶר אוֹיסגֶעטְהוּן דֶעם מַאנְטֶעל מִיט דֶער רַייזֶע־טַאשֶׁע, זִיךְ אַרוּמגֶעוַואשֶׁען פוּן דֶעם וֶועג, פֶערְרוֹיכֶערְט אַ צִיגַאר אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פֶּערקְלֶערְט צוּ שְׁפַּרַייזֶען הִין אוּנ הֶער.

— אַלְץ גֶעהט ווִי גֶעוואוּנְשֶׁען — הָאט עֶר שְׁטִילל צוּ זִיךְ ווִי גֶעמוּרְמֶעלְט — פִּיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְּרַאנְק קְרִיעג אִיךְ פַאר דִי גֶעגַנְבֶהטֶע דָאקוּמֶענְטֶען. לֶעבֶּען זָאלל מַאקִי חַוָּה רִיטֶער, וָואס זִי הָאט מִיר דַאמָאלְס גֶעהָאלְפֶען אַיינְשְׁלֶעפֶּערֶען דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס אוּנ בַּיי אִיהְם דִי שְׁלִיססֶלֶען פוּן זַיין שְׁרַייבּ־טִישׁ אַרוֹיסצוּגַנְבֶהנֶען. פִּיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְּרַאנְק — דָאס אִיז דָאךְ אַ וֶועלְט מִיט גֶעלְד, מִיט דֶעם קֶענְן אִיךְ אַיינְשְׁטִילֶען מַיינֶע חובות אוּנ נָאךְ פִיר זִיךְ אִיבֶּערלָאזֶען אַ קַאפִּיטַאל אוֹיף שְׁפֶּעטֶער אוּנ אִיבֶּער אַ נַייעֶס אָנְצוּהוֹיבֶּען דִי מִלְחָמָה מִיט דִי דְרֵייפוּסֶעס.

דָאס אִיז נָאךְ אַלְץ עֶרְשְׁט אַ אָנְהֵייבּ. מִיט דֶעם קַאפִּיטַאן אוּנ זַיין פַאמִילְיֶע בִּין

איך שוין פֿאַרטיג, ער וועט אַ לְיַאדע טאג אויסגעהען אויף דעם טייפֿעלס־אינזעל, זיין ווייב איז פֿערשוואונדען און לעבּט שוין געוויסס אויך ניט, דאס קינד האבּען צוגעחאַפּט ציגיינער, נור איין דרייפוס איז נאך איבּערגעבּליבּען, איין מיתה לעבּט נאך און געוועלטיגט.

ער וועט אָבּער אויך ניט לאַנג אָנציעהען, דער ערשטער מוז ער ערשט פֿאַללען פֿון מיין האנד. נישט קשה, געלד פֿעהלט מיר ניט.

איין זאך וואללט איך נאך געוואָללט, מיין מוטטער זאלל נאך דערלעבּען דעם טאג, ווען כ'וועלל איהר בּריינגען די גוטע בּשורה, אַז כ'האבּ געהאַלטען מיין וואָרט און זיך נוקם געוועזען אָן די גאַנצע משפּחה דרייפוס, וועלכע האט אָבּגעקויפֿט אונזערע גיטער און כּבוד פֿאַר געלד.

בּיי די ווערטער האט דער ווינד אַ בּלאָז געגעבּען אין אויוען און דעם שוואַרצען מאַיאָר האט זיך געדאַכט, אַז ער הערט אַ קרעכץ פֿון אַ גוסס.

אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען עסטערהאַזען איבּער אַללע גליעדער.

– וואס זאלל עס בּעדייטען? איז דען דאס ניט אַ סימן פֿון דעם טוידט, און מיין מוטטער האט אפֿשר טאַקי יעצט אין דער זעלבּער מינוט אַרויסגעלאָזען ד' נשמה?

– מוטטער! מוטטער! – האט ער ווילד אַ געשריי געגעבּען און זיך אָבּגעווישט דעם שוייסס פֿון שטערען – כ'וויל ניט דו זאָללסט שטאַרבּען, דו מוזט נאך לעבּען, די נקמה איז נאך ניט פֿאַרטיג.

נאכדעם האט ער אַרויסגענוממען זיין קליינעם נאָטיץ־בּוך און דעם זייגער און איינגעשריבּען מיט אַ בּלייפֿעדער אין בּיכעל פֿאָלגענדע ווערטער:

– צו איז מיין מוטטער טאַקי געשטאָרבּען דעם 7 אָקטאָבּער אין דער פֿריה 13 מינוט אויף צעהן?

נאכדעם האט ער ווידער בּעהאַלטען דעם נאָטיץ־בּוך און אַראָבּ אין ניינאָנס עססצימטער. געהענדיג האט ער נאך אַמאָל אַ טאַפּ געגעבּען צו די טייערע דאקומענטען, וועלכע דאַרפֿען פֿראַנקרייך אומגליקליך מאַכען, ליעגען נאך אויף זייער אָרט.

די שאַנע זינגערין ניניאָן דע־קלער האט איהם צוגענוממען זעהר פֿריינדליך.

אַז עסטערהאַזי האט זיך געזעצט נעבּען איהר האט זי איהם אַלליין אָנגעגאָססען קאַווע און מיט אַ געלעכטער געזאָגט:

– פֿאַר אונזערע סודות איז אַם בּעסטען אַז מיר זאָללען זיין אָבּגעשיידט פֿון דער גאַנצער וועלט.

און מיט דעם זעלבּען שמייכעל אויף די ליפּען האט זי בּאַלד נאָכדעם אַ דריקק געגעבּען אַ קנאָפּ.

די מינוט האבּען זיך אויפגעהויבּען פֿון דער פּאָדלאָגע, גלייך ווי אויף ספּרו־

זינגעם פיער מיט זייד אַרומגעשלאָגענע וואַנד, וועלכע האָבען אַרומגענומען דעם טיש מיט דער קאַפּע, אויף וועלכע זיי זיינען געזעססען.

גלייכצייטיג האָט זיך אויף די פיער וואַנד, פון סופיט אַראָבגעלאָזען אַ סאַמעטענער דאַך מיט אַ בּלוי־הימעל קאָליר און עלעקטרישע לעמפּלעך ווי שטערען האָבען בּעלויכטען דעם קינסטליך געמאַכטען צימער.

די זינגערין האָט זיך הערצליך צולאַכט איבּער עסטערהאַזיס איבּערראַשונג.

— די וואַנד זיינען פון שטאָהל — האָט זי געזאָגט — איהר מעגט ווי הויך רעדען, וועללען זיי אייער קול ניט דורכלאָזען.

מיר זיטצען דאָ פערמאַכט פון אַללע זייטען ווי אין אַ אייזערנע קאַססע, נור מיט מעהר רוחה און רייכטהום.

אָט אַזוי, זעהט איהר, עססט אַמאָל פריהשטיק אַ זינגערין, ווען זי וויל בּלייבּען אַלליין מיט אַ גוטען פריינד.

עסטערהאַזי האָט זיך ווירקליך ניט געקענט אָנוואונדערען, ווי רייך זיין מעקלערקע איז. אין עטליכע מינוט אַרום איז ער ערשט געקומען צו זיך און שוין עטוואָס רוהיגער געפרעגט:

— ווען אַלזאָ קענן דאָס געשעפט געמאַכט ווערען צווישען מיר און יענע פּערזאָן, וועלכע וויל קויפען די דאָקומענטען?

— היינט בּיי דערנאַכט. פריהער קענן עס ניט זיין, ווייל די פּערזאָן איז יעצט ניט דאָ אין בּריססעל. כ'האָבּ איהם נור וואָס דעפּעשירט אויף אַזאַ שפּראַך וואָס מיר בּיידע פערשטעהען עס און ער וועט אַ מינוט ניט וואַרטען און קוממען צו פאָהרען.

— וואו וועללען מיר אונז אָבּער זיך צוזאַממענטרעפפען?

— אויף דעם מאַסקען־בּאַל אין דער גרויססער אָפּערע. מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז דער ריכטיגסטער אָרט, און קיין בּעססערע געלעגענהייט בּעדאַרף מען גאָר ניט.

— ער וועט בּעצאָהלען אין בּאַאַר?

— וועגען דעם האָבּ איך שוין אויך געקלערט. ס'איז זאָגאַר זעהר אומבּעקוועם אַזאַ גרויססע סוממע מיט זיך צו שלעפּפען אויפ'ן בּאַלל, ס'איז אָבער דאָך ניט דאָ קיין אַנדער בּרירה, ווייל אין אַזעלכע געשעפטען איז מיט אַ אָנווייזונג נאָך ערגער. און נאָך אַללעמען וועט דער פרעמדער מוזען מיט זיך מיטנעהמען דאָס געלד און איך בּאַלד אויף דעם בּאַלל דערלאַנגען אַ פּאַקעט פון פיער הונדערט טויזענד פראַנק־שטיק. אַ, נאָך אַזאַך מוז איך אייך זאָגען אַלס עצה טובה, איהר זאָללט בּאַלד פון דעם בּאַלל פאָהרען מיט דעם שנעללצוג אַהיים. פראַנקרייך, פערשטעהט איהר מיך, שיקקט יעצט אַרום איהרע אַגענטען, און זיי קענען לייכט דערקענען דעם פרעמדען, מיט וועמען איהר וועט מאַכען דאָס געשעפט. דאַמאָלס קענן זיי אויך פאַרקוממען וואונדערבּאַר וואָס טהוט איהר עפּעס דאָ גראַדע היינט. איזר ווייסט

דאָך אַללײן אַז אַזעלכֶע מִינֵי גֶעשֶׁאפְּטֶען, כָּל זְמַן זֵיי גֶעהֶען אָן איז גוט, קוים אָבֶער הֵייבְּט זיך אָן אַריינצופְלאָנטֶערֶען דִי גֶעהֵיים־פָּאלִיצֵיי אָדֶער אִיבֶּערהויפְּט אַ דְרִיטֶע פֶּערזָאן, אִיז שוין נִיט אַם בֶּעסְטֶען, נִיט גְלַאט, אונ סְ'קֶענֶען זִיךְ עֶנְדִיגֶען מִיט אַ אוּמְגְלִיקק.

— וֶוען גֶעהט אָב נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט דֶער שְׁנֶעלְלְצוּג קֵיין פַּארִיז? — הָאט עֶסְטֶערהַאזִי אַ בִּיסֶעל עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעפְּרֶעגְט.

— 20 מִינוּט נָאךְ דְרַיי דֶעם זַייגֶער פַאר טָאג.

— גוּט, מִיט דֶעם צוּג פָאהר אִיךְ אַהֵיים. כְּ'מֵיין בִּיז דַאמָאלְס וֶועט דִי זַאךְ שוין זַיין אִין אָרְדְנוּנְג. זָאגְט מִיר נוּר וֶועלְכֶע מַאסְקֶע וֶועט דֶער פְּרֶעמְדֶער טְרָאגֶען.

— עֶר וֶועט קוּמֶען אוֹיף דֶעם בָּאל אִין אַ קָאסְטִיוּם פוּן אַ הָאללֶענְדֶער בּוֹיעֶר. פַאר אַייךְ, גְרַאף, הָאבּ אִיךְ פָארבֶּעְרֵייטֶעט אַ לַאנְגֶען רָאק פוּן אַ „גַלַח”, אִיהר זָאלְלְט נִיט דַארְפֶען פִיעל בַּאלֶעמוּטְשֶׁען בַּיים אויסטְהוּן זִיךְ, וָוארוּם כְּ'הָאב אַלְץ מוֹרָא, אִיהר זָאלְלְט נִיט פֶערשְׁפֶּעטִיגֶען דֶעם שְׁנֶעלְלְצוּג.

מֶעהר הָאבֶּען זֵיי שוין נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ רֵיידֶען וֶועגֶען דֶעם, וִוי אַזוֹי צוּ פֶערקוֹיפֶען דִי סוֹדוֹת פוּן פְרַאנְקְרַייכֶער רֶעפּוּבְּלִיק אוּנ יֶעצְט הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גֶעשְׁפְּרֶעךְ אִיבֶּער זַייטִיגֶע זַאכֶען.

נִינָאן־דֶע־קְלֶער הָאט עֶרְצֶעהְלְט דֶעם גַאסְט אַז עֶטְלִיכֶע מָאנַאט צוּרִיק אִיז זִי גֶעוֶוען אִין אַמֶערִיקַא, כְּדֵי אויפְצוּפְרִישֶׁען אִיהר שְׁטִימְמֶע דוּרךְ אַ רֵייזֶע אוֹיף דֶעם יַם.

— נוּ, אוּנ דִי רֵייזֶע הָאט אַייךְ גוּט גֶעמַאכְט? — הָאט עֶסְטֶערהַאזִי גֶעפְּרֶעגְט.

אַנְשְׁטַאט אַ עֶנְטְפֶער מִיט וָוארְטֶער הָאט אִיהם דִי זִינְגֶערִין אויפְגֶעזוּנְגֶען אַ זִיסֶעס לִיעדֶעל אוּנ דַאבֵּיי אָנְגֶעגָאסֶען אַ גְלָאז אוּנְגַאר־וַויין.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט זִיךְ גֶערְן אַיינְגֶעהֶערְט צוּ דֶעם לִיעדֶעל אוּנ מִיט אַפֶּעטִיט גֶעטְרוּנְקֶען דֶעם וַויין אַיין כּוֹס נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען.

— אִיהר זֶעהט רֵייצֶענְד אוֹיס, נִינָאן — הָאט עֶר זִיךְ עֶנְדְלִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ הָאט אויסגֶעשְׁטֶעקְט זַיין הַאנְד דִי זִינְגֶערִין אַרוּמְצוּנֶעהמֶען בַּיי דֶער טַאלְיֶע — יֶעצְט אִיז דִי צַייט צוּ פֶערחַאפֶּען דָאס וָואס מִיר הָאבֶּען אַמָאל פֶערזַאמְט. כְּ'מוּז אַייךְ זָאגֶען דֶעם אֶמֶת אַז אִיהר זֶעהט יֶעצְט אוֹיס פִיעל שֶׁענֶער אוּנ דֶעלִיקַאטֶער וִוי אַמָאל אִין פַּארִיז.

אוּנ מִיט צוּהִיצְטֶע אוֹיגֶען פוּן תַּאֲוָה הָאט עֶר זִיךְ נֶעהֶנְטֶער צוּגֶערוּקְט צוּ דֶער זִינְגֶערִין.

דַאמָאלְס אִיז אָבֶּער מִיט אִיהם פָארְגֶעקוּמֶען אַ וֶועלְטֶענֶער פַאלל.

זַיין קָאפּ אִיז אִיהם אַרָאבְּגֶעפַאללֶען אוֹיף דֶער בְּרוּסְט, דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהם צוּגֶעמַאכְט, אוּנ וִוי לַאנְג עֶר אִיז הָאט עֶר זִיךְ אויסגֶעצוֹיגֶען אוֹיף דֶער סָאפֶע.

דִי זִינְגֶערִין הָאט זִיךְ בַּאלְד נָאכְדֶעם אויפְגֶעהויבֶּען אוּנ אַ דְרִיקק גֶעגֶעבֶּען אַ עֶלֶעקְטְרִישֶׁען גְלֶעקֶעל, וָועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען פֶערבָּארְגֶען אִין אַ וִוינְקֶעל פוּן דֶעם שְׁטָאהלֶענֶעם וֶוענְדִיל.

בַּאלְד נָאכְדֶעם הָאט זִיךְ אֵיין וֶוענְדֶעל עֶפֶּעם אָבְּגֶערוּקְקְט אוּנ אִין דֶעם קְלֵיינֶעם שְׁטָאהלֶענֶעם צִימֶּערִיל אִיז אַרֵיין אַ שֶׁאנֶער, עֶלֶעגַאנְטֶער יוּנְגֶערמַאן מִיט אַ אָבְּגֶעלֶעבְּטֶען גֶעזִיכְט.

— מַארְצֶעל, דוּ קוּקְסְט גוּט אָן דֶעם שְׁלָאפֶענְדֶען מַאנן — הָאט צוּ אִיהְם הַאסְטִיג נִינָאן גֶעזָאגְט — עֶר טְרָאגְט בַּיי זִיךְ אוֹיף דֶער בְּרוּסְט פִיער פַּאפִּיעֶרֶען, פוּן וָועלְכֶע יֶעדֶערֶער הָאט אַ וֶוערְט פוּן הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

— אַ שֶׁאנֶע סוּממֶע, צוּזַאממֶען פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער יוּנגֶערמַאן אוּנ אַ קְנֵייטְשׁ גֶעגֶעבֶּען מִיטְן שְׁטֶערְן. דֶערבַּיי הָאבֶּען אִיהְם דִי אוֹיגֶען אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען פוּן אַ פֶערְבָּארְגֶענֶע תַּאֲוָה צוּם גֶעלְד.

דִי זִינְגֶערִין הָאט דֶערוַוייל אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען אוּנ מִיט אַ הֵייסֶען בְּלִיקק פוּל לִיעבֶּע אָנְגֶעקוּקְט דֶעם יוּנְגֶען מַאנן.

— וִוי כְּזֶעה, הָאט נָאךְ מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד נִיט פֶערְגֶעסֶען צוּ רֶעכֶענֶען, זִינְט עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען זַיין גֶעשֶׁאפְט מִיט דִי טְהַייעֶרֶע בְּרִילְלִיאַנְטֶען אוֹיף דִי אָפֶּערֶען־גַאסס. יָא, מַיין מַארְצֶעל, דוּ רֶעכֶענְסְט וואהל, אוּנ דַארִיבֶּער וֶועללֶען מִיר הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט הָאבֶּען דִי פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, מִיר וֶועללֶען זַיין דִי סוֹחֲרִים אוּנ נִיט דֶער פָּאפֶּער.

— וָואס מֵיינְסְט דוּ דֶערְנָן צוּ טְהוּן, נִינָאן?

— נִיט קֵיין גְרוֹיסֶע זאכֶען, נוּר פַּאמֶעלַאךְ אַרוֹיסְצִיעֶהֶען בַּיי דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר דִי אֶמֶתֶע דָאקוּמֶענְטֶען אוּנ אִיהְם אַרֵיינְלֵייגֶען אוֹיף זֵייעֶר אָרְט אַנְדֶערֶע פַאלְשֶׁע.

אוּנ בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט זִיךְ דִי זִינְגֶערִין אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אִיבֶּער עֶסְטֶערְהַאזִין אוּנ אָהן גֶערוּדֶער אִיהְם אָבְּגֶעשְׁפִּיעלֶעט דֶעם רָאק מִיט דֶער וֶועסְט. נָאכְדֶעם הָאט זִי אַ טַאפּ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער הַאנְד זַיין הֶעמְד אוֹיף דֶעם אָרְט פוּן דֶער בְּרוּסְט.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט שְׁוֶוער אוּנ לַאנְג דֶעם אָטְהֶעם אָבְּגֶעצוֹיגֶען.

— זַיי פָארְזִיכְטִיג — הָאט מַארְצֶעל אַ וִוינְק גֶעגֶעבֶּען דֶער גֶעלִיעבְּטֶע — מִיר דַאכְט זִיךְ אַז עֶר וֶועט זִיךְ בַּאלְד אוֹיפְהַאפֶּען פוּן שְׁלָאף.

— גֶעה שׁוֹין נַארֶעלֶע, הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, פוּן מַיין שְׁלָאף־טְרוּנְק שְׁטֶעהְט מֶען נִיט אַזוֹי גִיךְ אוֹיף. כְ׳בִּין מִיט אִיהְם שׁוֹין פֶערְזָארְגְט בִּיז פַארְנַאכְט.

אוּנ בַּיי דִי וֶוערְטֶער הָאט נִינָאן מִיט שְׁטָאלְץ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי הַאנְד, אִין וָועלְכֶער זִי הָאט גֶעהַאלְטֶען אַ פַּאקֶעט פוּן צוּזַאממֶענְגֶעלֶעגְטֶע פַּאפִּיעֶרֶען.

זִי הָאט צוּשְׁפְּרֵייט דִי פַּאפִּיעֶרֶען אוֹיפ׳ן טִישׁ.

— דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט קֵיין לִיעגֶען נִיט גֶעזָאגְט — הָאט דִי זִינְגֶערִין אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם צוּפְרִיעדֶען זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — דָאס זֶענֶען טַאקִי דִי פְּלֶאנֶער

פוּן פִיער וִויכְטִיגֶע פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע פֶעסְטוּנְגֶען, אוּנ מִיט דִי דָאקוּמֶענְטֶען אִין הַאנְד קֶענְן זַיי דֶער שׂוֹנֵא גַאנְץ לַייכְט אַיינְנֶעהמֶען – פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק אִיז גְלַאט גָאר קֵיין גֶעלְד נִיט פַאר אַזַא מְצִיאָה.

– אוּנ דֶער סוֹחֵר וֶועט גֶעוִויסס הַיינְט אוֹיף דֶערנַאכְט זַיין אִין בְּרִיססֶעל? – הָאט מַארְצֶעל גֶעפְרֶעגְט.

– וֶועגֶען דֶעם בִּיסְט דוּ שׁוֹין אוֹיסגֶעזָארְגְט, דָאס אִיז נִיט דַיין דַאֲגָה, עֶר וֶועט קוּמֶען צוּ דִי מִינוּט אוּנ צוּ דִי רִיכְטִיגֶער צַייט. דוּ מוּזְט דִיךְ אַלְזָא הַיינְט פֶער־קְלַיידֶען פַאר אַ „גַלַח" כְּדֵי מִיט אִיהְם דָאס גֶעשֶׁעפְט צוּ מַאכֶען.

– וֶועללֶען אַלְזָא אוֹיף דֶעם מַאסְקֶען־בַּאלל זַיין צְוַויי גַלָחִים, וֶועלְכֶע וֶועללֶען דֶעם הָאללֶענְדֶער בּוֹיעֶר אָנְבָּאטֶען זַייעֶר סְחוֹרָה?

– בֶּעצָאהלֶען וֶועט עֶר אָבֶּער נוּר דִיר, וַוייל דוּ הָאסְט דִי רִיכְטִיגֶע פַּאפִּיעֶרֶען.

זִי הָאט מַארְצֶעלֶען גֶעזָאגְט נָאךְ אַ פָּאר וֶוארְטֶער אוֹיפ'ן אוֹיעֶר אוּנ נָאכְדֶעם אִיז עֶר אַוֶועק אִין זַיין צִימְמֶער.

צְוַויי שָׁעָה אִיז עֶר דָארְטֶען גֶעזֶעססֶען בַּיי דֶער אַרְבֵּייט אוּנ אוֹיף פּוּנְקְט אַזַא פַּאפִּיער וִוי עֶסְטֶערְהַאזִים נָאכְגֶעצֵייכֶענְט דִי פְּלֶענֶער. אַ סְפֶּעצְיַאלִיסְט וָואלְט אָבֶּער בַּאלְד דֶערְקֶענְט אַז דָאס אִיז נוּר נָאכְגֶעמַאכְטֶע, נִיט קֵיין רִיכְטִיגֶע פְּלֶאנֶער פוּן דִי פֶעסְטוּנְגֶען.

אַז עֶר הָאט אָבְּגֶעבְּרַאכְט זַיין אַרְבֵּייט הָאט דִי זִינְגֶערִין גוּט בֶּעקוּקְט אוּנ גֶעזָאגְט:

– וואהל גֶעמַאכְט, זָאגַאר עֶסְטֶערְהַאזִי אַללֵיין וֶועט זִיךְ נִיט חַאפֶּען דַארוֹיף, אַז דָאס אִיז נוּר אַ נָאכְגֶעמַאכְטֶע קָאפְּיֶע. דֶער פְרֶעמְדֶער פַּאססַאזִיר אָבֶּער אִיז אַ מֵבִין אוּנ פַאר אִיהְם אִיז גֶענוּג נוּר אַ אוֹיג צוּ וַוארְפֶען אוּנ צוּ וִויסֶען אַז דִי פַּאפִּיעֶרֶען זֶענֶען נִיט דִי עֶכְטֶע.

מִיט אַ בֶּעזוֹנְדֶערֶע גֶעשְׁוִוינְדִיגְקֵייט אוּנ זֶעהר גֶעשִׁיקְט הָאט נִינָאן צוּזַאמֶענְגֶעלֵייגְט דִי פַאלְשֶׁע דָאקוּמֶענְטֶען אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט, וואוּ ס'זֶענֶען פָארְדֶעם גֶעלֶעגֶען דִי רִיכְטִיגֶע פְּלֶאנֶער, וֶועלְכֶע דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אַרוֹיסגֶעגַנְבֶהט פוּן דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּסֶעס טִישׁ־קֶעסְטִיל.

אוּנ נָאכְדֶעם וִוי זִי הָאט עֶסְטֶערְהַאזִין צוּרִיק צוּגֶעשְׁפִּיעלֶעט דֶעם רָאק אוּנ דִי וֶועסְט אִיז זִי אַרוֹיס מִיט מַארְצֶעלֶען פוּן דֶעם שְׁטָאהלֶענֶעם צִימְמֶער.

– זָאלל עֶר יֶעצְט שְׁלָאפֶען בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ אַללֵיין אוֹיפְחַאפֶּען – הָאט נִינָאן גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר גֶעלִיעבְּטֶען – בַּיים קָאפּ וֶועט עֶר זִיךְ חַאפֶּען עֶרְשְׁט דַאמָאלְס, אִין דֶער מִינוּט וֶוענְן עֶר וֶועט זִיךְ אִיבֶּערצַייגֶען אַז דִי טַייעֶרֶע דָאקוּמֶענְטֶען זֶענֶען אֲפִילוּ נִיט וֶוערְט דִי רַייזֶע־גֶעלְד וָואס עֶר הָאט בֶּעצָאהלְט פוּן פַּארִיז קֵיין בְּרִיססֶעל. יָא, יָא, מַיין מַארְצֶעל, גִיבּ אַ קוּשׁ, קוּם מִיט, מִיר וֶועלֶען זִיךְ יֶעצְט אוֹיךְ לֶעבֶּען אַ טָאג אוּנ טְרִינְקֶען אַ גוּטֶען אוּנְגַאר־וַויין, נוּר אָהן אַ שְׁלָאפְטְרוּנְק. אַיין גַנָב גַנְבֶהט בַּיי דֶעם צְווייטֶען פְּלוּט.

# VII.

## צְווייא פֶערְשְׁטֶעלְטֶע גַלְחִים.

פַאר דֶעם לֶעזֶער וָועט גֶעוויסס זַיין פְּרֶעמְד ווי אַזוי מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד איז גֶעוואָרֶען דֶער גְרויסֶער זִינְגֶערְקֶעס גֶעלִיעבְּטֶער אונ וָואהנְט אין בְּרִיסֶעל. מִיר הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּערגֶעלָאזֶען נָאךְ זַיין בַּאנְקְרָאט, וֶוענן עֶר הָאט דֶעם בְּרוּדֶער לֶעאָן אין לָאנְדָאן טויְרְט גֶעשְׁלָאגֶען אונ מִיט זַיין גֶעלְד פֶּערְרַייזְט קֵיין נויאָרְק.

אויף דֶער שִׁיף הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרָאפֶען מִיט דֶער שֶׁאנֶער זִינְגֶערִין נִינָאן־דֶע־קְלֶער.

צום אָנְהויב, אַז זִי הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ קְלַאפּ פון הִינְטֶען אין פְּלֵייצֶע, הָאט זִיךְ אוּנְזֶער מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד נִיט וֶוענִיג דֶערשְׁרָאקֶען. דֶעם בְּרוּדֶערְס רְצִיחָה איז נָאךְ גֶעוֶוען אַזוי פְּרִישׁ, אונ ווי וַוייט איז פון אַ אוּמְגְלִיקק? אֶפְשַׁר איז מֶען שוין גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אונ דִי גֶעהֵיימֶע פָּאלִיצֵיי יָאגְט אִיהם נָאךְ.

פַאר דִי זִינְגֶערִין הָאט עֶר אָבֶּער נִיט וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען.

מִיט אִיהְר קֶענְן עֶר זִיךְ נִיט פון הַיינְט. נָאךְ פַאר זַיין חֲתוּנָה הָאבֶּען זֵיי בֵּיידֶע גֶעפִּיהְרְט אַ לִיעבֶּע אונ מִיט גְרויסס מִיה איז עֶר דַאמָאלְס פון אִיהְר פְּרֵיי גֶעוָוארֶען. דֶעם אֱמֶת מוּז מֶען זָאגֶען, אַז נִינָאן הָאט אִיהם, מַארְצֶעלֶען, ווירְקְלִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט אונ פון גְרויסס עַגְמַת־נֶפֶשׁ הָאט זִי גֶעמוּזְט פֶערְלָאזֶען פַּארִיז אונ זִיךְ אִיבֶּער־טְרָאגֶען אין בְּרִיסֶעל.

צוּפֶּאלְלִיג הָאבֶּען זֵיי זִיךְ יֶעצְט גֶעטְרָאפֶען אויף דֶער שִׁיף אונ מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד הָאט אין נִינָאנְס שׂ״ים פֶערְגֶעסֶען דִי מַעֲשֶׂה מִיט דֶעם בְּרוּדֶער, דֶעם בַּאנְקְרָאט פון דֶער אַלְטֶער פִירְמֶע, דֶעם גְרויסֶען סְקַאנְדַאל מִיט פַּאָלָא מִירָאוִויץ אין גֶעגֶענְוַוארְט פון מְתִית דְרֵייפוּס אונ אַלִיצְיָא טֶערְרָהִי, מִיט אֵיין וָוארְט, אַללֶע פַּארִיזֶער צָרוֹת.

דִי שֶׁאנֶע נִינָאן הָאט אִיהם גֶעטְרֵייסְט מִיט הֵייסֶע קוּשֶׁען אונ בַּיי זֵיי איז גֶעבְּלִיבֶּען, אַז פון יֶעצְט אָן וֶועלֶען זֵיי זִיךְ שוין קֵיין מָאל נִיט שֵׁיידֶען, נוּר וָואהנֶען אונ לֶעבֶּען צוּזַאמֶען.

אונ זֵיי הָאבֶּען גֶעפַּאסְסְט אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערְן.

נִינָאן אִיז אויךְ גֶעוֶוען פון דִי נַאטוּרֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ לִיעבּ מֶעהר ווי אַלֶץ אין דֶער וֶועלְט, אונ דֶעם אַנְדֶערֶען דַאס לֶעבֶּען צוּ צוּבְּרֶעכֶען, אָדֶער גְלַאט אַזוי אַרֵיינְצוּשְׁטֶעכֶען אַ שְׁפִּיז אין הַארְצֶען איז אַזוי גְרִינְג ווי אָבְצוּזִינְגֶען אֵיין אַרְיֶע [1].

---

[1] אריע — א ליעד אויף איין קול, וועלכע מען זינגט געוואָהנליך אין אַ אָפּערא.

איין אויסנאהמע פון אללע מענשען איז ביי איהר געווען מארצעל בערנארד. איהם האט זי נאך אלץ ליעב געהאט, אונ אין די עטליכע וואכען וואס זי איז מיט איהם געווען צוזאממען אין נויארק האט זי זיך געשפיערט איבער־גליקקליך.

נאכדעם אז איהר אורלאפ האט זיך געענדיגט אונ זי האט געמוזט לויט קאנ־טראקט צוריק פאהרען זינגען אין דער אפערא פון בריססעל, איז מארצעל אויך בעשטאנדען אויף דעם פארשלאג מיט איהר צוריק צו פאהרען. ביי דער וועלט האט ער געהייסען א קאפעללמייסטער מיט וועלכעם זי מאכט עטליכע שעה אין טאג פראבען.

אונ מארצעל האט זיך בעזעצט אין בריססעל. ער האט בעוואהנט עטליכע צימערן אין איהר פאלאץ אונ אללע דיענער האבען איהם גערופען „דער קאפעל־מייסטער".

---

אז דער שווארצער מאיאר האט זיך אויפגעכאפט פון דעם הארטען שלאף אויף דער סאפע אין דער זינגערינס עססצימער, איז ער קוים געווען אים שטאנד אונטערצושיידען די איינציגע געגענשטאנדען פון צימער.

פערשלאפען אונ מיעד האט ער זיך אויפגעהויבען אויסצוגלייכען די צובראכענע ביינער.

– צום טייפעל – האט ער געמורמעלט – וואס איז מיט מיר געווארען, דאס טרעפט מיר דאס ערשטע מאל כ'זאלל אזוי הארט פלוצלינג איינשלאפען.

אונ זיינע אויגען האבען וויעדער בעקוקט די מעבעל, די איינריכטונגען פון דעם צימער – אלץ איז אהן ענדערונג: דער זעלביגער טיש מיט דעם עססענוואארג אונ געטראנק. אט דא איז ער דאך געלעגען אויסגעצויגען אויף דער זעלבער סאפע אונ זיך געשפיעלט מיט נינאנס שאנער האנטיל. ווי אזוי ער איז איינגעשלאפען קענן ער זיך אויף קיין פאלל ניט דערמאנען.

פלוצלינג איז עסטערהאזי בלייך געווארען ווי די קאלך.

אפשר איז דער שלאף געווען א געמאכטער אונ דער זינגערינס וויין איז ניט געווען קיין ריינער נור געמישט מיט א שלאף־טרונק?

מיט שרעק האט זיך דער שווארצער מאיאר א טאפ געגעבען ביי דער טאש.

ניין, זיין אוצר איז גאנץ, אונגעריהרט, די טייערע פאפיערען ליעגען רוהיג ביי איהם אויף דער ברוסט.

ערשט יעצט האט ער אבגעצויגען דעם לאנג איינגעהאלטענעם אטהעם.

אומזיסט האט ער זי חושד געווען. נינאן האט איהם ניט געוואללט נארען, נור דער טאקאיער, דער וויין איז געווען צו שטארק.

שטענדיג געדריקט אין געלד האט ער זיך אבגעוואהנט פון א גוט פלעשעל

זיין, נישט קשה, יעצט, אז ער וועט נור אבגעהמען די עטליכע הונדערט טויזענד פראנק, וועט אלץ ווידער גוט ווערען און מען וועט לעבען א גוטען טאג.

ביי די געדאנקען איז אין צימער אריין די שאנע נינאן־דע־קלער, וועלכע האט געהאלטען אין האנד א גרויסען זיראנדאל־לייכטער מיט א סך אנגעצונדענע ליכט.

– איהר זייט שוין אויפגעשטאנען? – האט זי געפרעגט מיט א שמייכעל פון א פערבארגענע איראניע – ווי האט אייך געשמעקט דער שלאף?

עסטערהאזי האט זיך אנגעהויבען צו ענטשולדיגען.

– געהט שוין געהט – האט איהם די זינגערין אינטים געענטפערט – לאהנט גאר דארינבער צו רעדען? איך וואונדער מיך גאר ניט אויף אייך, געכטען א גאנצע נאכט ניט געשלאפען, היינטיגע נאכט וועט איהר מוזען פערברענגען אין וואגאן, האט איהר זעהר גוט געטהון וואס איהר האט אייך היינט וועניגסטענס א ביסעל איבערגעדרעמעלט. איהר זייט אבער אויפגעשטאנען צו דער רעכטער צייט. זייט אזוי גוט און געהט אריין אין אייער צימער, דארטען ליעגט שוין פאר אייך געגרייט א מאסקע, אין צוויי שעה ארום מוזען מיר פאהרען אויפ'ן באל.

עסטערהאזי האט א קוש געגעבען דער זינגערין אין האנד און איז אוועק אין זיין צימער.

זייגער ניין איז פון דער זינגערקעס ווילא אבגעפאהרען א קארעטע, אין וועלכער ס'זיינען געזעססען צוויי מאסקען, א הערר מיט א דאמע.

די פרוי איז געוועזען געקליידעט אין א קאסטיום, וועלכער האט פארגעשטעלט א זוממער־פויגעל.

די גאסס איז געוועזען לעדיג פון מענשען, וועלכע האבען געוויסס ניט געוואוסט אז אין דער שעה וועט אבפאהרען די זינגערין, אניט וואלטען זיי אהער געקוממען צו בעוואונדערען די שאנע מאסקע מיט איהר בעגלייטער.

איין איינציגער יונגער מאנן, וועלכער האט זיך בעהאלטען אונטער א בוים, האט די אויגען ניט אראבגעלאזען פון דער שאנער נינאן און איהר בעגלייטער.

אריינגעהענדיג אין קארעטע, האט עסטערהאזי זיך א קלאפ געגעבען אן דעק פון דער קארעטע און די מאסקע האט זיך איהם אראבגערוקט פון געזיכט.

דאמאלס האט זיך דער יונגער מאנן פון אונטערן בוים א חאפ געגעבען און זיינע ליפפען האבען שטילל אויסגערעדט די ווארטער:

– דער שווארצער מאיאר! דאס איז ער ניט קיין אנדערער.

דער פערשטעללטער „גלח" האט די בעמערקונג ניט געהערט, ער איז געוועזען בעשעפטיגט אריינצוזעטצען די דאמע אין קארעטע.

דער יונגער מאנן פון אונטערן בוים האט נור אבגעווארט ביז די קארעטע

האט זיך גערירט פון ארט און אין דעם אויגענבליק האט ער זיך האסטיג ארויפגעזעצט אויף דעם וועלאסיפעד נאכצופאהרען טריטט ביי טריט די קארעטע.

וואס וואללט געזאגט גראף עסטערהאזי, ווען ער זאלל קענען אנקוקען דעם וועלאסיפעדיסט גלייך אין די אויגען!

איהם וואללט זיך עס גאר ניט געגלויבט אז הינטער איהם אויף דעם וועלאסיפעד פאהרט נאך מתית דרייפוס, זיין ערגסטער שונא.

דער שווארצער מאיאר איז דאך זיכער אז מתית איז יעצט אין פאריז.

איהם איז שוין אבער בעשערט היינט א גאנצען טאג ניט צו זעהען פיעל אינטערעססאנטע זאכען. ער בעגלייט גאנץ נאלאנט די שאנע דאמע אויף דעם באלל און זעהט ניט ווי הינטער איהם קומט אריין אין זאל נאך א פערשטעללטער „גלח" אנגעטהון אין פונקט דעם זעלבען קאסטיום, מיט דעם זעלבען הוט. ווי אזוי איז יענער געוואהר געווארען זיין סוד?

זענען דענן דא צוויי ברידער משה'לעך?

דער צווייטער פערשטעללטער „גלח" איז מארצעל בערנארד. ער טראגט אפשר א פאלשע אויסגענארבע׳ט מאסקע, דאגעגען אבער האט ער אויף דער ברוסט די ריכטיגע פאפיערען, און דער ערשטער „גלח", די אמתע מאסקע האט נור פאלשע, נאכגעמאכטע דאקומענטען.

וועמעס אקציעס שטעהען בעססער? ווער וועט וועמען מנצח זיין?

---

דאס גרויסע אפערן־הויז אין ברישעל איז געבויט נאך דער לעצטער מאדע און קונסט. איבערהויפט איז זי שטאלץ מיט איהר רייכע בעלייכטונג.

פון דער סצענע מיט דעם טהעאטער איז דורך איין נאכט געווארען איין גרויסער זאל. ניט אומזיסט האבען דארטען מיט שווייסס, אהן אפרוה געארבייט הונדערט ארבייטער.

קראנץ פון גאלד און פורפור האבען בעשיינט די וואנד. טויזענדער מאסקען זענען ניט געגאנגען, נור ווי איין מענש געשוועבט אין דעם ים פון ליכט. די מוזיק האט מיט קוראזש געשפיעלט לעבענדיגע שטיקלעך, וועלכע האבען נאך לוסטיגער בעוועגט די גרויסע פערזאממלונג פון מענשען. די אנגעזעהענסטע מענשען פון ברישעל זענען היינט געווען אויף דעם באלל. דער מאסקען־באלל ברענגט איין יעדעס יאהר א שאנע הכנסה אין דער צדקה־קאססע, פאר ברישעלער ארעמע לייט. יעדער איינוואהנער מוז ווילליגער אדער ניט־ווילליגער זיך איינגעפינען אויפ׳ן באלל און בעצאהלען פיר א בילעט דרייסיג פראנק, אזוי איז שוין די מאדע.

און מענשען גיבען שטענדיג שנעללער און מעהר דאמאלס ווען ס׳האנדעלט זיך אום כבוד. ס׳קענן זיין אז ניט איין קארגער גביר קוממט אויפ׳ן באלל מיט א וועהטאג אין הארצען, ניט געהען אבער קענן ער ניט, ער האט דאך מורא, וואס וועללען אנדערע זאגען.

דער בעלגישער קאניג אלליין קוממט אויך צו געהען אויף א שעה מיט דער גאנצער סוויטע, ער געהט א פאר מאל ארום אללע זאלען אונ זאגט קאמפלי־מענטען עטליכע, בעזאנדערס שאנע מאסקען.

אויף היינטיגען באל ווארפט זיך אין די אויגען די שאנע מאסקע פון דעם זוממער־פויגעל, וועלכע געהט ארום א גאנצען אבענד געארעמט מיט דעם הויכען, שטארק געבויטען גלח.

די מאסקע איז אבער ניט שווער געוועזען צו דערקענען.

אין אללע זאלען איז מען באלד געוואהר געווארען, אז די שאנע זינגערין נינאן איז היינט פערקליידעט פאר א זוממער־פויגעל. ס'איז נור געבליבען א אפפענע פראגע, ווער דער מאסקירטער „גלח" איז אונ ניט איינער האט זיך דארויף געבראכען דעם קאפ.

א דיקע מאסקע האט פערשטעללט דעם גלח'ס גאנצע געזיכט, פון וועלכער ס'איז נור געוועזען צו זעהען א פאר שווארצע בלישצענדע אויגען.

פלוצלינג איז דער פערשטעללטער „גלח" געבליבען אלליין אונ דאס זוממער־פויגעל איז פערשוואונדען געווארען צווישען די אנדערע מאסקעס.

די פרומע מאסקע האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א באנק פון גראז. דער גאנצער זאל האט אויסגעזעהען ווי א לאנגע לאנקע, וואו ס'וואקסען גראזען מיט קאלירטע בלאטטער, ביי דער וואנד זענען געוועזען געמאכט גראז־ביינק, ווארצלען פון ביימער, אויף וועלכע די מיעדע געסט האבען זיך צייטענווייז אבגערוהט פון געהן.

קוים האט זיך דער פרוממער „גלח" אניעדערגעזעצט אויף דער גראז־באנק, איז פון הינטען צו איהם צוגעגאנגען א פערשטעללטע מאלפע.

די מאסקע האט נאכגעמאכט אללע תנועות פון א אבעזיאנע אונ מיט א בעזונדערען פלייס ארומגעטאנצט ארום דעם גלח.

דער פערשטעללטער פרוממער מאנן איז געווארען אויפגערעגט פון דער פערשטעללטער מאלפעס תנועות, אונ באז אויפגעשטאנגען פון זיין ארט, דאביי האט ער ביידע הענד פערלעגט אויף דער ברוסט אונ האסטיג אריין אין א צווייטען צימער.

די מאלפע איז אויך אוועק אין א שטיללען ווינקעל, וואו ס'איז קיינער ניט געוועזען אויסער איהם אונ אויף א וויילע ארונטער גענוממען די מאסקע, וועלכע האט אנגעהויבען זיך אראבצולאזען.

א בעקאנטער וואללט באלד דערקענט מתיה דרייפוס'עס ערנסטע געזיכט, וועלכע איז יעצט געוועזען זעהר בלייך.

— דער פרוממער גלח איז ניט קיין אנדערער ווי עסטערהאזי — האט ער צו זיך געמורמעלט — אין דעם איז ביי מיר יעצט ניט דא קיין ספק. כ'האב איהם נאך דערקענט אין דער פריה, ווען כ'בין איהם נאכגעגאנגען אונ בעגלייט פון

הִינְטֶען בִּיז דֶער זִינְגֶערְקֶעס, נִינָאן־דֶע־קְלֶערְס וָואהנוּנְג. פַארנַאכְט וַוייטֶער הָאבּ אִיךְ אִיהם אוֹיךְ גוּט בֶּעמֶערְקְט, וֶוענְן עֶר אִיז מִיט אִיהר צוּזַאמֶמֶען אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען אוֹיף דֶעם מַאסְקֶען־בַּאל.

נַיין, כְּ׳טָאר אִיהם פוּן דִי אוֹיגֶען נִיט אַרָאבְּלָאזֶען. דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אִיז דָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען צוּ פֶערְבְּרֵיינְגֶען דִי צַייט אִין בְּרִיסֶעל. פֶערְוַויילוּנְגֶען פֶעהלֶען אִין פַּארִיז אוֹיךְ נִיט, נוּר וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ הָאט עֶר דַאבַּיי עֶפֶּעס אַ נְ׳אַנְדֶער צְוֶועק. פוּן אַזַא רַייזֶע קֶענְן אַ מָאל קַיין גוּטְס נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען, נִיט מִיר נִיט פְרַאנְקְרֵייךְ. נוּר לַאנְגְזַאם, עֶסְטֶערְהַאזִי! נִיט גֶעאַיילְט זִיךְ!

מַתִּית דְרֵייפוּס לֶעבְּט נָאךְ אוּנ מִיט אִיהם אִיז נִיט אַזוֹי לַייכְט זִיךְ צוּ שְׁפִּיעלֶען!

מַתִּית אִיז שְׁטִילל גֶעוָוארֶען. עֶר הָאט פְּלוּצְלִינְג דֶערְהֶערְט נִיט וַוייט פוּן זִיךְ עֶפֶּעס אַ גֶערוּדֶער.

עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי אוֹיגֶען אוּנ דֶערְזֶעהן אַז דִי זִינְגֶערִין נִינָאן אִיז פֶערְבַּייגֶעגַאנְגֶען צוּזַאמֶמֶען מִיט דֶעם פֶערְשְׁטֶעלְלְטֶען גַלַח.

זַיי הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְלְט בַּיי דֶער לָאזֶע 7 №. דְרַיי מָאל הָאט דִי פֶערְשְׁטֶעלְלְטֶע זִינְגֶערִין אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין טְהִיר.

— וֶוער קְלַאפְּט? — הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אַ גְרָאבֶּע שְׁטִימֶע פוּן דֶער לָאזֶע.

— אַ פְרוּמֶער בְּרוּדֶער אוֹיס פַּארִיז — הָאט דִי זִינְגֶערִין גֶעעֶנְטְפֶערְט פָארְזִיכְטִיג.

— מִיט וֶועמֶען ווילל דֶער פְרוּמֶער רֶעדֶען? — הָאט מֶען ווִיעדֶער גֶעפְרֶעגְט פוּן יֶענֶער זַייט טְהִיר:

— מִיט דֶעם שְׁטְרַאסְבּוּרְגֶער גְלָאקֶענְצִיהֶער — הָאט יֶעצְט שׁוֹין דֶער גַלַח גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— וִוי פִיעל אִיז יֶעצְט דֶער קִירְכֶען־זֵייגֶער אִין שְׁטְרַאסְבּוּרְג?

— פּוּנְקְט הַאלְבֶּע נַאכְט — אִין פְרַאנְקְרֵייךְ.

נָאךְ דֶער תְּשׁוּבָה הָאט זִיךְ דִי טְהִיר פוּן לָאזֶע גֶעעֶפֶענְט.

דִי זִינְגֶערִין מִיט אִיהר בֶּעגְלֵייטֶער זֶענֶען פַייל פוּן בּוֹיגֶען אַרַיין אִין לָאזֶע, אוּנ דִי טְהִיר הָאט זִיךְ דִי מִינוּט צוּרִיק הַאסְטִיג צוּגֶעמַאכְט.

מַתִּית דְרֵייפוּס אִין זַיין מַאלְפֶּע־מַאסְקֶע אִיז דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעשְׁטַאנֶען בֶּעהַאלְטֶען אוּנְטֶער אַ זַייל אוּנ מִיט פְלֵייסס אוֹיסְגֶעהֶערְט דֶעם גֶעהַיימֶען גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

אַ שׁוֹידֶער אִיז אִיהר אַרִיבֶּער אִיבֶּער׳ן גַאנְצֶען קֶערְפֶּער.

דִי וֶוערְטֶער „פַּארִיז״, „פְרַאנְקְרֵייךְ״, הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶער דֵעָה אַז אִין דֶער לָאזֶע קוּמְט יֶעצְט פָאר אַ זֶעלְטֶענֶע גְנֵבָה, אַ גֶעשֶׁאפְט מִיט׳ן גֶעווִיסֶען.

וֶוער וֵוייסס — אִיז אִיהם פְּלוּצְלִינְג אַרַיין אַ גֶעדַאנְקֶען אִין קָאפּ — וֶוער וֵוייסס, אֶפְשַׁר אִיז דָא גָאר דֶער גְרוּנְד פוּן מַיין בְּרוּדֶערְס אוּמְגְלִיקק? אוֹיף אִיהם וַוארְפְט

מֶען דִי שׁוּלְד אוּנ דֶער אֶמֶתֶער מוֹרֵד בְּמַלְכוּת שְׁטֶעהט דָא יֶעצְט פַאר מַיינֶע אויגֶען אוּנ פֶערקוֹיפְט ווייטֶער פְרַאנְקְרַייךְ, כְּדֵי נָאךְ אַמָאל דֶעם בִּלְבוּל צוּ מַאכֶען אויף אַיין אַנְדֶערֶען אוּמְשׁוּלְדִיגֶען מֶענְשֶׁען...

אוּנ פִיל פוּן בוֹיגֶען אִיז שׁוֹין מַתִּית דְרֵייפוּס גֶעוֶוען אויפ'ן עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק. דִי לָאזֶע אִיבֶּער 7 אָג אִיז גֶעוֶוען אוּנְבֶּעזֶעצְט.

קִינְסְטְלִיךְ וִוי אַ אֶמֶתֶע מַאלְפֶּע הָאט עֶר אַרָאבְּגֶעקְלֶעטֶערְט אַ פָּאר טְרִיטְט אוּנ גֶעבְּלִיבֶּען כִּמְעַט הֵיינְגֶען אִין דֶער לוּפְטֶען. דָאס הָאט זִיךְ אָבֶּער נוּר גֶעדַאכְט, ווייל אִין אֶמֶת'ן אִיז עֶר פֶעסְט גֶעזֶעסֶען אויף אֵיינֶע פוּן דִי זַיילֶען.

דִי מֶענְשֶׁען אִין זַאל הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען זַיין כַּוָנָה אוּנ גֶעלַאכְט פוּן דֶער מַאלְפֶּעס קוּנְצֶען. יֶעדֶערֶער הָאט זִיךְ עֶס עֶרְקְלֶערְט אַז דִי אָבֶּעזְיַאנֶע ווילל חַאפֶּען פַאר דִי הֶאנְד אַ פָּאר גֶעלִיעבְּטֶע. דִי אָבֶּער וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען אִין לָאזֶע הָאבֶּען פוּן גָאר גִיט גֶעווּאוּסְט.

מַתִּית'ן אִיז קַאלְט אוּנ הֵייסס גֶעוָוארֶען, וֶוענְן עֶר הָאט פוּן זַיין בֶּעהֶעלְ־טֶענִישׁ דֶערְהֶארְט וָואס סְ'טְהוּט זִיךְ אִין לָאזֶע;

דִי מֶענְשֶׁען הָאט עֶר פֶערְזֶענְלִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען, אָבֶּער יֶעדֶעס וָוארְט גֶענוֹי גֶעהֶערְט.

צְווִישֶׁען דֶער לוּסְטִיגֶער שִׂמְחָה פוּן דֶעם מַאסְקֶענְבַּאל אוּנ דֶעם גֶערוּישׁ פוּן דֶער מוּזִיק הָאבֶּען צְוַויי מֶענְשֶׁען יֶעצְט פֶערקוֹיפְט דִי סוֹדוֹת פוּן אַ גְרוֹיסֶער מֶמְשָׁלָה.

— אִיהְר הָאט בַּיי זִיךְ דִי פַּאפִּיעֶרֶען, פוּן וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט אוּנְז גֶעשְׁרִיעבֶּען?— הָאט אַ מֶענְגֶערשְׁטִימְטֶע גֶעפְרֶעגְט.

— זַיי לִיעגֶען בַּיי דֶעם גַּלַּח אויף דֶער בְּרוּסְט — הָאט דִי זִינְגֶערִין נִינָאן־דֶע־קְלֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אַ בֶּעוֶועגוּנְג פוּן צוּפַאלְלֶענֶע פַּאפִּירֶען.

— אָט דָאס זַיינֶען דִי פְּלֶאנֶער פוּן פִיער וִויכְטִיגְסְטֶע פְרַאנְקְרַייכְס פֶעסְטוּנְגֶען — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַ הֵייזֶערִיגֶער קוֹל, אוּנ מַתִּית דְרֵייפוּס אִיז גֶעוֶוען אִיבֶּערְצַייגְט, אַז דָאס אִיז דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָארְס קוֹל עֶקְסְטְרַא עֶטְוָואס גֶעעֶנְדֶערְט.

— דִי פְּלֶאנֶער זַיינֶען וִוירְקְלִיךְ וִויכְטִיג — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען ווִיעדֶער דֶער פְרֶעמְדֶער — אַז זַיי זַיינֶען רִיכְטִיג אִיז אוֹיךְ קֵיין סָפֵק נִיט, ווייל וֶוער נָאךְ אַזוֹי ווִי אִיהְר ווייסְט דֶעם סוֹד פוּן הוֹיפְּט־שְׁטַאבּ. אַלְזָא, צוּ דֶער זַאךְ, אִיהְר פֶערלַאנְגְט פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק?

— נִיט וֶוענִיגֶער, אוּנ דָאס אִין פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע גֶעלְד.

— דָא הָאט אִיהְר אַ פַּאקֶעט, אִין אִיהְם לִיעגֶען פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, אִיהְר מֶעגְט אִיבֶּערְצֶעהלֶען, אוֹיבּ אִיהר ווִילְט.

נָאךְ דִי וָוארְטֶער אִיז ווייטֶער שְׁטִילל גֶעוָוארֶען אִין לָאזֶע אונ מַתִּית הָאט אַיִּס־דְרִיקְקְלִיךְ גֶעהֶארְט ווִי מֶען הָאט גֶעצֶעהלְט גֶעלְד.

– אַלְזָא, מַיין הֶערר, אַלֶץ אִיז אִין אָרְדְנוּנְג, דָאס גֶעשֶׁעפְּט אִיז גֶעעֶנְדִיגְט — הָאט קַאלְט דֶער פְרֶעמְדֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען.

אִין דֶעם זֶעלְבֶּען אויגֶענְבְּלִיק הָאט זִיךְ דִי טְהִיר שׁוין גֶעעֶפֶענְט אונ אַללֶע דְרַייא זַיינֶען אַרויס פוּן דֶער לָאזֶע.

מַתִּית אִיז ווִי אַ אֱמֶתֶע מַאלְפֶּע שְׁנֶעלל אונ גֶעשִׁיקְקְט אַרוּנְטֶערגֶעקְרָאכֶען פוּן זַיין בֶּעהֶעלְטֶענִישׁ אִין דֶער מֵיינוּנְג דֶעם פֶערְבְּרֶעכֶער נָאךְ צוּ פַּאקְקֶען בַּיים אַרויס־גֶעהֶען.

עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער פֶערְשְׁפֶּעטִיגְט. אִין דֶער לָאזֶע אִיז שׁוין קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועֶן.

– סְ'אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אַז עֶר זָאלל שׁוין הָאבֶּען אַרויסגֶעגַאנְגֶען פוּן זַאל, אַוַדַאי מוּז עֶר נָאךְ דָא וואוּ זַיין – הָאט זִיךְ מַתִּית אַללֵיין גֶעטְרֵייסְט אונ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּ שְׁטוּפֶּען צְווִישֶׁען דִי מַאסְקֶען. זַיינֶע אויגֶען הָאבֶּען גֶעבְּלָאנְדְזֶעט הִין אונ הֶער גֶעזוּכְט, גֶעקוּקְט.

עֶנְדְלִיךְ, פוּן אַ קְלֵיינֶעם קַאבִּינֶעט בַּיים בּוּפֶעט הָאט עֶר דֶערהֶערְט אַ גֶע־לֶעכְטֶער.

עֶר אִיז שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען. דֶער קֶעלְנֶער הָאט נוּר וָואס דָארְטֶען אַריינְגֶעטְרָאגֶען עֶססֶענְוַוארג.

נֶעבֶּען אַיין מַא־מָאר־טִישְׁעל אִיז גֶעזֶעסֶען נִינָאן מִיט אִיהְר בֶּעגְלֵייטֶער דֶעם גַלַח.

מֶעגְלִיךְ שְׁנֶעלל אִיז מַתִּית אַהִינְגֶעלָאפֶען צוּ דֶעם אויסגַאנְג.

דָארְטֶען בַּיי דֶער טְהִיר זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען דִי דְרַיי גֶעהַיים־פָּאלִיצִיסְטֶען, וֶועלְכֶע מַתִּית הָאט מִיטגֶענוּמֶען מִיט זִיךְ גֶעהֶענְדִיג אויפְ'ן בַּאל. זַיי זַיינֶען אויךְ גֶעוֶועֶן אִין רָאזֶע מַאסְקֶען.

– מַיינֶע הֶערֶען, קוּמְט מִיט מִיר – הָאט עֶר צוּ זַיי גֶעזָאגְט – אויף מַיין פֶערַאנְטְוָוארְטְלִיכְקֵייט זָאללְט אִיהְר אַרֶעסְטִירֶען אַ יוּנְגֶען מַאנן, אויף וֶועלְכֶען כְ'וֶועלל אַייךְ אָנְוַוייזֶען. אִיהְר מֶעגְט זַיין גַאנְץ זִיכֶער אַז דִי פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע רֶעגִירוּנְג וֶועט אַייךְ זֶעהר שֶׁאן בֶּעפְרִידִיגֶען פַאר דֶעם אַרֶעסְט.

דִי פָּאלִיצִיסְטֶען זַיינֶען מַתִּית'ן גֶעהָארְכְזַאם נָאכְגֶעגַאנְגֶען.

דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּסֶעס בְּרוּדֶער הָאט קוֹים גֶעקֶענְנְט אַיינְ־הַאלְטֶען אִין זִיךְ דִי פֶערְבָּארְגֶענֶע שִׂמְחָה אויף עֶסְטֶערהַאזִים מַפָּלָה.

עֶנְדְלִיךְ וֶועט עֶר זִיךְ קֶענֶען נוֹקֵם זַיין מִיט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיאר, נוֹקֵם זַיין פִיר זִיךְ אונ פַאר דֶעם בְּרוּדֶער מִיט זַיין וַוייבּ אונ קִינְד.

לַאנְגְזַאם אִיז עֶר מִיט דִי גֶעהַיים־פָּאלִיצִיסְטֶען צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער טְהִיר.

דָאס זוּמֶער־פוֹיגֶעל מִיט דֶעם גַלַח זַיינֶען נָאךְ גֶעזֶעסֶען בַּיי זַייעֶר טִישֶׁעל, וֶועלכֶער אִיז פוּלל גֶעוֶועֶן מִיט דִי לַיידִיגֶע שַׁאמְפַּאן־פְּלֶאשֶׁער.

— אִים נָאמֶען פוּן פְרַאנְקְרַייכֶער רֶעפּוּבְּלִיק — הָאט זִיךְ מַתִּית אָבְּגֶערוּפֶען עֶפּפֶּענְדִיג דִי טְהִיר פוּן גַאבִּינֶעט אוּנ אָנְוַוייזֶענְדִיג מִיט דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אוֹיף דֶעם פֶערשְׁטֶעללְטֶען גַלַח — וֶועלכֶע אִיז גוּט בֶּעפְרַיינְדֶעט מִיט בֶּעלְגִיֶען, פֶערלַאנְג אִיךְ פוּן אַייךְ, סַיינֶע הֶערֶען, צוּ אַרֶעסְטִירֶען דֶעם מַאנן אוּנ אִיהְם אָבְצוּשְׁטֶעללֶען אִין פַּארִיז.

נִינָאן דֶע קְלֶער הָאט פוּן גְרוֹיסֶם שְׁרֶעק אַ ווִילְדֶען גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען.

הַאסְטִיג, אֵיידֶער דִי אַגֶענְטֶען זַיינֶען נָאךְ צוּגֶעגַאנְגֶען עֶטְוָואס נֶעהֶנְטֶער, אִיז זִי צוּגֶעלָאפֶען צוּם פֶענְסְטֶער אוּנ דוּרכְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען.

— גֶעה מִיר נָאךְ — הָאט זִי דֶעם חַבֶר צוּגֶעשְׁרִיגֶען אִינְדֶעם וִוי זִי אִיז פֶערשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, גְלַייךְ וִוי זִי וָואללְט אִין אֱמֶתֶען גֶעוֶועֶן אַ זוּמֶער־פוֹיגֶעל.

ס'אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיין ווּאוּנְדֶער. וֶוער נָאךְ אַזוֹי וִוי זִי הָאט גֶעווּאוּקְסְט אַללֶע אַיינ־ אוּנ אוֹיסגַאנְגֶען פוּן בְּרִיססֶעלֶער טְהֶעאַטֶער?

דֶער חֲבֶר הָאט גֶעוָואללְט נָאכְטְהוּן. אִיהְם אָבֶּער הָאבֶּען שׁוֹין דֶערחַאפְּט דִי פָּאלִיצַיי־אַגֶענְטֶען.

— וָואס ווִילְלְט אִיהְר פוּן מִיר? — הָאט עֶר זַיי גֶעפְּרֶעגְט אוּנ זַיין קוֹל הָאט גֶעצִיטֶערְט — כְּ'פֶערזִיכֶער אַייךְ אַז אִיהְר הָאט אַ טָעוּת. כְּ'בִּין נִיט דֶער וֶועמֶען אִיהְר זוּכְט.

— אוּמְזִיסְט אַייעֶר מִיה, גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מַתִּית דְרֵייפוּס, וֶועלכֶער הָאט בַּאלְד פוּן זִיךְ אַרָאבגֶעוָוארְפֶען דִי מַאלְפֶען־מַאסְקֶע אוּנ דֶעם קָאסְטִיוּם — אִיהְר פֶערשְׁטֶעהט שׁוֹין, אַז פַאר אַייךְ שְׁטֶעהט דֶער בְּרוּדֶער פוּן דֶעם עֶלֶענְדֶען קַאפִּיטַאן, וֶועלְכֶער אִיז דוּרְךְ אַייךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעוָוארֶען. דָאס מָאל אָבֶּער הָאט עֶס אַייךְ נִיט גֶערָאטֶען.

בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט זִיךְ דֶער פֶערשְׁטֶעללְטֶער גַלַח אַ טְרַייסֶעל גֶעגֶעבֶּען אוּנ מִיט אַללֶע כּחוֹת זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט גְלַייכְגִילְטִיג צוּ בְּלַייבֶּען.

— כְּ'זָאג אַייךְ נָאךְ אַמָאל — הָאט עֶר גֶעצוֹיגֶען דִי וֶוארְטֶער — אִיהְר הָאט אַ טָעוּת, כְּ'בִּין נִיט גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי.

— אִיהְר זַייט אָבֶּער דֶער פֶערבְּרֶעכֶער — הָאט מַתִּית וַוייטֶער גֶעדוּנֶערְט מִיט זַיין רִיזֶען־קוֹל — וֶועלְכֶער הָאט יֶעצְט, מִיט אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה צוּרִיק אִין דֶער וִיעֶבֶּענְטֶער לָאזֶע פֶּעקוֹיפְט פְרַאנְקְרַייךְ פַאר פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

מַאכְט נִיט קֵיין שְׁהִיוֹת, שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר, נֶעהְמְט אַרוּנְטֶער דִי מַאסְקֶע, מִיר הָאבֶּען קֵיין צַייט נִיט.

אֵיין פָּאלִיצַיי־אַגֶענְט הָאט דֶערוַוייל אַרוּנְטֶערגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶעם גַלַח'ס גֶעזִיכְט דִי מַאסְקֶע. וִוי צוּמִישְׁט אִיז מַתִּית אָבְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען צוּרִיק, וָוענן עֶר הָאט דֶערזֶעהֶן דֶעם גַלַח'ס גֶעזִיכְט. פַאר אִיהְם אִיז יֶעצְט גֶעשְׁטַאנֶען נִיט גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי

נוּר מַארְצֶעל בֶּערנאַרד, וֶועלְכֶען דִי פַּארִיזֶער פָּאלִיצַיי זוּכְט אוּמְזִיסְט אַרוּם.

— הֶערר מַתִּית דְרֵייפוּס! הָאט רַחֲמָנוּת אוֹיף מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען — הָאט זִיךְ מַארְצֶעל גֶעבֶּעטֶען — מְהוּט דִי חֶרְפָּה נִיט אָן מַיין אַלְטֶען פָאטֶער.

— דַיין פָאטֶער לֶעבְּט שׁוֹין נִיט — הָאט מַתִּית אִיהְם הַארְט גֶעעֶנְטְפֶערְט — מִיט דְרַיי טֶאג צוּרִיק אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין לְוָיָה. דֶער אַלְטֶער עֶהרְלִיכֶער מַאנן הָאט נִיט גֶעקֶענְנְט אִיבֶּערטְרָאגֶען דִי חֶרְפָּה פוּן דֶעם אוּנְפֶערהָאפְּטֶען בַּאנְקְרָאט.

מַארְצֶעל הָאט אַרָאבגֶעלָאזֶען דֶעם קָאפּ. אִין דֶעם פֶּערְדָארְבֶּענֶעם הַארְץ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען נָאךְ אֵיין פוּנק פוּן אַ מֶענְשְׁלִיכֶען גֶעפִיהל.

— אוּנטֶערזוּכְט אִיהְם! — הָאט דֶערוַוייל מַתִּית וַוייטֶער בֶּעפָאהלֶען דִי אַגֶענ-טֶען — עֶר מוּז הָאבֶען בַּיי זִיךְ פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

אוּמְזִיסְט אָבֶער הָאבֶען דִי פָּאלִיצַיי-אַגֶענְטֶען אַרוּמגֶעזוּכְט דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶען פוּן קָאפּ בִּיז דִי פִיסס, זֵיי הָאבֶען דִי מַטְבֵּעַ נִיט גֶעפוּנֶגען.

דָאס גֶעלְד הָאט מִיטגֶענוּמֶען מִיט זִיךְ נִינָאן-דֶע-קְלֶער, וֶוענן זִי אִיז אַרוֹיס דוּרְכ'ן פֶענְסְטֶער.

— דֶער מַאנן הֵייסְסְט מַארְצֶעל בֶּערנאַרד — הָאט ווִיעדֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מַתִּית — פַּארִיזֶער פָּאלִיצַיי זוּכְט אִיהְם שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאנַאט אַרוּם. עֶר אִיז בֶּעשׁוּלְדִיגְט פִיר פֶערְשִׁיעדֶענֶע גְנֵבוֹת אוּנ רְצִיחוֹת. אִיהְר וֶועט אִיהְם אַזוֹי לַאנְג דָא הַאלְטֶען אִין בְּרִיסְסֶעלֶער פֶעסְטוּנְג, בִּיז ס'וֶועלְלֶען אָנְקוּמֶען פוּן פַּארִיז זַיינֶע פַּאפִּיעֶרֶען, אוּנ דַאמָאלְס וֶועט מֶען אִיהְם אַרִיבֶּערטְרַאנְספָּארְטִירֶען אַ הֵיים. כ'גֶעה מִיט מִיט אַייךְ, אוּנ אַז דֶער בָּחוּר וֶועט שׁוֹין זַיין אוּנְטֶערְן שְׁלָאסס, וֶועלְלֶען מִיר וַוייטֶער גֶעהֶען צוּ זַיין שׁוּתָּפְטֶע, דָאס אִיז דִי זִינְגֶערִין נִינָאן-דֶע-קְלֶער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דֶער מַאסְקֶען-בַּאל אִין דֶער גְרוֹיסֶער אָפֶּערַא הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעעֶנְדִיגְט, דִי לֶעצְטֶע גֶאסְט זַיינֶען אַרוּס פוּן דִי זַאלֶען אוּנ דִי דִיעֶנֶער הָאבֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיס-צוּלֶעשֶׁען דִי גַאזֶען אוּנ דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע לָאמְפֶּען.

אִין פָארְהוֹיז אִיז נָאךְ גֶעשְׁטַאנֶען אֵיין מַאסְקֶע — אַ אַלְטֶער גַלָּח מִיט אַ בְּרֵייטֶער הוּט.

דִי לֶעזֶער פֶערְשְׁטֶעהֶען גֶעוִויסס אַז דֶער גַלָּח אִיז גֶעוֶועזֶען גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי. בֶּאז הָאט עֶר אַרוּנְטֶערגֶענוּמֶען דִי מַאסְקֶע אוּנ זַיין גֶעזִיכְט אִיז נָאךְ בְּלַאססֶער גֶעוָוארֶען פוּן גְרוֹיס כַּעַס.

— דִי שְׁלַאנְג נִינָאן-דֶע-קְלֶער הָאט מִיךְ גֶענַארְט — הָאט עֶר גֶעקְרִיצְט מִיט דִי צֶאהְן — זִי הָאט זִיךְ מֶעהְר נִיט בֶּעווִיזֶען פוּן דֶער צַייט אָן, זִינְד זִי הָאט מִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערגֶעלָאזֶען אוֹיף דֶעם בַּאל. דָא מוּז עֶפֶּעס אִין דֶעם שְׁטֶעקֶען. כ'הָאב שְׁטַארְק מוֹרָא, אַז זִי הָאט מִיר אַרוֹיסגֶעחַאפְּט דֶעם פֶערְדִיעֶנְסְט.

וִוי אַזוֹי קֶענן עֶס אָבֶער מֶעגְלִיךְ זַיין? — הָאט עֶר זִיךְ אַלֵיין גֶעפָארְשְׁט — אִיךְ

הָאב דָאךְ דִי פַּאפִּיעֶרְען בַּיי מִיר, אָט שְׁפִּיער אִיךְ דָאךְ מַיין אוֹצָר פֶּעסְט אויף דֶער בְּרוּסְט, און אָהְן דִי פַּאפִּיעֶרְען וֶועט זִי דָאךְ קֵיין גֶעלְד נִיט קְרִיעֶגְען.

אַ וַויילֶע הָאט עֶר זִיךְ פֶּערְטְרַאכְט, גְלַייךְ וִוי עֶר וָואלְט זִיךְ עֶפֶּעס דֶערְמָאנְט.

— וֶוער וַוייסס — הָאט עֶר ווִיעדֶער גֶעמוּרְמֶעלְט — אֶפְשַׁר אִיז דֶער שְׁלָאף גֶעוֶועזֶען אוּנְנַאטִירְלִיךְ אוּן זִי הָאט דִי פַּאפִּיעֶרְען מִיר דַאמָאלְס פֶּערְטוּישְׁט מִיט אַנְדֶערֶע? — נֵיין, לֶענְגֶער קֶענְן אִיךְ נִיט וַוארְטֶען, כְּ'מוּז דֶערְגֶעהְן דִי רֵיינֶע וַואהְרְהֵייט.

אוּן מִיט צִיטְטֶערֶענְדֶע הֶענְד הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסגֶעטְהוּן דֶעם קָאסְטִיוּם אוּן אִיז אַרוֹיס אִין גַאסס.

דֶער זֵייגֶער אִיז גֶעוֶוען דְרַיי נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט. אִין אַ הִינְטֶער־גַאסס הָאט זִיךְ נוּר וָואס גֶעעֶפְּפֶענְט אַ קַאפְפֶע־הוֹיז פַאר דִי בּוֹיעֶרְען, וָואס קוּמֶען גַאנְץ פְרִיה אויף דֶעם מַארְק.

פָאַרְלֵייפִיג אִיז נָאךְ קֵיינֶער נִיט גֶעוֶוען.

עֶר אִיז אַרַיין אוּן זִיךְ גֶעהֵייסֶען גֶעבֶּען אַ גְלָאז טְהֶעע.

דֶער פֶערְשְׁלָאפֶענֶער דִיעֶנֶער הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט דִי טְהֶעע אוּן גְלַייךְ זִיךְ ווִיעדֶער אַוֶועק גֶעזֶעצְט אִין אַ ווִינְקֶעל אויף אַ שְׁטוּהל מִיט צוּגֶעמַאכְטֶע אוֹיגֶען. דֶער קָאפּ הָאט זִיךְ אִיהְם גֶעשָׁאקֶעלְט אַרָאבּ אוּן אַרוֹיף, אוּן אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם הָאט שׁוֹין דֶער קֶעלְלְנֶער גֶעשְׁמַאק גֶעחְרַאפֶּעט.

עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י הָאט בֶּעמֶערְקְט אַללֶע בֶּעוֶועגוּנְגֶען פוּן דֶעם קֶעלְלְנֶער, דֶער אֵיינְצִיגֶער עֵדוּת אִין דֶעם גְרוֹיסֶען צִימְמֶער, אוּן נָאכְדֶעם וִוי עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אִין גַאנְצֶען זִיכֶער אַז קֵיינֶער זֶעהְט אִיהְם נִיט, הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אוֹיס־גֶעשְׁטֶעקְט דִי הַאנְד צוּ דֶער בְּרוּסְט אוּן הַאסְטִיג אַרוֹיסגֶענוּממֶען אַ פַּאק פַּאפִּיעֶרְען.

עֶר הָאט נָאךְ גֶעוָואלְט זִיךְ מִיט דִי אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען אִיבֶּערְצַייגֶען אַז זַיין אוֹצָר אִיז גַאנְץ אוּן עֶר קֶענְן נָאךְ הָאפֶען חָאטְשׁ שְׁפֶּעטֶער גְלִיקְקְלִיךְ צוּ זַיין מִיט אַ גְרוֹיסס פֶערְמֶעגֶען.

לַאנְגְזַאם הָאט עֶר אַרוֹיסגֶענוּממֶען אֵיין פַּאפִּיער אוּן הָאט עֶס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְטֶערְן טִישׁ אַזוֹי צוּ בֶּעקוּקֶען, גְלַייךְ וִוי אַ קַאסְסִירֶער פוּן בַּאנְק, וֶוענְן עֶר אִיז חוֹשֵׁד אַז מֶען גִיבְּט אִיהְם פַּאלְשׁ גֶעלְד.

בַּאלְד אָבֶּער זֶענֶען דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָארְס אוֹיגֶען נָאךְ וִוי גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, דִי נָאז־לֶעכֶער הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיטְטֶערֶען אוּן דִי קְנִיע צוּ בְּרֶעכֶען.

— זִי הָאט מִיךְ בֶּעגַנְבֶעהט — הָאט עֶר אַ בְּרוּם גֶעגֶעבֶּען — בֶּעגַנְבֶעהט אויף גַאנְצֶע פִיער הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק. דִי דָאקוּמֶענְטֶען וָואס כְ'הָאבּ זֶענֶען פַּאלְשׁ.

אוּן וִוי אִין חֲלָשׁוּת אִיז עֶ סְ טֶ ע רְ הַ א זִ י ס קָאפּ אַנִיעדֶערְגֶעפַאללֶען אויף דֶעם מַארְמָארְנֶעם פְּלַאט. דֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעוואוּסְט וָואס דָאס הֵייסְט אַ פִינְגֶער זָאלל אִיהְם וֶועה טְהוּן, אוּן סְ'הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז עֶר אִיז שְׁטָאהְל אוּן אַייזֶען, אִיז עֶרְשְׁט גֶעלֶעגֶען שְׁוַואךְ וִוי אַ קְלֵיין קִינְד.

אַ צֶעהְן מִינוּטֶען הָאט גֶעדױעֶרְט בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ אוּנ אִיז גֶעװֶעזֶען אִים שְׁטַאנְד עֶטְװָאס צוּ קְלֶערֶען.

מִיעד אוּנ אָבְּגֶעשְׁװַאכְט הָאט עֶר זִיךְ אױפְגֶעהױבֶּען פוּן אָרְט.

נִיט װַייט פוּן זַיין שְׁטוּהל הָאט זִיךְ גֶעהֵייצְט אַ אױװֶען. עֶר אִיז שְׁטִילל צוּגֶע־גַאנְגֶען אוּנ הַאסְטִיג אַרײַנגֶעװָארְפֶען דִי פַאלְשֶׁע דָאקוּמֶענְטֶען אִין פַייעֶר.

זַײנֶע לִיפֶּען הָאבֶּען דַאבַּיי גֶעמוּרְמֶעלְט טױדְטֶע קְלָלוֹת.

נָאכְדֶעם הָאט עֶר אױפְגֶעװֶעקְט דֶעם קֶעלְלְנֶער, אִיהְם בֶּעצָאהלְט װָאס עֶר קוּמְט אוּנ הַאסְטִיג אַרוֹיס פוּן צִימְמֶער.

דֶער קָאפּ הָאט גֶעבְּרֶענְט אִין אֵיין פַייעֶר, דֶער פּוּלְס הָאט הַאסְטִיג גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ אַלְץ אַרוּם הָאט אִיהְם אױסְגֶעזֶעהֶען רױט, אָבְּװָאהְל ס׳אִיז נָאךְ גֶעװֶען אַ פִינְסְטֶערֶע נַאכְט.

— נְקָמָה! — הָאט עֶר גֶעקְרִיצְט מִיט דִי צֶאהְן — כְּ׳מוּז מִיר נָאךְ נוֹקֵם זַיין אָן דִי פֶערְשָׁאלְטֶענֶע פְרוֹי, זָאלל זִי װִיסֶען אַז מִיט עֶסְטֶערְהַאזִין שְׁפִּילְט מֶען זִיךְ נִיט.

אוּנ װִי אַ מְשׁוּגָענֶער אִיז עֶר גֶעלָאפֶען דוּרְךְ דִי גַאסֶען בִּיז עֶר אִיז עֶנְדְלִיךְ גֶע־קוּמֶען נִיט װַייט פוּן דֶער עֶלֶעגַאנְטֶער נִינָאנִס װִילְלַא.

עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמוּזְט אָבְּשְׁטֶעלְלֶען, װַייל דָאס אִיז גֶעװֶען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט פָּאלִיצַיי פוּן אַללֶע זַייטֶען אוּנ זַיי הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט אַרַיין אוּנ אַרױסְגֶעלָאזֶען פוּן דֶער זִינְגֶערְקֶעס װָאהנוּנְג.

— װָאס זָאלל עֶס אַלְץ בֶּעדַייטֶען? — הָאט זִיךְ דֶער שְׁװַארְצֶער מַאיָאר גֶעװוּנ־דֶערְט — װִי אַזױ קוּמְט דִי פָּאלִיצַיי צוּ בֶּעפַאלְלֶען אַזױ שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט דִי װָאהנוּנְג פוּן דֶער בֶּערִיהְמְטֶער זִינְגֶערִין? אֶפְשַׁר מֵיינְט מֶען דָאס גָאר אִיהְם? עֶר הָאט גֶעפַּאסְט מוּטְה אוּנ גֶעפְרֶעגְט בַּיי אֵיינֶעם פוּן דִי פָּאלִיצִיסְטֶען, װָאס דָא אִיז פָארְגֶעקוּמֶען, אֶפְשַׁר הָאט מֶען בֶּעגַנְבֶעט דִי זִינְגֶערִין, דַאמָאלְס װֶען זִי אִיז גֶעװֶען אױף דֶעם מַאסְקֶענְבַּאלל?

— סַיי װִי סַיי װֶעט אִיהְר עֶס שׁוֹין מָארְגֶען גֶעװָאהְר װֶערֶען אִין דִי צַייטוּנְג — הָאט דֶער פָּאלִיצִיסְט אִיהְם פְרַיינְדְלִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט — כְּ׳װֶעלל אַייךְ אַלְזָא צוּלִיעבּ מְהוּן אוּנ אױסְזָאגֶען דֶעם סוֹד. דִי פָּאלִיצַיי אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען צוּ אַרֶעסְטִירֶען דִי זִינְגֶערִין, װֶעלְכֶע הָאט הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט צוּזַאמֶען מִיט אִיהְר גֶעלִיעבְּטֶען פֶערְדִיענְט, נִיט אױף דֶעם עֶהְרְלִיכֶען װֶעג, אַ שֶׁאנֶע סוּמְמֶע גֶעלְד, נִיט מֶעהְר אוּנ נִיט װֶענִיגֶער װִי פִיער מָאל הוּנְדֶערְט טױזֶענְד פְרַאנְק.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט זִיךְ קוֹים אַיינְגֶעהַאלְטֶען נִיט אַרױסְצוּגֶעבֶּען זַיין אױפְרֶעגוּנְג אוּנ קַאלְטְבְּלִיטִיג װַייטֶער גֶעפְרֶעגְט:

— נוּ... הָאט מֶען... שׁוֹין גֶעכַאפְּט דִי גַנָבִים?

— דֶער גֶעלִיעבְּטֶער לִיעגְט שׁוֹין אִין פֶעסְטוּנְג. דִי זִינְגֶערִין אָבֶּער אִיז פֶערְ־שְׁװוּנְדֶען גֶעװָארֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם גֶעלְד אוּנ דִי פָּאלִיצַיי מַאכְט אַ שְׁטְרֶענְגֶע

אונטערזוכונג אין יעדעם ווינקעלע פון דעם הויז, טאמער וועט זיך עפּעס געפינען נייע בעווייזען פון דער זינגערקעס פערברעכען.

מעהר האט עסטערהאזי ניט געברויכט צו וויסען.

ווי אַ שכּור איז ער אוועקגעגאנגען פון דעם אָרט.

דאס בלוט האט אין איהם געקאכט פון כּעס. פון זיין גאנצען פּלאן איז גאר נישט געוואָרען אונ ער האט זיך געשלעפּט נאך בּריסעל כּדי אנדערע זאלען מאכען געלד.

באז האט ער צוגערופען אַ דראָשקע אונ זיך געלאזט פיהרען צום באהן.

אין צעהן מינוט ארום געהט אב אַ שנעלל־צוג נאך פּאריז. ס'איז איהם נאך געבליבען צייט ניט מעהר ווי צו נעהמען אַ בּילעט אונ צו פאהרען אהיים.

יעצט איז ער שוין ניט געזעסען אזוי בּרייט אין וואגאן, נור מיט אַ ניעדער־געשלאגענע מיענע האט ער אראבגעלאזען דעם קאפּ אונ געקלערט וועגען זיין מפּלה.

אומזאנסט געמאכט אזא נסיעה, אונ אויף צוגאב נאך פערלארען די טהייערע דאקומענטען אויך.

פראנקרייכ'ס סוד איז פערקויפט אונ ער האט קיין הנאה ניט.

וואס וועט ער יעצט אנהייבען צו טהון? ווי אזוי וועט ער בעצאהלען דעם דאקטאר דובוא אונ דעם פּראצענטניק סאלאמאן בענאס, זיינע ערגסטע שונאים, וועלכע וועלען דאך געוויסס ניט שווייגען?

נור דאס איז נאך אלץ גאר נישט. וואס וועט אבער זיין אז די זינגערין נינאן־דע־קלער וועט פריהער אדער שפּעטער אריינפאללען צו דער פּאליציי אין די האנד אונ ביי דעם סליעדאוואטעל מודה זיין, אז די פיער הונדערט טויזענד פראנק האט זי געקראגען פאר די דאקומענטען, וועלכע קומען ארויס פון דעם הויפּט־שטאב, אונ ער, עסטערהאזי, האט איהר די דאקומענטען געבראכט צו פיהרען — וואס וועט ער דאמאלס טהון? שלעכט, אויף אזא ארט איז ער פערלארען אונ ער קענן האבען אזא סוף ווי קאפּיטאן דרייפוס האט דורך זיין האנד געהאט.

אונ דער שווארצער מאיאר האט צוגעלייגט דעם קאבעדיגען שטערען צו דער קאלטער שויב פון וואגאן, דורך וועלכע ער האט ארויסגעקוקט אין דער פינסטערע נאכט.

דער שנעלצוג האט זיך האסטיג געטראגען אויף די רעלסען אונ די צושפּרייטע פונקען פון לאקאמאטיוו האבען אויסגעזעהען ווי ראקעטען.

וואס מעהר עסטערהאזי האט געקלערט איז איהם אלץ ערגער געוואָרען אויפ'ן הארצען.

ניין, אזוי מאוס אריינצופאללען, זיך אזוי אומגליקקליך צו מאכען, אונ ווער, ער דער שווארצער מאיאר!

און צוליעב דֶעם טַייעֶרְען גֶעשֶׁעפְט איז עֶר דָאךְ נִיט גֶעפָאהרֶען זִיךְ זֶעגֶענֶען מִיט דֶער מוּטְטֶער, וֶועלְכֶע הַאלְט בַּיים שְׁטַארְבֶּען.

דֶערְפַאר, קֶענְן זַיין, הָאט אִיהְם טַאקִי גָאטט גֶעשְׁטְרָאפְט. טְהוּט דֶענְן אַ מֶענְשׁ אַזוינְס?

שְׁלֶעכְט פוּן אַללֶע זַייטֶען און דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט גֶעמַאכְט אַ מִיעֶנֶע, גְלַייךְ וִוי עֶר גֶעהְט זִיךְ שׁוֹין דָאס לֶעבֶּען נֶעהמֶען.

מִיעד, צוּבְּרָאכֶען, אָהְן לַייב און לֶעבֶּען אִיז עֶר פַאר מִיטָאג גֶעקוּמֶען צוּ פָאהרֶען אִין פַּארִיז.

עֶר הָאט בַּאלְד גֶענוּמֶען אַ צוּגֶעמַאכְטֶע דָארָאשְׁקֶע און אִיז אַוֶועקגֶעפָאהרֶען אַהֵיים.

פָאהרֶענְדִיג הָאט עֶר זִיךְ אַרוּנְטֶערגֶענוּמֶען דֶעם שַׁייטֶעל און אויסגֶערֵיינִיגְט דִי בָּארְד פוּן דֶעם ווַייססֶען פוּדֶער.

זַיין דִינֶער בַּאפְּטִיסְט אִיז אִיהְם אַרוֹיס אַנְטְקֶעגֶען און גֶעהָאלְפֶען אַרוֹיסגֶעהן פוּן דָארָאשְׁקֶע.

— כְ׳בִּין זֶעהְר שְׁלֶעפֶערִיג, בַּאפְּטִיסְט — הָאט דֶער גְרַאף גֶעזָאגְט — קֵיינֶער זָאלל מִיר נִיט שְׁטֶערֶען בִּיז פַאר נַאכְט.

— ס׳וֶועט גֶעשֶׁעהן, הֶערר גְרַאף. ווילל אָבֶער נִיט דֶער הֶערר פְרִיהֶער זֶעהֶען דִי דֶעפֶּעשֶׁע, וֶועלְכֶע אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ נֶעכְטֶען פַאר נַאכְט?

— אַ דֶעפֶּעשֶׁע? — הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי פֶערְווּאוּנְדֶערְט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען און אַ קֶעלְט אִיז אִיהְם דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער אַללֶע גְלִיעדֶער.

עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דִי מוּטטֶער.

מִיט צִיטטֶערֶענְדֶע הֶענְד הָאט עֶר צוּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם דִינֶער דִי טֶעלֶעגְרַאממֶע און אִיהם אַ ווִינְק גֶעגֶעבֶּען עֶר זָאלל אַרוֹיסְגֶעהֶען פוּן צִימֶער. נָאכְדֶעם הָאט עֶר אויפְגֶעפֶּעפֶּענְט דִי דֶעפֶּעשֶׁע.

— אַךְ גָאטט! — הָאט עֶר שְׁרֶעקְלִיךְ אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען — זִי אִיז טוֹידְט!

דִי טֶעלֶעגְרַאממֶע אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן נֶעכְטֶען און עֶר הָאט דָארְטֶען פָאלְגֶענְדֶע וֶוארְטֶער אִיבֶּערְגֶעלֶעזֶען:

„אַייֶער מוּטטֶער אִיז הַיינְט אִין דֶער פְרִיה צֶעהן מִינוּטֶען אוֹיף צֶעהְן דֶעם זַייגֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען. בַּיי אִיהר אִין בֶּעט אִין דֶעם מַאטֶערַאץ הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען אִין וֶוערְטְה־פַּאפִּיעֶרֶען זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, וֶועלְכֶע גֶעהֶערֶען יֶעצְט צוּ אַייךְ. פָארְלֵייפִיג הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעלְד גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ. אויסֶערְדֶעם הָאט מִיר אַייֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע מוּטטֶער נָאךְ בַּיים לֶעבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַ פֶּערְזִיעֶנְלִיכֶע צַוָואה, אִין וֶועלְכֶער שְׁטֶעהט פֶערְשְׁרִיעבֶּען אַ סוֹד, וָואס אִיהר אַללֵיין טָארְט עֶס נוּר ווִיסֶען. אִיהר וֶועט אַזוֹי גוּט זַיין און בַּאלְד אַהֶערְקוּמֶען צוּ צוּנֶעהמֶען דִי צַוָואה מִיט דֶעם גֶעלְד, ווַייל מַיין קְלֵיין הַייזֶעל אִיז נִיט קַיין זִיכֶערֶער אָרְט פַאר אַזֶעלְכֶע זַאכֶען.

אַבֶּע סִילְוַוא".

— ווידֶער גֶערַאטֶעוֶועט! — הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען — נָאךְ אַמָאל גֶערַאטֶעוֶועט.

און פֿיל פון בויגען אִיז עֶר אויפְגֶעשְׁטַאנְגֶען אויף דִי פִּיסס.

עֶר הָאט אִין זִיךְ דֶערְשְׁפִּיעֶרְט אַ נַייֶעם כֹּחַ צום לֶעבֶּען. דִי אויגֶען הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּער אַנַייֶעס אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער טַייפֶעלְשֶׁער דְרֵייסְטִיגְקֵייט אַזוֹי וִוי אִין דִי בֶּעסְטֶע יָאהְרֶען.

דִי מוטטֶער אִיז אַלְזָא נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אָרֶעם וִוי אִיהם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט. זִי הָאט נָאךְ פון דֶעם פָאטֶערְס יְרוּשָׁה אָבְּגֶעשְׁפָּארְט זֶעכְצִיג טויזֶענְד פְרַאנְק.

דִי סוּמְמֶע וֶועט אִיהם וֶוענִיגְסְטֶענְס קְלֶעקֶען פְּטוּר צוּ וֶוערֶען פון דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען דוּבּוּאַ און פון דֶעם טַייפֶעל בֶּענָאס.

נור בַּיי דִי אַלֶע גְלִיקֶען אִיז אִיהם צַייטֶענְוַוייז דוּרְכְגֶעלָאפֶען אַ פִינְסְטֶערֶער גֶעדַאנְקֶען אויךְ. וִוי טְהַייֶער דָאס גֶעלְד קָאסְט אִיהם! — זַיין מוטטֶער, דִי אֵיינְצִיגֶע פְרוי, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אֶמֶת גֶעלִיעבְּט, וֶועט עֶר שׁוֹין קֵיין מָאל מֶעהר נִיט זֶעהֶען.

— גֶעבְּטֶען אִין דֶער פְרִיה, צֶעהְן מִינוּט אויף צֶעהְן אִיז דִי נְשָׁמָה אַרויס פון אִיהר גוּף — הָאט עֶר צוּ זִיךְ גֶעמוּרְמֶעלְט טְרויֶערִיג — אִיךְ בִּין דַאמָאלְס גֶעזֶעסֶען בַּיי אִיהר, בַּיי נִינָאן. נִיט אוּמְזִיסְט אִיז מִיר אַזוֹי אוּנְמוּטִיג גֶעוָוארֶען אִין אִיהר צִימֶער. נִיט אוּמְזִיסְט אִיז מִיר גְרַאדֶע אוּם דִיעזֶער צַייט גֶעוָוארֶען אַזוֹי נִיט־גוּט. דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעזָאגְט, אַז יֶעצְט, אִין דֶעם מָאמֶענְט, שְׁטַארְבְּט אָב מַיין מוטטֶער.

אוּנ זַיינֶע אויגֶען הָאבֶּען שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דִי פָּאדְלָאגֶע, גְלַייךְ וִוי עֶר וָואלְט דָארְטֶען זוּכֶען דֶער מוטטֶערְס טוידְטֶען קָארְפֶּער.

בִּיסְלִיכְוַוייז אִיז עֶר ווידֶער גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ. נִיט דָא קֵיין צַייט אויף פִיעל צוּ טְרויֶערֶען.

דְרַיי טָאג הָאט עֶר קוים אויסְגֶעבֶּעטֶעלְט בַּיי דֶעם דָאקְטָאר אוּנ דֶעם פְּרָאצֶענְטְנִיק. דִי הֶעלְפְט פון דֶעם טֶערְמִין אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער אִין גָאר נִיט, יֶעצְט מוּז עֶר שְׁנֶעלל פֶערְרִיכְטֶען דִי פֶערְלָארֶענֶע צַייט.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט אָנְגֶעקְלוּנְגֶען.

דֶער דִיענֶער אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנ גֶעפְרֶעגְט וָואס דֶער הֶערר פֶערְלַאנְגְט.

— כְּ׳גֶעה נוּר אַרַיין אִין אַ רֶעסְטָארַאן עֶטְוָואס אָבְּעֶסֶען, דוּ וֶועסְט מִיר דֶערְוַויל פָּארְבֶּערַייטֶען מַיין קְלֵיינֶעם רַייזֶע־קָאסְטֶען, כְּ׳פָאהר ווידֶער אַוֶועק אויף צְוַויי טָאג.

— דֶער הֶערר גְרַאף ווילל ווידֶער פָאהְרֶען? — הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט דֶער דִיעֶנֶער — דֶער הֶערר גְרַאף אִיז דָאךְ...

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט אַ ווינְק גֶעגֶעבֶּען דֶעם דִיעֶנֶער עֶר זָאלל מֶעהר נִיט רֵיידֶען אוּנ אִיז אַרויס פון זַיין צִימֶער אִין גַאסס.

# VIII.

## עסְטֶערְהַאזים יְרוּשָׁה.

אויף די פּירֶענֶעֶר בֶּערְג איז גֶעגַאנְגֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁנֵיי.
ווי שְׁטֶענְדִיג הָאט זיך אויף דֶער שְׁפַּאנִישֶׁער גְרֶענֶעץ דֶער ווינְטֶער מיט פיער וָואכֶען פְרִיהֶער גֶעשְׁטֶעלְט ווי אוּמֶעדוּם אין פְרַאנְקְרֵייך, אוּנ די קְלֵיינֶע שְׁטֶאדְטִיל אַנְדָארַא איז גֶעוֶוען בֶּעדֶעקְט מיט שְׁנֵיי ווי מיט אַ ווייסֶען לַיילַאך.
די שְׁטֶאדְטִיל איז גֶעוֶוען בֶּעוָואהְנְט פוּן פְרַאנְצוֹיזֶען אוּנ שְׁפַּאנְיֶער.
בַּיי נַאכְט הָאבֶּען די אַנְדָארֶער אַיינְוָואהְנֶער גֶעהַאלְטֶען די טְהִירֶען צוּגֶעמַאכְט אויף אַ פֶעסְטֶען שְׁלָאסס.
ס'איז אויך גִיט קֵיין וואוּנְדֶער.
עֶרְשְׁטֶענְס איז עֶס שְׁטֶענְדִיג גוּט צוּ הַאלְטֶען די טְהִיר צוּגֶעמַאכְט, דַאמָאלְס וֶוענן אין דְרויסֶען בְּלָאזְט דֶער ווינְד אוּנ ווילל זיך מיט גְוַואלְד אַרַיינְקְרִיעגֶען דוּרְך דֶער טְהִיר אוּנ דוּרְך די פֶענְסְטֶער־לָאדֶענְס.
צְוֵייטֶענְסְווייז איז גְלַאטט גוּט אין אַנְדָארַא צוּ זַיין פָארְזִיכְטִיג אוּנ צוּ הַאלְטֶען אַ הוּנְד בַּיי דֶער טְהִיר אוּנ אין שְׁטוּב זָאלל נִיט אוֹיסְגֶעהן קֵיין לִיכְט, ווייל אין די פּירֶענֶעֶען הָאט זיך וֶועניג וָואס גֶעעֶנְדֶערְט פוּן אַמָאלִיגֶע צֵייטֶען אוּנ ווי מיט אַ יָאהר פוּפְצִיג צוּרִיק הֶערְשֶׁען דָארְטֶען אַרוּם בַּאנְדֶעס רוֹצְחִים, מֵייסְטֶענְטְהֵיילְס פוּן די שְׁפַּאנְיֶער. יֶעצְט צִיטֶערֶען אויך די אַיינְוָואהְנֶער פַאר אַ נַייֶע בַּאנְדֶע מֶערְדֶער, וֶועלְכֶע בֶּעאוּנְרוּהִיגְט שְׁרֶעקְלִיך די גַאנְצֶע גֶעגֶענְד.
דֶער אַנְפִיהְרֶער פוּן דֶער בַּאנְדֶע איז דֶיעגָא גָאמֶעץ, וֶועלְכֶער איז שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעוֶוען פֶערְאוּרְטְהֵיילְט פַאר קָאנְטְרַאבַּאנְד.
מִיט אִיהם הָאט יֶעצְט גֶעקְלוּנְגֶען די גַאנְצֶע גֶעגֶענְד, דֶארְפֶער אוּנ שְׁטֶאדְט. יֶעדֶער בֶּעזוּנְדֶער הָאט עֶרְצֶעהלְט אֶמֶתֶע אוּנ אויסגֶעטְרַאכְטֶע מַעֲשִׂיוֹת פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען מֶערְדֶער, וֶועלְכֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס ס'הֵייסְט רַחֲמָנוּת, בֶּערַאבֶּעוֶועט אוּנ גֶעהַרְגֶעט רַייך אוּנ יוּנְג, אַלְט אוּנ אָרֶעם.
וֶועגֶען דֶעם רוֹצֵחַ הָאט מִיט שְׁרֶעק גֶעטְרַאכְט די נַאכְט דֶער אַנְדָארֶער פְרִיעסְטֶער אַבֶּבֶּע סִילְוַוא.
סִילְוַוא איז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ זָקֵן פוּן עֶטְלִיכֶע אוּנ זִיעבֶּעצִיג יָאהר, נוּר נָאך מוּנְטֶער אוּנ פְרִישׁ. די ווייסֶע גְרוֹיֶע הָאר הָאבֶּען נִיט וֶוענִיגֶער גֶעמַאכְט זַיין עֶנֶערְגְיֶע.
יֶעצְט זִיצְט עֶר בַּיי זַיין שְׁרַייבּ־טִישׁ, וֶועלְכֶער איז בֶּעלויכְטֶען פוּן אַיין לָאמְפּ אוּנ איז שְׁטַארְק פֶערְקְלֶערְט. צְוֵייטֶענְסְווייז גֵיט עֶר אַ לַאנְגֶען, שְׁוֶוערֶען זִיפְץ.
עֶר איז זֶעהר אוּנְרוּהִיג.

אויף דֶעם שְׁרַייב-טִישׁ שְׁטֶעהט אַ קְלֵיינֶע אַייזֶערְנֶע קֶעסְטִיל. דֶער דֶעקֶעל אִיז אָפֶּען אוּנ סִילְוַוא טַאפְּט אָפְּט דִי פַּאפִּיעְרֶען, וָואס לִיעֶגֶען דָארְטֶען אִין קֶעסְטִיל.

נֶעבֶּען דֶעם לִיעגְט אַ גְרויסֶער קָאנְוֶוערְט פֶערְחַתְמֶעט מִיט זִיעבֶּען זִיעגֶעלְן אוּנ מִיט אַ פְּרויעֶן-הַאנְדְשְׁרִיפְט אִיז דָארְטֶען אויפְגֶעשְׁרִיעבֶּען:

„דֶעם דָאזִיגֶען פַּאקֶעט זָאלל נָאךְ מַיין טוידְט עֶפְּפֶענֶען מַיין זוהן, דֶער גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי, וֶועלְכֶער דִיעְנְט אִין דֶעם פְרַאנְצוֹיזִישֶׁען גֶענֶערַאל-שְׁטַאבּ אוּנ נָאכְדֶעם וֶוענן עֶר וֶועט דִי צַוָאָה אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען זָאלל עֶר עֶס דִי מִינוּט פֶערְבְּרֶענְגֶען".

וֶוענֶען דִי צְוֵויי זַאכֶען אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי אוּמְרוּהִיג דֶער אַלְטֶער גַייסְטְלִיכֶער, דֶענן יֶעדֶעס מָאל, וֶוענן עֶר הָאט עֶס אָנְגֶעקוּקְט הָאט זִיךְ אִיהם דֶער שְׁטֶערֶען גֶעקְנֵייטְשְׁט פוּן אוּנְרוּהֶ.

— כְּ'מוּז מִיךְ בֶּעשְׁלִיסֶען — הָאט אַבֶּבֶּע סִילְוַוא צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ זִיךְ אויפְגֶעהויבֶּען פוּן זַיין אָרְט צוּ שְׁפַּרֵייזֶען אִיבֶּער'ן צִימֶער — נֵיין, כְּ'טָאר אֲפִילוּ אֵיין נַאכְט נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען בַּיי מִיר עֶסְטֶערְהַאזֶעס יְרוּשָׁה.

כְּ'הָאבּ נִיט קֵיין אַייזֶערְנֶע קַאסֶע, וואוּ כְּ'זָאלל אַיינְשְׁלִיסֶען דָאס גֶעלְד אוּנ דִי צַוָאָה אוּנ אִיךְ וֶועלל קֵיין אוּיג נִיט קֶענֶען צוּטהוּן, וֶוענן דִי יְרוּשָׁה זָאלל אַזוֹי בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהן אויפ'ן טִישׁ. שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען פֶעהלֶען נִיט אוּנ אִין שְׁטֶעדְטִיל וֵוייסְס מֶען שׁוֹין אַז דָאס גֶעלְד אִיז בַּיי מִיר אִין שְׁטוּבּ. כְּ'הָאבּ זָאגַאר דָאס מַיינִיגֶע גֶעטְהוּן אוּנ דֶעפֶּעשִׁירְט צוּם גְרַאף, עֶר זָאלל בַּאלְד קוּמֶען, בִּיז יֶעצְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ אָבֶּער פוּן אִיהם קֵיין עֶנְטְפֶער נִיט. וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ קֶענן עֶר נִיט אַוֶועקְפָאהְרֶען, עֶר אִיז דָאךְ אַ אָפִיצִיער אוּנ אִיז אָבְּהֶענְגִיג פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערְעֶ. וֶוער וֵוייסְס וִוי לַאנְג סְ'קֶענן נָאךְ דוֹיעֶרְן בִּיז אִיהם וֶועט מֶעגְלִיךְ זַיין צוּ קוּמֶען אוּנ אָבְּצוּנֶעהְמֶען דִי יְרוּשָׁה? גָאטט זָאלל מִיךְ אָבֶּער אָבְּהִיטֶען כְּ'זָאלל דִי גֶעלְד אוּנ דִי ווִיכְטִיגֶע צַוָאָה הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ בִּיז עֶר וֶועט קוּמֶען. נֵיין, חָלִילָה, כְּ'טָאר עֶס נִיט רִיזִיקִירֶען אוּנ וָואס גֶעשְׁווִינְדֶער עֶרְגֶעץ וואוּ בֶּעהַאלְטֶען.

בַּיי דִי וֶוערְטֶער אִיז דֶער גַייסְטְלִיכֶער צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פֶענְסְטֶער אוּנ צְרוּיס-גֶעקוּקְט אויף דְרוֹיסֶען.

נִיט וַוייט פוּן זַיין הויז הָאבֶּען זִיךְ בֶּעווִיזֶען דִי בַּיימֶער פוּן בֵּית עוֹלָם, אוּנ פְּלוּצְלִינְג הָאט דֶער אַלְטֶער אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען.

שׁוֹין דָא אַ פְּלַאן ווִי אַזוֹי דֶעם אוֹצָר צוּ בֶּעהַאלְטֶען, אַז קֵיין גַנָב זָאלל עֶס נִיט גֶעפִינֶען.

דָאס בֶּעסְטֶע בֶּעהֶעלְטֶענִישׁ וֶועט זַיין בַּיי עֶסְטֶערְהַאזִיס מוּטֶער אִין דֶעם נַייעֶן קֶבֶר, דָארְטֶען וֶועט שׁוֹין קֵיינֶער נִיט אַיינְפַאלֶלֶען צוּ זוּכֶען. דִי אַלְטֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען עֶלֶענְד ווִי אַ שְׁטֵיין, אָהן אַ גוֹאֵל אָהן אַ קָרוֹב, אִיהר קֶבֶר אִיז אויךְ אַ אָרֶעמֶער בֶּערְגֶעל עֶרְד, אָהן בְּלוּמֶען, אָהן גְרִינֶע גְרָאז. דָארְטֶען בַּיי דֶער טויטֶער

װעט דאָס געלד רוהיג בלײַבען, ביז דער אֶמתער יורש, דער זוהן װעט קוממען פון פּאַריז.

— אַזוי בלײַבּט עס — האָט דער אַלטער געענדיגט זײַן מאָנאָלאָג. נאָכדעם האָט ער װיעדער גענוממען דאָס אײַזערנע קעסטיל, נאָך אַ מאָל דורכגעזעהען די װערטה־פּאַפּיערען, אַרײַנגעלייגט צװישען זיי די צואה און צוגעמאַכט דעם דעקיל פון קעסטיל מיט אַ שליסעל, װעלכען ער האָט באַלד נאָכדעם בעהאַלטען אין זײַן שװאַרצען ראָק.

נאָכדעם האָט ער אויף זײַן קאָפּ אָנגעטהון אַ שװאַרצע היטעל און דעם האַלז אַרומגעװיקעלט מיט אַ גרויסען שאַל.

שטילל איז ער דורכגעגאַנגען דורך די קיך־טהיר, װי ס'איז געשלאָפען זײַן דיענסט.

צופריעדען האָט ער זיך אײַנגעהאַרט װי די אַלטע חראַפּעט געשמאַק.

ער האָט זאָגאַר געװואוסט אַז די אַלטע דיענט איהם שוין פערציג יאָהר געטרײַ, פאַר איהר האָט ער אַלזאָ ניט װאָס מורא צו האָבען, נור פונדעסטװעגען איז זי דאָך ניט מעהר װי אַ פרוי, װעלכע האָט אַמאָל ניט װיללענדיג ליעב צו פּלױדערען און דורך אַ פּוסטען געשפּרעך קענן זי אַרויסגעבען זײַן הייליגען סוד, װעגען דער רײַכער ירושה.

נור נײַן, יעצט שלאָפט זי געשמאַק, זי האָרט ניט אַ װאָרט און ער מעג זיכער זײַן אַז קיין ילוד־אישה װעט ניט געװואהר װערען, װאו ער האָט בעהאַלטען עסטערהאַזים ירושה. און אָהן געררודער האָט ער אָנגעצונדען דאָס קליין לאַמטערן און דורכ'ן גאָרטען אַרויף אויף דער גאַסס.

פון די בערג האָט געיאָגט אַ װינד און די בוימער האָבען זיך געשאָקעלט הין און הער. אויף דרויסען איז געװען שטאַרק פינסטער און דער װינד האָט געלײַך װי מיט אַ בעזונדערער כונה געבלאָזען, כדי אויסצולעשען די ליכט פון דעם קליינעם לאַמטערן.

דער אַלטער פּפאַרער האָט עס אַלץ ניט בעמערקט און מיט יוגענד־מוטה געשפּרײַזט װײַטער.

אָט איז ער שוין אויפ'ן קריסטליכען בית עולם.

רוהיג, אָהן שרעק, געהט ער אַרום צװישען די װײַסע מצבות, ביז ער איז געקוממען צום נײַען קבר.

ניט װײַט איז נאָך געלעגען דעם קברנ'ס רידעל. דער אַלטער סילװאַ האָט אַװעקגעשטעללט זײַן לאַמטערן און גענוממען אין האַנד דעם רידעל.

האַסטיג האָט ער געמאַכט אַ לאָך אין דעם פרישען בערגיל ערד, װאָס האָט צוגעדעקט דעם קבר.

אַז דער רידעל האָט זיך אָבגעשלאָגען אָן די הילצערנע טרומנע, האָט ער

אויפְגֶעהֶערְט װײטֶער צו גְרָאבֶּען, לַאנְגְזַאם גֶענוּמֶען אין הַאנְד דָאס אַײזֶערְנֶע קֶעסְטִיל אוּנ עֶס אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אין דֶעם לָאךְ, בִּיז דֶער טְרוּמְנֶע.

ס׳הָאט אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען װֶוענְן דָאס אַײזֶען הָאט זִיךְ אָבְּגֶעשְׁלָאגֶען אָן דִי הַאלְץ. דֶער אַלְטֶער הָאט אַ שְׁפְּרוּנְג גֶעגֶעבֶּען. אִיהם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז עֶר הָאט מִיט דֶעם קְלַאפּ אויפְגֶעוֶועקְט דִי טוֹידְטֶע.

בַּאלְד אָבֶּער אִיז עֶר וִויעדֶער גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ אוּנ הַאסְטִיג צוּרִיק פֶערְשָׁאטֶען דִי לָאךְ, דַאבֵּיי הָאט עֶר גֶעמוּרְמֶעלְט צוּ זִיךְ אַלֵיין:

זַיי רוּהִיג מַאדַאם עֶסְטֶערְהַאזִי, כְ׳בִּין נִיט גֶעקוּמֶען דִיךְ אויפְצוּוֶועקֶען פוּן עֶוִויגֶען שְׁלָאף, כְ׳וִויל נוּר בֶּעהַאלְטֶען דַיין זוּהנְ׳ס יְרוּשָׁה, כְּדֵי שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען עֶס פוּן מִיר מִיט גְוַואלְד נִיט צוּנֶעהמֶען.

דוּ װֶועסְט עֶס אַם בֶּעסְטֶען אויפְפַּאסֶען.

נָאכְדֶעם הָאט עֶר אָבְּגֶעזָאגְט אַ קוּרְץ גֶעבֶּעט אוּנ הַאסְטִיג אַװֶועק מִיט דֶעם לַאמְטֶערְן אִין הַאנְד אַהַיים.

גְלִיקְלִיךְ פוּן דֶעם גוּטֶען אַיינְפַאלל אִיז עֶר אַרַיין צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּב.

מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אויף דִי פֶערדַארְטֶע לִיפֶּען הָאט זִיךְ דֶער אַלְטֶער מַאנְן אוֹיס־גֶעטְהוּן אוּנ אויסגֶעלָאשֶׁען דִי לָאמְפּ.

צוּפְרִיעדֶען פוּן דֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִיז עֶר בַּאלְד גֶעשְׁמַאק אַיינְגֶע־שְׁלָאפֶען.

---

בַּארְג אַרָאבּ אויף דֶער עֶרְשְׁטֶער גַאסס פוּן אַנְדָארַא זַיינֶען דִי נַאכְט גֶעגַאנְגֶען זֶעקְס מֶענְשֶׁען, אַיינְגֶעהִילְט אִין דוּנְקֶעלֶע מַאנְטְלֶען, מִיט בְּרֵייטֶע, פִילְצֶענֶע קַאפֶּע־לוּשֶׁען אַרָאבְּגֶעלָאזֶען טִיעף אויפ׳ן שְׁטֶערֶען. אִין דִי הֶענְד הָאבֶּען זַיי גֶעהַאלְטֶען אָנְגֶעלָאדֶענֶע רֶעוָואלְוֶוערֶען.

אַז זַיי זַיינֶען שׁוֹין גֶעוֶוען הוּנְדֶערְט טְרִיטט וַוייט פוּן דֶעם פְּרִיעסְטֶערְס הוֹיז, הָאט אַיינֶער פוּן זַיי, װֶעלְכֶער הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ הוּט מִיט אַ גָאלְדֶענֶער שְׁנוּר, זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען.

— זָאג נוּר, פֶּעטְרָא, בִּיסְט דוּ נוּר זִיכֶער אִין דֶעם, אַז דֶער גַייסְטְלִיכֶער הַאלְט אִין זַיין שְׁטוּב דִי זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, װֶועלְכֶע סְ׳זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער גְרֶעפִין עֶסְטֶערְהַאזִי? טָאמֶער בִּיסְט דוּ אִין סָפֵק, טָא רֵייד קְלָארֶע דִבּוּרִים, וָוארוּם כְ׳הָאבּ נִיט שְׁטַארְק חֵשֶׁק אוּמְזָאנְסְט, אָדֶער צוּ לִיעבּ אַ קְלֵיינִיגְקֵייט זִיךְ צוּ שְׁלֶעפֶּען אִין אַנְדָארַא, וואוּ דִי שְׁפַּאנִישֶׁע רַייטֶער זוּכֶען אַרוּם מִיךְ, דֶיעגָא גָאמֶעץ, וִוי אַ אֶבֶן טוֹב.

— כְ׳שְׁוֶוער דִיר אויף נֶאֱמָנוּת, אַז כְ׳הָאבּ נִיט קֵיין טָעוּת — הָאט דֶער אָנְגֶע־פְרֶעגְטֶער פֶּעטְרָא גֶעעֶנְטְפֶערְט — גֶעכְטֶען, װֶוענְן דוּ הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט קֵיין אַנְדָארַא אוּם עֶפֶּעס נַייעֶס צוּ דֶערְגֶעהְן, בִּין אִיךְ פוּנְקְט גֶעשְׁטַאנֶען דֶערבֵּיי וִוי דֶער אַלְטֶער סִילְוַוא הָאט זִיךְ גֶעסוֹידֶעט מִיט אַ צִיגַאוִונִיק.

פון זייער געשפּרעך האָב איך פערשטאַנגען אַז די אַלטע גראַפין עסטער־האַזי איז טויטט און דער גייסטליבער האָט פון איהר ערהאַלטען אַ פּאַק פּאַפּיערען מיט 60 טויזענד פראַנק, וועלכע געהערען יעצט צו דעם יונגען גראף עסטערהאַזי, אַ אָפיציער אין פּאַריזער הויפּט־שטאַב.

— אַוודאי – האָט זיך לוסטיג אָבגערופען דער פיהרער פון דער מערדער־באַנדע דיענאַ גאַמעץ – וועט דאָס געלד געהערען צו מיר און ניט צו יענעם מאַיאָר פון פּאַריז. לוסטיג, ברידער, אויף אַזאַ ביססען האָט געלאָהנט צו קוממען קיין אַנדאַרא.

דער אַלטער גייסטליבער האָט ניט געפּאַלגט די שכנים, וועלכע האָבען איהם שטענדיג געראָטהען צו האַלטען אַ הונד ביי דער טהיר און דאַריבער האָבען די גנבים לייכט אָהן גערודער געטראָפּפען צו זיין שטוב.

— עפּעס שלאָפט ער מיר צו שטאַרק און צו רוהיג – האָט זיך אָבגערופען דער עלטסטער פון דער באַנדע – דאָס געפעללט מיר גאָר ניט!

פּעטראַ, וועלכער איז געשיקקט געוואָרען צו בעקוקען אים פּאַראויס דאָס הויז פון אַללע זייטען, איז יעצט צוריק געקוממען און געמאַלדען, אַז זאָגאַר די הינטער־טהיר איז צום מאָל ניט געשלאָססען.

די רויבער זיינען אַריין אין קיך.

אַ קליין לאַמטערען האָט זיי בעלויכטען דעם וועג און דורך די האַלב אָפּענע טהיר האָבען זיי בעקוקט דעם גייסטליבען, וועלכער האָט געשמאַק געחראָפּעט אויף זיין געלעגער. זיי האָבען שוין געהאַט אין דער מיינונג איהם אויפצוּוועקען, נור פּלוצלינג האָבען זיי דערהערט אַ געשריי.

דאָס האָט די אַלטע דיענסט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און דערשראָקען אָנגע־קוקט די מערדער.

ווי אַ טיגער איז דער אָנפיהרער פון דער באַנדע אַרויפגעפאַללען אויף דער אַלטער פרוי און אין אַפּאָר מינוטען אַרום איז זי שוין געלעגען טויטט.

— די מכשפה האָט אונז פערשפּאַרט אַ אַרבייט – האָט דער רויבער געלאַכט. איהר זעהט? דער אַלטער הויבט זיך שוין אַלליין אויף.

סילוואַ איז ווירקליך אויפגעשטאַנגען פון זיין בעט. דער געשריי פון זיין דיענסט האָט איהם אויפגעוועקט.

נאַקעט און באָרפוס, מיט צוואָרפענע האָר, האָט ער אויפגעהויבען די רעכטע האַנד אין דער הויך און אַ געשריי געגעבען אויפען גאַנצען קול:

— רשעים וואָס טהוט איהר?

ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די אַלטע האָט צוגעמאַכט די אויגען און איהר בלוט האָט זיך געגאָססען פון דעם בעט אויף די פּאָדלאָגע.

— רשעים! – האָט זיך דער גייסטליכער ווידער צושריגען – איהר האָט ניט גאָטט אין האַרצען? ווי אַזוי זייט איהר אונטערגעשטאַנגען צו פערגיססען אונשולדיג

בְּלוּט פוּן אַ מֶענְשֶׁען, וָואס הָאט אַייךְ קַיין מָאל קַיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט גֶעטְהוּן? זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, אִין אַייעֶר רְצִיחָה הָאט אִיהְר פֶּערְגֶעסֶען אָן דֶעם יוֹם הַדִין, וֶוען גָאטט וֶועט אוֹיף אַייךְ אוֹיךְ נִיט הָאבֶּען קַיין רַחֲמָנוּת אוּנ שְׁטַארְק בֶּעשְׁטְרָאפֶען פִיר יֶעדֶען חֵטְא.

דֶער אָנְפִיהְרֶער פוּן דֶער רוֹיבֶּער־בַּאנְדֶע הָאט זִיךְ אָבֶּער וֶועניג וָואס גֶעמַאכְט פוּן דֶעם גַייסְטְלִיכֶענְס פְרוּמֶע וֶוערְטֶער.

— סִילְוַוא! — הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען אוּנ גֶעפַּאקְקְט דֶעם אַלְטֶען פַאר דֶער בְּרוּסְט — הֶער מִיר נוּר גוּט אוֹיס, אַלְטֶער נַארר! דוּ הָאסְט אוֹיךְ פֶּערְגֶעסֶען אַז דוּ שְׁטֶעהסְט נִיט יֶעצְט אוֹיף דֶער בִּימָה צוּ פְּרֶעדִיגֶען פַאר דִי נַארִישֶׁע בּוֹיעֶרֶען, נוּר דוּ הָאסְט בַּיי דִיר אִין הוֹיז גָאר אַנְדֶערֶע גֶאסְט, אוֹיף וֶועלְכֶע דוּ הָאסְט דִיךְ גֶעווִיסס נִיט גֶערִיכְט. דוּ ווייסְט וֶוער מִיר זַיינֶען? דֶיעֶנָא גָאמֶעץ מִיט זַיין בַּאנְדֶע. הַא, וָואס זָאגְסְט דוּ דֶערְצוּ?

דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט דֶעם מֶערְדֶער גְלַייךְ אָנְגֶעקוּקְט אִין דִי אוֹיגֶען אוּנ מִיט אַ פֶּעסְטֶען קוֹל רוּהִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— כְ׳הָאבּ דַיין נָאמֶען, זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ, נִיט אֵיין מָאל גֶעהֶערְט, לֵיידֶער שְׁטֶענְדִיג נִיט צוּ גוּטְס. יֶעדֶעס מָאל, וֶוען דִי מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ פַאר מִיר בֶּעקְלָאגְט אוֹיף דַיינֶע רְצִיחוֹת, הָאבּ אִיךְ גָאטט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאלל רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף דַיין זִינְדִיגֶע נְשָׁמָה אוּנ דִיךְ מַחֲזִיר לְמוּטָב זַיין.

— אַלְטֶער נַארר! וֶוער הָאט דֶענְן דִיךְ גֶעבֶּעטֶען זִיךְ אַריינצוּמִישֶׁען אִין מַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען? הַיי, חֶבְרָה, וָואס שְׁטֶעהט אִיהְר דָא ווִי פְלֶעקֶער מִיט אָפְּפֶענֶע מַיילֶער? קֶעהְרְט אוּם דִי שְׁטוּבּ קַאפּוֹיר, רַייסְט אוֹיף דִי פָּאדְלָאגֶע, זוּכְט אַרוּם אִין יֶעדֶעם ווִינְקֶעלֶע, דָא מוּז עֶרְגִיץ וואוּ לִיעגֶען בֶּעהַאלְטֶען זֶעבְּצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק. וֶוענְן כְ׳זָאלל אֲפִילוּ ווִיסֶען דֶעם אַלְטֶען דָאס הַארְץ אוֹיפְצוּרַייסֶען, מוּז אִיךְ גֶעפִינֶען דָאס גֶעלְד.

אוּנ דֶער בַּאנְדִיט הָאט דֶעם אַלְטֶען מַאנן מִיט אַ קְלַאפּ אִין דֶער בְּרוּסְט אַנִיעדֶער־גֶעווָארְפֶען אוֹיף דֶ׳ר עֶרְד.

צוּם אָנְהֵייבּ הָאט זִיךְ סִילְוַוא שְׁטַארְק דֶערשְׁרָאקֶען. אִיהְם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז דֶער מֶערְדֶער אִיז גֶעווָאהר גֶעווָארֶען פוּן זַיין פְּלַאן, יֶעצְט אָבֶּער הָאט עֶר נוּר אַ שְׁמֵייבֶעל גֶעגֶעבֶּען, וֶוען דִי בַּאנְדִיטֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זוּכֶען אִין יֶעדֶעם שְׁפֶּעלְטֶעלֶע, אוּנ נִיט דוּרכְגֶעלָאזֶען אֲפִילוּ דִי בֶּעטגֶעווַאנְד אוּנ אַללֶע הֵיילִיגֶע בִּיכֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען גֶעסְפָּארְטִירְט אִין אַ גְלֶעזֶערְנֶעם שַׁאנְק.

אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה הָאבֶּען דִי מֶערְדֶער אוּמְזָאנְסְט דוּרכְגֶעאֶקֶערְט דָאס הוֹיז. נִיט דָא קַיין גֶעלְד.

— כְ׳הָאבּ עֶס בַּאלְד גֶעוואוּסְט — הָאט אִין כַּעַס דֶער הוֹיפְּט־בַּאנְדִיט גֶעזָאגְט — אַז דֶער אַלְטֶער פוּקְס וֶועט דָאס גֶעלְד בֶּעהַאלְטֶען. דוּ וֶועסְט אָבֶּער פוּן אוּנְז אַזוֹי

לייכט ניט פּטור ווערען , מיט דיין איינען מויל מוזט דו אונז אללײן זאגען וואו דאס געלד ליעגט .

דער פּריעסטער איז שוין אָבער צוריק געשטאנדען אויף די פיסס אונ שטאלץ געפּרעגט דעם מערדער :

— וואס פערלאנגסט דו פון מיר , דיעגא גאמעץ ?

— דו זעהסט ווער דא ליעגט ? — האט איהם דער באנדיט געענטפערט מיט א פראגע אונ געוויזען אויף דער דיענסט׳ס טוידטען קערפּער .

— געוויסס , דאס איז דיינער אַ קרבּן , אונ כ׳העָר שוין ווי איהר נשמה בעקלאגט זיך פאר גאטט אין הימעל אויף דיינע געוואלטיגע רציחות .

— אלטער ! מאך זיך ניט תמוואטע אונ רעד מיט מיר ניט קיין חכמות , דו ווייסט אויך האבען אזא סוף ווי זי , ווען דו וועסט אונז ניט פאלגען מיט גוטען .

— אז גאטט וויל , קענן ער מיך ראטעווען פון אזא באנדיט ווי דו אויך , אונ אויב ער וועט מיך הייסען שטארבען , בין איך שטענדיג מוכן ומזומן צו צומאכען די אויגען .

— דו מעגסט דיר געזונדערהייט אויסלעבען דיינע הונדערט אונ צוואנציג יאהר , נור גיעב אהער די זעכציג טויזענד פראנק .

— דאס געלד איז נור מיר געוואָרען אנגעטרויט ווי א פקדון , אונ דיר עס אוועקצוגעבען הייסט ווערען אזא רוצח , ווי דו , דיעגא גאמעץ .

— ווער הייסט דענן דיר מיר עס געבען אין האנד ? — האט זיך געוויצעלט דער באנדיט — דו מעגסט בלייבען א עהרליכער נארר , ווי ביז יעצט , דו זאג אונז נור וואו דאס געלד ליעגט אונ כ׳וועל מיר עס שוין אללײן געהמען . נאך בעססער , דו בעדארפסט זאגאר ניט צו זאגען , נא דיר א שטיקק קרייד אונ שרייב אויף אויף דער טהיר , וואו דער אוצר געפינט זיך . דאכט זיך מיר , אז דאס מעגסט דו שוין טהון לכל הדעות אונ דיין ריינע נשמה וועט דערפון גאר ניט קאליע ווערען .

סילוואַ האט אנגעקוקט דעם מערדער מיט פעראכטונג אונ אויף זיינע ליפּען האט זיך וויעדער בעוויזען א זיסער שמייכעל .

— ניין — האט ער געזאגט אונ א שאקעל געגעבען מיט׳ן קאפּ — כ׳בין שוין צו אלט , כ׳זאלל מיך לאזען איינגעהען אויף דיינע גנבה׳שע שטיקקלעך . דו מעגסט לאבען ווי פיעל דו ווילסט פון מיין ריינער נשמה , איך וועל אבער , מיט גאטטעס הילף , שטארבען א עהרליכער מאנן . כ׳זאג דיר נאך אמאל אט פאר די אללע עדות , אז פון מיר וועסט דו אויף קיין פאלל ניט געוואָהר ווערען וואו דאס געלד ליעגט , מיין לעבען איז יעצט ביי דיר אין די האנד .

— אונ דו רעדסט דיך איין — האט זיך דער הויפּט-באנדיט צולאכט — אז דיעגא גאמעץ איז אזא נארר אונ נאך אזא זיסע דרשה וועט ער באלד מאכען מיט

דיר אַ סוף ? ניין , אַלְטִיטְשְׁקֶער , בַּיי מִיר אַז אִיךְ ווִילל רֶעדְען טוֹידְטֶע אוֹיךְ , בִּפְּרַט נָאךְ אַזֶעלְכֶע לֶעבֶּענְדִיגֶע מֶענְשֶׁען ווִי דוּ . הֵיי , פְּיָאטְר , קִירְל , שְׁלָאגְט נוּר צוּ דֶעם אַלְטֶען נאר מִיט אַ פָּאר גְעגֶעלֶעךְ צוּ דֶער טְהִיר .

די רְשָׁעִים זַיינֶען נִיט פויל גֶעוועֶן צוּ טְהוּן ווָאס דֶער אָנְפִּיהְרֶער הָאט זֵיי גֶעהייסֶען . מִיט רְצִיחָה הָאבֶּען זֵיי דֶעם אַלְטֶען גייסְטְלִיכֶען גֶעמַאכְט לֶעבֶער אִין די הֶאנְד אוּנ אִיהְם צוּגֶעשְׁלָאגֶען צוּ דֶער טְהִיר .

פוּן גְרוֹיסֶם יְסוּרִים אִיז סִילְוַוא אִין חֲלָשׁוּת גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ דֶער קָאפּ אִיז אִיהְם אַרָאבְּגֶעפַאללֶען אוֹיף דֶער בְּרוּסְט .

— מִינְטֶערְט אִיהְם אוֹיף מִיט אַ קוּבֶּעל וַואסֶער — הָאט וַוייטֶער דֶער בַּאנְדִיט קָאמַאנְדִירְט .

דָאס מִיטֶעל הָאט גֶעווִירְקְט אוּנ סִילְוַוא אִיז פוּן דֶעם קַאלְטֶען וַואסֶער צוּרִיק לֶעבֶּעדִיג גֶעווָארֶען .

— דוּ הָאסְט מִיר וָואס צוּ זָאגֶען ? — הָאט דֶער מֶערְדֶער מִיט חוּצְפָּה גֶעפְרֶעגְט .

— גָאר נִיט — הָאט דֶער פְּרִיעסְטֶער שְׁטָאלְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט — כְ׳הָאבּ דִיר נוּר גֶעוָואלְט בֶּעטֶען דוּ זָאללְסְט מִיר נִיט שְׁטֶעהְן גֶעגֶענְאִיבֶּער מַיינֶע אוֹיגֶען .

— ניין , דוּ וֶועסְט מִיךְ שׁוֹין לַאנְג נִיט אָנְקוּקֶען , נוּר פַארְדֶעם וֶועלל אִיךְ דִיךְ אַבִּיסֶעל אוּנְטֶערהֵייצֶען .

דֶער מֶערְדֶער אִיז וָואס אַמָאל מֶעהר בֶּאז גֶעוָוארֶען . אִיהְם אִיז שְׁוֶוער גְעוֶוען זִיךְ אָבְצוּוָאגֶען פוּן די זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק .

אַיינֶער פוּן דֶער בַּאנְדֶע הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן קִיךְ אַלְט פַּאפִּיער אוּנ הָאלְץ , דֶער אַנְדֶערֶער אַבִּיסֶעל פַּאקֶעלְיֶעס אוּנ דֶער דְרִיטֶער הָאט אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט דֶעם אַלְטֶענְס פִּיסֶם מִיט אֵייל .

דְיֶענָא אַללֵיין הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ שְׁפֶּענְדֶעל אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ סִילְוַואן .

— וואוּ הָאסְט דוּ אַהִינְגֶעטְהוּן עֶסְטֶערְהַאזֶעס יְרוּשָׁה ? — הָאט עֶר נָאךְ אַמָאל גֶעפְרֶעגְט , הַאלְטֶענְדִיג דֶעם שְׁפֶּענְדִיל בְּרֶענֶענְדִיגֶערְהֵייט אִין הַאנְד .

דֶער אַלְטֶער הָאט אִיהְם נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט , נוּר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען די אוֹיגֶען צוּם סוֹפִיט אוּנ שְׁטִילל גֶעזָאגְט :

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ! גִיבּ מִיר כֹּחַ אוּנ קְרַאפְט כְ׳זָאלל בַּיישְׁטֶעהֶען דֶעם נִסָיוֹן אוּנ שְׁטַארְבֶּען אַ עֶהרְלִיכֶער מַאנְן .

— צוּם לֶעצְטֶען מָאל פְרֶעג אִיךְ דִיךְ , אַלְטֶער שׁוֹטֶה — הָאט דֶערוַוייל דְיֶענָא וַוייטֶער ווִילְד גֶעשְׁרִיגֶען — צוּם לֶעצְטֶען מָאל , זָאג מִיר וואוּ אִיז דָאס גֶעלְד , אַנִיט צִינְד אִיךְ דִיךְ אוּנְטֶער .

— בְּיָדְךָ אַפְקִיד רוּחִי , פָּדִיתָ אוֹתִי אֵל אֱמֶת — אִיז גֶעוֶוען דֶעם אַלְטֶענְס תְּשׁוּבָה .

– גֶעה אִין אַלל דִי הֶעללֶען – הָאט זִיךְ דֶער מֶערְדֶער שׁוֹין לֶאנְגֶער נִיט אַיינְגֶעהַאלְטֶען – וֶוער פֶערבְּרֶענְנְט מִיט דַיין נַארִישֶׁען שֵׂכֶל צוּזַאמֶמֶען.

אוּנ מִיט אַ ווִילְדֶער רְצִיחָה הָאט דֶער הוֹיפְּט־בַּאנְדִיט אוּנְטֶערגֶעצוּנְדֶען דִי פַּאפִּיער אוּנ דֶער פְלַאם הָאט בַּאלְד אַרוּמְגֶעחַאפְּט דֶעם אַלְטֶען סִילְוַוא.

בַּאלְד נָאכְדֶעם אָבֶּער הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ קְלַאפֶּעַריי אִין דֶער פָאדֶער־טְהִיר פוּן דֶעם פְּרִיעסְטֶערְס וָואהנוּנְג.

– עֶפְפֶענְט אוֹיף, אַבְּבֶע סִילְוַוא – הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַ מַאנְסְבִּיללְשֶׁער קוֹל – דָאס בִּין אִיךְ, מַאָאר גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי אוּנ נָאךְ עֶטְלִיכֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן אַנְדָארַא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען מִיר גֶעוִויזֶען וואוּ אִיהְר וָואהנְט. עֶפְפֶענְט אוֹיף...

– צוּרִיק, אַהֵיים! – הָאט דֶער הוֹיפְּט־בַּאנְדִיט בֶּעפְֿאהלֶען – מִיר טָארֶען זִיךְ יֶעצְט נִיט שְׁפִּיעלֶען, יֶעדֶע מִינוּט קֶענֶען אַנְקוּמֶען דִי פָּאלִיצַיי...

אוּנ פִּייל פוּן בּוֹיגֶען זַיינֶען דִי מֶערְדֶער דוּרכְגֶעלָאפֶען דוּרךְ דִי הִינְטֶער־טְהִיר.

עֶסְטֶערהַאזִיס בֶּעגְלֵייטֶער הָאבֶּען זֵיי דֶערזֶעהן, סְ'אִיז אָבֶּער נִיט גֶעוֶוען קֵיין צֵייט זֵיי נָאכצוּיָאגֶען. פוּן דֶער אָפֶּענֶער טְהִיר הָאט שׁוֹין אַרוֹיסגֶעשְׁלָאגֶען אַ דִיקֶער רוֹיךְ.

נָאךְ פִּיעל מִיה אִיז עֶס זֵיי גֶעלוּנְגֶען אַיינצוּלֶעשֶׁען סִילְוַואס בְּרֶענֶענְדֶען קֶערְפֶּער.

נִיט וֶוענִיג הָאט בַּיי דֶעם גֶעאַרְבֵּייט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאָאר.

בַּאלְד נָאכְדֶעם אִיז זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעלָאפֶען דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטִיל אוּנ צְוַויי דָאקְטוֹרִים הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק מִיה גֶעגֶעבֶּען לַייכְטֶער צוּ מַאכֶען דֶעם אַלְטֶענְס יִסוּרִים.

אִין אַ פָּאר שָׁעָה אַרוּם הָאט דֶער קְרַאנְקֶער גֶעעֶפְפֶענְט דִי אוֹיגֶען אוּנ מִיעד זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אִיבֶּער'ן צִימֶער.

עֶסְטֶערהַאזִי הָאט גֶעוָואלְט בֶּענוּטְצֶען דִי גֶעלֶעגֶענְהֵייט אוּנ הַאסְטִיג זִיךְ אִיבֶּערגֶעבּוֹיגֶען צוּ דֶעם גוֹסֵס...

– הֵיילִיגֶער פָּאטֶער! – הָאט עֶר גִיךְ גֶעזָאגְט – אִיךְ בִּין גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי פוּן פַּארִיז, כְ'הָאבּ אַייעֶר דֶעפֶּעשֶׁע עֶרְהַאלְטֶען אוּנ גֶעקוּמֶען אַהֶער. זָאגְט מִיר וואוּ לִיעגְט דִי צַוָואָה מִיט דֶער יְרוּשָׁה?

דֶער גוֹסֵס הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט מִיט אַללֶע כּחוֹת זִיךְ אוֹיפְצוּהוֹיבֶּען, סְ'אִיז אִיהְם אָבֶּער גֶעוֶוען צוּ שְׁוֶוער.

דִי אוֹיגֶען זַיינֶען אִיהְם כִּמְעַט אַרוֹיסגֶעקְרָאכֶען פוּן זֵייעֶרֶע לֶאבֶּער אוּנ זַיינֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילל בֶּעוֶועגְט:

– דְיֶעגָא גָאמֶעץ – דֶער מֶערְדֶער – הָאט גֶעוָואלְט... גַנְבֶהנֶען דָאס גֶעלְד... דִי צַוָואָה... אַייעֶר מוּטְטֶער... זוּכְט... דִי רוֹיבֶּער.

מֶעהר הָאט עֶר נִיט גֶעזָאגְט, זַיין קֶערְפֶּער הָאט אַ צִיטְטֶער גֶעגֶעבֶּען אוּנ דֶער קָאפּ אִיז טוֹידְט אַנִידֶערגֶעפַאללֶען אוֹיפ'ן קִישֶׁען.

דִי הֵײלִיגֶע נְשָׁמָה אִיז אַװֶעק רֵײן אוּנ אוּנשוּלְדִיג צוּם הִימֶעל.

פַאר עֶסְטֶערהַאזִים יְרוּשָׁה הָאט עֶר בֶּעצָאהלְט מִיט זַײן לֶעבֶּען...

דֶעם טוֹידְטֶענְס לֶעצְטֶע װָארְטֶער הָאבֶּען גֶעטְרָאפֶען דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר װִי אַ דוֹננֶער. עֶר אִיז װִידֶער אַ אָרֶעמַאן, אוּנ דָאס גֶעלְד, אוֹיף װֶעלְכֶען עֶר הָאט אַזוֹי זִיכֶער גֶערֶעכֶענְט, אִיז אִיהְם פְּלוּצְלִינְג פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען פַאר דֶער נָאז.

ס'אִיז בַּײ אִיהְם יֶעצְט קֵײן סָפֵק נִיט אַז דִי בַּאנְדֶע הָאט דָאס גֶעלְד צוּגֶענוּממֶען. אַזוֹי, װֶענִיגְסְטֶענְס, הָאט עֶר פֶערשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם אַלְטֶענְס לֶעצְטֶע װָארְטֶער.

יֶעצְט אַלְזָא מוּז מֶען נוּר זֶעהֶען װִי אַזוֹי דָאס גֶעלְד צוּרִיק בַּײ דִי גַזְלָנִים אָבְּצוּנֶעהמֶען.

פַארְדֶעם אָבֶּער, דִי מֶענְשֶׁען דִי אוֹיגֶען נִיט אוֹיפְצוּרַײסֶען, מוּז עֶר גֶעהֶען אוֹיף דֶער טוֹיטֶערְס קֶבֶר.

דָארְטֶען אִיז עֶר אַ צַײט שְׁטִילל גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ עֶנְדְלִיךְ אַ זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען, אִיהְם אִיז דָאךְ גֶעװֶען אַ שָׁאד דִי מוּטֶער, װֶעלְכֶע עֶר הָאט אֱמֶת, אָהן שׁוּם קוּנְצֶען לִיעבּ גֶעהַאט.

אַ שָׁאד װָאס עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיהְר נִיט גֶעזֶעגֶענְט.

פוּן דֶעם קֶבֶר אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אִין אַ הָאטֶעל. עֶר אִיז גֶעװֶען זֶעהר מִיעד פוּן װֶעג.

עֶטְלִיכֶע שָׁעָה הָאט גֶעדוֹיעֶרְט זַײן שְׁלָאף, נָאכְדֶעם אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אָבְּגֶעגֶעסֶען פְרִיהשְׁטִיקק. נָאכ'ן עֶסֶען אִיז עֶר אַװֶעק צוּ דֶעם פָּאלְקָאװְנִיק פוּן דֶעם שְׁפַּאנִישֶׁען מִילִיטֶער.

דֶער פָּאלְקָאוְנִיק הָאט זֶעהר פְרַײנְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּממֶען דֶעם אָפִיצִיער פוּן פְרַאנְצוֹיזִישֶׁען שְׁטַאבּ.

אַ שָׁעָה הָאט גֶעדוֹיעֶרְט זֵייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

אוּנ נָאכְדֶעם זֶענֶען הוּנְדֶערְט שְׁפַּאנִישֶׁע סָאלְדַאטֶען צוּזַאממֶען מִיט עֶסְטֶערְהַאזֶען אַרוֹיסְגֶערִיטֶען אוֹיפְצוּזוּכֶען דִי בַּאנְדֶע פוּן דֶעם בֶּערִיהמְטֶען מֶערְדֶער דְיֶעגָא גָאמֶעץ.

IX.

# װָאס הֶערְט מֶען אִין קְרַאסְנַאהָארְקַא.

אִין קְרַאסְנַאהָארְקֶער שְׁלָאסס אִיז װִידֶער פְרֶעהלִיךְ. פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעסְט פוּן אַרוּמִיגֶע שְׁטֶעדְט זֶענֶען זִיךְ צוּזַאממֶענְגֶעפָאהרֶען אוֹיף דֶעם פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקֶעס שִׂמְחָה.

אויף א ווייל בעוויזט זיך דער פירשט סטעפאן אין זאל ביי די געסט אונ נאכדעם געהט ער באלד ווידער אוועק צו זיין יוליא, וועלכע ליעגט יעצט אבגעשוואכט נאך דעם קינדבעט אונ קוקט מיט פריידע אן דאס קליין קינד, וואס ליעגט איהר צו פיססען.

סטעפאן איז צוגעגאנגען צו דער קינפעטארין אונ זי א קוש געגעבען אין שטערן.

— טהייערע געליעבטע פרוי מיינע — שטאממעלט ער מיט די רייד — אך, ווי גליקליך כ'בין יעצט, נאך א פאר שעה אונ אונזער טאכטער וועט שוין זיין געטויפט אין געגענווארט פון די אללע געסט, וועלכע הארען ניט אויף צו קוממען פון אללע זייטען.

— ווער פעהלט נאך, דער בישאף? — האט יוליא שוואך געפרעגט.

— יא — האט סטעפאן געענטפערט — כ'האב שוין געשיקט נאך איהם א קארעטע מיט זעקס פערד אונ יעדע מינוט ווארט איך, ער זאלל אנקוממען.

די שוואכע קינפעטארין האט לאנגזאם גענוממען דעם מאנס האנד אונ סטעפאן האט מיט פערגעניגען בעמערקט, ווי פיעל ליעבע עס שלאגט צו איהם פון איהרע אויגען.

— זאג מיר דעם אמת, מיין מאנן — האט ווידער זיסס געקלונגען יוליאס קול, ווען סטעפאן האט זיך אניעדערגעזעצט געגען איהר אויפ'ן בעט — דו ביסט ניט אונצופריעדען וואס כ'האב געהאט א מיידעל? דיר האט זיך געוויסס געגלוסט א יונגעל, א יורש פון דיין טיטול אונ נאמען.

— יוליאנא, קינד מיינס, וואס רעדסט דו? קענן דען מיר אויף איין מינוט איינפאללען אין קאפ אזא געדאנקען? א קינד איז א קינד, א מיידעל צו א יונגעל, בפרט נאך דיינס א קינד. איבריגענס א יורש אויף מיין שטאמם אונ נאמען האבען מיר דאך שוין. זינט מיין שאנע ווייב איז געוועזען אזוי גוט אונ אנדרעען פערערעבענט פאר איהר קינד.

— דו האסט רעכט — האט זיך אבגערופען די יונגע פירשטין — אנדרעע בלייבט דער ריכטיגער יורש פון דער פאמיליע דובינסקי, מיר האבען ביידע הייסס ליעב דאס קינד אונ ער איז אויך הערצליך צוגעבונדען צו אונז. אונ גאטטעס וואונדער, אין דעם יונגעל איז ניט געבליבען א קלענסטער צייכען אז ער איז אמאל געוועזען צווישען ציגיינער. כ'מוז דיר זאגען דעם אמת אז דאס הארץ ציעהט איהם גאר ניט צו יענער נאטירליכער מוטטער, אונ יעדעס מאל, ווען ס'קוממט אויס צו רעדען וועגען איהר, ווערט ער רויט אונ מאכט א פנים, גלייך ווי ער ווילל פערלייקענען דאס, וואס די נאטור האט געמאכט.

ביי די ווערטער האט זיך געהערט א גערודער פון זאל. א דיענער האט אנגעקלאפט אונ פון יענער זייט טהיר געמאלדען:

— דער בישאף איז געקוממען.

סְטֶעפַאן האָט זיך שְׁנֶעלל אויפְגֶעהויבֶּען אַרויסצוּגֶעהן אַנְטְקֶעגֶען דֶעם גֶעעֶהרְטֶען מַאנן, ס'איז שוין אָבֶּער גֶעוֶוען צוּ שְׁפֶּעט אוּנ אין אַ וַויילֶע אַרום איז דֶער גְרויס־אַלְטֶער בִּישָׁאף שוין גֶעוֶוען אין שְׁלָאפְצִימֶמֶער.

עֶר האָט אַ בְּלִיק גֶעוָוארְפֶען אויף דִי קִינְפֶּעטָארִין אוּנ נָאכְדֶעם טְרוֹיעֶרִיג אָנְגֶעקוּקְט אִיהר מַאנן.

– פִּירְשְׁט סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי – האָט דֶעם בִּישָׁאפְ'ס קוֹל גֶעקְלוּנְגֶען וַוייך אוּנ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּזַאמֶמֶען – כ'האָב דִיר גֶעפָאלְגְט אוּנ בִּין אַהֶער גֶעקוּמֶמֶען צוּ טוֹיפֶען דַיין קְלֵיינֶע טָאכְטֶער.

מִיט נָאךְ מֶעהר פֶּערְגֶענִיגֶען בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעפָאהְרֶען, וַוייל מִיט צֶעהן חֲדָשִׁים צוּרִיק האָב אִיךְ עֶרְשְׁט אַייךְ גֶעבֶּענְשְׁט אוּנְטֶער דֶעם הַיילִיגֶען אַלְטַאר אַלְס מַאנן אוּנ וַוייבּ, יֶעצְט פְרֵייט מִיךְ צוּ זֶעהֶען אַז גָאטט האָט גוּט אָנְגֶענוּמֶמֶען מַיינֶע תְּפִלּוֹת אוּנ אַייךְ אִין קוּרְצֶען גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַ דוֹר.

פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען, פִּירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי, קֶענן אִיךְ דַיין טָאכְטֶער טוֹיפֶען נוּר אוּנְטֶער אַיין בֶּעדִינְגוּנְג.

יוּלְיַא אִיז בְּלִייךְ צוּרִיק עֶרְשְׁרָאקֶען אַנִיעדֶערְגֶעפַאלֶלֶען אויפ'ן וַוייסֶען קִישֶׁען.

סְטֶעפַאן האָט זַיין גֶעזִיכְט צוּגֶעדֶעקְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ פוּן זַיין בְּרוּסְט האָט זִיךְ אַרויסגֶעקְרָאגֶען אַ שְׁוֶוערֶער זִיפְץ.

אוּנ נִיט וִוילֶלֶענְדִיג האָבֶּען זִיךְ זַיינֶע לִיפֶּען בֶּעוֶועגְט אוּנ אַללֶע וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין צִימֶמֶער האָבֶּען דֶערְהֶערְט דֶעם נָאמֶען „מֶעלְיָארַא".

– פִּירְשְׁט סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי – האָט זִיךְ נָאךְ אַמָאל אָבְּגֶערוּפֶען דֶער בִּישָׁאף – דוּ האָסְט מִיר פֶערְשְׁפָּארְט אַ אַרְבֵּייט אוּנ אַללֵיין דֶערְמָאנְט דֶעם נָאמֶען, צוּלִיעב וֶועלְכֶען כ'קֶען פָארְלֵייפִיג נִיט טוֹיפֶען דַיין קִינְד. כ'גְלוֹיבּ גַאנְץ גוּט אַז דוּ אַללֵיין בִּיסְט אוּנְשׁוּלְדִיג. דֶער בַּיישְׁפִּיעל אִיז אָבֶּער גֶעפֶאהרְלִיךְ אוּנ נִיט אַיין מֶענְשׁ אִין אוּנְגַארֶען האָט שוין גֶעזִינְדִיגְט פֶערְקֶוֶעקֶענְדִיג זִיךְ אויף דִיר.

דוּ האָסְט צוּגֶענוּמֶמֶען דִי צִיגַיינֶערְקֶע בַּיי דִיר אִין שְׁטוּבּ אוּנ אִיהר נָאכְגֶעגֶעבֶּען אַלְץ וָואס זִי האָט גֶעוָואלְט, יֶעצְט וַוייזְט יֶעדֶערֶער אויף דִיר מִיט דִי פִינְגֶער אוּנ זָאגְט: אָט אִיז אַ מַאנן פוּן צְוַויי וַוייבֶּער. בַּיי אוּנְז אָבֶּער טָאר מֶען נוּר הָאבֶּען אַיין וַוייבּ.

דוּ בִּיסְט צוּ שְׁוַואךְ גֶעגֶען אִיהר, סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי. דָאס פַּאסְט נִיט פַאר אַ פִּירְשְׁט. כ'זָאג דִיר אָפֶּען, אַז אוֹיבּ דוּ וִוילְלְסְט דַיין טָאכְטֶער זָאלל גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען דוּרךְ מִיר אָדֶער דוּרךְ אַ נ'אַנְדֶערְן פְּרִיעסְטֶער, מוּזְט דוּ דִי מִינוּט אַ סוֹף מַאכֶען מִיט דֶער צִיגַיינֶערְקֶע אוּנ דָאס טוֹיפֶען קֶענן נוּר דַאמָאלְס פָארְקוּמֶמֶען, וֶוענן אִיהר פוּסס וֶועט שוין אִין דַיין גְבוּל נִיט זַיין.

וִוי מִיט אַ הַאמֶמֶער הָאבֶּען דֶעם בִּישָׁאפְ'ס וֶוערְטֶער גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם פִּירְשְׁט טִיעף אִין קָאפּ.

– גֶעעֶהרְטֶער פָאטֶער! – האָט עֶר שְׁטִילל אוּנ גֶעלַאסֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט – אִיהר

אַלֵיין ווייסְט גאַנְץ גוּט וָואס פַאר אַ לַאסְט בְּ׳טְרָאג אויף מַיין הַארְצֶען, זִינְט דִי צִיגַיינֶערְקֶע הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין מַיין שְׁטוּבּ.

צוּלִיעבּ מַיין קִינְד אָבֶּער הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעמוּזְט טְהוּן אוּנ בְּ׳הָאבּ אִיהר אַ נֶדֶר צוּגֶעשְׁוָוארֶען, זִי צוּ הַאלְטֶען אוּנְטֶער מַיין דַאךְ.

—כְּ׳בִּין דִיר מַתִּיר דֶעם נֶדֶר, דוּ בִּיזְט דַאמָאלְס גֶעוֶוען גֶעצְווּאוּנְגֶען צוּ שְׁוֶוערֶען אוּנ אִיבֶּערְגְוַואלְד טְהוּט אַ מֶענְשׁ אַלְץ אִין דֶער וֶועלְט. אִים נָאמֶען, אַלְזָא, פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער קִירְכֶע בֶּעפְרַיי אִיךְ דִיר פוּן דֶעם נֶדֶר אוּנ דוּ מֶעגְסְט דִי מִינוּט דִי צִיגַיינֶערְקֶע פֶערְטְרַייבֶּען פוּן דַיין שְׁלָאסס. זָאלל זִי גֶעהן צוּ אִיהר בָּאבֶּען, דֶער מְכַשֵּׁפָה, צוּ דֶער גַאנְצֶער בַּאנְדֶע רוֹצְחִים אוּנ גַנָבִים, אָבֶּער נִיט זַיין אִין אַ עֶהרְלִיכֶען הויז פוּן אַ אוּנְגַארִישֶׁען פִירְשְׁט.

יוּלְיַאנַא הָאט אַ וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט, נוּר פֶעסְטֶער צוּגֶעדְרִיקְט דָאס קִינְד צוּ זִיךְ אוּנ טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהר גֶעשְׁטֶעלְלט אִין דִי אויגֶען.

דֶער מַאנְן הָאט פֶערְשְׁטַאנְגֶען אִיהר כַּוָנָה אוּנ זַיינֶע אויגֶען זֶענֶען אויף פַייכְט גֶעוָוארֶען.

— אִיהְר הָאט אָבֶּער פֶערְגֶעסֶען אַלֶע — הָאט זַיין קוֹל גֶעצִיטְטֶערְט — אַז אַ צִיגַיינֶערְקֶע קֶענְן אוּנ וֶועט זִיךְ נוֹקֵם זַיין. גָאטְט אִיז מַיין עֵדוּת, אַז כְּ׳הָאבּ נִיט מוֹרָא פַאר מַיין פֶערְזָאן, נוּר פַאר מַיין ווַייבּ אוּנ מַיין עֶלֶענְדֶע קִינְדֶער.

— דֶערְפַאר הָאסְטוּ אויךְ נִיט וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען, סְטֶעפַאן — הָאט זִיךְ אָבּ־גֶערוּפֶען דֶער בִּישָׁאף — מֶעהְר ווִי דְרַיי טֶאג וֶועט מֶעלְיָארֶע דָא נִיט בְּלַייבֶּען, אויסֶער אוֹיבּ אִיהְר וֶועט זִיךְ גְלוּסְטֶען זִיךְ אָבּצוּזֶעטְצֶען בַּיי אוּנְז אִין פֶעסְטוּנְג.

אַ ווַיילֶע הָאט זִיךְ פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי נָאךְ מְיַשֵׁב גֶעוֶוען, נוּר נָאכְדֶעם גֶע־שְׁלָאסֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— סְ׳מֶעג זַיין וָואס סְ׳ווִילל. מַיין טָאכְטֶער וֶועט גֶעטוֹיפְט וֶוערֶען. דִי מִינוּט גֶעה אִיךְ אַהִין צוּ מַאכֶען אַ סוֹף מִיט מֶעלְיָארֶען.

עֶר הָאט אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען דִי קִינְדְּפֶעטָארִין אוּנ אִיז הַאסְטִיג אַרוֹיס פוּן צִיממֶער.

אוֹיפ׳ן וֶועג הָאט סְטֶעפַאן זִיךְ גֶעטְרָאפְפֶען מִיט דֶעם אוֹיפְזֶעהֶער פוּן שְׁלָאסס אוּנ אִיהְם עֶטְוָואס בֶּעפָאהְלֶען. אַז עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ מֶעלְיָארֶעס טְהִיר אִיז עֶר שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען. עֶר אִיז נִיט גֶעוֶוען פוּן דִי שְׁרֶעקְקֶעדִיגֶע, אָבֶּער דָאךְ פַאר דֶער צִיגַיינֶערְקֶע הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט.

עֶר הָאט אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען אוּנ הַאסְטִיג גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר.

מֶעלְיָארֶע אִיז גֶעלֶעגֶען אִין אַ נַיידֶענֶעם שְׁלַאפְרָאק, אויסְגֶעצְווֵיגֶען אויף אַ טְהַייעֶרֶע סָאפֶע מִיט אַ צִיגַאר אִין מוֹיל.

— סְטֶעפַאן?! — הָאט זִי פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט דֶעם פִירְשְׁט — וָואס פַאר אַ נַאסְט, דֶעם אוֹיוֶוען אַרוֹיסצוּזֶעטְצֶען.

דֶער פִירְשְׁט הָאט זִי אָבְּגֶעמָאסְטֶען מִיט זַיין שַׁארְפֶען בְּלִיקק. מִיט פֶערְלֵייגְטֶע הֶאנְד אוֹיף דֶער בְּרוּסְט אִיז עֶר גֶעוֶוען בְּלַאסס ווִי דִי וַואנְד.

– כְּ׳וֵייסס צוּ וָואס דוּ בִּיסְט גֶעקוּמֶען – הָאט דִי צִיגַיינֶערְקֶע וַוייטֶער גֶעצוֹיגֶען דִי וֶוארְטֶער – הַיינְט אִיז בַּיי דִיר אַ יוֹם טוֹב, דָאס טוֹיפֶען פוּן דַיין נַייגֶעבָּארֶענֶער טָאכְטֶער אוּן דוּ הָאסְט דִיךְ צוּ רֶעכְטֶער צַייט דֶערְמָאנְט אָן דֶעם נֶדֶר, וָואס דוּ הָאסְט מִיר גֶעשְׁוָוארֶען, אַז מִיר קוּמְמט אַללֶע רֶעכְטֶען פוּן אַ וַוייבּ, יֶעצְט ווִילְלְסְט דוּ מִיךְ גֶעווִיסס אַיינְלַאדֶען אוֹיף דַיין שִׂמְחָה, צְווִישֶׁען אַללֶע גֶעסְט בַּיים טִישׁ.

אוּן מֶ ע לְ יָ א רֶ ע אִיז הַאסְטִיג אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן מִיט אִיהְר וַוייבֶּע, דִיקְקֶע הַאנְד אַרוּמְגֶענוּממֶען דֶעם פִּירְשְׁט.

– סְ טֶ ע פַ א ן, מַיין הַארְץ, מַיין קְרוֹין – הָאט זִי זִיךְ ווִילְד צוּשְׁרִיעֶן אוּן אִיהְר שַׁארְפֶער בְּלִיקְק הָאט דוּרְכְגֶענוּממֶען דֶעם פִּירְשְׁטֶענְס בְּלַייךְ גֶעזִיכְט – אָט זֶענֶען מִיר ווִיעדֶער צוּזַאממֶען גַאנְץ אַללֵיין. לָאזֶען דָארְטֶען דַיינֶע גֶעסְט וַוארְטֶען, זָאללֶען דִי פְּרִיעסְטֶער זַיי דִי צַייט פֶערְוַויילֶען מִיט פְרוּממֶע גֶעזַאנְגֶען אוּן מִיר וֶועלֶען דֶערְוַוייל אִין מַיין צִימֶּער אוֹיפְפְרִישֶׁען אַמָאלִיגֶע גוּטֶע צַייטֶען. זֶעה, סְ טֶ ע פַ א ן, אִין מַיין יוּנְגֶער בְּרוּסְט אִיז נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען דֶער אַמָאלִיגֶער הֵייסֶער פַייעֶר, מַיינֶע לִיפֶּען בְּרֶענְנֶען, וַוארְטֶען אוֹיף אַ קוּשׁ, דָאס הַארְץ קְלַאפְּט הַאסְטִיג אוּן מַיין גַאנְצֶער קָארְפֶּער צִיהט זִיךְ צוּ דִיר. אֵיין קוּשׁ נוּר, גֶעלִיעבְּטֶער, טְהַייעֶרֶער סְ טֶ ע פַ א ן...

זִי הָאט אָבֶּער נִיט גֶעעֶנְדִיגְט. סְ טֶ ע פַ א נְ ס שְׁטַארְקֶער שְׁטוֹיסס מִיט דִי הֶאנְד הָאט זִי צוּרִיק אַנִיעדֶערְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער קָאפֶּע.

– גֶעה אַוֶועק פוּן מִיר, מְכַשֵּׁפָה! – הָאט עֶר אִין כַּעַס אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען – אִין יֶענֶע שְׁרֶעקְקְלִיכֶע נַאכְט הָאבּ אִיךְ דִיר שׁוֹין אֵיין מָאל גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז מַיין הַארְץ, מַיין לֶעבֶּען, גֶעהֶערְט נוּר צוּ מַיין וַוייבּ, דִיךְ אָבֶּער הָאבּ אִיךְ קֵיין מָאל נִיט גֶעלִיעבְּט אוּן וֶועלל שְׁטֶענְדִיג הַאסֶען.

– אוּן דֶערְצוּ בִּיסְט דוּ עֶקְסְטְרַא אַהֶערְגֶעקוּממֶען מִיר צוּ בְּרֶענְגֶען דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה פוּן דַיין הַאסס?

– נֵיין, כְּ׳בִּין גֶעקוּממֶען דִיר אָנְצוּזָאגֶען אַז דוּ קֶענְנְסְט לֶאנְגֶער אִין מַיין הוֹיז נִיט בְּלַייבֶּען, דַיין פוּסס זָאלל דָא מֶעהְר נִיט זַיין.

דִי צִיגַיינֶערְקֶע הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְלְט אוֹיף אִיהְם אַ פָּאר פֶערְוואוּנְדֶערְטֶע אוֹיגֶען אוּן נָאכְדֶעם הָאט זִי זִיךְ ווִיעדֶער ווִילְד צוּלַאכְט.

– חַא, חַא, חַא, דוּ ווִילְלְסְט מִיךְ פֶערְטְרַייבֶּען פוּן דַאנֶען? אוּן וָואס וֶועט זַיין מִיט דַיין שְׁבוּעָה, מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען נֶדֶר, וָואס דוּ הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען דַאמָאלְס אוֹיף דֶער שְׁווִינְדֶעל־טְרֶעפּ?

– דִי שְׁבוּעָה הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט אוּן דֶער נֶדֶר הָאט אוֹיךְ שׁוֹין מֶעהְר קֵיין וֶוערְט נִיט.

– אַזוֹי גָאר, פִּירְשְׁט ד וּ בִּ י נְ סְ קִ י? דַיין פְּרִיעסְטֶער, דֶער לִיגְנֶער, הָאט דִיר שׁוֹין אוֹיסְגֶעלֶערֶענְט צוּ שְׁוֶוערֶען פַאלְשׁ אוֹיךְ? גֶעדֵיינְק סְ טֶ ע פַ א ן, הִיט דִיךְ, אוּן בְּרֶענְג מִיךְ נִיט אַרַיין אִין כַּעַס, דוּ קֶענְנְסְט הָאבֶּען אַ מִאוּסֶען פְּסַק.

– שְׁטִילל, מֶ ע לְ יָ א רֶ ע, דוּ פֶערְגֶעסְט גָאר מִיט וֶועמֶען דוּ רֶעדְסְט. פִּירְשְׁט

דובּינסקי האט רֶעכט זַיינֶע צִיגַיינֶער אין פֶּעסטונג אויף עֶווִיג צו פֶערשְׁלִיססֶען.

– אֲפִילוּ דִי מוטטֶערְם פון דַיינֶע קִינְדֶער?

– מֶ ע לְ יָ א רֶ ע, כְּ׳בֶּעט דִיךְ מִיט גוטֶען און טְרָאג דִיךְ אָב פון דַאנֶען.

– שוין בַּאלְד?

– דִי מִינוּט.

דִי צִיגַיינֶערְקֶע האט ווִילְד אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען, אִיהְרֶע אויגֶען הָאבֶּען גֶעשָׁאסֶען מִיט פַייעֶר און זִי הָאט מִיט גְוַואלְד גֶעדְרִיקְקט דִי פויסְטֶען.

– וַוארְט, פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי, מֵיין נִיט אַז סְ׳אִיז אַזוי לַייכְט אַ שְׁבוּעָה נִיט צו הַאלְטֶען, מֵיין נִיט אַז דו וֶועסְט אַזוי לַייכְט פָּטור וֶוערֶען פון דַיין קִינְד׳ס מוטטֶער. אַדְרַבָּא רוּף אַריין דַיינֶע הֵיידוּקֶען, זָאללֶען זֵיי מִיךְ גֶעהמֶען, כְּ׳וֶועל מַאכֶען אַזויִנֶע גְוַואלְדֶען אַז אַללֶע גֶאסְט וֶועלֶען זִיךְ צוּזַאממֶענְלויפֶען און זָאלל דִי וֶועלְט ווִיססֶען וֶוער סְ׳הָאט רֶעכְט.

– מְשׁוּגָענֶע מֶ ע לְ יָ א רֶ ע! דו רֶעדְסְט פון הִיטְץ. בְּרֵיינְג מִיךְ נִיט דֶערצוּ, כְּ׳זָאלל דִיךְ מִיט גְוַואלְד לָאזֶען אַרויספִיהרֶען פון דַאנֶען. נָאךְ אַמָאל בֶּעט אִיךְ דִיךְ מִיט גוטֶען אַיינְצוּפַּאקקֶען דִי זַאכֶען און מַארְשׁ.

– פֶערְשָׁאלְטֶען זָאלְלסְט דו וֶוערֶען סְ טֶ ע פַ א ן, מִיט דַיינֶע פַאלְשֶׁע שְׁבוּעוֹת. כְּ׳וֶועלל מִיךְ פון אָרְט נִיט רִיהרֶען.

הַאסְטִיג הָאט סְ טֶ ע פַ א ן אויפְגֶעעֶפֶּענְט דִי טְהִיר און אויפ׳ן קול אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען:

– הֵיידוּקֶעס, הֵיידַא!

זֶעקס הֵיידוּקֶען ווִי רִיזֶען אִין רויטֶע הויזֶען און רֶאק, גֶעשְׁנִירְט מִיט זִילְבֶּערְנֶע פַאססֶען, זֶענֶען הַאסְטִיג אַרַיין אִין צִיממֶער.

– נֶעהמְט זִי – הָאט סְ טֶ ע פַ א ן וַוייטֶער בֶּעפאהלֶען און אָנְגֶעוויזֶען אויף מֶ ע לְ יָ א רֶ ע ן – גֶעבּוּנְדֶען טְרָאגְט זִי אַוֶועק אִין וַואלְד. אִיהר וַוייסְט דָאךְ וואו דִי אַלְטֶע מ ו שַ א הָאט אִיהר נָארֶע, דָארְטֶען לֵייגְט אָב דֶעם פֶּעקֶעל. אַז אִיהר וֶועט צוּרִיקקוּממֶען וֶועט אַייךְ דֶער אויפְזֶעהֶער גֶעבֶּען צו צְוֵויי דוּקַאטֶען אויף אַ מַאן.

דִי הֵיידוּקֶען הָאבֶּען זִיךְ אַרויפְגֶעוָוארְפֶען אויף דִי צִיגַיינֶערְקֶע. סְ׳אִיז זֶבֶּער נִיט גֶעוֶוען אַזוי לַייכְט זִי צוּ בִּינְדֶען. ווִי אַ ווִילְדֶע קַאטְץ הָאט זִי גֶעדְרַאפֶּעט מִיט דִי נֶעגֶעל, גֶעבְּרִיקֶעט מִיט דִי פִּיסס, גֶעבִּיססֶען מִיט דִי צֶאהְן.

– פֶערְשָׁאלְטֶען זָאלְלסְט דו זַיין, סְ טֶ ע פַ א ן ד וּ בִּ י נְ סְ קִ י – הָאט זִי גֶעשְׁרִיעֶן דַאמָאלְס, וֶוענן זִי אִיז שוין גֶעלֶעגֶען גֶעבּוּנְדֶען – פֶערְשָׁאלְטֶען זָאלְלסְט דו זַיין מִיט דַיין גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע, בִּיז דֶעם צֶעהְנְטֶען דור. מֵיין נִיט אַז דו בִּיסְט שוין פָּטור פון מֶ ע לְ יָ א רֶ ע ס נְקָמָה. זִי וֶועט דִיךְ נִיט מַיידֶען קֵיין מָאל און אִין קֵיין אָרְט. כְּ׳זָאג דִיר הַיינְט נְבִיאוּת, אַז נִיט דו, נִיט דַיין וַוייבּ אוּנ נִיט דַיינֶע קִינְדֶער וֶועט אִיהר נִיט עֶנְדִיגֶען מִיט אַ גֶעוֶועהנְלִיכֶען טוידְט. אִין דִי לֶעצְטֶע מִינוּטֶען פון אַייעֶר שְׁרֶעקְלִיכֶען לֶעבֶּען וֶועט אִיהר אַייךְ דֶערְמָאנֶען אָן מֶ ע לְ יָ א רֶ ע ס נְקָמָה.

– מַאכְט אִיהְר צוּ דָאס מויל – הָאט בֶּעפֿאהלֶען סְטֶעפַאן, וֶועלכֶער אִיז רויט גֶעוָוארֶען פוּן אויפרֶעגוּנְג.

דִי הַיידוּקֶען הָאבֶּען אִיהְם צוּלִיעב גֶעטְהוּן, אוּנ אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז שוין מֶעלְיָארֶע אִין צִימֶער נִיט גֶעוֶועֶן.

סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי אִיז אַרַיין אִין זַיין גַאבִּינֶעט אוּנ אַפֶּערְטִיל שָׁעָה לַאנְג זִיךְ גֶעוַואשֶׁען מִיט קֶעלְנִישֶׁעם וַואסֶער.

מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט עֶר זִיךְ בֶּערוּהִיגְט. אִין זַיינֶע אוֹיעֶרֶען הָאבֶּען נָאךְ אַלְץ גֶעקְלוּנְגֶען מֶעלְיָארֶעס בִּיטֶערֶע קְלָלוֹת.

---

דִי צֶערֶעמָאנִיֶע פוּן טוֹיפֶען אִיז גֶעעֶנְדִיגְט. דִי גֶאסְט וַויילֶען זִיךְ שׁוֹין לַאנְג בַּיי אַבַּייךְ גֶעדֶעקְטֶען טִישׁ, פוּל מִיט טְהַייעֶרֶע עֶסֶענְוַוארְג אוּנ גֶעטְרֶאנְק.

סְטֶעפַאן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי זַיין פְרוֹי. דִי קְלֵיינֶע אוּלְקַא לִיעגְט נִיט וַוייט פוּן דֶער מוּטֶער אוּנ אַנְדְרֶעעֶ שְׁפִּיעלְט זִיךְ מִיט דִי בְּלֶעכֶערְנֶע סָאלְדַאטֶען, וָואס אַיין גַאסְט הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַלְס פְּרֶעזֶענְט. דֶער פִּירְשְׁט אוּנ זַיין פְרוֹי בֶּעטְרַאכְטֶען אַללֶע זַיינֶע בֶּעוֶועגוּנְגֶען אוּנ פֶּערְוואוּנְדֶערְט הֶערֶען זַיי ווִי אַנְדְרֶעעֶ רוּפְט אַיין סָאלְדַאט: „מִישָׁאנְיֶע" אוּנ דֶעם צְוַוייטֶען אויסגֶעמָאלְטֶען אָפִיצִיעֶר אוֹיפ'ן פֶערְד – מִיט דֶעם נָאמֶען „קַאפִּיטַאן דְרַייפוּס".

פְּלוּצְלִינְג הָאט זִיךְ דָאס קִינְד אויפגֶעהוֹיבֶּען מִיט דֶעם בְּלֶעכֶערְנֶעם אָפִיצִיעֶר אִין דֶער הַאנְד אוּנ צוּגֶעלָאפֶען צוּ יוּלְיַאנַאס בֶּעט.

– דוּ בִּיזְט נִיט מַיין פַאפַּא – הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ סְטֶעפַאנְגֶען – אָט אַזוֹי זֶעהט אויס מַיין פָאטֶער, אָט אִיז עֶר דֶער קַאפִּיטַאן דְרַייפוּס.

דָאס פָּאר־פָאלְק הָאט זִיךְ אִיבֶּערְרַאשְׁט אָנְגֶעקוּקְט.

יוּלְיַא הָאט אָנְגֶענוּממֶען סְטֶעפַאנְס הַאנְד אוּנ אִיהְם נֶעהֶענְטֶער צוּגֶעצוֹיגֶען צוּ זִיךְ.

– סְטֶעפַאן! – הָאט זִי אִיהְם אַיינְגֶערוּמְט אִין אוֹיעֶר – וָואס וֶועט זַיין, וֶוענְן ס'וֶועט זִיךְ אויסלָאזֶען אַז דִי צִיגַיינֶערְקֶע הָאט דִיךְ גֶענַארְט אוּנ אַנְדְרֶעעֶ אִיז גָאר נִיט דַיין קִינְד?

– דָאס וֶועט קֵיין מָאל נִיט זַיין – הָאט עֶר הַאסְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ זַיין גֶעזִיכְט אִיז נָאךְ בְּלַייכֶער גֶעוָוארֶען – אַנְדְרֶעעֶ אִיז מַיין זוּהְן, מַאלֶע וָואס אַ קִינְד פְּלוֹידֶערְט.

אַ וַויילֶע אִיז עֶר שְׁטִילל גֶעוָוארֶען אוּנ נָאכְדֶעם זִיךְ אַיינְגֶעבוֹיגֶען צוּ יוּלְיַאנֶען אוּנ נָאךְ שְׁטִיללֶער גֶעזָאגְט:

– אַללֶענְפַאללְס וָואלְלט עֶס פַאר מִיר גֶעוֶועֶן אַ גְרוֹיסֶס אוּמְגְלִיקְק, וֶוענְן דִי צִיגַיינֶערְקֶע זָאלל מִיךְ הָאבֶּען גֶענַארְט.

דַאמָאלְס וָואלְלט אִיךְ שְׁטַארְק בֶּעדוֹיעֶרְט וָואס דֶער דָאקְטָאר הָאט מִיר פֶּערְטְרוֹיט, אַז דוּ וֶועסְט שׁוֹין מֶעהר נִיט הָאבֶּען קֵיין קִינְדֶער. וֶוענְן עֶס זָאלל נָאךְ מַיין טוֹידְט

קיין יורש נִיט בְּלַייבֶּען, מוּזֶען אַללֶע מַיינֶע גִיטֶער צוּזַאמֶמֶען מִיט מַיין טִיטוּל אוּנ דִי קְרוֹין אַרִיבֶּערגֶעהְן צוּ מַיינֶע קְרוֹבִים פוּן דֶער מוּטטֶערְס זַייט, אוּנ דֶער אֵיינְצִיגֶער יורש פוּן מַיין פֶערְמֶעגֶען אוּנ כָּבוֹד וֶועט בְּלַייבֶּען מַיין פֶעטֶער, גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי, וֶועלְכֶער דִיעֶנְט יֶעצְט אִין גֶענֶערַאל־שְׁטַאבּ אַלְס מַאיָאר.

דֶעם מֶענְשֶׁען הָאבּ אִיךְ קֵיין מָאל נִיט לִיעבּ גֶעהַאט, ס'אִיז נִיט קֵיין מֶענְשׁ, נוּר עֶפֶּעס אַ מִין טַייפֶעל.

X.

# מֶעלְיָארֶעם נְקָמָה.

פַאר נַאכְט אִיז דוּרְכגֶעגַאנְגֶען דֶעם וַואלְד פוּן קְרַאסְנַאהָארְקַא אַ שְׁטַארְקֶער, אַנְגֶעזֶעהֶענֶער מַאנן.

יֶעדֶער בּוֹיעֶר, וָואס הָאט אִיהְם גֶעטְרָאפֶפֶען, הָאט מִיט רֶעשְׁפֶּעקְט אַרוּנְטֶער־גֶענוּמֶמֶען דִי הוּט אוּנ גֶעזָאגְט: גוּטֶען מָארְגֶען, הֶערר לַאנְד־יֶעגֶער!

אַז דֶער בּוֹיעֶר אִיז אָבֶּער אֶבְּגֶעגַאנְגֶען אַ פָּאר טְרִיטט פְלֶעגְט עֶר אוֹיסְשְׁפַּייֶען אוּנ שֶׁעלְטֶען: אַ שֶׁאנֶע וֶועלְט, כְּ'לֶעבֶּען, מִיר מוּזֶען זִיךְ נָאךְ בּוּקֶען אוּנ דִי הִיטֶעל אַרוּנְטֶערְנֶעהְמֶען פַאר דֶעם צִיגַיינֶער. וִוי לַאנְג אִיז נָאךְ וִוי אַלַאדָאר פָּארְקַאשׁ מִיט זַיין חֶבְרָה הָאבֶּען חָרוּב גֶעמַאכְט אוּנְזֶערֶע דֶארְפֶער אוּנ גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דִי פֶעלְדֶער אוּנ לָאנְקֶעס. הַיינְט אִיז עֶר אַ פְּרִיץ אוּנ פֶערְנֶעהְמְט אַ גְרוֹיסֶע שְׁטֶעללֶע בַּיי דֶער מֶמְשָׁלָה.

דֶער גֶעוֶועזֶענֶער אָנְפִיהְרֶער פוּן דֶער צִיגַיינֶער־בַּאנְדֶע הָאט זִיךְ אָבֶּער גַאנְץ וֶועניג וָואס בֶּעקִימֶערְט וֶועגֶען זֵייעֶרֶע קְלָלוֹת אוּנ גֶעגַאנְגֶען וַייטֶער זַיין וֶועג.

פְּלוּצְלִינְג אִיז עֶר שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען. פַאר אִיהְם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ עֶרְד־קֶעללֶער, בֶּעדֶעקְט מִיט שְׁטְרוֹי. פוּן דָארְטֶען הָאט גֶעזָאגְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער רוֹיךְ.

— מוּשַׁא מוּז דָארְטֶען גֶעוִויסס קָאכֶען אִיהְרֶע מֶעדִיצִינֶען — הָאט דֶער יֶעגֶער אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען אוּנ אַרַיין אִין דִי וֶועללֶען פוּן דֶעם רוֹיךְ.

— וָואס פַאר אַ גַאסְט, וָואס פַאר אַ כָּבוֹד! — הָאט דִי אַלְטֶע מוּשַׁא זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט — ס'הָאט מִיר גָאר נִיט גֶעקֶענְנְט חָלוּמֶען, אַז הַיינְט וֶועלל אִיךְ הָאבֶּען בַּיי מִיר אִין נָארֶע אַזַא גַאסְט, דֶעם לַאנְדְיֶעגֶער אַלֵיין.

— וָואס טוֹיג מִיר דַיינֶע נַארִישְׁקַייטֶען, מוּשַׁא! וַוארְף בֶּעססֶער אַוֶועק דַיינֶע מֶעדִיצִינֶען אוּנ בְּרָאט מִיר אָב אַ גוּטֶען גוּלַאשׁ, כְּ'הָאבּ הַיינְט אֱמֶת אַפֶּעטִיט נָאךְ אַ צִיגַיינֶערְשֶׁען מָאלְצַייט.

— גוּט, מַיין זוּהְן, דוּ קְרִיעגְסְט עֶס, קוּמְם נוּר אַרַיין אִין שְׁטוּבּ. דִי מִינוּט נֶעהְם אִיךְ אַרָאבּ פוּן פַייעֶר דִי פֶּעטְס פוּן שְׁלַאנְגֶען, וֶועלְכֶע אִיךְ קָאךְ פַאר דִי

נאַרישע בזיערען. די נאַרען גלייבען היילי̇ג אַז דאס איז אַ סגולה אויף סובאטעס.

אַלאַדאר פּאַרקאַש איז קוים אַריין אין דעם ניעדריגען קעללער. אַז ער האט זיך שוין אַניעדערגעזעצט האט איהם די אַלטע געפרעגט:

— נו זאג דעם אמת, צו וואס ביסט דו אַהערגעקומען, געוויסס ניט נור מיר צו מאַכען אַ וויזיט.

— דו ביסט גערעכט, אַלטע מכשפה. כ'בין ניט געקומען צו דיר אין וויזיטען, כ'האב נור געוואללט וויססען אויב דו האסט זי שוין לאַנג ניט געזעהען.

— מעליאַרען? יענע וואך איז זי געוועזען ביי מיר אין קעללער.

— זי האט זיך נאכגעפרעגט אויף מיך? — האט דער ציגיינער נייגיעריג געפרעגט — זאג דעם אמת, מושא, האט זי ווענינגסטענס דערמאנט מיין נאמען?

די אַלטע האט געשאָקעלט מיט'ן קאפּ.

— געפרעגט, געפרעגט אונ זי האט נאך געזאגט, אַז זי וואללט פיעל געגעבען, ווענן דו זאללסט איהר ווידער אויפשפּיעלען אויף דיין האַרפע אַזוי ווי דאמאלס, ווענן זי איז אַריין אין שלאסס צו איהם.

אַלאַדאר פּאַרקאַש האט אַ זיפץ געגעבען.

— דאמאלס, אין יענער שרעקליכער נאכט, האב איך מיין נשמה אַרויס־געשפּיעלט, יעדער טאן איז געוועזען אַ טרער, יעדער אַקארד אַ זיפץ אונ דאס האַרץ האט מיר געוויינט אויף מעליאַרען, וועלכע האט זיך געלאזט צום צווייטען מאל אומגליקליך מאַכען פון דעם פירשט... עד היום קענן איך עס נאך ניט פערשטעהן ווי אַזוי זי האט זיך פערשלאָססען אין דעם שלאסס אונ זיך אָבגעזאגט פון דער פרייער וועלט.

— זי איז ניט פערשלאָסען — האט די אַלטע געענטפערט — כ'זאג דיר אַלאַדאר, אַז מיין מעליאַרע ווערט אויפגעפאססט אין קראַסנאהאַרקא ווי אַ געבארענע פירשטין, דאס גאלדענע טעלעריל פון הימעל פעהלט איהר אויך ניט.

— דער פירשט אָבער אַלליין ווייכט פון איהר ווי פון אַ מגפה — האט זיך פּאַרקאַש אָבגערופען מיט היטץ — די דיענער האבען עס מיר אַלליין ערצאהלט.

פּלוצלינג איז ער אַ ווייל שטילל געוואָרען אונ נאכדעם האסטיג געפרעגט:

— דו הערסט, מושא, דאס געשריי?

— דאס איז איהר קול — האט זיך די אַלטע אָבגערופען אונ איז האסטיג אַרויסגעלאָפען פון קעללער.

דער לאַנדריענער איז אָבער געוועזען געשיקטער פאַר איהר אונ אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין געשטאַנען נעבען מעליאַרען, וועלכע איז געלעגען אויף דער ערד מיט געבונדענע הענד אונ פיסס אונ אַ פערשטאָפּטען מויל.

— דו זעהסט, מושא? — האט זיך דער יעגער צושריען אויפ'ן קול — דו זעהסט

וָואס פַאר אַ גְלִיק דַיין אֵיינִיקֶעל הָאט גֶעטְרָאפֶפֶען אִין שְׁלָאסס? קוּק דִיךְ צוּ ווִי זִי זֶעהט אויס.

פִיל פוּן בּויגֶען הָאט עֶר אָבְּגֶעבּוּנְדֶען דִי יוּנְגֶע פְּרוֹי אוּנ אִיהר בֶּעפְּרֵייט דָאס מויל. נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִי גֶענוּמֶען אוֹיף דִי הֶענְד אוּנ הַאסְטִיג אַרֵיינְגֶעטְרָאגֶען אִין דֶעם שְׁמוּצִיגֶען קֶעללֶער.

מֶעלְיָארֶע אִיז גִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ אוּנ דִי עֶרְשְׁטֶע וֶוערְטֶער אִיהרֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען:

– אַלַאדָאר פְּאַרְקַאשׁ, זַיי דִיךְ נוֹקֵם אוּנ אִיךְ בִּין דַיינֶע אוֹיף שְׁטֶענְדִיג, אוֹיף אֵייבִּיג.

אִין קוּרְצֶע וֶוערְטֶער הָאט זִי זַיי נָאכְדֶעם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, וִוי אַזוֹי סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי הָאט זִי גֶעלָאזְט אַרויספִיהרֶען פוּן שְׁלָאסס.

אַלַאדָאר הָאט גֶענוּמֶען דִי יוּנְגֶע פְּרוֹי בַּיי דֶער הַאנְד.

– וֵויין נִיט מֶעלְיָארֶע! – הָאט עֶר צוּ אִיהר גֶעזָאגְט מִיט אַ בִּיטֶערֶען שְׁמֵייכֶעל – וֵויין נִיט, מִיר וֶועלֶען זִיךְ אָבְּרֶעכֶענֶען מִיט דֶעם שְׁטָאלְצֶען מַאגְנַאט. עֶר הָאט דִיךְ אַרויסגֶעטְרִיבֶּען פוּן זַיין הויז וִוי אַ ווִילְדֶע חַיָה, זָאלל עֶר טַאקִי שְׁפִּירֶען, ווִי אַ חַיָה קֶענֶען בַּייסֶען. הֵיי, מוֹשַׁא, קוּמם נוּר אַהֶער.

– וָואס ווִילְלְסְט דוּ? – הָאט דִי אַלְטֶע אִין כַּעס גֶעפְרֶעגְט – דוּ וֵוייסְסְט דָאךְ גַאנְץ גוּט, אַז אִיךְ בִּין אוֹיף אַלְץ פַארְטִיג. פֶערְגִיפְטֶען זַיינֶע בְּהֵמוֹת, אוּנְטֶערְצִינְדֶען דָאס הויז, מוֹשַׁא קֶענֶען אַלְץ.

– נֵיין, דָאס הֵייסְט נָאךְ נִיט נְקָמָה. בְּהֵמוֹת קְרִיעגְט מֶען אַנְדֶערֶע, אָבְּגֶעבְּרֶענְטֶע הַייזֶער קֶען מֶען אָבְּבּוֹיעֶן אוּנ נָאךְ פִיעל שֶׁענֶערֶע. מִיר בֶּעדַארְפֶען אַ טִיעפֶערֶע נְקָמָה, מֶען זָאלל אוּנְז גֶעדֵיינְקֶען אוֹיף שְׁטֶענְדִיג.

– דוּ גֶעדֵיינְקְסְט, מוֹשַׁא, עֶטְלִיכֶע מָאנַאט צוּרִיק הָאבּ אִיךְ דֶערְשָׁאסֶען אַ מְשׁוּגָענֶעם הוּנְד.

– אַוַדַאי גֶעדֵיינְק אִיךְ.

– דַאמָאלְס הָאסְט דוּ בַּיי מִיר גֶעבֶּעטֶען, כְּ'זָאלל דִיר אַוֶועקְשֵׁיינְקֶען דֶעם טוֹידְטֶען הוּנְד. וָואס הָאסְט דוּ גֶעמַאכְט מִיט זַיינֶע בֵּיינֶער?

דִי אַלְטֶע מְכַשֵּׁפָה הָאט אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי אויגֶען.

– וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן מִיט אִיהם? קוּמם, וֶועלל אִיךְ דִיר וַוייזֶען.

אוּנ דִי אַלְטֶע אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אַ גְרוּבּ אִין דֶער עֶרְד, אוּנ פוּן דָארְטֶען אַרויסגֶענוּמֶען אַ גְרויסֶע פְלַאשׁ פוּל מִיט רוֹיטֶען, גֶעדִיכְטֶען וַואססֶער.

– דָאס אִיז עֶס? – הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט מֶעלְיָארֶע.

– יָא, דָאס אִיז דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם מְשׁוּגָענֶעם הוּנְד. קֵיין גְרֶעססֶערֶען אוּנ בֶּעססֶערֶען סַם גִיבְּט שׁוֹין נִיט אוֹיף דֶער וֶועלְט.

וֶועהֶע אִיז שׁוֹין דֶעם קֶערְפֶּער, אִין וֶועלְכֶען סְ'קְרִיגְט זִיךְ אַרֵיין נוּר עֶטְלִיכֶע

טְרַאפֶּפֶען פון דֶעם גִיפְט. אַזַא מֶענְש וֶועט נִיט נור וֶוערֶען מְשוּגָע, נור עֶר מוּז שְׁטַארְבֶּען אִין דוּלל-הויז.

– כְ'הָאבּ בַּאלְד גֶעוואוּסְט – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער יֶענֶער צוּפְרִיעדֶען – אַז מוּשַׁא נֶעהמְט דֶעם טוֹידְטֶען הוּנְד נִיט אוּמְזִיסְט. דָאס בְּלוּט אָדֶער דֶער סַם וֶועט אוּנְז צוּ נוּטְץ קוּממֶען. הֶארְט אוּיס, פְּרוּיעֶן, מַיין פְּלַאן, וְוי אַזוֹי זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דֶעם שְׁטָאלְצֶען מַאנְנַאט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ס'אִיז גֶעוֶועֶן אַ שֶׁאנֶער פְרִיהלִינְגְס-טָאג.

דִי זוּנן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וַוארֶעמֶען אוּנ דִי שְׁוַואכֶּע יוּלְיַאנַא אִיז אַרוֹיס עֶמְוָואס צוּ שְׁפַּאצִירֶען אִין גָארְטֶען.

בַּיי אִיהר זַייט אִיז גֶעגַאנְגֶען דֶער קְלֵיינֶער אַנְדְרֶעע, וֶועלְכֶער הָאט זִי גֶעוַויילְט מִיט זַיינֶע קְלוּגֶע פְרַאגֶען אוּנ אַנְטְוָוארְטֶען.

– זָאג מִיר, מַיין קִינְד – הָאט זִי אִיהם עֶנְדְלִיךְ גֶעפְרֶאגְט – וָואס רֶעדְסְט דוּ עֶפֶּעס שְׁטֶענְדִיג פוּן אַ דְרֵייפוּסֶען? וֶוער אִיז עֶר, דֶער דְרֵייפוּס? וְוי אַזוֹי זֶעהט עֶר אוּיס?

– דָאס אִיז דָאךְ מַיין פַּאפַּא – הָאט דָאס קִינְד גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל – עֶר אִיז אַ אָפִּיצִיער מִיט גָאלְדֶענֶע שְׁלִיפֶעס. אַ שְׁוֶוערְד הָאט עֶר אוֹיךְ.

– נוּ, אוּנ אַ מַאמַא הָאסְט דוּ אוֹיךְ אַמָאל גֶעהַאט?

– גֶעוִויסס, אַזַא שֶׁאנֶע, לִיעבֶּע אוּנ גוּטֶע, פּוּנְקְט וְוי דוּ.

– זִי הָאט אָבֶער גֶעמוּזְט הָאבֶּען לַאנְגֶע שְׁווַארְצֶע הָאר אוּנ אַ בְּרוֹין גֶעזִיכְט.

– נֵיין, טְפוּ. דוּ מֵיינְסְט גֶעוִויסס, אַז מַיין מוּטְטֶער אִיז גֶעוֶועֶן אַ צִיגַיינֶערְקֶע? חָלִילָה, מַיין מַאמַא אִיז גֶעוֶועֶן אַזוֹי ווייסס וְוי דוּ אוּנ זִי הָאט גֶעהַאט אַזֶעלְכֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען וְוי דַיינֶע. מִיר הָאבֶּען גֶעוְואהנְט אִין אַ שֶׁאנֶעם הוֹיז, אוּנ נָאכְדֶעם וְוי דֶער פַּאפַּא אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען אִין דֶער ווייטֶער לַאנְד, זֶענֶען מִיר אַרִיבֶּער צוּם אָנְקֶעל מַתִּית. עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועֶן זֶעהר גוּט צוּ מִיר. גַאנְצֶע טֶאג הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעשְׁפִּיעלְט מִיט דֶעם קַאפְּרַאל מִישָׁאנֶע, אוּנ זַארְזֶעטַא הָאט מִיךְ אַזוֹי לִיעבּ גֶעהַאט, דִי טַאנְטֶע גֶערָאלְדִינֶע אוֹיךְ...

פְּלוּצְלִינְג הָאט אַנְדְרֶעע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וַויינֶען.

יוּלְיַאנַא הָאט אִיהם אַרוּמְגֶענוּממֶען אוּנ אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען.

– וַויין נִיט, מַיין זִיסס קִינְד – הָאט זִי גֶעזָאגְט – דִיר פֶעהלְט דָאךְ גָאר נִיט בַּיי דֶעם נַייעֶן פַּאפַּא אוּנ מַאמַא אוֹיךְ נִיט.

– נֵיין, כְ'ווִילל אָבֶער פָארְט צוּ מַיין אַלְטֶען פַּאפַּא אוּנ צוּ מַיין עֶרְשְׁטֶער מַאמַא. אַךְ, הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ קֵיין מָאל נִיט גֶעפָאהרֶען מִיט דֶעם מְאוּסֶען לוּפְט-בַּאלָאן.

– וֶוענן בִּיסְט דוּ דֶענן גֶעפָאהרֶען אוֹיף אַ לוּפְט-בַּאלָאן?

— אַיידער כ'בין דאָ געקומען, בין איך געפלויגען גאַנץ הויך און נאָכדעם אַראָבגעפאַללען אין אַ וואַלד צווישען ציגיינער.

יולִיאַנאַ האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

— דיר האָט זיך עס געחלומט, מיין אָרעם קינד, אָדער דו האָסט געוויס אַמאָל געהערט ערצעהלען אַ באָבע מעשה.

אויף די ווערטער איז אָנגעקומען דער פירשט סטעפאַן.

ער איז געוועזען אָנגעטהון אין אַ קאָסטיום ווי אַ יעגער.

— גליקליך בין איך — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט זיך צוקושט מיט דעם ווייב — אַז איך זעה דיך ווידער אויפ'ן פרישען לופט, אין גאָרטען. באַלד וועללען די בלומען זיך צובליהען און מיין יולִיאַנאַ וועט אָפּטער קעננען געניעסען די פראַכט פון דער נאַטור.

— דו געהסט אויף יאַגד, סטעפאַן?

— ניט אויף לאַנג, מיין טהייערע. פאַר נאַכט וועלל איך צוריק זיין.

— זיי פאָרזיכטיג, ליעבער סטעפאַן, און געה ניט ווייט אַוועק, כ'וועלל זיין זעהר אומרוהיג וועגען דיר. כ'בין נאָך אַלץ אין איין שרעק פאַר דער ציגיינערקע.

— פאַר איהר איז שוין ניט דאָ וואָס מורא צו האָבען — האָט סטעפאַן בערוהיגט זיין שאָנע פרוי — כ'ווייס געוויסס, אַז זי איז שוין מעהר ניט אין אונזער געגענד.

— ווער האָט עס דענן דיר געזאָגט?

— דער לאַנד־יעגער אַלאַדאַר פּאַרקאַש. ער איז נור וואָס דאָ געוועזען מיר אָנצוזאָגען די גוטע בשורה, כ'האָב איהם אויך גוט בעלאָהנט דאַפיר.

— אַלאַדאַר פּאַרקאַש? דאַכט זיך מיר אַז ער איז אויך אַ ציגיינער.

— ער איז אַמאָל געוועזען דער הויפּט־מאַנן פון אַ גאַנצע באַנדע ציגיינער.

— נו און דו האָסט צו אַזאַ מענשען צוטרויען?

— זעהסט דו, מיין קינד, דאָס איז שוין אַ כלל, אַז ווענן אַ ציגיינער שיידט זיך פון דער באַנדע און נעהמט אָן אַ שטעללע ביי דער ממשלה, פון דער מינוט אָן ווערט ער דער ערגסטער שונא פון אַללע ציגיינער.

— כ'וואָללט אָבער צו אַזאַ מענשען ניט געהאַט קיין צוטרויען, ווייל דאָס אַלליין איז שוין אַ שלעכטער צייכען — האָט זיך אָבגערופען יולִיאַנאַ.

אין דעם אויגענבליקק איז דער קליינער אַנדרעע צוגעלאָפען צו סטעפאַנען. ביי וועמען ס'האָבען אַרויסגעשטעקקט צייטונגען פון דער קעשענע.

— די בלעטטער זיינען מיט בילדער? — האָט דער יונגעל נייגיעריג געפראַגט.

— דאַכט זיך יא, כ'האָב זיי נאָך אַלליין ניט גוט בעקוקט.

און ער האָט דערלאַנגט אַנדרעען אַ פּאַק צייטונגען.

יולִיַאנַא האט דורכאוים עטוואס געוואלט בעגלייטען דעם מאנן, און זיי פֿייגען ביידע געגאנגען געארעמט.

פלוצלינג האבען זיי דערהערט אנדרעעס קול.

— אט איז דאס בילד פון מיין פאפא — האט דאס קינד לוסטיג געשריגען — עהסט דו, מאמא, כ'האב דיר באלד געזאגט אז ער האט גאלדענע שליפעס.

דאס פאר־פאלק איז געבליבען איבערראשט שטעהן.

סטעפאן האט צוגענומען ביי דעם קינד דאס בלאט צייטונג.

אויף דער ערשטער זייט איז געשטאנען אויסגעמאלט א בילד פון א פראנצויזישען אפיציער, אונטער וועלכעס זיי האבען איבערגעלייענט אזוי:

„קאפיטאן אלפרעד דרייפוס,

„וועלכער איז פערורטהיילט צייט זיין לעבען צו זיין אויף דעם טייפעלס־אינזעל.

„דער פאלקאווניק פיקאר וויל בעווייזען, אז דרייפוס איז אונשולדיג פער־אורטהיילט”.

סטעפאן איז בלייך געווארען און יוליאנא האט געשפירט ווי זיין האנד ציטערט.

— יעצט זעה איך — האט ער שוואך גערעדט — אז די ציגיינערקע האט מיך ווירקליך גענארט און דאס קינד האט ניט געפלוידערט. ס'קען גאנץ מעגליך זיין אז אנדרעע איז דעם אומגליקליכען קאפיטאנ'ס קינד.

נאכדעם האט ער ארומגענומען דעם קליינעם אנדרעע, וועלכער האט שוין ווידער געזאגט פייכטע אויגען פון טרערען.

— מיין ארעם קינד, וויין ניט, דו וועסט נאך ווידער קומען צו דיינע עלטערען. כ'האב נור געהאט א שאנעם חלום און געדרעבענט, אז דו ביסט מיין קינד. ניין, מיין שטאמם וועט זיך אויסלאזען מיט מיר, און אריבערגעהען צו דעם טויגעניכטס עסטערהאזי. כ'פערגינן עס איהם ניט. קומם אהער, מיין קינד, כ'וועלל דיר א קוש געבען ניט ווי א פאטער אבער ווי א אמתער גוטער פריינד, וועלכער וועט שטענדיג זארגען, דו זאללסט צוריקק גליקקליך קוממען א היים.

ער האט אויך דערלאנגט אנדרעען זיין פרוי און די פירשטין יוליאנא האט זיך אויך צוקושט מיט דעם יונגעל.

— ניין, כ'וועלל שוין היינט ניט געהן אויף יאגד — האט זיך נאכדעם אבגערופען סטעפאן — כ'שיקק באלד א דעפעשע צו מיין פעטער, דעם גראף עסטערהאזי אין פאריז, ער זאלל געוואהר ווערען ביי די דרייפוסעס אויב דארטען איז ווירקליך ביט פערפאללען געווארען א קינד.

און ביי די ווארטער האט ער זיך אומגעקעהרט מיט דער מיינונג צו געהן צו זיך אין נאבינעט אויפצוזעצען די דעפעשע.

קוים אָבֶער איז ער אָבְגֶעגַאנְגֶען עֶטלִיכֶע טְריטט האָט ער דֶערהֶערְט הינְטֶער זיך אַ גְוַאלְד־גֶעשְׁרַיי.

ווי פון אַ דונֶער דֶערשְׁלָאגֶען איז דער אויפגֶערעגְטֶער פִירְשְט שְטֶעהן גֶע־בְּלִיבֶּען. גְלַייך ווי דאס הַארץ וְואלְט איהם גֶעזָאגְט וואס הינְטֶער איהם טְהוּט זיך, האָט ער עֶטלִיכֶע סֶעקוּנְדֶען זיך גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען די גַאנְצֶע עֶנֶערְגִיֶע זיך אוּמְצוּקוּקֶען.

אוּנ ער האָט ווירקְלִיך דֶערזֶעהן אַ שְׁרֶעקְלִיך בִּילְד, וועלְכֶע קוּמְט זֶעלְטֶען פָאר אין לֶעבֶּען, נוּר דַאנֶעגְען פוּלל אין די מַעֲשִׂיוֹת פון די אַלְטֶע בַּאבֶּעס.

זיין פְרוי, די גֶעלִיבְּטֶע טְהַייעֶרֶע יוּלְיַאנַא איז גֶעלָאפֶען ווי אַ מְשׁוּגָעְנֶע בְּלַאס אוּנ צוּטְרָאגֶען אוּנ הינְטֶער איהר איז נָאכגֶעלָאפֶען אַ ווילְדֶע חַיָה. נָאך אַפָּאר טְרִיטט אוּנ סְטֶעפַאן האָט שוין גֶעקֶענְט בֶּעמֶערְקֶען, אַז דאס איז נִיט קיין הוּנְד, נוּר אַ ווילְדֶער צוּרַייצְטֶער וָואלְף.

פִּייל פון בּוֹיגֶען מִיט צִיטֶערֶענְדֶע הֶענְד האָט סְטֶעפַאן פון זיך אַרָאבְגֶע־רִיסֶען דאס גֶעוֶועהר.

אין שְׁרֶעק האָט ער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיעלֶען.

ס'איז שוין אָבֶער גֶעוֶוען צוּ שְׁפֶּעט. די ווילְדֶע חַיָה האָט אָנְגֶעחַאפְּט יוּלְיַאנֶען אִן דֶעם לִינְקֶען אָרֶעם. גְלַייך נָאכְדֶעם האָט אַ קְנַאלל גֶעגֶעבֶּען אַ שָׁאסס.

דֶער בֶּאזֶער וָואלְף האָט אָבְגֶעלָאזְט יוּלְיַאנַאס אָרֶעם, אַ ווַיילֶע שְׁטֶעהן גֶע־בְּלִיבֶּען אוּנ די מִינוּט זיך אויסגֶעצוֹיגֶען צוּבְּלוּטִיגְט אויף דְ'עֶרְד. די קוּיל האָט איהם גֶעטְרָאפֶען פון הינְטֶען.

דַאמָאלְס איז סְטֶעפַאן צוּגֶעלָאפֶען צוּ זיין ווַייבּ.

— דאס איז מֶעלְיָארֶעס נְקָמָה — האָט די קְרַאנְקֶע קוים אַרוֹיסגֶעשְׁטַאמֶעלְט אוּנ איז אַנִיעדֶערגֶעפַאלֶען אין אָנְמַאכְט נֶעבֶּען דֶעם טוֹיְדְטֶען וָואלְף.

אין אַפָּאר מִינוּט אַרוּם זַיינֶען זיך צוּנוֹיף גֶעלָאפֶען די דִיענֶער.

די פְרוֹיעֶן האָבֶּען לַאנְגְזַאם אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען יוּלְיַאנֶען אין צִימֶער אוּנ די מַאנְסְבִּילֶען האָבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעקוּקֶען דֶעם פֶּגֶר פון דֶעם וָואלְף.

— איהר זֶעהט — האָט זיך אָבְגֶערוּפֶען אַ אַלְטֶער דִיעְנֶער — אָט יֶעצְט פֶערשְׁטֶעה איך שוין, ווי אַזוי אַ וָואלְף קוּמְט אין אַזאַ צייט אין אוּנזֶערֶע סְבִיבוֹת. איהר זֶעהט בַּיי איהם אויפ'ן הַאלְז דֶעם איבֶּערגֶעריסֶענֶעם לֶעדֶערְנֶעם רִימֶען, דֶערפוּן בִּין איך אִיבֶּערצַייגְט אַז דֶער וָואלְף איז אַלֵיין נִיט גֶעקוּמֶען, נוּר מֶען האָט איהם גֶעבְּרַאכְט עֶקְסְטְרַא די רְצִיחָה זָאלל גֶעשְׁעהן.

— מֶעלְיָארֶע — האָט סְטֶעפַאן אַ טִיעפֶען קְרֶעכְץ גֶעגֶעבֶּען, וֶוען ער האָט זיך אִיבֶּערצַייגְט אַז דֶער דִיעְנֶער האָט רֶעכְט.

אוּנ ס'איז גֶעבְּלִיבֶּען אַ פְּלַאן צוּ גֶעהן אין וַואלְד די זַאך נָאכצוּפָארְשְׁטֶען.

ווירקְלִיך נִיט וַוייט פון פַּארְק האָבֶּען זֵיי גֶעטְרָאפֶען אויף אַ שְׁלַיְאר פון בְּלוּט אוּנ אויף אַזַא אָרְט איז סְטֶעפַאן צוּגֶעקוּמֶען צוּ אַ בּוֹים וואו ס'איז גֶעלֶעגֶען צוּ־

בְּלוּטִיגְט דִי אַלְטֶע צִיגַיינֶערְקֶע מוּשַׁא. צוּם בּוֹים אִיז גֶעוֶוען צוּגֶעבּוּנְדֶען אוֹיךְ אַ אִיבֶּער־גֶעריסֶענֶער רִימֶען, נִיט וַוייט פוּן דֶער צִיגַיינֶערְקֶע אִיז אוֹיךְ גֶעלֶעגֶען אַ שַׁארְפֶער מֶעסֶער. יֶעצְט אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַלְץ קְלָאר.

דִי אַלְטֶע מוּשַׁא הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁנִיטֶען דֶעם רִימֶען, כְּדֵי דֶעם אוֹיפְגֶעהִיצְטֶען וָואלְף פְרַייא צוּ לָאזֶען.

— אוּנ גְאַטט הָאט דִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט מִיט דַיין אֵייגֶענֶער אַרְבֵּייט — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער פִירְשְׁט סְטֶעפַאן — דוּ הָאסְט גֶעגְרָאבֶּען אַ גְרוּבּ פַאר אַ גַ'אנְדֶערֶען אוּנ אַלֵיין אַרַיינְגֶעפַאלֶען. דִיר אִיז אֲפִילוּ נִיט גֶעלוּנְגֶען רִיכְטִיג דִי נְקָמָה, וַוייל מַיין יוּלְיַאנַא אִיז נוּר לַייכְט גֶעְרַאנִיעט אוּנ אִיהְרֶע ווּאוּנְדֶען וֶועלֶען זִיךְ גֶעשְׁווִינְד פֶערְהַיילֶען.

דִי אַלְטֶע מְכַשֵׁפָה הָאט מִיט כֹּחַ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם צוּבְּלוּטִיגְטֶען קָאפּ אוּנ שַׁארְף מִיט כַּעַס גֶעזָאגְט:

— פְרֵייא דִיךְ נִיט פַאר דֶער צַייט, סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי! אֱמֶת, כְ'בִּין פֶער־לָארֶען, דִי ווִילְדֶע חַיָה הָאט אוֹיף שְׁטִיקֶער צוּרִיסֶען מַיין לַייבּ, דֶער וָואלְף הָאט אָבֶּער דַיין וַוייבּ אוֹיךְ קֵיין טוֹבָה נִיט גֶעטְהוּן. מֶעלְיָארֶעס חֶרְפָּה אִיז גֶערֶענוּקְמְט. אִיהְרֶע ווּאוּנְדֶען זַיינֶען לַייכְטֶע, זָאגְסְט דוּ, סְ'מַאכְט אָבֶּער נִיט אוֹיס, אַ צִיגַיינֶער וַוייס וָואס עֶר טְהוּט.

זַיי ווִיסֶען מַיין פִירְשְׁט, אַז דֶער וָואלְף, וֶועלְכֶער הָאט לַייכְט נוּר אַ בִּיסֶס גֶעגֶעבֶּען דַיין וַוייבּ אִיז אַ דוּלֶער, אִיךְ אַלֵיין הָאבּ אִיהְם דִי דוּלְקַייט אָנְגֶעשְׁטֶעקְט, דוּרְךְ דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם דוּלֶען הוּנְד, וֶועלְכֶען פָארַקָאשׁ הָאט בַּיי דִיר אִין וַואלְד גֶעשָׁאסֶען.

סְטֶעפַאן הָאט זִיךְ צוּשְׁרִיגֶען אוֹיפ'ן הוֹיכֶען קוֹל:

— אַלִיעגֶען, מְכַשֵׁפָה, דָאס הָאסְט דוּ דִיר אוֹיסגֶעטְרַאכְט עֶקְסְטְרַא אַ מַעֲשֶׂה מִיר צוּ פֶערְבִּיטֶערֶען מַיין לֶעבֶּען.

— ווִילסְט נִיט אִיז ווִי דוּ ווִילְסְט — הָאט דִי אַלְטֶע אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ קְרֶעכְץ — אִין אַכְט טֶעג אַרוּם אָבֶּער וֶועסְט דוּ עֶס זֶעהֶען וֶוער סְ'זָאגְט אֱמֶת, אִיךְ צוּ דוּ. דֶערווַייל זַיי פֶערְשָׁאלְטֶען, פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי!

אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם הָאט שׁוֹין מוּשַׁא נִיט גֶעלֶעבְּט.

נִיעדֶערְשְׁלָאגֶען אִיז סְטֶעפַאן אַוֶועק צוּרִיק אִין שְׁלָאסס, זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט זַיין וַוייבְּס קְרַאנְקְהַייט.

נָאךְ מִיטָאג אִיז גֶעקוּמֶען דֶער דָאקְטָאר פוּן דֶער שְׁטָאדְט, אוּנ אוֹיף סְטֶעפַאנְס בַּקָשָׁה הָאט עֶר מִיטגֶענוּמֶען אַ בִּיסֶעל בְּלוּט פוּן דֶעם דֶערשָׁאסֶענֶעם וָואלְף מִיט זִיךְ, כְּדֵי עֶס אִין דֶערְהֵיים גוּט צוּ אוּנְטֶערזוּכֶען.

מִיט טְרֶערֶען הָאט סְטֶעפַאן גֶעבֶּעטֶען בַּיי גָאטט אַז מוּשַׁא זָאלל הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַ לִיעגֶען. יוּלְיַאנַא הָאט פוּן דֶעם אַלֶעמֶען נִיט גֶעווּאוּסְט קֵיין וָוארְט, וַוייל סְטֶעפַאן הָאט שְׁטְרֶענְג פֶערְבָּאטֶען דֶערפוּן צוּ רֶעדֶען.

בײַ נאַכט איז זי געשלאָפען גאַנץ געשמאַק. איין מאָל נור האָט זי פון שלאָף אַ געשריי געגעבען: „מעליאַרע“.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה איז שוין דער דאָקטאָר אַריינגעפאָהרען אין הויף. סטעפאַן איז איהם געשווינד אַרויסגעלאָפען אַנטקעגען.

— ליידער, פּירשט, די ציגיינערקע האָט קיין ליעגען ניט געזאָגט — האָט זיך טרויעריג אָבגערופען דער דאָקטאָר — זייט אָבער ביי זיך ניט אַזוי אַראָבגעפאַללען. ס'איז נאָך דאָ אַ עצה ווי אַזוי זי צו ראַטעווען, ס'וועט זיך נור אָן אייך.

— וואס זאָלל איך טהון? — האָט ביטטער געפרעגט סטעפאַן — נעהמט בײַ מיר אַלץ וואס איך האָב, מיין פערמעגען מיינע גיטער, מיין טיטול, אַלץ בין איך בערייט אָװעקצוגעבען, אַבי נור מיין ווייב זאָלל מיר זיין געזונד.

— ווענן איהר זאָללט מיר געבען זאָגאַר אַ דאָפּפעלט פערמעגען ווי אייערס, קענן איך אייך אויך ניט העלפען, נור דער דאָקטאָר פּאַסטער אין פּאַריז ער קענן יאָ העלפען, אין זיין אַנשטאַלט וועט אייער פרוי מיט גאָטטעס הילף געזונד ווערען.

---

פאַר נאַכט פון דעם זעלבען טאָג איז סטעפאַן מיט זיין פרוי אָבגעפאָהרען קיין פּאַריז, נעבען זיי איז געזעססען דער קליינער אַנדרעע. יוליאַנאַס אומגליקק האָט דאָס קינד געבראַכט אין די שטאָדט, פון וואַננען ער איז שוין אַזוי לאַנג פערוואָגעלט.

אין לעבען איז שטענדיג אַזוי אַז מיט יענעמס אומגליק ווערט דער צווייטער געהאָלפען.

מעליאַרע מיט אַלאַדאָר פּאַרקאַש האָבען אויך אין דעם טאָג פערלאָזען קראַסנאָהאָרקאָר וואָלדער און קיינער ווייסס ניט וואהין זיי זיינען פערשוואונדען געוואָרען...

---

## XI.

## עסטערהאַזים צוקינפטיגער שוויגערפאַטער.

מיר ווייססען דאָך שוין אַז עסטערהאַזי איז מיט די שפּאַנישע מיליטער געפאָהרען זוכען דעם רויבער גאָמעץ. דעם שוואַרצען מאַיאָר האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט ענדליך געפונען די ירושה, דענן אָהן געלד קענן ער דאָך ניט קומען אַהיים. און ניט קוקענדיג אויף דעם שלעכטען וועטטער איז דער שוואַרצער מאַיאָר ניט אַראָב פון פערד און ניט אויפגעהערט צו זוכען די רויבער־באַנדע.

עֶנְדְליךְ הָאט עֶר זֵיי גֶעפַּאקְט, ווִי זֵיי זַיינֶען בֶּעפַאלּלֶען צְווֵיי פְּרֶעמְדֶע רַייזֶענְדֶע, ווֶעלְכֶע זַיינֶען גְרַאדֶע דוּרכְגֶעפָאהרֶען דִי שְׁטֶאדְטִיל אַנְדְרַא. דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרוֹי־אַלְטֶער פַּארִיזֶער גָאמַאריוּס, הֶערר פְּיָארט גַאטַאזִיוּם מִיט זַיין טָאכְטֶער לוּצִיֶע.

דִי מֶערְדֶער זַיינֶען זֵיי בֶּעפַאלְּלֶען אוּנ ווֶענן נִיט עֶסְטֶערהַאזִים הִילְף, ווָאלְטֶען זֵיי גֶעווִיסס גֶעווֶען פֶערפַאלְּלֶען.

אַז דֶער הוֹיפְּט־בַּאנְדִיט גָאמֶעץ אִיז אַנִידֶערגֶעפַאלְּלֶען אוֹיף דֶ'רְעֶרד פוּן עֶסְטֶערהַאזִים אַ שָׁאסס, אִיז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר צוּ אִיהְם צוּגֶעלָאפֶען אוּנ הַאסְטִיג גֶעזָאגְט:

– דִיעֶנָא גָאמֶעץ, גִיבּ מִיר אָבּ דִי 60 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, ווֶעלְכֶע דוּ הָאסְט צוּגֶענוּמֶען בַּיי דֶעם פְּרִיעסְטֶער, אוּנ כְ'וֶועלל דִיר דָאס לֶעבֶּען רַאטֶעוֶוען.

דֶער מֶערְדֶער הָאט בֶּאז אִיהְם אָנְגֶעקוּקְט.

– זֵיי פֶערְשָׁאלְטֶען – הָאט עֶר שְׁוַואךְ מִיט כַּעס גֶעזָאגְט – כְ'הָאבּ דַיין גֶעלְד נִיט גֶענוּממֶען, דֶער אַלְטֶער הָאט עֶס גֶעמוּזְט אַלְלֵיין צוּלַאטְבֶּענֶען. גֶעה אִין אַלְל דִי שְׁוַוארְצֶע יָאהְרֶען, צוּלִיעבּ דִיר שְׁטַארְבּ אִיךְ.

– גָאמֶעץ, כְ'וֶועלל דִיר לָאזֶען פֶערְהֵיילֶען דִי ווָאוּנְדֶען פוּן דִי בֶּעסְטֶע דָאקְטוֹרִים, נוּר זָאג מִיר דֶעם אֶמֶת, וואוּ הָאסְטוּ אַהִינְגֶעטְהוּן מַיין פֶערְמֶעגֶען.

– וֶעהְסְט דוּ, שְׁוַוארְצֶער עֶסְטֶערְהַאזִי, מִ'ר אִיז דָאךְ שׁוֹין אַלְץ אֵיינְס, מַיין אָרְט אִיז אִין גֵיהִנוֹם, שְׁוֶוער אִיךְ דִיר אַלְזָא בַּיי אַלְלֶעם ווָאס אִיז אוֹיךְ פַאר מִיר הֵיילִיג, אַז כְ'הָאבּ דַיין גֶעלְד נִיט אָנְגֶערִיהְרְט.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט זִיךְ פוּן כַּעס גֶעבִּיסֶען דִי לִיפֶּען.

ווָאס הֵייבְּט מֶען יֶעצְט אָן צוּ טְהוּן?

דֶער בַּאנְדִיט פוּן דִי רוֹיבֶּער־בַּאנְדֶע לִיעגְט טוֹיט צוּ זַיינֶע פִיסס, ווָאס קוּמְמְט אָבֶּער אַרוֹיס, אַז זַיין גֶעלְד, דֶער מוּטֶערְס יְרוּשָׁה אִיז פַאר אִיהְם פֶערְפַאלְּלֶען, נִיט דָא!

– הֶערר מַאיָאר! – הָאט עֶר פְּלוּצְלִינְג דֶערְהֶערְט אַ ווֵייךְ קוֹל הִינְטֶער זִיךְ – אִיהְר הָאט יֶעצְט גֶערַאטֶעוֶועט מַיין אוּנ דֶעם פָאטֶערְס לֶעבֶּען. מִיט ווָאס זָאללֶען מִיר אַייךְ אָבְּדַאנְקֶען?

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט אוּנ דֶערְזֶעהֶען פַאר זִיךְ אַ שֶׁענֶעס מֶאדְכֶען מִיט אַ עֶנֶערְגִישֶׁען גֶעזִיכְט.

– נִיט דָא פַאר ווָאס צוּ דַאנְקֶען, גֶעעֶהרְטֶעס פְרֵיילֵיין, כְ'הָאבּ נוּר גֶעטְהוּן דָאס, ווָאס אוֹיף מַיין אָרְט ווָאלְט יֶעדֶער אָרְדֶענְטְלִיכֶער אָפִיצִיעֶר אָדֶער קַאוַואלִיעֶר גֶעטְהוּן. אִיךְ בִּין נוּר גְלִיקְלִיךְ, ווִירְקְלִיךְ, אַז מַיין פֶערְזָאן אִיז אַייךְ מִיט עֶפֶּעס בֵּייהִילְפִיג גֶעוֶועזֶען.

נָאךְ דִי ווֶערְטֶער אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען לוּצִיעֶס פָאטֶער אוּנ זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְלְט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר. אִין קוּרְצֶע ווֶערְטֶער הָאט עֶר אִיהְם עֶרְצֶעהְלְט אַז דִי דָאקְטוֹרִים

הָאבֶּען אִיהְם פֶערְאֶרְדְנֶעט דִי שְׁפַּאנִישֶׁע לוּפְט. זַיין טָאכְטֶער אָבֶּער הָאט לִיעבּ שְׁטֶאנְדִיג צוּ שְׁפַּאצִירֶען אִין אַזֶעלְכֶע אֶרְטֶער וואו קֵיינֶער גֶעהְט נִיט אוּנ דוּרְכְדֶעם זֶענֶען זַיי אַריינְגֶעפַאללֶען בַּיי דִי רוֹיבֶּער אִין דִי הֶאנְד.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט מִיט פֶערְגֶענִינֶען אויסגֶעהֶערְט דֶעם אַלְטֶען נָאטַארְיוּס. זַיין נָאמֶען אִיז אִיהְם גֶעוֶוען בֶּעקַאנְט פוּן פַּארִיז. עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט אַז דֶער אַלְטֶער הָאט אַפֶּערְמֶעגֶען פוּן אַפָּאר מִילְלְיָאנֶען פְרַאנְק אוּנ לוּצְיֶע אִיז זַיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער.

דֶערפוּן קֶענן עֶפֶּעס וֶוערֶען. אִיהְם קוּמְמְט דָאךְ אַדַאנְק, עֶר הָאט זֵיי בֵּיידֶען דָאס לֶעבֶּען גֶערַאטֶעוֶועט.

אוּנ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אִין אֵיין מִינוּט בֶּערֶעכֶענְט אַללֶע נוּטְצֶען, וֶועלְכֶע עֶר קֶענן אַרוֹיסצִיעהֶען פוּן דֶער בֶּעקַאנְנטְשַׁאפְט.

– אוּנ וָואס וֶוערְט מִיט אַייעֶר קוּראַצְיָאן נָאךְ דֶעם אוּנְאַנְגֶענֶעהְמֶען פַּאלל? – הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי דֶעם נָאטַארְיוּס גֶעפְרֶעגְט.

– גַיין – הָאט זִיךְ מִיט הִיטְץ אָבְגֶערוּפֶען לוּצְיֶע – מִיר בְּלַייבֶּען לֶאנְגֶער נִיט אִין שְׁפַּאנְיֶען, דִי גַאנְצֶע לוּפְט אִיז דָא פוּלל מִיט מֶערְדֶערַיי אוּנ גִיפְט. יֶעצְט פָאהְרֶען מִיר צוּרִיק קֵיין אַנְדַארַא אוּנ פוּן דָארְטֶען וָואס שְׁנֶעלְלֶער נָאךְ פַּארִיז.

– פּוּנְקְט וִוי אִיךְ – הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי זִיךְ אָבְגֶערוּפֶען מִיט פְרַיידֶע – אוֹיבּ אִיהְר וֶועט עֶרְלוֹיבֶּען קֶענְנֶען מִיר צוּזַאמֶען פָאהְרֶען.

– אַפְּרַאגֶע אוֹיבּ מִיר וֶועלְלֶען עֶרְלוֹיבֶּען אוּנְזֶער רֶעטְטֶער מִיט אוּנְז וַוייטֶער צוּ פָאהְרֶען. אוּנְטֶער אַייעֶר שוּטְץ וֶועלְלֶען מִיר זִיךְ עֶרְשְׁט גוּט רוּהִיג שְׁפִּירֶען.

אוּנ בַּיי דִי וֶוערְטֶער הָאבֶּען אִיהְרֶע אוֹיגֶען אַזוֹי אַבְּלִישְׁץ גֶעגֶעבֶּען, אַז בַּיי עֶסְטֶערְהַאזִין אִיז שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעוֶוען קֵיין סָפֵק אוֹיסצוּפִיהְרֶען דֶעם פָּאר־גֶענוּמֶענֶעם פְּלַאן.

אַבִּיסֶעל הָאט אִיהְם נוּר אָבְגֶעשְׁרַאקֶען דֶעם אַלְטֶענְס שֶׁארְפֶער בְּלִיקק.

דֶער נָאטַארְיוּס אִיז גֶעוֶוען בֶּעקַאנְנט אִין פַּארִיז פַאר אַקַארְגֶען אָבֶּער קְלוּגֶען מֶענְשֶׁען, אוּנ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מִיט דֶעם פָאטֶער וֶועט עֶס אַבִּיסֶעל שְׁוֶוערֶער צוּגֶעהֶן וִוי מִיט לוּצְיֶען.

ס'הֶעלְפְט אָבֶּער נִיט. עֶסְטֶערְהַאזִי טָאר אֵיין מִינוּט נִיט פֶערְלִירֶען אוּמְזָאנְסְט אוּנ וָואס שְׁנֶעלְלֶער אִיז בֶּעסֶער. אִין פַּארִיז וַוארְט מֶען נוּר דַארוֹיף, עֶר זָאלל זַיין וָוארְט נִיט הַאלְטֶען אוּנ דִי חוֹבוֹת צוּ דֶער צַייט נִיט בֶּעצָאהְלֶען.

אוֹיף מָארְגֶען, אַז עֶר אִיז אַללֵיין גֶעבְּלִיבֶּען מִיט דֶער שֶׁאנֶער לוּצְיֶע אִין צִימֶער אִיז עֶר פַאר אִיהְר אַנִידֶערגֶעפַאלְלֶען אוֹיף דִי קְנִיע אוּנ רִיהְרֶענְד גֶעפְרֶעגְט, אוֹיבּ זִי ווִילל וֶוערֶען זַיין פְרוֹי.

לוּצְיֶען אִיז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר בַּאלְד גֶעפֶאללֶען גֶעוָוארֶען אוּנ זִי הָאט זִיךְ קוֹים דֶערְוַוארְט אוֹיף דֶער פְרַאגֶע.

מִיט פֶערְגֶענִיגֶען הָאט זִי אויסגֶעהֶערט דִי עֶנְטדֶעקוּנְג פוּן זַיין לִיעבֶּע אוּנ אִיהְם נִיט גֶעשְׁטֶערְט זִי צוּ הַאלְזֶען אוּנ קוּשֶׁען.

— נָאךְ אַיין וָוארְט, מַאיָאר עֶסְטֶערְהַאזִי! — הָאט זִי צוּ אִיהְם עֶנְדְלִיךְ גֶעזָאגְט, וָוענן זִי הָאט זִיךְ עֶטְוָואס בֶּערוּהִיגְט פוּן דֶער אִיבֶּערַראשׁוּנְג — בֶּערֶעכֶענְט אַייךְ גוּט אוֹיבּ אִיהְר הָאט מִיךְ אֶמֶת לִיעבּ, מַיינֶע גֶעפִיהְלֶע זֶענֶען אֶמֶתדִיגֶע עֶהְרְלִיכֶע, וָועה אִיז אָבֶּער דֶעם מֶענְשֶׁען, וָועלְכֶער וָועט אַמָאל וָועלֶען אָבְּשְׁוַואכֶען זַיין לִיעבֶּע גֶעגֶען מִיר, כְּ׳בִּין אִיהְם דַאמָאלְס נִיט מְקַנֵא, מַיין נְקָמָה וָועט זַיין צוּ שְׁטַארְק.

פֶערְוואוּנְדֶערְט הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי בֶּעמֶערְקְט וִוי לוּצְיֶעס גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ בַּיי דִי לֶעצְטֶע וָוארְטֶער גֶעעֶנְדֶערְט.

דָאס אִיז שׁוֹין נִיט גֶעוָועזֶען דִי שְׁוַואכֶע צֶערְטְלִיכֶע מֶאדְכֶען, וָועלְכֶע עֶר הָאט אַ וַויילֶע צוּרִיק פֶעסְט גֶעהַאלְטֶען אִין דִי אָרֶעמְס אוּנ זִי הָאט הַייסס גֶעעֶנְטפֶערְט אוֹיף זַיינֶע פַאלְשֶׁע קוּשֶׁען. נַיין יֶעצְט אִיז אִיהְר גֶעזִיכְט גֶעוָוארֶען עֶרְנְסְט. דִי קְלוּגֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעשְׁאסֶען מִיט פַייעֶר אוּנ אִין אִיהְר גַאנְצֶען קֶארְפֶּער אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג, אַז זִי הָאט לִיעבּ מְקַיֵים צוּ זַיין דָאס, וָואס זִי זָאגְט מִיט׳ן מוֹיל.

— נַיין, מַיין טְהַייעֶרֶע — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — דוּ וֶועסְט קֵיין מָאל נִיט בְּרוּיכֶען אויסצוּפְּרוּבִּירֶען דַיין נְקָמָה אוֹיף מִיר. כְּ׳לִיעבּ דִיךְ יֶעצְט אַזוֹי וִוי גֶעכְטֶען, וָוענן כְּ׳הָאבּ דִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל דֶערְזֶעהֶען צְווִישֶׁען דִי רוֹיבֶּער אוּנ וָועלל דִיךְ שְׁטֶאנְדִיג לִיעבֶּען אוּנ לִיעבֶּען.

אוּנ וָואס מֶעהְר דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט גֶערֶעדְט אִיז אִיהְם אַלְץ קְלֶערֶער גֶעוָוארֶען אַז מִיט לוּצְיָאן, קֶענן מֶען זִיךְ לַאנְג נִיט שְׁפִּיעלֶען, זִי אִיז אַבִּיסֶעל גֶערָאטֶען אִין אִיהְם.

מִיט אִיהְר קֶענן עֶר זַיין אָדֶער גַאנְץ גְלִיקְלִיךְ, אָדֶער זֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ. זִי אִיז אַזוֹי וִוי אַ נְ׳אַנְדֶערֶע.

לוּצְיֶעס קָאפּ אִיז דֶערוַוייל אַנִידֶערְגֶעפַאללֶען אוֹיף זַיין בְּרוּסְט אוּנ אִיהְרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען גֶעשְׁטַאמֶעלְט:

— כְּ׳הָאבּ דִיךְ לִיעבּ, זֶעהר לִיעבּ, גֶעדֵיינְק אָבֶּער, זַיי מִיר עֶוִויג גֶעטְרַייא, כְּ׳זָאלל דִיךְ קֶענֶנֶען שְׁטֶענְדִיג לִיעבּ הָאבֶּען, שְׁטֶענְדִיג אַזוֹי וִוי יֶעצְט.

אָנְשְׁטָאט אַ אַנְטְוָוארְט הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר נָאךְ פֶעסְטֶער אַרוּמְגֶענוּמֶען אִיהְר טַאלְיֶע

בַּיי דִי לֶעצְטֶע סְצֶענֶע אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער אַלְטֶער נָאטַארְיוּס.

אַ וַויילֶע אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען צוּמִישְׁט פוּן דֶער אוּנְפֶערְהָאפְטֶער אִיבֶּערַראשׁוּנְג, לוּצְיֶעס קוֹל הָאט אִיהְם אָבֶּער אויפְגֶעמוּנְטֶערְט.

— פַּאפַּא — הָאט זִי בֶּעשְׁלָאסֶען גֶעזָאגְט — כְּ׳הָאבּ מִיךְ נוּר וָואס פֶערְלָאבְּט מִיט דֶעם גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי אוּנ כְּ׳מוּז וָוערֶען זַיין פְרוֹי. אִיךְ הָאבּ דָאס מַיינִיגֶע גֶעטְהוֹן, יֶעצְט הַאלְט עֶס בַּיי דִיר, כְּ׳גֶעה עֶקְסְטְרַא אַרוֹיס פוּן צִימֶער, כְּדֵי דוּ

זאָללְסט קֶענגֶען מִיט מַיין חָתָן גֶענוּי בֶּעשְׁפְּרֶעכֶען אַללֶע איבְּרִיגֶע זאַכֶען פון אוּנְזֶער צוּקִינִיפְטִיגֶען לֶעבֶּען.

דֶער נאָטַארְיוּס הָאט גֶעוואַרְט בִּיז דִי טָאכְטֶער איז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. נָאכְדֶעם הָאט עֶר בֵּיידֶע הֶענְד אַריינְגֶעשְׁטֶעקְקְט אין דִי הויזֶען־טַאשֶׁען אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.

קֵיין אֵיינְצִיג גְלִיעד הָאט יֶעצְט בַּיי אִיהְם נִיט גֶעצִיטֶערְט אוּנ זַיינֶע קְלֵיינֶע גְרִינֶע אויגֶען הָאבֶּען שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט עָסְטֶערְהַאזִים בְּלָאסס גֶעזִיכְט, וֶועלְכֶעס אִיז נָאךְ יֶעצְט בְּלֵייבֶער גֶעווָארֶען פוּן אויפְרֶעגוּנג.

— הֶערר גְרַאף — הָאט דֶער אַלְטֶער נָאטַארְיוּס גֶעפְרֶעגְט נָאךְ אַ קוּרְצֶער פּוֹזֶע — אִיהְר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען מַיין טָאכְטֶער אַז אִיהְר הָאט זִי לִיעב?

— יָא, גֶעעֶהרְטֶער הֶערר.

— אוּנ אִיהְר הָאט פֶערְלַאנְגְט אַז זִי זָאלל וֶוערֶען אַייעֶר פְרוֹי.

— רִיכְטִיג, מַיין הֶערר!

— מוּז אִיךְ אַייךְ אַלְזָא אויפְמֶערְקְזַאם מַאכֶען אַז אִיךְ אוּנ מַיין טָאכְטֶער וֶוענֶען זֶעהְר פֶערְבִּיסֶענֶע מֶענְשֶׁען אוּנ קֶענְנֶען קֵיין עַוְלָה נִיט פֶערְטְרָאגֶען. כְ'וָואלְלְט אַייךְ קֵיין מָאל נִיט גֶעוואוּנְשֶׁען צוּ שְׁפִּירֶען דֶעם טַעַם פוּן אוּנְזֶער נְקָמָה. זִי אִיז נָאךְ בִּיטֶטֶערֶער וִוי דִי גאלל. יֶעצְט אִיז נָאךְ צֵייט, יוּנְגֶער מַאנן, אוֹיב אִיהְר הָאט אַלְזָא בְּדֵעָה אַמָאל שְׁפֶּעטֶער נִיט צוּ הַאלְטֶען וָוארְט, אִיז פִיעל גְלַייכֶער אִיהְר זָאלְלְט עֶס אוּנְז בַּאלְד אָפֶען זָאגֶען.

— נֵיין לִיעבֶּער הֶערר, כְ'וֶועלל קֵיין מָאל נִיט חֲרָטָה הָאבֶּען וָואס דֶער צוּפַאלל הָאט מִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעבְּרַאכְט מִיט אַייעֶר עֶדְלֶער טָאכְטֶער, וֶועלְכֶע כְ'וויל שְׁטֶאנְדִיג לִיעבֶּען אוּנ שֶׁעטְצֶען.

— וֶועט אַייךְ טַאקִי וואהל זַיין — הָאט דֶער נָאטַארְיוּס הַארְט גֶעעֶנְטפֶערְט — נוּר דָאס מוּזט אִיהְר ווִיסֶען, אַז אִיהְר גְרַאף, שְׁטַאמְמְט אַרוֹיס פוּן אַדֶעל, מִיר אָבֶער וֶועגֶען גַאנְץ אֵיינְפַאכֶע מִיעשְׁצַאנֶעם.

— מַיין טִיטוּל וֶועט קֵיין מָאל נִיט זַיין צוּ גְרוֹיס פַאר דִי שֶׁאנֶע אוּנ קְלוּגֶע לוּצִיֶע.

— גוּט אַלְזָא, כְ'מוּז אַייךְ אָבֶער נָאךְ זָאגֶען, אַז כְ'בִּין זָאגַאר זֶעהר רַייךְ, מַיין פֶערְמֶעגֶען אָבֶער הָאבּ אִיךְ עֶרְוַוארְבֶּען דוּרךְ אַזֶעלְכֶע גֶעשֶׁאפְטֶען, וֶועלְכֶע מֶען קֶענן נִיט אָנְרוּפֶען הוֹיפְט־אָרְדֶענְטְלִיכֶע.

— דִי וֶועלְט פְרֶעגְט נִיט נָאכְדֶעם וָואס סְ'אִיז גֶעוֶוען, נוּר וָואס יֶעצְט אִיז — הָאט נֶערְוֶועז גֶעעֶנְטפֶערְט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר. דֶעם שְׁוֶוערְם שַׁאֲלוֹת הָאבֶּען אִיהְם שוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען.

— מַיין מוּטְטֶער — הָאט דֶערְוַוייל וַוייטֶער גֶעצְווִיגֶען דֶער נָאטַארְיוּס אִיז גֶעוֶוען־אַ וֶועשֶׁערִין, דָאס וַוייס יֶעדֶער אֵיינְוָואהנֶער פוּן פַּארִיזֶער אַלְט־שְׁטָאדְט.

– מֶעגְט אִיהר מַאכְן שְׁטָאלְצִירֶען, אַז פוּן אַזַא נִיעדְרִיגֶען אָרְט, פוּן אַזַא אָרֶעמְקַייט הָאט אִיהר אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט אַ גְרוֹיס פֶּערְמֶעגֶען מִיט פִיעל כָּבוֹד.

– מַיין פֶּערְמֶעגֶען וִוי כְ'הָאבּ אַייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט אִיז נִיט פוּן דִי קְלֵיינֶע. מַיין טָאכְטֶער גִיעבּ אִיךְ נָדן צְוַויי מִילְלְיָאן פְרַאנְק, אוֹיסֶערְדֶעם וֶועט בֶּעטְרֶעפֶען פִינְף מָאל אַזוֹי פִיעל אִיהר יְרוּשָׁה נָאךְ מַיין טוֹיְדט, כְ'הָאבּ נָאךְ אָבֶּער אַ הָאפְנוּנְג לַאנְג צוּ לֶעבֶּען.

– אִיךְ, וֶועניגְסְטֶענְס ווִינְשׁ עֶס אַייךְ פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען – הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל; וָואס וַוייטֶער אִיז עֶר אַלְץ מֶעהר צוּפְרִיעדֶענֶער גֶעוָוארֶען מִיט זִיךְ אוּנ מִיט זַיין אַיינְפַאלל.

– אִיךְ דַאנְק אַייךְ – הָאט דֶער נָאטַארְיוּס אוֹיךְ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעעֶנְטְפֶערְט. בַּאלְד אִיז אָבֶּער זַיין גֶעזִיכְט ווִיעדֶער גֶעוָוארֶען עֶרְנְסְט אוּנ עֶר הָאט וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט דֶעם טָאן פוּן אַ גֶעשֶׁעפְטְס־מַאנְן:

– בִּיז יֶעצְט – הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אוּנ זַיין קוֹל אִיז וָואס אַמָאל גֶעוָוארֶען פֶעסְטֶער – הָאבֶּען מִיר גֶערֶעדְט פוּן מִיר אוּנ מַיין טָאכְטֶער, יֶעצְט הַאלְט עֶס בַּיי אַייךְ.

– פוּן מִיר אִיז נִיט דָא פִיעל וָואס צוּ זָאגֶען. כְ'בִּין אַ אָפִיצִיעֶר, דִיען אִין הוֹיפְּט־שְׁטַאבּ, אוּנ עֶסְטֶערְהַאזִיס פַאמִילְיֶע אִיז בֶּעקַאנְנְט אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.

– עֶסְטֶערְהַאזִיס פַאמִילְיֶע אִיז בֶּעקַאנְנְט – הָאט דֶער נָאטַארְיוּס קַאלְטְבְּלִיטִיג גֶעצְווִיגֶען דִי וֶוערְטֶער – אוּנ דַארִיבֶּער וֵוייס אִיךְ אַז אִיהר זַייט עֶסְטֶערְהַאזִי, נוּר פוּן דֶער מוּטֶערְס צַד, אָבֶּער נִיט פוּן דֶעם פָאטֶער.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. אִין כַּעַס הָאט עֶר גֶעבִּיסֶען דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע לִיפּ אוּנ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דִי אוֹיגֶען צוּ דְ'רֶערְד. פוּן וַואנֶען ווֵייס דֶער גְרוֹיעֶר נָאטַארְיוּס אַזוֹי גֶענוֹי דֶעם סוֹד, וֶועלְכֶער אִיז פֶערְבָּארְגֶען פַאר אַללֶעמֶען.

– אוּנ אַייעֶר גֶעלְד־בֶּעשְׁטַאנְד – הָאט דֶערְוַוייל גֶעזָאגְט לוּצְיֶעס פָאטֶער – אִיז נָאךְ עֶרְגֶער ווִי שְׁלֶעכְט.

– לִיעבֶּער הֶערר, זִי בֶּעלֵיידִיגֶען מִיךְ.

– נֵיין חָלִילָה, כְ'מֵיין אַייךְ נִיט צוּ עֶרְגֶערֶען. דֶעם אֱמֶת אָבֶּער מוּז אִיךְ אַייךְ זָאגֶען. כְ'ווֵייס אַז אַייעֶר קַאסֶע אִיז לֵיידִיג אוּנ דִי בַּעֲלֵי חוֹבוֹת לָאזֶען אַייךְ נִיט רוּהֶען. אַיין סַאלָאמָאן בֶּענַאס הָאט אַייעֶרֶע, נִיט בֶּעצָאהלְטֶע וֶועקְסְלֶען אוֹיף אַ סוּמֶע פוּן פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַפְהֶענְדִיג.

– פוּן וַואנֶען ווֵייסְט אִיהר מַיינֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת – הָאט עֶר מִיט ווּאוּנְדֶער גֶעפְרֶעגְט – מִיר זֶענֶען דָאךְ עֶרְשְׁט אִין גַאנְצֶען אַיין טָאג בֶּעקַאנְנְט.

– כְ'קֶענְן אַייךְ פוּן לַאנְג, אוֹיסֶערְדֶעם בִּין אִיךְ טֶעלֶעגְרַאפִישׁ אַלְץ גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן מַיין אַגֶענְטֶען אִין פַארִיז. אִיךְ הָאבּ נָאךְ נֶעכְטֶען גֶעווּאוּסְט אַז מִיר

װעלען הײנט האבען אזא געשפּרעך. דער אגענט האט מיר אויך דעפּעשירט אז איהר לעבט מיט עטליכע שאנדליכע פרויען און איהר פערשװענדעט זעהר פיעל געלד אויף זיי.

— װעלכער אפיציער און קאװאליער איז פריי פון אזעלכע חטאים?

— כ'האב צו אייך ניט קיין פּראטענזיע, הערר גראף; געװאהנליך, כ'װעלל נור פערלאנגען, אז נאך דער חתונה זאלל עס ניט זיין.

— דאריוף גיעב איך מיין עהרענװארט, הערר נאטאריוס; נאך דער חתונה קענן איך נור מיין װייב, מיין הויז און מיין שטעללע. אללע מיינע קרעפטען װעלל איך אנװענדען צו דערגרייכען מיין קאריערע אין הויפּט־שטאב.

— אויף דער קאריערע, גראף, האט איהר ניט װאס צו רעכענען. אללענפאללס, יעצט איז ניט דא װאס צו רעדען דערפון, װייל ס'איז נאך איבערהויפּט א פראגע, װי לאנג נאך איהר װעט האבען א שטעללע אין שטאב.

עסטערהאזי האט א שפּרונג געגעבען צוריק, גלייך װי איםעצער װאללט איהם געגעבען מיט א שפּיז.

מיט גרויסע אויגען האט ער אנגעקוקט דעם גרויען נאטאריוס, װעלכער האט די גאנצע צייט דעם טאן ניט געענדערט און קאלטבלוטיג געװעדט װעגען אזאלכע װיכטיגע פראגען.

— ניין, מיין הערר — האט דער שװארצער מאיאר מיט א הייזעריגען קול געענטפערט — דאס מאל האט אייך אייער קארעספּאנדענט גענארט. מיין שטעללע אין הויפּט־שטאב איז גאנץ פעסט. דער קריעגסמיניסטער האט נור צו מיר איינעם דאס גאנצע צוטרויען.

— שוין ניט מעהר, הערר מאיאר. מיין דעפּעשע װי איך זעה, װייסט מעהר פון אייך.

— אלזא, װאס װייסס זי?

— מיין דעפּעשע זאגט, אז װאכען־לאנג װערט איהר שוין אויפגעפּאסט פון אייערע עלטסטע. איהר האט אין הויפּט־שטאב א דם־שונא, דעם פּאלקאװניק פּיקאר. ער איז איבערצייגט, אז זיין גוטער פריינד, דער פערשיקטער אויפ'ן טייפעלס־אינזעל קאפּיטאן דרייפוס איז אומשולדיג און אז דער אמת'ער שפּיאן איז גאר א נ'אנדערער... ניט יענער...

דער שװארצער מאיאר האט געמוזט אנװענדען אללע קרעפטען צו בלייבען גלייכגילטיג בײ דער לעצטער בשורה.

— אך, דער נארר פּיקאר! — האט ער זיך געמאכט לאכענדיג — ער האט די חוצפּה מיך חושד צו זיין, ניין ס'װעט איהם אזוי לייכט ניט פערגעהען.

— פאלגט א מאל א עלטערען, גראף עסטערהאזי, און הייבט זיך מיט פּיקאר'ן ניט אן. לאזט בעססער איבער אייער ענערגיע אויף שפּעטער, איהר װעט דאך נאך געװיסס געברויכען זיך צו פערטהיידיגען, נור דאס איז שוין ניט

מַיין זַאך, כּ׳הָאב אײך גֶעזָאגְט אַלְץ װָאס כְּ׳הָאב בֶּעדַארְפְט, יֶעצְט קוּמֶען מִיר צוּרִיק צוּ אוּנְזֶער זַאך. מַיין טָאכְטֶער לִיעבְּט אײך אוּנ װִילל װֶערֶען אײעֶר װַײב – דָאס אִיז פַאר מִיר גֶענוּג, כְּזָאלל אײך, גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי שׁוֹין אָנְרוּפֶען מַיין שְׁװִיעגֶערְזָאהן:

אוּנ עֶר הָאט דֶערְלַאנְגְט דֶעם שְׁװַארְצֶען מַאיָאר דִי הַאנְד.

– דָאס גֶעשֶׁעפְט אִיז אַלְזָא גֶעעֶנְדִיגְט – הָאט עֶר װִידֶער גֶעזָאגְט נָאך אַ קְלֵיינֶער װַײלֶע – פוּן הַיינְט מָאל אָן קֶענְנְט אִיהר רֶעכֶענֶען אוֹיף מִיך, אוּנ כְ׳מֵיין, אַז מַיין לַאנְגֶע פְּרַאקְטִיקֶע װֶעט אײך אַ בִּיסֶעל צוּ נוּטְץ קוּמֶען. אַזױ לַאנְג װִי אִיהר װֶעט אײך הַאלְטֶען מִיט מִיר אֵיינְס װֶעט אײך קֵיינֶער קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט טְהוּן. נִיט פִּיקַאר אוּנ נִיט מַתִּית דְרֵייפוּס, אוּנ פְרַאנְקְרֵייכְס שְׁפִּיאָן װֶעט בְּלַייבֶּען דֶער, װֶעלְכֶער אִיז יֶעצְט פֶערְשִׁיקְט אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל. יָא, נָאך אֵיין װָארְט, מַיין צוּקִינְפְטִיגֶער אֵיידֶעם. אִיהר הָאט חוֹבוֹת, װֶעלְכֶע מֶען מוּז בַּאלְד רֶעגוּלִירֶען?

– לֵיידֶער מוּז אִיך אײך אַנְטְװָארְטֶען: „יָא“.

– װִי פִיעל בֶּעטְרֶעפֶען אײעֶרֶע חוֹבוֹת?

– אוּנְגֶעפֶעהר זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

– גוּט, הֶערר שְׁװִיעגֶערְזָאהן. גְלַייך װִי מִיר װֶעלֶען נוּר אָנְקוּמֶען אִין פַּארִיז קְרִיעגְט אִיהר הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק אוֹיסצוּגְלַייכֶען דִי אַלְטֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת, יֶעצְט אַלְזָא קֶענְנְט אִיהר דְרֵייסְט גֶעהֶען צוּ אײעֶר כַּלָה...

---

אוּנ עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז װִידֶער גֶעזֶעסֶען צוּפְרִידֶען אִין װַאגָאן, פָאהרֶענְדִיג צוּרִיק קֵיין פַּארִיז. עֶר הָאט שׁוֹין יֶעצְט נִיט קֵיין מוֹרָא, נִיט פַאר בֶּענַאסֶען, נִיט פַאר דֶעם דָאקְטָאר דוּבּוּאַ.

דִי יְרוּשָׁה פוּן דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער מוּטֶער הָאט עֶר נִיט גֶעקְרָאגֶען, אָבֶּער דִי לֶעבֶּענְדִיגֶע לוּצְיֶע הֶעלְפְט אִיהם אַרוֹיס פוּן אַללֶע נוֹיטֶען.

װָאס װֶעט אָבֶּער זַיין שְׁפֶּעטֶער? עֶר לִיעבְּט דָאך נִיט דָאס מֶעדְכֶען, מִיט װֶעלְכֶער עֶר הָאט זִיך נוּר װָאס פֶערְבּוּנְדֶען.

דָאס אִיז דָאך אַלְץ נִיט מֶעהר װִי אַ גֶעמַאכְטֶע קָאמֶעדְיֶע.

נִישְׁט קָשֶׁה, אוֹיף מָארְגֶען װֶעט גָאט זָארְגֶען. דֶערְװַײל פֶעהלֶען נִיט דִי פָּאר גְרָאשֶׁען...

# XII.

# אוֹיסְגֶעלֵייזְט פַאר גֶעלְד.

אַכְט טֶעג זֶענֶען פַארְבַּיי זִינְט עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פָאהרֶען מִיט זַיין כַּלָה אִין פַּארִיז. עֶר אִיז יֶעצְט אַ אַנְדֶערֶער גְרַאף.

דִי חוֹבוֹת בֶּעצָאהלְט, אַללֶעמֶען בֶּעפְרִיעדִיגְט, אוּנ סַאלָאמָאן בֶּענַאס בֶּעט זִיךְ שׁוֹין יֶעצְט בַּיי דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר עֶר זָאלל נוּר אַזוֹי פִיעל גֶעהְמֶען, ווִי פִיעל עֶר, בֶּענַאס, וָואללְט אִיהם בָּארְגֶען. דָאס אִיז אַלְץ גֶעוָוארֶען נָאכְדֶעם ווֶען אִין דִי צַייטוּנְג אִיז גֶעוֶוען גֶעדְרוּקְט פוּן עֶסְטֶערְהַאזִי'ס תְּנָאִים מִיט דֶער רַייכֶער נָאטַארְיוּסֶעס טָאכְטֶער. בֶּענַאס הָאט אִיהם אוֹיךְ אָנְגֶעבָּאטֶען אוֹיף קְרֶעדִיט פֶערְשִׁיעדֶענֶע בְּרִילְלְיַאנְטֶען אוּנ אַנְדֶערֶע צִיערוּנְגֶען. עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז אָבֶּער בַּיי זִיךְ יֶעצְט אַזוֹי גְרוֹיסס, אַז עֶר ווִילל גָאר מִיט דֶעם פְּרָאצֶענְטְנִיק אַ וָוארְט נִיט רֶעדֶען.

גֶעוֶועהְנְלִיךְ, גְלַייכֶער אִיז מִיט אַזַא בֶּענַאסֶען צוּ לֶעבֶען גוּט, בִּפְרַט עֶסְטֶערְהַאזִין, וֶועלְכֶער הָאט גֶענוּג אוֹיף זִיךְ בֶּערְג מִיט חֲטָאִים. דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר ווִיל דָאס אָבֶּער נִיט פֶערְשְׁטֶעהְן אוּנ בֶּעגֶעהְט זִיךְ מִיט זַיין אַמָאלִיגֶען בַּעַל־חוֹב אוֹיף דֶעם עֶרְגְסְטֶען אַרְט. צוּם אָנְהֵייבּ הָאט עֶר אִיהם גֶעוָוארְפֶען אַ בּוּךְ אִין קָאפּ אוּנ נָאכְדֶעם, ווֶען דֶער פְּרָאצֶענְטְנִיק הָאט דָאךְ נִיט גֶעוָואללְט אַוֶועקְגֶעהֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעקְלוּנְגֶען אוּנ גֶעהֵייסֶען אָהְן פַארְדָאן, אַרוֹיסְפִיהְרֶען דֶעם גְרוֹיסֶען דִיסְקָאנְטֶער סַאלָאמָאן בֶּענַאס.

עֶסְטֶערְהַאזִי'ס דִינֶער, בַּאפְּטִיסְט, הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעקֶענְט לַיידֶען דֶעם אַלְטֶען פְּרָאצֶענְטְנִיק, וֶועלְכֶער הָאט שְׁטֶאנְדִיג זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט ווִיסֶענְדִיג ווָאס הֵייסְט דָאס „טְרִינְק־גֶעלְד".

בַּאפְּטִיסְט הָאט זִיךְ דֶערִיבֶּער זֶעהר דֶערְפְרֵייט אַז ס'אִיז עֶנְדְלִיךְ גֶעקוּמֶען בֶּענַאסֶעס שָׁעָה אוּנ עֶר קֶענְן זִיךְ מִיט אִיהם אָבְּרֶעכֶענֶען פַאר דֶער גַאנְצֶער צַייט. מִיט כֹּחַ הָאט עֶר אִיהם גֶעכַאפְּט בַּיי דֶעם קְרַאגֶען פוּן רָאק אוּנ מִיט פֶערְגְנִיגֶען אַרוּנְטֶער גֶעוָוארְפֶען פוּן אַללֶע טְרֶעפּ.

בֶּענַאס הָאט זִיךְ אָבְּגֶעשָׁאקֶעלְט פוּן שְׁטוֹיבּ. אוֹיסְגֶעשָׁאלְטֶען דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר מִיט פֶערְשִׁיעדֶענֶע טוֹידְט־קְלָלוֹת אוּנ עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט פוּן דֶער מִינוּט אָן בֶּעקוּמֶען אַ נַייֶעם גֶעפֶאהְרְלִיכֶען שׂוֹנֵא.

פַאר עֶסְטֶערְהַאזִין אִיז עֶס קֵיין טוֹבָה נִיט גֶעוֶוען, ווַייל דֶער לֶעצְטֶער שׂוֹנֵא הָאט גֶעהַאט פוּלְוֶוער מִיט ווָאס צוּ שִׁיסֶען. אוּנ עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט אַסַךְ זַאכֶען, פוּן וֶועלְכֶע ס'קֶענֶן ווֶערֶען דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר קַאלְט אוּנ וַוארֶעם.

נָאךְ בֶּענַאסֶעס לֶעצְטֶען בֶּעזוּךְ אִיז בַּאלְד גֶעקוּמֶען אַ צְוַוייטֶער גַאסְט, וֶועלְכֶער הָאט אוֹיךְ נִיט מִיטגֶעבְּרַאכְט קֵיין בֶּעזוּנְדֶער גוּטֶע נַייֶעס.

דָאס אִיז גֶעוֶוען עֶסְטֶערְהַאזִים אַ קַאמֶערַאד פוּן שְׁטַאבּ, דֶער מַאיָאר פַּאטִי־דִי־קְלַאם.

דֶער אָפִיצִיער מִיט אַ צוּרָה פוּן אַ אוּנְמֶענְש, אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען עֶסְטֶערְהַאזִים בֶּעסְטֶער קַאמֶערַאד.

דִי בֵּיידֶע קַאמֶערַאדֶען הָאבֶּען זִיךְ בְּרֵייט צוּזֶעצְט אֵיינֶער גֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנ צְווִישֶׁען זֵיי הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ פְרַיינְדְלִיכֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

— אֵיינֶענְטְלִיךְ קוּמס אִיךְ צוּ דִיר נִיט מִיט אַ וִויזִיט, מַיין פְרַיינְד — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען פַּאטִי־דִי־קְלַאם — כְ׳הָאבּ אַ גַאנְץ ווִיכְטִיגֶען גֶעשֶׁעפְט, כְ׳בִּין אַהֶער גֶעקוּמֶען דִיר דִי אוֹיגֶען צוּ עֶפֶענֶען זָא לַאנְג וִוי ס׳אִיז נָאךְ צֵייט. דוּ וֵוייסְסְט דָאךְ גַאנְץ גוּט, שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר, אַז נִיט אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ דִיךְ שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן אַ צָרָה אוּנ דָאס מָאל ווִילל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ מַתְּרֶה זַיין.

— מִיךְ צוּ בֶּעוָוארֶענֶען? — הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר פֶּערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט אוּנ דֶערְלַאנְגְט דֶעם קַאמֶערַאד אַ זִילְבֶּערְנֶע פַּאפִּירַאסְנִיצֶע מִיט צִיגַארֶען — כְ׳וֵוייס וָואס דוּ מֵיינְסְט, גֶעווִיס אַלְץ וֶועגֶען פִּיקַארְעֶן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ פֶּערְנוּמֶען אוֹיף אוּנְז אוּנ זוּכְט פוּן אוּנְטֶער דְ׳עֶרְד פַאקְטֶען, כְּדֵי אוּנְז צוּ בֶּעשְׁיטֶען. דַאֲגָה אָבֶּער נִיט, מַיין פְרַיינְד, עֶר מֶעג אַקֶערֶען מִיט׳ן נָאז וֶועט עֶר גָאר נִיט גֶעפִינֶען. עֶר פֶּערְגֶעסְט זִיךְ מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט צוּ טְהוּן.

—יֶעצְט הַאנְדֶעלְט זִיךְ גַראדֶע נִיט וֶועגֶען פִּיקַארֶען אוּנ דָאס מָאל הָאסְט דוּ דַוְקָא נִיט גֶעטְרָאפֶען. מִיט אִיהם וֶועלֶען מִיר שׁוֹין פֶארְטִיג וֶוערֶען, נִישְׁט קָשֶׁה. דוּ מֶעגְסְט דִיךְ אוֹיף מִיךְ פֶּערְלָאזֶען. כְ׳בִּין אִיהם אַזַא שׂוֹנֵא וִוי דוּ. אִיבְּרִיגֶענְס, טוֹ׳ג דָאךְ פַאר מִיר אוֹיךְ נִיט אַז דֶער נַארִישֶׁער פִּיקַאר זָאלל לַאנְג אָנְטְרַייבֶּען. דֶער שְׁטָאלְצִיגֶער פִּיקַאר רֶעדְט זִיךְ אַיין אַז עֶר אִיז שׁוֹין פַארְטִיג. דָאס אִיז אָבֶּער נוּר גֶעזָאגְט. גִיכֶער אָבֶּער וֶועט מֶען אִיהם פוּן פַּארִיז טְרַאנְסְפָּארְטִירֶען, אֵיידֶער עֶר וֶועט אָנְרִיהרֶען אוּנְזֶער קְלֶענְסְטֶען פִינְגֶערִיל.

אַלְזָא נִיט וֶועגֶען אִיהם הַאנְדֶעלְט זִיךְ דָא, נוּר, גְלַאט, דוּ הָאסְט גֶעמַאכְט אַ מְאוּסֶען פֶּעהלֶער.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דִי צִיגַארֶע, וֶועלְבֶע עֶר הָאט בִּיז יֶעצְט גֶעהַאלְטֶען אִין מוֹיל, אוּנ עֶרְנְסְט אָנְגֶעקוּקְט דֶעם קַאמֶערַאד. דֶע־קְלַאם׳ס לֶעצְטֶע וָוארְטֶער זַיינֶען אִיהם טִיף אַריין אִין הַארְצֶען.

— יָא, — הָאט וַוייטֶער גֶעזָאגְט דֶער גַאסְט — דוּ הָאסְט דִיר אַלֵיין נִיט ווִילֶלֶענְדִיג אָנְגֶעטְהוּן אַ רָעָה, מִיט דֶעם וָואס דוּ הָאסְט דִיךְ פֶּערלָאזְט מִיט דָאס פְרַיילֵיין נַאסְטַאזְיוּש.

— פַאר וָואס דֶענְן? ווַייל מַיין כַּלָּה קוּמְט נִיט אַרוֹיס פוּן אַדֶעל?

— נֵיין, דָאס אִיז אַ קְלֵיינִיגְקֵייט. אִיבֶּערהוֹיפְּט, בַּיי אוּנְז אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאט מֶען שׁוֹין לַאנְג אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קוּקֶען אוֹיף יִחוּס, אִיבֶּערהוֹיפְּט, אַז דֶער בִּירְגֶער (מִיעֶשְׁטְשַׁאן) הָאט אַ פוּלֶע טַאשׁ מִיט גָאלְד צוּ בֶּעצָאהלֶען פַאר דֶעם אַדְלֶען יִחוּס. פִיעל גֶעפֶאהרְלִיכֶער אִיז דֶער שְׁטַאם, פוּן וֶועלְכֶער ס'קוּמְמְט אַרוֹיס דַיין כַּלָּה.

— דוּ מֵיינְסְט גֶעווִיסס מֵיין צוּקִינְפְטִיגֶען שְׁווִיגֶער־פָאטֶער? — הָאט עֶסְטֶער־הַאזִי אַ פְרֶעג גֶעגֶעבֶּען הַאלְבּ הַייזֶערִיג — אוֹיף אִיהְם, דַאכְט זִיךְ, הָאסְט דוּ גָאר נִיט וָואס אוֹיסצוּזֶועצֶען. עֶר אִיז דָאךְ אַ בֶּערִיהמְטֶער נָאטַארְיוּס, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ עֶרְוָוארְבֶּען אַ גְרוֹיסס פֶערְמֶעגֶען דוּרְךְ דִי לַאנְגֶע פְּרַאקְטִיקֶע.

— אָט אִין דֶעם לִיעגְט טַאקִי דֶער הוּנְד בֶּעגְרַאבֶּען. דִי לַאנְגֶע פְּרַאקְטִיק אִיז אוֹיךְ דִי אוּרְזַאכֶע, צוּלִיעבּ וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין אַהֶער גֶעקוּמֶען דִיךְ צוּ וָוארְנֶען.

זַיי וִויסֶען, מֵיין קַאמֶערַאד, אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט אִין זַיין לֶעבֶּען גֶעהַאט גֶענוּג פְּרָאצֶעססֶען, אָבֶּער הוּנְדֶערְטֶער עֲבֵרוֹת, וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען אֵיינְצֶעלְנֶע מֶענְשֶׁען, וִוי אוֹיךְ גֶעגֶען גַאנְצֶע גֶעזֶעלְלְשַׁאפְטֶען.

גַאנְץ פַּארִיז ווַייסס עֶס.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אַ טִיעפֶען זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען אוּנ טְרוֹיעֶרִיג אַרָאבּ־גֶעלָאזֶען דֶעם קָאפּ.

פַּאטִי־דִי־קְלַאם הָאט אִיהְם אַ טְרַייסֶעל גֶעגֶעבֶּען בַּיי דֶער פְּלֵייצֶע.

— זֶועהסְט דוּ? ווַייל אִיךְ בִּין דִיר אַ גוּטֶער פְרֵיינְד — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — רֶעד אִיךְ מִיט דִיר אָפֶען. אַנְדֶערֶע שְׁווַייגֶען אִין דַיין גֶעגֶענְווַארְט, אָבֶּער הִינְטֶער דַיינֶע פְּלֵייצֶעס רֶעדֶען זַיי גֶענוּג אוֹיס. כְּ'ווַייסס אוֹיךְ פוּן אַ גוּטֶער קְוֶועללֶע אַז דֶער קְרִיעגְס־מִינִיסְטֶער אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ בֶּעז אוֹיף דַיין פֶערלָאבּוּנְג.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אִיז נָאךְ טְרוֹיעֶרִיגֶער גֶעוָוארֶען. דֶער קַאמֶערַאד הָאט אִיהְם יֶעצְט אַרוֹיסגֶעזָאגְט דָאס, וֶועגֶען וָואס עֶר הָאט שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעטְרַאכְט.

פַּאטִי־דִי־קְלַאם הָאט עֶס בֶּעמֶערְקְט אוּנ נָאךְ מִיט מֶעהר הִיטְץ גֶעזָאגְט:

— עֶסְטֶערְהַאזִי, רוּק דִיךְ נוּר צוּ נֶאהֶנְטֶער, אוּנ הֶער מִיךְ גוּט אוֹיס, כְּ'מוּז דִיר נָאךְ אַמָאל דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת אָפֶּפֶען זָאגֶען אַז אִיךְ בִּין אַהֶער עֶקְסְטְרַא גֶעשִׁיקְט פוּן מִינִיסְטֶער. דוּ ווַייסְט דָאךְ גַאנְץ גוּט, אַז עֶר טָאר נִיט אוּנ ווִילל נִיט דִיךְ לָאזֶען פַאללֶען, אוּמְגֶעקֶעהרְט, עֶר אִיז פֶעסְט בֶּעשְׁלָאססֶען דִיךְ צוּ פְּרָאמְטִירֶען ווַייטֶער. עֶר וֶועט דִיר קֵיין מָאל נִיט פֶערְגֶעססֶען וִוי גוּט דוּ הָאסְט אָבְּגֶעאַרְבֵּייט דַיין זַאךְ מִיט דְרֵייפוּסֶען. יָא, מֵיין פְרֵיינְד, מִיר אַללֶע מוּזֶען זִיךְ הַאלְטֶען הַאנְד אִין הַאנְד. בִּיז יֶעצְט הָאבֶּען מִיר אוֹיסגֶעפִיהרְט וָואס מִיר הָאבֶּען נוּר גֶעוָואללְט. דְרֵייפוּס ווַאלְגֶערְט זִיךְ אַרוּם אוֹיף דֶעם טֵייפֶעלְס־אִינְזֶעל אוּנ מִיר גֶעוֶועלְטִיגֶען וִוי גֶעוֶוען אִין שְׁטַאבּ. אַלְזָא אֵיינֶער אִיז פֶערַאנְטְוָוארְטְלִיךְ פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנ יֶעדֶערֶער בֶּעזוּנְדֶער מוּז גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, אַז אוֹיף קֵיינֶעם זָאלל נִיט זַיין דֶער מִינְדֶעסְטֶער

פְלֶעק, כְּדֵי אונזֶערֶע שׂוֹנְאִים זָאללֶען חָלִילָה נִיט קְרִיעגֶען עֶפֶּעס אַ גֶעוָועהר גֶעגֶען אונזֶער חֶבְרָה.

– אוּנ דִיר דַאכְט זִיךְ אַז מיין פֶערלָאבּוּנְג קֶענן אוּנְז עֶפֶּעס שַׁאדֶען? – הָאט עֶסְטֶערהַאזִי לַאנְגְזַאם גֶעפְּרֶאגְט אוּנ זִיךְ פֶערטְרַאכְט.

– דִי פֶערלָאבּוּנְג קֶענן דִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אוּנ צוּשְׁטֶערֶען דַיין גַאנְצֶע קַארְרְיֶערֶע.

– וָואס טְהוּט מֶען אָבֶּער צוּם טַייפֶעל?

– דוּ בִּיסְט דֶענן פֶערלִיעבְּט אִין דַיין כַּלָה?

– נֵיין, טוֹיזֶענְד מָאל נֵיין.

– אַלְזָא, וָואס דֶענן הַאלְט דִיךְ אָבּ צוּ וֶוערֶען אוֹיס חָתָן?

עֶטְלִיכֶע מִינוּט הָאט עֶסְטֶערהַאזִי אַ וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט אוּנ נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט:

– דָאס אִיז נִיט אַזוֹי לַייכְט וִוי סְ'רֶעדְט זִיךְ. כְּ'מוּז מִיר דִי זַאךְ נָאךְ אִיבֶּער־לֶעגֶען. נַאסְטַאזְיוּשׁ אִיז אַ גֶעפֶּאהְרְלִיכֶער מֶענְשׁ אוּנ זַיין טָאכְטֶערְס אוֹיגֶען זָאגֶען אוֹיךְ קַיין גוּטְס נִיט אָן.

– וָואס אִיז דֶען צוּ זֶעהן בַּיי אִיהְר אִין דִי אוֹיגֶען?

– הַאסס אוּנ נְקָמָה.

– אוּנ נִיט מֶעהר? – הָאט זִיךְ פַּאטִי־דִי־קְלַאם אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס – דֶערפוּן הָאסְט דוּ דִיךְ נִיט וָואס אָבְּצוּעֶסֶען דָאס הַארְץ, מִיר וֶועללֶען שׁוֹין פַּארְטִיג וֶוערֶען מִיט דֶעם פָאטֶער אוּנ זַיין טָאכְטֶער; דְרֵייפוּס אִיז גֶעוֶוען נָאךְ גֶעפֶעהְרְלִיכֶער אוּנ אַ שְׁוֶוערֶער בִּיסֶען, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען...

דֶער טַייפֶעלְשֶׁער מַאיָאר הָאט דִי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער בֶּעהַאלְטֶען בַּיי זִיךְ. עֶסְטֶערהַאזִי הָאט אָבֶּער פֶערשְׁטַאנֶען וָואס זַיין קַאמֶערַאד הָאט גֶעמֵיינְט.

פַּאטִי־דִי־קְלַאם אִיז נָאךְ אַ וַויילֶע גֶעזֶעסֶען אוּנ נָאכְדֶעם הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע אָפִיצִירֶען פְרַיינְדְלִיךְ צוּשֵׁיידְט.

עֶסְטֶערהַאזִי הָאט אִיהְם דֶעם גַאנְצֶען אֶמֶת נִיט גֶעזָאגְט. זָאנַאר פוּן דֶעם בֶּעסְטֶען קַאמֶערַאד הָאט עֶר גֶעמוּזְט פֶערבָּארְגֶען דֶעם הוֹיפְּט־גְרוּנְד, פַאר וָואס עֶר קֶענן נִיט אָבְּרוּפֶען דֶעם שִׁדוּךְ.

דִי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, וָועלכֶע עֶר הָאט גֶעקְרָאגֶען פוּן זַיין צוּקִינְפְּטִיגֶען שְׁוִויגֶער־פָאטֶער צְווִינְגֶען אִיהְם וָוארְט צוּ הַאלְטֶען. וֶוענן נִיט דָאס גֶעלְד וָואלְט עֶר אַ מִינוּט נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ זִיךְ עֶנְטְזַאגְט פוּן לוּצְיֶען.

פוּן וַואנֶען נֶעהְמְט מֶען אָבֶּער אַזַא סוּממֶע גֶעלְד? אַךְ דָאס גֶעלְד, דָאס גֶעלְד! – אוּנ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אִיז אוֹיף זִיךְ אַלֵיין בֵּאז גֶעוָוארֶען, גְלֵייךְ וִוי אַ גֶעפַאנְגֶענֶע חַיָה אִין אַ קְלַיאטְקֶע, וָועלכֶע ווילל זִיךְ אַרוֹיסקְרִיעגֶען אוֹיף דִי פְרֵייעֶ וֶועלְט אוּנ דִי אַייזֶערְנֶע קְרַאטֶעס שְׁטֶערֶען אִיהְר.

וָואס אַמָאל מֶעהר אִיז אִיהְם אַלְץ קְלֶערֶער גֶעוָוארֶען אַז עֶר הָאט גֶעמַאכְט

אַ גְרויסֶען פֶּעהלֶער, פון וֶועלְכֶעם ס'איז שְׁוֶוער, וֶעהר שְׁוֶוער פְּטור צו וֶוערֶען.

נאַסְטאַזיוּש איז אַ גֶעפֶּאהרְלִיכֶער מֶענְש, דֶער עֶרְשְׁטֶער וֶוענִיגְסְטֶענְס, פַאר וֶועמֶען דֶער שְׁוואַרְצֶער מַאיָאר הָאט מוֹרָא.

עֶסְטֶערהַאזִי איז אַ גאַנְצֶען טָאג גֶעזֶעסֶען אין קַאבִּינֶעט. נִיט גֶעגֶעסֶען, נור גֶעטְרונְקֶען פָּארְט ווַיין און גֶערויכֶערְט צִיגַארֶען. פִינְף דֶעם זֵייגֶער הָאט עֶר זִיךְ דֶערמָאנְט אַז ס'איז שׁוֹין צַייט צוּ גֶעהן אויף מִיטטָאג צו דֶער כַּלָה.

עֶר הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צו מַאכֶען דִי טָאַלֶעטֶע, אִיהם הָאט אָבֶּער גֶעשְׁטֶערְט דֶער דִיעֶנֶער, וֶועלְכֶער הָאט גֶעמֶעלְדֶען אַז אַ פֶערְשְׁלֵייעֶרְטֶע פְרוי וַוארְט אין פָארְדֶערצִימֶער און ווִילל זִיךְ דורכְאויס מִיט דֶעם גְרַאף זֶעהֶען.

עֶסְטֶערהַאזִי הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעשְׁטויסֶען וֶוער דִי דַאמֶע איז.

עֶר הָאט אויךְ נִיט גֶעהַאט קֵיין טָעוּת.

פַאר אִיהם איז גֶעשְׁטַאנֶען פּוֹטִיפֶרַע הויכֶע פִיגוּר.

— ווִי קוּמְסְט דוּ אַהֶער? — הָאט עֶר צוּמִישְׁט גֶעפְרֶעגְט — מִיר הָאבֶען דָאךְ אַיין מָאל פַאר אַללֶע מָאל אָבְּגֶעמַאכְט אַז דוּ זָאללְסְט צוּ מִיר אִין וָואהנוּנְג נִיט גֶעהֶען.

פּוֹטִיפֶרַע הָאט אַרוּנְטֶערגֶענוּמֶען דֶעם גְרָאבֶען שְׁלֵייעֶר און גֶאהנְטֶער צוּגֶעגַאנְגֶען צו דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.

עֶר הָאט זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען פַאר אִיהְר מָאוסֶען פָּנִים און אָבְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען עֶטְלִיכֶע טְרִיטט.

— כְ'בִּין גֶעקוּמֶען דִיר אָבְצוּגֶעבֶען מַזָל־טוֹב פוּן דַיינֶע תְנָאִים — הָאט זִי אִירָאנִישׁ גֶעזָאגְט — אִיךְ בִּין דֶערפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן דִי צַייטוּנְגֶען. נַאטִירְלִיךְ הָאט מִיךְ דִי נַאכְרִיכְט זֶעהר אִיבֶּערַראשְׁט, וָוארוּם לוּיט ווִי אִיךְ גֶעדֵיינְק הָאסְט דוּ מִיר דַאמָאלְס גֶעשְׁוָוארֶען אַז דוּ פָאהְרְסְט קֵיין אַנְדָארַא זִיךְ צוּ זֶעגֶענֶען מִיט דֶער מוּטֶער, וָואס גוֹסֶסְ'ט, אָבֶּער נִיט זִיךְ צוּ זֶעהֶען מִיט אַ כַּלָה.

— אִיךְ בִּין ווִירְקְלִיךְ גֶעוֶוען אִין אַנְדָארָא.

— אַ לִיעגֶען, וֶוען כְ'הָאב דִיךְ פֶערמַאסְקִירְט אַלְס אִיטַאלְיֶענֶער בִּיסְט דוּ גֶעפָאהרֶען דִירֶעקְט אִין בְּרִיסֶעל.

יֶעצְט אִיז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר גֶעוָוארֶען אִיבֶּערַראשְׁט.

ווִי אַזוֹי אִיז זִי, פּוֹטִיפֶרַע, גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן זַיין בְּרִיסֶעלֶער רַייזֶע? עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט אַז דֶער קְלֵיינֶער בִּיאָן אִיז אִיהְם אויף פּוֹטִיפֶרַעס בֶּעפֶעהל נָאכגֶעגַאנְגֶען יֶעדֶען טְרִיטט.

— דוּ בִּיסְט אַלְזָא גֶעוֶוען אִין בְּרִיסֶעל — הָאט דִי פְרוי וַוייטֶער גֶעזָאגְט — כְ'ווֶעלל דִיר אֲפִילוּ זָאגֶען וואו דוּ הָאסְט גֶעוָואהנְט, בַּיי דֶער זִינְגֶערִין נִינָאן־דֶע־קְלֶערְ. זֶעהְסְט דוּ, מַיין פַאלְשֶׁער פְרֵיינְד, אַז אִיךְ ווֵייס פוּן אַלְץ. כְ'ווֵייס זָאגַאר, אַז דוּ הָאסְט מִיט זִיךְ גֶעהַאט דָאקוּמֶענְטֶען וֶועלְכֶע דוּ הָאסְט גֶעוָואללְט פֶערקוֹיפֶען פַאר זֶעהר אַ הויכֶען פְרֵייז...

מֶעהר הָאט שוין עֶסְטֶערהַאזִי נִיט גֶעקֶענְט הֶארֶען. — שַׁא! — הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען — שְׁטִילל, דוּ ווִילְלְסְט מִיךְ אוּמְבְּרֵיינְגֶען.

ווִי אַ מְשׁוּגָעֶנֶער אִיז עֶר צוּגֶעלָאפֶּען צוּ דֶער טְהִיר זִיךְ אִיבֶּערצַייגֶען, אוֹיבּ בַּאפְּטִיסְט הָאט חָלִילָה נִיט גֶעהֶערְט דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע ווֶערְטֶער. צוּם גְלִיקק אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶוען אִין פָארְדֶערְצִימֶער.

דַאמָאלְס הָאט עֶר צוּגֶעשְׁלָאסֶען דִי טְהִיר אוֹיף אַ רִיגֶעל אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ פּוּטִיפֶרַען.

— כְּ׳בֶּעט דִיךְ, אוֹיבּ דוּ הָאסְט מִיךְ ווִירְקְלִיךְ לִיעבּ, הֶער אוֹיף צוּ רֶעדֶען וֶועגֶען דִי זַאכֶען, נִיט אַ וָוארְט מֶעהר.

— נֵיין, כְּ׳מוּז נָאךְ עֶנְדִיגֶען דֶעם עִיקָר פוּן דֶער זַאךְ. כְּ׳וֵויים אַז דִי דָאקוּמֶענְטֶען הָאסְט דוּ נִיט פֶערקוֹיפְט, ווַייל מֶען הָאט זֵיי בַּיי דִיר אַרוֹיסְגֶעגַנְבֶעט אוּנ אַ אַנְדֶערֶער הָאט גֶענוּממֶען דָאס גֶעלְד.

יֶעצְט הָאט שוין דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ זָאגֶען פוּן גְרוֹיסס וואוּנְדֶער.

— דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין מַיין לֶעבֶּען טְרֶעפְפְט זִיךְ מִיר אַזַא רֶאטְזֶעל — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — וֶועלְכֶער שְׁוַוארְץ יָאהר הָאט דִיר גֶעקֶענְט אִיבֶּערגֶעבֶּען אַללֶע סוֹדוֹת?

— דָאס וֶועסְט דוּ גֶעוָואהר וֶוערֶען דַאמָאלְס, וֶוענְן אַנְדֶערֶע וֶועלֶען דוּרְךְ מִיר אָנְהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען.

— וָואס הֵייסְסְט? — הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר ווִילְד אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען — דוּ ווִילְלְסְט מִיךְ אוּמְבְּרֵיינְגֶען? דוּ — מִיךְ? דוּ, פּוּטִיפֶרַע, מַיין אֵיינְצִיגֶער גוּטֶער פְרַיינְד, וֶועלְכֶער אִיז מִיר גֶעוֶוען אַזוֹי גֶעטְרַייא אוּנ אִיבֶּערגֶעבֶּען.

— דָאס אִיז אַלְץ גֶעוֶוען, אָבֶּער יֶעצְט אִיז עֶס שוין נִיט מֶעהר. דוּ בִּיסְט מִיט מִיר נִיט רַאיֶעל זִיךְ בֶּעגַאנְגֶען, מוּז אִיךְ אוֹיךְ דִיךְ אַזוֹי בֶּעהַאנְדְלֶען.

— אִיךְ גֶעגֶען דִיר נִיט רַאיֶעל?

— דַיין הַארְץ וֶועלְכֶעס גֶעהֶערְט לוֹיט רֶעכְט צוּ מִיר הָאסְט דוּ גֶעשֶׁיינְקְט אַ נְ׳אַנְדֶער פְרוֹי — הָאט פּוּטִיפֶרַע זִיךְ צוּשְׁרִיֶען אוּנ אִיהְר גַאנְצֶער קֶערְפֶּער אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיפְגֶערֶעגְט פוּן אַ פֶערְבָּארְגֶענֶע תַּאֲוָה — כְּ׳הָאבּ דִיךְ גֶעלִיעבְּט נָאךְ מֶעהְר, דוּ בִּיסְט גֶעוֶוען מַיין גָאטט, מַיין קָדוֹשׁ, אוּנ צוּם סוֹף בִּיסְט דוּ גָאר גֶעוָוארֶען מַיין מַלְאַךְ הַמָּוֶת. אוּנ וֶוענְן כְּ׳הָאבּ צוּלִיעבּ דִיר פֶערְלָארֶען מַיין שֶׁאנְהַייט הָאסְט דוּ מִיךְ אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען ווִי אַ אַלְטֶע בְּהֵמָה אוּנ תְּנָאִים גֶעשְׁלָאסֶען מִיט אַ אַנְדֶערֶע.

זָאג אַלֵיין, הָאבּ אִיךְ נִיט פָאלְלְקָאמֶען רֶעכְט דִיךְ צוּ רוֹדֵף׳ן?

— אַךְ, דִי אוּמְגְלִיקקְלִיכֶע תְּנָאִים — הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי מִיט אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ גֶעזָאגְט — ווִי פִיעל צָרוֹת לַייד אִיךְ שוין אִיבֶּער דֶעם. מֶעגְסְט מִיר גְלוֹיבֶּען צוּ נִיט, נוּר אִיךְ שְׁוֶוער דִיר אַז יֶענְץ מֶאדְכֶען הָאבּ אִיךְ נִיט לִיעבּ. אַ צוּפַאלל הָאט אוּנְז צוּזַאממֶענְגֶעפִיהְרְט אוּנ כְּ׳וֵויים אַז מִיר וֶועללֶען זַיין אוּמְגְלִיקקְלִיךְ. הוּנְדֶערְט מָאל הָאבּ אִיךְ שוין חֲרָטָה גֶעהַאט צוּ וָואס כְּ׳הָאבּ גֶעמַאכְט דָאס גֶעשֶׁאפְט.

— אַ גֶעשֶׁאפְט זָאגְסְט דוּ ?

— אַנְדֶערְשׁ קֶענֶן אִיךְ נִיט אָנְרוּפֶען אוּנְזֶער פֶערְלָאבּוּנְג. דִיר פּוּטִיפֶרַע מֶעג אִיךְ דָאךְ זָאגֶען דֶעם רֵיינֶעם אֶמֶת. כְּ'הָאבּ מִיךְ פֶערְקוֹיפְט פַאר גֶעלְד, פַאר לוּמְפִּיגֶע הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט דוּרְכְאוֹיס הָאבֶּען, כְּדֵי אַיינְצוּשְׁטִילְלֶען דִי אוּמְרוּהִיגֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת. וֶוענְן כְּ'הָאבּ יֶעצְט אִין דִי הֶאנְד דִי סוּמְמֶע, וָואלְלְט אִיךְ אַ מִינוּט נִיט גֶעקְלֶערְט אוּנ צוּרִיסֶען דִי תְּנָאִים.

פּוּטִיפֶרַעס מִאוּס גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעלַייטֶערְט. לַאנְגְזָאם הָאט זִי גֶענוּמֶען דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר פַאר דִי הֶאנְד אוּנ אִיהְם צוּגֶעפִירְט גַאנְץ נָאהֶענְט צוּ זִיךְ.

— ס'הַאנְדֶעלְט זִיךְ נוּר אַלְזָא אוּם דִי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק ? — הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט.

— גֶעוִויסס. דָאס גֶעלְד הָאבּ אִיךְ גֶעקְרָאגֶען פוּן דֶעם נָאטַארְיוּס אוֹיף דֶער רֶעכְנוּנְג פוּן דֶעם נַדְן אוּנ עֶס בַּאלְד צוּטְהֵיילְט צְווִישֶׁען דִי בַּעֲלֵי חוֹבוֹת.

— אוּנ אַז דוּ וֶועסְט דָאס גֶעלְד אָבְּגֶעבֶּען דֶעם נָאטַארְיוּס, וֶועט פוּן שִׁדוּךְ גָאר נִיט וֶוערֶען ?

— גַאנְץ גֶעוִויסס.

פּוּטִיפֶרַעס אוֹיגֶען הָאבֶּען אַ בְּלִישְׁץ גֶעגֶעבֶּען פוּן אַ פֶערְבָּארְגֶענֶער שִׂמְחָה.

— שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר ! — הָאט זִי גֶעזָאגְט מִיט אַ פֶעסְטֶע שְׁטִימֶע — שְׁוֶוער מִיר אַז דוּ וֶועסְט מִיךְ שְׁטֶאנְדִיג לִיעבֶּען גֶעטְרֵיי אוּנ קֵיין מָאל נִיט זוּכֶען קֵיין בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט מִיט אַנְדֶערֶע פְרוֹיֶען, שְׁוֶוער מִיר עֶס הֵיילִיג צוּ אוּנ מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה קְרִיעגְסְט דוּ אַרֵיינְגֶעשִׁיקְט דִי גֶעוִוינְשְׁטֶע הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנ מִיט שְׁרֶעק אָנְגֶעקוּקְט דִי פְרוֹי.

זִי דַאגֶעגֶען הָאט פֶערְשְׁטַאנְגֶען וָואס עֶר טְרַאכְט אוּנ מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער גֶעזָאגְט :

— דִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ נִיט, אַז אִיךְ, פּוּטִיפֶרַע, בִּין אִים שְׁטַאנְד דִיר צוּ גֶעבֶּען אַזַא גְרוֹיסֶע סוּממֶע. זַיי רוּהִיג, מַיין גְרַאף, דָאס גֶעלְד אִיז שׁוֹין וִוי בַּיי דִיר אִין טַאשׁ. זָאג מִיר נוּר צוּ אַז דוּ וֶועסְט גֶעהֶערֶען צוּ מִיר אוּנ נִיט צוּ דֶעם נָאטַארְיוּסֶעס טָאכְטֶער.

— זָאג מִיר, וֶוענִיגְסְטֶענְס, פוּן וַואנֶען וֶועסְט דוּ נֶעהְמֶען אַזוֹי פִיעל גֶעלְד ?

— דָאס אִיז אַ סוֹד פַאר אַ גְרַאף. אֵיינְס קֶענְן אִיךְ דִיר נוּר זָאגֶען, אַז מַיין גֶעלְד הָאט עֶפֶּעס אַ שַׁייכוּת מִיט דִיר.

נוּ, גֶענוּג גֶערֶעדְט, אַ שָׁאד דִי צַייט. גִיעבּ מִיר אַ קוּשׁ אוּנ בְּלַייבּ גֶעזוּנְד.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט יֶעצְט אַלְלֶעס צוּלִיעבּ גֶעטְהוּן וָואס פּוּטִיפֶרַע הָאט נוּר פֶערְלַאנְגְט. הֵייסֶע קוּשֶׁען, זִיסֶע וֶוערְטֶער, אַלְץ, אַבִּי נוּר גֶעלְד.

אִין אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער, אַז פּוּטִיפֶרַע אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אוֹיף דֶער

גאסס האט זיך דער שוואַרצער מאָאַר אָנגעטהון און אַוועק מיט אַ וויזיט צו דעם גאַטאַריוס.

# XIII.

## מאַריאַנס סודות.

באַטטינאָל איז אַ פאָרשטאָדט פון פּאַריז, פולל מיט הויכע קוימענס פון פאַבריקען. דאָרט וואוהנען אַרבייטער פון פערשיעדענע פאַכען, וועלכע זענען אַ גאַנצען טאָג שווער בעשעפטיגט אין די פאַבריקען. דאָרטען הערט שוין אויף דער עווינער פערמאַסקירטער געלעכטער פון דער אויסגעלאַסענער פּאַריז. דאָרטען מוז יעדער מענש, מאַנן און פרוי, זאָגאַר קינדער אין שוואַכסס פערדיענען דאָס שטיקעלע טרוקען ברויד, און גאַנץ אָפט, נאָך לאַנגע מיה און מאַטערנעש ניט האָבען וואָס צו עססען.

יעצט איז דער זייגער זעקס.

רינגס אַרום הערט זיך אַ לאַנגער פייף פון די פאַבריקען, אַז אויף היינט איז אַ סוף מיט דער אַרבייט. און גאַנצע רייהען אויסגעמאַטערטע, דאַרע פיגורען מיט בלאַס־בלייכע פּנימער געהען האַסטיג אַרום פון די גרויסע טהויערען. זעלטען זאלל ווער געבען אַ שמייכעל, יעדערער איז פערזאָרגט פאר זיך, יעדערער האט זיין פעקיל צרות.

ווענן ניט ווענן הערט זיך אויך אַ שטילער "אַדיע", "צום ווידערזעהען", דאָס קלינגט אָבער אויך אומוטיג, טרויעריג. אָבגעאַרבייט אַ גאַנצען טאָג געהען זיי אַהיים צו עססען אַ קאַלטען מיטטאָג, אָדער אפשר אויסצוהערען אַ פרישע "תוכחה" פון אַ ווייב, אַ מאַמען אָדער אַ שוועסטער, וועלכע קענען זיך קיין מאָל קיין עצה ניט געבען מיט די שוואַכע פערדיענסטען פון די פאַבריקען;

צווישען די אַרבייטער פון דער גרויסער בלומען־פאַבריק, פון דער פירמע "פראַקאַנאַס יורשים", זענען אַרויסגעגאַנגען צוויי אַרבייטערינען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען עדלער און אינטעללעגענטער פון אַללע איבריגע מיידכען. ביידע זענען געווען איינפאַך געקליידעט, אָבער שאָן, ריין און מיט געשמאַק.

— וואָס געהסט דו אַזוי פאַמעלאַך, חוה? — האט געפרעגט איינע פון זיי — דו ווייסט דאָך אַז איך קענן מיך שטענדיג ניט דערוואַרטען, ביז איך קום אַהיים און זעה מיך ווידער מיט מיין מאַקסימען. דו קענסט גאַר ניט האָבען קיין בעגריף ווי שאָן דאָס קינד איז. וואָס ווייסט איהר אַללע וויפיעל חן ס'איז אין איהם, ווענן ער שטעקט אויס די הענדטעל צו זאָגען "דיא".

— זיי זיכער, ליעבע מאַריאַן, אַז איך איל מיך ניט ווענינער ווי דו אַהיים,

אֱמֶת, כְ׳הָאבּ נִיט קֵיין קִינְד, אָבֶּער אויף מִיר וַוארְט דָאךְ אוּנְגֶעדולְדִיג דֶער בְּלִינְדֶער פָּאטֶער. עֶר בְּרויכְט מִיךְ נָאךְ מֶעהר וִוי דַיין קִינְד דִיךְ. אויף דַיין מַאקְסִימֶען גִיבְט אַכְטוּנְג דִי גוּטֶע פְרוי נָאבֶּעל, מַיין פָּאטֶער הָאט אָבֶּער קֵיינֶעם נִיט.

— דוּ ווייסְסְט חַוָה, כְ׳הָאבּ אַ אֱמֶת׳ן מִיטְלֵייד מִיט דֶער פְרוי נָאבֶּעל — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנְזֶער אַלְטֶע בֶּעקַאנְנְטֶע מַארְיָאן — זִי הָאט נֶעבִּיךְ וֶוענִיג נַחַת פוּן אִיהר קִינְד. אִיהר קְלֵיינֶער זָאהן בִּיְאן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ הוֹיקֶער אוּנ מוּז זִיךְ מְפַרְנֵס זַיין מִיט דֶעם וָואס עֶר טְרָאגְט אַרוּם ווִינְטֶערצַייט זַאפּאלֶקֶעס אוּנ זוּממֶער בְּלוּמֶען. פוּן אַרוּמְטְרַייבֶּען זִיךְ אַ גַאנְצֶען טָאג אִין גַאסס קֶענֶען קֵיין גוּטְס נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען.

חַוָה הָאט אַ זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען, אוּנ אִין דֶעם שְׁוֶוערֶען, טִיעף טְרוֹיֶערִיגֶען זִיפְץ אִיז לַייכְט גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען וֶוער זִי אִיז.

דָאס אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע אַ בֶּעקַאנְטֶע — חַוָה רִיטֶער.

דַאמָאלְס אִין שְׁפִּיטָאל, וֶוענְן זִי הָאט זִיךְ צוּפֶאלְלִיג דוּרְךְ אַ טָעוּת פוּן דֶעם צִינָאווְנִיק גֶעטְרָאפֶען מִיט דֶער שְׁווִיעגֶער־מוּטֶער פוֹטִיפֶרְעָן אוּנ פוּן אִיהר גֶעווָאהר גֶעוָוארֶען אַז דֶער בְּלִינְדֶער פָּאטֶער טְרַייבְּט זִיךְ אַרוּם אִיבֶּער דֶער וֶועלְט, אִיז בַּיי אִיהר אִין הַארְץ אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָארֶען אַ גֶעפִיהל פוּן מִיטְלֵייד, אוּנ זִי הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ פֶערְגֶעסֶען אַלֶע צָרוֹת, וֶועלְכֶע זִי הָאט גֶעלִיטֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען מֶענְשֶׁען.

וִוי אַ עֶהרְלִיךְ קִינְד הָאט זִי זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען אוֹיסְצוּהַאלְטֶען אוּנ עֶרְנֶעהרֶען דֶעם בְּלִינְדֶען פָאטֶער מִיט אִיהרֶע פֶערְדִיענְסְטֶען.

אוּנ גְלַייךְ נָאךְ יֶענֶער בֶּעגֶעגְנִיש מִיט פוֹטִיפֶרְעָן, אִיז זִי אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען קֵיין בֶּעללְמַאר אוּנ נָאךְ פִיעל מִיה אוֹיפְגֶעזוּכְט דֶעם „פֶּגֶר״, וֶועלְכֶער אִיז דַאמָאלְס גֶעוֶוען אִין אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען צוּשְׁטַאנְד.

אָבְּגֶעריסֶען, אָבְּגֶעקְאדֶערְט, בָּארְפוּס אוּנ ווילְד בֶּעוואקְסֶען הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶעלְט פוּן אֵיין הויז אִין צְווֵייטֶען אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט הַיינְט וואו עֶר וֶועט זַיין מָארְגֶען.

גֶענֶעכְטִיגְט הָאט עֶר דָאס רוֹב אוֹיפ׳ן פְרַייֶען פֶעלְד, זֶעלְטֶען אִיז עֶס אִיהם גֶעלוּנְגֶען אִיבֶּערְצוּנֶעכְטִיגֶען אִין אַ בַּייְדֶעל פוּן שְׁטְרוֹי אָדֶער אִין אַ גָארֶע פוּן אַהוּנְד.

נִיט פִיעל מֶענְשֶׁען אוֹיף זַיין אָרְט וָואלְטֶען גֶעקֶענְנְט לַאנְג אָנְטְרַייבֶּען אַזַא לֶעבֶּען, דֶערְצוּ הָאט מֶען בֶּעדַארְפְט דֶעם „פֶּגֶרְס״ כֹּחוֹת, זַיין גֶעדוּלְד אוּנ גֶעזוּנְדֶען קָארְפֶּער.

חַוָה הָאט דֶעם פָאטֶער קֵיין מָאל נִיט לִיעבּ גֶעהַאט, נוּר אָנְקוּקֶענְדִיג וִוי דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער שְׁקֶעלֶעט טְרַייבְּט זִיךְ אַרוּם בְּלִינְדֶערְהֵייט הָאט אִיהר דָאס הַארְץ פֶערְדְרִיקְט אוּנ מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען הָאט זִי אָבְּגֶעפִיהרְט דֶעם פָאטֶער אִין פַּארִיז.

נָאךְ בֶּערְנַארְדְס בַּאנְקְרָאט הָאט זִי גֶעקְרָאגֶען אַרְבֵּייט אִין דֶער בְּלוּמֶען־

פאבריק „פּראקאזאם יורשים” אונ דאס האט איהר געגעבען מעגליכקייט צו דינגען אַ ווינקעל־שטוב ביי פרוי נאבעל אונ מפרנס זיין זיך מיט דעם פאטער.

דארטען האט זי זיך געטראפפען מיט מארזאנען, פארציגעטטוס טאכטער.

די לעזער געדיינקען דאך אז דער פּאליציי־אגענט פּיטאן האט זי ארויס־גענומען פון דער אַקושערקע קראשינסקאס הויז אונ אַוועקגעפיהרט אין אַ אַנשטאלט פיר אָרעמע קינפעטארינס.

די יונגע מוטטער האט זיך גוט ערהאלט אין דער אנשטאלט, זי איז געוואָרען פאללקאמען געזונד אויפ'ן קערפער אונ אויפ'ן גייסט אונ נאך זאגאר שענער ווי פריהער.

זי האט וואהל פערשטאנגען וואו אונ ווער זי איז, נור איין זאך איז געבליבען פאר איהר אַ סוד, ווי אזוי דאס אומגליק האט מיט איהר פּאססירט, אונ ווער איהר פערפיהרער איז. די מורא פאר דעם שוואַרצען מאיאר האט ניט אויפגעהערט, אונ אז מארזאן האט זיך אויסגעשריבען פון אנשטאלט האט זי אויף קיין פאלל ניט געוואללט זיך ווייזען דעם פאטער אויף די אויגען אונ געזוכט ארבייט.

אַ טאלענט צו האנד־אַרבייט האט זי שטענדיג געהאט אונ איבערהויפּט איז ביי איהר געווען אויסגעארבייט אַ געשמאק אונ אַ געפיהל אין די קאלירען אונ פארבען.

פון אנשטאלט האט זי געקראגען אַ גוטע רעקאמענדאציע אונ אויף אַזא ארט האט זי לייכט געקראגען אַ שטעללע אין דער בלומען־פאבריק, וואו חוה ריטמער האט געארבייט אונ זאגאר געווען איינגערמאססען ניט שלעכט בעזאהלט.

אַללענפאללס האט זי גענוג געהאט איהר אויסקוממען פאר זיך אונ פאר דעם קליינעם מאקסימען, וועלכען זי האט יעצט נאך ליעבער געהאט ווי דאס איינגען לעבען...

---

די פרוי נאבעל האט ניט נור פערדונגען וואהנונגען, איהרע לאקאטארען האבען געקענט ביי איהר בעקוממען עססען אויך. קעסט־קינדער האבען איהר קיין מאל ניט געפעהלט, ווייל יעדערער האט געוואוסט אז פרוי נאבעל האלט ריין די קיך, גיבט פרישע אונ געשמאקע עססענס אונ רעכענט ניט טייער.

יעצט האלט עס ביי אַבענד־ברויט, דער עולם איז נור וואס געקוממען פון דער אַרבייט אונ אַפּעטיט פעהלט ניט.

מארזאן האלט דעם קליינעם מאקסימען אויפ'ן שויס. דער קליינער יונגעל איז זעהר עהנליך צו דער מוטטער, איבערהויפּט מיט זיינע זעלטען שענע, בלאנדע האאר. אַללע פרויען וועלכע זיצען ביים טיש קאנגען זיך זאט ניט אָנקוקען אויף איהם אונ יעדערער בעזונדער בעדויערט נור, וואס דאס קינד קען נאך ניט מיט־

עֶסֶען מִיט אַלֶעמֶען, עֶר צִיהְט אָפֶּער מִיט אַפֶּעטִיט דִי מִילְךְ אוּנ דַאבֵּיי מַאכְט עֶר עָס אַזוֹי גֶעשִׁיקְט אַז דִי גֶאסְט קֶענֶען זִיךְ נִיט אַיינְהַאלְטֶען פוּן גֶעלֶעכְטֶער.

גֶעבֶען מַארְיָאנֶען זִיצְט חַוָה רִיטְטֶער.

זִי צוּשְׁנַיידְט דֶעם בְּלִינְדֶען פָּאטֶער דָאס פְלֵייש אוֹיף קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ נֶערְט אִיהְם גְלַייךְ וִוי אַ קְלֵיין קִינְד.

נִיט וַוייט פוּן דֶעם בְּלִינְדֶען זִיצְט דֶער בַּעַל־הַבַּיִת׳טֶעס זוּהְן, דֶער הוֹיקֶער בִּיָאן.

פְרוֹי נָאבֶּעל לוֹיפְט יֶעדֶע מִינוּט הִין אוּנ הֶער אִין קִיךְ, כְּדֵי צוּ בְּרֵיינְגֶען פַאר יֶעדֶערְן זַיין פָּארְצְיָאן.

צְווִישֶׁען דִי עֶסְסֶערְס אִיז דָא אוֹיךְ אַ יוּנְגֶער מַאנְן, אוּנְגֶעפֶעהְר פוּן אַ יָאהְר זֶעכְס אוּנ צְוַואנְצִיג.

עֶר אִיז גֶעוֶוען אָרְדֶענְטְלִיךְ גֶעקְלֵיידֶעט אוּנ הָאט זִיךְ גֶעוִויסס גֶעמֶענְט בֶּעסֶערֶעס עֶרְלוֹיבֶּען, נוּר דָאךְ שְׁמֶעקְט אִיהם נָאבֶּעלְס קִיךְ אוּנ עֶר עֶסְט צוּזַאמֶען מִיט דִי אַרְבֵּייטֶער.

אַרְמַאנְד בָּאנֶע — אַזוֹי הָאט גֶעהֵייסֶען דֶער יוּנְגֶער מַאנְן — אִיז גֶעוֶוען אַ בּוּכְהַאלְטֶער אִין דֶער בְּלוּמֶענ־פַאבְּרִיק, וואוּ מַארְיָאן מִיט חַוָה׳ן הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט.

בַּיים טִישׁ אִיז גֶעוֶוען פְרֶעהְלִיךְ אוּנ אַרְמַאנְד הָאט גֶעפִיהְרְט דָאס רֶעדֶעל פוּן דֶעם לוּסְטִיגֶען גֶעשְׁפְּרֶעךְ. חַוָה הָאט דוּרְשְׁטִיג גֶעשְׁלוּנְגֶען זַיינֶע וֶוערְטֶער. אוּנ קוֹים אִיז זִי פֶארְטִיג גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם בְּלִינְדֶענְס עֶסֶען, זַיינֶען אִיהְרֶע אוֹיגֶען שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיעבֶּען אוֹיף דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער אוּנ אִיהר גֶעזִיכְט אִיז רוֹיט גֶעוָוארֶען.

אַ גוּטֶע אוֹיג וָואלְט דַאמָאלְס אִין חַוָה׳ס בְּלִיק בֶּעמֶערְקְט עֶטְוָואס מֶעהְר וִוי אַ אֵיינְפַאכֶע נַייגִיעֶרִיגְקֵייט, אַ גוּטֶע אוֹיג וָואלְט אוֹיךְ דֶערְזֶעהֶען וִוי חַוָה וַוארְפְט אוֹיף מַארְיָאנֶען פַייֶערְדִיגֶע בְּלִיקֶען, אִיבֶּערְהוֹיפְּט יֶעדֶעס מָאל — אוּנ דָאס טְרֶעפְפְט זִיךְ גַאנְץ אָפְט — וֶוען אַרְמַאנְד וֶוענְדֶעט זִיךְ צוּ פָּארְצִינֶעטוּס מָאכְטֶער מִיט דִי רֵייד.

אוּנ מַארְיָאן הֶערְט אוֹיס מִיט פְלַייס אַלְץ, וָואס דֶער יוּנְגֶער בּוּכְהַאלְטֶער זָאגְט, נוּר דַאבֵּיי דְרִיקְקְט זִי נָאךְ הֵייסֶער צוּ צוּ זִיךְ דֶעם קְלֵיינֶעם מַאקְסִימֶען אוּנ קוּשְׁט זַיינֶע דְרָאבְּנֶע הֶענְטְלֶעךְ אָהְן אוֹיפְהֶער.

אַרְמַאנְד בָּאנֶע הָאט גְרַאדֶע יֶעצְט גֶעעֶנְדִיגְט אוֹיסְצוּטְרִינְקֶען זַיין טַאס שְׁוַוארְצֶע קַאפֶע. לַאנְגְזַאם הָאט עֶר פֶערְרוֹיכֶערְט אַ צִיגַאר אוּנ אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן דֶער טַאשׁ אַ בְּלַאטְט צַייטוּנְג.

— וָואס הֶערְט מֶען נַייעֶס אִין פַּארִיז? — הָאט חַוָה נַייגִיעֶרִיג גֶעפְרֶעגְט.

— פֶערְשִׁיעדֶענֶעס, אָבֶער וֶוענִיג גוּטֶעס — הָאט דֶער יוּנְגֶער בּוּכְהַאלְטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט. דִי צַייטוּנְגֶען זַיינֶען יֶעצְט פוּלל שְׁטֶענְדִיג מִיט דִי לֶעצְטֶע רְצִיחוֹת, וֶועלְכֶע טְרֶעפֶען זִיךְ אַזוֹי אָפְט אוֹיף פַּארִיזֶער גַאסֶען אוּנ דִי פָּאלִיצֵיי קֶען נִיט גֶעפִינֶען דֶעם רִיכְטִיגֶען שְׁלִיאַד.

— וָואס אִיז דָאס פַאר רְצִיחוֹת? — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מַארְיָאן.

– איהר האט נאך גאר ניט געהערט דערפון ? – האט זיך געוואונדערט דער בוכהאלטער – ביי אונז אין פאבריק, דאכט זיך, ווייסט מען פון אלץ.

– איהר ווייסט דאך אבער, אז מיר מישען זיך גאנץ ווענינ אריין אין פרעמדע געשפרעכען – האט מ א ר י א ן געענטפערט.

– אויך אמת, אלזא ווארט וועל איך אייך פארלעזען א ביסעל די צייטונג.

ער האט א פאר מאל א ציה געגעבען די ציגאר אונ אנגעהויבען צו לעזען:

„שוין צייט צוויי מאנאט קומען פאר כמעט יעדע נאכט אין פערשיעדענע גאססען רציחות מיט מענשען, וועלכע ווערען געהרגעט אויף טוידט אללע אויף איינם אונ דעם זעלבען ארט, א בעוויז אז די אללע רציחות שטאממען פון איין מערדער.

געוועהנליך געפינט מען ליעגען אין דער פריה די הרוגים טוידט ערגיץ אין א הינטער־גאס אונ ווי ס'ווייזט אויס ווערען זיי געהרגעט דורך א שטומפען אינסטרומענט.

מערקווירדיג איז אויך דאס, אז זאגאר די דערראטעוועטע הרוגים ווייסען ניט ווי אזוי מיט זיי האט פאססירט דאס אונגליקק אונ פון וואנען עס נעהמט זיך צו זיי די ראנע אין דעם לינקען ביין פון דער קניע.

די פאליציי זוכט ענערגיש ארום די רוצחים אונ וועט געוויס ניט שוויינען ביז זי וועט ענטדעקקען די ריינע סבה דערפון".

– מוטטער, גיב מיר נאך א שטיקקעל פלייש – האט זיך דער קליינער ביאן אבגערופען, ווען ארמאנד האט געענדיגט לייענען.

פרוי נ א ב ע ל האט דערלאנגט דעם זוהן וואס ער האט פערלאנגט, נאכדעם האט זי געפרעגט:

– אונ די פאליציי זאלל ניט קאננען פאללען אויף א שליאד ? כ'פערשטעה עס גאר ניט.

ביאן האט זיך צולאכט אויפ'ן גאנצען קול.

– דו ביסט דאך גאר נאאיוו מוטטער. פון וואנען זאל די פאליציי וויסען ווער דאס איז ? מעגסט שוין זיין זיכער אז זיי וועלען קיין מאל ניט ענטדעקקען, קיין מאל ניט.

דער בוכהאלטער האט פערוואונדערט אנגעקוקט דעם הויקער.

– וואס האסט דו געזאגט, ביאן ? – האט ער געפרעגט.

– מיר דאכט זיך אז די רוצחים ווייסען וואו זיך צו בעהאלטען אונ ס'איז ניט אזוי לייכט זיי צו פאקען, ווייל... אוי, וועה!...

דעם הויקערס געשריי האבען זיך די גאסט פערענטפערט דערמיט ווייל ער האט צו האסטיג געגעסען אונ אביינדעל האט איהם געוויסס אשטאך געגעבען אין גוממען.

אין אמת'ן אבער האט איהם זיין שכן, דער בלינדער „פגר" א קניפ געגעבען אין קניע אונ דער הויקער ב י א ן איז אויפגעשפרונגען פון זיין ארט.

– א זינדיגע וועלט – האט זיך דער בלינדער אבגערופען – איין מענש לאזט דעם

אַנְדֶערֶען נִיט לֶעבֶּעז. אַז ס'וֶועט קוּמֶען אוֹיף זַיי אַ סוֹף וֶועלֶען זַיי דַאמָאלְס אַזוֹי חֲרָטָה הָאבֶּען ווִי אִיךְ הַיינְט הָאבּ חֲרָטָה אוֹיף דִי פֶּערְגַאנְגֶענֶע יָאהְרֶען, וֶועלְכֶע כ'הָאבּ פֶערְבְּרַאכְט אִין זִינְד אוּנ עֲבֵירוֹת.

זִינְט דֶער "פֶּגֶר" אִיז צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען מִיט דֶער טָאכְטֶער הָאט עֶר זִיךְ גֶעמַאכְט פְּרוּם אוּנ נוּר גֶערֶעדְט פוּן גָאטְלִיבֶּע זַאכֶען. גֶעוֶואהְנְלִיךְ פְלֶעגְט עֶר זִיךְ פֶערְשְׁלִיסֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם הוֹיקֶער אוּנ זָאגֶען אַז זַיי לֵייעֶנֶען צוּזַאמֶען דִי הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט.

יֶעצְט, נָאךְ דֶעם אַבֶּענְד־בְּרָאד זַיינֶען זַיי אוֹיךְ אַוֶועק בֵּיידֶע צוּזַאמֶען.

פְרוֹי נָאבֶּעל הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּיעלְט מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם מַאקְסִים, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק שְׁלָאפְרִיג.

חַוָה הָאט אִין קִיךְ אוֹיפְגֶעקָאכְט קַאפֶע אוּנ אִין צִימֶער זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין מַארְיָאן מִיט דֶעם יוּנְגֶען בּוּכְהַאלְטֶער.

מִיט דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד הָאט זִיךְ דִי יוּנְגֶע פְרוֹי אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף דֶעם פֶענְסְטֶער אוּנ אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף דֶער גַאסס, אַ שְׁמָאלֶע, שְׁמוּטְצִיגֶע גַאסס אוֹיף וֶועלְכֶע ס'הָאבֶּען אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִירְט יוּנְגֶע אוּנ אַלְטֶע וַוייבֶּער. דִי גַאסס הָאט גֶעקָאכְט פוּן מֶענְשֶׁען.

— מַארְיָאן! — הָאט זִי פְּלוּצְלִינְג דֶערְהֶערְט אַ זִיסֶען קוֹל פוּן הִינְטֶען — מַארְיָאן, כ'הָאבּ גֶעוָואלְט מִיט אַייךְ עֶפֶּעס רֵיידֶען.

דֶעם מַאיָאר פָּארְצִינֶעטוּס טָאכְטֶער הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט.

דֶער יוּנְגֶער בּוּכְהַאלְטֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען נָאהֶענְט, נֶעבֶּען דֶער שְׁטוּהְל אוֹיף וֶועלְכֶער זִי אִיז גֶעזֶעסֶען, אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען מִיט פֶערְגֶענִיגֶען בֶּעקוּקְט אִיהְר שֶׁאנֶע פִיגוּר.

— מַארְיָאן — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען נָאךְ אַמָאל אוּנ אַ ווִינְק גֶעגֶעבֶּען אַז מֶעהְר אוֹיסֶער זַיי אִיז דָא קֵיינֶער נִיט דָא — מַארְיָאן, כ'מֵיין אַז אִיהְר וֵוייסְט שׁוֹין נִיט פוּן הַיינְט פוּן מַיין לִיעבֶּע צוּ אַייךְ, דָאס הָאבֶּען אַייךְ שׁוֹין נִיט אֵיין מָאל גֶעזָאגְט מַיינֶע הֵייסֶע בְּלִיקֶען, מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ קֶען זִיךְ אוֹיף אַייךְ זַאטט נִיט אָנְקוּקֶען, דֶער טָאן פוּן מַיין צִיטֶערְנְדֶען קוֹל, מִיט וֶועלְכֶען כ'רֶעד צוּ אַייךְ. אִיהר וֵוייסְט נוּר גֶעווִיס נִיט ווִי טִיעף, ווִי גֶעוַואלְטִיג מַיין לִיעבֶּע אִיז צוּ אַייךְ, אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ נִיט גֶענוּג וֶוארְטֶער אוֹיסְצוּדְרִיקֶען וָואס מַיין הַארְץ שְׁפִּירְט גֶעגֶען אַייךְ. מַארְיָאן, אוֹיבּ בַּיי אַייךְ קֶענְן הָאבֶּען עֶפֶּעס אַ וֶוערְט דִי טְרֵייעֶ לִיעבֶּע פוּן אַ יוּנְגֶען מַאנְן, בֶּעט אִיךְ אַייךְ, טְהוּט עֶס מִיר צוּלִיעבּ אוּנ וֶוערְט מַיין ווַייבּ. אִיךְ קֶענְן אַייךְ נוּר שְׁוֶוערֶען אַז מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען וֶועל אִיךְ שְׁטְרֶעבֶּען נוּר אַייךְ גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען.

בַּיי דֶער שֶׁאנֶער, יוּנְגֶער פְרוֹי הָאט דָאס הַארְץ גֶעקְלַאפְּט, וֶוען דֶער בּוּכְהַאלְטֶער הָאט אִיהר עֶנְטְדֶעקְט זַיינֶע גֶעפִיהלֶען.

זִי אִיז רוֹיט גֶעוָוארֶען אוּנ הַאסְטִיג אַרָאבְּגֶעלָאזְט דִי אוֹיגֶען. נָאכְדֶעם הָאט זִי פֶערְלֵייגְט דִי הַאנְד אוֹיף דֶער בְּרוּסְט אוּנ גֶעזָאגְט:

— הֶערר אַרְמַאנְד! אִיךְ קֶענן אַייךְ אוֹיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען ווִי גְרוֹיס מַיין

דאנק איז צו אייך, פיר די עטליכע גוטע זיסע ווערטער, וועלכע איהר האט יעצט צו מיר געזאגט. ס'וואללט געוועזען אגרויססע עבירה ביי אזא לאגע צו געהען מיט אליעגען, דאריבער מוז איך אייך אויך זאגען דעם ריינעם אמת, אז איהר געפעללט מיר אויך זעהר גוט און פיין, אבער ווערען אייער ווייב טאר איך ניט און קענן ניט, און טאקי דערפאר, ווייל איך שעטץ אייך האבער פון אללעמען מוז איך אייך אבזאגען.

— מ א ר י א ן! — האט א ר מ א נ ד פערגעססען וואו ער שטעהט און א געשריי געגעבען — מאריאן, אין איין מינוט האט איהר מיר געשיינקט דעם גן עדן און גלייך נאכדעם אראבגעווארפען אין א טיעפען אבגרונד פון גיהנום. ווי זאלל איך פערשטעהן אייערע ווארטער? איהר האט מיך ליעב און פונדעסטוועגען קענט איהר ניט חתונה האבען מיט מיר, פאר וואס דען?

— צוליעב מיין פערגאנגענהייט, צוליעב מיין קינד... און מאריאן האט זיך צוויינט מיט הייססע טרערען.

— לאזט אב הערר א ר מ א נ ד — האט זי ווייטער געזאגט — מיר ביידע זיינען ניט קיין פאססענדע פאר, איהר זייט א בכבודער מענש, איך אבער האב אויף זיך א עוויגען פלעק.

ביי די ווארטער האט זי פערשטעללט דאס געזיכט מיט די הענד און זיך שטארק צוויינט.

לאנגזאם האט א ר מ א נ ד ארומגענוממען די וויינענדע פרוי און זי צוגעצויגען צו זיך.

— זיסע, טייערע ליעבע! — האבען זיינע ליפפען געשטאממעלט — ב'בעדארף ניט האבען קיינע ערקלערונג, ב'וויל ניט וויססען וואס ס'איז געוועזען און ב'קענן דיר שווערען אז איך וועניגסטענס וועלל קיין מאל ניט האבען צו ריידען וועגען דעם.

איך ליעב דיך, מ א ר י א ן, פיעל מעהר ווי א יונגערמאנן ליעבט געוועהנליך א יונגעס מאדכען, כ'ליעב דיך מעהר ווי זיך אלליין און דאריבער וועט דיין קינד זיין מיינער, כ'וועלל צו איהם זיין נאך בעססער ווי א פאטער, דאס קינד וועט קיין מאל ניט געוואהר ווערען אז ער איז א יתום. זאג מיר נור איין ווארט, מ א ר י א ן, זאג מיר אז דו ביסט מסכים צו ווערען מיין ווייב און כ'וועלל אלץ אנווענדען דיך און דיין קינד גליקקליך צו מאכען.

מ א ר י א ן האט גאר ניט געענטפערט נור איהר קאפ איז צוגעפאללען צו דעם יונגען מאננס ברוסט.

די פערליעבטע פאר איז געוועזען אזוי פערטיעפט אין די גליקקליכע רעיונות אז זיי האבען ניט בעמערקט ווי די טהיר פון דער קיך האט זיך געעפפענט און אין שוועלל איז שטעהן געבליבען חוה ר י ט ט ע ר.

די אונפערהאפטע בילד פון דער פערליעבטער פאר האט זי נאך איין האר

אין חַלָשות נִיט גֶעוָוארְפֶען . זִי הָאט גֶעמוּזְט דִי לִיפֶּען פֶעסְט הַאלְטֶען כְּדֵי נִיט אַ גֶעשְׁרֵיי צוּ גֶעבֶּען .

ווי אַ שִׁכּוֹרֶע אִיז זִי צוּרִיק אַרוים אוּנ צוּגֶעמַאכְט דִי טְהִיר .

דוּרְךְ אַ שְׁפַּאלְט הָאט זִי אויךְ גֶעקֶענְנְט אַלְץ גוּט זֶעהֶען . זִי אִיז נִיט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער טְהִיר , זִי הָאט גֶעוָואלְט אויסטְרִינְקֶען דֶעם בֶּעכֶער מִיט דֶער בִּיטֶערְקֵייט בִּיז'ן גְרוּנְד . זִי הָאט דָאךְ אויךְ לִיעב דֶעם שְׁלַאנְקֶען יוּנְגֶען מַאנְן , זִי וָואלְט אויךְ דָאס לֶעבֶּען אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען פַאר אֵיין פְרֵיינְדְלִיכֶען בְּלִיקְק פוּן אִיהְם , פַאר אֵיין שְׁמֵייכֶעל אויף זֵיינֶע לִיפֶּען , פַאר אֵיין וָוארְט פוּן זַיין מויל .

עֶר לִיעבְּט אָבֶּער יֶענֶע אוּנ זִי , מַארְיָאן , וֶועט בְּלַייבֶּען זַיין וַוייב .

זַיין וַוייב !

אַךְ , ווי טְהַייעֶר זַיינֶען פַאר חַוָה'ן דִי צְווֵיי וֶוערְטֶער , ווִי פִיעל נֶאכְט הָאט זִי שׁוין זִיסס גֶעחָלוּמְט וֶועגֶען דֶעם , ווִי פִיעל שְׁוֶוערֶע מִינוּטְען הָאט זִי אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט זִינְד זִי הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל דֶערזֶעהֶן דֶעם שֶׁאנֶעם אַרְמַאנְד .

סְ'זַיינֶען שׁוין דָאךְ גֶעוֶוען טֶאג , וֶוענְן חַנָה אִיז גֶעוֶוען אִיבֶּערצֵיינְט אַז דָאס וָואהְנְט עֶר צוּלִיעב אִיהְר דָא אִין נַאבֶּעלְ'ס הויז , צוּלִיעב אִיהְר קוּמְמְט עֶר דָא דֶער בּוּכְהַאלְטֶער , עֶסְסֶען מִיט אֵיינְפַאכֶע אַרְבֵּייטֶער , אוּנ חַוָה הָאט מָאנַאטֶע לַאנְג גֶעוַוארְט גֶעדוּלְדִיג אויף דִי גְלִיקְקְלִיכֶע מִינוּט וֶוענְן אַרְמַאנְד וֶועט אַנִיעדֶערפַאלְלֶען פַאר אִיהְר אויף דִי קְנִיע אוּנ זָאגֶען :

— לִיעבֶּע חַנָה , צוּ דִיר גֶעהֶערְט מַיין הַארְץ , גִיעב מִיר אַהֶער דַיין הַאנְד אוּנ מִיר וֶועלֶען גֶעהן צוּזַאממֶען אִין קִירְכֶע חֲתוּנָה הָאבֶּען , גְלַייךְ ווִי אַללֶע .

אוּנ זִי , חַוָה , וֶועט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אִיהְם עֶנְטְפֶערֶען :

— שְׁטֶעה אויף , מַיין לִיעבֶּער , טְהַייעֶרֶער אַרְמַאנְד , אויף פְלִיגְלֶען וֶועללֶען מִיר פְלִיהֶען צוּם פְרִיעסְטֶער . דוּ הֶארְסְט ווִי מַיין הַארְץ קְלַאפְּט ? דָאס אִיז שׁוין נִיט פוּן הַיינְט , נוּר לַאנְג , גַאנְץ לַאנְג קְלַייב אִיךְ מִיךְ דִיר צוּ זָאגֶען אַז מַיין הַארְץ חַלֶשְׁט נָאךְ דִיר אוּנ מַיין אֵיינְצִיגֶער וואוּנְשׁ אִיז דַיין קָאפּ פֶעסְט צוּ דְרִיקֶען צוּ מַיין בְּרוּסְט אוּנ אויסצוּקוּשֶׁען יֶעדֶען גְלִיעד בֶּעזוּנְדֶער .

אַזוֹי הָאט חַנָה גֶעחָלוּמְט אִין דִי לַאנְגֶע פִינְסְטֶערֶע נֶאכְט , וֶוענְן זִי הָאט נִיט גֶעקֶענְנְט אֵיינְשְׁלָאפֶען אויף דֶעם הַארְטֶען גֶעלֶעגֶער , אוּנ פְּלוּצְלִינְג אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דֶער זִיסֶער חָלוּם , אוּם פַאנְטַאזְיֶעס , אַרְמַאנְד הַאלְט אִין זַיינֶע אָרֶעמְס נִיט זִי נוּר מַארְיָאנֶען .

מַארְיָאן אִיז אַ אָרְדֶענְטְלִיכֶע גוּטֶע פְרוֹי אוּנ חַנָה ווִינְשְׁט אִיהְר זָאגַאר דָאס בֶּעסְטֶע אִין לֶעבֶּען , אָבֶּער פְרֵייוִוילְלִיג אָבְצוּטְרֶעטֶען דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען יוּנְגֶען מַאנְן , נֵיין , אויף אַזַא הוֹיכֶען נִסָיוֹן קֶענְן זִי שׁוין נִיט בַּיישְׁטֶעהֶען .

אוּנ חַוָה'ס מֹחַ אַרְבֵּייט , אַ פְרֶעמְדֶער אוּנְבֶּעקַאנְטֶער קוֹל רוּפְט זִיךְ אוּנ עֶנְטְפֶערְט אִיהְר אָב :

— דוּ טָארְסְט עֶס נִיט צוּלָאזֶען עֶר זָאלל חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אַזַא , וֶועלְכֶע

האט שוין אַמאָל געהאַט אַ קינד . ניין , יענע האט איהם נור פערבלענדעט די אויגען מיט איהר שײן פּנימ׳על , דאס איז דאך אָבער אויך ניט אויף עוויג , די יונגע יאהרען לויפען שנעלל פאַרביי און אַנשטאַט אַמאָליגע שעהנהייט , קענען נור בלייבען דער אַלטער פלעק , מיט וועלכעם מ א ר יָ א ן איז בעשמוצט . ניין , פון דעם שדוך טאר ניט ווערען , ס׳וועט זיך שוין געפינען אַ סבה ניי צו פונאַנדערשיידען און באַמאָלס . . .

חוה האט מורא אָפּפען אַרויסצוזאָגען אַז באַמאָלס וועט געהערען אַ ר מ אַ נ ד צו איהר , און זי וועט זיין די גליקקליכע , וועלכע וועט זיך קענגען אָנרופען זיין ווייב .

צום ערשטען מאל איז ביי חוה׳ן געבאָרען געוואָרען דער געפיהל פון קנאה . צו ערשטען מאל האט ביי איהר זיך גובר געווען די באָזע תאוה אויף דעם יושר און ווי איין עבירה ברייננט די צווייטע איז זי נאך דעם זינדיגען געדאַנקען געקראָכען ווייטער אין דעם אָבגרונד פון פאַלשקייט און איז געבליבען שטעהן פון יענער זייט מהיר אויסצוהערען וואס די פערליעבטע רעדען דאָרט .

דורך דעם אָפּפענעם שפּאַלט האט זי דערהערט מ א ר יָ א נ ס זיסען ווייכען קול .

— דו מוזט אַלץ וויסען , מיין טהייערער , אַלץ וואס מיט מיר איז פאָר־געקוממען .

כ׳בין ניט שטענדיג געווען אַזוי אָרעם און אָבגעלאָזען . מיט אַ יאָהר צוריק נאך בין איך אויך געווען פערערעבענט אין דער גרעססטער געזעללשאַפט פון פּאַריז .

כ׳בין די איינציגע טאכטער און קינד פון דעם מאַיאָר פּ א ר צ י נ ע מ ט ו , וועלכער איז אַ דירעקטאָר אין דער מיליטער־פעסטונג . מיין אַלטער פאָטער האט מיך צערטליך געליעבט און אָבגעהיט ווי דעם גרעססטען אוצר .

ווען ער ווייסס יעצט וואו איך בין וואַלט איהם ניט שווער געווען זאָנאַר אין דער פינסטערסטער נאַכט מיך אויפצוזוכען .

איך בעהאַלט מיך אָבער עקסטרא פון איהם , ווייל איך וויל ניט אין זיין שטוב אַריינברייננגען מיין חרפּה .

און מ א ר יָ א ן האט ווייטער ערצעהלט דעם געליעבטען די געשיכטע פון איהר קראַנקהייט , ווי אַזוי זי איז געוואָרען זעהר נערוועז און אויפגערעגט , ביז דער דאָקטאָר האט איהר ענדעקט פון דעם טרויעריגען און שרעקליכען סוד .

פּלוצלינג האט זי אַ ר מ אַ נ ד גענוממען פאַר די הענד און שאַרף אָנגעקוקט אין די אויגען .

זי האט דערשפּירט זיין בליקק און אָנגעהויבען צו ציטטערען .

— וואס טהוסט דו ? — האט זי קוים געקענגט אויסרעדען .

— האב גיט קיין מורא , מיין טייבעלע , כ׳טהו דיר חלילה קיין בייז ניט . אין

נאך האב איך נור געוואללט וויסען, צו האט דיר שוין אמאל ווער ניט אנגעקוקט אזוי ווי איך יעצט ?

מארראן איז געווארען שטארק אויפגערעגט, דאס געזיכט האט איהר גע־פלאממט, זי האט זיך א חאפ געגעבען ווי פון א לאנגען חלום אונ א געשריי גע־געבען אויפ׳ן גאנצען קול :

— אך, יעצט פערשטעה איך שוין, יעצט ווייסס איך שוין וואס דאס בעדייט, פונקט אזוי האבען זיך דיינע שווארצע אויגען אבגעשלאגען אין מיינע . כ׳געדיינק עם אזוי ווי היינט, דאס בלייכע געזיכט מיט דער גרויסער שווארצער בארד, אט שטעהט ער פאר מיר, די ליפפען עפפענען זיך אונ פון זיי געהט ארויס א באזער בעפעהל, וועלכער פלעגט מיך שטעבען ווי מיט א שפיז אונ נאכדעם האב איך שוין גאר ניט געשפירט, ער האט געמאכט וואס ער האט נור געוואללט .

— אך, דער באנדיט — האט זיך אבגערופען ארמאנד אונ נאך פעסטער צוגעדריקט די געליעבטע צו זיך — האט דיך פערפיהרט מיט דעם כח פון היפנאטיזם, ער האט בענוצט דיין שוואכקייט אונ ווי א מערדער בערויבט דיין יוגענד. דו ביסט אבער אונשולדיג, ליעבע מארראן, אונ ווענן דיין פאטער זאלל עם וויסען אזוי ווי איך, וואללט ער דיר געוויסס שוין לאנג מוחל געוועזען .

מארראן האט אבער טרויעריג א שאקעל געטהון מיט׳ן קאפ .

— ניין, מיין פאטער וועט עם מיר קיין מאל ניט גלויבען אונ ווענן ער זאלל אפילו בעשטעהן דארויף די געפאללענע טאכטער צוריק צו נעהמען צו זיך, וועט ער אויך לאנג מיין חרפה ניט איבערלעבען אונ פון עגמת נפש חלילה אומ־קוממען .

מיין פאטער איז איבערצייגט אז כ׳לעב שוין ניט, אונ ס׳איז אויך גלייכער פאר איהם ער זאלל בלייבען ביי דער דעה, כ׳ווייסס אויך ניט אויב ער וואללט בע־שטאנען אויף אונזער שדוך. דו קעננסט איהם נאך ניט, ליעבער ארמאנד, ער איז ביי זיך זעהר שטאלץ אונ איהם דאכט זיך אז זיין טאכטער ברויכט צו נעהמען ווער ווייסס וועמען .

— זאלל ער בלייבען געזונדערהייט ביי זיין שטאלץ — האט זיך אבגערופען ארמאנד — ווי זאגסט דו, גלייכער אז ער ווייסס פון אונז ניט. דו האסט ביי מיר דאדורך גאר ניט פערלארען אונ כ׳ליעב דיך ניט ווייניגער אפילו דאמאלס, ווענן כ׳ווייסס אז דו ביסט א פערלאזענע יתומה אהן א פאטער אונ אהן א מוטטער. כ׳בין שוין צו דער עלענדקייט געוואהנט .

מיין פאטער איז דער רייכער נאטאריוס נאסטאזיוש, א מאנן פון כבוד אונ מילליאנען אונ דאך בין איך מיט איהם פון ווייטענס, ער האט מיין מוטטער פער־פיהרט אונ גענגנבעהט איהר געלד, ביז זי איז געווארען א ארעמע ארבייטערין אזוי ווי דו. זי האט מיך אבער באמת ליעב געהאט אונ דעם לעצטען גראשען אויסגעגעבען אויף מיין בילדונג. דורך איהר הילף בין איך געווארען א בוכהאלטער אונ קענן היינט

לַייכְט מַיין בְּרויד פֶערדיענֶען. זִי הָאט נֶעבַּאך דֶעם נַחַת נִיט דֶערלֶעבְּט, וַוייל זִי אִיז יוּנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען. וְוי דוּ זֶעהְסְט, לִיעבֶּע מַארְיָאן, הָאבֶּען מִיר כִּמְעַט אֵיין מַזָל אוּנ כְּ׳פְרֶעג דִיךְ נָאךְ אַמָאל, ווִילְלְסְט דוּ מִיר גֶעטְרוֹיעֶן דַיין צוּקוּנְפְט אוּנ וֶוערֶען מַיין וַוייבּ?

— כְּ׳וִויל לִיעבֶּען אוּנ גֶעלִיעבְּט זַיין — הָאט מַארְיָאן גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען.

עֶר הָאט זִי נָאךְ פֶעסְטֶער צוּגֶעדְרִיקְט צוּ זִיךְ אוּנ זֵייעֶרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְבּוּנְדֶען אִין אַ לַאנְגֶען קוּשׁ...

אִין דֶער קִיךְ אִיז דֶערוַוייל חַוָה גֶעלֶעגֶען אוֹיף דִי קְנִיעֶ אוּנ דֶעם קָאפּ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אָן אַ הִילְצֶערְנֶעם בֵּיינְקֶעל.

דָאס וַאססֶער, וֶועלְכֶע זִי הָאט גֶעהַאט צוּגֶעשְׁטֶעלְלְט אוֹיף קַאפֶּע, הָאט שׁוֹין לַאנְג אוֹיסגֶעקָאכְט אוּנ יֶעצְט הָאט עֶס גֶעזוּנְגֶען מִיט אַ רוּישֶׁענְדִיגֶער מֶעלָאדִיע.

דִי שַׁיין פוּן פַייֶער הָאט בֶּעלוֹיכְטֶען אִיהר גֶעזִיכְט, אוֹיף וֶועלְכֶען ס׳אִיז יֶעצְט גֶעוֶוען קֶענְטִיג אַ פֶעסְטֶער בֶּעשְׁלוּסס.

— כְּ׳מוּז זֵיי שֵׁיידֶען — הָאט דֶעם בְּלִינְדֶענְס טָאכְטֶער גֶעזָאגְט מִיט כַּעַס — דָאס וֶועט נָאךְ גְלַייכֶער זַיין פַאר מַארְיָאנֶען, זִי אִיז אַ טָאכְטֶער פוּן אַ בְּכָבוֹדֶען מֶענְשֶׁען... וְוי קוּמְמְט זִי אַהֶער צְווִישֶׁען אוּנְז... דֶער מַאיָאר פְּארְצִינֶעטְטוֹ מוּז וִויעדֶער גֶעפִינֶען זַיין קִינְד, דָאס וֶועט נָאךְ גֶעשֶׁעהֶען הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט.

# XIV.

## דִי פֶערְבָּארְגֶענֶע רוֹצְחִים.

אַללֶע אַיינְוואהנֶער פוּן פְרוֹי נַאבֶּעל שְׁלָאפֶען שׁוֹין כִּמְעַט עֶטְלִיבֶע שָׁעָה. רִינְגְס אַרוּם אִיז שְׁטִילל, נוּר דֶער זֵייגֶער קְלַאפְּט צוּם טַאקְט.

זָאנַאר אַרְמַאנְד בְּאנֶע, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען בַּיי זִיךְ זִיבֶער, אַז עֶר וֶועט הַיינְט אַ אוֹיג נִיט צוּטְהוּן פוּן גְרוֹיס אִיבֶּערַאשׁוּנְג, שְׁלָאפְט יֶעצְט גֶעשְׁמַאק אוּנ אִין חָלוֹם רֶעדְט עֶר וַוייטֶער מִיט זַיין לִיעבֶּער מַארְיָאן.

נוּר אוֹיף דֶער טְרֶעפּ פוּן עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק אַרָאבּ אִיז וְוי אַ קַאטְץ דוּרְכְגֶעלָאפֶען דֶער קְלֵיינֶער בְּיָאן. אִין אֵיין הַאנְד הָאט עֶר גֶעטְרָאגֶען דִי קַאמַאשֶׁען, כְּדֵי נִיט צוּ מַאבֶען קֵיין גֶערוּדֶער, אוּנ וְוי בַּיי אַ קַאטְץ הָאבֶּען בַּיי אִיהם דִי אוֹיגֶען גֶעשְׁאססֶען מִיט אַ פֶערְבָּארְגֶענֶעם פַייֶער פוּן פֶערְדָארְבֶּענֶע גֶעפִיהֶלֶען.

דֶער קְלֵיינֶער גַנָב אִיז צוּגֶעלָאפֶען צוּ אֵיין טְהִיר, הִינְטֶער וֶועלְכֶער דֶער בְּלִינְדֶער ״פֶּגֶר״ שְׁלָאפְט.

לאַנגזאַם האָט ער גֶעעֶפּענט די טהיר, וועלכע האָט זיך לײַכט, גאָר אָהן גערוידער געדרעהט הין אונ הער, אונ איז צוגעגאַנגען צו דער בעט, אויף וועלכער ס'איז געזעססען שוין אַנגעטהוּנערהייט דער בלינדער.

– קוים אַמאָל – האָט דער „פּגר" שטיל געמורמעלט – שוין צייט צו געהן אויף דער אַרבייט.

– ס'איז שוין נאָך האַלבע נאַכט – האָט דער קליינער געענטפערט – כ'מוז דיר אָבער זאָגען דעם אמת, אַז כ'האָב שטאַרק מורא געהאַט צו געהן אין גאַסס, דו האָסט דאָך געהערט וואָס זיי האָבען היינט געלייענט אין די צייטונג. וואָס מיינסט דו, די הינד פון דער פּאָליציי קענענען אונז נאָך פּאַקען בײַ דער רעכטער מעשה, אונ דאַמאָלס אָה, אָה, מעג מען זיך שוין זעגענען מיט'ן לעבען.

– אוי, ביאַן, ביאַן, ווענן וועסט דו שוין אַמאָל האָבען שכל, דו שטיק נאַר איינער! – האָט זיך אָבגערופען שטיל אונ בּאַז דער „פּגר" – אַ גרויססע זאַך מאַכי וואָס די צייטונגען פּלוידערען, זאָללען זיי רעדען ביז'ן טויט, וואָס קענן עס אונז אַנגעהן?

גוט, געמראַפּפען טאַקי אויף מיך. וואָס מיינסט דו כ'בין אַזא שטיק פערד ווי דו, ביאַן! דו זעהסט דאָך מיין שכל, אַז איך געה אַללע נאַכט אויף אַ נ'אַנדער אָרט אונ דווקא דאָרטען, וואו מען ריכט זיך ניט אויף מיך. קענן דענן איינפּאַללען די נארישע פּאָליציסטען אַז איך בלינדער מיט דיר דעם הויקער זענען די זעלבע רוצחים, וועלבע מען זוכט אַרום? געה שוין, קיין מאָל וועלען זיי אויף דעם שכל ניט פּאַללען.

– דאָס איז אויך אמת – האָט זיך דער קליינער ביאַן אַ קראַטץ געגעבען אונטער דער לינקער פּאָה – דאָס רוב בעטלען מיר דאָך אונ די נארישע מענשען שיינקען אונז נאָך נדבות.

– וואַרט נאָך, כ'וועלל דיך נאָך בעססערע תורות אויסלערנען, פון אונז ביידען וועט נאָך אַמאָל אַרויסוואַקסען אַ שיינע פּאָר, נור דערווייל אַללאָן, יאַזדאַ, פיהר מיך, אַ שאָד די צייט!

– דיין האַממער האָסט דו, „פּגר"?

– יאָ, ער איז בײַ מיר. אונ דיין מעססער?

– כ'טראָג איהם אין דער טאַש פון מיין מאַנטעל, היינט האָב איך איהם עקסטרא געלאָזט שאַרפען;

– זעהסט דו, דאָס האָסט דו ריכטיג געמאַכט, ווייל די הויפּטזאַכע איז, דער מעססער זאָלל גוט טרעפען.

אַז דער אַלטער מיט דעם יונגען מערדער זענען שוין אַרויס פון דער אַרבייטער־גאַסס, האָט דער הויקער אַ פרעג געגעבען:

– וואו וועלען מיר דענן היינט געהען?

– בײַ פּאָנט־נעף – איז געוועזען דעם בלינדענס תשובה – ניט אָבער אויף

דער בריק, נור אויף דעם זייט־וועג, ניט ווייט פון דעם טייך; דארטען וועט אונז קיינער ניט בעמערקען, און מארגען וועלען וויעדער די צייטונגען בעשרייבען א נייע רציחה.

ביידע מערדער זענען יעצט געגאנגען האסטיגער.

---

אין א האלבע שעה ארום, נאכדעם ווי דער בלינדער איז אוועק מיט דעם הויקער, האט זיך די טהיר פון אינוויינינג וויעדער געעפענט, און פון צימער איז ארויסגעגאנגען א פערשלייערטע פרוי.

דאס איז געוועזען חוה ריטטער.

מיט א איבערגעשראקענעם בליק האט זי אנגעקוקט דעם פענסטער פון דעם בעלויכטענעם צימער, אין וועלכען ס'איז געשלאפען מאריאן מיט דעם קליינעם מאקסים.

נאכדעם איז זי האסטיג געגאנגען איהר וועגס.

אין א צייט ארום האט זי ערגרייכט דעם ציעל. זי איז געשטאנען נעבען די מיליטער־פעסטונג.

ניט לאנג טראכטענדיג איז זי צוגעגאנגען צו דעם אפיציער, וועלכער איז יעצט געשטאנען אויף זיין וואכט און געזאגט:

– ענטשולדיגען זי, מיין הערר, כ'האב מיך געוואלט זעהען מיט דעם העררן פארציגעטטו.

– ווי, אזוי שפעט אין דער נאכט?

– יא, הערר, די זאך איז זעהר וויכטיג און כ'מוז דעם מאיאר לײדער בעאונרוהיגען.

– געעהרטעס פרײלײן, כ'בין יעצט אין דיזור און לויט רעכט, טאר איך ניט אריינלאזען אין פעסטונג נור אזעלכע מענשען, וועלכע גיבען מיר א צייכען פון דעם פאראל [1].

– גוט, ליעבער הערר, כ'בין דאך אבער ניט קיין סאלדאט, כ'זאלל וויסען אייערע סודות, כ'בין א איינפאכע פרוי און האב מיטצוטהיילען דעם מאיאר וויכטיגע נייעס וועגען זיין טאכטער.

דער אפיציער האט באלד געביטען דעם טאן.

– וועגען זיין טאכטער, זאגט איהר? אויב אזוי מוז איך אייך מאכען א אויסנאהמע און אריינלאזען אין פעסטונג.

דער אפיציער האט א דריקק געגעבען א עלעקטרישען גלאקק און גלייך

---

[1] „פאראל" איז א אבגערעדטער צייכען, ווי אזוי צו דערקעננען די מענשען פון איין אנשטאלט. ווער עס ווייסט דעם צייכען איז א סימן אז ער געהערט צו דער חברה.

נאכדעם האט א הויכער סאלדאט מיט א פאק שליסלען אין די האנד געעפענט די טהיר אונ אין עטליכע מינוט ארום איז חוה ריטטער מיט איהר בעגלייטער שטעהן געבליבען אין דעם מאיארס פריוואט־וואהנונג.

דער אלטער פארצינעטטו האט נאך ניט געשלאפען. צוויי דעם זייגער האט ער געוואללט נאך מאכען א רעוויזיאן אונ דאריבער איז ער יעצט געזעססען אנגעטהונערהייט אין זיין פאטער־שטוהל.

ער האט זיך פיעל געאלטערט זינד מיר האבען איהם געזעהען צום לעצטען מאל.

די האלב גרויע האר זענען יעצט געווארען זילבער־ווייסס. פון עגמת נפש זענען די באקען איינגעפאללען. דער גאנצער שטערן האט זיך בעדעקט מיט קנייטשען, אונ אונטער די אויגען איז געוועזען בלוי אונ דער גאנצער קארפער — אויסגעמאגערט.

אז דאס דיענסטמעדכען האט איהם געמאלדען אז א יונגע פרויענצימער וויל זיך יעצט מיט איהם זעהען, איז דער אלטער פון דער אונפערהאפפטער וויזיט געווארען זעהר איבערראשט; נור גלייך ווי ער וואללט וויססען וועגען וואס עס געהט איז ער די מינוט שוין געשטאנען אין צווייטען צימער נעבען חוה'ן, וועלכע האט יעצט גראדע אויסגעטהון דעם דיקען שלייער.

דער אלטער מאנן האט אויף איהר געמאכט א שטארקען רושם אונ א ווילע האט זי איהם מיט רעספעקט בעקוקט.

פארצינעטטו האט זיך דערווייל א נייג געגעבען אונ העפליך, ניט אבער אהן וואונדער, געזאגט:

— אייער וויזיט, פריילין, איז ניט קיין געוועהנליכער, אין אזא שפעטע שעה ביי מיר אין פעסטונג. וואהרשיינליך מוז עס שוין זיין זעהר א וויכטיגע זאך, וועלכע האט אייך געצוואונגען אזוי שפעט זיך צו בעמיהען אהער.

— יא, הערר מאיאר, איהר האט געטראפפען, די זאך איז זעהר וויכטיג, ניט אזוי פיר מיך ווי פיר אייך. ס'האנדעלט זיך אום אייער טאכטער.

— מאריאן? — האט דער אלטער א שווערען זיפץ געגעבען, אונ פלוצלינג האבען זיך ביי איהם אויפגעפרישט אללע פערבארגענע וואונדען וועגען די פערפאללענע טאכטער; דער האלב איינגעשטילטער, הערצליכער שטורם האט זיך אויפגעוועקט אונ דער אלטער איז אהן קראפטען אנידערגעפאללען אויף דער סאפע, וועלכע איז געשטאנען ביי דער וואנד.

אונ ס'האט זיך געדאכט, אז דער אלטער אפיציער וועט ניט איבערטראגען די שווערע זכרונות, וועלכע האבען איהם גענאגט דאס הארץ. אט, אט, דאכט זיך וועט ער פערליערען דעם זינן...

— שטארקט אייך, מאיאר — האט זיך אבגערופען חוה מיט א ווייכע שטיממע; זי האט זיך ניט אומזיסט איבערגעשראקען — זייט ניט ביי זיך אראבגעפאללען,

כ'בְּרֵיינְג אייך גוטע נייעס, אַייער טָאכְטֶער לֶעבְּט אונ זי איז פָאלְקָאמֶען גֶעזונד.

— זי לֶעבְּט? — הָאט דֶער אַלְטֶער קוים גֶעקֶענְנְט אַרויסְרֶעדֶען — מַארְיָאן לֶעבְּט? — אונ זַיינֶע אויגֶען הָאבֶּען זיך אִיבֶּערְאַנְיִיעס גֶעעֶפְּפֶענְט, שַׁארף אָנְצוּקוּקֶען חַוָה'ן, וֶועלְכֶע הָאט אִיהם אוּנְפֶערְהָאפְפְט גֶעבְּרַאכְט אַזַא גוטֶע בְּשׂוּרָה — מַארְיָאן לֶעבְּט? כְ'הָאב מוֹרָא צו פְרֶעגֶען וואו אונ ווי זי לֶעבְּט, נור גָאטט צו דַאנְקֶען אַז זי אִיז נָאךְ דָא אויף דֶער וֶועלְט אונ מִיר וֶועלֶען נָאךְ ווידֶער קֶענֶען זַיין צוּזַאמֶען, צוּדְרִיקֶען זי צום הַארְצֶען אונ קוּשֶׁען אִיהרֶע גָאלְדֶענֶע הָאר.

— אַייער טָאכְטֶער אִיז געזונד, גֶעעֶהְרְטֶער מַאיָאר, זי אִיז אַ אָרְדֶענְטְלִיכֶעס קִינְד אונ פֶערְדִינְט אִיהְר בְּרויט שְׁוֶוער אָבֶער עֶהְרְלִיךְ.

— זי אַרְבֵּייט שְׁוֶוער, זָאגְט אִיהר? אַךְ מַיין אָרֶעם קִינְד, פַאר וָואס קוּמְט זי נִיט צו מִיר, דָא וָואלְט דָאךְ אִיהְר גָאר נִיט גֶעפֶעהלְט אונ מִיר וָואלְט זי גֶעטְרֵייסְט אִין דִי אַלְטֶע יָאהרֶען.

— זי קוּמְט נִיט דֶערְפַאר, ווייל זי שֶׁעמְט זִיךְ. מַארְיָאן קֶען נִיט פֶערְגֶעסֶען ווי אִיהְר הָאט זי אַמָאל מִיט חֶרְפָּה אַרויסְגֶעטְרִיבֶּען אונ וויל בֶּעסֶער אַרְבֵּייטֶען שְׁוֶוער אונ בִּיטֶער אִין אַ פַאבְּרִיק, אֵיידֶער זִיךְ צוּרִיק אֵיינְצוּבֶּעטֶען צו דֶעם פָאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט זִי אָבְּגֶעשְׁטוֹיסֶען פוּן זִיךְ.

— אַךְ, קִינְדֶערְשֶׁע יָאהרֶען אונ נַארֶעשֶׁער שֵׂכֶל! זי הָאט מוֹרָא פַאר מִיר, פַאר אִיהר פָאטֶער. אֶמֶת, כ'בִּין אַמָאל שְׁטְרֵיינְג פָארְגֶעטְרֶעטֶען גֶעגֶען אִיהר, אִין כַּעַס הָאבּ אִיךְ זי זָאגָאר בֶּעלֵיידִיגְט אונ פוּן כַּעַס אֶפְשַׁר גֶעשׁאלְטֶען אויךְ. וֶועלְכֶער פָאטֶער קֶענְן אָבֶער אויף עֶווִיג הַאלְטֶען כַּעַס? נִיט אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ שוין חֲרָטָה גֶעהַאט אויף מַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע ווערְטֶער, נִיט אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ מִיךְ שוין גֶעשְׁלָאגֶען אִין הַארְצֶען „עַל חֵטְא". מַארְיָאן אִיז דָאךְ מַיין אֵיינְצִיג קִינְד, מֶעהְר הָאבּ אִיךְ דָאךְ נִיט, אונ כְ'הָאבּ דָאס מֶערְדֶען אַזוֹי לִיעבּ, ווִי נור אַ פָאטֶער קֶענְן לִיעבֶּען זַיין אֵיינֶען קִינְד.

דֶער אַלְטֶער הָאט זִיךְ שוין לֶענְגֶער נִיט גֶעקֶענְנְט אַיינְהַאלְטֶען אונ דִי טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהם גֶעגָאסֶען אִיבֶּער דָאס גֶעזִיכְט.

חַוָה אִיז אויךְ גֶעוָוארֶען גֶערִיהְרְט אונ זי הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּוֵויינְט.

פְּלוּצְלִינְג אִיז אָבֶער דֶער מַאיָאר אויפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן אָרְט, גְלֵייךְ ווי עֶר וָואלְט זִיךְ עֶפֶּעס דֶערְמָאנְט.

— לִיעבֶּעס פְרֵיילֵיין, כְ'ווייס נִיט ווער אִיהְר זַייט, נור וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ אִיז אַייךְ בֶּעקַאנְנְט וואו מַיין טָאכְטֶער אִיז יֶעצְט. כְ'בֶּעט אַייךְ לָאזְט אונְז נִיט פֶערְלִירֶען אֵיין אִיבְּרִיגֶע מִינוּט אונ פִיהרְט מִיךְ צו מַיין קִינְד, וָואס גֶעשְׁווינְדֶער אִיז בֶּעסֶער.

— גוּט, מִיר קֶענֶען שוין גֶעהְן.

— כְ'דַאנְק אַייךְ טויזֶענְדֶער מָאל. ווִי אִיךְ זֶעה זַייט אִיהר אויךְ נִיט קֵיין „גְבִירְתָּה" אונ כְ'וֶועלל אַייךְ גוּט בֶּעלָאהְנֶען מִיט גֶעלְד אויךְ. כְ'בִּין נִיט צו רַייךְ, נור פוּנ-

דֶעסטוועגֶען וֶועט מִיר נִיט שְׁוֶוער זַיין מִיט אַייך זיך צוּ טְהֵיילֶען מִיט דֶעם בִּיסֶעל וָואס כ׳פֶערְמֶאג.

— אוּמְזִיסְטֶע וָוארְטֶער, הֶערר מַאיָאר. כ׳בִּין נִיט גֶעקוּמֶען אַהֶער צוּ נֶעהְמֶען גֶעלְד פַאר מַיין וֶועג. מַאכְט אַייך בֶּעסֶער גֶעשְׁוִוינְדֶער צוּרֶעכְט אוּנ קוּמְט, מִיר הָאבֶּען וַוייט צוּ גֶעהֶען.

אָהְן וָוארְטֶער הָאט פָּארְצִינֶעמַטוּ הֵייסְס גֶעדְרִיקְט חַוָה׳ן בַּיי דֶער הַאנְד; נָאכְדֶעם אִיז עֶר בַּאלְד צוּרִיק גֶעקוּמֶען אָנְגֶעטְהוּן אִין פְּלַאשְׁץ אוּנ בֶּעוָואפֶּענְט מִיט אַ רֶעוָואלְוֶוער.

— כ׳בִּין פַארְטִיג — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — וָואהִין בֶּעדַארְפֶען מִיר גֶעהֶען?

— אִין דֶער פָארְשְׁטָאדְט בַּאטִינָאל.

— אַךְ, דָאס אִיז אַ וַוייטֶע שְׁטְרֶעקֶע, מִיר וֶועלֶען נֶעהְמֶען אַ דָארָאשְׁקֶע. אִיהְר קֶענְנְט אַייך גָאר נִיט פָארשְׁטֶעלֶען וִוי אַלְץ קָאכְט אִין מִיר פָאן נַייגִיעֶרִיגְקַייט, כ׳וֶוער דוּל פוּן דֶעם גְלִיקְלִיכֶען גֶעדַאנְקֶען אַז כ׳וֶועל בַּאלְד וִויעדֶערְזֶעהֶען מַיין קִינְד.

אוּנ וִוירְקְלִיךְ, דֶער אַלְטֶער מַאיָאר אִיז אַזוֹי הַאסְטִיג אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַז חַוָה הָאט אִיהְם קוֹים נָאכְגֶעהַאלְטֶען.

דֶער הִימֶעל אִיז גֶעוֶוען בֶּעדֶעקְקְט מִיט שְׁוֶוערֶע וָואלְקֶענְס אוּנ רִינְגְס אַרוּם אִיז נִיט גֶעוֶוען צוּ זֶעהֶען קַיין דָארָאשְׁקֶע.

— כ׳שַׁאדְט נִיט — הָאט זִיךְ אָבְגֶערוּפֶען פָּארְצִינֶעמַטוּ — פַּאמֶעלַאךְ וֶועלֶען מִיר צוּגֶעהָען בִּיז פָּאנְט-נֶעף, דָארְטֶען אִיז לַייכְט צוּ קְרִיעגֶען אַ וָואגֶען. מִיר וֶועלֶען אוֹיךְ אוֹיסְזוּכֶען דֶעם קִירְצְסְטֶען וֶועג אוּנ גֶעהֶען בַּיים טַייךְ, דָאס הַייסְט אוֹיב אִיהְר הָאט נִיט מוֹרָא בַּיי דֶער נַאכְט צוּ גֶעהֶען אִין אַזֶעלְכֶע אָרְטֶער.

— מִיט אַייךְ, הֶערר מַאיָאר וַוייסס אִיךְ נִיט וָואס ס׳הֵייסְט מוֹרָא.

— מִיךְ פְרֵייט זֶעהְר צוּ זֶעהֶען אַז אִיהְר זַייט נִיט נוּר גוּט, נוּר אוֹיךְ אַ בְּרְיָה, מִיט מַארְיָאנֶען לֶעבְּט אִיהְר וַואהְרשֵׁיינְלִיךְ זֶעהְר גוּט.

— מִיר זַיינֶען אֶמֶתֶע גוּטֶע-פְרַיינְד, הֶערר מַאיָאר.

— אוּנ כ׳הָאף צוּ גָאט אַז אִיהְר וֶועט אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶער אַזוֹי בְּלַייבֶּען. מַיין הוֹיז אִיז שְׁטֶענְדִיג אָפֶען פַאר אַייךְ.

— הֶערר מַאיָאר — הָאט זִיךְ אִין אַ וַויילֶע אַרוּם אָבְגֶערוּפֶען חַוָה — כ׳מוּז אַייךְ אִין פָאָרְאוֹיס זָאגֶען, אַז לוֹיט וִוי מִיר שֵׁיינְט וֶועט עֶס נִיט זַיין אַזוֹי לַייכְט מַארְיָאנֶען צוּרִיקק צוּ קְרִיעגֶען אַהֵיים.

דֶער מַאיָאר אִיז שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ אָנְגֶעקוּקְט חַוָה׳ן מִיט גְרוֹיס וואוּנְדֶער.

— אִיהְר מֵיינְט גֶעווִיסס — הָאט עֶר הַאסְטִיג גֶעזָאגְט — אַז מַארְיָאן וֶועט זִיךְ זִינִדֶען צוּ קוּמֶען אִיבֶּער דָאס קִינְד, זָאג אִיךְ אַייךְ, אַז אִיהְר הָאט אַ טָעוּת. כ׳וֶועל דָאס קִינְד לִיעבּ הָאבֶּען, וַוייל דָאס אִיז אִיהְר קִינְד, קַיין מָאל וֶועט זִי פוּן מַיין מוֹיל נִיט הֶערֶען קַיין פָארְוואוּרְף, קַיין אִיבְּרִיג וָוארְט, אוּמְגֶעקֶעהְרְט, כ׳וֶועל זִי נָאךְ

פערטהיידיגען פאר דער גאנצער וועלט. מיין טאכטער וועט אין מיר טרעפען א הייסען פאטער וועלכער ווייסס ווי צו בעפריידיגען פאר אמאליגע חרפות.

— ניין, מאיאר, דא נעהמט ניט נור וועגען קינד אליין, ס'איז דא נאך א סבה. מאריאן האט א יונגען מאנן.... אך מיין גאטט, וואס פאר א מאוסע ראללע איך שפיעל דא אין דער גאנצער שטיקק!

חוה האט זיך אבגעשטעלט, דער מאיאר האט זי אנגעקוקט אהן ווערטער.

ביי דעם יונגען מאדכען איז יעצט פארגעקוממען א אינוועניגע מלחמה אונ דער גוטער גייסט, דער יצר־טוב האט מנצח געווען.

— הערר מאיאר! — האט זי זיך אבגערופען נאך א קורצער וויילע אונ אנגענוממען דעם אלטען אפיציער ביי דער האנד — כ'מוז אייך זאגען דעם ריינעם אמת. כ'בין ניט געקוממען היינט שפעט אין דער נאכט צו אייך, ווייל כ'האב געמיינט מאריאנס טובה, ניין, כ'האב געפיהלט גאר אנ'אנדער געפיהל, פון קנאה אונ שנאה. מאריאן ליעבט א יונגען מאנן, וועלכער שווערט אז ער קענן אויך אהן איהר ניט לעבען. אויף דעם יונגען מאנן האב איך געווארפען א אויג נאך איידער מאריאן איז מיט איהם בעקאנט געווארען אונ ניט אויפגעהערט צו חלומען וועגען דער שעה אין וועלכער כ'וועל איהם אנרופען „מיין מאן". נעכטען בין איך געשטאנען ווי א גנב אונטער דער טהיר אונ זיך איינגעהערט, ווי זיי האבען זיך געשוואוירען הייסע ליעבע, ווי דער יונגער מאנן האט ענטדעקט אייער טאכטער זיין סוד אונ געבעטען, זי זאל ווערען זיין פרוי. אין מיר האט זיך אנגעצונדען א פייער פון קנאה, כ'האב מקנא געווען מאריאנען איהר גליקק אונ שנעלל ביי דער נאכט, ווען אללע שלאפען, בין איך אהינגעלאפען צו אייך מיט דער האפפנונג אז איהר וועט דאך געוויסס ניט צולאזען אייער טאכטער זאלל חתונה האבען מיט א איינפאכען ארעמען בוכהאלטער.

— ניין פריילין, איהר האט ניט גוט בערעכענט וואס איהר טהוט. ארעמקייט איז ביי מיר קיין שאנדע ניט. איך זוך אין א מענשען ניט קיין פערמאגען, נור א עהרליכען כאראקטער אונ א גוט הארץ.

— א מינוט צוריק — האט ווייטער חוה אנגעהויבען האסטיג צו רעדען — האב איך געהאט די דעה אייך צו זאגען אז מאריאנס חתן איז א טויגעניכטס, א פערדארבענער מענש. דורך אזא ליעגען האב איך געוואללט שטערען אייער גליקק. כ'דאנק אבער גאטט וואס כ'האב דעם ליעגען ניט ארויסגעזאגט. הערר מאיאר! איהר דארפט וויסען אז דער יונגער מאנן איז ניט אזוי ווי אללע, זעלטען ארדענטליך אונ פיין. ער איז ווערטה צו זיין אייער זוהן אונ איהר בעדארפט אנווענדען אלץ וואס ס'איז נור מעגליך פון אייער זייט, מאריאן מיט ארמאנדען זאללע אין קורצען חתונה האבען. גאטט מיין גאטט! וואס האב איך געטוהן, זיך אלליין דאס לעבען גענוממען... ניין, דאס איז צו פיעל.. צו פיעל פאר אזא שוואכע בעשעפעניש ווי איך...

חַוָה האט שוין די לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער גֶערֶעדְט ווי פון זינֶגֶען און דֶער מַאיָאר האט זי גֶעמוּזְט פֶעסְט אויפְהַאלְטֶען אויף די הֶאנְד, וֶוען נִיט וָואלְט זי אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אויף דְ'ערֶרְד.

די קַאלְטֶע נַאכְט־לוּפְט פון דֶעם טַייךְ האט זי בַּאלְד אָבֶער אויפְגֶעמִינְטֶערְט און זי האט מִיט אַ שְׁוַואכֶען קול גֶעזָאגְט:

— יֶעצְט אִיז מיר שוין וִויעדֶער גוט און אִיךְ קֶענְן אייךְ וִויעדֶער פִירֶען צו אייער טָאכְטֶער. אַהִין בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען מִיט שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, צוּרִיק־גֵייעֶנְדִיג אָבֶער וֶועל אִיךְ מִיט גָאטֶעס הִילְף פֶערְרִיכְטֶען מַיינֶע חֲטָאִים.

— דֶערְפַאר וֶועט אייך גָאט אויךְ נִיט פֶערְלָאזֶען אִין לֶעבֶּען — האט דֶער אַלְטֶער פָּארְצִינֶעטטוּ פְרוּם גֶעזָאגְט.

פון וַוייטֶען האט זִיךְ שוין בֶּעווִיזֶען די בְּרִיקְק. דֶער שְׁטֶעג אויף וֶועלְכֶען זַיי זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁמָאל אַז צְוַויי מֶענְשֶׁען הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט גֶעהֶען צוּזַאמֶען.

פָּארְצִינֶעטטוּ אִיז גֶעגַאנְגֶען פְאראוֹיס און חַוָה נָאךְ אִיהם טְרִיט בַּיי טְרִיט. פְּלוּצְלִינג האט דֶער מַאיָאר דֶערְהֶערְט חַוָה'ס קול:

— צוּרִיק, הֶערר מַאיָאר, דָא לִיגְט עֶפֶּעס אויפְ'ן וֶועג.

דָאס „עֶפֶּעס" אִיז אָבֶער גֶעוָוארֶען לֶעבֶּעדִיג און וִוי אַ קְרָאט אִיז עֶס אַרַיינְ־גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען דֶעם מַאיָאר צְווִישֶׁען די פִיסס.

דַאמָאלְס האט חַוָה בֶּעמֶערְקְט אַז דָאס קְלַיין בֶּעשֶׁעפֶּנִישֶׁעל האט אַ מֶעססֶער אִין דֶער הַאנְד און צִיעלְט זִיךְ אויף דֶעם מַאיָארְס קְנִיע.

חַוָה האט מִיט אַלֶע קְרֶאפְטֶען אַ בְּרִיק גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער פוּסס דָאס גֶע־הוֹיקֶערְטֶע בֶּעשֶׁעפֶּנִיש וֶועלְכֶע האט זִיךְ פון דֶעם שְׁטוֹיס אויסְגֶעצוֹיגֶען אויף דְ'ערֶרְד.

פָּארְצִינֶעטטוּ אִיז דֶערְוַוייל אָבְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען עֶטְלִיכֶע טְרִיט און זִיךְ גֶענוּמֶען צו זַיין שְׁפִּיז.

— וָואס אִיז דָא גֶעשֶׁעהֶען? — האט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען אויפְ'ן גַאנְצֶען קול — מֶערְדֶער זַיינֶען אוּנְז בֶּעפַאלֶען, זַיי זוּכֶען גֶעלְד?

— בְּלִינְדֶער, וָואס שְׁוַויינְסְט דוּ? מַאךְ נוּר דֶער אַלְטֶער זָאלל שְׁטוּם וֶוערֶען.

פון דֶער פִינְסְטֶערְנִיש האט זִיךְ בֶּעווִיזֶען אַ הוֹיכֶע פִיגוּר פון אַ רִיז, וֶועלְכֶער האט גֶעהַאלְטֶען אִין הַאנְד אַ שְׁמִיעדִישְׁען הַאמֶער.

דֶער רִיז האט זִיךְ פֶערנוּמֶען מִיט דֶעם הַאמֶער אויף דֶעם מַאיָאר.

— צוּרִיק! — האט חַוָה אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען און זִיךְ גֶעשְׁטֶעללְט צְווִישֶׁען דֶעם מֶערְדֶער און זַיין קָרְבָּן — גְרוֹיסֶער גָאט אִין הִימֶעל, עֶרְבַּארְם דִיךְ, דָאס אִיז דָאךְ דֶער קול... דָאס גֶעזִיכְט... פון מַיין... פָאטֶער...

מֶעהר האט זי נִיט גֶערֶעדְט. דֶער בְּלִינְדֶער האט אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען מִיט זַיין הַאמֶער און זי אִיז אַנִיעדֶערְגֶעפַאלֶען אויף דְ'רְעֶרְד מִיט אַ צוּשְׁמֶעטֶערְטֶען קָאפּ.

— מערדער! -- האט אין איין אָטהעם אַ געשריי געגעבען פּאַרצינעטטו און זיך פערנומען מיט דעם שפּיז אויף דעם בלינדען.

— צוריק, „פּגר“! — האט דערווייל געשריגען דער קליינער הויקערדיגער בּיאן — דו האסט דעם טוידט געמאכט דיין אייגענער טאָכטער. דו האסט...

דער הויקער האט אויך געמוזט שטומם ווערען, ווייל פּאַרצינעטטוס שפּיז האט איהם גלייך געטראָפפען אין האלז.

צובלוטיגט און אין קאנוואולסיען האט זיך בּיאן צוגערוקט צו חוה'ס האלב טוידטען קערפער.

— ניט דיך האב איך געמיינט, שלעכטער יונגעל — האט דערווייל אין כעס געזאגט פּאַרצינעטטו — כ'האב געזוכט יענעם, דעם גרויסען מערדער.

זיין זוכען איז שוין אָבער געוועזען אומזיסט.

דער בלינדער האט געהערט ביאנ'ס לעצטען געשריי און ער האט באלד פערשטאנען, אז יעצט בלייבט ער אהן א פיהרער. דאס בעסטע זאך איז צו מאכען פיסס.

פיל פון בויגען האט ער געמאכט אַ פּאר שפּרייזען און זיך אריינגעוואָרפען אין דעם גרויסען פאריזער טייך...

---

ערשראָקען און טרויעריג האט זיך דער אלטער מאיאר אראבגעלאָזען פאר חוה'ס קערפער אויף די קניע.

ער האט ארויפגעלעגט איהר צובלוטיגטען קאפּ בּיי זיך אויפ'ן שוים און נערוועז זיך צוגעהערט אויב דאס הארץ קלאפּט נאך.

— זיי האבען זי נעבאך געהרגעט אויף טוידט — האט ער געזאגט מיט א שוועָרען זיפץ — דער האמער האט איהר געשפּאלטען דעם קאפּ. ראטעוועט, ראטעיעט, א שרעקליכע רציחה!

שרעקליך האט געקלונגען זיין געשריי דורך די פינסטערע לופט פון דער נאכט.

אין א צייט ארום האט זיך קוים אָבגערופען איין מענש, וועלכער איז ארונטערגעגאנגען פון דער בריק. דאס איז געוועזען אַ אלטער בכבודיגער מאנן מיט אַ גרויליכער באָרד און אַ העכסט אינטעלליגענטען געזיכט, אין פענסנע, וועלכע האבען פערדעקט דעם מאנס קלוגע אויגען. טרויעריג האט ער בעטראכט די נייע רציחה פון דעם יונגען מאדכען.

— זי לעבט נאך? — האט געפרעגט דער פרעמדער הערר.

— לויט ווי ס'שיינט לעבט זי נאך — האט דער מאיאר געענטפערט — ס'איז אָבער ווייניג האפנונג זי זאלל בלייבען געזונד, ווייל דער מערדער האט איהר געטראפפען גלייך אין מח.

דֶער פְּרֶעמְדֶער הֶערר אִין דִי בְּרִילֶלְעֶן הָאט מֶעהר נִיט גֶעפְרֶעגְט אוּנ׳ נִיט קוּקֶענְדִיג אוֹיף דִי פִינְסְטֶערקֵייט הָאט עֶר אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען אוּנ אִיז צוּגֶע־גַאנְגֶען אוֹיף אַלֶע פִיער צוּם טַייךְ, דָארְט הָאט עֶר אַיינְגֶענֶעצְט דֶעם טַאשֶׁען־טוּךְ אִין וַואסֶער פוּן טַייךְ אוּנ הַאסְטִיג זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, כְּדֵי חַוָה׳ן אָבְּצוּוַואשֶׁען דָאס גֶעזִיכְט פוּן בְּלוּט.

דָאס קַאלְט וַואסֶער הָאט זִי אוֹיפְגֶעמִינְטֶערְט פוּן חַלָשׁוּת.

זִי הָאט אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען אוּנ לַאנְגְזַאם גֶעעֶפְּעֶנְט דִי אוֹיגֶען. וִוי ס׳וַוייזְט אוּיס מוּז זִי זִיךְ פִיעל אָנְשְׁטְרֵיינְגֶען, כְּדֵי דִי גֶעדַאנְקֶען צוּזַאמֶענְקְלַייבֶּען אוּנ זִיךְ צוּ דֶערמָאנֶען וָואס מִיט אִיהְר אִיז דָא פָארְגֶעקוּמֶען.

אִיהְר קֶערְפֶּער הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיטֶערֶען, אִין דִי בְּרֵייט אָפֶעְנֶע אוֹיגֶען אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג אַ גֶעפִיהל פוּן שְׁרֶעק אוּנ יְסוּרִים צוּזַאמֶען. פוּן אִיהְרֶע לִיפֶּען הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ שְׁטִילֶע פְרַאגֶע:

— עֶר אִיז... מֶען הָאט אִיהְם גֶעחַאפְּט?

פ אַ רְ צִ י נֶ ע טְ ט וּ הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶער, בַּיי וֶועלְכֶער דָאס בְּלוּט הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ פְלִיסֶען פוּן דֶער וואוּנְדֶע.

— וֶועגֶען וֶועמֶען פְרֶעגְט אִיהְר, מַיין קִינְד? — הָאט עֶר זִיסּ גֶעזָאגְט — וֶוער מֵיינְט אִיהְר זָאלל אַרֶעסְטִירְט וֶוערֶען?

— מַיין פָאטֶער, דֶער בְּלִינְדֶער פָאטֶער.

בַּאלְד אָבֶּער הָאט זִי פֶערְחַאפְּט. אִיהְר אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ שָׁאד אוֹיף דֶעם וָואס זִי הָאט גֶערֶעדְט אוּנ ווייטֶער הַאסְטִיג גֶעזָאגְט:

— נֵיין, נִיט דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט זָאגֶען. כְ׳וֵוייס אַלֵיין נִיט וואוּ אִיךְ הַאלְט, אַלְץ דְרֶעהט זִיךְ פַאר מִיר וִוי אִין אַ חָלוֹם. כְ׳רֶעד יֶעצְט פוּן הִיטְץ. נֵיין, כְ׳הָאבּ נוּר גֶעוָואלְט וִויסֶען, וואוּ אִיז דֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער אִיז אוּנְז בֶּעפַאלֶען אוּנ מִיךְ גֶעהַרְגֶעט.

— עֶר אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען פ אַ רְ צִ י נֶ ע טְ ט וּ — לֵיידֶער הָאט דֶער בַּאנְדִיט בֶּענוּצְט דִי גֶעלֶעגֶענְהַייט פוּן מַיין אִיבֶּערַאשׁוּנְג אוּנ זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערקֵייט פוּן דֶער נַאכְט.

חַוָה הָאט אַ שְׁוֶוערֶען לַאנְגֶען זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען, גְלַייךְ וִוי דִי בְּשׂוֹרָה הָאט זִי שׁוֹין אִין גַאנְצֶען בֶּערוּהִיגְט.

— אֵיין נָאךְ אִיז מִיר יָא גֶעלוּנְגֶען — הָאט דֶערוַוייל מִיט הִיטְץ וַוייטֶער גֶעזָאגְט דֶער מַאיָאר — זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין פוּן דֶעם מֶערְדֶערְס שׁוּתָּף. דֶער יוּנְגֶעל לִיעגְט דֶערְ־שְׁטָאכֶען נִיט וַוייט פוּן אַייךְ.

— נֵיין, עֶר אִיז נִיט קֵיין יוּנְגֶעל, נוּר אַ הוֹיקֶערְדִיגֶער קַארְלִיק — הָאט זִיךְ אָבְּ־גֶערוּפֶען דֶער פְרֶעמְדֶער אִין דִי בְּרִילֶלְעֶן.

— בּ י אָ ן? — הָאט חַוָה בֶּעמֶערְקְט גַאנְץ לַאנְגְזַאם — אַ רַחֲמָנוּת גֶעבַּאךְ אוֹיף

זיין אֶרגמֶער מוטטֶער, זי וֶועט הָאבֶּען פיעל עַגמַת נֶפֶש, וֶוענן זי וֶועט דֶערפון גֶעוָואהר וֶוערֶען.

דֶער פְּרֶעמְדֶער הֶערר איז דֶערוַוייל גֶעגאַנגֶען מֶעלְדֶען דֶער פָּאלִיצֵיי, זֵיי נָאכֶען בַּאלְד טֶעלֶעגְראַפִירֶען נָאךְ אַ קְרַאנְקֶען וָואגֶען. אין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּרִיק אוּנ גֶעטְרָאפֶען פָּארְצִינֶעטְטוֹן אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט, בַּיי דֶער קְרַאנְקֶער.

חַנָה הָאט גֶעשְׁווֶעדֶערְט אַ קַאלְטֶער פִיעבֶּער אוּנ אִיהְר גַאנְצֶער קֶערְפֶּער הָאט זִיךְ גֶעקְנֵייטְשְׁט ווִי אִין קָאנְוואוּלְסִיאָן. פְּלוּצְלִינְג הָאט זִי מִיט גְרוֹיסֶס שְׁוֶוערִיגְקֵייט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי הֶאנְד אוּנ אָנְגֶענוּמֶען דֶעם מַאיָארְס רֶעכְטֶען אָרֶעם.

— הֶערר מַאיָאר פָּארְצִינֶעטְטוּ! — הָאט זִי גֶעזָאגְט שוֹין מִיט אַ פֶּערְעֶנְדֶערְטֶען קוֹל — דֶער טוֹידְט אִיז נִיט וַוייט, כְ'שְׁפִּיעֶר שוֹין אַז כְ'גֶעה אוֹיס.

— טְרַאכְט גָאר נִיט אַזֶעלְכֶע שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, מַיין אָרֶעם קִינְד, אִיהְר וֶועט נָאךְ לֶעבֶּען אוּנ זַיין גֶעזוּנְד. דִי מִינוּט וֶועט קוּמֶען אַ דָאקְטָאר.

חַנָה הָאט שְׁוַואךְ אַ שָׁאקֶעל גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן קָאפּ.

— דִי הִילְף קוּמְט שוֹין צוּ שְׁפֶּעט — הָאט זִי קוֹים אַרוֹיסְגֶעמוּרְמֶעלְט — כְ'זֶעה עֶס, כְ'שְׁפִּיעֶר עֶס, אַז אִיךְ וֶועלל נִיט לַאנְג אָנְטְרַייבֶּען. קֵיינֶער וֶועט מִיךְ נִיט בֶּעוַויינֶען... מַיין טוֹידְט וֶועט נִיט מַאכֶען קֵיין לָאךְ אִין הִימֶעל... כְ'הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט קֵיין מָאל פוּן קֵיין גוּטְס, פוּן קֵיין לִיעבֶּע...

אֵיידֶער אָבֶּער כְ'וֶועלל שְׁטַארְבֶּען... ווִילל אִיךְ אַרָאבּוַוארְפֶען אַ שְׁוֶוערֶע לַאסְט פוּן מַיין זִינְדִיגֶער נְשָׁמָה.

— אוֹיבּ אִיהְר ווִיללְט אִיךְ מִתְוַדֶה זַיין, קֶענְנְט אִיהְר דָאךְ שְׁפֶּעטֶער אִין שְׁפִּיטָאל פֶערלַאנְגֶען אַ פְּרִיסְטֶער — הָאט זִי פָּארְצִינֶעטְטוּ גֶעטְרַייסְט — אִיהְם מֶעגְט אִיהְר אָנְגֶעטְרוֹיעֶן אַללֶע חֲטָאִים אִין וֶועלְכֶע אִיהְר שְׁפִּיעֶרְט אַייךְ שׁוּלְדִיג.

— נֵיין, כְ'וֶועלל מִיךְ בֶּעגֶעהן אָהן אַ פְּרִיעסְטֶער. אִיהְר מַאיָאר פָּארְצִינֶעטְטוּ מִיט דֶעם פְּרֶעמְדֶען הֶערְרְן מֶעגְט אוֹיךְ אוֹיסְהֶארֶען מַיין וִדוּי אוּנ טַאקִי וָואס שְׁנֶעללֶער, ווייל מִיר וֶוערְט עֶפֶּעס אַזוֹי קַאלְט אוּנ פִינְסְטֶער אִין דִי אוֹיגֶען.

— מִיט אִיהְר אִיז נִיט גוּט — הָאט אַ מוּרְמֶעל גֶעגֶעבֶּען דֶער פְּרֶעמְדֶער הֶערר אִין דִי בְּרִיללֶען.

חַנָה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט פֶּעסְט צוּ הַאלְטֶען. אִיהְר בְּלַאס גֶעזִיכְט אִיז ווִי מִיט אַמָאל גֶעוָוארֶען נָאךְ וַוייסֶער, דֶעלִיקַאטֶער אוּנ פוּן אִיהְרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ שְׁוַואךְ נוּר דַייטְלִיךְ אַרוֹיסְגֶעקְרָאגֶען דִי וָוארְטֶער:

— וַוייט אִיבֶּער יַמִים אוּנ טַייכֶען, אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל גֶעהט אוֹיס אִין בִּיטֶערֶע צָרוֹת אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אַרֶעסְטַאנְט. כְ'מֵיין דֶעם קַאפִּיטַאן אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּס.

בַּיי אוּנְז זָאגְט מֶען אַז עֶר אִיז אַ מוֹרֵד בְּמַלְכוּת, וֶועלְכֶער הָאט גֶעוָואללְט פֶּערקוֹיפֶען פְרַאנְקְרֵייךְ דֶעם שׂוֹנֵא אוּנ דֶער סוֹד הָאט אִיהְם פֶערְאוּרְטְהַיילְט אוֹיף עֶווִיג

זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען פוּן דֶער וַוייבּ אוּנ קִינְד, מִיט גְוואלְד הָאט מֶען פוּן אִיהְם צוּגֶענוּמֶען זַיין כָּבוֹד, זַיין טִיטוּל, דֶעם מוּנְדִיר בְּחֶרְפָּה אַרָאבְּגֶערִיסֶען אוּנ מִיט שׁוֹמְרִים פֶערשִׁיקְט וַוייט, גַאנְץ וַוייט.

אִיךְ אָבֶּער — אִיהְר שְׁטִימֶע אִיז פְּלוּצְלִינְג גֶעוָוארֶען פֶעסְטִינֶער אוּנ זִי הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהר צוּהִיצְט — אִיךְ אָבֶּער שְׁוֶוער אִין דִי לֶעצְטֶע מִינוּטֶען פוּן מַיין לֶעבֶּען, וֶוענן מַיין אַיין פוּסס שְׁטֶעהט שׁוֹין אִין קֶבֶר, שְׁוֶוער אִיךְ בַּיי אַללֶע הֵיילִיגְקַייט וָואס גָאטט אַללֵיין מֶעג עֶס הֶערֶען, אַז קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס אִיז אוּנשׁוּלְדִיג — עֶר אִיז אַרַיינְגֶעפַאללֶען בַּיי אַ בַּאנְדִיט אִין דֶער הַאנְד...

מִיט אַ קְרֶעכְץ פוּן אַ גְרוֹיסֶען וֶועהטָאג אִיז דִי גוֹסֶסֶע צוּרִיק אַנִידֶערגֶעפַאללֶען אוֹיף פָּארְצַיינֶעמְטוּם שׁוִיסס.

דֶער פֶּרֶעמְדֶער הֶערר אִין דִי בְּרִילְלֶען הָאט זִיךְ דֶערוַוייל צוּגֶערוּקְט נֶאהֶנְטֶער צוּ דֶער קְרַאנְקֶער אוּנ הַאסְטִיג גֶעזָאגְט:

— אוּם גָאטטֶעס ווִיללֶען, זָאגְט וָואס וַוייסְט אִיהְר נָאךְ וֶועגֶען דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס? שְׁטַארְקְט אַייךְ, זָאגְט אוּנְז וֶועניגְסְטֶענְס נָאךְ אַפָּאר וֶוארְטֶער... וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאט אִיהְר דָאךְ בֶּעוַוייזֶע, אַז דֶער קַאפִּיטַאן אִיז אוּנשׁוּלְדִיג?

גָאטט צוּ דַאנְקֶען, זִי קוּמְט ווִיעדֶער צוּ זִיךְ, אָט עֶפֶפֶענְט זִי דִי אוֹיגֶען.

דִי גוֹסֶסֶע הָאט גֶעעֶפֶענְט דִי לִיפֶּען אוּנ מִיט אַ שְׁוַואךְ קוֹל ווִיעדֶער גֶעמוּרְמֶעלְט:

כְ'הֵייסס מִיט'ן נָאמֶען — חַוָה רִיטטֶער — אַמָאל הָאבּ אִיךְ גֶעדִיענְט בַּיי דְרֵייפוּסֶען אַלְס גוּווֶערְנַאנְטִין — דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט מִיךְ גֶעצְווּנְגֶען... אַרוֹיסצוּגַנְבֶנֶען בַּיי דֶעם קַאפִּיטַאן... דִי שְׁלִיסֶעל פוּן זַיין שׁוּפְלַאדֶע... אוּנ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט פוּן דָארְטֶען אַללֵיין גֶענוּמֶען... גֶענוּמֶען... דָאקוּמֶענְטֶען... דְרֵייפוּס אִיז נִיט קֵיין שְׁפְּיָאן... אִיהְר מֶעגְט עֶס זָאגֶען אִין סוֹד... זָאלל דִי וֶועלְט אוֹיךְ ווִיסֶען... דֶער פְּסַק אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פַאלְשֶׁער... מֶען הָאט אִיהְם אוּנשׁוּלְדִיג פֶערְאוּרְטֵיילְט... אוּנשׁוּלְדִיג...: אוּנ... בַּיי דִי וֶוערְטֶער הָאט אִין חַוָה'ס בְּרוּסְט אַ קְלוּנְג גֶעגֶעבֶּען, גְלַייךְ וִוי דָארְטֶען וָואלְט גֶעפְּלַאצְט אַ פֶעדֶער.

דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע הָאט זִיךְ אַ וָוארְף גֶעטְהוּן אָן אַזַייט, אַ שְׁנָארְךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן נָאז אוּנ אִיהְר קֶערְפֶּער הָאט זִיךְ צוּזַאממֶענְגֶעצוֹיגֶען.

— זִי אִיז טוֹידְט — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער מַאיָאר, — גָאטט זָאלל אִיהְר מוֹחֵל זַיין אַללֶע עֲבֵרוֹת.

נָאכְדֶעם הָאט עֶר פֶערדֶעקְקְט דִי אוֹיגֶען מִיט דֶער הַאנְד אוּנ טְרוֹיעֶרִיג גֶעזָאגְט:

— אוּנ סוֹף כָּל סוֹף בִּין אִיךְ נִיט גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וואוּ מַיין קִינְד אִיז.

אוֹיף דֶער בְּרִיק הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ גֶערוּישׁ פוּן אַ וָואגֶען.

אנשטאט א קראנקע האט יעצט דער וואגען אוועקגעפיהרט צוויי טוידטע קערפער, חוה'ן אונ דעם הויקערדיגען קארליק.

פ א ר צ י נ ע ט ט ו מיט דעם פרעמדען זיינען לאנגזאם געגאנגען צו דער בריקק.

— פון דער געשטארבענער האב איך געהערט אייער נאמען — האט זיך אבגערופען דער פרעמדער אין די ברילליען — איהר זייט אלזא מאיאר פ א ר צ י נ ע ט ט ו דער דירעקטאר פון דער מיליטער־פעסטונג. כ'האב פון אייך פיעל גוטעס געהערט אונ איך שעטץ אייך זעהר הויך.

יא, הער מאיאר, דער צופאלל האט אונז מקרב געווען אונ אונז איז אויס־געקוממען אויסצוהערען צוזאממען א שווערען ודוי פון א גוסס, א ודוי פון א טוידטע איבער אלעבענדיגען. איהר האט געהערט, הערר מאיאר, ווי חוה ריטטער האט פאר'ן טוידט געשווארען פאר גאטט אז דרייפוס איז אונשולדיג. אלזא ניט קאפיטאן אלפרעד ד ר י י פ ו ס פערקויפט זיין פאטערלאנד, מאיאר ע ס ט ע ר ה א ז י איז דער גנב, וועלכער האט פראנקרייך מיט דרייפוסען צוזאממען אומגליקליך געמאכט.

— מיך האט שוין די ידיעה ניט אזוי שטארק איבערראשט — האט געענטפערט דער מאיאר פ א ר צ י נ ע ט ט ו — ווייל כ'בין פון דער ערשטער מינוט איבערציינגט, אז ד ר י י פ ו ס איז אונשולדיג. ניט איין מאל האב איך עס שוין אפפען ארויסגעזאגט פאר בעקאנטע, אז דער קאפיטאן קען ניט זיין קיין פערברעכער אונ בפרט נאך א שפיאן דערצו.

דער שכל אלליין דיקטירט אונז, אז א רייכער, שאנער, געזונדטער יחסן ווי אלפרעד ד ר י י פ ו ס, האט ניט קיין סבה, וועלכע זאלל איהם צווינגען צו האנדלען מיט פראנקרייכס סודות. איהם פעהלט ניט קיין געלד, קיין יחוס אונ קיין כבוד. נור ביז היינט האב איך געמוזט צוקוקען אונ שווייגען, ווייל ס'האבען מיר געפעהלט די פאקטען אויפצוווייזען זיין אונשולד, יעצט אבער האט שוין א בלישצענדער שטראהל בעלייכטען דעם פינסטערען פראצעס, אונ יעצט ווייסען מיר שוין, דאס הייסט איך אונ זי, מיין אונבעקאנטער פריינד, ווייסען שוין וואו אונ ווי אויפצוזוכען דעם אמת'ן שפיאן, וועלכער האט דורך זיינע ליגענס צושטערט דרייפוסעס גליקליכעס לעבען.

דער פרעמדער האט זיך אבגעשטעללט אונ ארויפגעלייגט זיין האנד אויף פ א ר צ י נ ע ט ט ו ס פלייצעס:

— איהר זייט אלזא אזוי ווי איך בעשלאססען, אללעס אנצווענדען, אבי דעם אמת אויפצווייזען אונ צו בעפרייען דעם אונגליקליכען, אונשולדיגען קאפיטאן ד ר י י פ ו ס פון זיין געפענגניס?

— גאנץ געוויס — האט דער אלטער מאיאר זיך אבגערופען — איך בין בערייט אויף אלץ, ווען כ'זאל זאגאר ווויסען, אז דאדורך וועל איך פערליערען מיין

שְׁטֶעלֶלֶע. טויזֶענְד מָאל בֶּעססֶער ווִיל אִיךְ אַלֵיין אויסְגֶעהְן אויף דֶער עֶלְטֶער פוּן הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט אֵיידֶער צוּ שְׁטַארְבֶּען מִיט דֶער אִיבֶּערְצַייגוּנְג, אַז אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מֶענְשׁ אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג פֶּערְשִׁיקְט אִין קֵייטֶען אִיבֶּער אַ בַּאנְדִיטְ'ס חֲטָאִים, וֶועלְכֶער גֶעהט אַרוּם פְרַאנְק אוּנ פְרַיי אִיבֶּער פַּארִיזֶער גַאססֶען.

— דִי לֶעצְטְע וֶוארְטֶער הָאט אִיהר מִיר אַרויסְגֶענוּמֶען פוּן מַיין מויל, עֶדְלֶער מַאיָאר — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער פְרֶעמְדֶער. זַיין קוֹל הָאט יֶעצְט גֶעקְלוּנְגֶען נָאךְ פֶעסְטֶער אוּנ פְרֶעהלִיכֶער — יָא, בְּ'ווִיל אויךְ אויפְהֵייבֶּען מַיין קוֹל פַאר דֶעם אֱמֶת אוּנ יוֹשֶׁר. כְ'וַויים גֶעווִיס אַז גַאנְץ פְרַאנְקְרַייךְ וֶועט זַיין גֶעגֶען אוּנְז, סוֹף כָּל סוֹף אָבֶּער וֶועלֶען מִיר מְנַצֵחַ זַיין. מַאיָאר פָּארְצִינֶעטטוּ! דֶער אֱמֶת קְרִיעכְט אַרוּיס פוּן אוּנְטֶער דְ'עֶרְד, עֶר מֶעג זַיין וֶוער וַויים ווִי טִיעף בֶּעגְרָאבֶּען.

בֵּיידֶע מֶאנְנֶער הָאבֶּען זִיךְ דֶערְלַאנְגְט דִי הֶאנְד. זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעשְׁטַאנֶען אויף דֶער בְּרִיק אוּנ אוּנְטֶען הָאט דֶער טַייךְ צוּגֶעזוּנְגֶען מִיט זַיינֶע חְוַואלְיֶעס.

— מִיר גֶעהֶען אַלְזָא יֶעצְט צוּזַאמֶען הַאנְד בַּיי הַאנְד — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער פְרֶעמְדֶער — אוּנ מִיר וֶועלֶען אַזוֹי לַאנְג נִיט רוּהֶען, בִּיז דֶער אֱמֶת מוּז אַרוּיס. אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג שְׁפֶּעטֶער וֶועט אִיהר מֶעהר גֶעוָואהר וֶוערֶען. פָּארְלֵייפִיג וֶועלל אִיךְ אַייךְ נוּר זָאגֶען מִיט וֶועמֶען אִיהר הָאט יֶעצְט גֶעשְׁלָאססֶען שׁוּתְּפוּת. מַיין נָאמֶען מוּז אַייךְ גֶעווִיסס אויךְ זַיין בֶּעקַאנְט, אִיךְ בִּין דֶער שְׁרַייבֶּער עֶמִיל זָאלַא.

---

XV.

# דְרֵייפוּס אויף דֶעם הוּנְגֶערְטְהוּרְם.

ס'אִיז זִיךְ גָאר אוּנְמֶאגְלִיךְ פָּארְצוּשְׁטֶעלֶען דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר גְרֶעפְּפִינְס כַּעַס, וֶוענְן מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעזָאגְט אַז דִי אַרֶעסְטַאנְטֶען פוּן דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל זֶענֶען עַנְטְלָאפֶען.

גְרֶעפְּפִין הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער קַאיֶענְנַא מִיט אַכְזָרִיוּת, פוּן אִיהם הָאבֶּען גֶעלִיטֶען נִיט נוּר דִי פֶערְשִׁיקְטֶע פֶערְבְּרֶעכֶער, נוּר אויךְ דִי צִינָאווְנִיקֶעס אוּנ פְּרִיוַואט אַיינְוָואהנֶער פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס הָאט גֶעהֶערְט אוּנְטֶער זַיין מֶמְשָׁלָה. זַיין וָוארְט אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעזֶעץ אוּנ יֶעדֶען נַייֶען מִשְׁפָּט הָאט עֶר גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט בְּלוּט פוּן זַיינֶע אוּנְטֶערְטַהאנֶען. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ נַארִישֶׁער בַּעַל גַאֲוָה, אוּנ עֶר אִיז שׁוֹין זָאנַאר גֶעוֶוען בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם צוּנָאמֶען: דֶער טִירַאן פוּן קַאיֶענְנַא.

פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז מֶען גֶעוֶוען צוּפְרִיעדֶען פוּן אִיהם. אִין דֶער לַאנְגֶער צַייט וָואס עֶר אִיז גוּבֶּערְנַאטָאר אִיז נָאךְ קֵיין אַרֶעסְטַאנְט נִיט פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארֶען אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט ס'אִיז נִיט פָּארְגֶעקוּמֶען קֵיין זַאךְ אויף וֶועלְכֶער מֶען זָאלל זִיךְ קֶענֶען בֶּעקְלָאגֶען אִין פַּארִיז.

אונ אזא מענש האט מיט איין מאל בעדארפט קריעגען אזא שווערע ידיעה, אז פון דעם ערגסטען אונ שטרענגסטען טייפעלס־אינזעל זענען פליצלינג ענטלאפען געווארען אללע ארעסטאנטען!

גרעפפין איז באז געווארען אונ די מינוט זיך גענוממען צו דער ארבייט. ווי מיר ווייסען שוין האט עס איהם געלונגען צו ברייגגען צוריק דרייפוסען מיט דעם קאלעקא מיראוויץ.

מיט נצחון איז גרעפפין געקוממען מיט די געפאנגענע צוריק.

מיט דעם פויק האט ער געלאזט מודיע זיין אין די גאססען, אז פיער ענטלאפענע זענען דערטרונקען געווארען אונ צוויי האט ער לעבענדיגערהייט מיט זיך געבראכט.

ווייל ס'איז שוין געווען שפעט ביי דער נאכט, האט מען דערוויל די געפאנגענע פערשלאססען אין קעללער פון גובערנאטארס הויז. דעם צווייטען טאג אין דער פריה האבען עטליבע סאלדאטען ארויסגענוממען דרייפוסען פון קעללער אונ איהם אוועקגעפיהרט צום גובערנאטאר.

גרעפפין האט געהאט בדעה איהם צו נעהמען אויף א שווערען פערהער. ער האט דאריבער א ווינק געגעבען די סאלדאטען, זיי זאללען איהם איבערלאזען אלליין מיט דעם ארעסטאנט.

נאכדעם איז ער צוגעגאנגען נאהענט צו דעם קאפיטאן, וועלכער האט נאך געהאט די האנד געשמידט אין קייטען, אונ איהם אבגעמאסטען מיט א שארפען בליק, פון קאפ ביז די פיסס.

דרייפוס אבער האט רוהיג אויסגעהאלטען אויף זיך דעם גובערנאטארס שארפען בליק, אונ קיין מוסקעל האט זיך ביי איהם ניט בעוועגט.

— ווי איהר זעהט — האט גרעפפין אנגעהויבען צו רעדען — האט זיך אייער זיסער חלום שלעכט אויסגעלאזען אונ פון דער אויסגעטראכטער פרייהייט איז גאר ניט געווארען. יעצט זייט איהר ווידער אין מיין מאכט אונ איך גיב אייך מיין הייליג ווארט דארויף, אז צום צווייטען מאל וועט אייך שוין ניט געראטען זיך מיט מיר אזוי צו שפיעלען. איין מאל טרעפט א נס. יא, אלפרעד דרייפוס! וואהר־שיינליך פערשטעהט איהר דאך אלליין אויך גאנץ גוט אז אין גאנצען גלאטיג קענן אייך די פראבע ניט אבגעהן, פון אייך אבער היינגט עס אב די שטראף זאלל ניט צו גרויס זיין. די הויפט־זאך איהר זאללט מיר מודה זיין ווי די זאך איז צוגעגאנגען אונ דער עיקר וויל איך פון אייך וויססען ווי פיעל אונ ווייט די וואכטער האבען אייך צוגעהאלפען צו דער מאוסער „פלטה".

— הערר גובערנאטאר, כ'האב אויף מיין לעבען נאך קיין ליגען ניט געזאגט, אונ היינט וועלל איך געוויסס זיך האלטען אין דעם ריינעם הייליגען אמת — האט דרייפוס געענטפערט פיעל ניט קלערענדיג — קיין איינציגער וואכטער איז

נִיט גֶעוֶוען ־קיין שוּתָּף צוּ אוּנְזֶער פְּלַאן , כְּ'וֶועלל אַייךְ זָאגַאר שְׁוֶוערֶען אַז זַיי הָאבֶּען דֶערְפוּן נִיט גֶעוואוּסְט .

— אֲפִילוּ מוּרִילְלַא אוֹיךְ נִיט ?

— עֶר אוֹיךְ נִיט , אֶפְשַׁר נָאךְ וֶוענִיגֶער פוּן אַללֶעכֶען .

— וֶועהט אִיהר , דָאס אִיז שׁוֹין אַ לִיעגֶען — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִיהם אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דִי רֵייד — כְּ'הָאבּ צוּ מוּרִילְלַאן גֶעהַאט אַ צוּטְרוֹיֶען אוּנ דֶער בַּאנְדִיט הָאט מִיךְ דָאךְ גֶענַארְט . הָאט אִיהר דֶענְן נִיט בֶּעקוּממֶען אַללֶע גֶעוֶועהר אוּנ פְּרָאוִויַאנְט דוּרְךְ אַדֶעטטַאן פַאנְטַאלָאנְס טָאכְטֶער ? אוּנ דִי זֶעלְבִּיגֶע אַדֶעטטַא אִיז דָאךְ גֶעוֶוען מוּרִילְלַאס כַּלָּה , דַארִיבֶּער הָאט זִי גֶעמֶעגְט זִיךְ בֶּעוַוייזֶען דָארְטֶען , וואוּ ־קיין פְרֶעמְדֶער מֶענְשׁ טָאר נִיט אַהִינְקוּממֶען . דֶער פֶערְשָׁאלְטֶענֶער שְׁפַּאנְיֶער מוּרִילְלַא אִיז גֶעוֶוען פוּן אַייֶערֶע קְרוֹבִים אוּנְטֶערְגֶעקוֹיפְט מִיט גֶעלְד . דָאס אִיז בַּיי מִיר אַזוֹי קְלָאר , וִוי דִי זוּנְן פוּן הִימְמֶעל .

— לֵיידֶער , הֶערר גוּבֶּערְנַאטָאר , מוּז אִיךְ אַייךְ נָאךְ אַ מָאל פֶערְזִיכֶערֶען אַז אִיהר הָאט אַ טָעוּת .

— גֶעהט שׁוֹין דְרֵייפוּס , וִוי כְּ'זֶעה זַייט אִיהר דָאךְ גָאר נָאךְ אַ קִינְד . וָואס הַאלְט אִיהר אַזוֹי פַאר מוּרִילְלַאן ? הָאט עֶר אַייךְ דֶענְן וֶוענִיג גֶעפַּיינִיגְט , וֶוענִיג הָאט אִיהר דוּרְךְ זַיין הַאנְד גֶעלִיטֶען ? אִיז דֶענְן נִיט גְלַייכֶער פַאר אַייךְ אִיהר זָאלְלְט מִיר מוֹדֶה זַיין דֶעם אֶמֶת אוּנ דַאדוּרְךְ אוֹיךְ נוֹשֵׂא חֵן זַיין ? דַאכְט זִיךְ מִיר אַז אִיךְ קֶענְן אַייךְ מֶעהר טְהוּן טוֹבוֹת אָדֶער רָעוֹת וִוי מוּרִילְלַא .

אִיבְּרִיגֶענְס וֶועלל אִיךְ מִיט אַייךְ רֶעדֶען אָפֶּפֶענֶע זַאכֶען , קְלָארֶע דִבּוּרִים . אִין פַּארִיז וֶועט מִיר ־קיינֶער נִיט גְלוֹיבֶּען אַז כְּ'וֶועלל גֶעבֶּען אַזַא רַאפָּארְט , וִוי אִיהר דִיקְטִירְט מִיר יֶעצְט . אֵיינֶער פוּן דִי וֶואכְטֶער מוּז שׁוּלְדִיג זַיין , אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט וָואס מֶען רֶעדְט צוּ אַייךְ ? אֵיינֶער מוּז שׁוּלְדִיג זַיין , אוּנ דַארִיבֶּער בֶּעדַארְף אִיךְ אַייֶער ־עדוּת גֶעגֶען מוּרִילְלַאן . אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט מִיךְ שׁוֹין יֶעצְט ?

דְרֵייפוּס הָאט עֶנֶערְגִישׁ אַ שָׁאקֶעל גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן קָאפּ .

— אֶמֶת אִיז — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — אַז מוּרִילְלַא אִיז זִיךְ בֶּענַאנְגֶען מִיט דִי גֶעפַאנְגֶענֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען וִוי אַ מֶערְדֶער , וָואס גֶעהט נוּר אוּם אוֹיף יֶענֶעמְס לֶעבֶּען , עֶר הָאט אוּנְז גֶעפַּיינִיגְט אוּנ גֶעקְוֶועללְט אוֹיף פֶערְשִׁידֶענֶע אַרְטֶען . פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען וֶועלל אִיךְ ־קיין מָאל נִיט זַיין פֶערְדָארְבֶּען אוּנ פוּן אַ מֶענְשֶׁען אַ נְקָמָה גֶעהמֶען דוּרְךְ אַ פַאלְשֶׁע ־עדוּת . צוּם דְרִיטְטֶען מָאל זָאג אִיךְ אַייךְ , הֶערר גוּבֶּערְנַאטָאר , אַז נִיט מוּרִילְלַא אוּנ נִיט ־קיין וֶואכְטֶער הָאט שׁוּלְד אִין דֶעם , וָואס סְ'אִיז גֶעשֶׁעהֶען .

גְרֶעפְּפִּין הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ אִין כַּעס אָבְּגֶעטְרֶעטטֶען אַ פָּאר טְרִיטט .

— יֶעדֶער שְׁלָאפְט אַזוֹי וִוי עֶר בֶּעט זִיךְ , מִיט אַייךְ וֶועט אוֹיךְ אַזוֹי זַיין דְרֵייפוּס .

איין פְרַאגֶע וֶועלל אִיךְ אַייךְ נָאךְ גֶעבֶּען. בִּיז הַיינְט הָאט אִיהר אוּנְז פֶערְזִיכֶערְט, אַז אַייעֶרֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען זִיךְ אַללֵיין פְרַייוִוילִיג גֶעוָוארְפֶען אִין יַם, וָואס זָאגְט אִיהר יֶעצְט דֶערְצוּ?

— כְ'הַאלְט מִיךְ בַּיי דָאס מַיינִינְגֶע, אַז לֶעאָנִיע, עֶרְווִין, אַדֶעטטַא אוּנ אַנְטָאנִיע הָאבֶּען בֶּעססֶער גֶעוָואלְלְט שְׁטַארְבֶּען אַיידֶער זַיין גֶעפַאנְגֶען.

— אוּנ אִיךְ זָאג אַייךְ אַז אִיהר זָאגְט לִיגֶען אָהן חֶרְפָּה אוּנ אָהן בּוּשָׁה — הָאט שׁוֹין דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט אַ בִּיסְּעֶל בֶּאז — מַיינֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זָאנַאר בֶּעמֶערְקְט דִי לָאדְקֶע, אוֹיף וֶועלְכֶע אַייעֶרֶע חֲבֵרִים זֶענֶען פֶערְשְׁווּאונְדֶען גֶעוָוארֶען. מֵיינְט נִיט אַז מֶען אִיז זֵיי נִיט נָאכְגֶעפָאהרֶען, לֵיידֶער אָבֶּער הָאבֶּען מַיינֶע מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער גְרוֹיססֶער שִׁיף זֵיי נִיט גֶעקֶענְנְט דֶערְיָאגֶען.

בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט דְרֵייפוּס אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי גֶעשְׁמִיעדְטֶע הֶאנְד.

— גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטט — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — פַאר דֶער גוּטֶע בְּשׂוֹרָה, וֶוענִיגְסְטֶענְס זֶענֶען זֵיי גֶערַאטֶעוֶועט אוּנ אַיין מָאל בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען פוּן דִי הִיגֶע יְסוּרִים.

דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלַאכְט.

— הָאללָא! — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — פְרֵייט אַייךְ נָאךְ נִיט בֶּעצַייטֶענְס, מֵיינְט נִיט אַז אַייעֶרֶע גוּטֶע פְרַיינְד זֶענֶען שׁוֹין גֶערַאטֶעוֶועט, אוּמְגֶעקֶעהרְט כְ'הָאבּ טַאקִי דָאס פֶערְגֶענִיגֶען אַייךְ דֶעם טְעוּת אַרוֹיסְצוּשְׁלָאגֶען פוּן קָאפּ. וֶוען אִיהר וָואללְט נוּר גֶעהַאט עֶטְוָואס מַארךְ אִין קָאפּ בֶּעדַארְפְט אִיהר אַללֵיין פֶערְשְׁטֶעהן, אַז מַיינֶע מַאטְרָאזֶען וֶועללֶען גֶעוִויסס אַזוֹי לַייכְט נִיט אַרוֹיסְלָאזֶען דִי פֵייגֶעלֶעךְ פוּן דֶער הַאנְד. אַייעֶרֶע גוּטֶע פְרַיינְד הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט דֶערְשָׁאססֶען צוּ וֶוערֶען פוּן אוּנְזֶערֶע קוּילְכֶעלֶעךְ אוּנ זֵיי הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען אַללֶע עֶססֶענְוַוארְג אִין דֶער לָאדְקֶע. הוּנְגֶעריג אוּנ דָארְשְׁטִיג זֶענֶען זֵיי גֶעלָאפֶען אִין דִי ווִיסְטֶע וֶואלְדֶער, פוּן וֶועלְכֶע קֵיין מֶענְשׁ אִיז נָאךְ לֶעבֶּעדִיג נִיט צוּרִיק גֶעקוּמֶען. דָארְטֶען פֶעהלֶען נִיט קֵיין זוּמְפֶּען, קְרַאנְקְהַייטֶען אוּנ אַנְדֶערֶע מְשׁוּלַחְתֶען. כְ'וֶועלל אַייךְ אִין קוּרְצֶען זָאגֶען דֶעם בֶּאזֶען פְּסַק פוּן אַייעֶרֶע שׁוּתְּפִים. זֵיי וֶועללֶען אָדֶער אוֹיסְגֶעהן פוּן הוּנְגֶער אָדֶער אַ חַיָה רָעָה וֶועט זֵיי צוּרַייססֶען, דַארוּיף קֶענן אִיךְ אַייךְ שׁוֹין קַאוִוירֶען. נוּ, זָאגְט אַללֵיין, הָאט אִיהר זֵיי שׁוֹין וָואס מְקַנֵא צוּ זַיין?

— לֵיידָער יָא — הָאט זִיךְ אָבְגֶערוּפֶען דֶער קַאפִּיטַאן אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען מִיט פַייעֶר — גְלוֹיבְּט מִיר ס'אִיז דָא וָואס זֵיי מְקַנֵא צוּ זַיין, ווייל זֵיי זֶענֶען שׁוֹין דָאס עֶרְגְסְטֶע אִיבֶּערְגֶעקוּמֶען.

— נָאךְ אַייעֶרֶע רֵייד קוּמְט אוֹיס, אַז אִיהר וֶועט מִיר נָאךְ זָאגֶען אַ דַאנְק, וֶוענן כְ'וָאלל אַייךְ נוּר הֵייססֶען מַאכֶען דֶעם טוֹידְט — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ פֶערְבָּארְגֶענֶעם גֶעלֶעכְטֶער.

– װֶוענן ס'אִיז נור מֶעגְלִיךְ, װָאללְט אִיךְ אַייךְ גֶעװִיסס גֶעהַאלְטֶען פַּאר אַ מַלְאַךְ, װֶעלְכֶער לַייזְט מִיךְ אױס פון מַיינֶע צָרות.

דֶער גובֶּערְנַאטָאר גְרֶעפְּפִּין אִיז צוגֶעגַאנְגֶען צום שְׁרַייב־טִישׁ און אַ דְרִיק גֶעגֶעבֶּען אַ עֶלֶעקְטְרִישֶׁען גְלָאק.

פון קָארִידָאר אִיז אַרַיינְגֶעקוממֶען אַ דֶעזוּרְנֶער סָאלְדַאט.

– דֶער אַלְטֶער דַאקְאסְטַא אִיז שׁוין דָא?

– עֶר אִיז נור װָאס גֶעקוממֶען.

– פִּיהר אִיהם אַרַיין.

אִין אַ פָּאר מִינוט אַרום הָאט זִיךְ דִי טְהִיר גֶעעֶפֶּענְט און אִין צִיממֶער אִיז אַרַיין אַמֶענְשׁ, װֶעלְכֶער הָאט אױסְגֶעזֶעהֶען װִי אַ װִילְד בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ.

אַ נִיעדֶערִיגֶער, מִיט בְּרֵייטֶע פְּלֵייצֶעס און מִיט אַ גֶעזִיכְט, װֶעלְכֶעס הָאט שְׁנֶעללֶער גֶעפַּאסְט פַאר אַ הונְד װִי פַאר אַ מֶענְשֶׁען, בֶּעװַאקְסֶען מִיט גְרױ־װַייסֶע הָאר.

אָנְגֶעטְהון אִיז עֶר גֶעװֶען אִין אַ אַלְטֶען מִילִיטֶער־מונְדִיר, דִי הױזֶען אַרַיינְגֶעלָאזֶען אִין הױכֶע װַאסֶער־שְׁטִיפֶעל און אִין דֶער הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען אַ שְׁטְרָאהֶענֶעם הוט.

אִינְטֶערֶעסַאנְטֶער פון דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער אִיז גֶעװֶען דֶער קָאלִיר פון זַיינֶע אױגֶען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען אױסְגֶעזֶעהן װִי גֶעפַארְבְּטֶע רױזֶען.

װִי ס'װַייזְט אױס אִיז דַאקְאסְטַא נִיט גֶעװָאהנְט גֶעװֶען אָנְצוקוּקֶען דִי שַׁיין און שְׁטֶעהֶענְדִיג עֶנְטְגֶעגֶען דֶער זונן הָאט עֶר גֶעמוּזְט הַאלְטֶען דִי אױגֶען צוגֶעמַאכְט.

– דַאקְאסְטַא! – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערופֶען דֶער גובֶּערְנַאטְאר – אִיהר װֵייסְט צו װָאס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעלָאזְט אַהֶער רופֶען?

– צום טַייפֶעל, גובֶּערְנַאטָאר! – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערופֶען דֶער װִילְדֶער מֶענְשׁ, װֶעלְכֶער אִיז נִיט גֶעװאהְנְט גֶעװֶען אָרְדֶענְטְלִיךְ צו רֶעדֶען – כְּ'פֶערְשְׁטֶעה נִיט צו װָאס הָאט אִיהר מִיר אױפְגֶעװֶעקְט פון מַיין בֶּערְלָאגֶע, אױף װֶעלְכֶע כְּ'בִּין פִּינְף פֶּאללִיגֶע יָאהר רוהִיג גֶעשְׁלָאפֶען. זִינְט דֶער לֶעצְטֶער אַרֶעסְטַאנְט אִיז פֶערְהונְגֶערְט גֶעװָארֶען אױף מַיין טְהורִם, הָאבּ אִיךְ נָאךְ קֵיין מֶענְשֶׁען אױף מַיינֶע אױגֶען נִיט אָנְגֶעזֶעהֶען. מַיינֶע עֶססֶענְװַארְג קְרִיעג אִיךְ דָאךְ דורְכ'ן פֶענְסְטֶער און װָאס טױגֶען מִיר גָאר דִי מֶענְשֶׁען?

– גוט, דַאקְאסְטַא – הָאט דִי לַאנְגְװַיילִיגֶע דְרָשָׁה אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דֶער גובֶּערְנַאטָאר – כְּ'הָאבּ אַייךְ אַהֶערְגֶערופֶען אָנְצוזָאגֶען, אַז הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט קְרִיעגְט אִיהר אַ נַייעֶם גַאסְט אױף דֶעם טְהורִם, און כְּ'װִילל װִיססֶען אױבּ דָארְטֶען אִיז אַלֶץ אִין אָרְדְנונְג?

דֶער װִילְדֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ צולַאכְט און דַאבַּיי הָאט עֶר אַרױסְגֶעװִיזֶען אַ פוּלֶע מױל מִיט װַייסֶע צֶאהְנֶער.

– איהר פְרֶעגְט, הֶערר גוּבֶערְנַאטָאר, אויב בַּיי מִיר אִיז אַלְץ אִין אָרְדנוּנְג? אַ שֶׁאנֶע פְּרַאגֶע, כְ'לֶעבֶּען, מַיין טְהוּרֶעמֶעל זָאלל נִיט זַיין אִין אָרְדְנוּנְג צוּ וָואס דֶענְן? פוּן מַיין זַייט אִיז אַלְץ וואהל, צַייטֶענְוַוייז הָאבּ אִיךְ נוּר מוֹרָא דֶער וִוינְד מִיט דֶעם וַואסֶער זָאללֶען נִיט אַוֶועקְשְׁלֶעפֶּען מִיךְ צוּזַאמֶמֶען מִיט דֶעם טְהוּרֶעם, וַוייטֶער אִיז אַלְץ אִין דֶער בֶּעסְטֶער אָרְדְנוּנְג. נוּר יָא, זָאגְט מִיר נוּר, וֶוער אִיז אֵיינְגֶענְטְלִיךְ דֶער גַאסְט, פַאר וֶועמֶען מֶען בֶּעדַארְף מַאכֶען אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע הֲכָנוֹת?

– אָט דֶער! – הָאט גְרֶעפּפִּין גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אָנְגֶעוויזֶען אוֹיף דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס.

– אוֹיף לַאנְג?

– אִין גַאנְצֶען אוֹיף פִּיער וָואכֶען. עֶר הָאט עֶס עֶהרְלִיךְ פֶערְדִיעֶנְט אוּנ אִין עֶרֶךְ נָאךְ אִיז עֶס אַ גַאנְץ קְלֵיינֶע שְׁטְרָאף.

– פִּיער וָואכֶען? – הָאט דָאקְטָאר אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט אוּנ דַאבֵּיי אָבְּגֶעמָאסְטֶען דֶעם קַאפִּיטַאן מִיט זַיין בְּלִיקְק, גְלַייךְ ווִי אַ דָאקְטָאר, וֶועלְכֶער בֶּעקוּקְט גֶענוֹי דֶעם קְרַאנְקֶען אויב עֶר וֶועט אוֹיסְשְׁטֶעהן דִי שְׁוֶוערֶע אָפֶּערַאצְיָאן – פִּיער וָואכֶען אִיז נִיט פִּיעל, נוּר זֶעלְטֶען וֶוער עֶס הַאלְט עֶס אויס. אַלְזָא גוּט, מַיין הֶערר, כְ'וֶועלל הַיינְט בַּיי נַאכְט וַוארְטֶען אויף אַייךְ. דִי סְצֶענֶע אִיז גֶעגְרֵייט, סְ'פֶעהלְט נוּר דֶער אַקְטָיאר. בִּיטֶע זֶעהר פֶערְגֶעסְט נוּר נִיט צוּ קוּמֶען.

דֶער ווילְדֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ ווִיעדֶער צוּלַאכְט אוּנ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם גוּבֶערְנַאטָארְס גַאבִּינֶעט.

גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט גְרֶעפּפִּין אַ קְלוּנְג גֶעגֶעבֶּען, אַ צֵייכֶען פַאר דִי סָאלְדַאטֶען אַז זֵיי קֶענְנֶען דְרֵייפוּסֶען אָבְּפִיהרֶען צוּרִיק אִין קֶעללֶער.

XVI.

## בַּיי דֶער נַאכְט אוֹיף דֶעם אֵייפֶעל־טְהוּרְם.

מִיט דִי הִינְטֶערְגַאסֶען פוּן פַּארִיז זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען פַאר נַאכְט צְוֵויי מֶענְשֶׁען. ווִי סְ'וַוייזְט אויס הָאבֶּען זֵיי עֶקְסְטְרַא גֶעמַיידְט דִי לִיכְטִיגֶע גַאסֶען כְּדֵי זִיךְ נִיט צוּ טְרֶעפֶען מִיט בֶּעקַאנְנְטֶע.

– לִיעבֶּער מַתִּית, אִיהר בְּלַייבְּט אַלְזָא בַּיי דָאס אַייעֶרִיגֶע – הָאט זִיךְ שְׁטִיל זִיבְּגֶערוּפֶען אֵיינֶער פוּן זֵיי וֶועלְכֶער הָאט אוּנְטֶער דִי צִיוִוילל־קְלֵיידֶער פוּן אַ פְּרִיוַואט־מֶענְשׁ פֶערְבָּארְגֶען אַ שֶׁאנֶע פִיגוּר פוּן אַ יוּנְגֶען שְׁטַארְק גֶעבּוֹיטֶען אָפִיצִיר – אוּנ קֶענְנְט בֶּעשְׁטִימְמְט אוּנ זִיכֶער זָאגֶען אַז עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז מִיט עֶטְלִיכֶע וָואכֶען צוּרִיק גֶעוֶוען אִין בְּרִיסֶעל?

— ס'איז בײַ מיר קיין שום ספק — האט מתית דרייפוס געענטפערט אויפגערעגטער־הייד — איך אליין בין איהם נאכגעפאהרען אין יענעם טאג און מיט מיינע אייגענע אויגען איהם געזעהן אין בריסעל. אריינגעפאהרען איז ער צו דער זינגערין נינאן־דע־קלער און מיט איהר צוזאממען איז דער שווארצער מאיאר בײַ דער נאכט געווען אין אפערן־הויז אויף דעם מאסקען־באל. אלזא וואס זאגט איהר יעצט, פולקאוניק פיקאר?

— אם בעסטען וואלט געווען איהר זאלט מיך יעצט בײַם נאמען ניט רופען — האט דער פולקאווניק געענטפערט — פערגעססט ניט אז מיר זײַנען אין פאריז, שונאים פעהלען אונז בײדען ניט און ס'איז גאנץ מעגליך אז אויך יעצט געהט אונז וועד נאך די טריט און הארט שטילערהייט אויס יעדעם ווארט. איבערהויפט טויג אויך ניט פאר דער גאנצער זאך אז מען זאלל אונז בײדען טרעפען צוזאממען.

— איהר זײַט אויך גערעכט, נור פונדעסטוועגען מוז איך אײַך ווײַטער אויפקלעהרען, דאס גאנצע אומגליקק איז געווען דאמאלס וואס עסטערהאזי איז מיר פערשוואונדען געווארען פון די אויגען און איך האב יעצט ניט מיט וואס אויפצוווייזען מיינע ראיות. נור אײַך זאג איך נאך אמאל אז איך האב מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן ווי מען האט אין א צוגעמאכטע לאזע פערקויפט דאקומענטען פון פראנצויזישע פעסטונגען.

די גאנצע מאבערקע פון דער קניה איז געווען די זינגערין נינאן־דע־קלער. ווי אזוי קומט זי צו דעם? ווער האט עם איהר געקענט ליעפערען די טהייערע סחורה אז ניט דער שווארצער מאיאר, וועלכער איז א גאנצען טאג פארדעם געזעסען פער־מאכט בײַ איהר אין שטוב?

דער פולקאווניק פיקאר איז א ווײַלע פערטראכט שטעהען געבליבען. ער האט די אויגען אראבגעלאזען צו דיערד און לאנגזאם געזאגט:

— אייער געשיכטע האט געמוזט געוויסס פארקוממען אין דעם זעלבען טאג ווען עסטערהאזי האט געבעטען א אורלויב זיך צו געזעגענען מיט דער מוטטער, וועלכע האט לויט זײַנע רייד געהאלטען בײַם שטארבען. ווי כ'ווייסס אבער וואהנט גאר ניט די מוטטער אין בריסעל.

— ניין, זײַן מוטטער וואהנט אין א קליין שטאדטיל אנדארא — האט זיך אב־גערופען מתית דרייפוס — און כ'האב א בעווייז אין די האנד אז ער איז יענעם טאג ניט געפאהרען קיין אנדארא. מײַן בעווייז בעשטעהט אין א דעפעשע, וועלכע דער שווארצער מאיאר האט אין יענעם טאג געשיקקט פון בריסעלער וואקזאל צו א פריסטער אבבע סילווא, אז ס'איז איהם אונמעגליך צו קוממען צו דער גוססער מוטטער.

— און די דעפעשע איז בײַ אײַך?

— כ'האב מיר דאמאלס אבגעשריעבען א קאפיע פון דעם אינהאלט. מארגען אין דער פריה קריעגט איהר עם צוגעשיקקט.

— אט זעהט איהר, די דעפעשע איז פיר מיר זעהר וויכטיג, ווייל דורך דעם

קֶענְן איך אויפְטַייזֶען, אַז עֶסְטֶערְהַאזי הָאט אַ פַאלְשֶׁען אורלויב גֶענומֶען, אונ דָאס אַלֵיין אִיז שוין אַ סִימָן אַז דֶער מֶענְש גֶעהְט נִיט מִיטְ'ן גְלַייכֶען וֶועג אונ אִיהם קומְט דַאפִיר אַ גְרויסֶע שְׁטְרָאף.

— אַךְ, ווי טְהַייעֶר וָואלְט אִיךְ גֶעגֶעבֶען מִיר זָאלֶען זִיךְ קֶענֶען נוֹקֵם זַיין אָן דָעם בַּאנְדִיט!

— זַייט נור גֶעדולְדִיג, לִיעבֶער מַתִּית. דִי פֶעלְד אִיז גוט פֶערְזַייט אונ די פִּירות וֶועלֶען שוין אַלֵיין וַואקְסֶען. אויסֶערְדֶעם וָואס אִיךְ בִּין אַ גוּטֶער פְרַיינְד פון אַייעֶר אומגְלִיקְלִיכֶען בְּרודֶער, הָאב אִיךְ דָאךְ נָאךְ אִין דֶעם אַ בֶּעזונְדֶערֶען אִינְטֶערֶעס מִיר גֶעהְט אום דֶעם כְּ'זָאלל בֶּעפְרַייעֶן אונְזֶער פָאטֶערְלַאנְד פון אַ גֶעפֶעהְרְלִיכֶען מֶענְשֶׁען, אונ דַארִיבֶּער בִּין אִיךְ יֶעצְט אַזוי בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט אַייעֶר בְּרודֶערְס פְּרָאצֶעס. זִינְט אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַ דִירֶעקְטָאר פון יֶענֶער אָבְטְהֵיילונְג אִין גֶענֶעראַל-שְׁטַאב, וֶועלְכֶע אִיז בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם פְּרִיוואט-לֶעבֶען פון יֶעדֶען אָפִיצִיעֶר, בִּין אִיךְ בִּיסְלִיכְוַוייז גֶעקומֶען צו דֶער אִיבֶּערְצַייגוּנְג, אַז אִין אַייעֶר בְּרודֶערְס פְּרָאצֶעס אִיז גֶעוֶוען אַ גְרויסֶער טָעות, אונ אַנְשְׁטַאט אִיהְם בֶּעדַארְף גָאר לַיידֶען דֶער אֶמֶתֶער שולְדִיגֶער, דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר עֶסְטֶערְהַאזי.

— פַאר וָואס-שְׁוֶוע שְׁוַוייגְט אִיהְר, פולְקָאווְנִיק?

— וֶועגֶען דֶעם אִיז דָא פִיעל צו רֵיידֶען. מֵיינְט נִיט אַז אִיךְ שְׁוַויג. נִיט אֵיין מָאל הָאב אִיךְ שוין אָנְגֶעהויבֶּען עֶטְוָואס צו עֶנְטְדֶעקֶען דִי פֶערְבָּארְגֶענֶע סודות, נור אַייךְ מֶעג אִיךְ פֶערְטְרויעֶן דֶעם אֱמֶת, אַז יֶעדֶעם מָאל הָאב אִיךְ מִיךְ גֶעמוּזְט צוּרִיק הַאלְטֶען. כְּ'בִּין גֶעקומֶען צו דֶער אִיבֶּערְצַייגוּנְג, אַז ווי סְ'ווייזְט אוים ווילל מֶען אַז עֶסְטֶערְהַאזי זָאל נִיט זַיין שולְדִיג. מֶען שְׁטִיצְט אִיהְם פון אַלֶע זַייטֶען אונ וָואס הֶאבֶּער אַלְץ כֶעהְר, מִיט אֵיין וָוארְט, מַיינֶע עֶלְסְטֶע ווִילֶען הֶערְשְׁטִיקֶען דֶעם אֱמֶת, פַאר זֵיי טויג עֶס אַז אַייעֶר בְּרודֶער זָאל הֵייסֶען דֶער שְׁפְּיָאן אונ עֶסְטֶערְהַאזי זָאלל אַרומגֶעהֶען פְרַאנְק אונ פְרֵיי אִין פַּארִיזֶער גַאסֶען ווי דֶער פַיינְסְטֶער מַאנְן.

מַתִּית הָאט שְׁוֶוער אַזִיפְץ גֶעגֶעבֶען.

— אָרֶעמֶער אַלְפְרֶעד! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט שְׁטִילל ווי צו זִיךְ — אונ צוליעב דִי פֶערְבָּארְגֶענֶע אִינְטְרִיגֶעס מוזְט דו גֶעבַּאךְ אויסגֶעהן אויף דֶעם טַייפֶעלְס-אִינְזֶעל, בִּיז דֶער אֱמֶת וֶועט אַרויסקומֶען, וֶועט אֶפְשַׁר שוין פון דַיין גֶעבֵּיין גָאר נִיט בְּלַייבֶען אונ דַיין נָאמֶען, גְלַייךְ ווי דֶער נָאמֶען פון אונְזֶער גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע וֶועט בְּלַייבֶען בֶּעשְׁמוּצְט. אֵיין גָאטט אִין הִימֶעל אָבֶּער ווייסס דֶעם אֱמֶת אַז דו לַיידְסְט אומזִיסְט, אונשולְדִיג.

— בֶּערוּהִיגְט אַייךְ, עֶלֶענְדֶער מַתִּית! — הָאט זִיךְ פִּיקַאר אָבְּגֶערוּפֶען מִיט אַ פֶעסְטֶער שְׁטִימֶע אונ דַאבֵּיי זִיךְ אומגֶעקוּקְט אויב קֵיינֶער זֶעהט אִיהְם נִיט — מֵיינְט נִיט אַז דִי וֶועלְט אִיז שוין אוים. אַזוי לַאנְג וֶועניגְסְטֶענְס ווי כְּ'וֶועלל לֶעבֶּען, וֶועלל

איך אַ מינוט ניט רוהען אַללעס אָנצווענדען כּדי אויפצווייזען אייער ברודערס אונ־שולד. צו מיר וועללען געוויסס זיין בעהילפיג אַנדערע אויך.

עסטערהאזי מעג האָבען וועה ווייסס ווי פיעל גוטע פריינד, דער גאַנצער שטאב מעג האַלטען פאר איהם. וועט דאס מיך אויך ניט אָבהאַלטען דעם אמת פון אונטער דר'ערד אַרויס צו גראָבען. איך בין געוועזען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך אָנגענוממען פאר איהם אין יענער אונגליקקליכער נאַכט ווען מען האט איהם אַרעס־טירט, אונ מיט גאַטטעס הילף, כ'וועלל אויך זיין דער ערשטער, וועלכער וועט איך ברענגען די גוטע בשורה, אַז דער אמת הויבט אָן אויפצוגעהן. איהר וועט זעהען, ליעבער מתית. נור ניט קיין מוטה פערלאָרען. ס'וועט קוממען אַ צייט, אונ אייער אונגליקקליכער ברודער, דער קאפיטאַן אַלפרעד דרייפוס וועט זיך נאָך וויעדער פרייען מיט זיין ווייב אונ קינד, מיט כּבוד וועט ער צוריק געבראַכט ווערען אין פאַריז אויף צו להכעים זיינע אַללע שונאים. כ'זאָג אייך נאָך אַמאָל, ליעבער מתית, פערליערט נור ניט קיין מוטה אונ פערלאָזט זיך אויף מיר, כ'וועל ניט שווייגען. יעצט מוז איך געהען אויך וועגען אונזער ענין. אַדיע!

ביידע מאַננער האָבען זיך פריינדליך געדריקקט די האַנד.

דער פּולקאָווניק פּיקאַר האָט זיך נאָך מעהר איינגעוויקעלט אין דעם מאַנטעל אונ זיך פערנוממען אויף דעם פעלד פון מאַרס [1].

צייטענווייז האט ער זיך אָבגעשטעלט. אונ אומגעקוקט אויב קיינער געהט איהם ניט נאָך.

ענדליך איז ער צוגענאַנגען צו דעם וועלט־בעריהמטען אייפעל־טהורם, וועלכער איז אין גאַנצען געבויט פון אייזען.

זוממער איז דער טהורם פול פון מענשען, וועלכע קוממען עקסטרא צו בעקוקען די וואונדערליכע מייסטערשטיקק פון די לעצטע יאהרען אונ יעדערער זוכט פערוויילונגען אויף די פערשיעדענע שטאָקען פון טהורם.

כּמעט אויף יעדען שטאָקק איז אַ נ'אַנדער פערוויילונג.

קאָנצערטען, טהעאַטערס, רעסטוראַנען, קאווע־הייזער אונ נאָך אַזעלכע פער־זאַממלונגען פון פערשיעדענע מענשען האָט מען אויף דעם טהורם שטענדיג געקענט טרעפּען.

דאס איז אָבער אַלץ אין זוממער.

דאַגעגען אָבער ווינטער שטעהט דער טהורם ווי אָבגעשטאָרבען, אויס אַללע פערוויילונגען, איבעראַלל פינסטער אונ שטילל.

אין פריהלינג, ערב זוממער הויבען זיך אָן צו בעוויזען דאָרטען די ערשטע

---

[1] די מאַרס־פעלד — אַ אָרט פון פערוויילונגען אין פּאַריז. אַמאָל איז דאָרט געווען די גרויססע וועלט־אויסשטעללונג.

זוממֶער־גֶאסְט — דָאס זַיינֶען דִי מַאססֶען פֶערשִׁיעדֶענֶע פוֹיגֶעלֶעך, וֶועלְכֶע רוֹישֶׁען אוּנ זוממֶען אָהן אוֹיפְהֶער.

פִּיקַאר הָאט לַאנְג גֶעמוּזְט זוּכֶען בִּיז עֶר הָאט גֶעטְרָאפֶען דִי קְלֵיינֶע טְהִיר, וֶועלְכֶע הָאט גֶעפִיהרְט אוֹיבֶען אַרוֹיף בִּיז צוּם הֶעכְסְטֶען שְׁפִּיטְץ פוּן דֶעם טְהוּרְם.

עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אַמָאל אוּמְגֶעקוּקְט הִינְטֶער זִיךְ. אַלֶץ רִינְגְס אַרוּם אִיז גֶעוֶוען שְׁטִילל, דִי גְרוֹיסֶע מַארְס־פֶעלְד הָאט אוֹיסְגֶעקוּקְט וִוי אַ בֵּית הַקְבָרוֹת.

דַאמָאלְס הָאט עֶר אַרוֹיסגֶענוּממֶען פוּן דֶער טַאשׁ אַ קְלֵיין שְׁלִיסֶעל אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער טְהִיר.

אַ נְ'אַנְדֶערֶער אוֹיף זַיין אָרְט וָואלְלְט זִיךְ גֶעוִויסס עֶרְשְׁרָאקֶען פוּן דִי סַךְ שְׁווִינְדֶעל־טְרֶעפפּ, וֶועלְכֶע עֶר הָאט נָאךְ בֶּעדַארְפְט דוּרכְצוּגֶעהְן. פִּיקַאר אִיז אָבֶער נִיט גֶעוֶוען פוּן דִי שְׁרֶעקֶעדִיגֶע אוּנ כִּמְעַט אָהן מִיה אִיז עֶר אַרוֹיף אוֹיף דֶעם שְׁפִּיטְץ פוּן טְהוּרְם.

פִּיקַאר אִיז שְׁטֶעהֶן גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אַ בַּאלְקָאן אוּנ בֶּעווּאוּנְדֶערְט דִי גְרָאס־אַרְטִיגֶע פַּאנָארַאמַא, וֶועלְכֶע סְ'הָאט זִיךְ אִיהם גֶעוָוארְפֶען אִין דִי אוֹיגֶען.

אוּנטֶער אִיהם ווייט אִין דֶער נִיעדֶער לִיעגְט פַּארִיז. דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע לַאמְפֶּען, מִילְיָאנֶען פְלַאממֶען פוּן גַאז הָאבֶּען בֶּעלוֹיכְטֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערקֵייט דִי גֶעבֵּיידֶען אוּנ פוּן דֶער הוֹיךְ הָאט פִּיקַאר לֵייכְט גֶעקֶענְט אוּנְטֶערשֵׁיידֶען דִי בֶּעווּאוּסְטֶע הוֹיפְּט־גַאססֶען.

דָארְטֶען וואו סְ'וָואהנֶען דִי אַללֶע, וֶועלְכֶע עֶרְנֶעהְרֶען זִיךְ פוּן דֶער שְׁוֶוערֶער הַאנְד־אַרְבֵּייט, שְׁלָאפֶען שׁוֹין יֶעצְט רוּהִיג, דִי מֶאנְנֶער וִוי דִי פְרוֹיעֶן, כְּדֵי אָבְצוּרוּהֶען דִי פֶערְמַאטֶעטֶע גְלִיעדֶער אוּנ קְלֵייבֶּען פְרִישֶׁע כֹּחוֹת אוֹיף דֶעם צְוֵייטֶען טָאג. דִי אָבֶער וָואס טְהוּעֶן אַ גַאנְצֶען טָאג גָאר נִיט, אוּנ לֶעבֶען פוּן יֶענֶעמ'ס שְׁווייסס, פֶער־בְּרֵיינְגֶען יֶעצְט פְרֶעהלִיךְ דִי נַאכְט אִין פֶערדָארְבֶּענֶע גֶעזֶעלְלְשַׁאפְטֶען, בַּיי אַ גְלֶעזֶעל וויין אָדֶער אַ גוּטֶען נַאכְט־עֶססֶען. זֵיי הֵייבֶּען עֶרְשְׁט אָן צוּ לֶעבֶען דַאמָאלְס, וֶוען זֵייעֶרֶע שְׁפֵּייזֶער, דִי פֶערשִׁיעדֶענֶע הַאנְדְוֶוערְקֶער, פַאללֶען אַנִידֶער מִיעד נָאךְ אַ בְּלוּטִיג שְׁוֶוערֶען אַרְבֵּייט פוּן אַ גַאנְצֶען טָאג.

אִין לֶעבֶען אִיז שְׁטֶאנְדִיג אַזוֹי, אֵיינֶער אַרְבֵּייט שְׁוֶוער אוּנ בִּיטְטֶער אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער גֶענִיסְסְט פוּן דֶעם. דֶער עֶרְשְׁטֶער קוּמְמְט אָב פוּן צָרוֹת אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער הָאט זַיין עוֹלָם הַבָּא בַּיים לֶעבֶען אָהן מִיה אוּנ מַאטֶערְנֶעשׁ.

דֶער פּוֹלְקָאוְונִיק פִּיקַאר הָאט אוֹיךְ טְרוֹיעֶרִיג אַ שָׁאקֶעל גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן קָאפּ.

— אַ מָארְנֶע וֶועלְט, סְ'אִיז גָאר נִיט צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶן דִי מֶענְשֶׁען. אֵיינֶער שְׁלָאפְט, וֶוען דֶער אַנְדֶערֶער אִיז זִיךְ מְשַׂמֵחַ אוּנ בֵּיידֶען צוּזַאממֶען פַאללְט גָאר נִיט אַיין אַ טְרַאכְט צוּ גֶעבֶּען וֶועגֶען דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען קַאפִּיטַאן, וֶועלְכֶער וֶוערְט נֶעבַּאךְ אוּנשׁוּלְדִיג פֶערשְׁמַאכְט אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל.

איז דֶענְן דִי וֶועלְט הֶפְקֵר גֶעוָוארֶען אוּנ קֵיינֶער שְׁפִּיעֶרְט נָאר נִיט וָואס פַאר אַ שְׁוֶוערֶע עֲבֵרָה בֶּעלֶאסְטִיגְט אוּנְזֶער פַאטֶערלַאנְד ? אַךְ, פְרַאנְקְרַייךְ, פְרַאנְקְרַייךְ! וָואס אִיז פוּן דִיר גֶעוָוארֶען ? וִוי לַאנְג נָאךְ וֶועסְט דוּ קֶענֶען צוּזֶעהֶען וִוי אַ מֶענְשׁ גֶעהְט אוֹיס אוּנשׁוּלְדִיג אִיבֶּער אַ בִּלְבּוּל, וָואס דִי שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם אוֹיסגֶעטְרַאכְט!

פְרַאנְקְרַייךְ! יֶעצְט אִיז נָאךְ צַייט דֶעם פֶעהלֶער צוּ פֶערְרִיכְטֶען, שְׁפֶּעטֶער וֶועט זַיין צוּ שְׁפֶּעט אוּנ וָואס דֶער טָעוּת וֶועט זִיךְ לַיינְגֶער פֶערצִיהֶען וֶועט זַיין גְרֶעסֶער דִי חֶרְפָּה פַאר דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט.

דֶער גוּטֶער עֶהְרְלִיכֶער מַאנְן אִיז שְׁטִילְל גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט דֶערְהֶערְט טְרִיטְט אוֹיף דִי טְרֶעפּ. מִיט דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד הָאט עֶר אַ טַאפּ גֶעגֶעבֶּען דִי טַאשׁ, אִין וֶועלְכֶער ס'אִיז גֶעלֶעגֶען בֶּעהַאלְטֶען דֶער רֶעוָואלְוֶוער.

— יֶעצְט מוּז אִיךְ גֶעוָואהר וֶוערֶען — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען צוּ זִיךְ אַלַיין — וֶוער ס'הָאט מִיךְ בֶּעשְׁטֶעלְלְט צוּ דֶער גֶעהֵיימֶער רַאנְדֶעוואוּ [1]. פוּן דִי טְרִיטְט דֶערקֶענְן אִיךְ אַז דָאס גֶעהְט אַ נְקֵבָה. אֶפְשַׁר אִיז דָאס דִי זֶעלְבִּיגֶע, וֶועלְכֶע הָאט מִיר עֶטְלִיכֶע וָואכֶען צוּרִיק אַרַיינְגֶעשִׁיקְט אַ אַנָאנִימֶע [2] בְּרִיעף וֶועגֶען עֶסְטֶערהַאזִיס שְׁטִיקְלֶעךְ ?

גֶעכְטֶען הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעקְרָאגֶען אַ פַּאקֶעט אוּנ אִינְוֵוייניג אַ שְׁלִיסֶעל מִיט אַ קְלֵיינֶעם צֶעטֶעל פוּן דֶער זֶעלְבֶּער הַאנְדְשְׁרִיפְט אִין וֶועלְכֶעם זִי בֶּעט מִיךְ, הַיינְט בַּיי דֶער נַאכְט זֵיינֶער צֶעהְן, דוּרְכְאוֹיס צוּ זַיין אוֹיף דֶעם שְׁפִּיטְץ פוּן דֶעם אֵייפֶעלְס-טְהוּרְם.

כ'בִּין גֶעקוּמֶען, אָבְוָואהל כ'בִּין נִיט אָהְן שְׁרֶעק גֶעגַאנְגֶען, וַוייל כ'הָאבּ נָאךְ אַלְץ מוֹרָא אַז מַיינֶע שׂוֹנְאִים זוּכֶען מִיךְ אַרַיינְצוּשְׁלֶעפֶּען אִין אַ צָרָה, פוּן וֶועלְכֶער כ'זָאלְל נִיט קֶענֶען אַרוֹיסגֶעהְן. אָבֶּער נֵיין, פִּיקַארֶען וֶועט מֶען אַזוֹי לַייכְט נִיט קְרִיגֶען. זַיין רֶעוָואלְוֶוער וֶועט דְרַייסְט אַנְטְוָוארְטֶען זֶעקְס מָאל: „נֵיין"...

הַאסְטִיג הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט. הִינְטֶער אִיהְם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ פְרוֹיעֶנְ-צִימֶער, וֶועלְכֶע הָאט פֶערבָּארְגֶען אִיהְר שְׁלַאנְקֶען פָּנִים אִין אַ דִיקֶען שְׁלֵייעֶר.

אַ מִינוּט לַאנְג הָאבֶּען זֵיי זִיךְ בֵּיידֶע אָנְגֶעקוּקְט אִין אַ עֶנְטְפֶערנוּנְג פוּן אַ פִינְף טְרִיטְט.

— כְ'הָאבּ בַּאלְד גֶעוואוּסְט אַז דֶער פוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר וֶועט הָאבֶּען גֶענוּג מוּטְה צוּקוּמֶען זָאגַאר אוֹיף אַ אַנָאנִימֶע אַיינְלַאדוּנְג — הָאט דִי פְרֶעמְדֶע גֶעזָאגְט מִיט אַ שַׁארְפֶע פְרֶעהלִיכֶע שְׁטִימֶע — וִוי בַּאלְד אַזוֹי מוּז אִיךְ אוֹיךְ דֶעם שְׁלֵייעֶר אַרוּנְטֶערְנֶעהמֶען אוּנ שְׁפִּיעלֶען מִיט אַייךְ אִין אָפֶענֶע קָארְטֶען.

---

[1]) ראנדעוואו — צוזאממענקומען, געוועהנליך פון א פערליעבטער פאר.
[2]) אנאנים — מסירות אין א בריעף אהן א אונטערשריפט.

— ס'איז אויך גלייכער, וואָרום נור אין אַזאַ פאלל קענן מען פערדיענען פאלקאממענעם צוטרויען — האָט דער יונגער פולקאָווניק געענטפערט און זיך אַ נייג געגעבען.

די לבנה איז דערוויייל אַרוים פון די וואָלקענס און פּיקאר האָט פּלוצלינג דערזעהן אַ סימפּאַטישע און גלייכצייטיג אַ ערנסטע געזיכט פון אַ יונגעם מאַדכען.

— ווי, דאָס האָט איהר פריילין מיר איינגעלאַדען אויף דער שעה? — האָט ער געפרעגט ניט אָהן וואונדער — פון אייך האָב איך געקראָגען דעם שליסעל פון דעם טהורם?

— יאָ, הערר פולקאָווניק.

פּיקאר האָט אַרויסגענוממען אַ פּעקעל פון צוזאממענגעבונדענע בריעף.

— אַלזאָ, און די אַללע בריעף, וועלכע כ'האָלט יעצט אין מיין האַנד, שטאממען אויך פון אייך?

— יאָ, הערר פולקאָווניק, דאָס בין איך די זעלבע, וועלכע האָט אייך צו וויסען געגעבען פון דעם גראף עסטערהאזים פאַלשע זאַכען.

— וואַהרשיינליך האָט איהר דעם גראַף שטאַרק ניט ליעב?

— ווייניג ניט ליעב, איך פעראַכט איהם פון גאַנצען האַרצען.

— מעג איך פרעגען פאַר וואָס?

— איהר פערשפּאַרט צו פרעגען, ס'איז גענוג כ'זאָלל אייך נור זאָגען ווער איך בין. אַלזאָ, הערר פּיקאר, מיין נאָמען איז לוציע נאַטאַסיוש.

— איהר זייט אַלזאָ די געוועזענע עסטערהאזים כלה?

דאָס מעדכען האָט מסכים געוועזן מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ.

אַז זי האָט צוריק אויפגעהויבען דעם אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ איז איהר געזיכט קוים געווען צו ערקענענען.

איהר ווייסער שטערען האָט זיך געקנייטשט פון כעס און איהר גאַנצער אויפגעפלאַממטער פּנים האָט יעדערען אויסדריקליך געזאָגט, ווי ווייט דאָס יונגע מאַדכען האָט פיינד דעם שוואַרצען מאַיאָר. דאָס איז ניט געווען קיין איינפאַכער כעס אויף אַ מענשען, נור אַ טיעף איינגעוואָרצעלטע שנאה צו דעם, וועלכער האָט זיך ערלויבט אַזוי לייכטזיניג צו זיין מיט איהר האַרץ און זיינע שבועות.

פּיקאר האָט גוט פערשטאַנען וואָס לוציע שפּירט יעצט.

ער איז אַלליין געווען אַ מענש מיט געפיהל און זיין אמת מענשליכע האַרץ האָט אויך פערשטאַנען יענעמס ליידען.

— געעהרטעס פריילין, — האָט ער זיך אָבגערופען — יעצט איז מיר אַלץ קלאָר: ליידער האָט איהר אויף אייער איינגענער פערזאָן זיך געמוזט איבערצייגען אַז עסטערהאזי איז ניט דער עדעלמאַנן פאַר וועמען ער גיבט זיך אָן. איהר ווילט אַלזאָ מיר ר'יהילפיג זיין פון איהם די פאַלשע מאַסקע מיט גוואַלד אַרונטער־צוּרייסען?

– עֶסְטֶערהַאזִי אִיז אֵיינֶער פוּן דִי גֶעפֶּאהרְלִיכְסְטֶע אוּנ פֶערדָארְבֶּענְסְטֶע מֶענְשֶׁען -- הָאט לוּצְיֶע נַאטַאסְיוּשׁ נָאךְ פֶּעסְטֶער גֶעזָאגְט – כְ'הָאב אַלַאנְגֶע צַייט גֶעקְלִיבֶּען רַאֲיוֹת אוּנ יֶעצְט וֶועלל אִיךְ אַללֶע סײנֶע בֶּעווַייזֶע אַייךְ אִיבֶּערגֶעבֶּען, הֶערר פּוּלְקָאוְנִיק.

אוֹיפְגֶערֶעגְט אִיז זִי צוּגֶענַאנְגֶען אַפָּאר טְרִיטט גֶאהנְטֶער אוּנ פִּיקַאר הָאט שׁוֹין יֶעצְט גֶעקֶענְנְט נָאךְ מֶעהר בֶּעוואוּנְדֶערֶען דִי קְלוּגֶע אוֹיגֶען פוּן זַיין נַייֶע בֶּעקַאנְנְטֶע.

– הֶערְט מִיךְ אוֹיס, פּוּלְקָאוְנִיק! – הָאט לוּצְיֶע זִיךְ ווִיעדֶער אָבְּגֶערוּפֶען נָאךְ אַקְלֵיינֶער פּוֹיזֶע – מֵיינְט נִיט חָלִילָה, אַז אִיךְ בִּין אָנְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי, ווַייל עֶר הָאט נִיט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט אוּנ נִיט גֶעוָואללְט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט מִיר. אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ הַיילִיג אַז אִיךְ הָאבּ דֶעם מֶענְשֶׁען קֵיין מָאל נִיט לִיעבּ גֶעהַאט. דֶער צוּפַאלל הָאט אוּנְז צוּזַאמֶמֶענְגֶעבְּרַאכְט אִין אַפְרֶעמְדֶער לַאנְד; מֶערְדֶער זַיינֶען בֶּעפַאללֶען מִיךְ אוּנ מַיין פָאטֶער, אוּנְזֶער לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶוען אִין גֶעפַאהר אוּנ עֶסְטֶערהַאזִי אִיז גֶעווָארֶען אוּנְזֶער גוֹאֵל. צוּמִישְׁט פוּן דֶער אִיבֶּער־רַאשׁוּנְג הָאבּ אִיךְ דַאמָאלְס נִיט גֶעקֶענְנְט ווִיססֶען צוּ עֶר זָאגְט אֱמֶת אָדֶער לִיגֶען. עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארֶען אוֹיף זַיין הָאנֶער אַז עֶר הָאט מִיךְ לִיעבּ אוּנ כְ'הָאבּ נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם פָאטֶערְ'ס רֵייד, אַז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אִיז אַגְרוֹיסֶער בַּעַל חוֹב, אוּנ אִיהְם אָנְגֶעטְרוֹיט מַיין צוּקוּנְפְט, גֶעגֶעבֶּען מַיין הַאנְד...

אַמִינוּט אִיז זִי שְׁטִילל גֶעוָוארֶען.

דֶער פּוּלְקָאוְנִיק פִּיקַאר הָאט דֶערווַייל גֶעהַאט דִי גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּ בֶּע־מֶערְקֶען:

– פַאר עֶסְטֶערהַאזִין, לוֹיט מַיין מֵיינוּנְג, וָואללְט פִיעל ווִיכְטִיגֶער גֶעוֶוען צוּ הָאבֶּען אַייֶער פֶּערְזָאן אֵיידֶער אַייֶער גֶעלְד.

לוּצְיֶע הָאט טְרוֹיֶערִיג אַשָׁאקֶעל גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן קָאפּ.

– נִיט יֶעצְט אִיז דִי צַייט אוֹיף קָאמְפְּלִימֶענְטֶען – הָאט זִי גֶעזָאגְט – אִיבְּרִיגֶענְס בֶּעמִיהְט אִיהְר אַייךְ אוּמְזִיסְט מִיךְ צוּ טְרַייסְטֶען. כְ'בֶּעדַארְף עֶס ווִירְקְלִיךְ נִיט. כְ'וָואלְט גֶעווִיסס פְרַייוִוילִיג מוֹחֵל גֶעוֶוען דֶעם גְרַאף זַיין וָוארְט מִיט זַיינֶע שְׁבוּעוֹת, וֶוענְן כְ'זָאלל נִיט גֶעוָואהְר וֶוערֶען אוֹיף וֶועמֶען עֶר הָאט מִיךְ אוֹיסְגֶעבִּיטֶען. אָט פוּן דֶער זַייט שְׁפִּיער אִיךְ מִיךְ הַארְט בֶּעלֵיידִיגְט, אוּנ זוּךְ נְקָמָה.

– ווִי, עֶסְטֶערְהַאזִי פֶערְקֶעהרְט מִיט אַנְ'אַנְדֶער דַאמֶע? – הָאט זִיךְ דֶער פּוּלְקָאוְנִיק גֶעוואוּנְדֶערְט – אוֹיסְטֶערְלִישׁ! כְ'ווֵייס דֶערְפוּן גָאר נִיט.

– דָאס אִיז דִי גַאנְצֶע זַאךְ, אַז עֶסְטֶערְהַאזִי'ס גֶעלִיעבְּטֶע אִיז זָאגַאר נִיט וֶוערְט צוּ טְרָאגֶען דֶעם נָאמֶען „דַאמֶע”, זִי אִיז אַאַלְטֶע פֶערבְּרֶעכֶערִין, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהָאדֶעוֶועט אִין שְׁמוּטְץ אוּנ זִינְד. דִי בֶּעסְטֶע אוֹיסְקִינְפְּטֶע אִיבֶּער דֶער פְרוֹיא אוּנ אִיהְר מִשְׁפָּחָה פוּן וֶועלְכֶע זִי שְׁטַאמְמְט אַרוֹיס, קֶענְן אַייךְ גֶעבֶּען דִי גֶעהַיים־פָּאלִיצַיי.

– און מיט אַזאַ פרוי איז ער בעקאַנט און מיט איהר פיהרט ער אַ ראָמאַן?

– יאָ, אַט די אונפּערשעמטע פרוי, אַט די אויסוואורף פון פּאַריז איז די געליעבטע פון דעם גראַף עסטערהאַזי, זי איז זיין יועץ, זיין פריינדין, מיין פאַטער, וועלכער איז אַליין אַ בעוואוסטער קרימינאַליסט, האָט געשוואָרען זיין טאָכטערס חרפּה ניט צו שיינקען און זיך נוקם צו זיין אָן דעם שוואַרצען מאַיאָר. מיין פאַטערס אַגענטען געבען גוט אַכטונג אויף דעם גראַף און ער מאַכט ניט איין טריט אָהן זייער וויסען.

– נו, און וואס זייט איהר געוואָר געוואָהרען? – האָט געפרעגט נייגעריג דער פּאָלקאָווניק פּיקאַר, ביי וועמען דער אינטערעס איז גראָסער געוואָרען מיט יעדער מינוט און מיט פערגעניגען האָט ער יעצט געשפּירט אַז יעצט בעקוממט ער גאָר נייע אונפּערהאָפּטע מאַטעריאַל צו ענטדעקען דעם טויגעניכטס סודות.

– ערשטענס זיינען מיר געוואָהר געוואָרען אַז עסטערהאַזי איז מיט אַמאָל רייך געוואָרען. מיין פאַטער האָט ער צוריקגעצאָהלט די הונדערט טויזענד פראַנק וועלכע ער האָט פון איהם געבאָרגט; אויסערדעם האָט ער בעצאָהלט אַללע חובות און זיצט נאָך אויף געלד. גלייכצייטיג איז אויך זיין געליעבטע דורך איין נאַכט רייך געוואָרען.

זי האָט זיך אַרויסגעצויגען פון דער מוטטערס שיינק און געדונגען אַ וויללע ניט וויים פון דעם טהורם, דאָרטען לעבט זי גראַפיש, מיט דיענער און דיענסטען; פאָהרט אין קאַרעטעס און גאַנצע נאַכט שפּיעלט מען ביי איהר אין קאָרטען, געוועהנליך, קיין אָרדענטליכע גאַסט קוממען ניט אַהין.

אונזערע אַגענטען זיינען אויך געוואָהר געוואָרען אַז דער גראַף האָט שטענדיג די באַנק[1] און די קאָרט געהט איהם יעדעס מאָל זעלטען גליקקליך.

געוועהנליך האָט דעם גראַפס געליעבטע אויף דעם נאָמען געענדערט, כדי די נייע ראַללע ריכטיג אָבצושפּיעלען.

צווישען די גנבים איז זי בעקאַנט מיט די נאָמען „פּוטיפרע" און „די מאוסע", ווייל דאָס געזיכט איז איהר שרעקליך צוראַצט פון איינשניטטע מיט אַ מעססער, היינט אָבער הייסט זי – „פרוי בולאַנזי".

– פרוי בולאַנזי – האָט פּיקאַר עטליכע מאָל איבערגעזאָגט – גיין, דעם נאָמען וועלל איך שוין ניט פערגעססען.

– פערלייפיג האָב איך אייך מעהר ניט וואס צו זאָגען, הערר פּאָלקאָווניק! – האָט לוציע ווייטער געזאָגט – כ'האָב אייך נור געוואָלט בעטען איהר זאָלט מיך ניט פאַלש חושד זיין, וואָס כ'האָב מיך בעשלאָסען שפּעט ביי דערנאַכט אַלליין אַהער צו קוממען. אונזער קאַרעטע וואַרט אונטען ניט וויים פון דאַננען. מיין פאַטער ווייס אַז איך בין יעצט דאָ און ער בעשטעהט אויף דעם. כ'האָב מיך מיט אייך

[1] די באַנק – אַ געוויססער קאָרטען־שפּיעל אין אַ באַנק.

גֶעמוּזְט זֶעהֶען אוּנ אַנְדֶערסְווִאוּ הָאבּ אִיךְ אֵיינְפַאךְ מוֹרָא גֶעהַאט זִיךְ מִיט אַייךְ צוּ טְרֶעפֶען, וַוייל אוּנְזֶערֶע רֵייד מוּזֶען דָאךְ גֶעוָוֶאהנְלִיךְ בְּלַייבֶּען בְּסוֹד־סוֹדוֹת, כְּ'וַויים אָבֶּער אַז אִין שְׁטָאדְט גֶעהֶען אַייךְ נָאךְ אוּנְזֶער שׂוֹנְאִים שְׁפִּיאָנֶען. דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם שְׁפִּיטָץ פוּן דֶעם מְהוּרִם, וואוּ קֵיינֶער קֶענְן שׁוֹין נִיט צוּקוּמֶען.

— כְּ'וַוייס נִיט וִוי אַייךְ צוּ דַאנְקֶען, גֶעעֶהרְטֶע לוּצְיֶע — הָאט פִּיקַאר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — מִיט אַייעֶר קוּמֶען הָאט אִיהְר נִיט נוּר מִיר גֶעטְהוּן אַ טוֹבָה, נוּר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, וֶועלְכֶע גְלוֹיבְּט אִין דִי וַואהְרְהַייט אוּנ שְׁטְרֶעבְּט אַז דֶער אֶמֶת זָאלל הָאבֶּען אַ קִיוּם. אִיךְ קֶענְן אַייךְ נוּר דִי הַאנְד דְרִיקֶען וִוי אַ אֶמֶתֶער גוּטֶער פְרַיינְד.

לוּצְיֶע הָאט אִיהְם דֶערְלַאנְגְט אִיהר הַאנְד.

— אַדְיֶע, הֶערר פִּיקַאר — הָאט זִי גֶעזָאגְט.

— פִּיעלַייכְט וָואלְט בֶּעסֶער גֶעוֶוען כְּ'זָאלל אַייךְ בֶּעגְלַייטֶען בִּיז דֶער קַארֶעטֶע? — הָאט דֶער פוּלְקָאוְנִיק מִיט רֶעשְׁפֶּעקְט גֶעפְרֶאגְט — רוּהִיג קֶענְן אִיךְ שׁוֹין נִיט בְּלַייבֶּען בִּיז כְּ'וֶועלל זֶעהֶען, וִוי אַייעֶר וָואגֶען פָאהְרְט שׁוֹין אָבּ פוּן דֶעם לֵיידִיגֶען פְּלַאטְץ.

— לֵיידֶער קֶענְן אִיךְ דַארוּף נִיט בֶּעשְׁטֶעהן — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייבֶּעל — פַאר אוּנְז בֵּיידֶען טוֹיג נִיט מֶען זָאל אוּנְז זֶעהֶען צוּזַאממֶען. אִיבְּרִיגֶענְס הָאבּ אִיךְ דָאךְ נִיט וַוייט צוּ גֶעהן, כְ'וֶועל שׁוֹין אַלֵיין טְרֶעפֶען דֶעם וֶועג. נָאךְ אַמָאל אַדְיֶע.

— נִיט אַדְיֶע, נוּר צוּם וִויעדֶערְזֶעהֶען — הָאט פִּיקַאר פֶערְבֶּעסֶערְט. עֶר הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וִוי אַזוֹי דִי לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער זַיינֶען אִיהְם אַרוֹיס פוּן מוֹיל.

לוּצְיֶע אִיז דֶערְוַוייל הַאסְטִיג אַרָאבּ פוּן דִי טְרֶעפּ. זִי אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנ נִיט בֶּעמֶערְקְט דִי פִינְסְטֶערְקַייט וֶועלְכֶע הֶערשְׁט אַרוּם אִיהר. אִינְוֶוייניג אִיז אִיהר גֶעוֶוען לִיכְטִיג, פְרֶאהלִיךְ.

פֶעסְט, אָהן מוֹרָא אִיז זִי גֶעגַאנְגֶען אִיהר וֶועג.

סְ'קֶען זַיין אַז זִי הָאט פִּיעל גֶעבּוֹיט אוֹיף יֶענֶעם מוּנְטֶערֶען עֶהְרֶענְמַאנְן, מִיט וֶועלְכֶען זִי הָאט זִיךְ נוּר וָואס גֶעזֶעגְנֶעט.

אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעהְט אִיהר אַרִיבֶּער אִיבֶּער דִי לִיפֶּען וֶוענְן זִי דֶערְמָאנְט זִיךְ אָן אִיהְם.

וִוי רוּהִיג, וִוי קְלוּג זַיינֶען זַיינֶע וֶוארְטֶער, וִוי גֶעלַאסֶען, וִוי מָלֵא־חֵן אִיז זַיין בֶּענֶעהמוּנְג!

דָאס הֵייסְט אַ מֶענְשׁ! שְׁטָאלְצִירֶען מֶעג אַ לַאנְד, וֶוענְן זִי הָאט פִּיעל אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער וִוי דֶער פוּלְקָאוְנִיק פִּיקַאר. וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְשֵׁייד אִיז פוּן אִיהְם בִּיז דֶעם שְׁווַארְצֶען מַאיָאר.

יֶענֶער אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען קַאלְטְבְּלִיטִיג אוּנ גֶעלַאסֶען נוּר דַאמַאלְס, וֶוענְן מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט אָבְּנַארֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, פֶערְמַאסְקִירֶען אַלֶע בֶּאזֶע מַעֲשִׂים אוּנ מַחֲשָׁבוֹת.

אונ אַ זעלטענע זאַך, לוּצֶיעֶן קענֶן אויף קיין פאלל ניט אָבטרעטען פון דיִ אויגען פּיקארם געזיכט. אָט, דאַכט זיך איהר, געהט ער איהר נאָך טריטט ביי טריטט, דאָ אויף דער טרעפּ פון דעם אייפעל טהורם.

ענדליך האט זי שוין געהאַלטען ביי דער צווייטער גאַלעריע.

זי האט זיך אויף א מינוט אָבגעשפּארט אָן די אייזערנע וואַנד, זיך עטוואס אָבצורוהען.

פּלוצלינג איז איהר אַריבער א שווינדעל.

זי האט מיט אַמאָל דערהערט איבער זיך עטליכע שטימען.

וואס קענן דאס בעדייטען?

זאלל שוין פּיקאר זיין אַראבגעגאַנגען אונ רעדט שוין צו זיך אַלליין? ניין, זי הערט אויסדריקליך עטליכע שטימען אונ טריט, וועלכע געהען די טרעפּ אַרויף.

באלד אָבער האט זי וויעדער געמוזט מודה זיין, אַז דאס האט זיך איהר נור געדאַכט. לאַנגזאם האט זי געעפענט די טהיר פון טהורם אונ אַרויסגעגאַנגען.

רינגס אַרום איז געווען שטילל, קיין גערודער, קיין הילך.

געהענדיג צום וואגען האט זי זיך אָבער דערמאָנט אַז אויבען האט זי איבערגעלאַזען איהר נאָטיץ-בוך אונ אַטאַשענטוך, וועלכע זי האט אַרויפגעהענדיג געהאַלטען אין דער האַנד אונ נאָכדעם פערגעססען מיטצונעהמען.

זי מוז זיך דורכאויס באלד אומקעהרען.

אין דעם נאָטיץ-בוך זיינען בעגראָבען אַללע סודות פון דעם שוואַרצען מאַיאָר, אונ ס'וואללט ניט געטויגט אַ פרעמדע אויג זאלל עס זעהען.

זי האט זאַנאַר ניט געהאט קיין גרויס חשק צוריק צו געהען. אויסער דיִ מיה האט איהר ניט געגלוסט זיך וויעדער צו טרעפען אַלליין מיט פּיקארען, ער קענן זי נאָך אומזיסט חושד זיין. ס'העלפט אָבער ניט, זי מוז געהן.

מיט א שווערען זיפץ האט זי וויעדער געעפענט די טהיר. צום צווייטען מאָל זענען שוין די יונגע דעליקאַטע פיסלעך ניט אַזוי האסטיג געלאָפען איבער די שווערע שווינדעל-טרעפּ.

פערמאַטערט האט זי אויף דעם פינפטען שטאָק זיך אָבגעשטעללט דעם אָטהעם אָבצוזאַפּען;

דורך דעם אָפפענעם באַלקאָן האט זי מיט פערגעניגען געצויגען אין זיך די פרישע פריהלינג-לופט.

קוים אָבער איז זי שטעהען געבליבען אויפ'ן באַלקאָן האט זי איבער אַ נייעם אַ ציטטער געגעבען.

פון דער הויך האט זיך געהערט אַ געשריי „ראַטעוועט“.

לוּצֶיעֶ, ווי מיר ווייססען שוין איז ניט פון די שרעקעדיגע פרויען. אין דער

הִינְזִיכְט אִיז זִי זָאגַאר אַ אויסְנַאהמֶע אוּנ הָאט וָוענְן מֶען דַארְף בַּיי זִיךְ אַ קְלֵיין רֶעוָואלְוֶוער אויךְ.

זִי וֶועט נִיט עֶנְטְלויפֶען פוּן גֶעפַאהר, בִּפְרַט דַאמָאלְס, וֶוענְן פוּן אויבֶּען בֶּעט רַחֲמִים אַזָא מֶענְשׁ וִוי פִּיקַאר.

הַאסְטִיג, וִוי פוּן אִימְפֶּעט, אִיז זִי ווִיעדֶער גֶעלָאפֶען דִי טְרֶעפּ אַרוּיף.

וָואס דָארְטֶען טְהוּט זִיךְ יֶעצְט הָאט זִי נִיט גֶעווּאוּסְט, דָאס הַארְץ הָאט אִיהר נוּר גֶעזָאגְט אַז זִי מוּז לויפֶען וָואס שְׁנֶעללֶער אוּנ מִיט יֶעדֶען שְׁטַאפֶּעל פוּן דִי הויכֶע טְרֶעפּ אִיז זִי גֶעוָוארֶען אַלְץ מֶעהר אוּנְרוּהִיגֶער אוּנ פוּן דִי לִיפֶּען אִיז נִיט אַרָאבּ דִי פְרַאגֶע:

— וָואס אִיז דָארְטֶען גֶעשֶׁעהן? גָאטט מַיין גָאטט, וָואס אִיז דָארְטֶען גֶעוָוארֶען?

## XVII.

## פִּיקַארְס לֶעבֶּען אִיז אִין גֶעפַאהר.

נָאכְדֶעם וִוי לוּצְיֶע הָאט גֶעזָאגְט אִיהר לֶעצְטֶען „אַדְיֶע” אִיז פִּיקַאר נָאךְ אַ צַייט לַאנְג שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען אויף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט אָהן בֶּעוֶועגוּנְג.

דָאס רַאנְדֶעוואוּ אויף דֶעם שְׁפִּיטְץ פוּן דֶעם אֵייפֶּעלְס־טְהוּרְם אַלֵיין מִיט לוּצְיֶען הָאט אויף אִיהם גֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען אוּנְפֶערְהָאפְטֶען אַיינְדְרוּקק.

בִּיז יֶעצְט הָאט דֶער יוּנְגֶער פּוּלְקָאוְונִיק גַאנְץ וֶוענִיג פֶערְקֶעהְרְט מִיט פְרוֹיֶען, אָבְּוָואהל נִיט אֵיינֶע פוּן פַּארִיזֶער מֶאדְכֶען וָואלְט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ גֶעשֶׁאצְט צוּ וֶוערֶען זַיין וַוייבּ.

עֶר הָאט גֶעוַוייכְט פֶערְגַוויילוּנְגֶען, נוּר פַאסְט דִי גַאנְצֶע צַייט פֶערְבְּרַאכְט אֵיינְזַאם אִין זַיין קַאנְצֶעלַארְיֶע, צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע לַאנְד־קַארְטֶען אוּנ בִּיכֶער, וֶועלְכֶע גֶעהֶערֶען צוּם הויפְּטְשְׁטַאבּ. עֶר הָאט דַארִיבֶּער גִיךְ אַוַואנְסִירְט אוּנ נָאךְ גָאר אִין דִי יוּנְגֶע יָאהרֶען עֶרְרַייכְט פִיעל כָּבוֹד אוּנ זֶעהר אַ גְרוֹיסֶען טִיטוּל.

אוּנ שְׁטֶאנְדִיג בֶּעשֶׁעפְטִיגְט הָאט עֶר גָאר קַיין מָאל קַיין צַייט נִיט גֶעהַאט זִיךְ אַריינְצוּלָאזֶען אִין „לִיעבֶּעס”, זוּכֶען פֶערְגַוויילוּנְגֶען אוּנ אַמוּזִירוּנְג אִין גֶעזֶעללְשַׁאפְטֶען פוּן יוּנְגֶע לַייט אוּנ פְרוֹיֶען.

דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעקָאנְנְט זָאגֶען, אַז עֶר הָאט נִיט פֶערְבְּרַאכְט אַ מִינוּט לֵיידִיג אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר אויךְ קַיין מָאל קַיין צַייט נִיט גֶעהַאט.

אוּנ מִיט אֵיין מָאל הָאט זִיךְ בַּיי דֶעם יוּנְגֶען פּוּלְקָאוְונִיק אָבְּגֶערוּפֶען אַ גֶעפִיהל, וֶועלְכֶער אִיז בִּיז יֶעצְט גֶעלֶעגֶען טִיעף בֶּעהַאלְטֶען בַּיי אִיהם אִין הַארְצֶען.

דָאס אִיז דֶער גֶעפִיהל, וֶועלְכֶער מַיידְט נִיט קַיין מֶענְשֶׁען פְרִיהֶער צוּ שְׁפֶּעטֶער.

פּיקאר איז גאהנטער בעקאנט געוואָרען מיט די מוטהיגע אונ סימפּאטישע לוציען אוּן איהם איז שוין באַנג געוואָרען, צו וואס זי איז אזוי שנעלל אוועק, איהם האט זיך געדאכט אז זי בעדארף גאר זיין שטאנדיג געבען איהם, ער זאלל שטאנדיג הערען איהר זיסען קול, שטאנדיג אנקוקען איהרע קלוגע אויגען.

פּיקאר האט זיך צום ערשטען מאל אין זיין לעבען דערמאנט אז ער איז אויך א מענש, גלייך מיט אללעמען, וועלכער מעג געניסען פון אללע פערגניגונגען פון דער וועלט, אונ האט דעם זעלבען חלק אין דער נאטור, וואס אללע זיינע יונגע חברים.

— נור מיט וועמען? אונ דער יונגער פולקאווניק האט א שמייכעל געגעבען. איז דענן ניט יעצט נור וואס פאר איהם געשטאנען א מאדכען וועלכע האט אללע מעלות: קלוג אונ גוט, סימפּאטיש אונ סאליד?

אט מיט אזא מאדכען קענן א מענש גליקליך זיין, אונ אפשר איז עס טאקי א גליק וואס עסטערהאזי האט זי אוועקגעווארפען.

עסטערהאזי אונ זי? וואס פאר א קאנטראסט, א חלוק ווי צווישען טאג אונ נאכט, אזוי ווייט ווי פון הימעל ביז ערד.

לוציע איז א ערליך קינד, ריין ווי די זונן, קלאר ווי די לבנה, עדעל, דעליקאט אונ מוטהיג. אונ דער שווארצער מאַאר, א אויסוואורף, וואס איז ניט ווערט גלאט וואס ער לעבט אויף דער וועלט, פאר געלט פערקויפט ער זיך אונ זיין פאטערלאנד, פאר געלד מאכט דער גראף עסטערהאזי פאלשע וועקסלען אונ ווארפט אריין די בעסטע קאמעראדען אין א אבגרונד פון אומגליקען.

— א דאנק דיר גאטט! — האט זיך פלוצלינג פּיקאר אבגערופען — וואס דו האסט געראטעוועט די יונגע שעפעלע פון דעם טיגערס האנד. יעצט קענן איך נאך האָבען א האפנונג לוציען אנצורופען אמאל: מיין פרוי.

— א פרוי? — האט ער זיך ווידער אלליין איבערגעפרעגט — אונ וואס וועט זאגען די וועלט? נאטאַריושעס מאכטער זאלל זיין מיין פרוי?

אונ אין די אויגען איז איהם פלוצלינג פינסטער געוואָרען, אין אללע גליעדער קאלט. א ביטטערער געדאנקען האט איהם אנגעהויבען צו לעבערען דעם מח.

קענן ער דענן ווירקליך חתונה האבען מיט דעם נאטאריוסעס טאכטער, וועלכער איז בעקאנט אין גאנץ פאריז ניט פון דער גוטער זייטע, יעדערער ווייסס אז דער אלטער נאטאריוש איז אמאל געוועזן א ווינקעל אדוואקאט [1], א פּראצענטניק, וועלכער האט געמאכט זיין גרויסס פערמעגען דורך פערשיעדענע אוואנטורעס.

פאר פּיקארס ערליכען כאראקטער איז דער יחוס געוועזן ניט זעהר פאסענד.

---

[1]) א ווינקעל־אדוואקאט — פאקאנטני דאראצא.

אַ וויילֶע, אוּנ זַיין עֶרְלֶער חַאראַקְטֶער האָט גוֹבר גֶעוועֶן איבּער דֶער וועֶלְט־מיינוּנג.

— ווער האָט דענן די חוּצפּה צוּ טאַדְלען דאס קינד פאַר די עֶלְטֶערֶנס חטאים? — האָט ער זיך אַלליין בּאַז געפֿרעגט — וואָס איז דענן לוּצי׳ע שוּלדיג אַז איהר פאַטער איז אַמאָל געוועֶן ניט קיין הויפּט־אָרדענטליכער מאַנן? זי אַלליין האָט דאָך קיין מאָל ניט גֶעזינדיגט, איהר האַרץ איז ריין אוּנ אוּנשוּלדיג אוּנ גליקליך וועט זיין דער מאַנן, וועמען זי וועט שיינקען איהר ליעבּע אוּנ האַרץ. איך בּעגעהר דאָך ניט אַזוֹי ווי עסטערהאַזי דעם פאַטערס מיללִיאָנען, נור לוּצי׳ען, לוּצי׳ען אַלליין, אָהן דעם נאַטאַריוּסעס פערמעגען...

די לעצטע ווערטער זענען איהם געבּליבּען שטעהען אין האַלז.

אויפגעוועקט ווי פון אַ חלום האָט ער פּלוּצלינג דערזעהן נעבּען זיך שטעהענדיג דריי פרעמדע פיגוּרען.

ער האָט נור געוואָרפען אַ בּליק אוּנ די מינוּט דערקענט אַז די מיטטעלסטע פיגוּר איז אַ איבּערגעטהוּנע נקבה.

אויף דער לינקער באַק איז געוועֶן אַ לאַנגער צייכען אוּנ פּיקאַר האָט ניט ווילענדיג געזאָגט צוּ זיך:

— די מאוּסע פוּטיפרע — פּרוי בּולאַנסי.

בּיי איהם אין מח זענען נאָך געוועֶן פריש אַללע זאַכען וואָס לוּצי׳ע האָט איהם ערצעהלט איבּער די מענשען אוּנ פּיקאַר האָט מיט שרעק פערשטאַנען נאָך וואָס זיי זענען אַהער געקוּמען.

— ווער זייט איהר? וואָס פערלאַנגט איהר? — האָט ער האַסטיג געפרעגט אוּנ גלייכצייטיג האָט ער אַראָבגעלאָזען די האַנד אין דער טאַש, וואוּ ס׳איז געלעגען פאַרבּעריט דער רעוואָלווער. דאָס איז איהם אָבּער ניט געלוּנגען.

איינער פון די דריי מענשען האָט האַסטיג איהם אַרויפגעוואָרפען אויף׳ן קאָפּ אַ נעטץ אוּנ פּיקאַר האָט געשפּירט ווי ער ווערט געבּוּנדען אויף אַללע זייטען.

דאַמאָלס האָט ער אַ געשריי געגעבּען, אוּנ דעם קול האָט לוּצי׳ע דערהערט געהענדיג צוּ דער קאַרעטע.

אויף דעם געפאַנגענען זענען די מערדער בּעפאַללען גלייך ווי פישער, ווענן זיי פאַקען אַ גרויסען ים־פיש אוּנ האָבּען מורא ער זאָלל זיך פון נעטץ ניט אַרויסקריגען.

פּיקאַר האָט דעם זינן ניט פערלאָרען אוּנ דאַריבּער האָט ער פערשטאַנען אַז ס׳איז אוּמזיסט זיין מיה: די דריי מערדער זענען שטאַרקער פאַר איהם איינעם דעם געבּוּנדענעם.

— רעכענט זיך אָב מיט דעם שפּאָן אַזוֹי ווי ער האָט פערדיענט — האָט

דֶערְוַוייל זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דִי פֶערְקְלֵיידֶעטֶע פְרוֹי צוּ אִיהרֶע חֲבֵרִים — זָאלל עֶר אִיבֶּערְהֶערֶען נָאכְצוּקָאנְטְרָאלִירֶען אַנְדֶערֶע אוּנ וֶועלְלֶען זֵיי אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען.

נָאכְדֶעם הָאט זִי זִיךְ אַיינְגֶעבוֹיגֶען אוּנ אָנְגֶעקוּקְט דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶעם גְלַייךְ אִין פָּנִים.

— ס'אִיז גֶעקוּמֶען דֶער סוֹף, פּוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר! — הָאט זִי גֶעזָאגְט מִיט אַ טַייפֶעלְשֶׁען גֶעלֶעכְטֶער — דוּ הָאסְט אַרוּמְגֶעיָאגְט דֶעם גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי, אוּנ דִיר הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז דוּ בִּיסְט שׁוֹין פוּן אוֹיבֶּען, בִּיסְט דוּ דֶערְפַאר הַיינְט אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען אִין מַיין נֶעטְץ. מָארְגֶען אָבֶּער וֶועט מֶען דֶעם צוּמָאלֶענֶעם קֶערְפֶּער גֶעפִינֶען אוּנְטֶער דֶעם אֵייפֶעלְס־טְהוּרְם אוּנ דַיין שְׁטֶעלֶע אִין הוֹיפְּט־שְׁטַאבּ וֶועט טַאקִי פֶערְטְרֶעטֶען דַיין שׂוֹנֵא, גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי.

— זִינְדִיגֶע פְרוֹי — הָאט נָאךְ גֶעהַאט פִּיקַאר כֹּחַ אַרוֹיסצוּרֶעדֶען — נִיט דֶערְלֶעבֶּען וֶועסְט דוּ עֶס, גִיכֶער וֶועסְט דוּ צוּזַאמֶען הֵיינְגֶען מִיט דַיין גֶעלִיעבְּטֶען שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר אוֹיף אֵיין הַאלְץ.

— אוֹיבּ מֶעגְלִיךְ, נוּר פַארְדֶעם וֶועלל אִיךְ הָאבֶּען דָאס פֶערְגֶענִיגֶען זִיךְ אַיינְצוּקוּקֶען וִוי דֶער פּוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר וֶועט מַאכֶען זַיין לוּסְט־רַייזֶע פוּן אוֹיבֶּען אַרָאפּ. אַ שָׁאד וָואס כ'וֶועלל נִיט קֶענְנֶען הֶערֶען וִוי דַיינֶע בֵּיינֶער וֶועלְלֶען צוּקְנַאקְט וֶוערֶען בַּיים אַרָאבְּפַאלְלֶען. הוֹיבְּט אִיהם נוּר אוֹיף, קִינְדֶער!

דָאס אִיז אָבֶּער נִיט גֶעוֶוען אַזוֹי לַייכְט וִוי עֶס רֶעדְט זִיךְ.

דֶער פּוּלְקָאוְונִיק הָאט שְׁוֶוער גֶעוָואגֶען אוּנ בֵּיידֶע מֶערְדֶער צוּזַאמֶען זֶענֶען נִיט גֶעוֶוען אִים שְׁטַאנְד אִיהם אוֹיפצוּהוֹיבֶּען.

דֶערְוַוייל הָאט עֶר אִיהם גֶערָאטֶען אַרוֹיסצוּצִיעהֶען פוּן דֶער טַאשׁ דֶעם רֶעוָואלְוֶוער.

— אַ שָׁאסס — אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי מֶערְדֶער אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלְלֶען טוֹידְט.

— הַאלְט! — הָאט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען פּוֹטִיפֶרַע צוּם צְווייטֶען בַּאנְדִיט — לָאז נִיט אָבּ, עֶר טָאר פוּן נֶעטְץ צוּרִיק נִיט אַרוֹיס, אַנִיט זַיינֶען מִיר אַלֶע פֶערְפַאלְלֶען מִיט'ן לֶעבֶּען. מֵיין נִיט, פּוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר! דוּ בִּיסְט נָאךְ נִיט פַארְטִיג אִין גַאנְצֶען.

וִוי אַ ווִילְדֶע חַיָה אִיז עֶסְטֶערְהַאזִי'ס גֶעלִיעבְּטֶע צוּגֶעפַאלְלֶען צוּ פִּיקַארֶען, אִיהם צוּ שְׁטֶערֶען דֶעם אַרוֹיסגַאנְג פוּן נֶעטְץ. אִיהר ווִילְדְקַייט הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָבְּגֶע־שְׁלָאגֶען אוֹיף דֶעם צְווייטֶען בַּאנְדִיט.

— דוּ הָאסְט אוּנְזֶער חָבֵר גֶעשָׁאסֶען — הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען צוּם פּוּלְקָאוְונִיק — אוּנ דוּ מֵיינְסְט, אַז דָאס וֶועט דִיר וֶוערֶען גֶעשָׁאנְקֶען. נֵיין, בְּלוּט פַאר בְּלוּט! לֶעבֶּען פַאר לֶעבֶּען!

אוּנ בַּיי דִי וֶוערְטֶער הָאט עֶר אַרוֹיסגֶעצוֹיגֶען אַ שַׁארְפֶען מֶעסֶער.

מיט טוידט שרעק האט פּיקאר געזעהן ווי דער מערדער רוקט זיך צו צו איהם מיט דעם מעסער...

אלס מתרייסט האט ער אבער אין דער זעלבער סעקונדע דערהערט א בעקאנטע שטימע וועלכע האט געשריגען:

— אהער, פּאליציי, דאס זיינען זיי די וואס מיר זוכען.

די פּאר ווארטער האבען געהאט די בעסטע ווירקונג.

פֿיל פון בויגען איז „פּוטיפּרע" מיט איהר שותף אראבגעלאפען פון די טרעפּ.

קיינער האט זיי ניט געשטערט, ווייל לוציע איז שוין דאמאלס געווען בעשעפטיגט צו בעפרייען דעם עהרליכען מאנן פון דער מערדערישען געטץ.

א מינוט שפּעטער איז שוין פּיקאר געשטאנען אויף די פיסס.

— פרייליין נאטאסיוש! — האט ער געריהרט געזאגט און זיין קול האט געציטערט — לוציע! דאס זייט איהר? אלזא אייך האב איך צו פערדאנקען מיין לעבען, מיין פרייהייט, איהר זייט מיין מלאך?

דאס מאדכען איז רויט געווארען;

מיט א שמייכעל האט זי געדריקט פּיקארס האנד.

— איינגענטליך, העדר פולקאווניק, האב איך זאגאר א האנד ניט צוגעלייגט צו אייער בעפרייאונג — האט זי געזאגט מיט א קלארע, רוהיגע שטימע — כ'בין נור געווען א גוטער שליח. אללענפאללס פרייט עס מיר זעהר, אז דורך מיין איין געשריי האב איך צוריקגעקראגען פאר די ארמע א בראווען אפיציר און פאר דער וועלט א זעלטען עהרליכען מאנן.

פּיקאר האט זיך א גייג געגעבען און מיט רעשפּעקט א קוש געטהון לוציעס דעליקאטע האנטעל.

— פרייליין — האט ער געענטפערט נאך אלץ געריהרט — קיין מאל וועל איך אייך ניט פערגעסען דעם חסד, וואס איהר האט מיט מיר געטהון און איך בלייב פון היינטיגען טאג אייערער עוויגער בעל חוב. כ'דאנק אייך טויזענד מאל, פרייליין לוציע, און אלס בעלאהנונג קענן איך מיין רעטטערין נור אנמוטהען דאס וואס זי האט מיר געשענקט... דאס הייסט מיין לעבען!!!

— העדר פולקאווניק — העדר פולקאווניק פּיקאר! — האט לוציע יעצט געענטפערט אויך מיט א אויפגערעגטע שטימע — פון דאנקבארקייט האב איך אמאל געפּרובירט אנמוטהען מיין צוקונפט און מיין גליקק א מענשען, וועלכער האט עס ניט פערדיענט. דער סוף וואס דערפון איז געווארען ווייסט איהר דאך...

איהר ווילט היינט פון רחמנות וועגען דורך דאנקבארקייט אבוואשען יענעם פלעק... זאגט אלליין צו מעג איך עס אננעהמען?

ביי די ווארטער זיינען לוציעס אויגען פייכט געווארען פון טרערען און זי האט זיך אבגעקעהרט אן א זייט.

פיקאר האט שוין לייננער ניט געקענגט איינהאלטען די געפיהלע , וועלכע האבען איהם געדריקט די ברוסט . האסטיג האט ער גענוממען לוציען פאר די האנד און מיט פייער געזאגט :

– ניין , ליעבע לוציע , אין דער מינוט זאלל צווישען אונז גאר ניט געדאכט ווערען וועגען דאנקבארקייט און נאך אזעלכע ווערטער , וועלכע פאססען ניט פאר אונז . כ'ליעב דיך לוציע , דיינע אויגען , דיין גייסט , דיין מוטה , מיט איין ווארט , דיך אלליין , אט אזוי ווי דו שטעהסט און געהסט און כ'בעט דיך , מיין טהייערע , מיין זעלטענע לוציע , הער אויס מיין געבעט און שטויס ניט אב דעם ארעמען פולקאוניק פיקאר , וועלכער פערמעגט ניט קיין רייכטהום , ניט קיין גראפישע קרוין , נור א ריין הארץ , וועלכעס האט צום ערשטען מאל פערזוכט , וואס ס'הייססט ליעבע און דאריבער וועט ער אויך קיין מאל זיין ווארט ניט ברעכען און ליעבען שטענדיג , שטענדיג אהן א אויפהער ...

לוציע האט זיך וואס א מאל נאהנטער צוגערוקט צו איהם און זי האט אלליין ניט געוואוסט ווי אזוי איהר קאפ איז אניעדערגעפאללען אויף זיין ברוסט . איהר בוזעם האט זיך האסטיג בעוועגט און די קלוגע אויגען האבען יעצט געשיינט פון פרייד און גליקק .

– איך ליעב דיך פיקאר – האט זי קוים געקענגט ארויסרעדען ;

אז פיקאר האט נאכדעם געוואללט פערזיגלען די ערשטע ליעבע מיט א הייססען קוש , האט זי זיך געשיקט ארויסגעקראגען פון זיינע פעסטע ארעמס און מיט א שמייכעל געזאגט :

– ניין , פיקאר , יעצט ניט , ווארט ביז די וועלט וועט געוואהר ווערען פון אונזער פערלאבונג . מארגען , אז דער ערשטער רויש וועט אריבערגעהן ...

– לוציע , זיססע ליעבע לוציע ! – האט ער איהר ניט געלאזט ענדיגען .

– ניין , לאז מיך אויסזאגען אלץ – האט זי איהם אויך איבערגעהאקט די רייד – מיט מיר ביסט דו שוין אפשר פארטיג , כ'גלויב דיר , מארגען אבער וועללען דיר מענשען ערצעהלען פיעל זאכען וועגען מיין פאטער . אין גאסס וועסט דו געוואהר ווערען אז מיין פאטער האט זיין רייכטהום ערווארבען ניט אויף דעם עהרליכען וועג . איך , אלס טאכטער , קען דיר גאר ניט זאגען וועגען זיינע געשעפטען , ווארום איך פערשטעה מיך דארויף ניט .

איין זאך ווייסס איך נור , אז געגען מיר איז מיין פאטער אללע מאל געוועזען מילד און גוט .

דאמאלס , פיקאר , אז דו וועסט דיך האבען גוט איבערלייגט , מעגסט דו קוממען צו אונז אין הויז , און ווי דער מנהג איז , בעטטען אפיציעלל מיין האנד , נור אללענפאללס , ווענן דו וועסט אפילו חרטה האבען אויף היינטיגער היטץ , איך , פון מיין זייט , פיקאר , וועל דיר בלייבען שטענדיג געטריי און כ'נעהם מיר איין

עֲדוּת גָאטְטֶס הִימְמֶעל מִיט זַיין לְבָנָה אוּנ' שְׁטֶערֶען, אַז קֵיינֶער, אוֹיסֶער דִיר, וֶועט מַיין מַאנן נִיט וֶוערֶען.

— נַיין, לוּצְיֶע, דוּ פֶערשְׁפַּארְסְט מִיר גָאר צוּ שְׁוֶוערֶען דַארִיבֶּער, וַוייל כ'וֶועלל עֶס אַלַיין נִיט צוּלָאזֶען. מָארְגֶען וֶועסְט דוּ זַיין פֶערלָאבְּט מִיט מִיר אוּנ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט וֶועט דֶערפוּן בַּאלְד גֶעוָואהר וֶוערֶען.

עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל גֶעקוּשְׁט אִיהְר דֶעלִיקַאט הֶאנְטֶעל אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען אִיהְר מֵעִיד גֶעוֶועזֶען אַז דֶער מֶענְשׁ קֶענְן קֵיין לִיעגֶען נִיט זָאגֶען.

לוּצְיֶע הָאט דֶערוַוייל אוֹיפְגֶעזוּכְט דֶעם פֶערלָארֶענֶעם נָאשְׁטִיךְ־בּוּךְ מִיט דֶער טַאשְׁעֶן־טוּךְ אוּנ פִּיקַאר הָאט אִינְדֶעסֶען בֶּעקוּקְט דֶעם טוֹיְדְטֶען קֶערְפֶּער פוּן דֶעם דֶערשָׁאסֶענֶעם גַזְלָן.

— אַ אוּנְבֶּעקַאנְטֶער — הָאט עֶר גֶעזָאגְט נָאךְ אַ קוּרְצֶע פוֹיזֶע — מָארְגֶען אָבֶּער לָאז אִיךְ אַרֶעסְטִירֶען דִי פֶערשָׁאלְטֶענֶע „פּוּטִיפֶערַע” אוּנ זָאלל דִי וֶועלְט עֶטְוָואס גֶעוָואהר וֶוערֶען מִיט וֶועמֶען עֶסְטֶערהַאזִי גֶעהט אַרוּם.

— נֵיין, מַיין לִיעבֶּער פִּיקַאר — הָאט לוּצְיֶע צוּ אִיהְם אוֹיסגֶעצוֹיגֶען דִי הֶאנְד ווִי צוּ אַ גֶעבֶּעט — אוּם גָאטְטֶעס ווִילֶען, טְהוּ עֶס נִיט. דָאס מָאל מוּזְט דוּ פֶערשְׁוַויגֶען דִי רְצִיחָה. ס'וֶועט נָאךְ זַיין גֶענוּג גֶעלֶעגֶענְהַייטֶען זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר אוּנ זַיין גֶעלִיעבְּטֶע.

— פַאר וָואס אָבֶּער נִיט הַיינְט, זִיסֶע לוּצְיֶע?

— וַוייל אִיךְ שְׁטֶעקְק אִין דֶעם אוּנ מַיין כָּבוֹד קֶענְן עֶס שָׁאדֶען.

— דַיין כָּבוֹד, לוּצְיֶע?

— גַאנְץ גֶעווִיסס. מִיר, אַלְס פְרוֹיִ קֶענְן עֶס פִיעל שָׁאדֶען. דוּ וַוייסְט נִיט ווִי וַוייט דִי לַייְדִיגֶע מַיילֶער הָאבֶּען לִיעבּ צוּ פְּלוֹידֶערֶען, אוּנ וָואס וֶועט דִי וֶועלְט זָאגֶען וֶוענְן מֶען וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען, אַז מִיר זַיינֶען שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט גֶעוֶועזֶען צוּזַאמֶמֶען דָא אוֹיף דֶעם טְהוּרְם? קֵיינֶער וַוייסְט דָאךְ דֶעם אֶמֶת נִיט אוּנ דֶערוַוייל וֶועט מֶען אוּנז אוּמְזִיסְט בֶּערֵיידֶען.

— דוּ בִּיסְט גֶערֶעכְט, מַיין טְהַייעֶרֶע! קֵיינֶער בֶּעדַארְף נִיט ווִיסֶען וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהֶן אוֹיף דֶעם טְהוּרְם אוּנ דֶער טוֹיְדְטֶער וֶועט גֶעווִיסס שׁוֹין נִיט עֶרְצֶעהְלֶען.

בַּיי דִי וָוארְטֶער הָאט עֶר אִיהְר דֶערלַאנְגְט דֶעם אָרֶעם אוּנ זֵיי זַיינֶען בֵּיידֶע אַרָאבּ פוּן דִי טְרֶעפּ.

אוּנְטֶען זַיינֶען זֵיי שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען.

— אַלְזָא, צוּ ווִיעדֶערזֶעהֶען, מַיין טְהַייעֶרֶע, זִיסֶע לוּצְיֶע!

— צוּ ווִיעדֶערזֶעהְן — הָאט דֶעם נָאטַארְיוּסֶעס טָאכְטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

נָאךְ אַ דְרִיקְק מִיט דֶער הַאנְד אוּנ פִּיקַאר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלַיין.

פוּן וַוייטֶענְס הָאט עֶר דֶערהֶערְט ווִי לוּצְיֶעס קַארֶעטֶע אִיז אָבְּגֶעפָאהְרֶען.

## XVIII.

# דער פאטער מיט דעם זוהן.

אז דער נאטאריוס נאטאסיוש איז אויף מארגען געזעסען ביים פריה־שטיק מיט זיין טאכטער לוציע, האט זי איהם אויסגעזעהען בלייכער ווי אלע מאל.

ווען דער דיענער, וועלכער האט אריינגעבראכט די קאווע איז אוועקגעגאנגען און דער פאטער איז געבליעבען אין צימער אליין מיט דער טאכטער, האט דער נאטאריוס אבגעלייגט אן א זייט די צייטונג וועלכע ער האט ביז יעצט גע־לייענט און געפרעגט:

— אלזא, מיין קינד, האסט דו נעכטען גערעדט מיט דעם פולקאווניק פיקאר?

— א, פאפא, אלץ איז געוועזען אזוי ווי מיר האבען נאך איינגעשטימט אבי גערעדט, און נעכטען האב איך מיך געטראפפען אויף דעם איפעלס־טהורם מיט דעם פולקאווניק.

— נו, און וועגען וואס האט איהר גערעדט צווישען זיך?

— כ'האב איהם אין קורצע ווארטער איבערגעגעבען אלץ, וואס מיר וויסען פון דעם שווארצען מאיאר און זיין געליעבטע, די פרוי בולאנסי.

— גוט, מיין קינד, זעהר שאן וואס האט דיר אבער געענטפערט דער פולקאוו־ניק? קענגען איהם עפעס נוצען די ידיעות, וואס דו האסט איהם געבראכט? דער עיקר, ביסט דו דענן איבערצייגט אז דער פולקאווניק פיקאר האט ווירקליך פיינד דעם שווארצען מאיאר?

— מעגסט גאנץ רוהיג זיין, ליעבער פאטער, אז ער איז איהם ניט קיין ערגערער שונא פון אונז ביידען. דער אונטערשייד איז נור אז זיין שנאה איז עדלער, פיינער ווי אונזערע. מיר האבען דאך געוויססע סבות צו זוכען נקמות אויף דעם שווארצען מאיאר, דער פולקאווניק פיקאר טהוט אבער דאס זיינע אהן שום קונצען נור דאדורך, ווייל ער איז א מענש וואס האט ליעב די וואהרהייט און פאר דעם אמת שאהנט ער ניט זאגאר דעם אייגענעם ברודער און איז מוכן ומזומן אויף אלץ.

נאך די פריערדיגע ווארטער האט זיך לוציע עמוואס פערטראכט. זי האט עקסטרא דעם פאטער ניט ערצעהלט וועגען דעם, וואס ס'איז נעכטען פאר־געקומען אויף דעם טהורם און זי האט יעצט געווארט, פיקאר זאלל אליין קומען און פארמאלנע פערלאנגען איהר האנד און ווארט.

א גאנצע נאכט האט זי א אויג ניט צוגעמאכט. אויף א מינוט איז פאר איהרע

אוינֶען נִיט פֶערשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דָאס שֶׁאנֶע גֶעזִיכְט פוּן דֶעם עֶהרְלִיכֶען אוּנ עֶלֶעגאנְטֶען פִּיקַארְ׳ן.

לוּצִיֶע הָאט יֶעצְט פֶערשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז נִיט יֶענֶע אוּנגְלִיקְלִיכֶע רֵייצְ׳, מִיט וֶועלְכֶע זִי אִיז צוּגֶעפַאלֶען צוּ דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר. דַאמָאלְס אִיז אַלְץ גֶעוֶוען קִינְדִישׁ, אוֹיף אַ מִינוּט הָאט זִיךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ תַּאֲוִישֶׁער פַּייֶערְ׳ל, וֶועלְכֶער אִיז בַּאלְד אויסְגֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען. יֶעצְט אָבֶער בְּרֶענְנְט אַלְץ אִינְוֶוענִיג אוּנ זִי גֶעפִינְט זִיךְ קַיין אָרְט. דָאס הַארְץ קְלַאפְּט וִוי מִיט אַ הַאמֶער, דִי בְּרוּסְט בֶּעוֶועגְט זִיךְ הַאסְטִיג אוּנ יֶעדֶער גְלִיעד בֶּעזוּנְדֶער רוּפְט אֵיינְס: פִּיקַאר!

דָאס אִיז שׁוֹין נִיט קַיין קִינְדֶער־שְׁפִּיעל אוֹיף אַ וַוייל, דָאס אִיז אַ שְׁטֶענְדִיגֶער גֶעפִיהל, וֶועלְכֶער וֶוערְט קֵיינְמָאל נִיט פֶערְגֶעסֶען, אִיהם לֶעשְׁט נִיט קַיין וַואסֶער, אִיהם שְׁטִילְלְט נִיט קַיין פֶערְוַויילוּנְג. דָאס אִיז דִי לִיעבֶּע, דִי רֵיינֶע אֱמֶתֶע לִיעבֶּע, וֶועלְכֶע הוֹיבְּט אוֹיף צַייטֶענְוַוייז דִי מֶענְשֶׁען בִּיז צוּם הִימֶעל אוּנ לָאזְט זֵיי אַרָאבּ בִּיז צוּ דְ׳רְעֶרְד.

דֶער נָאטַארִיוּס נַאטַאסִיוּשׁ אִיז דַארוּיף קַיין מֵבִין נִיט גֶעוֶוען, אוּנ פוּן וַואנֶען זָאלל עֶר וִויסֶען וָואס מִיט לוּצִיֶען הָאט גֶעטְמֶען פַּאסִירְט? וִוי אַ אֱמֶת גוּטֶער פָאטֶער הָאט עֶר אִיהר גֶענוּמֶען בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ אוּנְרוּהִיג גֶעפְרֶעגְט:

— וָואס פֶעהלְט דִיר, מַיין קִינְד? עֶפֶּעס זֶעהסְט דוּ מִיר אוֹיס אַזוֹי בְּלַאסס אוּנ נִיעדֶערשְׁלָאגֶען? אֶפְשַׁר הָאסְט דוּ אוֹיף עֶפֶּעס חֵשֶׁק, לוּצִיֶע? זָאג נוּר אַ וָוארְט אוּנ מִיר וֶועט קַיין זַאךְ נִיט שְׁוֶוער זַיין, אַבִּי דִיר צוּפְרִיעדֶענצוּשְׁטֶעללֶען. פַאר דִיר אִיז שְׁטֶענְדִיג מַיין קַאסֶע אָפֶען. אָה, כְ׳וֵויס שׁוֹין וָואס דוּ ווִילְלְסְט. גֶעהֶענְדִיג אֵייעֶרְנֶעכְטֶען אִין גַאסס׳, הָאבֶּען מִיר דֶערְזֶעהן דִי בְּרִילְיַאנְטֶענֶע בְּרָאשֶׁע, וֶועלְכֶע אִיז דִיר זֶעהר גֶעפֶעלֶען גֶעוָוארֶען. כְ׳הָאבּ מִיר עֶקְסְטְרַא עֶרְקוּנְדִיגְט דֶעם פְּרַייז פוּן אִיהר. דוּ וֵוייסְט וִוי פִיעל דֶער יוּבִילֶער לָאזְט זִיךְ בֶּעצָאהְלֶען פַאר דֶער צַאצְקֶע? צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, אַ שֶׁאנֶע מַטְבֵּעַ כְ׳לֶעבֶּען, נוּר אוֹיבּ דוּ ווִילְלְסְט קֶענְן אִיךְ דִיר עֶס לָאזֶען בְּרֵיינְגֶען. דִי בְּרָאשֶׁע וֶועט דִיר אֱמֶת פְּרַאכְט קְלֵיידֶען.

לוּצִיֶע הָאט עֶנֶערְגִישׁ אַ שָׁאקֶעל גֶעטְהוּן מִיטְ׳ן קָאפּ.

— נֵיין פַּאפַּא, דוּ הָאסְט אַ טָעוּת. מִיר פֶעהלְט נִיט קַיין צִיערוּנְג, כְ׳הָאבּ גֶענוּג לִיעגֶען אוּנ טְרָאגֶען זֵיי סַיי וִוי סַיי נִיט. אַ שָׁאד דָאס גֶעלְד אוֹיסצוּגֶעבֶּען אוֹיף זַאכֶען, וֶועלְכֶע בְּרֵיינְגֶען נִיט זִיךְ אוּנ נִיט דֶעם אַנְדֶערֶען קַיין נוּטְצֶען.

— גוּט, מַיין קִינְד, כְ׳הָאבּ דִיךְ זֶעהר לִיעבּ דֶערְפַאר, וָואס דוּ הָאסְט שֵׂכֶל אוּנ רֶעדְסְט צוּ דֶער זַאךְ. זֵיי נוּר נִיט אַזוֹי אוּנְמוּטְהִיג. דוּ, מַיין טְהַייעֶר קִינְד, הָאסְט גָאטט צוּ דַאנְקֶען נִיט וֶועגֶען וָואס צוּ זָארְגֶען, זָאלל דִיר שְׁטֶענְדִיג אַזוֹי נִיט פֶעהְלֶען קַיין זַאךְ.

בַּיי דִי וָוארְטֶער אִיז אִין צִימֶער אַרַיין אַ דִיעֶנֶער אוּנ גֶעמָאלְדֶען, אַז הֶער אַרְמַאנְד בָּאנֶע וִויל זִיךְ זֶעהן מִיט דֶעם נָאטַארִיוּס.

דִי יְדִיעָה הָאט, וִוי סְ׳וַוייזְט אוֹיס, דֶעם נָאטַארִיוּס נִיט גֶעשְׁמֶעקְט. עֶר אִיז

בְּלַייךְ גֶעוָואָרֶען וִוי דִי קְלָארְוַוייססֶע טִישְׁטוּךְ, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶוען אויסְגֶעשְׁפְּרֵייט אויף זַייעֶר עֶסס־טִישׁ.

— אַרְמַאנְד בָּאנגֶע! — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מִיט אַ גֶעשְׁטִיקְטֶען קוֹל — אַרְמַאנְד בָּאנגֶע!.... דֶער נָאמֶען אִיז מִיר אוּנְבֶּעקַאנְנְט אוּנ כְּ׳קֶענְן דַארִיבֶּער דֶעם יוּנְגֶען מַאנן נִיט אויפְנֶעהֶמֶען.

— פַּאפַּא! — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען לוּצְיֶע אוּנ אַיינְגֶערוּימְט דֶעם פָּאטֶער אִין אוֹיעֶר דֶער דִיעֶנֶער זָאלל נִיט הֶערְן — וֶוענְן דוּ קֶעננְסְט נִיט דֶעם הֶערֶען בָּאנגֶע, פוּן וַואנְגֶען וַוייסְט דוּ אַז עֶר אִיז אַ יוּנגֶער מַאנְן? וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאסְט דוּ דִיךְ אִין דֶער מִינוּט דֶערְמָאנְנְט וֶוער עֶר אִיז.

— אוֹיף גֶעוִויס וַוייסס אִיךְ נִיט, סְ׳דַאכְט זִיךְ מִיר נוּר, אַז דָאס אִיז אַ יוּנְגֶער מַאנן. — אַללֶענְפַאללְס — הָאט דֶער נָאטַארְיוּס זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם דִיעֶנֶער — אַללֶענְפַאללְס זָאג דֶעם הֶערֶען, עֶר זָאלל קוּמֶען אַנְאַנְדֶערסְמָאל, יֶעצְט הָאבּ אִיךְ גְרַאדֶע קֵיין צַייט נִיט צוּ אִיהם.

— דֶער יוּנְגֶער מַאנן הָאט אָבֶּער גֶעלָאזְט זָאגֶען — הָאט מִיט רֶעסְפֶּעקְט דֶער דִיעֶנֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט — אַז עֶר מוּז זִיךְ דוּרְכְאוֹיס זֶעהֶען מִיט דֶעם הֶערְן, אַנִיט קֶענְן עֶר נִיט אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן דַאנֶגען.

לוּצְיֶע אִיז גֶעוֶוען זֶעהר פֶּערְאִינְטֶערֶעססִירְט צוּ וִויסֶען וֶוער קֶענְן זַיין דֶער יוּנְגֶער מַאנן, וֶועלְכֶער צְוִוינְגְט אַיינְפַאךְ מִיט גְוַואלְד, מֶען זָאל אִיהם אויפְנֶעהמֶען.

— פַּאפַּא! — הָאט זִי זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ דַאבַּיי גֶעמַאכְט אַזַא רַחֲמָנוּת־פְּנִימֶעל אַז דֶער נָאטַארְיוּס אַלֵיין אִיז גֶעוָוארֶען גֶערִיהְרְט — פַּאפַּא! זַיי אַזוֹי גוּט אוּנ הֶאר אוֹיס וָואס דֶער יוּנְגֶער מַאנן פֶערְלַאנְגְט פוּן דִיר. וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ מוּז עֶס זַיין זֶעהְר וִוִיכְטִיג, אַז דֶער יוּנְגֶער מַאנן וִויל נִיט אָבְּטְרֶעטֶען. כְּ׳וֶועלל אַוֶועקְגֶעהֶען אוּנ דוּ, פָּאטֶער, וֶועסְט אִיהם דֶערְוַוייל אויפְנֶעהמֶען. פְרַאנְץ, רוּפְט אַרַיין דֶעם פְרֶעמְדֶען יוּנְגֶען מַאנְן! — הָאט זִי זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען צוּם דִיעֶנֶער.

נָאכְדֶעם אִיז זִי צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פָאטֶער אוּנ אִיהם אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין שְׁטֶערֶען. אִיהר הַארְץ, פוּלל מִיט הֵייסֶע גֶעפִיהְלֶען פוּן לִיעבֶּע אִיז יֶעצְט גֶעוֶוען לַייכְט צוּ בֶּערִיהרֶען.

— פַּאפַּא, זַיי נִיט בֶּעז, וָואס כְּ׳הָאבּ מִיר עֶרְלוֹיבְּט צוּ טְהוּן גֶעגֶען דַיין ווִילֶּען. דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר אַז דֶער יוּנְגֶער מַאנְן הָאט צוּ דִיר אַ שְׁטַארְקֶע בַּקָּשָׁה אוּנ דוּ וֶועסְט אִיהם גֶעוִויסס נִיט עֶנְטְזַאגֶען. דֶערְמָאנְן דִיךְ נוּר, אַז מִיט אַ פֶערְטִיל שָׁעָה צוּרִיק הָאסְט דוּ גֶעהַאט בְּדֵעָה אויסְצוּגֶעבֶּען אויף מַיין פֶערְזָאן אַ גְרוֹיססֶע סוּמֶע גֶעלְד, צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק. גְלוֹיבּ מִיר, לִיעבֶּער פָאטֶער, אַז פִיעל מֶעהר וָואלְט אִיךְ צוּפְרִידֶענֶער גֶעוֶוען, וֶוען אִיךְ וַוייסס אַז קֵיין גֶעדְרִיקְקְטֶער מֶענְשׁ גֶעהט נִיט אַרוֹיס פוּן אוּנְזֶער הוֹיז מִיט לֵיידִיגֶע הֶאנְד, אוּנ מַיין אַיינְצִיגֶע גֶעבֶּעט בַּיי גָאט אִיז תָּמִיד, אַז קֵיינֶער זָאלל אִיבֶּער דִיךְ נִיט בְּרוֹיכֶען זִיךְ שְׁלֶעכְט אָנְצוּרוּפֶען....

לוציע איז אזוי האסטיג ארויס פון צימער, אז נאטאסיוש האט זאגאר קיין צייט ניט געהאט איהר צו ענטפערען. ער האט איהר נור נאכגעשיקט א צו־פריעדענעם בליק און צו זיך אלליין געזאגט:

— איהרע ווארטער קלינגען, פונקט ווי זי זאלל וויסען ווער דער ארמאנד באנגע איז. אבער ניין, דאס האט זיך מיר נור געדאכט, זי האט קיין אהנונג דערפון ניט און וועט עס אויך קיין מאל ניט געוואהר ווערען.

די טהיר האט זיך געעפענט.

— דאס איז ער — האט דער נאטאריוס א מורמעל געגעבען און זיך אויפ־געהויבען פון זיין ארט.

ארמאנד באנגע, דער יונגער בוכהאלטער פון דער בלומענפאבריק, האט גלייכגילטיג אנגעקוקט דעם שמאלצען מיליאנער.

— איהר זייט הערר ארמאנד באנגע? — האט דער נאטאריוס געפרעגט מיט א האלב זיכערע שטימע.

— אזוי הייס איך, ווייל מיין מוטטער האט ניט געהאט קיין אנדער ברירה און געמוזט מיר א נאמען געבען מיט איהר פאמיליען־נאמען פון מיידעל־זייז; לויט יושר אבער ברויך איך צו הייסען מיט מיין אייגען נאמען: ארמאנד נא־טאסיוש.

דער נאטאריוס האט פערביסען מיט די ליפען און שנעלל געווארפען א בליק אויף דער טהיר, דורך וועלכע עטליכע מינוט צוריק איז דורכגעלאפען זיין טאכטער לוציע.

— מיט אייערע ווארטער ווילט איהר אלזא זאגען ניט מעהר און ניט ווייניגער אז איהר זייט מיינער א זוהן:

— אייערער א זוהן, לייזער איז עס ריכטיג. ס'איז אבער גלאט איין עבירה אנצורופען מיט דעם נאמען די שמוציגע דאלע, וועלכע ב'שפיעל געגעבען איך. א זוהן האט דאך רעכט צו פערלאנגען פון פאטער ליעבע און צערטליכקייט, ביי אונז איז קיין מאל דער פאלל ניט געווען פון אזעלכע טהייערע געגענשטאנדען, פיעל גלייבער וועט דאריבער זיין, ווענן מיר וועלען די ווארטער „פאטער און זוהן" אין גאנצען אויסמעקען פון אונזער געשפרעך; צו וואס? כ'וועלל איינפאך זאגען אז איך בין דער מענש, וועלכער מוז אויף דער וועלט ליידען צוליעב אייך.

ארמאנד האט גערעדט מיט היטץ, ווי ס'שיינט האט זיך ביי איהם אויפ־געוועקט א אלטע פערגעססענע וואונד און ער האט יעצט נור בענוצט די גע־לעגענהייט זיך ארויסצורעדען פאר דער גאנצער צייט אלץ וואס האט איהם געדריקט אין הארצען.

נאטאסיוש האט ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען דעם יונגען מאנן, וועלכער זאגט דעם רייכען מיליאנער אפפען ארויס וואס ער, ארמאנד, טראכט וועגען איהם.

נָאךְ אַ קוּרְצֶער פּויזֶע הָאט דֶער נָאטַארִיוּס גֶעפְּרֶעגְט:

— אִיז אַייךְ דֶען ווירקְלִיךְ גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁלֶעכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אַרְמַאנְד, אַז אִיהר קֶענְנְט מִיר נִיט מוֹחֵל זַיין וָואס כְּ'הָאבּ אַייךְ גֶעשֵׁיינְקְט דָאס לֶעבֶּען?

— אִיהר פְרֶאגְט נָאךְ? — הָאט דֶער יוּנְגֶער בּוּכְהַאלְטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ פְרַאגֶע — וֶוער נָאךְ וֵוייסְט אַזוֹי גוּט דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן מַיין גֶעבּוּרְט וִוי אִיהר, הֶערר נָאטַארִיוּס? דַארְף אִיךְ אַייךְ דֶערְמָאנֶען ווי אִיהר הָאט אוּנְמֶענְשְׁלִיךְ פֶערְפִיהְרְט מַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מוּטֶער, בֶּערַאבֶּעוֶועט אִיהר גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען אוּן אַרַיינְגֶעשִׁיקְט „לֹא יֶחֱרַץ" גֶעלְד עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט פְרַאנְק, אָנְשְׁטַאט דִי טוֹיזֶענְדֶער, וֶועלְכֶע זִי הָאט בַּיי אַייךְ בֶּעהַאלְטֶען. אִיז אַייךְ דֶען גָאר אֵיין מָאל אַיינְגֶעפַאלֶען צוּ וִויסֶען וָואס ס'אִיז גֶעוָוארֶען מִיט אִיהר אוּן אַייעֶר קִינְד? פוּן אַייעֶרְמְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ דָאךְ הַיינְט גֶעמֶעגְט זַיין אַ מַאשֶׁען־גַנָב, זִיצֶען אִין אָסְטְרָאגֶען אוּן קְרִימִינַאלֶען אוּן זַיין דֶער פֶערְדָארְבֶּענְסְטֶער מֶענְשׁ אִין דֶער וֶועלְט. מַיין פָאטֶער וָואלְט זִיךְ וֶוענִיג וָואס דַארִיבֶּער בֶּעקִימֶערְט, דָאס אִיז נִיט זַיין גֶעשֶׁאפְט אַז זַיין אֵייגֶען בְּלוּט אוּן פְלֵיישׁ הָאט נִיט קֵיין עֶרְצִיעהוּנְג אוּן עֶנְטְוִויקְלוּנְג. אַ גְלִיק וָואס מַיין זֶעלִיגֶע מוּטֶער הָאט עֶס יָא פֶערְשְׁטַאנֶען אוּן מִיט שְׁוֵוייס גֶעאַרְבֵּייט שְׁוֶוער אוּן בִּיטֶער, נִיט פַאר זִיךְ, נִיט פַאר אִיהר קֶערְפֶּער, זִי זָאלל הָאבֶּען צוּ עֶסֶען אוּן צוּ טְרִינְקֶען, נֵיין, אִיהר גַאנְצֶער שְׁטְרֶעבֶּען אִיז גֶעוֶוען מִיר צוּ מַאכֶען פַאר אַ מֶענְשׁ אוּן וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ צוּ בִּילְדֶען אוּן צוּ לֶערְנֶען.

אַז דִי וֶועלְטֶען גוּטֶע פְרוֹי הָאט צְוֵויי יָאהר צוּרִיק זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיטְ'ן לֶעבֶּען, וֶוענֶען אִיהרֶע לֶעצְטֶע וָוארְטֶער צוּ מִיר גֶעוֶוען אַזוֹי: „אַרְמַאנְד, וָואס דַיין פָאטֶער הָאט גֶעטְהוּן גֶעגֶען מִיר זָאלְלְ אִיהם גָאטְט מוֹחֵל זַיין, נוּר קֵיין מָאל וֶועלל אִיךְ אִיהם נִיט פֶערְגֶעסֶען וִוי שְׁלֶעכְט עֶר אִיז זִיךְ בֶּענַאנְגֶען גֶעגֶען דִיר, מַיין קִינְד".

דֶעם נָאטַארִיוּס אִיז שְׁוֶוער צוּ הֶערֶען דֶעם יוּנְג'ס מוּסָר. לַאנְגְזַאם רוּקְט עֶר זִיךְ אָבּ צוּם פֶענְסְטֶער, וִוי עֶר זָאלל וֶועלֶען שְׁטִילֶען זַיין אוֹיפְרֶעגוּנְג.

— פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען נָאךְ אַ קוּרְצֶע פּויזֶע — וִוי כְּ'זֶעה, זַייט אִיהר נִיט פֶערְפַאלְלֶען גֶעגַאנְגֶען. אַייעֶרֶע קְלֵיידוּנְג אוּן אַייעֶר גַאנְצֶע בֶּענֶעהמוּנְג בֶּעוַוייזְט אַז אִיהר גֶעהֶערְט נִיט צוּ דִי נִידְרִיגְסְטֶע מֶענְשֶׁען.

— נֵיין, גֶעדְרִיקְט בִּין אִיךְ נִיט, כְּ'הָאבּ אַ גוּטֶע שְׁטֶעלֶע אַלְס בּוּכְהַאלְטֶער אִין דֶער בְּלוּמֶענְפַאבְּרִיק פוּן „פְרַאקָאזוֹ'ס יוֹרְשִׁים", וואו כְּ'נֶעהם מַיין גֶעהַאלְט צְוֵויי הוּנְדֶערְט פְרַאנְק אַ חֹדֶשׁ.

— צְוֵויי הוּנְדֶערְט פְרַאנְק? דָאס אִיז וָואס אֱמֶת נִיט צוּ פִיעל.

— אוּן דָאךְ הָאט עֶס גֶעקְלֶעקְט פִיר מִיר אַזוֹי לַאנְג וִוי כְּ'בִּין גֶעוֶוען אַלֵיין. דֶעם לֶעצְטֶען בֶּעוַוייז הָאט אִיהר אַז אִיךְ בִּין קֵיין מָאל נִיט אַהֶערְגֶעקוּמֶען צוּ בֶּעטֶען שְׁטִיצֶע אוּן אִיבֶּערְהוֹיפְּט זִיךְ מִיה גֶעגֶעבֶּען, וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ אַייךְ נִיט צוּ דֶערְמָאנֶען פוּן מַיין עֶקְסִיסְטֶענְץ. יֶעצְט אָבֶּער אִיז אִין מַיין לֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַ

ענדערונג און איך בין געצוואונגען געגען מיין ווילען צו בעטען ביי אייך שמיטצע.

– מיט וואס איז דענן אייער לאנגע ערגער געוואָרען ?

– כ'בין בעקאנט געוואָרען מיט א מאדכען און זיך אין איהר פערליעבט, געכטען זענען געוועזען אונזערע שטיללע אבער זיססע תנאים און ביי אונז איז געבליבען אין קורצען חתונה צו האבען... איך וויל אבער אויף זיך דעם חטא ניט צונעהמען און אריינפיהרען די געליעבטע פרוי באלד אין עלענד און דחקות. מיין געהאלט איז צו קליין, מיר זאללען קענען האבען דערפון פרנסה בכבוד. דאריבער בין איך אהערגעקומען אייך צו בעטען, הערר נאטאסיוש, איהר זאללט מיט מיר מטיב זיין דאס, וואס איהר זייט שולדיג געבליבען מיין זעליגער מוטטער.

כ'פערלאנג ניט פון אייך, חלילה, קיין נדבות. דער גאטט, וועלכער האט מיר ביז יעצט געהאלפען, זיך צו בעגעהן אהן דעם, וועט מיך אויך ווייטער ניט פערלאזען, כ'זאלל ניט געברויכען אנצוקומען צו פרעמדע געלד. איינס בעט איך נור פון אייך, איהר זאללט מיר אויסהעלפען מיט א הלואה. בארגט מיר א קאפיטאל כ'זאלל זיין אים שטאנד צו גרינדען א איינענע פאבריק. דאס געשעפט קענן איך גוט און כ'האף צו גאטט אז אין א קורצער צייט וועט מיר מאגליך זיין אייך מיט דאנק אבצוגעבען דעם חוב.

די ווארטער האט ארמאנד געזאגט געלאססען און רוהיג, ווי א מענש, וועלכער איז זיכער און איבערצייגט אין דעם וואס ער רעדט.

דער נאטאריום האט איהם אויך שטילל אויסגעהערט און זיך שטארק פערטראכט איבער דעם פארשלאג.

– זעצט אייך, ארמאנד, כ'האב אייך וואס צו זאגען – האט ער זיך ענדליך אבגערופען צו דעם יונגען מאנן, וועלכער איז ביז יעצט געשטאנען.

דער פאטער מיט דעם זוהן האבען זיך געזעצט איינער געגען דעם אנדערען.

– וואס פאר א סומע געלד האט איהר געטהיג ביים גרינדען דאס געשעפט ? – האט דער נאטאריום ווידער געפרעגט.

– מיט צוועלף טויזענד פראנק – האט ארמאנד געענטפערט פרעהליך דאריבער, וואס ער האלט שוין מיט דעם נאטאריוס אויף אזא ווייטען דרך – ווען כ'האב צוועלף טויזענד פראנק וואללט איך מיר איינגעארדנעט א שאנע בלוממען־פאבריקעל, פון וועלכער כ'וואללט געקענט, ניט נור האבען חיונה, זאנדערען אויך שפארען געלד.

– איהר האט א טעות, ליעבער ארמאנד. מיט אזא קליינעם קאפיטאל וועט איהר ניט קענען ביישטעהן די קאנקורענץ. הלכות געלד בין איך קלארער פון אייך און דאריבער וועלל איך אייך אויף דער ערשטער צייט בארגען פערציג טויזענד פראנק.

– פֶערְצִיג טױזֶענְד ? – הָאט אַרְמאנְד הַאסְטִיג פֶערְװאוּנְדֶערְט אִיבֶּערְגֶעפְרֶאגְט. עָר הָאט נִיט גֶעוָואלְט גְלױבֶּען זַיינֶע אײגֶענֶע אױעֶרֶען.

– דָאס גֶעלְד קֶענְנְט אִיהר מָארְגֶען פוּן מַיין בַּאנְק אָבְּנֶעהמֶען – הָאט װִיעדֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער נָאטַארְיוּס.

דֶער יוּנְגֶער מַאנן הָאט יֶעצְט שױן גָאר נִיט גֶעװאוּסְט וָואס צוּ טְהוּן.

– כְּ'דַאנְק אײךְ, טױזֶענְד מָאל, כְּ'דַאנק אַײךְ! – הָאט עֶר קױם אַרױסְגֶערֶעדְט.

נאטאסִיוּש הָאט זִיךְ דֶערְוַױל אױפְגֶעהױבֶּען אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם שְרַײבּ־טִישׁ.

מִיט אַ שְׁנֶעללֶער אוּנ רֵיינֶער הַאנְד־שְׁרִיפְט הָאט עֶר אױסגֶעשְׁטֶעלְט אַ אָנְוַױיזוּנְג אױף פֶערְצִיג טױזֶענְד פְרַאנְק.

נָאכְדֶעם הָאט עֶר מִיט אַ קְלֵיינֶעם שְׁלִיסֶעל גֶעעֶפֶענְט אַ אַײזֶערְנֶע קַאסֶע אוּנ פוּן דָארְטֶען אַרױסְגֶענוּמֶען דְרַיי טױזֶענְד פְרַאנְק אִין בַּאנְקְנָאטֶען. דַאבַּיי הָאט עֶר אַ װִינְק גֶעגֶעבֶּען אַרְמַאנְדֶען, עֶר זָאלל צוּגֶעהֶען צוּ אִיהם.

– דָא הָאט אִיהר דִי אָנְוַױיזוּנְג – הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ אִיהם אוּנ דֶערְלַאנְגְט דֶעם טְשֶׁעק – דָאס אִיז אַײעֶר אֵײגֶענְטְהוּם אוּנ מִיךְ פְרֵייט עֶס זֶעהר אַז אִיךְ קֶענן אַײךְ דֶערְמִיט אַ טוֹבָה טְהוּן.

– פָאטֶער, פָאטֶער, כְּ'הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען אַײךְ אוּנ כְּ'בְּרוּיךְ אַײךְ יֶעצְט אִיבֶּערְצוּבֶּעטֶען.

– אוּנ אִיךְ דִיךְ נָאךְ מֶעהר, מַיין זוּהן – הָאט דֶער נָאטַארְיוּס גֶערִיהְרְט גֶעזָאגְט -- מִיט דַיין מוּטֶער בִּין אִיךְ מִיךְ בֶּעגַאנְגֶען וִוי אַ רָשָׁע, אוּנ שְׁטֶאנְדִיג וֶועלל אִיךְ מִיךְ שְׁפִּיעֶרֶען שוּלְדִיג, וָואס כְּ'הָאבּ מִיךְ אַזױ וֶועניג בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דַיין עֶרְצִיעהוּנְג, דִי עֲבֵרָה וֶועט מִיר קֵיין מָאל נִיט גֶעשָׁאנְקֶען זַיין.

– נֵיין פָאטֶער, דָאס אִיז שױן אַ זַאךְ וָואס סְ'אִיז פַארְבַּיי, אוּנ מִיר מוּזֶען עֶס בֵּיידֶע פֶערְגֶעסֶען. וֶוען מַיין מוּטֶער וָואלְט יֶעצְט גֶעקֶענְט זַיין דַאבַּיי אוּנ צוּקוּקֶען דִי סְצֶענֶע וָואלְט זִי גֶעוִויסס נָאךְ אַ מָאל לֶעבֶּענְדִיג גֶעוָוארֶען. נוּר וִוי דִי מַעֲשֶׂה אִיז הָאט אִיהר, פָאטֶער, מִיט הַיינְטִיגֶען חֶסֶד אױסְגֶעקױפְט אַלֶע אַלְטֶע עֲבֵרוֹת, אוּנ כְּ'וֶועל עֶס אַײךְ קֵיינְמָאל נִיט פֶערְגֶעסֶען וָואס אִיהר טְהוּט יֶעצְט מִיט מִיר. אױסֶערְדֶעם קֶענן אִיךְ אַײךְ צוּזָאגֶען, אַז קֵיינֶער וֶועט נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶען פוּן מִיר, וֶוער מַיין פָאטֶער אִיז. דָאס בְּלַײבְּט בַּיי אוּנְז אַ סוֹד.

– אוּנ בַּיי מִיר אױךְ – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַ יוּנְגֶע שְׁטִימֶע פוּן יֶענֶער זַייט טְהִיר.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער מִינוּט הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶפֶענְט דִי פָּארְטְיֶערֶען אוּנ לוּצְיֶע אִיז אַרַיין אִין צִימֶער.

דֶער נָאטַארְיוּס הָאט פֶערְשְׁטֶעלְט זַיין גֶעזִיכְט מִיט דֶער זַײדֶענֶער טַאשֶׁען־טוּךְ.

– דוּ הָאסְט אַלְץ גֶעהֶערְט, לוּצְיֶע ? – הָאט עֶר שְׁטִילל גֶעפְרֶעגְט.

— כ'האב אַלץ געהערט, פּעטער, און כ'בין געריהרט פון דיין גוטס און גערעכטיגקייט.

נאכדעם האט זי האסטיג אנגענומען אַרמאנדען פאר די האנד.

דער יונגער בוכהאלטער האט ניט אויפגעהערט צו בעוואונדערן דעם נאטאריוסעס שאנע טאכטער.

— אַרמאנד, מיין ברודער — האט זי זיך אבגערופען — פון היינט מאל אן וועללען מיר זיין גוטע פריינד. כ'מוז מיך אַלליין פארשטעללען, כ'הייס לוציע נאטאסיוש און בין דיין שוועסטער.

אַרמאנד האט זיך איינגעבויגען און געהאט בדעה איהר אַ קוש צו געבען אין דער האנד.

לוציע האט פערשטאנגען זיין כוונה און נאך איידער ער האט געהאט צייט זיך אַרומצודרעהען האט זי איהם שוין אונטערגעשטעללט דעם שטערען.

— אט אַזוי — האט זי געזאגט — ניט אומזיסט זענען מיר דאך אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. יעצט קענגען מיר זיך שוין גוט און דו וועסט דאך מיר געוויס אויך באלד פארשטעללען דיין כלה. געוויס מוז זי זיין אַ ארדענטליך קינד, אז דו האסט דיך אין איהר פערליעבט.

— מיין מאריאן איז גוט, עדעל און שאן — האט אַרמאנד געענטפערט מיט היטץ — נור אַ אומגליק האט מיט איהר פאססירט... פון דעם וועללען מיר רעדען אַ נ'אנדערט מאל, ליעבע שוועסטער.

— ווענן זי איז אומגליקליך, בעדארף זי נאך נאטהיגער האבען אמתע ליעבע פון אַ געטרייע שוועסטער — האט איהם לוציע געענטפערט.

נאטאסיוש האט צוגעצויגען די טאכטער צו זיך און האט איהר עפּעס איינגערוימט אין אויער.

לוציע האט האסטיג אבגעמאסטען אַרמאנדען מיט איהר שארפען בליק און נאכדעם געזאגט:

— יא, פאטער — האט זי זיך אבגערופען — ער איז דער ריכטיגער מענש דערצו און דו קענסט דיך דרייסט אויף איהם פערלאזען.

— אלזא, מיין זוהן — האט זיך אבגערופען נאטאסיוש צו אַרמאנדען — האב איך אויך צו דיר אַ קליינע בקשה. איך און מיין טאכטער האבען מיר איין שונא, וועלכער האט אונז אנגעטהון פיעל עגמת־נפש און כ'האב געשוואוירען זיך נוקם צו זיין אן דעם טויגעניכטס. ווילסט דו אונז בייהילפיג זיין אין דעם?

— דו פרעגסט נאך, פאטער? קיין זאך וועט מיר ניט צו שווער זיין אבי דיר מיט עפּעס אבצודיענען.

— גוט אלזא, היינט ביי דער נאכט, זייגער צעהן, וועסט דו אהינגעהען אין דער ווילא פון פריי פולאנסי, אט דא האסט דו אַ אדרעס מיט אַ קארטע, ליוט וועלכער מען וועט דיך אריינלאזען אין דעם זאלאן. דארטען שפּיעלט מען אין

קאַרטען אונ מען שפּיעלט שטארק אונ לויט ווי איך פערשטעהע שפּיעלט מען דאַרטען פאַלש אויך. דאס איז אַ איינפאך שולער־הויז, וואו מען ווארט נור אויף דעם גאַאיוועןן, וועלכער קענן זיך ניט אויף די פאַלשקייטען אונ פאַללט מאוס אַריין. מיר איז אַלזא אינטערעססאַנט צו וויססען ווער ס'קוממט דאַרטען צו געהען, ווער די געסטע זענען אונ ווי די שפּיעל געהט פאָר.

איבערהויפּט אינטערעססירען מיר די פראַו בולאַנסי אַליין אונ אַ שוואַרצער מאַיאָר, גראַף עסטערהאזי, וועלכער קוממט דאַרטען כמעט יעדען טאָג.

געוועהנליך מוזט דו דאַרטען הייססען מיט אַ פרעמדען, אויסגעטראַכטען, אם בעסטען אַריסטאָקראַטישען נאַמען.

דאַ האַסט דו דריי טויזענד פראַנק אויף טאַשען־געלד, וועלכע דו מענסט דרייסט פערשפּיעלען.

מאָרגען אין דער צייט ווילל איך שוין פון דיר געווינע נאַכריכט האַבען איבער אַלץ.

וואהרשיינליך פערשטעהסט דו אַז דאס בעדאַרף אַלץ צו זיין בסוד סודות.

— מענסט דיך פערלאַזען אויף מיך, פאטער — האַט אַרמאַנד ענערגיש געענטפערט — כ'וועלל האַלטען אָפען מיינע אויגען ביי דער פראַו בולאַנסי אין הויז אונ דו קריגסט פון אַלץ אַ ראַפּאָרט.

נאָכדעם האַט ער בעהאַלטען די רויטע קאַרטע מיט דעם געלד אונ זיך געזעגענט מיט דער שוועסטער אונ דעם פאַטער.

— זעהסט דו פּאַפּאַ, — האַט זיך אָבגערופען לוציע ווען אַרמאַנד איז שוין געווען אין דרויססען — אַט אַזעלכע בריליאַנטען ווי היינטיגע האָב איך שטענדיג ליעב צו טראַגען, צדקה אונ יושר, טובות טהון מענשען — זענען די שאָנסטע אונ בעסטע תכשיטין פון לעבען.

# XIX.

## אַ וויזיט ביי דער פראַו בולאַנסי.

— מאַריאַן, ליעבע מאַריאַן, מיר זענען גליקליך!

מיט די ווערטער איז אַרמאַנד באַנגע אַריבער די שוועלל פון מאַריאַנס קליין שטיבעל, וואס פּאַרצינגעטטום טאָכטער האַט אָבגעדונגען ביי דער פראַו געבעל.

ס'איז גראַדע געווען אַ יום טוב אונ מאַריאַן איז אין דעם טאָג ניט געגאַנגען אין פאַבריק, נור געזעססען צו הויז אונ פערריכט איהרע אונ דעם זוהנס וועש. דער קליינער מאַקסים איז ביי איהר געזעססען צו די פיסס.

אַז אַרְמַאנְד אִיז אַרַיינְגֶעלָאפֶען מִיט דֶער גְלִיקְלִיכֶער בְּשׂוֹרָה אוֹיפ'ן צוּנְג, הָאט מַארְיָאן הַאסְטִיג אָבְּגֶעלֵייגְט אָן אַ זַייט אִיהר אַרְבֵּייט אוּנ צוּפְרִיעדֶען צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען.

– דָאס גְלִיק שְׁטֶעהט דִיר דָאךְ גֶעשְׁרִיעבֶּען אוֹיפ'ן שְׁטֶערֶען, מַיין אַרְמַאנְד – הָאט זִי זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען – זָאג-זֶע גֶעשְׁווִינְד, וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, נוּר גֶעשְׁווִינְדֶער, אִיךְ הַאלְט עֶס קוֹים אוֹיס פוּן נַייגִיעְרִיגְקֵייט. רֵייד גֶעשְׁווִינְד, וואוּ בִּיסְט דוּ גֶעוֶועןבִּיז יֶעצְט, אוּנ וָואס הָאט דִיר גָאטט צוּגֶעשִׁיקְט פַאר אַ נַייֶעס.

מִיעד אוּנ אוֹיפְגֶערֶעגְט אִיז דֶער יוּנְגֶער מַאנן אַנִיעדֶערְגֶעפַאללֶען אוֹיפ'ן שְׁטוּהל. עֶר הָאט טִיעף אָבְּגֶעצוֹיגֶען דֶעם אָטְהֶעם אוּנ עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען אִיז עֶר נִיט גֶעוֶועןאִים שְׁטַאנְד אַ וָוארְט צוּ זָאגֶען.

מַארְיָאן הָאט זִיךְ אַנִיעדֶערְגֶעזֶעצְט נֶעבֶּען אִיהם אוֹיף אַ בֵּיינְקֶעל.

נָאכְדֶעם ווִי אַרְמַאנְד אִיז גֶעקוּמְמֶען צוּ זִיךְ הָאט עֶר זִי אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אַרוּמְגֶענוּממֶען אוּנ אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט בַּיי זִיךְ.

אִיהְר הַאנְד הָאט עֶר צוּגֶעלֵייגְט צוּ זַיין בְּרוּסְט, נָאכדֶעם הָאט עֶר מִיט אִיהְר הַאנְד צוּגֶעדְרִיקְט דִי טַאשׁ מִיט דֶעם גֶעלְד, וָואס עֶר הָאט נִיט לַאנְג עֶרְהַאלְטֶען פוּן פָאטֶער.

– פְּרוּבִּיר נוּר, מַארְיָאן, טְרֶעפפֶען, וָואס לִיעגְט דָא אוֹיף דֶעם אָרְט? – הָאט עֶר גֶעפְרֶאגְט.

– דַיין הַארְץ – הָאט דִי יוּנְגֶע פְרוֹי גֶעעֶנְטְפֶערְט – וֶועלְכֶע שְׁלָאגְט נָאךְ גֶעוִויסס פַאר מִיךְ אַזוֹי הֵייסס וִוי אִין יֶענֶעם טָאג, וֶוענן מִיר הָאבֶּען זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל צוּקוּשְׁט.

– וֶועגֶען דֶעם אִיז גָאר נִיט דָא קֵיין צְוֵוייפֶעל, נוּר דָאךְ הָאסְט דוּ נִיט גֶעטְרָאפפֶען, וַוייל כְ'הָאבּ גְרַאדֶע יֶעצְט נִיט גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען הַארְץ, נוּר וֶועגֶען דֶעם וָואס לִיעגְט הֶעכֶער – אוּנ דַאבַּיי הָאט אַרְמַאנְד אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין מַארְיָאנְס רָאזֶע-לִיפֶּעלֶעךְ.

– אַךְ, דָאס מֵיינְסְט דוּ, וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ הָאסְט דוּ אִין וֶועסְט עֶפֶּעס אַ בְּרֵייטֶע בְּרִיעף-טַאשֶׁע.

– זֶעהסְט דוּ, יֶעצְט הוֹיבְּסְט דוּ שׁוֹין אָן צוּ טְרֶעפפֶען. נוּ, זָאג נוּר וַוייטֶער, וָואס קֶענְנְ זַיין אִין דֶער טַאשׁ?

מַארְיָאן הָאט נִיט לִיעבּ גֶעהַאט זִיךְ צוּ ווִיצְלֶען. הַאלְב בֶּאז אִיז זִי אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן אָרְט.

– גֶעה שׁוֹין, אַרְמַאנְד, דוּ בִּיסְט נִיט קֵיין גוּטֶער מֶענְשׁ. צוּ וָואס קְוֶועלְלְסְט דוּ מִיךְ שׁוֹין אַ גַאנְצֶע שָׁעָה מִיט רֶעטְזֶעלֶען? דוּ וַוייססְט דָאךְ אַז כְ'בִּין נִיט קֵיין נְבִיאָה כְ'זָאלל טְרֶעפפֶען יֶענֶעמְס סוֹדוֹת. זָאג מִיר, לִיעבֶּער אַרְמַאנְד, אוּם וָואס גֶעהט עֶס?

– בִּיסְט גֶערֶעכְט, מַארְיָאן, מִיט דִיר בֶּעדַארְף אִיךְ קֵיין לֵיצָנוּת נִיט מַאכֶען,

זַיי נוּר נִיט בֶּאז אוּנ קוּמְט אַהֶער וֶועלל אִיךְ דִיר עֶפֶּעס וַוייזֶען. זֶעהסְט דוּ אִין דֶעם טַייכְטֶער לִיעגְט אַ טְשֶׁעק אוֹיף פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, דָאס הֵייסְט, אַז כְ׳גֶעה מָארְגֶען אַרַיין אִין עֶרְשְׁטֶען, בֶּעסְטֶען בַּאנְק קְרִיעג אִיךְ פַאר דָאס שְׁטִיקֶעל פַּאפִּיער גַאנְצֶע פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק. הַייינְט פֶערְשְׁטֶעהסְט דוּ שׁוֹין מַיין טַייבֶּעלֶע וָואס דָא לִיעגְט?

— גֶעה שׁוֹין גֶעה, אַרְמַאנְד, דוּ מַאכְסְט שׁוֹין ווִיעדֶער חוֹזֶק. דָאס אִיז דֶענְן ווִירְקְלִיךְ דַיין גֶעלְד?

— נִיט מַיינְס אַלֵיין, נוּר אוּנזֶער בֵּיידֶענְס אוּנ דֶעם קְלֵיינֶעם מַאקְסִימְס אוֹיךְ. אוּנְז אַלֶעמֶען גֶעהֶערְט דָאס גֶעלְד, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אַלֶע קֶענֶען צוּזַאממֶען גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען.

מַארְיָאן אִיז גֶעוָוארֶען בְּלַאס ווִי דִי קַאלְךְ.

זִי הָאט גֶעוָוארְפֶען מִיט דִי בְּלִישְׁצֶענְדִיגֶע שְׁווַארְצֶע אוֹיגֶעלֶעךְ דָא אוֹיף אַרְמַאנְדֶען, דָא אוֹיף דָאס שְׁטִיקֶעל פַּאפִּיער אוּנ עֶנְדְלִיךְ גֶעזָאגְט:

— אַךְ, גְרוֹיסֶער גָאטט אִין הִימֶעל! דוּ אַלֵיין ווֵייסְט, אוֹיב דָאס סַךְ גֶעלְד וֶועט אוּנְז נָאךְ נִיט אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען. אַרְמַאנְד, גֶעלִיעבְּטֶער, זָאג מִיר גֶעשְׁווִינְד, ווִי אַזוֹי קוּמְט צוּ דִיר אַזוֹי פִיעל גֶעלְד מִיט אַמָאל. כְ׳הָאבּ מוֹרָא עֶס אַרוֹיסְצוּרֶעדֶען מִיט מַיין מוֹיל, הָאסְט דוּ אֶפְשַׁר חָלִילָה זִיךְ גֶעלָאזְט צוּרֶעדֶען צוּ עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטְס אוּנ פַאר דֶעם גֶעלְד גֶעוָוארֶען אִימֶעצֶען אוּנְטְרַיי, אִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט פְרֶעמְדֶע פֶערמֶעגֶענְס?

— נֵיין, לִיעבֶּע מַארְיָאן, שְׁרֶעק דִיךְ נִיט אוּמְזִיסְט. דַיין אַרְמַאנְד הָאט נָאךְ דָאס גֶעווִיסֶען נִיט פֶערלָארֶען. דִי זַאךְ אִיז גַאנְץ אֵיינְפַאךְ: זִינְט בַּיי אוּנְז אִיז גֶעבְּלִיבֶּען חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען, הָאבּ אִיךְ מִיר נִיט גֶעקֶענְנְט גֶעבֶּען קֵיין עֵצָה ווִי אַזוֹי אַיינְצוּאָרְדְנֶען אוּנְזֶער צוּקִינְפְטִיגֶעס לֶעבֶּען, אַז דוּ זָאללְסְט חָלִילָה נִיט ווִיסֶען פוּן קֵיין דַחֲקוּת. וָואס פַאר אַ גְלִיקְק אִין לֶעבֶּען קֶענְן הָאבֶּען אַ פְרוֹי בַּיי אַ בּוּכְהַאלְטֶער מִיט אַ קְלֵיין גֶעהַאלְט? דָאס הֵייסְט נִיט גֶעלֶעבְּט, נוּר זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעקְוֶועלְלְט.

דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ מִיר דֶערְמָאנְגְט אַז ס׳אִיז נָאךְ פַארַאן אַ מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט, וֶועלְכֶען אִיךְ מֶעג מִיךְ דְרַייסְט וֶוענְדֶען אוּם הִילְף, דָאס אִיז מַיין פֶּאטֶער. אוּנ אִיךְ הָאבּ דִיר עֶקְסְטְרַא אַ וָוארְט נִיט גֶעזָאגְט פוּן מַיין פְּלַאן, ווַייל אִיךְ בִּין נָאךְ אַלֵיין שְׁטַארְק גֶעוֶועןְ אִין סָפֵק, אוֹיבּ כְ׳וֶועלל וָואס פוּעֶל׳ן.

צוּם גְלִיקְק אָבֶּער הָאט זִיךְ דֶער נָאטַארְיוּס נַאטַאסִיוּש אוֹיסְגֶעווִיזֶען פִיעל עֶדְלֶער ווִי כְ׳הָאבּ גֶערֶעכֶענְט. דֶער פַאלל הָאט נָאךְ גֶעשְׁטַארְקְט מַיין כְּלַל, אַז אַ מֶענְשְׁלִיכֶע נְשָׁמָה טָאר מֶען נִיט שַׁאטְצֶען אוּנ אִין עֶרְגְסְטֶען גוּף לִיעגְט נָאךְ פֶערְבָּארְגֶען אַ גוּטֶער גֶעפִיהל, וֶועלְכֶער רוּפְט זִיךְ אַ מָאל אָבּ גָאר אוּנְפֶערְהָאפְּט. מַיין פָּאטֶער אִיז אוֹיךְ מִיט אַמָאל צוּ מִיר ווַארֶעמֶער גֶעוָוארֶען. מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען הָאט עֶר בֶּעדוֹיעֶרְט זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע בֶּעהַאנְדְלוּנְגֶען גֶעגֶען מַיין מוּטֶער, אוּנ

יֶעצְט ווילל עֶר עֶס אָן מִיר פֶערבֶּעססֶערְן. פון איהם הָאב אִיךְ גֶעקְרָאגֶען דִי אַנְוַייזונג אויף דִי פֶערְצִיג טויזֶענְד פְרַאנְק, מִיט דֶעם גֶעלְד וועלל אִיךְ אָנְהויבֶּען גְרֵייטֶען אַ פַאבְּרִיק אונ מִיר וֶועלֶען מִיט גָאטטֶעס הִילְף גְלִיקְקְלִיךְ זַיין, יָא מַארְיָאן גְלִיקְקְלִיךְ זַיין, נִיט מִיט דֶעם גֶעלְד, נִיט מִיט דֶער עֲשִׁירוּת, נור מִיט דֶעם וָואס אונז וֶועט מֶעגְלִיךְ זַיין צו לֶעבֶּען בְּרֵייט אונ נִיט גֶעדְרִיקְקְט, זִיךְ אונ יֶענֶעם אַ טוֹבָה טְהוּן אונ דִי הויפְּט-זַאךְ צו עֶרְצִיהֶען מַאקְסִימֶען אונ אויב גָאטט וֶועט גֶעבֶּען אַנְדֶערֶע קִינְדֶער אִין אַ גוּטֶען וֶועג מִיט בִּילְדוּנְג אונ מֶענְשְׁלִיכְקַייט.

— וָואס פַאר אַ אוּנְפֶערְהָאפְּטֶער גְלִיקק — דָאס זֶעהט בַּיי מִיר אויס ווִי אַ מַעֲשֶׂה פון „טויזֶענְד אונ אֵיין נַאכְט" — הָאט זִיךְ מַארְיָאן נִיט גֶעקֶענְט אָבּ וואוּנְדֶערֶען.

— וַוארְט, לִיעבֶּע מַארְיָאן, דו וֵוייסְט נָאךְ נִיט אַלְץ. בִּיז יֶעצְט הָאבֶּע מִיר נור גֶערֶעדְט וֶועגֶען גֶעלְד, ס'זַיינֶען דָא אָבֶּער בַּיי אַ מֶענְשֶׁען צֵייטֶענְוַוייז אַנְדֶערֶע פֶערְגְנִיגוּנְגֶען, וֶועלְכֶע שְׁטֶעהֶן פִיעל הֶעכֶער ווִי דִי גְרֶעסְטֶע קַאפִּיטַאלֶען. גְלויבּ מִיר, טְהַייעֶרֶע, אִין דֶער מִינוּט, וֶוען כ'הָאבּ גֶעקְרִיגֶען פון מַיין פָאטֶער דִי אָנְוַוייזוּנְג אויף אַזַא גְרויסֶע סוּמֶע גֶעלְד, הָאבּ אִיךְ וֶועניג וָואס גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען דֶעם קַאפִּיטַאל, מַיין הַארְץ אִיז דַאמָאלְס גֶעוֶועןְ פֶערְנוּמֶען מִיט עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ אונ כְ'הָאבּ פון טִיעפֶען הַארְצֶען גֶעדַאנְקְט אוּנְזֶער גָאטט, וָואס עֶר הָאט וַוייךְ גֶעמַאכְט מַיין פָאטֶערְס הַארְץ, עֶר זָאלל זִיךְ דֶערְמָאנֶען אָן זַיין פֶערְלָארֶענֶעם זוּהְן. גָאטט הָאט אויךְ אויסְגֶעהֶערְט מַיין דַאנְק אונ אַלְס בֶּעלָאהְנוּנְג הָאבּ אִיךְ ווִי גֶעפוּנֶען נִיט נור דֶעם פָאטֶער אַלֵיין, זָאנְדֶערְן אויךְ אַ שְׁוֶועסְטֶער. אַזוֹי, מַארְיָאן קְרוֹין, אִיךְ בִּין בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט אַ שְׁוֶועסְטֶער, מִיט וֶועלְכֶער כ'מֶעג זַיין שְׁטָאלְץ. זִי אִיז שֶׁאן אונ עֶדֶעל, קְלוּג אונ גוּט. אַךְ, וֶוען דו וָואלְלְסְט גֶעזֶעהֶן מִיט וָואס פַאר אַ שִׂמְחָה זִי הָאט אויסְגֶעהֶערְט פון אוּנְזֶערֶע תְּנָאִים, ווִי אַזוֹי זִי הָאט זִיךְ אויסְגֶעפְרֶעגְט אִיבֶּער דִיר, דַאבַּיי הָאט זִי מִיר הֵיילִיג גֶעשְׁוָואוֹרֶען, אַז זִי הָאט דִיךְ שׁוֹין לִיעבּ ווִי אַ אֵייגֶענֶע שְׁוֶועסְטֶער, אונ לוּצִיֶע אִיז נִיט פון דִי וָואס הָאבֶּען נִיט לִיעבּ צו הַאלְטֶען וָוארְט. בַּיי אִיהְר, וָואס גֶעזָאגְט אִיז קוֹדֶשׁ. אָט זֶעהְסְט דו, מַארְיָאן, אַז גָאטט ווילל בֶּענְשְׁט עֶר מִיט אַלֶעם. יֶעצְט הָאבֶּען מִיר גֶעלְד אונ מִשְׁפָּחָה אויךְ, מִיר וֶועלֶען שׁוֹין נִיט זַיין אַזוֹי עֶלֶענְד אונ וֶועלְלֶען הָאבֶּען מִיט וֶועמֶען צו פֶערְקֶעהְרֶען. נַיין, מַארְיָאן, פון גְרויסס שִׂמְחָה וֵוייס אִיךְ נִיט וָואס צו טְהוּן אונ מִיר ווילְלְט זִיךְ פָּשׁוּט טַאנְצֶען.

מַארְיָאן הָאט זָאגַאר נִיט גֶעהַאט קֵיין גְרויסס חֵשֶׁק צוּם טַאנְץ, אַרְמַאנְד אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען אַזוֹי גְלִיקְקְלִיךְ, אִיז אַז עֶר הָאט זִי נִיטוּוִילְלֶענְדִיג מִיטגֶעשְׁלֶעפְּט מִיט זִיךְ, אונ דֶער קְלֵיינֶער מַאקְסִים הָאט דַאמָאלְס אויסְגֶעשְׁטֶעלְט אַ פָּאר אויגֶען צו בֶּעוואוּנְדֶערֶען וָואס מִיט זַיין שְׁטֶענְדִיג רוּהִיגֶער אונ שְׁטִילֶער מוּטֶער אִיז מִיט אַמָאל גֶעוָוארֶען אַז זִי טַאנְצְט אונ שְׁפְּרִינְגְט.

אִין גְרוּנְד אָבֶּער אִיז מַארְיָאן אַלְץ גֶעוֶוען טְרויעֶרִיג.

— וָואס פֶעהלְט דיר, מַארְיָאן? — הָאט אַרְמַאנְד פֶערזָארְגְט גֶעפְרֶעגְט אונ נָאךְ הַייסֶער גֶעדְריקְקְט דֶער כַּלָה'ס הַאנְד.

— פֶעהלֶען פֶעהלְט מִיר גָאר נִיט, כְ'בִּין נוּר אִיבֶּערַראַשְט פוּן אוּנְזֶער פְרֵייד אונ נִיט וִוילְלֶענְדִיג דֶערמָאנן אִיךְ מִיךְ אָן אַנְדֶערֶע, וֶועמֶען ס'אִיז גֶעבֶּאךְ נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶען צוּ גֶעניעסֶען פוּן לֶעבֶּען.

— דוּ מֵיינְסְט גֶעווִיסס חַוָה רִיטְטֶער?

— טַאקִי דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע חַוָהן. וָואס פַאר אַ שִׂמְחָה וָואלט פַאר אִיהְר גֶעוֶועזֶען אוּנְזֶער גְלִיקק אונ יֶעצְט מוּז זִי גֶעבֶּאךְ לִיעגֶען אִין דְ'רֶערְד.

— אונ עַד הַיוֹם וֵוייסס מֶען נָאךְ נִיט וָואס דָארְטֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אונ וֶוער ס'אִיז שוּלְדִיג אִין אִיהְר טוֹידְט.

— דִי גַאנְצֶע זַאךְ אִיז אַ גְרוֹיסֶע רֶעטֶעֶעל — הָאט זִיךְ מַארְיָאן אוֹיךְ אָבּ־גֶערוּפֶען — דֶער קְלֵיינֶער בִּיאָן! וֶועמֶען הָאט דֶענן גֶעקֶענְנְט אַיינְפַאלְלֶען צוּ שְׁטֶעכֶען דֶעם הוֹיקֶערדִיגֶען קַארְלִיק? גֶעוִויסס אִיז עֶר מִיטגֶעלָאפֶען מִיט דֶער זֶעלִיגֶען חַוָהן אונ הָאט זִי גֶעוָואלְט בֶּעגְלֵייטֶען אוֹיף דֶעם ווַייטֶען וֶועג, וָואהִין זִי אִיז גֶעגַאנְגֶען; אוֹיף אַזַא אַרְט אִיז עֶר אוֹיךְ אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען בַּיי דִי מֶערְדֶער אִין דִי הֶאנְד.

— ווִי דִי מַעֲשֶׂה אִיז זַיינֶען זַיי בֵּיידֶע טוֹידְט — הָאט אַרְמַאנְד גֶעעֶנְטְפֶערְט — אונ ס'אִיז גֶעבֶּאךְ אַ רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶער אָרֶעמֶע פְרוֹי גֶעבֶּעל.

דִי אָרֶעמֶע פְרוֹי אִיז גֶעבֶּאךְ גֶעאֶלְטֶערְט גֶעוָוארֶען אָהְן דֶער צַייט.

נוּר ווִי דוּ ווִילְלְסְט, מַארְיָאן, מוּז אִיךְ דִיר זָאגֶען דֶעם אֶמֶת, אַז לוֹיט מַיין מֵיינוּנְג אִיז דֶער בְּלִינְדֶער נִיט אוּמְזִיסְט פֶערשְׁווָאונְדֶען גֶעוָוארֶען אִין יֶענֶער נַאכְט, אונ אִיךְ זָאג דִיר נָאךְ אַמָאל, אַז זַיין פְרוּמְמַקְייט אִיז נוּר גֶעוֶועזֶען אַ גֶעמַאכְטֶע אונ עֶר אִיז דֶער אֱמֶת'ר רוֹצֵחַ פוּן זַיין טָאכְטֶער אונ דֶעם קְלֵיינֶעם בִּיאָן.

אַזוֹי בִּיסְלִיכְוַוייז אִיז אוּנְזֶער פֶערלִיעבְטֶע פָּאר גֶעקוּממֶען פוּן דִי לֶעבֶּעדִיגֶע אוֹיף דִי טוֹידְטֶע. מַארְיָאן הָאט זֶעהר בֶּעדוֹיעֶרְט דִי פְרוֹי גֶעבֶּעל, וֶועלְכֶע זִי הָאט אֱמֶת לִיעבּ גֶעהַאט. נָאכְדֶעם ווִי זִי הָאט זִיךְ אוֹיסגֶערֶעדְט מִיט אַרְמַאנְדֶען דָאס הַארְץ, הָאט זִי אַרַיינְגֶערוּפֶען דִי אַלְטֶע צוּ זִיךְ אִין צִימֶמֶער אונ אִיהְר עֶרְצֶאהלְט פוּן אַרְמַאנְדְ'ס גְלִיקְלִיכֶען צוּפַאלל.

— אִיהְר ווֵייסְט, פְרוֹי גֶעבֶּעל — הָאט מַארְיָאן צוּפְרִיעדֶען אונ בֶּעשְׁלָאסֶען זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — אַז אַרְמַאנְד וֶועט זִיךְ פֶערלֵייגֶען דִי פַאבְּרִיק, וֶועלְלֶען מִיר אוּנְז אוֹיסבּוֹיעֶן אַ קְלֵיין, נוּר שֶׁאן הַייזֶעל אונ אִיהְר וֶועט מוּזֶען מִיט אוּנְז גֶעהְן וָואהְנֶען צוּזַאממֶען. אִיךְ בְּרוֹיךְ אַייךְ דָאךְ נִיט צוּ זָאגֶען ווִי מַאקְסִים אִיז צוּ אַייךְ צוּגֶעבּוּנְדֶען.

— גָאטט זָאלל אַייךְ הֶעלְפֶען פַאר אַייעֶר גוּט הַארְץ! — הָאט דִי אַלְטֶע גֶע־עֶנְטְפֶערְט — מִיט פֶערגֶעניגֶען ווִילְלִיג אִיךְ אַיין, וָוענִיגְסְטֶענְס וֶועלל אִיךְ נִיט זַיין אַזוֹי עֶלֶענְד...

דִי אָרֶעמֶע פְרוֹי הָאט זִיךְ דֶערמָאנְט אָן דֶעם גֶעהַרְגֶעטֶען זוּהן אוּנ אַ נַייֶער קְוַואלל טְרֶערֶען הָאט אִיהְר אַרוֹיסגֶעשָׁאססֶען פוּן דִי אוֹיגֶען.

אַרְמַאנְד אִיז דֶערוַוייל אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן אָרְט אוּנ זִ׳סם גֶעזָאגְט צוּ מַארְיָאנֶען:

— אוֹיף אַ שָׁעָה מוּז אִיךְ דִיךְ פֶערלָאזֶען אַלֵיין, מַיין טְהַייעֶרֶע. בְּ׳גֶעה יֶעצְט אַהִין צוּ אוּנְזֶער גֶעוֶועזֶענֶעם שְׁפַּייזֶער, הֶערר פְּרַאקָאנִין. כְּ׳מוּז אִיהְם דָאךְ מֶעלְדֶען אַז מִיר טְרֶעטֶען אַרוֹים פוּן זַיין פַאבְּרִיק. גְלַייכְצַייטִיג וֶועלל אִיךְ אוֹיךְ אוֹיסטוֹישֶׁען בַּיי אִיהְם דִי אָנְוַוייזוּנְג.

עֶר הָאט זִיךְ מִיט מַארְיָאנֶען גֶעזֶעגֶענְט מִיט אַ קוּשׁ.

דֶער גֶעוֶועזֶענֶער בַּעַל־הַבַּיִת הָאט אִיהְם פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּממֶען אוּנ אוֹיסגֶעטוֹישְׁט דֶעם טְשֶׁעק.

פַאר נַאכְט אִיז אַרְמַאנְד גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶער כַּלָּה זִיךְ אַ בִּיסֶעל דוּרכְצוּפָאהְרֶען אוֹיסֶען שְׁטָאדְט.

צוּרִיקקוּמֶענְדִיג הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין גֶעטְרָאפֶען מַאקְסִימֶען שְׁלֶעפֶערְדִיג אוּנ אַרְמַאנְד הָאט זָאגַאר קֵיין צַייט נִיט גֶעהַאט דֶעם יוּנְגֶען צוּ אִיבֶּערגֶעבֶּען דִי שְׁפִּיעלְצֵייג, וָואס עֶר הָאט אִיהְם הַיינְט אַיינְגֶעקוֹיפְט.

— לִיעבֶּע מַארְיָאן! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וֶוענן דֶער קְלֵיינֶער אִיז שׁוֹין גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ אִין צִימֶער אִיז ווִיעדֶער גֶעוָוארֶען שְׁטִילל — כְּ׳הָאבּ מִיךְ יֶעצְט דֶערמָאנְט אַז אִיךְ מוּז מִיךְ זֶעהֶען מִיט מַיינֶעם אַ אַלְטֶען בֶּעקַאנְנְטֶען, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ דוּרכְאוֹיס גֶעבֶּעטֶען בַּיי אִיהְם הַיינְט צוּ זַיין. מַיין פְרַיינְד אִיז אִין אַ גְרוֹיסֶער פֶערלֶעגֶענְהַייט אוּנ עֶר בֶּעדַארְף מִיר דוּרכְאוֹיס צוּ הָאבֶּען. דוּ וֶועסְט דָאךְ מִיר עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען, לִיעבֶּע מַארְיָאן, וָואס אִיךְ לָאז דִיךְ ווִיעדֶער אִיבֶּער אַלֵיין.

— נֵיין, אַרְמַאנְד, צוּ הֶעלְפֶען אַ מֶענְשֶׁען, אוּנ בִּפְרַט נָאךְ אַ גוּטֶען פְרַיינְד אִיז שְׁטֶענְדִיג צַייט אוּנ בְּ׳טָאר דִיר אִין דֶעם נִיט שְׁטֶערֶען.

— סְ׳קֶענן אָבֶּער מֶעגְלִיךְ זַיין, לִיעבֶּע מַארְיָאן, אַז אִיךְ וֶועלל צוּרִיקקוּמֶען גַאנְץ שְׁפֶּעט, וַוייל דֶער וֶועג אִיז וַוייט אוּנ כְּ׳וֵוייס נִיט ווִי לַאנְג כְּ׳וֶועל מִיךְ בְּרוֹיכֶען דָארְטֶען אוֹיפְצוּהַאלְטֶען.

— כְּ׳הָאבּ דִיר דָאךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט, לִיעבֶּער אַרְמַאנְד, אַז דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט קוּקְט נִיט אוֹיף דֶעם זֵייגֶער. צוּ הֶעלְפֶען יֶענֶעם אִין אַ נוֹיט אִיז קֵיין מָאל נִיט צוּ שְׁפֶּעט. הָאבְּסְטֶענְס וֶועל אִיךְ אוֹיף דִיר וַוארְטֶען צוּ זָאגֶען אַ „גוּטֶע נַאכְט" אָדֶער אֶפְשַׁר גָאר שׁוֹין „גוּט מָארְגֶען".

— דוּ בִּיסְט אַ זֶעלְטֶען ווָאהל וַוייבֶּעל — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַרְמַאנְד אוּנ נָאךְ אַמָאל זִיךְ צוּקוּשְׁט מִיט אִיהְר.

אִיהְם אִיז אַלֵיין גֶעוֶוען אַ חֶרְפָּה אַז עֶר מוּז אוּנטֶערנַארֶען אַזַא אָרֶענְטְלִיכֶעם בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ, וָוארוּם עֶר הָאט אִיהְר נִיט גֶעוָואלְט זָאגֶען דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת, וָואהִין

עֶר גֶעהט, דֶער נָאטַארְיוּס הָאט אִיהְם דָאךְ שְׁטְרֶענְג פֶערבָּאטֶען קֵיינֶעם נִיט צוּ זָאגֶען פוּן דֶעם וִויזִיט בַּיי פְרוֹי בּוּלַאנְסִי.

אַרְמַאנְד אִיז דֶערוַוייל אַוֶועק אִין זַיין צִימֶער אוּנ זִיךְ דָארְטֶען אִיבֶּערגֶעצוֹיגֶען אִין אַ שְׁוַוארְצֶען וִויזִיט־אַנְצוּג.

אַז מַארְיָאן הָאט אִיהְם וִויעדֶער דֶערזֶעהֶען נֶעבֶּען זִיךְ אִיז זִי גֶעוָוארֶען עֶנְטְצִיקְט פוּן זַיין שֶׁאנֶע פִיגוּר.

— דוּ זֶעהסְט דָאךְ גָאר אוֹיס וִוי אַ מַאגְנַאט — הָאט זִי זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — כְ'הָאבּ דִיר גָאר מוֹרָא אַזוֹי אַרוֹיסצוּלָאזֶען אוֹיפ'ן גַאסס, דִי פְרוֹיֶען וֶועלֶען דָאךְ דֶעם קָאפּ פֶערלִיעֶרֶען, קוּקֶענְדִיג אוֹיף דִיר. נוּר, וַוארְט נוּר מַיין טְהַייעֶרֶער, אֵיין זַאךְ הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעטֶען, דוּ גֶעהסְט דָאךְ אִין אַ וַוייטֶען וֶועג אוּנ דַארִיבֶּער וָואלְט בֶּעסֶער גֶעוֶוען, דוּ זָאלְסְט דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד נִיט מִיטְנֶעהמֶען מִיט זִיךְ. יֶעצְט אִיז אִין פַּארִיז אַזוֹי אוּמְרוּהִיג דִי צַייט פוּן דִי פֶערשִׁיעדֶענֶע רְצִיחוֹת, אוּנ כְ'הָאבּ מוֹרָא דִיר זָאל חָלִילָה אַ אוּמְגְלִיקְק נִיט פַּאססִירֶען.

— אוּנ אִיךְ, מַיין טְהַייעֶרֶע, וֶועלל נִיט קֶענֶנֶען רוּהִיג בְּלַייבֶּען, וֶוענְן כְ'וֵוייסס דָאס גֶעלְד לִיעגְט אִין שְׁטוּבּ. וִוי וַוייט פֶעהלְט עֶס אַז דִי גַאססֶען־גַנָבִים זָאלֶען דִיךְ בֶּעפַאלֶען? נֵיין, לִיעבֶּע מַארְיָאן, דֶער בֶּעסְטֶער אָרְט אִיז פַאר דָאס גֶעלְד בַּיי מִיר אִין דֶער טַאשׁ. הַיינְט אִיז פַייעֶרְטַאג אוּנ דִי בֶּאנְק זַיינֶען צוּגֶעשְׁלָאססֶען, מָארְגֶען אָבֶּער וֶועלל אִיךְ אוּנזֶער קַאפִּיטַאל אַרַיינְטְרָאגֶען אִין אַ בַּאנְק. זֶעהסְט דוּ, מַארְיָאן, וִוי רִיכְטִיג דֶער אַלְטֶער שְׁפְּרִיכְוָוארְט אִיז: „מַרְבֶּה נְכָסִים מַרְבֶּה דְאָגוֹת”, אַזוֹי לַאנְג וִוי מִיר הָאבֶּען קֵיין גֶעלְד נִיט גֶעהַאט הָאט אוּנְז דֶער קָאפּ נִיט וֶועה גֶעטְהוּן, יֶעצְט אָבֶּער הָאבֶּען מִיר נוּר אַ דַאֲגָה וִוי אַזוֹי צוּ בֶּעהַאלְטֶען אוּנזֶערֶע קַאפִּיטַאלֶען פוּן פְרֶעמְדֶע אוֹיגֶען.

אוּנ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אוֹיף דֶעם שֶׁאנֶעם גֶעזִיכְט הָאט אַרְמַאנְד אַרוּמגֶענוּמֶען צוּם לֶעצְטֶען מָאל זַיין גֶעלִיעבְּטֶע.

— צוּם וִויעדֶערזֶעהֶען! — הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען פוּן יֶענֶער זַייט טְהִיר.

— צוּם וִויעדֶערזֶעהֶען! — הָאט אִיהְם מַארְיָאן גֶעעֶנְטְפֶערְט.

---

דִי זַאלָאנֶען אִין דֶער וִוילְלֶע פוּן דֶער פְרוֹי בּוּלַאנְסִי זַיינֶען הֶערְלִיךְ בֶּעלוֹיכְטֶען.

לוּצִיֶע נַאטַאסְיוּשׁ הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין טָעוּת, וֶוען זִי הָאט עֶרְצֶעהלְט דֶעם פוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר, אַז אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען „פְרוֹי בּוּלַאנְסִי” אִיז פֶערבָּארְגֶען אֵיינֶע פוּן פַארִיזֶער שְׁלֶעכְטֶע פְרוֹיֶען, אוּנְזֶערֶע אַלְטֶע בֶּעקַאנְטֶע פּוֹטִיפֶרַע, דֶעם פֶּגֶרְס וַוייבּ.

קֵיינֶער וֵוייס נִיט דֶעם סוֹד, אַז דִי פְרוֹי הָאט בֶּעגַנְבֶעהט דִי בְּרִיססֶעלֶער זִינְגֶערִין נִינָאן־דֶע־קְלֶער אוּנ מִיט גְוַואלְד צוּגֶענוּמֶען פוּן אִיהְר דִי פִּיעֶר הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד

פְרַאנְק, וֶועלְכֶע מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד הָאט דַאמָאלְס אַזוֹי לַייכְט עֶרְהַאלְטֶען פַאר עֶסְטֶערְהַאזִיס דָאקוּמֶענְטֶען.

אַז דָאס גֶעלְד אִיז שׁוֹין גֶעוֶועֶן בַּיי אִיהְר, הָאט זִי זִיךְ אַרוֹיסגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶער מוּטמֶערְס שֵׁיינְק אוּנ אוֹיף פַאריזֶער בְּרוּק הָאט זִיךְ מִיט אַמָאל בֶּעוִויזֶען אַ נַייעֶ פִיגוּר, דִי רַייכֶע פְרוֹי בּוּלַאנְסִי.

אִיהְר ווִילֶּע אִיז גֶעוָוארֶען אַ שֵׁם־דָבָר אוּנ יֶעדֶערֶער הָאט בֶּעוואוּנְדֶערְט אִיהְרֶע עֲשִׁירוּת אוּנ קָאמְפָּארְטֶען. קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פוּן וַואנֶען זִי אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען אוּנ פוּן וַואנֶען סְ'שְׁטַאמֶען אִיהְרֶע פֶערמֶעגֶענְס; פַאר גֶעלְד קְרִיעגְט מֶען אַלְץ, כָּבוֹד בַּיי מֶענְשֶׁען אוּנ דִי בֶּעסְטֶע פֶערגֶענִיגֶען;

עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז אוֹיךְ דוּרְךְ אִיהְר גֶעהָאלְפֶען גֶעוָוארֶען פוּן זַיין נוֹיט אוּנ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר טוֹעֵם גֶעוֶועֶן דֶעם טַעַם פוּן אַ פוּלֶּען מַייסְטֶער. בִּיז יֶעצְט הָאט זִיךְ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר גָאר נִיט גֶעקֶענְט פָאר־שְׁטֶעלֶּען, וִוי אַזוֹי אַ מֶענְשׁ קֶענְן לֶעבֶּען אָהְן חוֹבוֹת אוּנ נִיט אָנְקוּמֶען צוּ פְּרָאצֶענְטְנִיקֶעס.

„פּוֹטִיפֶרַע" הָאט אִיהם גֶעוִויזֶען דֶעם נֵס, אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר אִיהר גֶעמֶזְט שֵׁיינְקֶען זַיין לִיעבֶּע.

זִי הָאט בַּיי זִיךְ אִין דֶער ווִילֶּע פָארְבֶּערֵייטֶעט פַאר אִיהם אֵיינִיגֶע צִימֶערֶען, שְׁפֶּעצְיֶעל פַאר אִיהם, אָבְוָואהל עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי זַיין אַלְטֶער וָואהנוּנְג.

פּוֹטִיפֶרַע אִיז גֶעוֶועֶן פוּן דִי פְרוֹיֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען לִיעבּ צוּ קוּקֶען אוֹיף אַ תַּכְלִית, דָאס גֶעלְד, וָואס זִי הָאט מִיט גְוַואלְד צוּגֶענוּמֶען בַּיי דֶער זִינְגֶערִין נִינָאן־דֶע־קְלֶער, הָאט אִיהר גֶעקֶענְט קְלֶעקֶען אוֹיף דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן אִיהר לֶעבֶּען, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִי נִיט גֶעוָואלְט רוּהֶען אוּנ נוּר גֶעשְׁטְרֶעבְּט דֶעם קַאפִּיטַאל צוּ פֶערְגְרֶאסֶערֶען.

אוֹיסֶערְדֶעם הָאט זִי גֶעבְּרוֹיכְט זָארְגֶען נִיט נוּר פִיר זִיךְ אַלֵיין, זָאנְדֶערְן אוֹיךְ פַאר דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר, אוּנ בַּיי אִיהם אִיז דָאס גֶעלְד גֶערוּנֶען צְוִוישֶׁען דִי פִינְגֶער. עֶר הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעהַאט גֶענוּג אוּנ דִי גְרֶאסְטֶע סוּמֶע וָואלְט פַאר אִיהם גֶעוֶועֶן צוּ וֶועניג.

דִי גֶעמַאכְטֶע פְרוֹי בּוּלַאנְסִי הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט, אַז קוֹים שֶׁעפְּט זִיךְ בַּיי אִיהר אוֹיס דֶער קְוַואל פוּן גָאלְד אִיז עֶסְטֶערְהַאזִי נִיט אִיהר מֶענְשׁ. זַיין לִיעבֶּע קֶענְן נ״־ אַזוֹי לַאנְג דוֹיֶערֶען בִּיז וַואנֶען דִי מַטְבֵּעַ אִיז דָא. לִיעבֶּען אָהְן גֶעלְד אִיז אַ שְׁוֶוערֶע אוֹיפְגַאבֶּע פִיר דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.

אוּנ פּוֹטִיפֶרַע הָאט גֶעזוּכְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע מִיטְלֶען, וִוי אַזוֹי דָאס גֶעלְד פֶעסְט צוּ הַאלְטֶען, נָאךְ מֶעהר, וִוי אַזוֹי צוּ פֶערְמֶעהרֶען, סְ'זָאלל קֵיין מָאל נִיט אוֹיפְהֶערֶען.

קַאוֶעטַאס טָאכְטֶער הָאט גוּט גֶעקֶענְט פַארִיזֶער עֲרֵי מִקְלָט, דִי שְׁטֶאדְט,

אין װעלכע ס׳לויפען זיך שטענדיג צוזאממען פערשידענע מענשען פון דער גאנצער װעלט צו לעבען א גוטען טאג.

װי פיעל קאפיטאלען געהען דארטען לאבוד? װי פיעל פערמעגענס, ירושות און שװער פערהארעװעטע געלדער װערען אין פאריז פערשװענדעט, גאנץ אפט נור דורך איין נאכט.

װאס די שטאדט איז גרעסער און שענער, איז זי אלץ געפעהרליכער פאר די לייכטזיניגע פרעמדע רייזענדער, װעלכע לאזען זיך פערפיהרען פון דעם ערשטען בעסטען שארלאטאן.

און קאזעטמאס טאכטער, דעם „פגר׳ס" װייב איז אויך געפאלען אויף א שכל, בײ זיך אין דער װיללע איינצואָרדנען א קארטען־שפּיעלעריי.

שאנע פרויען און פערשידענע געטראנקע מיט טייערע װיינען דערהיטצען דאס בלוט און די פרעמדע נארען בעמערקען דאמאלס ניט, װי אויף דעם טיש בעװייזען זיך פאלשע קארטען און ביסליכװייז װערען זייערע טייסטערס ליידיג.

די שולערס װייסען שוין װאס זיי האבען צו טהון מיט די גאסט, װעלכע זענען געקוממען זיך צו װיילען אין פאריז.

– איהר זייט געקוממען אהער הנאה האבען – זאגען די שולערס – בעצאהלט שױן רבי־געלד.

„פּוטיפרעס" זאלל איז אויך געװען ניט בעסער, נור אפשר נאך ערגער, און ניט איין אומגליקליכער האט בײ איהר איבערגעלאזען אלץ, װאס ער האט נור מיטגעבראכט אין פאריז.

אויסער דעם רייטץ פון געלד האט זי פון דעם קארטען־שפּיעל געהאט אויך אנדערע נוטצען.

עסטערהאזי האט ליעב געהאט א „קערטיל" און בײ דעם גרינעם טיש איז ער געװארען גאר א נ׳אנדער מענש. זיין בלאסס געזיכט האט זיך אויסגערויטיגט, װען ער האט דערהערט דעם קלאנג פון גאלד, דעם גערויש פון די קארטען. די אויגען האבען איהם דאמאלס געבליצט מיט פייער און „פּוטיפרע", אדער װי מען רופט זי יעצט „די פרוי בולאנסי" האט זיך ניט זאט געקענט אנקוקען װי איהר תכשיט װיילט זיך װאהל אין דער פערדארבענער געזעללשאפט פון די זינדיגע פרויען און קארטען־שפּיעלער.

~~~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~~~

# XX.

## בַּיים קָארְטֶען־טִישֶׁעל.

הַיינְט הָאט אויךְ גֶעהַאלְטֶען עֶסְטֶערְהַאזִי דִי בַּאנְק;
דֶער עוֹלָם הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט אִין אַ „בַּאנְטְשָׁאק".
דֶער בַּאנְקִיר הָאט פֶערְקוֹיפְט קָארְטֶען פוּן אֵיין טַאלְיֶע אוּן פוּן דֶער אַנְדֶערֶער הָאט עֶר גֶעוָוארְפֶען אוֹיפ'ן טִישׁ צוּ צְוַוִיי קָארְטֶען, אֵיינֶע לִינְקְס, דִי צְוַוייטֶע רֶעכְטְס.
לִינְקְס הָאט גֶעווּאוּנֶען דֶער בַּאנְקִיר, רֶעכְטְס דֶער שְׁפִּיעלֶער.
אַרוּם גְרִינֶעם טִישׁ זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אוּנְגֶעפֶעהר צְוַואנְצִיג דַאמֶען מִיט הֶערֶען.
דִי דַאמֶען זֶענֶען גֶעוֶוען רַייךְ גֶעקְלֵיידֶעט אוּן צוּ פִיעל אָפֶען דֶעקָאלְטִירְט, אוּן דִי הֶערֶען אִין שְׁוַוארְצֶע רֶאק אוּן זָאגַאר עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ וִויזִיטֶען־אַנְצוּג פוּן אַ צִיווִילְנֶעם. נִיט עֶר אוּן נִיט פְרוֹי בּוּלַאנְסִי — אַזוֹי מוּזֶען מִיר יֶעצְט אָנְרוּפֶען אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶע פּוֹטִיפֶרַע — הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אַלֶע גֶעסְט פֶערְזֶענְלִיךְ. דָאס רוֹב זֶענֶען דִי פְרֶעמְדֶע אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוֹיף אַ צֵייכֶען פוּן אַ רוֹיטֶער וִויזִיט־קָארְטֶע, וֶועלְכֶע בּוּלַאנְסִי'ס אָנְגֶעטְרוֹיטֶע אַגֶענְטֶען הָאבֶּען צוּטְהֵיילְט צְוִוישֶׁען פַּארִיזֶער לֶעבֶּע־יוּנְגֶען.
ווִי מִיר וֵוייסֶען שׁוֹין הָאט דֶער נָאטַארִיוּס נַאטַאסְיוּשׁ אויךְ גֶעגֶעבֶּען אַזַא קָארְטֶע זַיין זוּהן אוּן אַרְמַאנְד אִיז גַאנְץ לַייכְט אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם פַאלְשֶׁען גַן־עֵדֶן. עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶעגֶעבֶּען אַ טִיטוּל אוּן זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְס מַארְקִיז אַרְמַאנְד בָּאנְגֶע.
דֶער עוֹלָם הָאט פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אַזַא גֶעעֶהְרְטֶען גַאסְט.
אַרוּם אִיהם הָאבֶּען גֶעטַאנְצְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע מֶענְשֶׁען, אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז פוּן אִיהם נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אַ הוֹיכֶע, שְׁטַארְק גֶעבּוֹיטֶע אִיטַאלְיֶענִישֶׁע זִינְגֶערִין, רִיטַא־דֶעל־מֶעיָא.
אַזוֹי לַאנְג ווִי עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶוען נִיכְטֶערְן הָאט זִי אוֹיף אִיהם קֵיין שְׁלִיטָה נִיט גֶעהַאט.
טְרַאכְטֶענְדִיג שְׁטֶענְדִיג וֶועגֶען מַארְיָאנֶען, הָאט אִיהם דֶער זִינְגֶערִינְס פַּארְפוּם גֶעשְׁטִיקְט, אִיהר גֶעפּוּדְרִירְטֶעס גֶעזִיכְט הָאט אִיהם גֶעעֶקְעלְט אוּן עֶר הָאט זִיךְ וֶועניג וָואס אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט דִי גֶאסְט ווִי אויךְ מִיט דִי קָארְטֶען.
ס'הָאט אוֹיף אִיהם קֵיין ווִירְקוּנְג נִיט גֶעמַאכְט, וָואס זַיין שְׁאטְצֶעל וֶוערְט אַלְץ מֶעהר פוּל מִיט גָאלְד. עֶר הָאט אויךְ נִיט פֶערְגֶעסֶען צַייטֶענְוַוייז צוּ וַוארְפֶען אַ אוֹיג אוֹיף דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.
נוּר בִּיז יֶעצְט הָאט עֶר אִיהם בַּיי קֵיין פַאלְשְׁקַייט נִיט גֶעחַאפְּט. עֶסְטֶערְהַאזִי

האט אין דעם אָבענד פיעל פערלאָרען און מיט יעדעם שפּיעל איז זיין מיענע געוואָרען טריויעריגער און ס'איז געוועזען קענטיג אַז ער איז שטאַרק פערזאָרגט וועגען דעם.

— ס'געהט מיר היינט ניט צום שלימזל! — האט ער זיך אָבגערופען און אויסגעגליינט די קאַרטען אין אַ זייט — כ'וואָלט בעטען דעם עולם צו מאַכען אַ קליינע פּויזע, מיר וועלען דערווייל עפּעס צובייסען און שפּעטער נאָך דעם עסען וועט אפשר די קאַרט בעסער געהן.

גלייך נאָכדעם זענען אַלע אַרויס פון גאַביגעט. די געזעלשאַפט האט זיך צוטהיילט אויף פּאָרען און יעדע פּאָר בעזונדער האט זיך צוזעצט ביי קליינע טישלעך. די דיענער, אין די רייכע פערגאָלדעטע ליבעריעס, האָבען אַרומגעטראָגען שאַמפּאַניער ווייז מיט קאַלטע פערבייסענגען.

— איהר זעהט היינט וויעדער רייצענד אויס, טהייערע ריטאַ! — האט זיך אָבגערופען די פרוי בולאַנזשי און אַרומגענומען די איטאַליענערקע. וועלכע איז געזעסען געגען אַרמאַנדען. נאָכדעם האט זיך די ווירטהין פון דער ווילע איינגעבויגען און איינגערוימט דער יונגערין אין אויער:

— פערגעסס ניט וואָס דו האָסט צו טהון. דיין קאַוואַליער זאָל יעצט פיעל שאַמפּאַניער טרינקען, כדי ער זאָל זיך נאָכדעם מעהר צוהיטצען צום שפּיעלען. דאַכט זיך מיר אַז ער טראָגט ביי זיך פיעל געלד.

— און מיינע פינף פראָצענט? — האט די איטאַליענערקע שטיל געפרעגט.

— וואָס פאַר אַ פראַגע, ווי שטענדיג.

— איז גוט. דער שאַמפּאַניער איז אַ ריכטיגער?

— אונזערער. שטאַרקער קענן ער שוין ניט זיין.

— ענטשולדיגט, הערר מאַרקיז! — האט זיך נאָך דיעזעס געשפּראָך מיט אַ שמייכעל אָבגערופען די פרוי בולאַנזשי צו אַרמאַנדען — וואָס כ'האָב אייך אויף עטליכע מינוט פערפיהרט די דאַמע. כ'האָב שוין אַזאַ שוואַכקייט, אַז איך קענן גלייכגילטיג ניט אָנקוקען אונזער שאָנע ריטאַ'ן און יעדעס מאָל ווען כ'געה פערביי מוז איך מיך אָבשטעלען מיט איהר אַ ביסעל צו פּלוידערען, כדי דערווייל איהר אַ קוש צו געבען אין די שאָנע ליפּען.

ביי די וואָרטער איז די פרוי בולאַנזשי אַריבער אין דעם צווייטען גאַבינעט. דער שוואַרצער מאָאָר האט שוין דאָרטען געוואַרט אויף דער געליעבטע.

ער איז געוועזען זעהר אויפגערעגט און מיט אונגעדולד געשפּרייזט איבער דעם ווייכען דיוואַן. אַז פּוטיפרע איז אַריינגעגאַנגען האט ער מיט פערדרוסס הויך געזאָגט:

— אַ שאָנע געשיכטע, כ'לעבען, מאַדאַם! כ'האָב סמעט פאַנק האָב איך היינטיגע נאַכט פערלאָרען, דאָס הייסט אומגליקליך געשפּיעלט!

די פְרוי בּוֹלַאנְסִי הָאט אִיהם אָבֶער אַרוּמְגֶענוּממֶען אוּנ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעזָאגְט:

— נוּר נִיט זִיךְ אוֹיפְגֶערֶעגְט, וָוארוּם ס'אִיז נִיט דָא פוּן וָואס. דוּ וֶועסְט בַּאלְד' גָאר אִין קוּרְצֶען אָבְּקְרִיעגֶען דַיין שָׁאדֶען צוּרִיק, נָאךְ מִיט אַ גְרָאבֶּען צוּגָאב, נוּר גֶעדוּלְד.

— דוּ טְרֵייסְסְט מִיךְ ווִי אַ נַארִישֶׁע פְּרוֹי. וִוי אַזוֹי אִיז דֶענְן דָאס מֶעגְלִיךְ, אַז יֶעדֶע קָארְט גֶעהט וִוי צוּ לְהַכְעִים גֶעגֶען מִיר?

— דָאס אִיז אוֹיךְ אֶמֶת, דוּ פֶערְגֶעסְסְט אָבֶער אַז בִּיז יֶעצְט הָאסְט דוּ נִיט גֶעהַאט דִי רִיכְטִיגֶע קָארְטֶען.

— הַא, כ'פֶערְשְׁטֶעה שׁוֹין, דוּ ווִילְלְסְט כ'זָאלל גֶעהמֶען יֶענֶע טַאלְיֶע...

— גֶעווִיסס, דִי גֶעצֵייכֶענְטֶע קָארְטֶען וָואס כ'הָאבּ דִיר צוּגֶעגְרֵייט. קֵיינֶעם וֶועט דָאס גָאר נִיט אַיינְפַאללֶען אַז דוּ הֶעלְפְסְט דִיר אַזוֹי.

אַ וַויילֶע הָאט דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר זִיךְ פֶערְטְרַאכְט אוּנ נָאכְדֶעם גֶעזָאגְט:

— דוּ וֵוייסְט דָאךְ אָבֶער אַז כ'הָאבּ שְׁטֶענְדִיג מוֹרָא אָנְצוּהוֹיבֶּען מִיט דֶעם מִיטְטֶעל.

— פַאר וָואס? דֶערְוַויל בִּיסְט דוּ נִיט אַרַיינְגֶעפַאללֶען אוּנ נִיט אֵיין מָאל אִיז עֶס דִיר גֶעלוּנְגֶען אָבְצוּנַארֶען דִי גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט.

— דֶער רֶעזוּלְטַאט אִיז אַ זִיכֶערֶער אוּנ פַארְדֶעם הָאבּ אִיךְ נִיט קֵיין מוֹרָא, מִיךְ שְׁרֶעקְט אָבֶער אִיבֶּער אַ נְ'אַנְדֶער גֶעדַאנְקֶען. שְׁטֶעלל דִיר פָאר צוּם בֵּיישְׁפִּיעל אַז אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים אִיז פְּלוֹצְלִינג גֶעלוּנְגֶען אַרֵיינְצוּבְּרֶעכֶען אִין דַיין הוֹיז אַ שְׁפִּיָאן, אוּנ דֶער אוּנְטֶערְגֶעשִׁיקְטֶער וֶועט בֶּעמֶערְקֶען וָואס אִיךְ מַאךְ מִיט דִי פִינְגֶער. דוּ וֵוייסְסְט אַז בֵּיי אַזָא פַאלל בְּלַייבְּט מִיר נִיט קֵיין אַנְדֶער עֵצָה אִיבְּרִיג, נוּר זִיךְ דָאס לֶעבֶּען צוּ גֶעהמֶען.

— גֶעה, וַוארְף שׁוֹין אַוֶועק דִי נַארִישְׁקֵייטֶען. כ'וֵוייסס נִיט וָואס דוּ בִּיסְט מִיט אֵיין מָאל גֶעוָוארֶען אַזָא בַּעַל־פַּחְדָן. דַאכְט זִיךְ מִיר אַז דוּ הָאסְט שׁוֹין אִין דַיין לֶעבֶּען מֶעהר אוּנ שְׁוֶוערֶערֶע זַאכֶען דוּרְכְגֶעמַאכְט אוּנ נִיט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר קֵיין שְׁפִּיָאנֶען.

— דוּ בִּיסְט גֶערֶעכְט — הָאט שׁוֹין זִיכֶערֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר — מֶען טָאר דֶעם מוּטְה נִיט פֶערְלִירֶען. אוּנְזֶער גָאלְד־גְרוּבּ טָאר זִיךְ נִיט אוֹיסְלָאזֶען. וֶוער שְׁטֶעהְט אָבֶער הַיינְט אוֹיף דֶער וַואקַאנְדֶע?

— דֶער יוּנְגֶער מַארְקִיז אַרְמַאנְד בָּאנְגֶע.

— לָאהנְט עֶס דֶען דִי גַאנְצֶע אַרְבֵּייט? וָואס קֶען עֶר דֶען בֵּיי זִיךְ הָאבֶּען?

— דוּ הָאסְט אַ טָעוּת, מַיין פְרֵיינְד. זַיין גֶעלְד וֶועט קְלֶעקֶען אוֹיף הַיינְט, מֶעגְסְט זִיךְ שׁוֹין פֶערְלָאזֶען אוֹיף מִיר. אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיי אִיהם, וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁפִּיעלֶען אוּנ דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ בֶּעמֶערְקְט אַז זַיין טַיישְׁטֶער אִיז פוֹלל גֶעפַּאקְט מִיט גֶעלְד.

דעם מאיארס אויגען האבען אויפגעלעבט.

– א געשטאפּטער מייסטער! – האט ער פרעהליך געריבען מיט די האנד – וואהל, דאס איז גראדע ווי פאר אונז. גרייט נור אן די קארטען, שאנע פּוטיפּרע, ס'וועט שוין רעכט זיין.

– אט אזוי האב איך דיך ליעב – האט די פרוי געענטפערט און צוגעדריקט דעם מאיאר צו דער ברוסט – אט אזוי האר איך קלארע דבורים. כ'האב שוין אלץ גוט מסדר געווען. די שאנע ריטטא איז יעצט עבען בעשעפטיגט איהם איינ-צושכורן מיט איהרע ליעבע ווארטער און הייסען שאמפאניער, די ביידע סגולות וועללען איהם צוגעבען היטץ צום שפיעלען.

– גאנץ גוט, ווייל געלד קוממט שטענדיג צו נוטץ, בפרט יעצט. דו ווייסעסט וואס כ'וועל דיר ערצעהלען נייעס, מיין שפיאן האט מיר ערשט ניט לאנג איבער-געגעבען, אז דער פולקאוניק פּיקאר איז היינט, זייגער צוויי נאך מיטטאג געווען ביי דעם נאטאריוס נאטאסיוש.

– אוואונדער דאס איז – האט קאוועטאס טאכטער געענטפערט – איין שונא קריעכט צו דעם אנדערען און ביידע מיינען איין זאך, דיך אומגליקקליך צו מאכען.

– זאללען זיי טהון וואס זיי ווילען, אפילו אויף דעם קאפּ זיך שטעללען געהט עס מיך אויך ניט אן – האט זיך דער גראף אויסגעלאכט – דער שוטה פּיקאר שפּיערט גאר ניט ווי אזוי ער שטעללט זיך אליין אוועק אויף דער פולווער-מינע, וועלכע כ'האב איהם אונטערגעווארפען. דו ווייסעסט דאך וואס מיר האבען צוזאממען-געמאכט מיט פּאטי-דע-קלאמען, ס'פעהלט שוין ניט פיעל אונזער מינע זאלל פּלאטצען און דער פולקאוניק פּיקאר וועט מיט איין מאל אשפרונג געבען פון פּאריז דארטהין וואו ער וועט שוין פיר מיך ניט שעדליך זיין.

– גלייבער וואלט פונדערסטוועגען געווען, כ'זאלל איהם פּאקקען אין מיין געטץ און פון דעם אייפעל-טהורם ארונטערוואַרפען.

די באנדיטען האבען זיך דאמאלס דערשראקקען פון דער פרוים געשריי.

– ניין, פּוטיפרע, כ'האב קיין חרטה ניט אויף דעם. פּיקארס טוידט וואללט געמאכט א גרויסען רושם און פאר אונז איז גלייבער אז ס'איז שטיללער. מעגסט זיין גאנץ רוהיג, כ'וועלל איהם ביסלעכווייז דעם טוידט מאכען און ער וועט גאר ניט וויסען פון וואנגען די קויל קוממט. – נו גענוג אויף יעצט, קום אהין, א שאד די צייט, מען בעדארף זיך נעהמען צו דעם מארקיזס טאש.

אין א פערטיל שעה ארום איז שוין די גאנצע געזעלשאפט ווידער געווען צוזאממען.

פּוטיפּרע האט זיך געזעצט נעבען דעם שווארצען מאיאר, ביי איהר לינקער זייט איז יעצט געזעסען ריטטא, וועלכע האט אויף א מינוט ניט אבגעלאזט דעם יונגען מארקיז.

ארמאנד האט יעצט גאר אנדערש אויסגעזעהען.

ער איז געווען אין גאנצען ווי אנגעצונדען פון דעם פייערדיגען שאמפאניער אונ זיינע אויגען האבען געגלאנצט, גלייך ווי זיי וואללטען געווען בעלויכטען פון אינווייניג מיט עלעקטריע.

ארמאנד האט געהערט צו די שוואכע נאטורען, וועלכע לאזען זיך לייכט פערפיהרען. צום אנהויב האט ער געטרונקען נור איין גלאז שאמפאניער אונ נאכדעם נאך איינס, מעהר האט די איטאליענערקע ניט בעדארפט אונ איהר קאוואַליער איז שוין געווען פערטיג אויף אלץ. אין די באזע מינוטען האט ער פערגעססען אלץ, מאריאנען מיט איהר קינד, זיינע אויסזיכטען אויף א איינגענעם געשעפט, דעם פאטער מיט דער שאנער אונ קלוגער לוציען, אלץ איז פערגעססען געווארען אונ ער האט נור געזעהן די שאנע, דעקאלירטע פרוי, וועלכע צוהיצט איהם דאס בלוט.

די צונג האט זיך איהם געדרייט אונ די אויערען האבען ניט געהערט, וואס דאס מויל האט גערעדט.

— דו ביסט ווערט א מעדאל, ריטא! — האט די פרוי בולאנסי געלויבט די זינגערין — דיין פערדיענסט איז שוין ווי ביי דיר.

אין דער מינוט האט ארמאנד אנידערגעווארפען אויפ'ן טיש אפוללען טייסטער מיט געלד.

— יעצט וועללען מיר זעהען ווער ס'האט גליקק — האט ער געזאגט בערוישט פון דעם וויין — כ'קען זיך וועטטען אין ווי פיעל — כ'האלט די באנק... יא, מאיאר, איך בין אייער שונא... פאר מיר דארפט איהר מורא צו האבען, נור מיר וועללען בלייבען גוטע פריינד, נור גיט מיר שאמפאניער... ניין אייער האנד.

— די בעסטע גוטע פריינד — האט עסטערהאזי געענטפערט מיט א געלעכטער אונ פעסט געדריקט די האנד פון דעם שכורן ארמאנד.

בערוישט פון דעם וויין איז ארמאנד ניט געווען פעהיג צו דענקען אונ צו איבערלייגען, אז אין דער מינוט דריקט ער די האנד פון א מענשען, וועלכען ער בעדארף ווירקליך פיינד צו האבען פון גאנצען הארצען. דער שווארצער מאיאר האט דאך שוין אומגליקליך געמאכט אונ איין מאל פערפיהרט זיין געליעבטע מאריאן, נאכדעם האט ער מאוס פערשעמט די קלוגע לוציען אונ יעצט איז ער נור בעשעפטיגט ארמאנדען צו בעראבעווען ביז דער לעצטער פרוטה. אונ דעם מענשען דריקט ער פריינדליך' די האנד!

— הערר מאיאר! — האבען זיך אונרוהיג אבגערופען עטליכע גאסט — ס'איז שוין צייט אנצוהויבען דאס שפיעל איבערראנייעס.

— די מינוט — האט עסטערהאזי געענטפערט — איהר וועט נור אזוי גוט זיין אראבנעהמען די קארטען, וועלכע כ'האב נור וואס דורכגעפאשט.

עֶטְלִיכֶע גֶאסְט הָאבֶּען גוּט בֶּעקוּקְט דִי טַאלְיֶע קָארְטֶען. נָאכְדֶעם הָאבֶּען זֵיי עֶס אָבְּגֶעהוֹיבֶּען, וַוייל זֵיי הָאבֶּען דַארְטֶען נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין פַאלְשְׁקַייט.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט וויעדֶער גֶענוּמֶען דִי קָארְטֶען אִין דֶער הַאנְד אוּנ גֶעזָאגְט:

— מַיינֶע דַאמֶען אוּנ הֶערֶען! דָאס שְׁפִּיעל הוֹיבְּט זִיךְ אָן. שְׁטֶעלְט אַיין גֶעלְד, נוּר כְּ'זָאג אַייךְ פְאָרְאוֹיס, אַז מֶעהְר וִוי צֶעהְן קָאנֶען וֶועל אִיךְ נִיט שְׁפִּיעלֶען, נָאכְדֶעם וֶועלל אִיךְ אוֹיפְהֶערֶען, כְּ'מֶעג זַיין בַּיים גֶעווינֶען אָדֶער פֶערְלִירֶען.

נָאךְ דֶער קוּרְצֶער פָּארֶערֶע, וֶוענן דִי גֶאסְט הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסצוּנֶעהמֶען דָאס גֶעלְד צוּם שְׁפִּיעלֶען הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר וִוי צוּפֶאללִיג אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דִי הַאנְד אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ.

דִי אָבְּגֶעהוֹיבֶּענֶע קָארְטֶען הָאבֶּען זִיךְ אַרָאבּ גֶעגְלִיצְט אוּנ אַרַיינְגֶעפַאלֶען בַּיי פוּטִיפֶּרַען אִין שׁוֹיסס.

אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ הָאט זִי שׁוֹין אָנְגֶעגְרֵייט אַ נַאנְדֶער טַאלְיֶע קָארְטֶען, וֶועלְכֶע דֶער גְרַאף הָאט בַּאלְד אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען. דִי אֶמֶתֶע קָארְטֶען זַיינֶען פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוַוארֶען אִין אִיהר שׁוֹיסס.

דָאס אִיז אַלְץ פָּארְגֶעקוּמֶען אַזוֹי גֶעשְׁוִוינְד אַז קֵיינֶער הָאט עֶס נִיט בֶּעמֶערְקְט.

וִוי אַ גֶענִיטֶער שׁוּלֶער הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר פֶערְשְׁטַאנֶען וִוי זִיךְ צוּ פִיהרֶען, אִין דִי עֶרְשְׁטֶע קָאנֶען הָאט עֶר גֶעלָאזְט דֶעם עוֹלָם גֶעווינֶען, זָאגָאר דֶער בֶּערוֹיִשְׁטֶער אַרְמַאנְד הָאט עֶטְלִיכֶע מָאל גֶענוּמֶען גְרוֹיסֶע גֶעווינֶען.

— אִיהר מוּט מֶעהר אַיינְשְׁטֶעלֶען — הָאט אִיהם דִי אִיטַאלְיֶענֶערִין אַיין גֶערוֹימְט אִין אוֹיעֶר — אִיהר זֶעהט דָאךְ אַז דֶער בַּאנְקִיר אִיז אַ שְׁלִימַזְל אוּנ אַייךְ גֶעהט דִי קָארְט.

— אַוַדַאי — הָאט דֶער שִׁכּוֹר גֶעמוּרְמֶעלְט — וֶוער ס'הָאט גְלִיק אִין קָארְטֶען הָאט נִיט... כְּ'הָאבּ שׁוֹין פֶערְגֶעסֶען... וָואס כְּ'הָאבּ גֶעוָואלְט זָאגֶען.

— נֵיין, אִיהר מַאכְט זִיךְ פֶערְגֶעססֶענְדִיג, וַוייל אִיהר וֵוייסְט גַאנְץ גוּט אַז אִיהר הָאט גְלִיקק צוּ אַלֶעם.

אוּנ דַאבֵּיי הָאט דִי שֶׁענֶע זִינְגֶערִין אִיהם קָאקֶעטִישׁ אָנְגֶעקוּקְט.

דָאס גֶעוִויבְּט הָאט אִיהם גֶעפְּלַאמְט אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען זַיינֶען וִוי אַיינְגֶעזוּנְקֶען גֶעוֶוען אִין אִיהר שֶׁענֶע פִיגוּר.

— כְּ'מֶעג שְׁטֶעללֶען פַאר אַייךְ טוֹיזֶענְד פְרַאנְק אוֹיף דֶער דַאמֶע? — הָאט דִי זִינְדִיגֶע פְרוֹי אִיהם וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

— אַ דַאמֶע פַאר אַ דַאמֶע מֶעג...

דָאס שְׁפִּיעל הָאט זִיךְ וויעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ אַרְמַאנְד'ס טוֹיזֶענְד־פְרַאנְק־שְׁטִיק אִיז אַרִיבֶּער צוּ עֶסְטֶערְהַאזְין אִין דֶער הַאנְד.

— אַ דַאמֶע מוּז גֶעווינֶען... — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער שִׁכּוֹר, וֶועלְכֶער אִיז וָואס אַמָאל גֶעוָוארֶען מֶעהר צוּ מִישְׁט... אַ דַאמֶע פַאר אַ דַאמֶע...

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אָבֶּער מֶעהר גְלִיקק גֶעהַאט צוּ דֶער דַאמֶע אוּנ אַרְמַאנְד הָאט נָאךְ אַמָאל פֶערשְׁפִּיעלְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

— ס'אִיז נִיטָא קֵיין אַנְדֶער עֵצָה — הָאט וְויעדֶער זִיסס גֶעקְלוּנְגֶען דֶער זִינְגֶערִינְס קוֹל — נוּר צוּ פֶערְדָאפֶּעלֶען דֶעם קֶרֶן, אוֹיף אַזַא אַרְט קֶענְנְט אִיהר אָבְּגֶעווינֶען דֶעם שָׁאדֶען.

אַרְמַאנְד הָאט שׁוֹין גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ עֶר הַאלְט. דֶער קָאפּ הָאט אִיהם גֶעבְּרֶענְט וְוִי אִין אַ פַייעֶר, דֶער פּוּלְס הָאט אִיהם הַאסְטִיג גֶעשְׁלָאגֶען. אוּנ זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען גֶעשְׁוֶועבְּט וַוייט אִיבֶּער בֶּערְג אוּנ טְהָאלֶען. עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט צוּ עֶר זִיצְט דָא אוֹיף אַ שְׁטוּהל, בַּיי דֶער פְרוֹי בּוּלַאנְסִי אִין זַאלָאן, אָדֶער עֶר שְׁוֶועבְּט אִין דֶער לוּפְטֶען אוֹיף אַ בְּרֵייטֶען יַם אוּנ אַרוּם אִיהם זַיינֶען שְׁלַאנְגֶען, עֶקְדֶעשִׁין אָדֶער מֶענְשֶׁען. ס'טוּמֶעמֶעלְט זִיךְ אִיהם פַאר דִי אוֹיגֶען אוּנ עֶר קֶענְן קֵיין גֶעדַאנְקֶען נִיט חַאפֶּען. עֶר זֶעהְט קֵיינֶעם נִיט אוֹיסֶער דִי שֶׁאנֶע טַאלְיֶע פוּן דֶער זִינְגֶערִין אוּנ דֶעם קוּפֶּעל שַׁאמְפַּאנְיֶער, וֶועלְכֶען דֶער דִיעֶנֶער גִיסְט אָן, אוֹיף פּוֹטִיפֶרַע'ס ווִינְק, יֶעדֶעס מָאל אִיבֶּער אַנַייעֶס.

מֶעכַאנִישׁ גֶעהְמְט עֶר פוּן צַייט צוּ צַייט וְויעדֶער אַרוֹיס פוּן טַייסְטֶער אַ בַּאנְקְנָאט אוּנ וַוארְפְט עֶס אוֹיף דִי קָארְטֶען.

דִי גֶאסְט הֶערֶען אוֹיךְ אוֹיף צוּ שְׁפִּיעלֶען אוּנ קוּקֶען זִיךְ בֶּעססֶער צוּ וְוִי אַרְמַאנְד'ס גֶעלְד גֶעהְט בִּיסְלִיכְוַוייז אַרִיבֶּער צוּ דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.

דִי מִלְחָמָה גֶעדוֹיעֶרְט אָבֶּער נִיט לַאנְג אוּנ דֶער טַייסְטֶער, וֶועלְכֶער הָאט נָאךְ מִיט אַ שָׁעָה צוּרִיק אִין זִיךְ גֶעהַאט דְרַיי אוּנ פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, לִיעגְט יֶעצְט לֵיידִיג אוֹיפ'ן טִישׁ.

אַרְמַאנְד הָאט מִיעד אֶנְגֶעשְׁפַּארְט דֶעם קָאפּ אָן דֶער זִינְגֶערִינְס בְּרוּסְט.

— אִיהְר שְׁפִּיעלְט וַוייטֶער? — הָאט דֶער גְרַאף גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ מִיענֶע פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער הָאט לִיעב נָאךְ אַ בְּרִיקק צוּ גֶעבֶּען מִיט'ן פוּסס דֶעם מֶענְשֶׁען, וָואס אִיז מִיעד אַנִיעדֶערגֶעפַאללֶען אוֹיף דֶער עֶרְד.

אַרְמַאנְד הָאט גָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט.

עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען אָהן בֶּעוֶועגוּנְג, בְּלֵייךְ וְוִי אַ טוֹידְטֶער, אוּנ אֲפִילוּ דֶער גְלַאנְץ פוּן דִי בְּלִישְׁצֶענְדֶע אוֹיגֶען אִיז אוֹיסגֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען.

דִי שֶׁאנֶע רִיטְמַא הָאט שׁוֹין יֶעצְט אוֹיךְ נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ טְהוּן מִיט אִיהם אוּנ זִי אִיז אַוֶועק מִיט פְרוֹי בּוּלַאנְסִי אִין אַ צְווייטֶען צִימֶער.

דָארְטֶען הָאט זִי אָבְּגֶענוּמֶען דִי פְּרָאצֶענְטֶען פוּן אַרְמַאנְד'ס פֶערלָארֶענֶעם קַאפִּיטַאל.

— אֵייגֶענְטְלִיךְ אִיז אַ רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען מַאנְן — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דִי שֶׁאנֶע זִינְגֶערִין, נָאכְדֶעם וְוִי זִי הָאט שׁוֹין אָבְּגֶענוּמֶען אִיהְר לָאהְן — עֶר אִיז שֶׁאן אוּנ גוּט אוּנ וְוִי ס'ווייזְט אוֹיס אִיז דָאס גֶעוֶוען זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען.

— וֶוער אִיז אִיהם שׁוּלְדִיג? — הָאט פּוֹטִיפֶרַע הַארְט גֶעעֶנְטְפֶערְט — קֵיינֶער הָאט

איהם דאך ניט גערופען ער זאלל אהערקומען שפיעלען . יעצט איז א נ׳אנדער דאגה , ווי אזוי פון איהם פטור צו ווערען . ביי מיר אין הויז איז פאר איהם קיין ארט ניט דא . ער קענן זיך נאך א מעשה אנטהון אונ נאכדעם וועלל איך זיין שולדיג . די געסט צוגעהען זיך ·שוין אונ מען מוז איהם אויך משלח זיין פון דאננען .

די געסט האבען אבשייד גענוממען אונ דורך א הינטער טהיר לאניזאם ארויס-געגאנגען פון דער וויללע .

איין ארמאנד איז נאך געזעסען אויף זיין שטוהל . ער האט צוגעהאלטען דעם קאפ מיט ביידע הענד אונ צייטענווייז צוגעוואונקען דעם דיענער . ער זאל ווידער אנפיללען דעם קופעל מיט שאמפאניער . ער האט יעצט אויסגעזעהן ווילד , ווי נאך א שווערער מלחמה .

ארום זיין שטוהל זיינען ·יעצט געשטאנען דער שווארצער מאיאר , די פרוי בולאנסי אונ די זינגערין ריטטא .

— ס׳געדויערט מיר צו לאנג — האט זיך אבגערופען עסטערהאזי — דאס איז פאר אונז קיין געשעפט ניט זיך מיט איהם צו גיאנצען . דער מארקיז טאר דא לייננגער ניט בלייבען .

— אוודאי , ס׳פעהלט אונז נאך ער זאל מאכען א ליארם אונ א געשריי — האט פוטיפרע געזאגט איהר מיינונג .

— וואס איז דא לאנג צו טראכטען ? — האט זיך אבגערופען דער שווארצער מאיאר — זאג דעם דיענער , ער זאלל ארויספיהרען דעם שכור אויפ׳ן גאסס .

— ניין , דער פלאן טויג אויך ניט . אויף דער גאסס וועט איהם די פאליציי קריעגען אין די הענד אונ אויף אזא ארט פון אלץ געוואהר ווערען .

— כ׳וועל אייך ארויסנעהמען פון דער נויט — האט זיך אבגערופען די שאנע זינגערין — כ׳נעהם דעם מארקיז צו זיך . ביי מיר וועט ער איבערשלאפען די נאכט אונ דערווייל וועלל איך מיך ערקונדיגען , אויב ער האט ניט מעהר געלד . ס׳איז דאך ניט א מעגליכע זאך ער זאלל מעהר ניט פערמעגען .

— דו מעגסט דיר פון איהם אויך גוט הייסען בעצאהלען פיר דיין גאסטפריינד-שאפטליכקייט — האט איהר „פוטיפרע" בעמערקט מיט א שמייכעל .

די זינגערינע פרוי האט פערשטאנען איהר חברטה׳ס כוונה אונ זיך צוגערוקט נאהנטער צו ארמאנדען .

— קוממט מיט מיר , מארקיז — האט זי געזאגט אונ איהם א קוש געגעבען פון הינטען אין האלז — כ׳פאהר אהיים אונ אויב איהר וועט אייך ארדענטליך אויפפיהרען וועלל איך אייך נאך מכבד זיין מיט א גוטע גלאז וויין .

ארמאנד האט זיך שווער אויפגעהויבען . אינסטינקטיש האט ער דעם לעדיגען טייסטער צוריק אריינגעלעגט אויף זיין ארט אין דער וועסט . מיעד אונ ניעדערשלאגען האט ער זיך נאכגעשלעפפט פוסס ביי פוסס נאך דער זינגערין . געהענדיג האט זי איהם איינגערוימט אין אויער זיסע ווארטער .

— כְּ'מוּז ... בְּ'מוּז ... אַהֵיים — הָאט דֶער שִׁכּוֹר גֶעמוּרְמֶעלְט .

— מִיר גֶעהֶען דָאךְ צוּזַאמֶען , בְּ'וֶועלל גֶעהֶמֶען אַ דְרָאשְׁקֶע — הָאט אִיהְם דִי זִינְדִיגֶע פְרוֹי גֶעעֶנְטְפֶערְט .

— גֵיין . . . בְּ'טָאר נִיט אַ הֵיים . . . — הָאט ווִיעֶדער דֶער שִׁכּוֹר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — בְּ'טָאר נִיט מֶעהר אַ הֵיים . . . אַ הֵיים . . . גֵיין . . . נִיט מֶעהר . . . בְּ'ווִילל מִיט דִיר גֶעהֶען . . . צוּם טַייפֶעל . . . גִיעב מִיר דַיין הַאנְד . . . דוּ וֶועהסְט , כְּ'שְׁטֶעה נָאךְ פֶעסְט אוֹיף דִי פִיסס . . . כְּ'רֶעד נָאךְ צוּ דֶער זַאךְ . . . סְ'אִיז אַ לִיעגֶען . . . הֶערר פְּרַאקָאוִין אִיז מַיין עֵדוּת . . . בְּ'טְרִינְק קֵיין מָאל נִיט . . . אַ לִיעגֶען . . .

אַ דִיענֶער הָאט אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן דֶעם פַּאלְטָא אוּנ דֶערלַאנְגְט דִי הוּט מִיט דֶעם שְׁטָאק . אַ רְמַאנְד הָאט לַאנְג גֶעזוּכְט אִין דֶער טַאשׁ אוּנ דֶערלַאנְגְט דֶעם דִיעגֶער דֶעם לֶעצְטֶען גָאלְד־שְׁטִיקק .

— פְרַיילַיין רִיטְטַא . . . קוּמְמְט מִיט . . . — הָאט עֶר ווִיעדֶער גֶעמוּרְמֶעלְט אָהן זִינְן — וואוּ אִיז דֶער מַאיָאר ? כְּ'ווִילל אִיהְם זָאגֶען אַז מָארְגֶען וֶועללֶען מִיר ווִיעדֶער זַיין . . . מַיין פָאטֶער וֶועט מִיר גֶעבֶען פְרִישׁ גֶעלְד . . . גֶעווִיסס . . . פֶערְצִיג , פוּפְצִיג . . . הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְּרַאנְק . . . קֵיין חִלוּק . . . עֶר פֶערְמָאגְט מִיללְיָאנֶען . . . מַיין פָאטֶער . . . מַיין פְרַיילַיין . . . כְּ'וֶועלל דִיר קוֹיפֶען אַ בְּרִילְיַאנְט . . . נוּר דוּ זָאללְסְט הָאבֶען גָאלְדֶענֶע הָאר . . . גָאלְדֶענֶע הָאר . . .

פוּן דִי לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער אִיז דֶער זִינְגֶערִינְם גֶעזִיכְט נָאךְ לִיכְטִיגֶער גֶעוָוארֶען .

זִי הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאססֶען דָאס גָאלְדֶענֶע פִישֶׁעל נִיט אַרוֹיסצוּלָאזֶען אַזוֹי שְׁנֶעלל פוּן נֶעטְץ .

מִיט צֶארְטְלִיכְקֵייט הָאט זִי אִיהְם אַרוֹיסגֶעפִיהְרְט פוּן דֶער ווִיללֶע .

אוֹיף דֶער גַאסס הָאט זִי צוּגֶערוּפֶען אַ דְרָאשְׁקֶע אוּנ גֶעהָאלְפֶען אַרְמַאנְדֶען זִיךְ אַרַיינְצוּזֶעצֶען .

# XXI.

## דִי חֲרָטָה אִיז גְרוֹיסס אָבֶּער צוּ שְׁפֶּעט .

סְ'אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען גְרוֹיסֶער טָאג , וֶוענן אַ רְמַאנְד הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט פוּן שְׁלָאף . מִיט כֹּחַ הָאט עֶר גֶערִיבֶּען דִי אוֹיגֶען אוּנ דֶער קָאפּ אִיז אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַזוֹי שְׁוֶוער גְלַייךְ ווִי עֶר וָואלְט גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגָאססֶען מִיט בְּלַיי .

— אַ חָלוֹם ! — הָאט עֶר גֶעמוּרְמֶעלְט צוּ זִיךְ נָאךְ מִיט פֶערמַאכְטֶע אוֹיגֶען — אַ בֶּאזֶער חָלוֹם . מַארְיָאן טָאר גָאר דֶערפוּן נִיט ווִיססֶען , זִי וֶועט נָאךְ וֶוער ווֵייסס וָואס אוֹיסטְרַאכְטֶען דֶערפוּן .

דֶערווַייל הָאט עֶר אָבֶּער שׁוֹין גוּט אוֹיסגֶערִיעבֶּען דִי אוֹיגֶען אוּנ דַאמָאלְס הָאט

ער בעמערקט אז ער ליעגט אויף א ווייכען קישען אונטער א הימעל־בעט. ווי פון א דונער איז ער אויפגעשפרונגען פון געלעגער.

— גרויסער גאטט אין הימעל! — האט ער א געשריי געגעבען — וואס איז דאס? וואו בין איך? וואו האב איך צוגעבראכט די נאכט? וואס איז מיט מיר געשעהען?

אין דער געשווינדיגקייט האט ער זיך אנגעהויבען אנצוטהון.

די הענד האבען איהם געציטערט אונ בסליכוויז האט ער זיך וואס אמאל מעהר דערמאנט וואס מיט איהם האט פאססירט די נאכט. ער האט נאך געמאכט די לעצטע פראבע אונ א טאפ געגעבען דעם טייסטער, דאמאלס איז איהם שוין גאר פינסטער געווארען אין די אויגען אונ די פערדארטע ליפפען האבען גע־שטאממעלט:

— אמת... אמת... אלזא... מיין געלד... מיין געלד!

ער האט ווילד א געשריי געגעבען אונ זיך גענומען פאר׳ן קאפ. נאכדעם האט ער אנגעהויבען זיך צו שלאגען מיט די פויסטען אויפ׳ן שטערען, דער שיים האט איהם בעדעקט די ליפפען אונ ער האט אין דער מינוט אויסגעזעהן ווי א וואהרער משוגענער.

— קארטען־שפיעלער! — האט ער באז געזאגט צו זיך אליין — קארטען האט זיך מיר פערוואללט אונ פאר דעם גלעזעל וויין האב איך פערקויפט מיין צוקונפט, די ריינע ליעבע, דעם גאנצען כבוד. וואס פאר א ווערטה קענן שוין האבען מיין גאנץ לעבען? ניין, כ׳טאר מיך גאר ניט יעצט רעכענען צווישען מענשען, כמו לויפען ווייט, גאנץ ווייט, קיינער זאלל מיך מעהר ניט אנקוקען דא.

ער האט ניט אויפגעהערט צו קרעכצען אונ ניט בעמערקט ווי די זינדיגע פרוי איז אריין אין צימער. זי האט איהם פרובירט צו טרייסטען אונ וויעדער צו פערפיהרען. ער איז אבער צוריק אבגעשפרונגען ווי פון א גיפטיגער שלאנג.

— אוועק! — האט ער ווילד א געשריי געגעבען — ניט א טריטט מעהר, האט גאר ניט די חוצפה צוצוגעהען צו מיר נאהנטער. איך, נארר, האב מיך געלאזט פערפיהרען פון אייך, ווייל כ׳בין געוועזן שכור, יעצט אבער בין איך וויעדער ביים קלארען זינן אונ כ׳פערשיללט די מינוט וואס כ׳בין אריבער אייער זינדיגע שוועללע.

— מארקיז! — האט זיך אבגערופען די שאנע זינדערין — מארקיז, גאטט איז מיט אייך, וואס רעדט איהר?

— אה, כ׳ווייסס צו גוט וואס כ׳רעד. ווארף אוועק די אומזיסטע זאכען, כ׳בין ניט קיין מארקיז אונ פערשטעה מיך ניט אויף אייערע גנבות. איהר צוזאממען מיט פרוי בולאנסי האט מיך פערשלעפפט אין דעם שפיעל אונ איך האב אייך עס צו פערדאנקען וואס כ׳האב מיין געלד פערלארען.

ביז נעכטען בין איך נאך געוועזן א עהרליכער, ארבייטזאממער קויפמאנן, כ׳האב שווער געארבייט, אבער עהרליך פערדיענט דאס שטיקעל ברויט, היינט אבער

בין איך צוליעב אייך געוואָרען א גנב, א קארטענשפּיעלער, א פערשווענדער, וועלכער
טרייבט זיך ארום צווישען זינדיגע מענשען אזעלכע ווי איהר. מיין גאנץ לעבען
איז יעצט צובראכען, כ'טאר ניט מעהר צוריקקוממען צו די מענשען, וועלכע כ'האב
אמת ליעב אונ אויף וועלכער כ'האב געהאט א האפפנונג אז זי וועט אמאל ווערען מיין
ווייב. ניין, כ'טאר ניט אונ וועלל שוין ניט מעהר צו איהר קוממען, כ'בין ניט ווערטה
זאגאר איהר נאמען צו דערמאנען.

פערשאלטען זאללט איהר ווערען אללע, פערשאלטען מיט מיר צוזאממען, פון
דער מינוט אן זינט כ'האב מיך געלאזט פון אייך פערפיהרען אונ צום ערשטען מאל
גענוממען א קארט אין האנד.

אונ איידער די איטאליענערקע האט נאך צייט געהאט זיך ארומצוקוקען, איז
שוין א ר מ א נ ד ניט געווען אין צימער.

ער איז געלאפען ווי א משוגענער איבער די גאססען, וואו די אויגען האבען
איהם געטראגען.

ענדליך איז ער שטעהן געבליבען אונ אנגעהויבען צו זוכען אין די טאשען.
דארטען האט ער נאך געפונען אונגעפעהר פינף פראנק אין פערשיעדענע קליינע
מטבעות. ער איז האסטיג אריין אין די ערשטע בעסטע קאפפע־הויז, בעשטעללט
א גלאז טהעע אונ געהייסען זיך געבען טינט מיט פאפיער. נאכדעם האט ער אין
דער שנעלליגקייט אויפגעשריבען א בריעף, עס פערמאכט, צוגעקלעבט א מארקע
אונ אדרעססירט צו מ א ר י א נ ע ן.

נאכדעם איז ער ארום אויף דער גאסס אריינצוווארפען דעם בריעף אין
א פאסט־קעסטיל.

לאנגזאם, גאנץ פאמעלאך האט ער אריינגעלאזען דעם בריעף אין שפאלט פון
קעסטיל. ווי ס'ווייזט אויס איז איהם געווען זעהר א שאד ארויסצוגעבען פון דער
האנד דעם ביטטערען בעשלוסס.

אז דער בריעף איז שוין פערשוואונדען געווארען אין טיעפען קעסטיל, האבען
זיך איהם בעוויזען אין די אויגען צוויי גרויססע טרערען אונ זיין קול האט
ציטטערענד געזאגט:

— ס'איז פערפאללען, כ'וועלל זי שוין קיין מאל ניט זעהען:

דער בריעף, וואס ארמאנד האט אדרעססירט צו מאריאנען איז געווען פון
אזא אינהאלט:

„צו מיין טהייערער איינציגער געליעבטער מ א ר י א ן!

„דער בריעף וועט דיר אנזאגען די טרויעריגע בשורה, אז איך בין דיך ניט
ווערט אונ דאריבער מוז איך מיר פון דיר שיידען. דאס געלד, וועלכעס כ'האב
בעקוממען פון מיין פאטער צו גרינדען מיין אייגענעם געשעפט, כדי מיר זאללען
האבען פון וואס צו לעבען אין צוקונפט, האב איך פערשפיעלט ביז איין פרוטה אין
קארטען. ביי מיין גרעססטער חרטה קענן איך שוין ניט פערריכטען מיין פעהלער

און צוריק חאַפּען דאָס וואָס ס'איז געשעהען. צום אָנהייב האָב איך געוואָללט פון עגמת־נפש מיר אַללײן דאָס לעבען נעהמען. שפּעטער אָבער האָב איך מיר בערעכענט אַז דער טויט וועט ניט אויסקויפען מיין גראָבען חטא און כ'האָב בעשלאָסען זיך אַנדערש צו בעשטראָפען. היינט נאָך פערלאָז איך פראַנקרייך און גאָכדעם אייראָפּאַ, כ'וועלל פאָהרען וואו די אויגען וועללען מיך טראָגען.

„זיי געזונד און בלייב גליקליך מיט דעם, וועלכער וועט זיין ווערטה דיין בונד. כ'קוש דיך און דיין קינד פון ווייטען און בעט דיך טויזענד מאָל איבער וואָס דו מוזט אַזוי פיעל ליידען צוליעב מיר".

נאָכדעם איז געוועזען נאָך אַ קליינע צושריפט:

„איין זאַך קענן מיך נאָך פערענטפערען, וואָס מען האָט מיך בעטרונקען און אַ שכור געוואונט זאָגאַר אין סוד. כ'וויל אָבער ניט מען זאָלל אויף מיר האָבען רחמנות און דאַריבער ענטלויף איך וויים".

אַרמאַנד האָט זיך דערווייל אַריינגעזעצט אין אַ אָמניבוס און אַוועקגעפאָהרען אין אַ פאָרשטאַדט, וואו ס'האָט געוואוינט זיינער אַ גוטער פריינד.

דעם פריינד האָט ער אַ מאָל געבאָרגט אַ גמילות־חסד דריי הונדערט פראַנק. דער קאַפּיטאַל קענן איהם יעצט צו נוטץ קוממען אויף דער ווייטער נסיעה. ער האָט באַלד אויפגעזוכט דעם גוטען פריינד אין זיין געשעפט.

דער פריינד, אַ יונגער זייגער־מאַכער, האָט זיך זעהר דערפרייט, ווען ער האָט איהם דערזעהן און געזאָגט:

— וואָס מאַכסט דו, אַרמאַנד? דו קוממסט געוויסס וועגען דיין געלד? דער חוב ליעגט שוין לאַנג ביי מיר און כ'האָב מיר יעדען טאָג זיך געקליבען דיר עס אָבצוטראָגען, ליידער אָבער בין איך אַזוי בעשעפטיגט מיט דער אַרבייט אַז ס'איז מיר אונמעגליך זיך אַרויסצוקריעגען פון דער היים.

קומס אַהער וועלל איך דיר ווייזען ווי דיין געלד ליעגט ריכטיג אָבגעצעהלט ביי מיר אין אַ שופלאַד.

אַרמאַנד האָט ניט געענטפערט, נור אַז דער זייגער־מאַכער האָט איהם דערזעהען איז ער געוואָרען איבערגעשראָקען.

— אַרמאַנד, גאָטט איז מיט דיר, זעה נור וואָס פאַר אַ געזיכט דו האָסט! עפּעס זעהסט דו דאָך אויס, גלייך ווי דו וואָללסט אַ גאַנצע נאַכט פערבראַכט צווישען שכורים, אָדער אין קאָרטען געשפּיעלט. ווי קוממט עס צו דיר?

אַרמאַנדען האָט יעדעס וואָרט געשטאָכען ווי מיט אַ שפּיז. ער האָט זיך געשטאַרקט גלייכגילטיג צו בלייבען, ס'איז איהם אָבער געוועזען שווער.

דער זייגער־מאַכער איז צוגעגאַנגען נאָהנטער און מיט אַ רחמנותדיגען קול געזאָגט:

– אַרמאַנד, מיט דיר האָט פּאַסירט אַ גרויס אומגליק. כ'בעט דיך רעד פאַר מיר אויס דיין ביטטער האַרץ.

מיט טרערען אין די אויגען האָט אַרמאַנד איבערגעגעבען דעם גוטען פריינד אַלץ וואָס מיט איהם איז פאָרגעקוממען פון געבעטען אָן אונ אין אַ שעה אַרום האָט ער פערלאָזען פּאַריז.

ער איז אַוועק קיין האַוור אונ פון דאָרטען האָט ער בעדאַרפט אָבצופאָהרען מיט אַ שיף אין אַמעריקא; אין דעם טאָג איז אָבגעגאַנגען די דייטשע שיף: "דאַנזיא".

שטיל האָט ער אויסגעקויפט אַ בילעט, מיט טרערען אַריין אין שיף אונ זיך געזעצט אין אַ ווינקעל מיט פערבראָכענע האַנד.

---

אין דעם זעלבען טאָג, זייגער זיעבען פאַר נאַכט האָבען זיך דער נאָטאַריוס נאַטאַסיוש מיט זיין טאָכטער לוציע איינגעשלאָסען אין ביבליאָטעק־צימער.

זיי האָבען געוואַרט אויף אַ דריטטען, אויף דעם פולקאָוויניק פּיקאַר.

דער עלטער אונ עהרליכער מאַנן האָט געהאַלטען וואָרט אונ גלייך נאָכדעם ווי ער האָט זיך מיט לוציען געטראָפען אויף דעם אייפעל־טהורם איז ער געקוממען צו דעם נאָטאַריוס אונ ביי איהם געבעטען דער טאָכטערס האַנד.

דער אַלטער פּראַקטישער נאַטאַסיוש האָט זיך געריכט דאַרויף, לוציעס אויגען האָבען איהם שוין פריהער געזאָגט אַז דער אייפעל־טהורם איז געוואָרען אַ שדכן פון זיין טאָכטער, אונ ער האָט מיט צופריעדענהייט מסכים געווען אויף דעם שדוך;

איין תנאי האָט ער נור געשטעללט, אַז די חתונה זאָלל ניט פריהער געשעהן, ביז עסטערהאַזים מפּלה וועט זיין גאַנצען.

אַז עסטערהאַזים מפלה וועט געשעהן, אונ גאָר אין קורצען, אין דעם האָט קיינער ניט געצווייפעלט, אונ ווענינגער פון אַללעמען פּיקאַר אַליין, ווייל ווער ווייס נאָך אַזוי גוט ווי ער אַללע עסטערהאַזים פאַלשקייטען אונ מעשים רעים.

לוציע איז אויך געוועזען זיכער אין דעם נצחון פון דעם אמת אויף דעם שקר. איהר איז נור געוועזען שווער דאָס וואַרטען. ווענן אימעצער זאָלל קענענען יעצט אַריינקוקען צו איהר טיעף אין האַרצען, וואָללט ער געקאַנט פערשטעהן ווי גרויסס איהר ליעבע איז צו דעם בראַווען פּיקאַרען. די אויגען, דאָס האַרץ, די ברוסט, מיט איין וואָרט, דאָס קליינסטע אַבער'ל האָט הייסס געקאָכט פאַר דעם פיינעם פולקאָוויניק.

דער נאָטאַריוס האָט דערווייל געמאַכט גרויססע שפּאַציערען איבער'ן צימער.

– וואו האָט געקענט אַרמאַנד בלייבען? – האָט ער געזאָגט מיט אונגעדולד – כ'פערשטעה גאָר ניט וואו ער האָט געקענט אַהינקוממען. מיר האָבען

דאך אויסדריקליך אָבגערעדט, ער זאלל אונז אָבגעגעבען אַ ראַפּאָרט, ווי אַזוי ס'איז איהם צוגעגאנגען ביי דער פרוי בולאַנסי. וואס זאָגסט דו דערצו, לוציע?

— וואס קען איך זאגען? — האט די טאכטער געענטפערט אויך פערוואונדערט — כ'בין געוועזען זיכער אַז ער וועט נאך אין דערפריה זיין, יעצט איז שוין באלד נאכט אונ אַרמאנדען זעהט מען ניט.

ביי די ווערטער האט אַ קלונג געגעבען דער עלעקטרישער גלאקק פון פאָרדערצימער.

— פיקאַר! — איז לוציע אויפגעשפרונגען פון אָרט מיט אַ שמחה.

— געשווינדער אַרמאנד — האט זיך אָבגערופען דער נאָטאַריוס.

דער דיענער, וועלכער איז נור וואס אַריינגעגאנגען האט געמאכט אַ פשרה.

— אין פאָרדערצימער וואַרט אַ יונגע פרוי — האט ער געזאגט — וועלכע פערלאַנגט דורכאויס, מען זאלל זי אַריינלאָזען. זי וויל זיך זעהען מיט דעם הערן נאָטאַריוס אָדער מיט דער גנעדיגער פריילַיין.

— אַ יונגע דאַמע? — האט זיך דער נאָטאַריוס געוואונדערט — ווי הייסט זי דענן?

— ווי זי הייסט האט זי מיר ניט געוואָללט זאגען. זי האט מיך נור געבעטען, צו בעמערקען, אַז זי האט עפּעס אַ שייכות מיט אַ געוויססען אַרמאנד באנגע. די פרוי זעהט מיר זעהר אויפגערעגט אויס אונ די פּאָר ווערטער האט זי אויך גערעדט מיט פערוויינטע אויגען.

— פיהרט אַריין די פרוי — האט דער נאָטאַריוס בעפאָהלען.

ער האט זיך אומגעקוקט נאך אַ מאל אונ אָנגעקוקט דער טאכטער, גלייך ווי ער וואָללט געקענט ביי איהר געפינען דעם שליססעל פון דעם ראטזעלהאַפטען בעזוך.

אין אַ מינוט אַרום איז אין דער ביבליאָטהעק געשטאנען אַ יונגע, שעהנע פרוי. רויטע גאָלדענע לאָקען האבען פערשטעללט איהר בלאַססעם מאַרמאָר־געזיכט.

זי איז געוועזען אָנגעטהון אין אַ שוואַרצער קלייד, אַ שוואַרצען הוט אונ שלייער, מיט איין וואָרט אין אַ טרויער־קאָסטיום, ווי נאך אַ טוידטען. די טרערען זענען איהר געראָנגען פון די אויגען אונ צייטענווייז האט זי שווער אַ זיפץ געגעבען.

— נעהמט ניט פאַר אומגוט — האט זי מיט אַ שוואַכער שטיממע געזאגט — וואס כ'בין געקוממען צו שטערען אייער רוה אַזוי שפּעט אין דער נאכט, כ'האב מיך אָבער אַנדערש קיין עצה ניט געקענט געבען, ס'איז מיר געגאנגען אום לעבען. איך האב מיך געמוזט מיט אייך זעהען, מיט אייך רעדען, ווייל נור איהר אַלליין קענט מיך אויפקלערען, פון אייך אַלליין קען איך געוואָהר ווערען דעם גאַנצען אמת. אויף אייך האב איך די לעצטע האָפנונג. אַך, דער קאפּ

איז מיר צומישט און איך ווייסס אלליין ניט וואס איך רעד. דעם עיקר האב איך איך דאך פערגעססען צו זאגען, אז איך בין ארמאנד באנגע'ס כלה.

זי האט גערעדט האסטיג, האלבע ווערטער און ביי דעם געליעבטענ'ס נאמען איז איהר פון די אויגען אויסגעבראכען א נייער קוואלל טרערען.

לוציע איז די מינוט צוגעלאפען צו איהר און געריהרט פון רחמנות, האט זי איהר גענוממען פאר די האנד.

— מאריאן! — האט דעם נאטאריוסעס טאכטער אויסגערופען מיט א זיססען זייבען קול — דאס זייט איהר! ארמאנד האט אונז דאך אזוי פיעל ערצעהלט וועגען אייך. קוממט אהער, פריילין, נאהנטער, מיר וועללען לעבען צוזאממען אזוי ווי שוועסטער.

— וואס ווייגט איהר אבער אזוי, פריילין! — האט זיך שוין אבגערופען נאטאסיוש, וועלכער האט שוין דערשפיערט אז פון דעם וויזיט וועט קיין גוטס ניט ארויסקוממען און וואהרשיינליך ברייגגט זי שלעכטע נאכריכטען — פאר וואס זייט איהר ניט געקוממען צו אונז צוזאממען מיט דעם חתן?

— אויף דעם וויין איך דאך טאקי — איז געווען מאריאנס תשובה — דא האט איהר א בריעף, לייענט איהם איבער, וועט איהר אלץ וויססען גענוי.

און מאריאן האט ארויסגענוממען פון דער טאש ארמאנד'ס בריעף און דערלאנגט דעם נאטאריוס.

נאטאסיוש איז צוגעגאנגען נאהנטער צו דער לאמפ און האט אנגעהויבען צו לעזען דעם בריעף.

ער האט אבער באלד אויפגעהערט און בלאסס ווי די וואנד האט ער פון שרעק א ווילדען געשריי געגעבען.

— פאפא, אום גאטטעס ווילען, וואס איז געשעהען? — האט מיט אומגעדולד געפרעגט לוציע.

— געשעהען איז א גרויסס אומגליק און ליידער האבען מיר דארין שולד — האט דער נאטאריוס אונמוטיג געענטפערט — ארמאנד איז אויף אונזער בעפעהל אהינגעגאנגען אויסצופארשטען די שולער־באנדע. איך, אלטער נארר, האב אבער ניט בערעכענט אז ער איז נאך צו יונג אויף אזעלכע געשעפטען, און ווירקליך, די באנדיטען האבען איהם אנגעטרונקען מיט וויין און בערויבט זיין גאנץ קאפיטאל. דער אומגליקליכער האט ניט נור מיינע דריי, נור זאגאר אויך זיינע אייגענע פערציג טויזענד פראנק פערשפיעלט.

— אין דעם שטעקט דאך נאך ניט דאס גאנצע אומגליק, פאפא! — האט לוציע האסטיג געזאגט — דורך דיך האט ער דאס געלד פערלארען, און דו וועסט איהם געוויסס דעם שאדען אומקעהרען.

— דאס וואללט אלץ רעכט געוועזען סזאלל זיין וועמען צוריק צו געבען —

הָאט דֶער אַלְטֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען פֶערְזָארְגְט – דֶערְוַוייל אָבֶּער הָאט דִי חֶרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה פֶּערְיָאגְט אַרְמַאנְדֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ.

– טְהַייֶערֶער, אָרֶעמֶער אַרְמַאנְד! – הָאט שׁוֹין לֶענְגֶער נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען דִי טְרֶערֶען מַארְיָאן – כְ'וָואלְט אִיהם גֶערְן מוֹחֵל גֶעוֶועֶן אַלֶע פֶעהלֶערֶען, עֶר זָאלל נוּר צוּרִיק קוֹממֶען. וָואס אִיז עֶר גֶעבַּאךְ שׁוּלְדִיג אַז עֶר זָאלל בֶּעדַארְפֶען פֶערְוָואגֶעלְט וֶוערֶען. צוּ וָואס הָאט אוּנְז גֶעטוֹיגְט דָאס גֶעלְד. מִיר הָאבֶּען דָאךְ אַזוֹי אוֹיךְ גֶעקֶענְנְט גְלִיקְלִיךְ לֶעבֶּען, אַ פָּאר יוּנְגֶע, גֶעזוּנְדְטֶע מֶענְשֶׁען מִיט אַ פַּאךְ אִין דֶער הַאנְד, וָואס הָאט אוּנְז גֶעפֶעהלְט? יֶעצְט אָבֶּער אִיז אַלְץ פֶערְפַאללֶען, נִיט דָא קֵיין טְרַייסְט...

בַּיי לוּצֶיֶען זֶענֶען אוֹיךְ דִי אוֹיגֶען פַייכְט גֶעוָוארֶען. זִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ מַארְיָאנֶען, זִי אַרוּמְגֶענוּממֶען אוּנ הֵייסס גֶעקוּשְׁט.

– זָארְג נִיט, לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער – הָאט זִי מַארְיָאנֶען בֶּערוּהִיגְט – דֶער פַּאפַּא וֶועט נִיט שְׁוַויינֶען אוּנ אַלְץ. אָנְוֶוענְדֶען כְּדֵי אַרְמַאנְדֶען אוֹיפְצוּזוּכֶען. דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז וִוי אַיין שְׁטָאדְט אוּנ אַ מֶענְשׁ וֶוערְט נִיט פֶערְפַאללֶען.

– אָה, נֵיין, – הָאט מַארְיָאן נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְלָאגֶען – דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר אַז כְ'וֶועלל אִיהם שׁוֹין מֶעהר נִיט זֶעהֶען, אַרְמַאנְד אִיז פֶערְשְׁווּנְדֶען אוֹיף עֶווִיג.

פוּן גְרוֹיס עַגְמַת־נֶפֶשׁ הָאט זִי אוֹיף דִי פִיסס נִיט גֶעקֶענְט שְׁטֶעהן, נָאךְ אַ מִינוּט וָואלְט זִי אִין חַלָשׁוּת גֶעבְּלִיבֶּען.

לוּצֶיֶע הָאט מַארְיָאנֶען אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף זִיךְ אוּנ אוֹיף אַזַא אַרְט צוּגֶעפִיהרְט צוּ דֶער סָאפֶע. דָארְטֶען הָאט זִי אִיהר אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען דִי קְלֵיידֶער, כְּדֵי זִי זָאלל קֶענֶנֶען לַייכְטֶער דֶעם אָטְהֶעם אָבְצִיעהֶען.

– בֶּערוּהִיג דִיךְ, שְׁוֶועסְטֶער – הָאט זִיךְ לוּצֶיֶע אִינְדֶערסֶען זִיסס אָבְּגֶערוּפֶען – כְ'וֶועלל דִיךְ אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד נִיט אָבְלָאזֶען פוּן דַאנֶען. דָא, בַּיי מַיין בְּרוּסְט, מוּזְט דוּ דִיךְ גוּט אוֹיסוַויינֶען, אֶפְשַׁר וֶועט דִיר וֶוערֶען לַייכְטֶער.

– אִיהר זַייט וֶועלְטֶען גוּט גֶעגֶען מִיר – הָאט מַארְיָאן גֶעעֶנְטפֶערְט – נִיט אוּמְזִיסְט הָאט אַייךְ אַרְמַאנְד מִיר גֶעשִׁילְדֶערְט וִוי אַ מַלְאַךְ פוּן גָאטט.

בַּיי דִי לֶעצְטֶע ווָארְטֶער הָאט זִיךְ דִי טְהִיר גֶעעֶפֶענְט אוּנ אִין צִימֶער אִיז אַרַיין פִּיקַאר, וֶועלְכֶער הָאט אֵיין מָאל פִיר אַלֶע מָאל בֶּעקוּממֶען דִי עֶרְלוֹיבְּנִיסס אַריינְצוּגֶעהן אָהן מֶעלְדוּנְג.

לוּצֶיֶע אִיז צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶעם פוֹלְקָאווְנִיק אוּנ אִיהם אִין קוּרְצֶע וֶוארְטֶער עֶרְצֶעהלְט וָואס דָא אִיז פָארְגֶעקוּמְמֶען.

– ווִי עֶדֶער דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָארְס אַרְבֵּייט – הָאט פִּיקַאר אַ קְרִיטְץ גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי צֶאהן – וֶוען וֶועט עֶם אוּנְז שׁוֹין אַמָאל גֶערָאטֶען פָּטוּר צוּ וֶוערֶען פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען אוּנְמֶענְשׁ?

און דער פּולקאווניק איז צוגעגאנגען נאהנטער צו מַארְיאנֶען, מִיט דער כַּוָנָה איהר צו זאגען עטליכע טְרַייסט־ווערטער.

פּארציגעטמום טאכטער איז געוואָרען בּיי דעם פּולקאָוניקס קוממען נאך אונרוהיגער. זי האט געהאט בְּדֵעָה צוריק צו פֶערדעקען דאס געזיכט מיט דעם שווארצען שלייער. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. פּיקאר איז געשטאנען נעבען מַארְיאנֶען און זיינע אויגען האבען גערוהט אויף איהר געזיכט, וועלכעס איז געווען בּעלויכטען מיט דעם שיין פון דער לאמפּ.

א מינוט איז ער אַזוי געשטאנען. אויף זיין צונג האבען זיך שוין געזאמעלט די טְרַייסט־ווערטער, מיט וועלכע ער האט געוואללט בּערוהיגען מַארְיאנֶען, נור פּלוצלינג האט ער צוריק אַ שפּרונג געגעבען אַ פּאר טְריטט, גלייך ווי ער וואָלט זיך דערמאננט אַ וויכטיגע זאך.

— גאטט מיין גאטט! — האט ער אַגעשריי געגעבען — וואס זעה איך? איז דאס ניט אָפּט אַ חלום... אָדער ניין, כ'האב געוויס קיין טעות, דאס איז זי... מיין אַלטען גוטען פריינדס טאכטער — דאס איז זי ניט קיין אַנדערע, זי, מַארְיאן וועלכע מיר האבען שוין אַללע אַרומגעזוכט ווי מיט ליכט און שוין לאנג געהאלטען פאר טוידט.

אומזיסט אייער מיה, געעהרטע מַארְיאן, איהר וועט יעצט פון מיינע הענד ניט ענטלויפען... גאטט צו דאנקען וואס כ'האב אייך דערקענט, און היינט נאך וועט זיך דער אַלטער פּארציגעטמו פרייען מיט זיין טאכטער.

— מַארְיאן האט ניט געענטפערט, נור פון צייט צו צייט האבען איהרע ליפּען געשטאממעלט:

— גאטט מיין גאטט, וואס וועט דא זיין...

דאס געזיכט האט זי פערבּארגען אין די דעליקאטע הענטליך און דער גאנצער קערפּער האט בּיי איהר געציטטערט ווי אין פיעבער.

נאטאסיוש מיט זיין טאכטער האבען פערוואונדערט אַנגעקוקט די גאנצע סצענע און זיי האבען ניט געקענט בּעגרייפען וואס דא קוממט פאר. דאמאלס האט פּיקאר אָנגענוממען מַאריאנען פאר דער האנד און געזאגט:

— די יונגע דאמע איז מיין בּעסטען פריינדס אַ טאכטער. אונגעפעהר מיט אַ יאהר צוריק איז זי פערשוואונדען געוואָרען אָהן אשליאד. מען האט געזאגט אַז דורך אַ נערווען־שלאפפקייט איז זי אַוועקגעלאָפען פון דעם פאטערס הויז.

דער אַלטער פּארציגעטמו האט זי טאג ווי נאכט אַרומגעזוכט, נור ליידער שטענדיג אָהן נוטצען. פון גרויסס צער איז מיין פריינד עלטער און גרויער געוואָרען, כ'לויף יעצט געשווינד אָנצוזאגען דעם אַלטען פאטער די גוטע בּשורה אַז זיין טאכטער איז געפונען געוואָרען.

איהר וועט דערווייל אויפפּאססען, דאס ווייבעל זאלל פון אונז ווייטער ניט פערשוואונדען ווערען פון אונטער די הענד.

פאר'ן אװעקגעהן װעלל איך נאך אייך אויסזאגען אז ארמאנדס כלה איז דעם מאיאר פארצינעטטוס טאכטער.

---

אין א שעה ארום איז צוגעפאהרען צו דעם נאטאריוסעס הויז א קארעטטע אונ פון איהר זיינען ארויסגעגאנגען דער פולקאװניק פיקאר מיט דעם מאיאר פאר-צינעטטו.

דער נאטאריוס מיט זיין טאכטער זיינען ארויסגעגאנגען מקבל פנים זיין דעם אלטען מאיאר אונ מאריאן איז אלליין געבליעבען אין שטוב.

דאס הארץ האט ביי איהר האסטיג געקלאפט פון צװיי געפיהלען. די שמחה, װיעדער צו זעהען זיך מיט דעם הייסגעליעבטען פאטער האט זיך אויסגעמישט מיט דער חרפה איהם גלייך אין די אויגען צו קוקען.

אונ װאס װעט יעצט זיין? װער װייסס מיט װאס פאר א הארץ דער פאטער קוממט יעצט צו איהר?

איז ער נאך אלץ אזוי באז װי פריהער אדער זיין צארן איז שוין עטװאס געשטיללט?

װאס װעט דער אלטער זאגען צו דעם קליינעם מאקסים אונ צו איהרע נייע תנאים מיט ארמאנדען?

מאריאן האט צוזאממענגעלייגט די הענד אונ הייסס געבעטען ביי גאטט, ער זאלל אלץ אויספיהרען װי צום בעסטען.

דאמאלס האט זיך די טהיר געעפפענט אונ אין צימער האבען זיך געהערט שװערע טריטט, װעלכע מאריאן האט באלד דערקענט.

דאס איז געװען דער אלטער מאיאר פארצינעטטו.

– פאטער! – האט מאריאן אויסגעשריען מיט הארץ – פאטער! מיין פאטער!
אונ זי איז איהם צוגעפאללען צו די פיסס.

דער מאיאר האט זי האסטיג אויפגעהויבען פון דער פאדלאגע אונ מיט א ציטטע-רענדען קול קוים ארויסגערעדט:

– קינד מיינס, ליעבע מאריאן!

מאריאן איז צוגעפאללען מיט'ן קאפ צו זיין ברוסט אונ איהרע דעליקאטע הענד האבען פעסט ארומגענוממען זיין פיגור.

צום אנהויב האט זיך געדאכט אז דער פאטער מיט דער טאכטער װעלען שטענדיג בלייבען אין אזא צושטאנד.

ס'איז שװער צו איבערגעבען מיט װערטער װאס פארצינעטטו האט דא-מאלס געפיהלט. די טרערען זיינען גערונען פון דעם אלטענס אויגען אונ בענעצט מאריאנס גאלדענע האר. ס'איז געװען קענטיג װי דער מאיאר שעפפט נחת אונ א װעלטענע צופריעדענהייט איז געװען אין זיין געזיכט.

די ערשטע האט זיך אויפגעחאפט פון דעם זיסען שלאף מאריאן.

— דו ביסט ניט באז, פאטער! — האט זי געפרעגט און דער קול האט איהר געציטערט — דו האסט מיר מוחל געווען? נאך אמאל שווער איך דיר יעצט אין דער הייליגער מינוט, שווער איך דיר ביי אללעם הייליגעס אז איך בין אונשולדיג.

— כ׳גלויב דיר, מיין קינד, מיין ליעבלינג, מיין טרייסט, נחת מיין, כ׳גלויב דיר...

— יא, פאטער, כ׳בין אונשולדיג. א שלעכטער, זינדיגער מענש, וואס זיין נאמען איז מיר אונבעקאנט האט מיך אומגליקליך געמאכט דורך דעם מייטעלישען כח פון היפנאטיזם. כ׳בין אבער זיכער אז מיר וועט נאך געלינגען צו קריגען דעם זינדיגען מענשען, וועלכער האט בערויבט מיין עהרע און מיין יוגענד.

— צוזאממען וועללען מיר איהם זוכען — האט זיך אבגערופען דער מאיאר, וועלכער איז שוין געקוממען צו זיך — און געוויסס געפינען. ער טאר ניט בלייבען אונבעשטראפט.

— ניין, פאטער, צוליעב דעם קינד וואלט איך מיך ניט געוואלט טרעפען מיט מיין מערדער.

— דיין קינד, ליעבע מאריאן, וועט געזיכערט בלייבען ביי מיר אין הויז. אויף דער עלטער וועלל איך נאך מיט מעהר נחת זיך שפיעלען מיט מיין טאכטערס זוהן. קומם, מאריאן, פיהר מיך געשווינד צו מיין איניקעל.

יעצט איז שוין פאר מאריאנען געווען גאר קלאר אז זי האט אומזיסט חושד געווען דעם פאטער. ביי איהר איז שוין ניט געבליבען קיין שפור פון כעס, ער האט איהר אין גאנצען מוחל געווען.

— פאטער! — האט די גליקליכע פרוי געזאגט אין פריידען־טרערען — דו ביסט גוט און עדעל, כ׳בין גאר ניט ווערט אזא ליעבען זיסען פאטער...

און זי האט מיט קושען בעדעקט זיינע הענד, יעדעס פינגעריל בעזונדער...

ווער קען בעשרייבען די איבעררראשונג פון פרוי געבעל, ווען מאריאן איז צוגעפאהרען צו איהר הייזעל אין א קארעטע און געבען איהר איז געזעסען א רייכער מאיאר?

מאריאן איז האסטיג ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און צוגעלאפען צו דער אלטער פרוי, וועלכע איז זיך די גאנצע צייט מיט איהר אזוי עהרליך און פריינדליך בעגאנגען, ווי אויך מיט איהר קינד.

— גאטס וועגען איז גאר ניט צו פערשטעהן — האט די גליקליכע מאריאן געזאגט, ווען זי האט זיך ארומגענוממען מיט דער אלטער פרוי געבעל — אין דעם טאג, ווען ער האט פון מיר צוגענוממען דעם געליעבטען, האט ער מיר צוריק אבגעגעבען דעם אלטען טרייען ליעבען פאטער.

פארציגעטטי האט דערווייל זיך געפרייט מיט דעם קליינעם מאקסימען.

— א דאנק דיר גאטט דערפאר -- האט דער אלטער פרום געזאגט — וואס

איךְ האָב דערלעבּט צו זעהען מיט מיינע אויגען דעם דריטען דור. דאָס קינד וועט בּלייבּען בּיי מיר אַזוי לאַנג ווי כ׳וועלל לעבּען און אין מיר וועט ער טרעפפען אַ טאַטען און אַ זיידען צוזאַממען.

אויךְ איהר, פרוי געבּעל, וועט מיטגעהען מיט אונז, מיר וועללען אַללע יעצט לעבּען גליקליךְ אונטער איין דאַךְ.

פון גרויסס צופריעדענהייט האָט דער אַלטער ניט געהאָרט מאַריאַנס שווערען זיפץ.

צום קאָמפּלעטען גליק האָט איהר נאָךְ געפעהלט איין מענש, דער בּוכהאַלטער אַרמאַנד בּאַנגע.

# XXII.

## זיי האָבּען זיךְ געטראָפפען.

אויף דעם אָרט וואו בּראַזיליען גרענעצט זיךְ מיט קאַיעננאַ איז אין איי פריהמאָרגען געשלאָפען אויפ׳ן גראָז אין וואַלד אַ געזעללשאַפט אייראָפּעער.

דאָרטען זיינען געוועזען צוויי פרויען און צוויי מאַננער.

אַז מיר וועללען זיךְ גוט צוקוקען, וועללען מיר אין זיי דערקענען אונזערע אַלטע בּעקאַנטע, די קלוגע אַליציאַ׳ן און די עהרליכע הערמינען.

אַליציאַ האָט זיךְ וועניג וואָס געענדערט, די בּרענענדיגע זונן האָט נור מעהר פערבּרוינט איהר געזיכט, דאַגעגען הערמינע האָט זיךְ שרעקליךְ געענדערט.

איהר געזיכט איז געוואָרען בּלאַסס און אויסגעמאָגערט, די אויגען איינגע־פאַללען. אויססערדעם האָט זי שוין עטליכע נאַכט ניט געקענט איינשלאָפען, אַ סימן אַז זי איז אַניעדערגעפאַללען אויף קראַנקליכע קדחת, וועלכע הערשט אַרום אין יענע וואַרעמע געגענדען.

די בּיידע מאַננער, וועלכע ליעגען ניט ווייט, זיינען דער וויצע־גראַף עמיל־די־פּיקאַרדין און דער געוועזענער בּעל הבּית פון „בּריגיטא״, דער שיפּסקאַפּיטאַן קלויס גראַט.

די ערשטע האָט זיךְ אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַליציא טעררהי. זי האָט זיךְ פּאַמעלאַךְ אויפגעהויבּען, כּדי ניט אויפצוועקען די קראַנקע הערמינען און איז מיט שטיללע טריטט צוגעגאַנגען צו דעם וויצע־גראַף, וועלכער האָט זיךְ שוין אויךְ געריבּען די אויגען.

זי האָט זיךְ אַניעדערגעזעצט נעבּען איהם אויף אַ הויבּען בּערגעל גראָז און שטילל געזאָגט:

– מִיט אַייךְ הָאבּ אִיךְ גֶעוָואללְט רֶעדֶען וֶועגֶען זֶעהר אַ וִויכְטִיגֶע זַאךְ, אַזוֹי לַאנְג ווִי אוּנְזֶערֶע חֲבֵרִים שְׁלָאפֶען נָאךְ. אִיבֶּערהוֹיפְּט ווִילל אִיךְ נִיט הֶערְמִינְיֶע זָאלל אוּנְז הֶארֶען.

– הַא, כְ'פֶערשְׁטֶעה שׁוֹין – הָאט פִּיקַארְדִין אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ גֶעטְהוּן – אַייךְ בֶּעאוּנְרוּהִיגְט הֶערְמִינְיֶעס שְׁלַאפְפַקֵייט. זִי אִיז ווִירְקְלִיךְ שְׁטַארְק קְרַאנְק.

– לֵיידֶער אִיז זִי אַזוֹי שְׁוַואךְ אוּנ קְרַאנְק אַז סְ'אִיז גָאר נִיט דָא וֶועגֶען וָואס צוּ דֶענְקֶען מִיט אִיהְר וַוייטֶער צוּ רַייזֶען, נָאךְ מֶעהר יֶעצְט, אַז וָואס אַ טְרִיטט וֶוערֶען אַלְץ דִי זוּמְפֶּען גְרֶעססֶער אוּנ דִי קַדַּחַת גֶעפֶאהְרְלִיכֶער.

– אַלְזָא וָואס טְהוּט מֶען? – הָאט טְרוֹיעֶרִיג גֶעפְרֶעגְט דֶער ווִיצֶע־גְרַאף – סְ'אִיז שְׁלֶעכְט, זִי מוּז זִיךְ אוּמְקֶעהֶרֶען צוּרִיקק קֵיין פַּארִי. פוּן דָארְטֶען נָאךְ נוּיָארְק אִיז שׁוֹין אַ קְלֵיינִיגְקֵייט. אוֹיף אַזַא אַרְט וֶועט זִי וֶוענִיגְסְטֶענְס פָּטוּר וֶוערֶען פוּן דֶעם מֶערְדֶערִישֶׁען קְלִימַאט, וֶועלְכֶער אִיז גֶעפֶאהְרְלִיךְ פַאר אִיהְר גֶעזוּנְד. גֶעלְד פֶעהלְט אוּנְז דָאךְ נִיט. אִיהְר וַוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ בַּיי זִיךְ מִיט נָאךְ פוּן פַּארִיז דְרַיי טוֹיזֶענְד פוּנְט שְׁטֶערְלִינְג, אַ גְלִיקק וָואס דֶער מֶערְדֶער רַאוּוַאיַאק הָאט דֶערפוּן נִיט גֶעווּסְט אוּנ כְ'הָאבּ וֶוענִיגְסְטֶענְס דָאס בַּארֶע גֶעלְד דֶערְרַאטֶעוֶועט.

– דָאס אִיז ווִירְקְלִיךְ אַ נֵס פוּן גָאטט, וָואס דָאס גֶעלְד אִיז גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם מֶערְדֶערְס הֶאנְד – אָהְן דֶעם וָואלְט אוּנְז אוּנמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען זִיךְ אַ עֵצָה צוּ גֶעבֶּען, וֶוענן דָאס אוּמְגְלִיקק הָאט גֶעטְרָאפֶּען אוּנְזֶער שִׁיף.

– אַלְזָא, אִיהְר הֶערְט? – הָאט זִיךְ וַוייטֶער אָבְּגֶערוּפֶען אַלִיצְיַא – בַּיי מִיר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בֶּעשְׁלָאססֶען אַז הֶערְמִינְיֶע מוּז זִיךְ וַוייטֶער אוּמְקֶעהֶרֶען קֵיין פַּארִי, פוּן דָארְטֶען אִיבֶּער נוּיָארְק קֵיין פַּארִיז. בַּיי מִיר אִיז קֵיין סָפֵק נִיט אַז אוֹיסֶער פוּן דֶער שְׁלַאפְפַקֵייט לֵיידְט זִי זֶעהר פִיעל פוּן בֶּעיְנְגְשַׁאפְט. זִי ווִילל אוּנְז נִיט מְצַעֵר זַיין אוּנ דַארִיבֶּער הַאלְט זִי עֶס אִין זִיךְ, אָבֶּער אִיךְ שְׁפִּיר אַז טָאג אוּנ נַאכְט הָאט זִי נוּר אֵיין גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען דֶעם קִינְד, אוֹיף אַ מִינוּט פֶערגֶעסְט זִי נִיט דֶעם קְלֵיינֶעם אַנְדְרֶעעֶ.

– אוֹיף אַזַא אַרְט וֶועללֶען מִיר נָאךְ הַיינְט פָאהֶרֶען צוּרִיק.

– מִיר? – הָאט אַלִיצְיַא פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט – נֵיין, הֶערר ווִיצֶע־גְרַאף, מִיךְ מוּזְט אִיהְר אוּמְקֶעהֶרֶען פוּן דֶעם צֶעטטֶעל. אִיךְ טָאר פוּן דַאנֶען נִיט אַוֶועקְפָאהֶרֶען, בִּיז יֶעצְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט פֶערִרִיכְט וָואס כְ'הָאבּ בֶּעדַארְפְט. מַיין צְוֶועק אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנ וֶועט בְּלַייבֶּען צוּ בֶּעפְרַייעֶן דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען קַאפִּיטַאן דְרַייפוּס אוּנ זָא לַאנְג ווִי אִיךְ וֶועלל לֶעבֶּען וֶועלל אִיךְ אוֹיף אַ מִינוּט נִיט רוּהֶען, בִּיז אִיךְ וֶועלל אוֹיספִיהֶרֶען מַיין פְּלַאן.

– אוּנ אִיהְר ווִילְט אַלֵיין אוּנטֶערְנֶעהמֶען אַזַא גֶעפֶאהְרְלִיכֶע נְסִיעָה? – הָאט פִּיקַארְדִין גֶערִיהְרְט אוֹיסגֶערוּפֶען – אַלְלֵיין, אָהְן אַ פְרֶעמְדֶענְס הִילְף רֶעכֶענְט אִיהְר דוּרכְצוּקְרִיעכֶען דִי שְׁוֶוערֶע זוּמְפֶּען פוּן בְּרַאזִילְיֶען?

— נַיין, כְ'וָועלל אַלֵיין גִיט גֶעהן, מִיט מִיר קוּמְט מִיט דֶער קַאפִּיטַאן קְלוֹיס גְרָאט.

— אוּנ אִיךְ?

— אִיהְר וֶועט בֶּעגְלַייטֶען הֶערְמִינְיֶען בִּיז פַּארִי.

פִּיקַארְדִין הָאט נָאךְ גֶעוָואללְט וָואס עֶנְטְפֶערֶען, נוּר אִיהְם הָאט גֶעשְׁטֶערְט הֶערְמִינְיֶע, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ נוּר וָואס אוֹיפְגֶעחַאפְּט.

אִיהְר אִיז גֶעוֶוען שְׁוֶוער זִיךְ אוֹיפְצוּהוֹיבֶּען פוּן גֶעלֶעגֶער אוּנ מִיט אַווִינְק הָאט זִי צוּגֶערוּפֶען צוּ זִיךְ אַלִיצִיַאן.

דִי אַמֶערִיקַאנֶערְקֶע אִיז פַּייל פוּן בּוֹיגֶען צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶער פְרַיינְדִין, וֶועלְכֶע זִי הָאט לִיעבּ גֶעקְרָאגֶען וִוי אַ אֵייגֶענֶע שְׁוֶועסְטֶער.

— אִיךְ שְׁפִּיער אַז דִי שְׁלַאפפְקַייט שְׁטַארְקְט זִיךְ — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען הֶערְמִינְיֶע מִיט אַ שְׁוַואכֶער שְׁטִימְמֶע — אַךְ, גְרוֹיסֶער גָאטט! דִי כֹּחוֹת לָאזֶען מִיךְ אָבּ אוּנ כְ'שְׁפִּיער, אַז אִיךְ וֶועלל מִיט אַייךְ נִיט קֶענֶנֶען וַוייטֶער פָאהרֶען, וִוי אַ לִיכְט וֶועל אִיךְ אוֹיסגֶעהן אִין דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען וַואלְד, אוּנ מִיר וֶועט אֲפִילוּ נִיט בֶּעשֶׁערְט זַיין אַיין מָאל צוּ זֶעהֶען מַיין מַאנְן אִין זַיין אוּמְגְלִיקק.

— הֶערְמִינְיֶע, בֶּערוּהִיג דִיךְ — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַלִיצְיַא — פוּן הִיטְץ רֶעדְסְט דוּ ווִילְדֶע זַאכֶען. אַזאַ יוּנְגֶע פְרוֹי וִוי דוּ קֶענְן נָאךְ אִיבֶּערלֶעבֶּען צֶעהן פִיעבֶּערֶען. קַדַחַת אִיז קַיין קְרֶענְק נִיט. וִוי קוּמֶען גְלַאט צוּ דִיר אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען פוּן טוֹידְט? דָא הָאסְט דוּ אַ בִּיסֶעל חִינִינָא אוּנ דִיר וֶועט דִי מִינוּט וֶוערֶען לַייכְטֶער

בַּיי דִי וָוארְטֶער הָאט זִי אַרוֹיסגֶענוּמֶען פוּן דֶער רַייזֶע-טָארְבֶּע אַ בְּלֶעכֶערְנֶע שַׁאכְטֶעל אוּנ עֶם דֶערלַאנְגְט דֶעם קַאפִּיטַאן גְרָאט, וָועלְכֶער אִיז שׁוֹין אוֹיךְ גֶעוֶוען אוֹיף דִי פִּיסֶס.

— פַּאסְסְט אוֹיף דִי שַׁאכְטֶעל וִוי אַ אוֹיג אִין קָאפּ, קַאפִּיטַאן! — הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אַלִיצְיַא — אִין אִיהְר לִיעגְט אוּנזֶער טַייעֶרְסְטֶער אוֹצָר, דֶער אֵיינְצִיגֶער מִיטְטֶעל גֶעגֶען קַדַחַת.

— וואו זַיינֶען אַהִינְגֶעקוּמֶען דִי שְׁוַוארְצֶע מֶענְשֶׁען? — הָאט דֶערוַוייל גֶעפְרֶעגְט דֶער קַאפִּיטַאן אוּנ זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף אַללֶע זַייטֶען.

— זַיי זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען פָאראוֹיס עֶטְוָואס צוּ בֶּעקוּקֶען דֶעם וֶועג:

אוֹיף דֶעם אָרְט מוּזֶען מִיר בֶּעמֶערְקֶען דֶעם לֶעזֶער אַז אוּנזֶערֶע רַייזֶענְדֶע הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט וִוי שְׁוֶוער ס'אִיז צוּ גֶעהן אִין דִי גֶעדִיכְטֶע בְּרַאזִילִישֶׁע וֶואלְדֶער אוּנ זַיי הָאבֶּען דַארִיבֶּער גֶעדוּנְגֶען וֶועג-וַוייזֶער, דָאס הֵייסְט, דִי שְׁוַוארְצֶע מֶענְשֶׁען, וָועלְכֶע בֶּעוואהְנֶען יֶענֶע גֶעגֶענְדֶען אוּנ זַיינֶען דַארִיבֶּער קְלָאר אִין דֶעם וֶועג.

אַז דֶער קַאפִּיטַאן הָאט זִיךְ בֶּערוּהִיגְט מִיט אַלִיצְיַאס אַנְטְוָוארְט הָאט עֶר זִיךְ ווִידֶער אוֹיסגֶעצוֹיגֶען אוֹיפְ'ן גְרָאז אוּנ דַאבַּיי אַזוֹי פֶעסְט אַיינְגֶעדְרֶעמֶעלְט אַז עֶר

האָט ניט גֶעשְׁפִּיערְט ווִי אַ גְרויסֶע אָבֶּעזְיַאנֶע (מַאלְפֶּע) איז צוגֶעגַאנְגֶען צו אִיהְם פוּן הִינְטֶען אוּנ פַּאמֶעלֶעך, אָהן גֶערוּדֶער, אִיהְם אַרויסגֶעכַאפְּט פוּן הַאנְד די בְּלֶעכֶערְנֶע שַׁאכְטֶעל.

דֶער קְלַאנְג פוּן דֶער שַׁאכְטֶעל הָאט עֶרְשְׁט אויפְגֶעוֶועקְט דֶעם קַאפִּיטַאן, וֶועלְכֶער אִיז בַּאלְד גֶעשְׁטַאנֶען אויף דִי פִיסְס מִיט דֶער כַּוָנָה נָאכצוּיָאגֶען דֶעם גַנָב. סְ׳אִיז שוֹין אָבֶּער גֶעוֶוען צוּ שְׁפֶּעט. מִיט אַ גֶעשִׁיקְטֶען שְׁפְּרוּנְג הָאט זִיךְ דִי אָבֶּעזְיַאנֶע בֶּעזֶעצְט אויף אַ צְוַוייג פוּן אַ בוים.

צוּם גְלִיקְק אִיז גְרַאדֶע אָנְגֶעלָאפֶען דֶער וִויצֶע־גְרַאף מִיט אַ בִּיקְס אִין דֶער הַאנְד.

עֶר הָאט אַ אויג גֶעוָוארְפֶען אויף דֶעם בוים אוּנ אִין אֵיין מִינוּט פֶערְשְׁטַאנֶען דִי לַאגֶע פוּן דֶעם קַאפִּיטַאן.

נִיט לַאנְג טְרַאכְטֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעצִיעלְט זַיין בִּיקְס אוּנ אויסגֶעשָׁאסֶען.

מִיט אַ ווִילְדֶען גֶעשְׁרֵיי אִיז דִי אָבֶּעזְיַאנֶע אַרָאבגֶעפַאלֶען טוֹידְט אויף דְ׳רְעֶרְד.

אִין דִי לַאפֶּעס אִיז אִיהְר גֶעבְּלִיבֶּען הֵיינְגֶען דִי שַׁאכְטֶעל מִיט חִינִינַא.

— גָאטט צוּ דַאנְקֶען! — הָאט פְרֶעהלִיךְ אויסגֶעשְׁרִיגֶען אַלִיצְיַא, וֶועלְכֶע אִיז צוגֶעלָאפֶען אויף דֶעם קְנַאלל פוּן דֶעם שָׁאסס — וָואס אִיהְר הָאט נָאךְ דֶערַאטֶעוֶועט די שַׁאכְטֶעל, אָהן אִיהְר וָואלְט נָאךְ חָלִילָה אוּנזֶער קְרַאנְקֶע אוּמגֶעקוּמֶען פוּן דֶער וֶועלְט אָהן אִיהְר צַייט. קַדַחַת אִיז קֵיין קְרֵיינְק נִיט, אָבֶּער מֶען מוּז שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען בַּיי זִיךְ מִיטֶטעל גֶעגֶען אִיהְר, קֵיין בֶּעססֶערֶער מִיטטֶעל ווִי חִינִינַא אִיז דֶערְוַוייל נִיט בֶּעקַאנְט. זֶעהט נוּר אָבֶּער וָואס טְרָאגְט דִי דֶערשָׁאססֶענֶע אָבֶּעזְיַאנֶע אויפ׳ן הַאלְז, אַ נָאזְטִיכֶעל, גֶעווִיסס הָאט זִי עֶס צוגֶעגַנְבֶעהט בַּיי דֶעם קַאפִּיטַאן צוּזַאממֶען מִיט דֶער שַׁאכְטֶעל.

— נֵיין, דָאס אִיז נִיט מַיין טִיכֶעל — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען גְרָאט.

— אַללֶענְפַאלְס גֶעגַנְבֶעהט אִיז עֶס. אָבֶּעזְיַאנֶעס בֶּעגֶעהֶען זִיךְ נָאךְ דֶערוַוייל אָהן טִיכְלֶעךְ אוּנ דָאס אִיז נוּר אַ בֶּעוַוייז אַז אויסֶער אוּנְז גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דִי וֶואלְדֶער נָאךְ מֶענְשֶׁען — הָאט בֶּעשְׁלָאססֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט אַלִיצְיַא, וֶועלְכֶע הָאט שְׁטֶענְדִיג לִיעבּ גֶעהַאט צוּ הַאלְטֶען קָאפּ.

פִּיקַארְדִין אִיז דֶערוַוייל צוגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער אָבֶּעזְיַאנֶע אוּנ אָבְּגֶעבוּנְדֶען דָאס טִיכֶעל. אַז עֶר הָאט עֶס גוּט בֶּעמֶערְקְט הָאט עֶר מִיט וואוּנְדֶער אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען:

— דִי טִיכֶעל אִיז בֶּעשְׁרִיבֶּען מִיט פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע וֶוערְטֶער! וַוארְט נוּר אַ וַוייל, כְ׳וֶועלל עֶס אַייךְ בַּאלְד אִיבֶּערלֵייעֶנֶען.

אַללֶע זַיינֶען שְׁטִילל גֶעוָוארֶען אוּנ דֶער וִויצֶע־גְרַאף הָאט מִיט מַאטֶערְנֶעשׁ אִיבֶּערגֶעלֵייעְנְט פָאלְגֶענְדֶע וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען גֶעשְׁרִיעבֶּען ווִי סְ׳שַׁיינְט מִיט בְּלוּט:

„פִיער עֶנְטְלָאפֶענֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען פוּן דֶעם טֵייפֶעלְס־אִינְזֶעל גֶעפִינֶען זִיךְ

ניט ווייט פון דער בראזילישער גרענעץ. אויף דעם גרונד פון פראנצויזישער קאיעננא אין א שרעקליכען צושטאנד, זיי האבען ניט קיין געוועהר און דאריבער קענגען זיי זיך ניט בעהיטען פון די ווילדע חיות און אויך ניט שטיללען דעם הונגער מיט ווילד פלייש. דאס טיבעל, אויף וועלכען מיר שרייבען די ווארטער, האבען מיר עקסטרא צוגעשלאגען צו א בוים, טאמער וועט עס ווער בעמערקען".

אונזערע רייזענדע האבען שטילל אויסגעהערט דעם שרעקקליכען גרוסס פון די עלענדע מענשען. איין הערמינע האט ארויסגעשאססען מיט א געוויין.

— מיין מאנן! — האט זי געשריגען אויפ'ן הויכען קול — מיין אומגליקקליכער מאנן! אפשר איז ער אויך צווישען די עלענדע, וועלכע האבען פאר דער גסיסה אויפגעשריבען די שרעקליכע צוואה. ס'איז גאנץ מעגליך אז דאס איז געשריעבען מיט זיין בלוט.

אך גאטט מיין גאטט! אלפרעד געהט אוים פון הונגער און יעדע מינוט קענן איהם בעפאללען א ווילדע חיה. איין גאטט ווייסס אויב ער לעבט נאך.

— דערווייל איז נאך ניט דא זיך פון וואס מצער צו זיין — האט זי געפרובירט טרייסטען די אמעריקאנערקע — ערשטענס איז נאך א פראגע אויב דיין מאנן איז ווירקליך צווישען די פיער ענטלאפענע ארעסטאנטען און צווייטענס האב איך א האפפנונג צו גאטט אז מיר וועללען זיי גאר אין גיכען דערטאפפען.

— וואס הייסט? — האט האסטיג געפרעגט הערמיניא און אין איהרע אויגען האט א בליץ געגעבען א שטראהל פון האפפנונג — דו מיינסט טאקי אז אונז וועט געלינגען זיי צו ראטעווען?

— אזוי האף איך, ווייל די אבעזיאנע האט ווייט ניט געקענט אוועקגעהען מיט דעם טיבעל. אללענפאללס איז ניט דא קיין צייט צו פערליערען בחנם.

— יעדע מינוט איז טהייער — האבען זיך אבגערופען ביידע מאנגער, וועלכע זענען שטענדיג געוועזן געגרייט צו העלפען א נויטבעדירפטיגען.

— אויב דער קאפיטאן דרייפוס וועט זיין צווישען זיי — האט זיך אבגערופען די אמעריקאנערקע — איז אוודאי גוט, דאמאלס וועללען מיר פערשפארען ווייטער צו פאהרען. מיר האבען דאך מעהר ניט געשטרעבט ווי נור איהם צו קריעגען פריי.

אויב ער איז אבער דארטען ניט דא וועללען מיר דאך וועניגסטענס פון די מענשען געוואהר ווערען וואס מיט איהם הארט זיך דארטען אויף דער אינזעל און אללענפאללס וועללען מיר אונז פערלייכטערען די ווייטערדיגע נסיעה.

ביי די ווארטער זענען אנגעקוממען די שווארצע מענשען, וועלכע האבען אויך בעשטעטיגט, אז די פראנצויזישע גרענעץ איז ניט ווייט און מען קענן זיך שוין רידערען ווייטער...

---

דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גְרֶעפִּפִּין הָאט דְרֵייפוּסֶען קֵיין לִיעגֶען נִיט גֶעזָאגְט, וֶוענְן עֶר הָאט אִיהם גֶעשִׁילְדֶערְט דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע לַאגֶע פוּן דִי פִיער עֶנְטְלָאפֶענֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ וִוירְקְלִיךְ גֶערַאטֶעוֶועט פוּן דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל, זַיי זֶענֶען אָבֶּער אַרַיינְגֶעפַאללֶען אִין טַייפֶעלְס־וֶואלְדֶער, צְווִישֶׁען ווִילְדֶע חַיוֹת, גְרוֹיסֶע זוּמְפֶּען, אָהן עֶסֶענְוַוארְג, אָהן פְרִישׁ וַואסֶער, עֶלֶענְד, אַלַיין, זָאנַאר אָהן אַ וֶועג־פִירֶער, וֶוער זָאלל זַיי אוֹיסְקְלֶערֶען וִוי אַזוֹי פָּטוּר צוּ וֶוערֶען פוּן דָאס חֶשְׁבְּדִיגֶע לֶעבֶּען אִין קַאיֶענֶנֶער וֶואלְדֶער אוּנ אַרוֹיסצוּגֶעהן אוֹיף דֶער פְרַייֶע, לִיכְטִיגֶע וֶועלְט.

אִין דֶעם טָאג, וֶוענְן אַלִיצְיַא הָאט בֶּעמֶערְקְט דָאס נָאז־טִיכֶעל אוֹיף דֶער אָבֶּעזְוַיאנֶעם הַאלְז, אוֹיף וֶועלְכֶער דִי אַרֶעסְטַאנְטֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעקְלָאגְט אוֹיף זַייעֶער לַאגֶע מִיט וֶוערְטֶער, גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט בְּלוּט, אִין דֶעם טָאג הָאט זִיךְ ווִירְקְלִיךְ אַלְץ אוֹיסגֶעלָאזְט – כָּלוּ כָּל הַקִּצִין – אָהן פוּלְוֶוער, אָהן פְּרָאוִויַאנְט זֶענֶען גֶעבְּלִיעבֶּען זִימְצֶען לֶעאָנִיע, עֶרְווִין, אַדֶעטטַא אוּנ אַנְטָאנִיע אוּנ הָאבֶּען זִיךְ קֵיין עֵצָה נִיט גֶעקֶענְט גֶעבֶּען ווִי אַזוֹי צוּ דֶערְהַאלְטֶען דִי נְשָׁמָה. דִי פְרוֹי הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּירְט שְׁלַאף אוּנ דִי מֶאננֶער הָאבֶּען אוֹיךְ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דֶעם קָאפּ, פֶערְלָארֶען דֶעם מוּטְה אוּנ מִיט פֶערְבְּרָאכֶענֶע הֶאנְד גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם סוֹף, וֶוענְן אַ ווִילְדֶע חַיָה וֶועט זִיךְ צַייט נֶעהמֶען אוּנ זַיי צוּרַייסֶען אוֹיף שְׁטִיקֶער.

פָארְלֵייפִיג בְּארֶען זַיי זִיךְ נָאךְ ווִי וַוייט מֶאגְלִיךְ. מִיט שְׁטִיקֶער הָאלְצֶער, מִיט צְוַוייגֶען פוּן בּוֹימֶער טְרַייבֶּען זַיי אָב דִי אוּנְגֶעבֶּעטֶענֶע גֶאסְט, דִי ווִילְדֶע חַיוֹת. זַיי וַוייסֶען אָבֶּער אַז לַאנְג וֶועט עֶס נִיט דוֹיעֶרֶען אוּנ קוֹים קוּמְמְט אַ קְלוּגֶערֶע אָדֶער אַ שְׁטַארְקֶערֶע חַיָה הֶערֶען טַאקִי אוֹיף אַללֶע חָכְמוֹת.

אָט יֶעצְט זֶעהֶען זַיי אוֹיךְ ווִי עֶטְלִיכֶע ווִילְדֶע חַיוֹת קוּמְמֶען צוּ אַלְץ נֶאהְנְטֶער. ווִי סְ׳וַוייזְט אוֹיס גֶעהֶען זַיי מִיט כַּוָנָה אוֹיף אַ פְרִיהשְׁטִיק פוּן מֶענְשֶׁען פְלַייש. אוּנְזֶערֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהן ווִי צוּמִישְׁטֶע, זַיי קֶענֶנֶען זִיךְ קֵיין עֵצָה נִיט גֶעבֶּען. אֵיין חַיָה וָואלְטֶען זַיי אֶפְשַׁר פֶערְטְרַייבֶּען מִיט דִי צְוַוייגֶען, דָא גֶעהֶען אָבֶּער עֶטְלִיכֶע אוּנ דִי מֶענְשֶׁען קֶענֶנֶען זִיךְ פוּן אָרְט נִיט ריהֶרֶען.

עֶרְווִין קוּקְט אָן זַיין יוּנְג וַוייבֶּעל אַדֶעטטַאן אוּנ אַ שׁוֹידֶער גֶעהט אִיהם אַרִיבֶּער דוּרְךְ דָאס גַאנְצֶע לַייב. וָואס וֶועט דָא יֶעצְט וֶוערֶען? וָואס פַאר אַ סוֹף קֶענְן דָא יֶעצְט גֶעהמֶען? דֶער טוֹידְט אִיז נִיט וַוייט. דִי חַיוֹת שַׁארְפֶען שׁוֹין דִי צֶאהן אוּנ זַיין לִיעבֶּע, טְרַייֶע, צוּקֶערְזִיסֶע אַדֶעטטַא וֶועט אוֹיסגֶעהן אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ עֶר וֶועט אִיהר אֲפִילוּ נִיט קֶאנֶען הֶעלְפֶען. עֶר וֶועט מוּזֶען צוּקוּקֶען ווִי דִי חַיָה רָעָה וֶועט אִיהרֶע בֶּאזֶע צֶאהנֶער אַרַיינְשְׁטֶעקֶען טִיעף אִין אַדֶעטטַאס לַייב אוּנ עֶר, עֶרְווִין, וֶועט מוּזֶען שְׁוַוייגֶען. עֶר וֶועט אֲפִילוּ אַ זִיפְץ נִיט גֶעבֶּען דִי חַיָה נִיט מֶעהר אוֹיפצוּהֶעטְצֶען אוּנ אַדֶעטטַאס יְסוּרִים צוּ פֶערְגְרֶעסֶערֶען. אוּנ כְּדֵי צוּ עֶנְדִיגֶען מִיט אַזַא בִּיטטֶערֶען סוֹף הָאט עֶס דֶענְן גֶעלָאהְנְט זִיךְ אַזוֹי פִיעל אָנְצוּשְׁטְרֵיינְגֶען, אַזוֹי פִיעל אָנְצוּוֶוענְדֶען עֶנֶערְגִיֶע אוּנ קְרַאפְט? צוּלִיעב דֶעם

הָאבֶּען זַיי רֶיזִיקִירְט מִיט׳ן לֶעבֶּען, צוּלִיעבּ דֶעם אִיז אַדֶעטְטָא גֶעוָוארֶען אַ גַנָב אוּנ בֶּעגַנְבְהט דֶעם טַאטֶענְס פֶערְמֶעגֶען אוּנ עֶר, עֶרְוִוין, הָאט נָאךְ מֶעהר אוּמְ-גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט דֶעם עֶלֶענְדֶען קַאפִּיטַאן דְרַייפוּס, וֶועלְכֶער קוּמְט גֶעוִויסס יֶעצְט אָבּ פַאר זַיי אוּנ פַאר זִיךְ.

טְרֶערֶען — בְּלוּטִיגֶע — פוּל צַעַר אוּנ פַּיין — טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעללְט אִין עֶרְוִוינְ׳ס אוֹיגֶען. עֶר הָאט גֶעלִיטֶען דָאפְּפֶּעלְט פַאר זִיךְ אוּנ פַאר דִי שֶׁאנֶע אַדֶעטְטָא׳ן.

נָאךְ מִיט מֶעהר לִיעבֶּע הָאט עֶר צוּגֶעדְרִיקְט דִי שֶׁאנֶע פְרוֹי צוּ זִיךְ, גְלַייךְ ווִי עֶר וָואללְט וֶועלֶען פַאר׳ן טוֹידְט אוֹיסְגִיסֶען פַאר אִיהר דָאס גַאנְצֶע הַארְץ, מִיט אֵיין מָאל אִיהר זָאגֶען ווִי גְרוֹיסס זַיין לִיעבֶּע אִיז, וֶועלְכֶע וֶועט זָאגַאר נָאכ׳ן טוֹידְט אוֹיךְ נִיט אוֹיפְהֶערֶען.

אוּנ דִי חַיוֹת גֶעהֶען וָואס אַמָאל נֶעהנְטֶער... נֶעהנְטֶער.

דִי פִיער עֶנְטְלָאפֶענֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען נִיט צוּ רִיהרֶען פוּן אָרְט אוּנ גֶעדוּלְדִיג וַוארְטֶען אוֹיף דֶעם טוֹידְט. זַיי הָאבֶּען מִיט פְלַייסס דִי אוֹיגֶען צוּגֶעמַאכְט, נִיט צוּ זֶעהֶען ווִי דִי חַיוֹת וֶועללֶען בֶּעפַאללֶען אוּנ רַייסֶען שְׁמִיקֶער פְלֵייש...

פְּלוּצְלִינְג אָבֶּער הָאבֶּען זַיי דֶערְהֶערְט אַ קְנַאלל פוּן בִּיקְסֶען, אֵיינֶעם נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען.

זַיי הָאבֶּען נָאךְ אַלְץ מוֹרָא גֶעהַאט דֶעם קָאפּ אוֹיסצוּדְרֵייהֶען אוּנ זֶעהן וֶוער סְ׳שִׁיסְסְט.

בַּאלְד אָבֶער נָאכְדֶעם הָאבֶּען זַיי דֶערְהֶערְט הִינְטֶער זִיךְ אַ מֶענְשְׁלִיכֶען קוֹל, וֶועלְכֶער הָאט גֶעשְׁרִיֶען אוֹיף דַייטְשׁ:

— הוּרַא! נָאךְ אַמָאל הוּרַא! אוּנ צוּם דְרִיטֶען מָאל הוּרַא! מִיר הָאבֶּען זַיי גֶעפַּאקְט אוּנ זַיי לֶעבֶּען.

אוֹיף גְרָאמְ׳ס קוֹל — דָאס אִיז גֶעוֶוען נִיט קֵיין אַנְדֶערֶער ווִי אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶער שִׁיפְפְס-קַאפִּיטַאן — זֶענֶען צוּגֶעלָאפֶען אַלִיצַא, דֶער ווִיצֶע-גְרַאף, הֶערְמִינְיֶע אוּנ דִי שְׁוַוארְצֶע מֶענְשֶׁען.

זַיי הָאבֶּען עֶס גֶעשָׁאסֶען אִין דִי דְרַייא ווִילְדֶע חַיוֹת, וֶועלְכֶע זֶענֶען יֶעצְט גֶעלֶעגֶען טוֹידְט אוֹיף דֶער עֶרְד.

דִי פֶערְצְוַוייפֶעלְטֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען הָאבֶּען צוּם אָנְהֵייבּ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דִי אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען. זַיי הָאט זִיךְ אִימֶער גֶעדַאכְט אַז דָאס אִיז נִיט דִי וַואהרְהַייט, נוּר אַ זִיסֶער חָלוֹם.

עֶטְלִיכֶע מִינוּט צוּרִיק הָאבֶּען זַיי זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט׳ן לֶעבֶּען אוּנ יֶעצְט פְּלוּצְלִינְג זֶענֶען זַיי בֶּעפַאללֶען אַנְשְׁטַאט ווִילְדֶע חַיוֹת גוּטֶע אוּנ פְרַיינְדְלִיכֶע מֶענְשֶׁען.

דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאפְּט לֶעאָנִיע מִיט דִי וֶוערְטֶער:

– הײנטיגער גם איז ווירקליך ווי דער אלטער פרומער שפריכװארט זאגט:

גאטט איז שטענדיג מכין די רפואה פאר דער מכה, וואס גרעסער די נויט איז, אלץ נאהנטער איז גאטטס הילף.

אונ נאך די עטליכע פרומע אונ קלוגע ווערטער איז פארגעקוממען א זעלטענע ריהרענדע סצענע.

די אונבעקאנטע מענשען האבען זיך ניט געאײלט פארצושטעללען, נור זיך געאַרעמט אונ געקושט, גלייך ווי זיי וואלטען שוין געווען לאנג בעקאנט אונ נור אויף א ווײלע האבען זיי זיך צושײדט.

איין פרוי איז נור געשטאנען פון ווייטען אונ איהר איז ניט אײנגעגאנגען קיין שמחה. דאס איז געווען הערמינע.

זי האט צוױשען די ארעסטאנטען ניט געטראפפען דעם וועמען זי האט געזוכט אונ איהר הארץ האט װידער געשמערצט פון ווײטאג.

– וואו איז ער? – האט זי זיך אלײן געפרעגט מיט טרערען.

א תשובה האט איהר שוין איבערגעגעבען אליציא, וועלכע איז פון די ארעסטאנטען געווואהר געוואָרען נור דאס, אז דרייפוס איז אלײן געבליבען אין שיפעל דאמאלס, ווען דער קאיעננישער גובערנאטאר איז אנגעקוממען. וואהרשײנליך האט מען איהם געפאנגען אונ ער איז ווידער אויף דעם טייפעלס־אינזעל.

פאר אליציא׳ן איז שוין אלץ געווען קלאר אז זי מוז ווײטער רייזען קיין קאיעננא.

ס׳איז אלזא געבליבען בעשלאסען זיך אבצורוהען אין וואלד נאך צוויי טאג, כדי צו שטארקען די אבגעשוואכטע ארעסטאנטען, זיי זאללען האבען כח אויף א ווײטערע נסיעה. פיעל האט געהאלפען אליציאס שאכטעל מיט חינין, וועלכע האט אין גאנצען פערטריבען די בעזע קדחת.

אויפ׳ן דריטטען טאג האט זיך די קלײנע געזעללשאפט אנגעהויבען צו געזעגענען.

אליציא מיט דעם קאפיטאן גראט, אין בעגלייטונג פון א שווארצען נעגער זענען געגאנגען אויף דעם וועג קיין קאיעננא.

דאגעגען הערמינע, עמיל־דע־פיקארדין, לעאניע, אדעטטא אונ אנטאניע מיט בײדע שווארצע נעגערס האבען זיך אומגעקעהרט אויף דעם וועג, וועלכער פיהרט קיין פארי. דארטען האבען זיי גערעכענט צו טרעפפען א שיף, וועלכע זאלל זיי פיהרען קיין נויארק.

אין אמעריקא האבען שוין די ארעסטאנטען ניט וואס מורא צו האבען אונ זיי קענען פראנק אונ פרײ לעבען וואו זיי ווילען.

אליציא האט איבערגעגעבען הערמינען די העלפט פון דעם געלד.

װעלכע זי האט געראטעװעט בײ „בריגיטטאס" אונטערגאנג. דאס געלד קענן פאר זײ דרײסט קלעקען ביז נויארק.

פאר נאכט האבען זײ געװאָללט זיך שיידען.

העדמינגע מיט אליצאַן האבען זיך א ביסעל אבגערוהט פון דער לעצטע געזעללשאפט.

— אדיע, מיין טהייערע פריינדין! — האט זיך אבגערופען די ערשטע הער־מינגע, האלזענדיג און קושענדיג די קלוגע אליצא'ן — גאטט זאלל דיך שיטצען און בעשירמען מיט זיין הילף, כדי דו זאללסט קעננען אויספיהרען ביז'ן סוף די וויכטיגע זאך, װעלכע דו האסט דיך אונטערגענוממען. יעצט איז נאך צייט, ליעבע אליצא, זאג נור איין װארט און כ'װעל דרייסט מיטגעהן מיט דיר. זאג אלליין, װאללט ניט געװען א יושר כ'זאלל בעססער זיין געבען דיר און צוזאממען ראטעװען מיין מאנן דעם ליעבען אלפרעדען?

— ניין, הערמינגע, דו האסט זיך ניט װאס צו בעשולדיגען; דו האסט ביז יעצט גאנץ גענוג געטהון צו זיין בעפרייאונג. װעניג האסט דו געליטטען ביז היינט? א קליינינקייט, צװיי מאל בייגעװען בײ א שיפפס־אונטערגאנג און נאכדעם זיך איינזאם געװאלגערט אויף א ווייטען פערװארפענעם אינזעל? יעצט אבער דיענען דיר שוין מעהר ניט די כחות, די קדחת האט בערויבט דיין געזונד און די ענערגיע. דיין מאנן װעט דיר געוויסס מוחל זיין און אויך מסכים זיין דו זאללסט דערװייל בעססער זאממלען כחות זיך מיט איהם צו פרייען אין גיכען. אויסערדעם איז דאך נאך דא א קינד, װעלכער בײנגט נאך זיין מוטטער.

מיין קינד! — האט הערמינגע געחליפעט — מיין אנדרעע! אך גאטט, װאס האסט דו פון אונז געמאכט, צו װאס האסט דו אונז אזוי צושפרייט אז איך ווייס יעצט אלליין ניט וואו פריהער צו געהן.

— וויין ניט, הערמינגע. גאטט איז א גוטטער און ער װעט זיך נאך אויף אייך אויך ערבארעמען. אין פיער װאכען ארום װעסט דו שוין זיין אין דערהיים און וויעדער זעהן דיין זוהן און דיין עדלען שװאגער מתית...

הערמינגע האט דורך די טרערען דאך בעמערקט װי אליצא'ס געזיכט האט זיך געענדערט בײ דעם לעצטען װארט.

זי איז געװארען בלאסס און אומזיסט זיך געשטארקט איינצוהאלטען די טרערען, װעלכע האבען זיך איהר געריססען פון די אויגען.

הערמינגע האט נאך הייסער ארומגענוממען די געליעבטע פריינדין און מיט הארץ געזאגט:

— אליצא, דו ווייגסט? דו, די שטארקע, דו, מוטיגע גבורתה, דו אליצא וויינסט? אליצא, זײ ניט בעז װאס כ'רייסס אויף דיינע װאונדען, נור כ'קענן עס לענגער ניט האלטען אין זיך. יעצט פערשטעה איך דיינע זאגאר װעל־

מֶענֶע, נור שְׁוֶוערֶע זִיפְצֶען. יֶעצט וֵוייסס אִיךְ פַאר וָואס דוּ הָאסְט אַזוֹי לִיעבּ גֶע-הַאט זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ ווִינְקֶעלֶע גַאנְץ אַלֵיין אוּנ זִיךְ צוּ פֶערטְרַאכְטֶען אוֹיף שָׁעָה׳ן לַאנְג.

אַלִיצְיַא, כ׳בִּין אַ פְרוֹי אוּנ שְׁפִּיער עֶס, כ׳וֵוייסס צוּ וֶועמֶען ס׳גֶעהֶערֶען דִי טְרֶערֶען. קוּם אַהֶער אַלִיצְיַא, כ׳וֶועלל דִיר אוֹיסזָאגֶען דַיין סוֹד. דוּ לִיעבּסְט מַתְּיָת׳ן, דוּ בֶּיינְגְסְט נָאךְ אִיהם, אִיהַם שִׁיקְסט דוּ דַיינֶע גְרוֹיססֶע טְרֶערֶען...

— דוּ הָאסְט גֶעטְרַאפֶפֶען, הֶערְמִינְיֶע! — הָאט אַלִיצְיַא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען בְּלַאסס אוּנ רוֹיט צְוַואמְמֶען — פַאר דִיר טָאר אִיךְ דָאךְ קֵיין סוֹדוֹת נִיט הָאבֶּען. כ׳לִיעבּ מַתְּיָת׳ן שׁוֹין נִיט פוּן הַיינְט אוּנ עֶר וֵוייסס עֶס גַאנְץ גוּט. אַז דוּ וֶועסְט קוֹממֶען אַהֵיים, זָאג אִיהם, הֶערְמִינְיֶע, זָאג דֶעם בְּרַאוֶוען, עֶדֶעלֶען אוּנ גוּטֶען מַתְּיָת׳ן, אַז אַלִיצְיַא הָאט אִיהם אוֹיף אֵיין סֶעקוּנְדֶע נִיט אַרוֹיס-גֶעלָאזֶען פוּן זִינֶען אוּנ זִי וֶועט אַזוֹי לַאנְג טְרַאכְטֶען וֶוענֶען אִיהְם, בִּיז אִיהר בְּלוּט וֶועט אוֹיפְהֶערֶען צוּ רִינֶנֶען אִין דִי אָדֶערֶען.

מֶעהר אָבֶּער הָאט זִי נִיט גֶערֶעדְט, גְלַייךְ וִוי אִיהר וָואלְט שׁוֹין אַ שְׁאד גֶעוֶועןן אוֹיף דֶעם אוֹיךְ, וָואס זִי הָאט גֶעזָאגְט. מִיט שְׁטָאלְץ הָאט זִי וִויעדֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ, אוֹיף דִי לִיפֶּען הָאט זִיךְ וִויעדֶער בֶּעוִויזֶען אִיהר אַנ-גֶענֶעהמֶער שְׁמֵייכֶעל. זִי הָאט נָאךְ אַמָאל אוֹיסְגֶעקוּשְׁט הֶערְמִינְיֶען אַלֶע גְלִיעדֶער אוּנ גֶעזָאגְט:

— אַלְזָא הֶערְמִינְיֶע, וָואס זָאלל אִיךְ אִיבֶּערגֶעבֶּען דַיין מַאנְן, וֶוענן אִיךְ וֶועלל אִיהם מִיט גָאטֶעס הִילף זֶעהֶען?

דַאמָאלְס הָאט דִי בְּלֵייכֶע הֶערְמִינְיֶע פֶערְלֵייגְט בֵּיידֶע הֶענְד אוֹיף דֶער בְּרוּסְט אוּנ דֵייטְלִיךְ, הוֹיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— זָאג מֵיין מַאנְן, זָאג אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּסֶען אַז כ׳וֶועל אִיהם גֶע-טְרֵיי בְּלֵייבֶּען בִּיזְן קֶבֶר. שְׁוֶוער אִיהם נָאךְ אַמָאל צוּ אִין מַיין נָאמֶען, אַז אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵיין מִינוּט נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ אַרְבֵּייטֶען וֶוענֶען זַיין בֶּעפְרַייאוּנְג. קֵיין זַאךְ וֶועט מִיר נִיט צוּ שְׁוֶוער זַיין אַבִּי נוּר אוֹיפְצוּוַוייזֶען זַיין אוּנְשׁוּלְד. שְׁוֶוער אִיהם נָאךְ אַז יֶעדֶע מִינוּט אִיז מַיין גַייסְט בַּיי אִיהם אוּנ אִיךְ לַייד נִיט וֶוענִיגֶער וִוי עֶר אַלֵיין.

— אַדְיֶע הֶערְמִינְיֶע! — הָאט אִיהר אַלִיצְיַא אוֹיךְ הֵייסס גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ דֶער אַמֶעריקַאנֶערְקֶעס גֶעזִיכְט הָאט גֶעפְלַאמְמְט פוּן בֶּעגֵייסְטֶערוּנְג — בְּלַייב גֶעזוּנְד, כ׳וֶועל בֶּעפְרַייעֶן דַיין מַאנְן דֶעם קָדוֹשׁ, דֶעם אוּמגְלִיקְלִיכֶען מֶענְשֶׁען פוּן נַיינְצֶעהנְטֶע יַארְהוּנְדֶערְט, עֶר זָאלל נִיט אוֹיסְגֶעהן אוֹיף דֶעם טֵייפֶעלְס-אִינְזֶעל...

אַלִיצְיַא הָאט נָאךְ אַמָאל אַרוּמְגֶענוּממֶען דֶעם אוּמגְלִיקְלִיכֶען קַאפִּיטַאנְס וַוייבּ אוּנ זִי אִיז הַאסְטִיג אַוֶועק פוּן דֶעם אָרְט.

זי האט זיך שוין מיט אללעמען געזעגענט און יעצט האט זי זיך געמוזט איילען נאכצויאגען דעם שיפפס־קאפיטאן מיט דעם שווארצען געגער.

אין עטליכע מינוט ארום זיינען זיי פערשוואונדען געווארען פון די אויגען. די קליינע געזעלשאפט, וועלכע האט זיי נאכגעקוקט, האט דערווייל הייסס געבעטען ביי גאטט ער זאלל מצליח זיין אליצאס וועג און דער אונשולדיגער קאפיטאן אלפרעד דרייפוס זאלל ווידער פריי קומען צו זיין ווייב און קינד.

דער ווינד האט א שאקעל געגעבען די בוימער פון דעם אלטען וואלד און ס'האט זיך געדאכט אז די נאטור אליין קלאגט צוזאמען מיט די מענשען אויף דעם קאפיטאן דרייפוסעס אומגליקק...

## XXII.

## פירשט דובינסקי אין פאריז.

סטעפאן דובינסקי האט אבגעפיהרט זיין קראנקע ווייב אין פאריז. מען קענן זיך לייכט פארשטעללען ווי ס'איז איהם געוועזען אויפ'ן הארצען די רייזע, וועלכע זיססע נאלדענע פלאנער האט דער מענש געהאט מיט א יאהר צוריק, ווען ער האט אנגעקוקט זיין שאנע פרוי אין דעם טאג פון דער חתונה.

וואס קוממט אבער ארויס פון פלענער, דער מענש דענקט און גאטט לענקט

יעצט זיצט דער פירשט דובינסקי אין וואגאן און די הויט ציטטערט אויף איהם פון שרעק. וואס דער גרויססער פראפעססאר אין פאריז וועט זאגען צו דער ווייבס קראנקהייט.

מעליזארעס נקמה איז געוועזען גרויסס, די ציגיינערקע האט געוואוסט וואס זי טהוט.

געוואוסט האט נור ניט די אומגליקליכע אליין אין וואס פאר א געפאהר זי געפינט זיך.

זי האט היילינ געגלויבט דעם מאנן, אז זיי פאהרען קיין פאריז ניט אזוי וועגען איהר, ווי וועגען דעם קליינעם אנדרעע, וועלכען זיי האבען מיטגענוממען מיט זיך אין דער מיינונג איהם איבערצוגעבען זיינע ריכטיגע עלטערן.

אז אנדרעע איז ניט זיין זוהן, איז שוין יעצט ביי סטעפאנען ניט געוועזען קיין צווייפעל. אפילו אין דעם פאל האט מעליזארע געוויזען איהר מאכט און איהם אזוי לאנג פאלש פערפיהרט.

— אז מיר וועללען שוין זיין אין פאריז — האט סטעפאן פריינדליך געזאגט צו

דער ווייב — װעלען מיר שוין סיי ווי סיי אָבטרעטען אין פּאסטערס [1] קליניק, ער זאלל בעקוקען דיינע וואונדען.

— כ׳וויים גאר ניט, ליעבער סטעפּאן, וואס דו מאכסט אזא רייד װעגען די וואונדען: זיי זיינען דאך שוין לאנג פערהיילט, ס׳איז שוין כמעט ניט קענטיג.

— ניין, מיין טהייערע, מיט אזעלכע זאכען שפּיעלט מען זיך ניט. אז א וואלף, א ווילדע חיה, גיבט א ביסס איז ניט קיין קליינינקייט. זאלל גאט געבען, ס׳זאלל זיך אלץ ענדיגען ווי אם בעסטען, נור פון דעסטוועגען קענן גאר ניט שאדען א קאנסוליום מיט פּאסטערען.

יולִיאנא האט א קוש געגעבען דעם מאנן אונ מיט א שמייכעל מסכים געווען.

א וואהנונג אין גרויסען „גראנד־האטעל" איז שוין לאנג געווען בעשטעלט דורך א דעפּעשע אונ קוים איז דער צוג אנגעקומען אין פּאריז האט דער פּירשט סטעפּאן לאנג ניט געוואַרט אונ גלייך פון האטעל געפאהרען אין קליניק, דארטען איז ער אבער געוואהר געוואָרען, אז דער גרויסער פּראָפעסאר לעבט שוין ניט, ער איז גראדע מיט דריי טאג צוריק געשטארבען. סטעפּאן איז געוואָרען אויסער זיך. אלזא זיין לעצטע האפנונג, די איינציגע טרייסט איז אויך פערשוואונדען.

פּאסטער איז געשטארבען אונ ווער וועט אלזא ראטעווען זיין הייסס־געליעבטע יולִיאנא?

ווי א דערטרונקענער אן א שטרוי האט זיך נאך דער פּירשט דוּבּינסקי אנגעהאפּט אן די לעצטע רעטטונג אונ זיך בערוהיגט, ווען דער אויפזעהער פון דער קליניק האט איהם געגעבען צו ערקלערען אז פּאסטערס שפּיטאל איז ניט צוגעמאכט, ווייל דעם פּראָפעססארס שטעללע פערטרעטען יעצט זיינע געוועזענע אסיסטענטען פון וועלכע איינער א יונגער איז זעהר בעריהמט אונ בעקאנט, דאס איז דער דאקטאר בּורגער. דער פּירשט האט זיך די מינוט געלאזט מעלדען צו דעם יונגען געלעהרענטען ארצט.

ד״ר בּורגער האט זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך. ער האט אויסגעהארכט געלאססען סטעפּאנס געשיכטע אונ זיך מיט פלייס איינגעהאלטען ניט ארויס־צוווייזען יוּלִיאנען דעם רושם וואס די ערצעהלונג האט אויף איהם גע־מאכט.

— קיין גרויסע זאכען זיינען דא ניט דא — האט ער זיך אבגערופען צו יוּלִיאנען מיט דעם פריינדליכען שמייכעל פון א קלוגען דאקטאר, וועלכער זוכט

[1] פאסטער — א גרויססער פראפעססאר אין פאריז, וועלכער האט ערפונדען א ני׳עם מיטטעל, ווי אזוי צו היילען מענשען, וועלכע א דולע חיה האט איינגעביססען.

נור קודם כל צו בערוהיגען דעם קראנקען — נור אללענפאלס מוז איך אייך ארדענטליך אונטערזוכען אונ דאס בעדארף דויערען א לאנגערע צייט. מארגען וועל איך ערשט קענען וויסען גענוי, ווי לאנג דאס בעדארף צו דויערען, פארלייפיג אבער מוזט איהר בלייבען דא אין קליניק אונ זיך נעהמען א בעזונדערען צימער.

סטעפאן האט אויסגעקליבען אין פאסטערס שפיטאל דעם גרויסמסטען צימער פאר זיין ליעבע יוליאנא אונ מיט א ווייטאג אין הארצען זיך אנגעהויבען היים צו זעגענען מיט דער פרוי.

— די צייט וועל איך בענוטצען אבצופיהרען דעם קליינעם אנדרעע צו זיין מוטער. כ'האב שוין וועגען דעם רעפעשירט צו דעם גראף עסטערהאזי, ווייל כ'ווילל ער זאל מיר העלפען אויסצווזוכען אנדרעעס עלטערן. כ'וועלל ווארטען אויף דעם גראף אין האטעל. זיי געזונד, טייערע, זיסע ליעבע יוליאנא, גאטט זאלל האבען אויף דיר רחמנות אונ דיך ווי אם גיכסטען שאנקען געזונד. מארגען וועללען מיר זיך ווידער זעהען. מארגען, מארגען, קענן דענן א מענש וויסען וואס וועט זיין מארגען?

עסטערהאזי איז געוואורען זעהר איבערראשט ווענן ער האט ערהאלטען א דעפעשע פון זיין קוזין דעם פירשט דובינסקי אז ער קוממט צו פאהרען אין פאריז מיט זיין פרוי. דער שווארצער מאיאר האט דעם אונגארישען מאגנאט ניט ליעב געהאט.

עסטערהאזי האט איהם ניט געקעננט מוחל זיין, וואס ער, דובינסקי, איז געבליבען ביי זיינע רייכע גיטער דאמאלס, ווען עסטערהאזי האט פון פאטער גאר קיין ירושה ניט געקראגען.

איין האפפנונג איז איהם נאך געבליבען אמאל רייך צו ווערען, ווענן סטעפאן דובינסקי וועט שטארבען אהן א יורש אזכר, דאמאלס מוזען די אללע אונגארישע גיטער אריבערגעהען צו איהם, ווייל ער איז דער נאהנסטער יורש. דער געדאנקען איז איהם קיין מאל נישט ארויס פון קאפ אונ אויך יעצט געהענדיג צו סטעפאנען אין האטעל איז ער געוועזען בעשעפטיגט מיט דעם רעיון.

אך, ווענן סטעפאן זאלל שטארבען וואס פריהער אהן א יורש — האט ער געקלערט אין זיך — ווי וואהל וואללט עס געוועזען! כ'וואללט דאמאלס ניט געוואוסט פון קיין מאנגעל אין געלד אונ רוהיג געקעננט פארברייננגען מיין רעשט לעבען.

צום טייפעל אבער האט זיך מיין קוזין פערוואללט חתונה האבען אונ ווער וויסט, אויב מיר וועט ניט די ירושה ארויסרייסען פון האנד סטעפאנס א יורש, וואס איז נאך דערנוייל אויף דער וועלט ניט דא.

ניין, כ'האב פערשלאפפען די גאנצע מעשה. וואו זיינען געוועזען ביז יעצט

מײנע אויגען, מײן ספרים, מײן שכל? כ'האב גאר ניט בעדארפט צולאזען צו דעם שדוך און נאך בחור־ווײז איהם אהערשלעפּען אין פּאריז.

דא וואלט זיך שוין געפונגען א עצה, ווי אזוי פון איהם פּטור צו ווערען, אדער איהם קראנק צו מאכען אויף צייט דעם לעבען. בײ די ווערטער האט זיך דער שווארצער מאיאר עסטערהאזי פערטראכט.

— און אז ער האט חתונה געהאט, וואס איז? — האט ער ווײטער זיך אלײן געפרעגט — נאך דער חתונה מאג אויך א מענש לעבען א גוטען טאג, בפרט נאך א רייכער מאנגאט פון אונגארן. א גלאזעל שאמפּאניער, א קארטעל אין געזעלשאפט פון שאנע פרויען איז שוין גענוג סטעפאנען דעם קאפּ צו פערדרעהען, ער זאלל זיך צוהיטצען און ארײנפאללען אין א דועל אדער א נ'אנדער סקאנדאל, וועלכער קאן זיך ענדיגען מיט דעם טוידט. חא, חא, סטעפאן דובינסקי! דו ווייסט גאר אלײן ניט, ליעבער קוזין, אויף וואס פאר א אומגליקק דו ביזט געקומען קײן פּאריז. בײ מיר איז זיכער, אז דו וועסט מעהר דײן שלאסס אין קראסנאהארקא ניט אנקוקען.

און בײ עסטערהאזין אין מח איז פארטיג געווארען א פּלאן, ווי אזוי אומגליקליך צו מאכען דעם רײכען קרוב.

סטעפאן האט עס ניט געמערקט און פרײנדליך זיך צוקושט מיט דעם קוזין. אין הײסע ווערטער מיט טרערען אין די אויגען האט ער איהם ערצעהלט אז ער האט געמוזט אלײן איבערלאזען זײן פרוי אין קליניק.

עסטערהאזי האט איהם געטרײסט:

— ס'איז נאך ניט אזוי שלעכט ווי דו מײנסט, סטעפאן! — האט געזאגט דער שווארצער מאיאר — ס'איז נאך איבערהויפּט א פראגע אויב די קראנקהײט וועט זיך, חלילה, שלעכט ענטוויקלען. מאלע וואס די דאקטורים זאגען! נײן, ליעבער קוזין, דערווײל איז נאך ניט דא פון וואס זיך מצער צו זײן און דו האסט ניט וועגען וואס זיך צו ערגערען; ווי בזעה וועל איך מוזען זוכען פאר דיר פערווײלונגען, צו־שטרײען דײן מרה שחורה.

— נײן, קוזין! — האט געענטפערט דער פירשט דובינסקי — פארלײפיג ווילל איך מיך ניט ווײלען; קענגען מיר דענן פערווײלונגען קריבען אין קאפּ, ווען כ'ווײסס, אז מײן טהײערע יולאנא ליעגט אין שפּיטאל? אויסער דעם האב איך אין פּאריז צו בעזארגען נאך א וויכטיגע זאך פון וועלכער כ'וויל וואס פריהער פּטור ווערען, ווײל זי איז פערבונדען מיט א סוד פון מײן לעבען.

עסטערהאזי האט אויפגעשטעלט א פּאר אויערען. דער ווארט סוד האט איהם א קיטצעל געגעבען, אפשר וועט ער דורך דעם געוואהר ווערען די שוואכע זײטען פון דעם פירשט דובינסקי.

— ס'איז א קורצע געשיכטע — האט דערווײל סטעפאן ווײטער געזאגט — עטליכע

יאהר צוריק האב איך ליעב געהאט א ציגיינערקע , וועלכע האט געהאט פון מיר א קינד .

מיין שטרענגער פאטער האט מיט דעם פערטריבען מעליארען — אזוי האט געהייסען די ציגיינערקע . אונגעפאהר אין פינף יאהר ארום איז מיין פאטער גע-שטארבען און די ציגיינערקע האט מיר געבראכט צו טראגען א יונגעל , געוועהנליך האט זי געזאגט אז דאס איז אונזער קינד .

מיין פרוי יוליאנא מיט איהר גוט הארץ איז באלד בעשטאנען דארויף , מיר זאללען דאס קינד ערציהען ווי מיינעם א זוהן . אין א צייט ארום אבער בין איך גע-וואהר געווארען דורך א צופאלל , אז דאס קינד איז ניט מיינס . נור די ציגיינערקע האט עס געגנבעט אין פראנקרייך אונ וואהרשיינליך אין פאריז .

— דאס איז דאך א גאנצער ראמאן — האט איהם איבערגעהאקט די רייד דער שווארצער מאיאר .

איידער דער פירשט האט איהם געענטפערט האבען זיך די טהירען געאפפענט אונ אין צימער איז אריינגעלאפען דער קליינער אנדרעע .

אז עסטערהאזי האט א ווארף געטהון זיין בליק אויף דרייפוסעס קינד איז איהם קאלט געווארען אין אללע גליעדער . ער האט אויף געוויסס ניט געקענט זאגען , ווער דאס קינד איז , זיין געוויכט האט איהם אבער דערמאנט א מענשען פון וועלכען ער האט פיעל געטראכט אין זיין לעבען .

אין דעם קינד האט דער שווארצער מאיאר געזעהען א אבבילד פון דעם קאפיטאן דרייפוס , וועלכען ער האט אומגליקליך געמאכט .

— א זעלטענע עהנליכקייט — האט ער א מורמעל געגעבען אונ גיך א פרעג געטהון סטעפאנען :

— אונ דו האסט ניט קיין שליאר וואו אויפצווועבען די עלטערען פון דעם קינד ?

— נאך מעהר ווי א שליאר , מיר דאכט זיך זאגאר אז איך קענן זיי , וועניגסטענס פון הערען .

— ווער זיינען זיי דאס ?

— זיין פאטער איז דער אונגליקליכער , לויט מיין מיינונג דער אונשולדיג פער-אורטהיילטער , קאפיטאן אלפרעד דרייפוס .

— אנדרעע ! — האט דער שווארצער מאיאר א געשריי געגעבען אונ זיך א ריסס געגעבען פון שטוהל .

דער געשריי איז איהם ארויס פון האלז ניט וויללענדיג .

סטעפאן האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט .

— דו קענסט אלזא דעם קליינעם ? — האט ער געפרעגט .

— געוויסס — האט האסטיג געענטפערט עסטערהאזי וועלכער איז שוין ווידער געקומען צו זיך פון איבערראשונג — דו ווייסט דען ניט אז איך בין געוועזען

דער בעסטער גוטער-פריינד פון דרייפוסען, איידער ער האט פערלארען דעם האנער אונ מיט איהם האט געטראפפען דאס אונגליקק. איין מאל בין איך דענן געוועזן ביי איהם אין שטוב? יא, דאס איז זיין זוהן, זיין בן-יחיד, דער קליינער אנדרעע. קומם אהער צו מיר, ליעבעס קינד, גיב מיר דיין הענדעל, מיין ארעם קינד, ארעמער יתום'ל. ווי גליקקליך בין איך וואס דורך מיין האנד וועט דיך דיין מוטטער ווידער קעננען זעהען.

— אונ מאקי באלד — האט האסטיג זיך אבגערופען סטעפאן דוביניסקי, וועלכער איז געוועזן איבערגליקקליך וואס ער האט ניט געהאט קיין טעות וועגען דרייפוסעס עלטערען — קומם, קוזין, מיר וועללען צוזאממען אהינפאהרען צו מאדאם דרייפוס, אונ איהר אבגעבען דאס קינד, נאך וועלכעם זי באנגט געוויסס שטארק. א מינוט לאנגער טארען מיר ניט אנטהון קיין עגמת נפש דער ארעמער מוטטער, זאלל זי זיך פרייען מיט איהר קינד.

אונ סטעפאן איז אויפגעשטאנגען פון זיין שטוהל מיט דער מיינונג באלד אהינצופאהרען.

עסטערהאזי האט איהם אבער אבגעהאלטען.

— ניין — האט ער געזאגט — מען דארף ניט די פרוי איבערראשען פלוצלינג מיט אזא גוטע בשורה, דאס קענן איהר נאך שאדען אין געזונד. לויט ווי כ'וויסס וואהנט זי יעצט אויססען שטאדט אין א ווייטע וויללע, אבגעריסען פון דער וועלט אונ דארטען בעקלאגט זי איהר מאננס אומגליקק.

ווייסט דו וואס? מיר איז איינגעפאללען א גוטער פלאן. מאדאם דרייפוס וואהנט אין שכנות ביי מיינער א בעקאנטע פרוי בולאנסי. כ'וועלל פארדעם אהינפאהרען צו דער פרוי, זי זאלל פארבערייטען די מאדאם דרייפוס צו דעם זונ'ס קוממען אונ שפעטער וועלל איך מיט דיר אונ מיט אנדרעע צוזאממען קוממען.

— גוט — האט מסכים געוועזן סטעפאן, וועלכער האט ניט געקעננט פערשטעהן דעם קוזינ'ס באזע מחשבות.

— אלזא איך געה — האט ווייטער לוסטיג געזאגט דער שווארצער מאיאר, צופריעדען דערמיט, אז דרייפוסעס קינד איז ווידער אין זיין מאכט — נור איין זאך האב איך דיר נאך געוואללט זאגען: דערמאנן דערווייל אין האטעל א ווארט ניט פון אונזער גאנצען געשפרעך, אונ איבערהויפט, וואס וועניגער דו וועסט רעדען דערפון אין פאריז, איז אלץ בעססער פאר דיר. דו האסט ניט קיין בעגריף מיט וואס פאר א אויגען דער עולם קוקט היינט אויף יעדען מענשען, וועלכער האט נור עפעס א שייכות מיט דער פאמיליע דרייפוס.

— גוט וואס דו האסט מיר געזאגט, כ'וועלל מיך טאקי מיה געבען, קיינער זאלל עס פון מיר ניט געוואהר ווערען.

עסטערהאזי איז האסטיג ארויסגעלאפען, נור אז די טהיר איז שוין געוועזן

צוגעמאכט הינטער איהם, האט ער שטיל אַ מורמעל געגעבען צו זיך אַלליין:

— דערווייל געהט עס ניט שלעכט. דער נארר לאזט זיך אַלץ איינרעדען, ווי האלט מען שוין ווייטער ביי דער הויפּט-זאך. אַך, ווי ווערט מען שוין אַ בעל־הבית איבער קראסנאהארקא!

# XXIII.

# אַ פאלשע הערמיניע דרייפוס.

פונקט אין צוויי שעה אַרום האט זיך אָבגעשטעלט אַ קארעטע נעבען דעם גראנד־האטעל, פון וועלכער עס איז אַרויסגעגאנגען עסטערהאזי מיט אַ דאמע. זי איז געווען אָנגעטהון אין שווארצען און איהר געזיכט איז געווען בעדעקט מיט אַ געדיכטען שלייער.

לאנגזאם איז דער שווארצער מאיאר אַרויף מיט דער דאמע אויף די טרעפּ.

— איהר ווייסט אַלזא, ריטטא — האט ער געפרעגט — וואס פאר אַ ראללע איהר האט דא צו שפּילען?

— אַ שאנע פראגע, הערר גראף — האט די פערשלייערטע דאמע געענטפערט — וועניג האט איהר מיך געלערענט דעם גאנצען וועג וואס כ'האב צו טהון? פרוי בולאנסי האט מיך אויך אַ גאנצען טאג ניט צורוה געלאזען און מיך שטענדיג געלערענט וואס כ'האב צו ריידען און צו שווייגען, אָבער אַללענפאללס איז דאך קיין געפאהר ניט דאבּיי. די גאנצע פּאליציי וועט זיך דאך ניט אַריינמישען אין דעם געשעפט.

— פון וואנען קוממט צו אייך, ריטטא, מיט איין מאל אַזא שרעק? — האט דער שווארצער מאיאר געשמייכעלט — דאכט זיך מיר, איהר האט שוין אויף אייער לעבען געטהון פיעל ערגערע זאכען און אויך ניט מורא געהאט, צום ביישפּיעל, ניט לאנג, די געשיכטע מיט דעם פערשטעללטען מארקיז אַרמאנד, וועלכער האט ביי פרוי בולאנסי פערשפּיעלט זיין גאנץ פערמעגען, נאכדעם האט זיך אויסגעלאזען אַז ער איז גאר ניט געווען קיין מארקיז, נור אַ איינפאכער בוכהאלטער, און איך בין געווען אין טויטט־שרעק, ווייל עד־היום בין איך זיכער אַז דאס איז געווען אַ אונטער־געשיקטער שפּיאן פון אונזערע שונאים.

— דערמאנט מיר ניט פון דעם מאנן — האט ריטטא געענטפערט — דער בוכהאלטער האט ביי מיר אַוועקגענומען דעם גאנצען הומאר. ביז היינט קען איך ניט פערגעססען זיינע געשרייען, ווען ער האט זיך אויפגעכאפּט אויף דעם צווייטען טאג און זיך אויך אויסגעמינטערט פון אונזער שטארקען שאמפּאניער...

— פערגעססט יעצט אָן דעם און האט אין זינען נור איינס אַז איהר בעדארפט

יֶעצט פֶארצוּשְׁטֶעלֶלען דִי מַאדאם דְרֵייפוּס, וֶועלְכֶע וֵוייִנְט פוּן בֶּאנְגְשַׁאפְט נָאךְ אִיהְר קִינְד. וֵוייֶנען קֶענֶנְט אִיהְר דָאךְ אַז אִיהְר ווילְט?

– וֶועלְכֶע פְּרוּיֶענְצִימֶער קֶענֶן עֶם דֶענֶן נִיט? – הָאט דִי אִיטַאלְיֶענֶערְקֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען פוּן אוּנְטֶער דֶעם שְׁלַייעֶר.

בַּיי דִי וֶוארְטֶער זַיינֶען זַיי אַרוֹיף אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק, וואו דֶער פִּירְשְׁט רוּבִּינְסְקִי הָאט גֶעהַאט זַיין צִימֶמֶער.

– דָא וֶועט אִיהְר אוֹיפְוַוארְטֶען בִּיז אִיךְ וֶועל אַייךְ צוּרוּפֶען – הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיאָר גֶעזָאגְט אוּנ הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט אָבְּגֶעהֶען.

רִיטָא הָאט אִיהְם אָבֶּער אָבְּגֶעהַאלְטֶען.

– מִיר קְלַאפְּט דָאס הַארְץ – הָאט זִי גֶעזָאגְט – אוּנ כְּ׳הָאבּ שְׁטֶענְדִיג מוֹרָא פַאר אַ אוּמְגְלִיק.

– נַארִישְׁקֵייטֶען, נוּר מוּטְה נִיט פֶערלָארֶען. כְּ׳הָאבּ אַייךְ דָאךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט, אַז אִיהְר קְרִיעגְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, וֶוען דָאס קִינְד וֶועט שׁוֹין זַיין בַּיי אוּנְז אִין דִי הֶאנְד.

– דָאס וֵוייסס אִיךְ, מִיךְ שְׁרֶעקְט אָבֶּער אִיבֶּער דִי גֶעדַאנְקֶען, פַאר וָואס פְרוֹי בּוּלַאנְסִי הָאט אוֹיף קֵיין פַאלל נִיט גֶעוָואלְט אַלֵיין אַהֶערקוּמֶען אָבְצוּשְׁפִּילֶען דִי פַאלְשֶׁע רָאללֶע.

– הוֹיבְּט זִיךְ אָן אַ גֶעשִׁיכְטֶע מִיט פְרַאגֶען. בּוּלַאנְסִי הָאט נִיט גֶעקֶענְנְט קוּמֶען אַלֵיין, וַוייל דֶער קְלֵיינֶער וָואלְט זִי לַייכְט דֶערְקֶענְנְט דוּרְךְ דִי צֵייכֶענְס אוֹיף דֶעם גֶעזִיכְט. וַוארְפְט אַוֶועק דִי פוּסְטֶע פְרַאגֶען אוּנ לָאזְט מִיךְ בֶּעסֶער גֶעהְן מַיין וֶועג. אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם וֶועט אִיהְר שׁוֹין הָאבֶּען פֶערדִיענְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען שְׁפֶּעטֶער אִיז שׁוֹין עֶסְטֶערהַאזִי גֶעוֶוען אִין סְטֶעפַאנְס צִימֶמֶער.

– אָט בִּין אִיךְ שׁוֹין ווִיעדֶער דָא, לִיעבֶּער קוּזִין – הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּנ מִיט אַ מִיענֶע פוּן אַ פֶערמַאטֶערְטֶען מֶענְשֶׁען זִיךְ הַאסְטִיג אַנִידֶערגֶעזֶעצְט אוֹיף אַ שְׁטוּהל – דוּ קֶענְנְסְט דִיר גָאר נִיט פָארְשְׁטֶעלֶלֶען וָואס פַאר אַ אַרְבֵּייט כְּ׳הָאבּ גֶעהַאט מִיט דֶער עֶלֶענְדֶער פְרוֹי. מַאדַאם דְרֵייפוּס הָאט גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעלַאכְט אִין אֵיינֶעם וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהְר אָנְגֶעזָאגְט דוּרְךְ פְרוֹי בּוּלַאנְסִי אַז אִיהְר טַייעֶרֶער בֶּן־יָחִיד אִיז ווִיעדֶער אִין פַארִיז. דִי אִיבֶּערגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער הָאט גֶעטַאנְצְט פוּן שִׂמְחָה, סְ׳הָאבֶּען נִיט גֶעהָאלְפֶען קֵיין רֵייד אוּנ זִי אִיז בַּאלְד מִיט מִיר גֶעפָאהְרֶען אַנְטְקֶעגֶען אִיהְר זוּהְן. זָאלל אִיךְ זִי אַהֶערְרוּפֶען?

אַנְשְׁטַאט אַ תְּשׁוּבָה אִיז סְטֶעפַאן אַלֵיין צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶער טְהִיר אוּנ זִי הַאסְטִיג גֶעעֶפְּפֶענְט.

– קוּמְט אַרֵיין, מַאדַאם, קוּמְט אַרֵיין! – הָאט עֶר הוֹיךְ אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען

פון יענער זייט טהיר צו דער פערשלייערטע פרוי – אך, מיין גאטט, ווי גליקליך בין איך, אז דורך מיין האנד בעקוממט די מוטטער איהר קינד.

האסטיג איז די פערשטעללטע ריטטא אריינגעלאפען אין צימער און די מינוט ארונטערגעריססען פון זיך דעם שלייער. סטעפאן איז געווארען ענטציקט פון איהר שאנקייט.

– מיין קינד – האט דערווייל די איטאליענערקע פלייסיג געטהון וואס פרוי בולאנסי האט זי געלערענט – מיין קינד, וואו איז מיין זוהן?

און ווי א גענייטע אקטריסע, וואס קענן גוט איהר ראללע, האט זי צוגעקוועטשט די טאשען־טוך צו די אויגען, גלייך ווי זי ווילל איינהאלטען די טרערען.

עסטערהאזי האט דערווייל צוגעמאכט די טהיר.

סטעפאן איז ניט געווען געוואהנט צו פאלשקייטען און ער האט היילי גענגלויבט אין די געמאכטע טרערען.

– מאדאם דרייפוס! – האט ער געזאגט געריהרט – כ'האב אמת מיטלייד מיט אייך און דאנק גאטט וואס ער האט אייך דורך מיר געהאלפען. אייער זוהן אנדרעע איז יעצט אין צווייטען צימער און ער קוממט די מינוט אריין צו זיין ליעבע מוטטער. איהר וועט געוויסס אלליין פערשטעהן, געעהרטע מאדאם, אז אזוי לאנג ווי דאס קינד איז געווען ביי מיר, האט איהם גאר ניט געפעהלט. איך מיט מיין פרוי האבען איהם וויקליך ליעב געהאט ווי א איינענען קינד און אונז איז איינפאך געווען א שאד זיך מיט איהם צו שיידען. מיר האבען זיך געפרייט, ווענן מיר זענען געוואהר געווארען ווער זיינע עלטערן זענען, גלייכצייטיג אבער האט אונז באנג געטהון וואס מיר וועללען איהם שוין לענגער ניט האבען ביי אונז אין הויז.

נאך די ווערטער איז סטעפאן אריין אין צווייטען צימער נאך אנדרעען.

עסטערהאזי האט זיך איבערגעקוקט מיט דער איטאליענערקע.

אויף דער מינוט שטעהט די וועלט.

די טהיר האט זיך געעפפענט און אין צימער איז אריין דער פירשט דובינסקי מיט דעם קליינעם אנדרעען.

ריטטא האט א געשריי געגעבען מיט א קוויטש – אזוי ווי פרוי בולאנסי האט זי געלערענט. נאכדעם איז זי צוגעלאפען צום קינד און עס אזוי הייסס צוגעדריקט צו דער ברוסט, אז דער יונגעל איז ניט געווען אים שטאנד אפילו א ווארט צו רעדען.

– קום אמאל, מיין ליעבעס קינד – האט די איטאליענערקע געזאגט מיט פערוויינטע אויגען – האב איך דיך וויעדער... קום אמאל, אך, וואס איך בין אלץ אויסגעשטאנגען צוליעב דיר!

ענדליך האט זיך אנדרעע ארויסגעקראגען פון ריטטא'ס האנד. ער האט

פֶערלֵייגְט דִי קְלֵיינֶע הֶענְטְלִיךְ אויף דֶעם רוּקֶען אוּנ מִיט זַיינֶע שְׁוַוארְצֶע אֵיינְגֶעלֶעךְ שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דִי פַאלְשֶׁע מוּטֶער. דֶער קִינְדֶעשֶׁער אִינְסְטִינְקְט הָאט אִיהם גֶעלֶערְנְט פָארְזִיכְטִיג צוּ זַיין.

— דוּ בֶּעדַארְפְסְט מִיךְ נִיט צוּ קוּשֶׁען — הָאט דָאס קִינְד שַׁארְף אוּנ הַארְט גֶעזָאגְט — כְּ'ווילל נִיט דוּ זָאללְסְט מִיךְ קוּשֶׁען.

— אַנְדְרֶעעֶ! — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען סְטֶעפַאן, וֶועלְכֶער אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶוען גֶערִיהרְט פוּן דִי פַאלְשֶׁע טְרֶערֶען — דוּ דֶערְקֶענְנְסְט דֶענְן נִיט דַיין מוּטֶער?

דְרֵייפוּסֶעס זוּהן הָאט אִין כַּעַס אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם פִיסֶעל.

— דָאס אִיז נִיט מַיין מַאמַא! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט בֶּאז — מַיין מַאמַא אִיז אַ שֶׁאנֶערֶע אוּנ אַ בֶּעסֶערֶע.

רִיטַטַא אִיז עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען פוּן זַיינֶע רֵייד אוּנ עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט פוּן גְרויסס כַּעַס גֶעבִּיסֶען דִי לִיפֶּען.

סְטֶעפַאן הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאָר אוּנ דִי שֶׁאנֶע רִיטַטַא.

— כְּ'וֵוייס גָאר נִיט, מַאדַאם, וָואס דָאס זָאלל בֶּעדַייטֶען — הָאט עֶר גֶעזָאגְט, עֶר דֶערְקֶענְנְט אֵייךְ נִיט. זַיין פָאטֶער דֶעם קַאפִּיטַאן הָאט עֶר דָאךְ דִי מִינוּט דֶערְקֶענְנְט אִין אַ בִּילְד פוּן אַ צֵייטוּנְג.

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט אַ וואוּנְק גֶעגֶעבֶּען דֶער שֶׁאנֶער אִיטַאלְיֶענֶערְקֶע זִי זָאלל הַאלְטֶען קָאפּ אוּנ שְׁפִּיעלֶען דִי רָאללֶע וַוייטֶער.

זִי הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זַיין כַּוָונָה אוּנ נָאךְ מִיט מֶעהר פַייֶער אָנְגֶעהויבֶּען פָארְצוּשְׁטֶעללֶען דִי טְרַאגִי־קָאמֶעדְיֶע וַוייטֶער.

הַאסְטִיג הָאט זִי פֶערְבְּרָאכֶען דִי שֶׁענֶע הֶענְד אוּנ מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אויגֶען גֶעשְׁרִיעֶן אויפ'ן גַאנְצֶען קוֹל:

— אַךְ גָאטט, נָאךְ וֶוענִיג בִּין אִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט, הָאבּ אִיךְ נָאךְ בֶּעדַארְפְט צוּ דֶערְלֶעבֶּען דִי צֵייט, אַז מַיין קִינְד, מַיין בְּלוּט אוּנ פְלֵייש זָאלל מִיךְ נִיט דֶער־קֶענְנֶען. אָה אַנְדְרֶעעֶ, אַנְדְרֶעעֶ, מַיין קִינְד, מַיין זוּהן, קוּק מִיר נוּר בַּאלְד אָן, וֶועסְט דוּ בַּאלְד דִיר דֶערְמָאנֶען דַיין מוּטֶערְל.

דָאס קִינְד הָאט עֶנֶערְגִישׁ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ.

סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט: וָואס טְהוּט מֶען? וֶועמֶען גְלויבְּט מֶען, אַנְדְרֶעעֶן, אָדֶער דֶער פְרוי, וָואס שְׁרַייט גְוַואלְד, אַז זִי אִיז זַיין מוּטֶער?

— אִין אֶמֶת גֶערֶעדְט וַוייסס אִיךְ אַלֵיין נִיט וָואס צוּ טְהוּן — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם — אַנְדְרֶעעֶ הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אוּנ ווילל מִיט אֵייךְ אויף קֵיין פַאלל נִיט גֶעהן אוּנ כְּ'הָאבּ קֵיין רֶעכְט נִיט אִיהם צוּ צְווִינְגֶען... נוּר וַוארְט, כְּ'הָאבּ אַ פְּלַאן. לויט וִוי אִיךְ גֶעדֵיינְק פוּן דִי צֵייטוּנְגֶען, הָאט דֶער קַאפִּיטַאן אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּס אַ גוּטֶען בְּרוּדֶער, דֶעם בֶּעוואוּסְטֶען מַתִּית. אִיךְ

װעלל צו איהם טֶעלֶעפָאנירֶען, ער זָאלל אַהֶערקוממֶען, ווייל אַנְדְרֶעעֶ האָט איהם אָפּט דֶערמָאנְט אונ אֶפְשַׁר וֶועט ער יֶעצְט אויך דֶערקֶענֶען דֶעם אָנְקֶעל.

מֶען קֶענן זיך לַייכְט פָארשְׁטֶעלֶען װָאס פַאר אַ רוֹשֶׁם די װָארטֶער האָבֶּען גֶעמַאכְט אויף עֶסְטֶערְהַאזִין. סַתִּית דְרֵייפוּסֶעס נָאמֶען האָט איהם גֶעטְרָאפֶּען זוי מִיט אַ מֶעססֶער אין הַארְצֶען.

נָאך דָאס האָט איהם גֶעפֶעהלְט, זַיין עֶרְגְסְטֶער שוֹנֵא זָאלל איהם חַאפֶּען בַּיי דֶער האַנְד. דָאס שְׁפִּיעלְכֶעל וֶוערְט וָואס אַ מָאל גֶעפֶאהְרְלִיכֶער.

— איך גֶעה שוין טֶעלֶעפָאנירֶען — האָט סְטֶעפַאן װַייטֶער גֶעזָאגְט, וֶוענן ער האָט בֶּעמֶערְקְט וִוי די פֶערשְׁטֶעלְטֶע פְרוֹי דְרֵייפוּס איז בְּלַאסס גֶעוָוארֶען אונ מִיט שְׁרֶעק זיך אוּמְגֶעקוּקְט אויף עֶסְטֶערְהַאזִין.

דֶער גְרַאנְד־האָטֶעל פון פַאריז האָט צְווִישֶׁען אַללֶע מַעֲלוֹת אויך די בֶּעקְוֶועמְלִיכְקַייט, אַז יֶעדֶער גַאסְט האָט בַּיי זיך אין צִימֶער אַ טֶעלֶעפָאן.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר האָט מִיט שְׁרֶעק גֶעוַוארְט אויף דֶעם סוֹף פון דֶער קָאמֶעדְיֶע.

דֶער פִּירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי האָט אָנְגֶעקְלוּנְגֶען אונ גֶעהֵייסֶען זיך פֶערְבִּינְדֶען מִיט דֶעם האַנְדֶעלְס־הויז „מַתִּית דְרֵייפוּס". קוים אָבֶער האָט ער צוּגֶעלֵייגְט צום אויעֶר דֶעם עֶלֶעקְטְרִישֶׁען רֶעהר, האָט ער דֶערהֶערְט דוּרך דֶעם טֶעלֶעפָאן פָאלְגֶענְדֶע פְרַאגֶע:

— גְרַאנְד־האָטֶעל — כ׳ווילל רֵיידֶען מִיט דֶעם פִּירְשְׁט סְטֶעפַאן דוּבִּינְסְקִי פון קְרַאסְנָאהָארְקָא.

— דָאס בִּין איך — האָט הַאסְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער פִּירְשְׁט — איך אַלֵיין שְׁטֶעה בַּיי דֶעם אַפַּאראַט. וֶוער פְרֶעגְט צו מִיר?

— פּאַסְטֶערְס קְלִינִיק — איז גֶעוֶוען די אַנְטְוָוארְט — דֶער דָאקְטָאר בּוּרְגֶער ווילל אייך עֶפֶּעס זָאגֶען.

דֶער אוּנְגַארִישֶׁער מַאגְנַאט איז בְּלֵייך גֶעוָוארֶען וִוי די וַואנְד.

— וָואס איז מִיט דִיר, קוּזִין? — האָט עֶסְטֶערְהַאזִי מִיט אַ אוּנְרוּהִיגֶער מִיעֶנֶע גֶעפְרֶעגְט אונ האַסְטִיג צוּגֶעגַאנְגֶען צום טֶעלֶעפָאן.

— כ׳בִּין זֶעהר אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען, ווייל דֶער דָאקְטָאר, וֶועלְכֶער בֶּעהַאנְדֶעלְט מֵיין פְרוֹי ווילל מִיט מִיר רֶעדֶען, אונ וַואהְרְשֵׁיינְלִיך האָט ער פַאר מִיר נִיט קֵיין גוּטֶע נַייעֶס.

— זָאלל גָאט אָבְּהִיטֶען — האָט עֶסְטֶערְהַאזִי גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ חֲנִיפָה. בַּיי זיך איז ער אָבֶער גֶעוֶוען צוּפְרִידֶען מִיט דֶעם צוּפַאלל, וֶועלְכֶער האָט פָארְלֵייפִיג גֶעשְׁטֶערְט דֶעם מַאגְנַאט זיך צו זֶעהֶען מִיט דְרֵייפוּסֶעס בְּרוּדֶער. בַּיי עֶסְטֶערְהַאזִין איז צַייט דָאס לֶעבֶּען גֶעוֶוען די צַייט טַייעֶרֶער וִוי גֶעלְד, אַבִּי וַוייטֶער.

„אויף מָארְגֶען וֶועט גָאטט זָארְגֶען" איז גֶעוֶוען זַיין וֶוארְטֶעל.

אין טעלעפאן האט א קלונג געגעבען.

מיט טוידט-שרעק האט דובינסקי צוגעלייגט דעם אויער.

– ס'רעדט דער דאקטאר בורגער פון פאסטער'ס שפיטאל. פירשט דובינסקי הערט?

– יא, יא, איך אליין. אום גאטעס ווילען, דאקטאר, וואס איז נייעס? ווייטער א קליינע פויזע. ווי ס'ווייזט אויס האט דער דאקטאר אליין אויך געוואַרט מיט א מאל ניט אנצוזאגען די שלעכטע בשורה. אין א ווײלע ארום האט דובינסקי ווידער דערהערט דורך דעם טעלעפאן:

– פירשט דובינסקי, שטארקט אייך אונ האלט קאפ. ביי אייער פרוי האט ליידער דאס אומגליק אויסגעבראכען, דאס ווילדע בלוט האט אנגעהויבען צו ווארקען.

סטעפאן האט א ווילדען געשריי געגעבען.

ניעדערשלאגען איז ער אבגעשפרונגען פון טעלעפאן אונ וואללט געמיס זיך אויסגעצויגען אויף דער פאדלאגע, ווענן עסטערהאזי האלט איהם ניט אונטער.

– יוליאנא, ליעבע יוליאנא, מיין ארעם ווייב! – האט ער ניט אויפגעהערט צו קרעכצען.

דער קליינער אנדרעע האט אויך אנגעהויבען צו קלאגען אונ איז צוגעפאללען צו סטעפאנס קניע.

דובינסקי האט איהם יעצט ניט בעמערקט אונ מיט א אימפעט זיך ארויסגעריסען פון עסטערהאזיס האנד.

– לאזט מיך אב! לאזט מיך! – האט ער געשריען אונ זיינע אויגען האבען געבליצט מיט פייער – כ'מוז געהן צו איהר, כ'מוז געהן צו יוליאנען... אויב איהר איז בעשערט צו שטארבען זאלל זי ווענינגסטענס אויסגעהן אויף מיינע האנד.

ער האט מעהר ניט געהערט וואס עסטערהאזי האט צו איהם גערעדט, ניט געזעהען ווי דער קליינער אנדרעע האט מיט געבעט צו איהם אויסגעצויגען די הענטליך. זיינע אללע חושים זענען יעצט געווען אריינגעטהון אין דער פרוי'ס אונגליק אונ ער איז ווי צומישט ארויסגעלאפען פון צימטער.

אנדרעע האט איהם געוואללט נאכלויפען.

עסטערהאזי האט עס בעמערקט אונ האסטיג איהם א חאפ געטהון פאר דעם האנטעל. נאכדעם האט ער צוגעשלאסען די טהיר פון אינווייניג.

– דו בלייבסט דא, מיין קינד – האט ער געזאגט מיט א געשטיקטען קול – דו וועסט געהן צוזאממען מיט דיין מאמא.

אנדרעע האט זיך אניעדערגעווארפען אויף דער פאדלאגע מיט א געוויין.

ריטטא-האט זיך געשטארקט איהם איינצושטיללען אונ איהם דערלאנגט די צוקערלעך. וועלכע פרוי בולאנסי האט איהר עקסטרא מיטגעגעבען.

עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז דֶערְוַוייל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פֶּענְסְטֶער אוּנ אַרוֹיסגֶעקוּקְט אוֹיף דֶער גַאסס. דוּבִּינְסְקִי אִיז נוּר וָואס אָבְּגֶעפָאהרֶען פוּן הָאטֶעל.

— יֶעצְט אִיז דִי לוּפְט רֵיין — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶער אִיטַאלְיֶענֶערְקֶע מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — מַאכְט דֶערְפוּן אוּנ טְהוּט אָן דֶעם קְלֵיינֶעם זַיינֶע קְלֵיידֶער, אָט דָארְטֶען לִיעגְט זַיין מַאנְטֶעל מִיט דֶעם הוּט. אַז אִיהר וֶועט זַיין אוֹיף דִי טְרֶעפּ זָאלְט אִיהר אִיהם פֶּעסְט צוּדְרִיקֶען צוּ זִיךְ עֶר זָאלל נִיט קֶענֶען שְׁרַייֶען.

רִיטַא הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט לַאנְג בֶּעטֶען אוּנ פִּינְקְטְלִיךְ אַלְץ גֶעטְהוּן וָואס עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט אִיהר בֶּעפֶאהלֶען.

אַנְדְרֶעעֶ הָאט זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ. דִי בֵּיידֶע עֶרְוַואקְסֶענֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען אָבֶּער גֶעוֶוען שְׁטַארְקֶער פַאר דֶעם שְׁוַואכֶען יוּנְגֶעל אוּנ סוֹף כָּל סוֹף הָאט אִיהם רִיטַא גֶעהַאט אוֹיף דִי הֶאנְד.

עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז גֶעגַאנְגֶען בַּיי דֶער זַייט אוּנ אַנְדְרֶעעֶ אִיז גֶעוֶוען גַאנְץ שְׁטִילל דִי גַאנְצֶע צַייט, וָואס זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִי טְרֶעפּ.

פוּן הָאטֶעל הָאבֶּען זֵיי גֶענוּמֶען אַ קַארֶעטֶע, וֶועלְכֶע הָאט זֵיי גֶעזָאלְט פִּיהרֶען צוּ בּוּלַאנְסִי׳ס ווִילְלֶע.

— גֶעלוּנְגֶען? — הָאט זִי גֶעשְׁווִינְד גֶעפְרֶעגְט, וֶוען דִי קַארֶעטֶע הָאט זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט.

— גֶעוִויסס! — הָאט לוּסְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר — דְרֵייפוּסֶעס זוּהן אִיז ווִיעדֶער בַּיי אוּנְז אִין דִי הֶאנְד. יֶעצְט מוּז מֶען אָבֶּער גוּט אִבֶּערְקְלֶערֶען וָואס מִיט אִיהם צוּ מַאכֶען, וַוייל דִי סַכָּנָה אִיז גְרוֹיס...

XXIV.

# וָואס טְהוּט עֶמִיל זָאלַא.

דִי עֶלֶעגַאנְטֶע זַאלָאנֶען פוּן דֶעם בֶּערִיהמְטֶען נָאטַארִיוּסֶעס הוֹיז זֶענֶען גֶעוֶוען הֶערְלִיךְ בֶּעלוֹיכְטֶען. דִי אוֹיסגֶעפוּצְטֶע לַאקַאיֶעס, רַייךְ גֶעקְלֵיידֶעט זֶענֶען הַאסְטִיג גֶעלָאפֶען הִין אוּנ הֶער. אִין עֶסס־צִימֶער אִיז דֶער טִישׁ גֶעוֶוען גֶעדֶעקְט מִיט׳ן גַאנְצֶען פַּארַאד.

נָאטַאסִיוּשׁ אַלֵיין מִיט זַיין טָאכְטֶער הָאבֶּען עֶמְפְּפַאנְגֶען דִי גֶעסְט. לוּצִיֶע הָאט אוֹיסגֶעזֶעהֶען נָאךְ שֶׁענֶער וִוי שְׁטֶענְדִיג אוּנ אוֹיף אִיהר גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג דִי צוּפְרִידֶענְהַייט פוּן אַ כַּלָּה, וֶועלְכֶע וַוייסְט וָואס זִי טְהוּט.

הַיינְט אִיז בַּיי אִיהר עֶרֶב חֲתוּנָּה אוּנ זִי הָאט פוּן וָואס צוּפְרִידֶען צוּ זַיין. מָארְגֶען אִין דֶער צַייט וֶועט זִי שׁוֹין הֵייסֶען מַאדַאם פִּיקַאר.

וָואס פַאר אַ גְלִיק!

דער נאַטאַריוס נאַטאַסיוש איז געווען ניט ווענינער גליקליך און צופריעדען ווי זיין טאכטער און ער האט געוואללט אז לוציע זאלל עס גוט בעמערקען. ער האט דאריבער איינגעלאַדען אויף דעם אבענד אללע גוטע, און זאגאר ווייטע פריינד און בעקאנטע און געשאטען אויסגאַבען אהן א צאהל. יעצט שטעהט ער מיט זיין טאכטער אַלליין און וואַרט, אז יעדע מינוט זאלל ווער אַקלינגען.

ער בענוצט די געלעגענהייט וואס קיינער שטערט זיי ניט און געהט צו נאהנטער צו לוציען.

אין א הייסען קוש דריקט ער איהר אויס זיינע געפיהלען און זאגט געלאַסען:

– כ'בין צופריעדען מיין קינד, וואס דיר איז געלונגען חתונה צו האבען מיט א מאנן, אזוי ווי איך פערשטעה. דער פולקאווניק פּיקאר איז עבען אזא מענש, פון וועלכען כ'האב שטענדיג געטראכט צו האבען פאר א איידעם. אם בעסטען איז צו דערקענען זיין עדעלען כאראקטער דערמיט, וואס ער קוקט ניט אויף קיין זאך און איז זיך איינפאך מוסר נפש פאר דעם אמת. וויפיעל בלוט, יסורים און צרות קאסט איהם שוין דרייפוסעס געשיכטע, וועניג ליידט ער דאדורך? פונ־דעסטוועגען הערט ער ניט אויף צו טהון דאס זיינינע און צו שרייען אז דרייפוס איז ניט קיין שפיאן, נור שולדיג איז גאר עסטערהאזי, וועלכער צוזאמען מיט זיינע קאמעראדען פון דעם שטאב מאכט אומגליקליך פראנקרייך.

– איך אַלליין קען מיך אויך ניט אבוואונדערען – האט זיך אבגערופען לוציע און איהר געזיכט האט זיך אויסגערוטיגט – מיט וואס פאר א כח פּיקאר פערטהיידיגט דרייפוסען און בעשולדיגט עסטערהאזין. מיר איז נאך אויף איין מינוט ניט איינגעפאללען א ספק, מיין חתן זאלל חלילה ניט אויספיהרען וואס ער האט אנגעהויבען. כ'האב נור מורא, די זאך קענן זיך צו לאנג פערציעהען...

און ביי די ווערטער איז לוציע שטילל געוואָרען און שווער א זיפץ געגעבען.

– וואס פעהלט דיר, מיין קינד? – האט אונרוהיג דער נאטאריוס געפרעגט – ווי קוממט צו דיר א זיפץ? און בפרט נאך אין דער שעה פון היינטיגען טאג. אפשר האסט דו עפעס א פערבארגענעם עגמת־נפש, זאג מיר, מיין קינד, געשווינד.

– גיין, פאטער, איך אַלליין האב מיך ניט איף וואס צו בעקלאגען. מיין איינציגע זארג איז נור וועגען פּיקאר'ן, וועגען איהם שרעקט מיר זעהר דאס הארץ.

– וואס קענן דיך זיין פערזאן שרעקען?

– כ'האב מורא זיין פערזאן זאלל ניט זיין אין געפאהר.

– וואס מיינסט דו דערמיט, מיין קינד?

– כ'קענן ניט רוהיג שלאפען, ווען איך דערמאן מיך וויפיעל שונאים פּיקאר האט ארום זיך.

– דו מיינסט עסטערהאזין? – האט דער נאטאריוס געפרעגט און א מאך געגעבען מיט דער האנד – ניין, מיין קינד, אומזיסט איז דיין שרעק. פּיקאר לאכט זיך אויס פון אזעלכע שווארצע מאיארען. דו פערגעסט אז פּיקאר האט א גרעסערע שטעללע ווי ער, אויסער דעם האט ער אויף איהם אזוי פיעל חטאים אז ער קען איהם יעדע מינוט אומברייננגען און ארעסטירען.

– וואללט טאקי פיעל גלייכער געווען ער זאלל עס היינט טהון איידער מארגען – האט זיך אבגערופען לוציע – א שלאנג ווערט נור דאמאלס ניט שעד־ליך, ווען מען האקט איהם בעצייטענס אב דעם קאפּ.

– און איך האב געמיינט פערקעהרט, אז פאר אייער חתונה זאלל פּיקאר ניט אנהויבען קיין סקאנדאלען. נאכדעם מעג ער שוין טהון וואס ער וויל.

– כ'וואונדער מיך, ליעבער פאטער, דו זאלסט עס זאגען. פון היינט ביז מארגען איז די צייט גענוג לאנג און די שונאים קענגען דערוויילע ניט שווייגען און איהם פריהער אנטהון א רעה, איידער ער וועט זיי וועללען עפּעס שלעכטס טהון.

דער נאטאריוס האט א ציה געגעבען מיט די פּלייצעס.

– עפּעס רעדסט דו מיר תמיד פון שונאים – האט ער געזאגט – איך קענן נור איינעם, דעם שווארצען מאיאר, און ער איז צו שוואך אימעצען בייז צו טהון;

– אט זעהסט דו, ליעבער פאטער, אז דו ווייסט טאקי ניט. פּיקאר טרעט ניט נור פאר געגען דעם שווארצען מאיאר, זאנדערען אויך געגען דעם גאנצען הויפּט־שטאב, ווייל איינער איז דארטען ניט דא א רעכטער. זינט פּיקאר ארבייט אין דער אויסקונפט־אבטהיילונג איז ער געוואהר געווארען פיעל סודות, וועלכע קאמפּראמיטירען דעם גאנצען שטאב, יעדען אפיציער בעזונדער.

– אלזא וואס איז?

– דערוויייל איז נאך גאר ניט, נור אללענפאללס, דער גאנצער שטאב האט ניט ליעב דעם עהרליכען פולקאווניק און יעדערער בעזונדער וואלט זיך געוואלט באדען אין פּיקארס בלוט. מיר דאכט זיך אז זיי האבען שוין געמאכט „יד־אחת“ איהם עפּעס אבצוטהון.

געוואהנליך וועללען זיי איהם ניט בעפאללען אין מיטטען דער גאסס מיט א מעססער, ס'זיינען אבער דא פיעל זאכען געפעהרליכער ווי אייזען און שטאהל און ב'האב שטארק מורא פאר פערבארגענע נקמה.

לוציע איז געווארען זעהר אויפגעערעגט און טרערען האבען זיך איהר געשטעללט אין די אויגען.

דֶער נָאטַארְיוּס הָאט זִיךְ אוֹיךְ פֶערְטְרַאכְט, עֶר אִיז שׁוֹין יֶעצְט אוֹיךְ גֶעוָואָרֶען אוּמְרוּהִיג, עֶר הָאט עֶס אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט אַרוֹיסוַוייזֶען דֶער טָאכְטֶער, אוּנ אוּם זִי צוּ בֶּערוּהִיגֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— נֵיין, מַיין קִינְד, מֶען טָאר נִיט אוֹיף אַלְץ אַזוֹי קוּקֶען מִיט שְׁוַוארְצֶע בְּרִילְלֶען. פִּיקַאר אִיז אַזוֹי קְלוּג ווִי פֶארְזִיכְטִיג אוּנ עֶר וֶועט גֶעווִיס נִיט צוּלָאזֶען צוּ קֵיין זַאךְ. ס'אִיז נִיט דָא וָואס מְצַעֵר צוּ זַיין. פְרֵיילַיין, אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ, כְ'הָאבּ דִיר אוֹיךְ צוּ זָאגֶען אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה.

לוּצִיֶע הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט דֶעם פָּאטֶער.

— הַיינְט — הָאט וַוייטֶער גֶעצוֹיגֶען דֶער פָאטֶער — וֶועט בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ קוּמֶען אַ זֶעלְטֶענֶער גַאסְט.

— וֶוער אִיז דָאס, פַּאפַּא?

— אַ מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ בִּיז הַיינְט אִין גַאנְצֶען עֶרְוַוייטֶערְט פוּן אוּנְז. אוּנ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהם דֶעם גְרֶעסְסְטֶען רֶעשְׁפֶּעקְט אוּנ לִיעבּ אִיהם מִיטן גַאנְצֶען הַארְצֶען. דוּ פֶערְשְׁטֶעהסְט שׁוֹין וֶועמֶען אִיךְ מֵיין?

— כְ'וֵייס, גֶעווִיס מַיין קְוַואטֶער, דֶער טוֹיפפַּאטֶער.

— דוּ הָאסְט גֶעטְרָאפֶען. הַיינְט אוֹיף דֶערְנַאכְט וֶועט בַּיי אוּנְז זַיין צוּם בַּאל דֶער גְרוֹיסֶער בֶּערִיהמְטֶער שְׁרַייבֶּער עֶמִיל זָאלַא.

— זָאלַא וֶועט זַיין בַּיי אוּנְז! — הָאט לוּצִיֶע אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען אוּנ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן גְרוֹיסס שִׂמְחָה.

נַאטַאסְיוּשׁ הָאט גֶענוּמֶען דִי טָאכְטֶער גֶעלַאסֶען פַאר דֶער הַאנְד אוּנ גֶעלַאססֶען גֶעזָאגְט:

— דוּ מֶעגְסְט שְׁטָאלְץ זַיין, מַיין קִינְד, דֶערְמִיט וָואס דֶער גְרוֹיססֶער שְׁרַייבֶּער טְהוּט דִיר אָן אַזַא כָּבוֹד. בַּיי אוּנְז אִין פַּארִיז הָאבֶּען זַיינֶע שׂוֹנְאִים מִיט פְלַייס זִיךְ מִיהֶע גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְקְלֶענֶערֶען זַיין גוּטֶען נָאמֶען, דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט אָבֶּער קֶענְן זִיךְ גָאר נִיט אָבְּרִיהמֶען מִיט זַיינֶע וֶוערְק. עֶר הָאט מִיט זַיין פֶעדֶער פְרַאנְקְרַייךְ מֶעהר כָּבוֹד אָנְגֶעטְהוּן ווִי אַללֶע גֶענֶערָאלֶער מִיט זֵייעֶרֶע פוּלְקֶען סָאלְדַאטֶען.

אוּנ דָאךְ אִיז אַמָאל גֶעוֶועזֶען אַ צַייט, וֶוען דֶער גְרוֹיססֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעוואהְנְט אִין אַ קְלֵיינֶעם דַאכְקָאמֶערִיל אוּנ קַארְג גֶעלֶעבְּט פוּן דִי קְלֵיינֶע פֶערדִיענְסְטֶען.

אִיךְ בִּין נָאךְ דַאמָאלְס אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ אָרְמֶער אוּנְבֶּעקַאנְנְטֶער אַדְוָואקַאט. קֵיין מֶענְשׁ הָאט מִיר נִיט גֶעוָואלְט אָנְטְרוֹיעֶן זַיינֶע פְּרָאצֶעססֶען. דָאס זֶעלְבֶּע זַאךְ אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט זָאלַא, קֵיינֶער הָאט נָאךְ דַאמָאלְס נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען אִין זַיין גְרוֹיססֶען טַאלַאנְט.

מִיר הָאבֶּען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעטְרָאפֶען אִין אַ בִּילְלִיגֶע גָארְקִיךְ, וואוּ מִיר פְלֶעגֶען יֶעדֶען טָאג עֶססֶען צוּזַאמֶען אַ מִיטָאג.

זָאלַא פְלֶעגְט שְׁטִילֶערְהֵייד בֶּעווּאוּנְדֶערֶען מַיין אַפֶּעטִיט אוּנ אִיךְ זַיינֶעס.

ביסליכוויז זיינען מיר בעקאנט געוואָרען און געוואָהנליך נאָך מיטאג א שעה פערברבראכט די צייט אין א געשפרעך, אָדער צוזאממען געשפאציערט איבער די גאססען.

איין טאג האב איך בעמערקט אז מיין פריינד, זאלא, איז שטארק פערזאָרגט, וועניגסטענס אזוי איז עס געוועזען קענטיג פון דער זויערער מיענע פון זיין שטענדיג צופריעדענעם געזיכט.

כ'האב ביי איהם באלד געפרעגט די אורזאכע פון זיין קוממער און ער האט ערצעהלט אזא געשיכטע:

ער האט אויפגעשריבען א גרויסען ראמאן, אויף וועלכען ער האט שווער געארבייט פיער מאנאט לאנג טאג ווי נאכט.

דער יונגער מחבר האט פלייסיג געארבייט, ווייל דער ראמאן איז געוועזען בעשטעללט פון א בוכהאנדלער, וועלכער האט איהם צוגעזאגט באלד איינצוצאהלען דריי טויזענד פראנק אויף דער רעכנונג פון די צוקינפטיגע פערדיענסטען.

דריי טויזענד פראנק! אזא סוממע האט א גרויסען ווערטה ביי א יונגען מחבר, וועלכער איז ביז יעצט כמעט פון הונגער אויסגעגאנגען.

מיט אזא סוממע קענן אזא מענש ווי זאלא פיעל אויפטהון און זיך איינ־ארדנען אזוי, ווי זיין הארץ געלוסט.

ביי אזא עשירות קען ער שוין חתונה האבען מיט דער, וועמען ער האט ליעב און זיך איינארדנען א שאנע דירה מיט אללע געהעריגע מעבעל און כלים.

און דאס איז געוועזען איינס פון זיינע גרעססטע זארגען. דערצו איז דער ווינטער אין פראנקרייך געוועזען זעהר א קאלטער.

זאלא האט געפיהרט אין זיין קאממעריל און מיט פערגליווערטע פינגער האט ער וואס שנעללער געשריבען דעם ראמאן, כדי וואס שנעללער אבצוגעהמען דעם לאהן.

ער האט מיר אויך פערטרויט א סוד, אז אויסער דעם מיטטאג וואס מיר עססען צוזאממען, פערזוכט ער ניט א גאנצען מעת לעת קיין װארם עססען און לעבט מיט טרוקענם.

גאנץ אפט בעשטעהט זיין פריהשטיק און זיין נאכט-עססען פון א שטיקעל טרוקען ברויד און קאלט וואססער. אויססערדעם יאגט פון דעם ניט גוט פערמאכטען פענסטער, דער ווינד בלאזט און פייפט און אויסער דעם האלב צוריסענעם אויס־געלאטעטען פאלטא פערמעגט ער גאר ניט.

— אזוי שלעכט האט געבאך פערברבראכט זיינע יונגע יאהרען דער בעריהמטער פראנצויזישער שריפט-שטעללער? — האט מיט מיטלייד דעם פאטער איבערגעהאקט די רייד לוציע און איהרע אויגען זיינען פייכט געוואָרען — א זעלטענע זאך, ווי יעדער גרויסער מענש מוז אין דער יוגענד אויסשטעהן צרות. פון וואנען קוממט עס איינגענטליך?

— וועהסט דו, מיין קינד, בילדונג און איבערהויפט א טאלענט איז ניט אזא חורה, אויף וועלכער יעדערער איז א מבין. וועלטען א מענש, וועלכער בעגרייפט ווירקליך מיט זיין רעיון די גאנצע כונה, וואס דער מחבר האט געמיינט; דאס רוב אבער וויל דער עולם גאר ניט קלערען און זיך לערנען צו פערשטעהן, ביי איהם איז אלץ רעכט וואס מען זאגט איהם אבי נור ס'זאל זיין א שענע אינטערעסאנטע געשיכטע. אויף זאלא'ס ווערק בעדארף מען אבער זיין א גרויסער מבין. דאריבער האט ער געמוזט לאנג ווארטען, ביז די וועלט האט פערשטאנען צו שעטצען זיין אונגאטירליכען געניאלען טאלאנט. דערצו נאך האט ער אנגעהויבען צו שרייבען מיט א נייע פארמע, ניט אזוי ווי אללע, און די לייכטזיניגע לעזער האבען א לאנגע צייט אויסגעטראכט אויף איהם בלבולים, אז ער שרייבט צו פריי געגען גאט און לייט. פיעל וואסער האט געמוזט אוועקלויפען ביז מיין פריינד האט אויפגעוויזען אז ער מיינט ניט און ווילל ניט זיך צו באדען אין שמוטץ, נור ליידער אבער איז דאס לעבען אזוי; אויף דער וועלט איז דא אזוי פיעל שמוטץ, אז ניט ווילענדיג פאצקען מיר זיך תמיד איין די האנד.

— אוי, אמת, אמת! — האט זיך אבגערופען לוציע — וועגן וועט שוין קומען די גאלדענע צייט, די וועלט זאלל וועדען קליגער און אלליין פערשטעהן וואס ס'איז שאן און מאוס, גוט און שלעכט, דאמאלס וועללען די מענשען טראגען אויף די האנד אזא גרויסען מענשען ווי זאלא, וועלכער האט קיינמאל ניט געוואלט חנפה'נען דעם נארישען, פערבלענדעטען עולם, נור אפפען ארויסגעזאגט דעם ריינעם אמת, מיט פייער געזידעלט די שלעכטע און דייטליך אויפגעוויזען אללע פעהלערען, אין שמוטץ געזוכט פערלען און מיט א זעלטען פעהיגער שפראך גענעבען צו ערקלערען, אז זאגאר דער בעסטער און טייערסטער בריללאנט וועט קיינמאל ניט זיין קעננטיג, זאלאנג דער שמוטץ וועט איהם בעדעקען.

— און דאריבער — האט זיך אויך פון זיין זייט צוגעזעצט דער נאטאריוס — האבען איהם טאקי פיינד די אללע, וואס געהען ניט אין ערהליכען וועג, די אללע שרייבער, וואס מיינען ניט דעם פאלקס טובה, נור די אייגענע קעשענע, די אללע וואס שרייבען הויך אינטערעסאנטע ראמאנען, ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, אבי נור אויסצו־נארען די פאר גראשען.

יא, מיין טאכטער, די צייט איז קורץ און איך ווילל דיר ענדיגען די אנגע־הויבענע ערצאהלונג.

אלזא, זאלא האט געענדיגט זיין ערשטען ראמאן אויף וועלכען ער האט געבויט זיין גאנצע האפפנונג, די איינציגע נחמה פון צוקונפט.

מיט גרויס פרייד האט ער האסטיג אוועקגעטראגען דעם ריין איבערגעשריבענעם מאנוסקריפט[1] צו דעם בוכהענדלער, וועלכער האט עס געזאללט לאזען דרוקען און ארויסגעבען אויף זיין רעכנונג.

[1]) מאנוסקריפט — א כתב יד.

דאָס האַרץ האָט איהם שטאַרק געקלאַפּט. אויסער דאָס געלד איז זאָלאַ געװען נייגיעריג שוין צו זעהן װי זיין ראָמאַן װעט אויסזעהן נאָכ׳ן דרוק, װאָס די װעלט װעט זאָגען דערצו.

דער דיקער פערלעגער האָט זיך אָבער ניט געאיילט צו צאָהלען דאָס געלד. ער האָט גענוממען דעם דיקען מאַנוסקריפּט אין האַנד און דאַביי מיט אַ שמייכעל געזאָגט, אַז אַקאַץ אין אַזאַק קויפט מען ניט. עס מוז אַלזאָ צייט האָבען װעניגסטענס 14 טאָג, כדי אַלליין פאַרדעם דורכצולייענען דעם ראָמאַן.

זאָלאַ האָט מיט כח איינגעהאַלטען זיינע טרערען ביי דער תשובה, ער האָט זיך אויך געשטאַרקט ניט אַרויסצוזאָגען דעם בוכהאַנדלער, אַז ער װייסט זאָגאַר ניט פאַרװאָס ער װעט היינט עסען מיטטאָג, װייל אין טאַש האָט ער שוין ניט אפילו איין מטבע.

די פערצעהן טעג, װאָס דער דיקער בוכהענדלער האָט איהם געהייסען װאַרטען, זיינען ביי דעם יונגען שרייבער געװען װי פערצעהן יאָהר, און ס׳איז ניט קיין װאונדער: פערצעהן טאָג װאַרטען אויף געלד הייסט פערצעהן טאָג ניט עסען, פריהרען און ניט קענגען שלאָפען אַ נאַכט.

פונדעסטװעגען האָט דער עהרליכער שרייבער ניט געלאָזט אַ שלעכט װאָרט ביידען אויף דעם פערלעגער.

— װאָס װיללט איהר פון דעם מענשען האָבען? — האָט ער געזאָגט צו מיר, װענן כ׳האָב פון כעס אָנגעהויבען צו שילטען דעם רייכען בוכהאַנדלער — װאָס איז ער שולדיג אַז איך האָב ניט קיין געלד? דאָס איז דאָך זיין סחורה און דער מענש מוז װיסען פאַר װאָס ער צאָהלט געלד.

מיט אַזעלכע װערטער האָט ער זיך נאָך מיה געגעבען צו פערענטפערען דעם שלעכטען מענשען.

אז דער ראָמאַן װעט זיין געדרוקט האָט זאָלאַ אויף איין מינוט ניט גע־צװייפעלט.

ניט אומזיסט האָט ער דאָך אין דעם װערק אויסגעגאָססען זיין גאַנץ האַרץ, אַלץ װאָס ער האָט איבערגעטראַכט אין די לעצטע יאָהרען, יעדען װאָרט האָט ער געשריבען ניט מיט טינט, נור מיט בלוט פון זיין צװואונדעטע האַרץ, װייל זיין עהרליכע נאַטור האָט ניט געקענט גלייכגילטיג צוקוקען, װאָס ס׳טהוט זיך אין דער שמוטציגער, פאַלשער און לייכטזינניגער פּאַריז. ער האָט געשילדערט לעבענדיגע מענשען װי אַזוי זיי פערברענגען זייערע יאהרען אין נאַרישקייטען און איינער דעם אַנדערען װילל נור נאַרען און מאַכען אומגליקליך. אויסערדעם האָט זאָלאַ מיט זיין טאַלאַנט־פאָללער פעדער אַזוי לעבענדיג געשילדערט זאָגאַר טויטע זאַכען, שטיינער און גע־ביידען, אַז איך אַלליין בין דאַמאָלס געװען ענטציקט און מיט איהם צוזאַמען איבער־געלייענט יעדע זייט אפשר צעהן מאָל.

דער בעל־הבית פון דער גארקיך, וואו מיר פלעגען עססען צוזאממען, האט בעמערקט אז זאלא קוממט יעצט צום מיטטאג א טאג איבער א טאג.

דער ארענטליכער מאנן האט באלד פערשטאנדען וועגען וואס ס'געהט און ער האט זאלאן אבגערופען אין א ווינקעל.

— איהר האט איך ניט וואס צו קוועללען — האט ער געזאגט — און מיר בעצאהלען יעדען טאג בעזונדער. אזא שטענדיגער גאסט ווי איהר קענט האבען ביי מיר קרעדיט אויך.

מיט טרערען אין די אויגען האט זאלא געדאנקט דעם גוטען מאנן.

די פערצעהן טאג זיינען אויך פערביי און זאלא איז פּלוצלינג אריין אין גארקיך בלאס ווי די וואנד, מיט רויטע, פערוויינטע אויגען. ער איז געזעססען פערזארגט און אפילו זיך ניט צוגעריהרט צו די עססענס. לאנג האט געדויערט איידער כ'בין פון איהם געוואהר געווארען וואס דא האט פאססירט.

מיט א ציטטערענדען קול האט ער מיר ארויסגעזאגט זיין צער, אז דער בוכ־האנדלער וויל דעם ראמאן ניט דרוקען און קיין געלד אויך ניט געבען. דער רייכער פערלעגער זאגט זאגאר אלליין, אז דער ראמאן איז געשריבען מיט גרויס טאלאנט און א רייכער שפראך, וואס קוממט אבער ארוים אז אונזער פובליקום האט א פערדארבענעם געשמאק און זיי פערשטעהען זיך ניט אויף גוטע זאכען.

— יעצט בין איך פערלארען — האט זאלא געענדיגט מיט א זיפץ — דער מענש האט מיך אומגליקקליך געמאכט. וועצען זיך שרייבען א נ'אנדער ווערק, אזוי ווי ער וויל, בין איך ניט אים שטאנד, און ווען כ'זאלל אפילו יא וועללען, מוז עס אויך געדויערען עטליכע חדשים, און כ'האב דערוויל ניט פון וואנען צו לעבען. נור ערגער ווי אלץ איז דאס וואס איך ווייסס ניט ווי אזוי די אויגען צו ווייזען פאר מיין כלה. כ'האב איהר אזוי פיעל געערדט פון מיין גליקקליכער צו־קונפט, אז כ'ווייסס יעצט ניט ווי אזוי איהר אנצוזאגען די טרויעריגע נאכריכט. ניין, איידער אזא לעבען איז פיעל גלייכער דער טוידט און פאר אזעלכע מענשען ווי מיר איז ניטא קיין בעססערער ארט, ווי דער אבגרונד פון א ים אדער א טייך.

— אזא גליקק וועט איהר קיין מאל ניט פערזאממען. זאגט מיר נור בעססער, ווי אזוי האט איהר אייגענטליך אבגעמאכט אייער געשעפט מיט דעם בוכהאנדלער?

— אויפ'ן פאפּיער האבען מיר ביידע גאר ניט.

— דאמאלס אבער, ווען ער האט ביי איך בעשטעללט דעם ראמאן זיינען געוועזען ביי איך עדות?

— יא, זיינע ביידע בוכהאלטערס און איין יונגער מאלער, וועלכער האט

בֶּעדַארְפְט אִילְלוּסְטְרִירֶען [1]) מַיין רָאמַאן. וָואס פְרֶעגְט אִיהְר אָבֶּער, אִיהְר מֵיינְט דֶענן אֶפְשַׁר...

— אַיינְצוּקְלָאגֶען דֶעם מַאנן, וֶועלְכֶער הָאט אַייךְ אַזוֹי שְׁטַארְק מְצַעֵר גֶעוֶועןֹ — הָאבּ אִיךְ אִיהְם שׁוֹין אוּנְטֶערגֶעזָאגְט — אוּנ אִיהְם צוּ צְווִינְגֶען אַייךְ צוּ בֶּעצָאהלֶען דִי דְרַייא טוֹיזֶענְד פְרַאנְק אוּנ נָאךְ מֶעהר, עֶר וֶועט אַייךְ מוּזֶען בַּאלְד אַרוֹיסגֶעבֶּען אַ גֶע־דְרוּקְטֶען רָאמַאן. יָא, כְּ׳נֶעהם מִיךְ אוּנְטֶער עֶם דוּרכְצוּפִיהרֶען, אוּנ אוֹיבּ אִיהְר וֶועט עֶרלוֹיבֶּען, הוֹיבּ אִיךְ נָאךְ הַיינְט אָן אִין דֶעם צוּ טְהוּן.

גֶערֶעדְט גֶעטְהוּן.

פוּן דֶעם פְּרָאצֶעסס הָאבֶּען מִיר בֵּיידֶע גֶעהַאט נוּטְצֶען. אִיךְ הָאבּ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל גֶעוִויזֶען וָואס אִיךְ קֶענן אוּנ מַיין קְלִיֶענְט זָאלַא הָאט גֶעהַאט אָנְשְׁטַאט צַעַר נַחַת.

אִין דְרַייא וָואכֶען אַרוּם הָאט עֶר שׁוֹין גֶעהַאט דָאס גֶעלְד אִין דֶער טַאשׁ אוּנ אִין זֶעקְס וָואכֶען אַרוּם אִיז זַיין רָאמַאן אַרוֹיס אוֹיף דֶער וֶועלְט.

אוּנ גָאט הָאט גוּט בֶּעפְרִיעדִיגְט זָאלַאס עַצְמַת נֶפֶשׁ. זַיין רָאמַאן הָאט אִין אַ קוּרְצֶער צַייט גֶעקְרָאגֶען אַזַא נָאמֶען ווִי קֵיין זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט אוּנ פוּן דַאמָאלְט אָן פֶערקוֹיפֶען זִיךְ מַיין פְרַיינְד׳ס רָאמַאנֶען אוּנ וֶוערְק אִין הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד עֶקְזֶעמְפְּלַארֶען אוּנ וֶוערְען גְלַייכְצַייטִיג אִיבֶּערְזֶעצְט אוֹיף אַללֶע שְׁפְּרַאכֶען. פִיעל מֶענְשֶׁען הָאבֶּען שׁוֹין פְּרוּבִּירְט אִיהְם נָאכְצוּמַאכֶען, וֶוער פֶערמָאגְט אָבֶּער אַזַא רַייכֶע פַאנְטַאזְיֶע, אַזַא אוֹיסגֶעצֵייכְנֶעטֶע שְׁפְּרַאךְ אוּנ אַזַא טַאלַאנְט אַרַיינְצוּקְרִיעכֶען יֶעדֶען מֶענְשֶׁען אִין דִי פֶערבָּארְגֶענֶע אֶרְטֶער פוּן זַיין נְשָׁמָה, אַרוֹיסגְרַאבְּלֶען פוּן דָארְטֶען אַללֶע סוֹדוֹת פוּן מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעפִיהלֶע, אַללֶע ווִילְדֶע תַּאֲוֹת אוּנ רְצִיחוֹת? זָאלַא הֶערְשְׁט אִין דֶער לִיטֶערַאטוּר ווִי אַ קֶענִיג אוּנ דִי וֶועלְט וַוארְט יֶעצְט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד יֶעדֶעס מָאל, וֶוענְן עֶס בֶּעדַארְף זִיךְ בֶּעווַייזֶען זָאלַאס אַ נַייעֶ וֶוערְק. אִיבֶּער אִיהְם אוּנ זַיינֶע וֶוערְק הָאבֶּען שׁוֹין גֶעשְׁרִיעבֶּען פֶערשִׁיעדֶענֶע גְרוֹיססֶע מֶענְשֶׁען אוּנ אֲפִילוּ דִי שׂוֹנְאִים מוּזֶען מוֹדֶה זַיין, אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט אַ זֶעלְטֶענֶעם טַאלַאנְט אוּנ כְ׳בִּין דַארִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ אַז אִיךְ בִּין גֶעוֶועןֹ דֶער גוּטֶער שָׁלִיחַ, וֶועלְכֶער הָאט אוֹיפְגֶעאֶפֶּענְט דֶער וֶועלְט דִי אוֹיגֶען אוֹיף אַ פֶערוָוארְפֶענֶעם בְּרִילְיַאנְט.

נַאטַאזְיוּס אִיז שְׁטִילל גֶעווָארֶען. לוּצְיֶע אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פָאטֶער אוּנ אִיהְם אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער גְרוֹיסֶער, וַוייכֶער, עֶטְווָואס מִיט הָאר בֶּעוָואקְסֶענֶער הַאנְד.

— דִי גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶעם בֶּערִיהמְטֶען זָאלַאן בֶּעווַייזְט אוּנְז נָאךְ אַמָאל אַז יֶעדֶע זַאךְ מוּז הָאבֶּען אִיהְר סִבָּה. וֶוענן דוּ זָאלְלְסְט מִיט אִיהְם צוּפֶעלְלִיג נִיט גֶעוֶועןֹ בֶּעקַאנְט אוּנ נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ עֵצָה זִיךְ צוּ פְּרָאצֶעססִירֶען מִיט דֶעם פֶערלֶעגֶער וָואלְלְט עֶר גֶעבְּלִיבֶּען אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אוֹיף עֶבִּיג אוּנ דִי וֶועלְט וָואלְלְט בִּיז יֶעצְט נִיט

---

[1]) איללוסטרירען — אויפמאהלען געוויססע שטעללען פון א ראמאן אדער א געגענשטאנד.

גֶעוואוּסְט פוּן זַיין גְרויסקַייט. וִוי פִיעל טַאלַאנְטֶען גֶעהֶען פֶערְפַאלֶלֶען נוּר דַאדוּרְך, וָואס זֵיי הָאבֶּען נִיט וֶוער סְ'זָאלל זֵיי אַרויספִיהרֶען פְרַיי אויף דִי וֶועלְט.

— כְּ'וֵוייסס נִיט, מַיין קִינְד, אויב זָאלַא הָאט נוּר מִיר צוּ פֶערדַאנְקֶען זַיין גְרויסקַייט, גֶעשְׁווִינְדֶער נִיט, דֶער גְרויסֶער גֶענִיֶע מוּז זִיךְ דוּרכְשְׁלָאגֶען אַוֶועג אֶפִילוּ צְווִישֶען שְׁטֵיינֶער אוּנ סוֹף כָּל סוֹף אִיז עֶר מְנַצֵחַ דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטֶערוּנְגֶען.

אַללֶענְפַאללְס, וִוי דִי זַאךְ אִיז, אִיךְ הָאבּ אַוַדַאי צוּ פֶערדַאנְקֶען מַיין רַייכְטְהוּם דֶעם גְרויסֶען שְׁרַייבֶּער. פוּן דֶעם פְּרָאצֶעס אָן הָאבּ אִיךְ גֶעקְרָאגֶען פִיעל פְּרַאקְטִיק אוּנ מַיין נָאמֶען אִיז גֶעוָוארֶען בֶּעקַאנְט אִין גַאנְץ פַּארִיז.

— פַאר גוּטְס וֶוערְט אַ מֶענְשׁ אויךְ בֶּעלָאהנְט מִיט גוּטְס — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען לוּצִיֶע.

בַּיי דֶער בֶּעמֶערְקוּנְג זַיינֶען דֶעם אַלְטֶענְס אויגֶען וִוי גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ עֶר הָאט שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דִי טָאכְטֶער.

— דֶער הֵיפֶּךְ אַלְזָא אִיז שְׁטַארְק פֶערקֶעהרְט — הָאט עֶר אַ בְּרוּם גֶעגֶעבֶּען וִוי צוּ זִיךְ — פוּן שְׁלֶעכְטְס קוּמְט קַיין גוּטְס נִיט אַרויס.

דֶער אַלְטֶער נָאטַארִיוּס הָאט שְׁוֶוער אַ זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען.

לוּצִיֶע הָאט נִיט פֶערשְׁטַאנֶען וָואס דֶעם פָאטֶערְס זִיפְצֶען בֶּעדַייטֶען. זִיצֶענְדִיג שְׁטֶענְדִיג אִין שְׁטוּבּ הָאט זִי וֶועניג וָואס גֶעהֶערְט פוּן דֶעם, וָואס דִי מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶערֶעדְט אִין דֶער גַאסס וֶועגֶען אִיהר פָאטֶערְס עֲשִׁירוּת. פַאר אִיהר אִיז עֶר גֶעוֶוען גוּט אוּנ פַיין, אוּנ דָאס אוּנשׁוּלְדִיג קִינְד הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעקֶענְנְט פָאר־שְׁטֶעללֶען, אַז דֶער גוּטֶער, אַלְטֶער נָאטַארִיוּס אִיז אַמָאל גֶעוֶוען שְׁלֶעכְט צוּ אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען.

— וָואס זָאללֶען בֶּעדַייטֶען דַיינֶע וֶוערְטֶער, לִיבֶּער פָאטֶער? הָאט דִיךְ דֶענְן זָאלַא דַאמָאלְס נִיט אָרדֶענְטְלִיךְ בֶּעפְרִיעדִיגְט?

— בֶּעהִיטֶע גָאטט, וָואס רֶעדְסְט דוּ מַיין קִינְד? אִיךְ מִיט עֶמִיל'ן זֶענֶען נָאךְ דֶער גֶעשִׁיכְטֶע גֶעוָוארֶען דִי בֶּעסְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד. אַז דוּ בִּיסְט גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען הָאט עֶר מִיר אַללֵיין פָארְגֶעשְׁלָאגֶען צוּ זַיין דַיין טוֹיפְפָאטֶער.

פוּן דַאמָאלְס אָבֶּער — אוּנ דֶעם נָאטַארִיוּסֶעס קוֹל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיטֶערֶען — הַייבְּט זִיךְ אָן דִי צַייט, וֶוענן מִיר הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט בֵּיידֶע צוּ שְׁטִימֶען.

דֶער גְרויסֶער פָּאֶעט הָאט נִיט גֶעקֶענְנְט מוֹחֵל זַיין דֶעם אַדְוָואקַאט, וָואס עֶר אִיז אַזוֹי אַרַיינְגֶעטְהוּן אִין גֶעלְד זַאכֶען, אוּנ אִיךְ וַוייטֶער הָאבּ גֶעהַאט מַיין — הַיינְט מֶעג אִיךְ דָאךְ שׁוֹין מוֹדֶה זַיין — בְּלִיק אויף דָאס לֶעבֶּען. קוּרְץ דֶערְפוּן, מִיט דֶער צַייט הָאבֶּען מִיר וָואס אַמָאל זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּנ צוּם סוֹף הָאבֶּען מִיר זִיךְ אויפְגֶעהֶערְט זָאגַאר צוּ גְרִיסֶען אויף דֶער גַאסס.

— צוּ מִיר אָבֶּער — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען לוּצִיֶע — הָאט זִיךְ דֶער קְלוּגֶער אוּנ גוּטֶער זָאלַא נִיט גֶעעֶנְדֶערְט, עֶר הָאט קַיין מָאל נִיט פֶערְגֶעסֶען מַיין גֶעבּוּרְטְס־

טָאג אוּנ אוֹיף יֶעדֶען יוֹם־טוֹב גֶעשִׁיקְט שֶׁאנֶע פְּרֶעזֶענְטֶער. מַיין גַאנְצֶע בִּיבְּלִיאָטֶעק הָאבּ אִיךְ אִיהם צוּ פֶערְדַאנְקֶען.

בַּיי דִי וָוארְטֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעהֶערְט טְרִיטְט אוֹיף דִי טְרֶעפּ.

— פִּיקַאר! — הָאט לוּצְיֶע פְרֶעהלִיךְ אוֹיסגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ הַאסְטִיג זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן אָרְט.

אִין אַ מִינוּט אַרוּם הָאט שׁוֹין אִיהר קָאפּ גֶערוּהט אוֹיף זַיין בְּרוּסְט אוּנ עֶר הָאט בֶּעדֶעקְט אִיהר גֶעזִיכְט מִיט הֵייסֶע קוּשֶׁען.

— לִיעבֶּע טְהַייֶערֶע לוּצְיֶע! — הָאט דֶער פּוֹלְקָאוְנִיק צֶערְטְלִיךְ גֶעזָאגְט — נָאךְ אַ טָאג וֶועסְט דוּ שׁוֹין זַיין מַיינֶע אוֹיף שְׁטֶענְדִיג אוּנ עֶבִּיג אוּנ מִיר וֶועלֶען זִיךְ קֵיין מָאל נִיט שֵׁיידֶען.

— קֵיין מָאל, קֵיין מָאל — הָאט אִיהם נָאכְגֶעזָאגְט דִי צוּפְרִיעדֶענֶע כַּלָּה אוּנ דַאבֵּיי הָאבֶּען אִיהרֶע אוֹיגֶען מִיט פֶּערְגֶענִיגֶען אָנְגֶעקוּקְט דִי שֶׁאנֶע פִיגוּר פוּן דֶעם פּוֹלְקָאוְנִיק, וֶועלְכֶער הָאט נָאךְ הַיינְט אוֹיסגֶעזֶעהן עֶדֶעלֶער, פֵיינֶער.

כְּ'קֶענן אַייךְ אָנְזָאגֶען גוּטֶע נַייֶעס — הָאט עֶר אִין אַ פָּאר מִינוּט שְׁפֶּעטֶער גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גְאמַאִרְיוּס — אִיבֶּערְמָארְגֶען אִין דֶער צַייט, הָאף אִיךְ, וֶועט שׁוֹין עֶסְטֶערְהַאזִי זַיין אַרֶעסְטִירְט.

— אַרֶעסְטִירְט! — הָאבֶּען דֶער פָּאטֶער מִיט דֶער טָאכְטֶער אִין אֵיין קוֹל אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט.

דֶער פּוֹלְקָאוְנִיק הָאט אַ שָׁאקֶעל גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן קָאפּ אוּנ אַ וואוּנְק גֶעגֶעבֶּען, אוֹיבּ קֵיינֶער הֶערְט זֵיי נִיט, עֶרְשְׁט נָאכְדֶעם הָאט עֶר זֵיי צוּגֶערוּפֶען נֶעהֶנְטֶער צוּ זִיךְ אוּנ שְׁטִילל אָבֶּער דַייטְלִיךְ גֶעזָאגְט:

— אִיהר וֵוייסְט דָאךְ שׁוֹין, אַז דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס אִיז נוּר דַאדוּרְךְ פֶערְאוּרְטְהֵיילְט גֶעוָוארֶען, וַוייל מֶען הָאט גֶעפוּנֶען צְוִוישֶׁען דִי אַלְטֶע פַּאפִּיעֶרֶען פוּן אַ אוֹיסְלֶאנְדִישֶׁען קָאנְסוּל צוּרִיסֶענֶע שְׁטִיקְלֶעךְ פַּאפִּיער, וֶועלְכֶע מֶען הָאט נָאכְדֶעם צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנ דַאמָאלְס הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעוִויזֶען אַז דָאס אִיז אַ גֶעגַנְבֶעהְטֶער צֶעטֶעל פוּן דֶעם הוֹיפְּט־שְׁטַאבּ.

דֶער סוֹד הָאט גֶערוּפֶען עֶקְסְפֶּערְטֶען זֵיי זָאלֶען עֶרְקֶענֶען, אוֹיבּ דֶער כְּתַב פוּן דֶעם צֶעטֶעל אִיז עֶהנְלִיךְ צוּ דְרֵייפוּסֶעס הַאנְדְשְׁרִיפְט.

צְווֵיי עֶקְסְפֶּערְטֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט „יָא", צְווֵיי „נֵיין" אוּנ אֵיינֶער אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אָהן אַ תְּשׁוּבָה, נִיט יָא אוּנ נִיט נֵיין.

אֵיינֶער פוּן דִי צְווֵיי עֶקְסְפֶּערְטֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען בֶּעהוֹיפְּטֶעט אַז דֶער כְּתַב פוּן דֶעם צֶעטֶעל אִיז עֶהנְלִיךְ צוּ דְרֵייפוּסֶעס הַאנְדְשְׁרִיפְט, אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גֶעוִויסֶער פְּלַאפְּלֶער בֶּערְטִילְלָאן, וֶועלְכֶער שְׁטֶעהט זֶעהר גְרוֹיס בַּיי דֶער מֶמְשָׁלָה. דֶער אַלְטֶער נַארר הָאט צוּלִיעבּ גֶעטְהוּן דִי גֶענֶערַאלֶען פוּן שְׁטַאבּ אוּנ גֶעזָאגְט אַלֶץ, וָואס זֵיי הָאבֶּען פוּן אִיהם פֶערְלַאנְגְט. דִי אָפִיצִירֶען פוּן שְׁטַאבּ הָאבֶּען פַיינְד דְרֵייפוּסֶען, וַוייל עֶר אִיז פֶעהִיגֶער, קְלִיגֶער אוּנ רֵייכֶער פוּן זֵיי, דַארִיבֶּער הָאט בֶּערְטִילְלָאן

געמוזט אויפווייזען — מיט נארישע און פוסטע ראיות, אז דעם צעטטעל האט געשריבען ניט קיין אנדערער, נור אלפרעד דרייפוס. מיר אבער איז די גאנצע געשיכטע ניט געפעלען געוואָרען און אזוי ווי כ'האב קיין מאל ניט געגלויבט אין דרייפוסעס שולד, האב איך זיך גענומען צו דער זאך ענערגיש, און געלאזט דורכזעהען דאס צוזאממענגעשטעללטע צעטטעל דורך צוועלף עקספערטען.

אללע צוועלף האבען מיר אלזא אין איין קול א אנטוואָרט געגעבען, אז דער קאפיטאן דרייפוס קענן אויף קיין פאלל ניט זיין דער מחבר פון דעם צעטטעל; אומגעקעהרט, לויט ווי זיי קענען די האנדשריפטען פון די אנדערע אפיציערען פון שטאב, איז זיי קלאר, אז דעם צעטטעל האט געשריעבען דער שווארצער מאיאָר, גראף עסטערהאזי.

דער נאטאריוס און זיין טאכטער האבען פון גרויסס איבערראשונג און שמחה קיין וואָרט ניט געקעננט אויסרעדען. זיי האבען פיקאר'ן נור הייסס געדריקט די האנד, כדי איהם דערמיט אויסצוזאגען זייער דאנק פאר זיינע קלוגע און גוטע גאנג.

— און דו האסט געוויס דעם רעזולטאט די מינוט איבערגעגעבען ווייטער — האט לוציע האסטיג נאכדעם געפרעגט — ס'וואללט דאך גלאט געוועזען א זינד פאר גאטט, דער ארעמער דרייפוס זאלל זיך קוועללען איין שעה אומזיסט.

— און דער זעלבינגער חטא וואָללט געוועזען, דער אמתער שולדיגער, דער שווארצער באנדיט, זאלל איין שעה איבריג זיך ארומדרעהען פריי אויף פאריזער גאססען.

— איהר זייט גערעכט, מיינע טהייערע, פונדעסטוועגען האב איך אלליין געבעטען, מען זאלל עסטערהאזים ארעסט אבציעהען ביז איבערמארגען, ווייל כ'האב ניט געוואָללט שטערען אונזער שמחה, און מארגענדיגער טאג זאלל אין גאנצען געהערען צו אונז.

— וועמען האסט דו דענן פערטרויט דיין סוד?

— דעם קריעגסמיניסטער אלליין, אויססערדעם זענען דערביי געוועזען די גענעראלען פעליע און בואדעפר.

— און זיי האבען בעשלאססען ווירקליך עסטערהאזין אריינצוזעטצען? — האט איבערגעפרעגט דער נאטאריוס.

— זיי האבען צווישען זיך לאנג געהאט א ישוב הדעת, כ'בין דערביי ניט געוועזען, נור נאכדעם איז ארויס צו מיר דער גענעראל בואדעפר און אין מיניסטערס נאמען מיר געדאנקט פאר מיינע געטרייע ארבייט. ער האט נאך זאגאר צוגעגעבען אז מיין ענערגיע וועט אונבעלאהנט ניט בלייבען און כ'וועלל גאר אין קורצען שטייגען העכער... דאכט זיך מיר, אז פון די וואָרטער איז עסטערהאזיס פסק קלאר.

לוציע האט מיט א זיפץ א שאקעל געטהון מיט'ן קאפ.

– דו קענסט דיר גאר ניט פארשטעללען – האט זי געזאגט – ווי דאס הארץ שרעקט מיך. הלואי זאלסט דו דיך ניט האבען גענארט אין די גרויססע געגעראלען. נור איך האב פאר זיי שטארק מורא.

– ראגה ניט, ליעבע לוציע – האט מיט א שמייכעל געענטפערט פיקאר – כ'בין אין מיין זאך זיכער. דו מיינסט אז אין פראנקרייך האט שוין גאר אויפגעהערט דער יושר אונ דער אמת?

ביי די ווארטער האט זיך די טהיר געעפענט אונ אין זאלל איז אריין – עמיל זאלא.

ער האט א קוש געגעבען לוציען אין שטערען אונ פיקארן פריינדליך דערלאנגט די האנד. דעם נאטאריוס האט ער נור א שאקעל געגעבען מיט'ן קאפ. נאטאסיוש איז בלייך געווארען אונ פון פערדרוסס זיך געביססען די ליפפען.

– דו האסט גוט געטראפען, ליעבע לוציע! – האט דער בעריהמטער ראמאניסט מיט א שמייכעל געזאגט – ביז יעצט האב איך איבער דיין חתן דעם פולקאווניק פיקאר די בעסטע אויסקינפטע געהאט.

פיקאר האט זיך מיט רעשפעקט א נייג געגעבען.

– אייער קאמפלימענט, הערר זאלא, האט נאך פאר מיר א גראססערען ווערטה, ווייל אייערע מבינות איז שוין לאנג בעקאנט אין דער וועלט.

– כ'מיין איך יעצט ניט צו זאגען קאמפלימענטען, הערר פולקאווניק; הערט צו, ליידער האב איך יעצט קיין צייט ניט, אונ כ'מיין, אז יעדער ארדענטליכער מענש אין פראנקרייך איז מחויב זיינע פרייע מינוטען צו בענוטצען, כדי וואס שנעללער צו פערריכטען דעם פעהלער, וועלכען אונזער פאטערלאנד איז ניט וויללענדיג בעגאנגען. פון אייך האב איך עבען געהערט אז איהר גיבט אייך מיה דורכצורייססען דעם פינסטערן שלייער, וועלכער האט בעדעקט פראנקרייך צייט א פאר יאהר; מיינע גוטע פריינד האבען מיר איבערגעגעבען אז איהר ארבייט פיעל אין דרייפוסעס דעלא אונ אייך איז שוין זאנאר געלונגען אויפצווזכען דעם אמתען שפיאן, צוליעב וועמען דער אומגליקליכער קאפיטאן ווערט נעבאך פערשמאכט אויף דעם טייפעלס-אינזעל.

פון אייער זייט איז עס זעהר שאן, וועניג שאן, נור זאנאר גרויססארטיג אונ כ'בין אייך ווירקליך מקנא די מצוה.

איינס קענן איך אייך נור פערזיכערען, אז אין מיר וועט איהר שטענדיג טרעפפען א גוטען פריינד, וועלכער ווייסס אייך ווי צו שאטצען.

– וואס הער איך? – האט פיקאר קוים געקענט איינהאלטען זיין איבער-ראשונג – איהר, הערר זאלא, זייט אויך איבערצייגט אין דרייפוסעס אונשולד?

– שא! – האט זאלא געענטפערט, ס'מוז נאך עטוואס רוהערען, ביז כ'וועלל אפפען קענגען ארויסזאגען, וואס כ'מיין אונ ווייסס. מיט איבריגע ווארטער קענגען מיר גאך שאדען בריינגען דער היילגער זאך, אונ דאריבער וועט גלייבער זיין,

יָעצט זָאלל קיין פְּרָעטָדָער ניט גָעוָואהר וָוערֶען אז כְּהָאב עֶפֶּעס אין זִינֶען צוּ טְהוּן.

– גָעעֶהרְטֶער הֶערר זָאלַא! דֶער אֱמֶת מוּז אַרויסקוּממֶען, אוּנְזֶער נִצָּחוֹן אִיז זִיכֶער. אִין אֵיין פְּרִיה-מָארְגֶען וָועט פְּרַאנְקְרַייךְ צוּזַאממֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט גֶעוָואהר וֶוערֶען, אַז דֶער עֶלֶענְדֶער קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס אִיז נֶעבַּאךְ אוּנְשׁוּלְדִיג אָבְּגֶעקוּממֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ כְּהָאף צוּ גָאטט אַז דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען גָאר אִין קוּרְצֶען.

– נֵיין, יוּנְגֶער מַאנן, לֵיידֶער קֶענן אִיךְ מִיט אֵייךְ נִיט אֵיינְשְׁטִימְמֶען. אִיךְ זָאג אַז דֶער טָאג פוּן דֶעם אֱמֶת אִיז נָאךְ גַאנְץ וַוייט – הָאט זָאלַא גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ זִיפְץ – אִיךְ וֵוייסס אַז אִיהר רֶעכֶענְט אוֹיף זִיכֶער אַז אִיבֶּערמָארְגֶען וֶועט עֶסְטֶערְהַאזִי וֶוערֶען אַרֶעסְטִירְט אוּנ גְלַייךְ נָאכְדֶעם פֶערְנֶעהמֶען דְרַייפוּסֶעס שְׁטֶעללֶע אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס-אִינְזֶעל. אֵייעֶר כַּוָּנָה אִיז גַאנְץ גוּט, לֵיידֶער אָבֶער וֵוייסס אִיךְ פוּן אַ זִיכֶערֶער קְוָועללֶע אַז סְ'אִיז נָאךְ גַאנְץ וַוייט דֶערְצוּ אוּנ פָארְלֵייפִיג וֶועגֶען מְנַצֵּחַ אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים.

לוּצְיֶע הָאט נִיט גֶעהֶערְט זָאלַאס לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער אוּנ נִיט גֶעזֶעהֶען וִוי דֶער שְׁטֶענְדִיג מוּטְהִיגֶער פוּלְקָאוְונִיק אִיז מִיט אַמָאל בְּלַייךְ גֶעוָוארֶען פוּן שְׁרֶעק.

## XXV.

## דִי שִׂמְחָה פֶערְשְׁטֶערְט.

נָאךְ אַ קְלֵיינֶער פּויזֶע אִיז דֶער פוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר וִוידֶער צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם בֶּערִיהמְטֶען רָאמַאנִיסְט.

– הֶערר זָאלַא! – הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּנ זַיין קוֹל הָאט גֶעצִיטֶערְט – עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען זִי, כְּהָאב אֵייךְ גֶעוָואללְט נוּר אוֹיפְמֶערְקְזַאם מַאכֶען, אַז מַיין כַּלָּה בֶּעדַארְף נִיט צוּ וִויסֶען פוּן אוּנְזֶער לֶעצְטֶען גֶעשְׁפְּרֶעךְ. כְּ'ווִילל אִיהר שִׂמְחָה נִיט פֶערְשְׁטֶערֶען.

– זַייט רוּהִיג, בְּרַאוָוער פוּלְקָאוְונִיק! פוּן מַיין מוֹיל וֶועט קֵיינֶער קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶען.

אוּנ זָאלַא הָאט נָאךְ אַמָאל פֶעסְט גֶעדְרִיקְט דִי הַאנְד פוּן זַיין נַייֶעם גוּטֶען פְרַיינְד.

דֶער טִישׁ אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען גֶעגְרֵייט אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם נַאכְט-עֶסֶען.

פִּיקַאר הָאט צוּגֶעפִיהרְט גֶעאַרֶעמְט זַיין אִיבֶּערְגְלִיקְלִיכֶע כַּלָּה.

נֶעבֶּען לוּצְיֶען הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט זָאלַא. בַּיים דְרִיטֶען שְׁפַּייז הָאט עֶר

זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט מיט אַ בּאָקאל וויין אין דער האַנד צו זאָגען אַ טאָאַסט [1]) פאַר די יונגע פּאָר.

אַללע גאָסט זענען געווען אויפגערעגט און מיט פערגעניגען אויסגעהערט דעם בעריהמטען שרייבערס געצעהלטע ווערטער.

דאמאלס איז דער נאָטאַריוס צוגעגאַנגען צו דעם אָרט, וואו זאָלאַ איז געזעסען.

אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ גרויסע גלעזעל וויין, די האַנד האָט איהם געציטערט. מיט דער צווייטער האַנד האָט ער זאָלאַן אַ ריהר געגעבען בּיי דער פּלייצע.

זאָלאַ האָט זיך אומגעקעהרט און מיט אַ איבּערגעשראָקענע מינע אָנגעקוקט דעם נאָטאַריוס.

נאָכדעם האָט ער זיך באַלד אויפגעהויבען און אַ וואונק געגעבען דעם בּעל־הבּית ער זאָלל איהם נאָכגעהן אין דעם צווייטען צימער.

— איהר האָט געוואָללט עפּעס מיט מיר ריידען? — האָט ער האַסטיג געפרעגט, ווען זיי זענען שוין געווען דאָרטען.

דער נאָטאַריוס האָט אַוועקגעשטעללט דאָס גלעזעל וויין אויף אַ קליינעם טישעל און מיט אַ טרויעריגער מינע געזאָגט:

— איהר? און ווי לאַנג איז עס, עמיל זאָלאַ, ווי מיר האָבּען זיך איינער דעם אַנדערען געזאָגט: "דו"?

— די צייטען ענדערען זיך שנעללער ווי מיר בּעמערקען, הערר נאָטאָסיוש! כ׳בּין ווענינסטענס געבּליבּען דער זעלבּיגער וואָס אַמאל. איהר האָט אייך אָבּער פיעל, זעהר פיעל, געאָנדערט פון דאמאלס.

— אין מיין פריינדשאַפט צו דיר, עמיל, איז קיין שינוי אין מיר ניט פאָרגעקוממען.

— ניין, הערר נאָטאָסיוש, איך ווענינסטענס קענן עס אייך ניט גלויבּען. ווען אייך איז ווירקליך געלעגען אויף מיין פריינדשאַפט, וואָללט איהר ניט געבּראַכט דערצו, מיר זאָללען בּעדאַרפען צו זיין אָבּגעשיידט איינער פון דעם אַנדערען.

— איך האָבּ געבּראַכט דערצו? איך? — האָט דער נאָטאַריוס אויסגעשטעללט אַ פּאָר אויגען — בּין איך דען שולדיג אַז איהר האָט קיין בּעגריף ניט וואָס הייסט אַ געשעפט, און קענט מיר עד־היום ניט מוחל זיין, וואָס איך האָבּ אין אַזאַ קורצע צייט געמאַכט מיליאָנען, אינדעם ווען אַנדערע האָבּען רוהיג געשלאָפען און ניט געוואָללט אַרבּייטען אַזוי ווי איך?

— ניין, הערר נאָטאַריוס, איהר ווילט מיך ניט פערשטעהן. ניט אייערע מיליאָנען שטעהען מיר אין די אויגען, ניט אייערע געשעפטען שרעקען מיך אָבּ,

---

[1]) טאָאַסט — אַ מי שבּרך אין פּערזען אדער אין פּראָזא.

איך פערשטעה גאנץ גוט אלליין אז יעדער מענש מוז ארבייטען. אויף געלד שטעהט יעצט די גאנצע וועלט און יעדערער וויל האבען וואס מעהר דאס מעטאלל פאר וועלכען ער קריעגט אלץ וואס זיין הארץ גלוסט. ס'וואללט געוועזען נאריש פון מיינער זייט ווענן כ'זאלל באז זיין אויף אייך נור דערפאר, וואס איהר האט געלד. ניט דאס בין איך אלזא אויסען. כ'קע'נן נור ניט ליידען, ווענן א מענש ווערט רייך ניט אויף דעם עהרליכען אופן, אנקוקען קענן איך ניט דעם. וועלבער פערמעהרט זיינע עשירות מיט יענעמס שווייסס און בלוט, שטעללט אוים הייזער אויף פרעמדע פגרים און פערגיסט בלוט פאר געלד. ארבייט, שפארזאמקייט זענען שאנע מעלות, רציחה און גזלה דאגעגען טארען ניט געדאכט ווערען.

— און איהר מיינט אז מיין רייכטהום האב איך ערווארבען אויף אזא ארט? — האט גאטאסיוש געפרעגט און אראבגעלאזען די אויגען אויף דער פאדלאגע, ווייל ער האט זיך געשעמט צו טרעפען מיט זיין אמאליגען פריינדס בליק.

— איהר האט געבראכט דערצו איך זאלל אייך זאגען דעם אמת אין די אויגען. יא, העדר נאטאריוס, איהר האט צוליעב דעם געלד אומגליקליך געמאכט ניט איין מענשען. איהר האט אייער גאנץ לעבען געשטרעבט, נור צו פערדיענען, נור אבצונארען, איהר האט ניט געארבייט גלייך מיט אללעמען, נור געשווינדעלט, וואס אמאל מעהר און ערגער.

גאטט האט אייך געשארפט דעם שכל און פערשטאנד, כדי איהר זאללט קענגען ווייזען די בלינדע מענשען דעם ריכטיגען וועג, צו בעשיטצען מיט אייער חכמה די שוואכע, ארעמע יתומים און אלמנות. איהר האט אבער בענוצט אייערע געבארענע פעהיגקייטען און ערווארבענע קענטניססע אויף פאלשקייטען, אייער נאמען איז בעשמוצט, אייערע עשירות פערשאלטען. גאטט זאלל נור געבען אז די קללות פון די אומגליקליכע מענשען זאללען ניט טרעפען אייער קינד, די גוטע לוציע, וועלבע איז ניט שולדיג אין דעם, וואס איהר פאטער האט געזינדיגט.

— און אזעלבע ווארטער מוז איך הערען אין מיין הויז פון דיר, עמיל זאלא? — האט דער נאטאריוס געפרעגט שוין האלב אויפגערעגט — אזוי רעדט צו מיר דער, וועמען כ'האב אמאל כמעט ביים לעבען ערהאלטען, דער זעלבינער, וואס אהן מיר וואללט ער געבליבען א ארעמער שלעפער, אהן געלד, אהן כבוד און אהן א נאמען?

— יא, העדר נאטאריוס, דאס זאג איך, אמאליגער שלעפער און היינטיגער יחסן, וואס פערמאגט מעהר געלד און כבוד פאר אייך. איך זאג אייך עס אפפען דערפאר ווייל עמיל זאלא האט זיך מיט זיין כאראקטער ניט געענדערט און דער אמת שטעהט ביי איהם העכער ווי אלץ אין דער וועלט. אמת, איהר האט מיר מיט פערציג יאהר צוריק געטהון א גרויסע טובה, זעהר א גרויסע טובה און כ'וועלל עס אייך קיין מאל ניט פערגעססען. פון מיין פריינדשאפט און דאנקבארקייט האט איהר דעם בעסטען סימן אז כ'בין יעצט ביי אייך אין הויז. ביי מיר איז

שוין געווען בעשלאָססען. קיין מאָל די שוועלל פון איער הויז ניט אריבערצוגעהען. איך האב אָבער ניט געוואָללט אייער טאָכטער אנטהון קיין עגמת-נפש און בין אהער געקוממען.

— די טובה וועלל איך דיר קיין מאָל ניט פערגעססען. עמיל! גאטט זאלל עס דיר אויך געדיינקען -- האט געריהרט געענטפערט דער נאטאריוס. וועלכער האט שוין חרטה געהאט דארויף, וואס ער איז פארדעם עטוואס בעז געוואָרען געגען זיין אמאליגען גוטען פריינד און ער האט יעצט אראבגעלאָזען דעם קאפ און דערלאנגט די האנד דעם גרויססען שרייבער.

זאלא האט אָבער זיין האנד ניט אויסגעשטעקט.

— ניין, ב'טאר דיר מיין האנד ניט געבען. ב'דארף ניט און טאר ניט — האט ער געזאגט און אין זיין געזיכט איז געווען קענטיג די מלחמה וואס ס'איז פארגע-קוממען יעצט ביי איהם אין הארצען צווישען אמאליגע הייססע זכרונות און היינטיגען קלאָרען שכל — ווענן ב'זאלל שוין זאגאר וועללען אויף אללע דיינע באזע מעשים צומאכען די אויגען, קענן איך אויף קיין פאלל איינעם פון דיינע חטאים ניט פערגעססען.

— וואס מיינסט דו — האט דער נאטאריוס ערשראקען געפרעגט.

זאלא האט אויסגעשטעללט זיינע גרויססע אויגען אויף דעם נאטאריוס.

— און דו ווילסט ב'זאלל עס דיר אנרופען מיט'ן נאמען? — האט ער גע-פרעגט.

— רוף — איז געווען די תשובה.

— געדיינקישע, דו האסט עס אלליין געוואָללט.

און ער האט שטילל איינגערוימט דעם אמאליגען חבר אין אויער:

— לעאָניע!

— נאטאסיוש האט א שפרונג געגעבען צוריק, גלייך ווי א דונער האט איהם געטראָפפען.

די הענד האבען געזוכט א אָרט וואו זיך אָבצושפארען. דער קליינער טישעל האט אָבער ניט אויסגעהאלטען און זיך אומגעקעהרט, פאללענדיג האט ער דאס גלאָזעל מיט דעם וויין צוברָאכען אויף שטיק שטיקלעך.

אין גרויססען עסס-צימער האט קיינער ניט געהערט דעם ליארם. דער עולם איז נאך פרעהליך געזעססען ביי די טישען.

עמיל זאלא האט נאך אמאָל געוואָרפען א רחמנות-בליק אויף דעם נאטאריוס. נאכדעם איז ער לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון צימער.

נאטאסיוש דאנגענגען האט צוגעלייגט דעם הייססען שטערן צו דער קאלטער שויב און זיינע ליפפען האבען געמורמעלט:

— לעאָניע, לעאָניע...

פְלוּצְלִינְג אָבֶער הָאט עֶר בֶעמֶערְקט אַז אִין עֶססצִימֶער איז גֶעוָוארֶען גאַנְץ שְׁטִילל.

— וָואס קֶענן עֶס בֶעדַייטֶען? — הָאט עֶר זִיךְ גֶעווּאוּנְדֶערְט — פֶעהלְט דֶענן וַויין צוּם טְרִינְקֶען?

עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער טְהִיר אוּנ זִיךְ נָאךְ מֶעהר פֶערווּאוּנְדֶערְט.

אַללֶע גֶאסְט הָאבֶען פֶערטִיעפְט זֵייעֶרע בְּלִיקֶען אוֹיף דֶער טְהִיר.

דֶער פוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר הָאט זִיךְ הַאסְטִיג אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען פוּן זַיין שְׁטוּהל אוּנ אוֹיךְ אוֹיסגֶעשְׁטֶעללְט אַ פָּאר אוֹיגֶען.

לוּצְיֶע הָאט עֶרְשְׁרָאקֶען אַרוֹיפגֶעלֵייגְט דִי הֶאנְד אוֹיף דֶער בְּרוּסְט.

זָאלַא'ס גֶעזִיכְט אִיז אוֹיךְ גֶעוָוארֶען טְרוֹיעֶרִיג אוּנ עֶר הָאט גֶעהַאט אַ מִיעֶנֶע פוּן אַ מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער הָאט פְרִיהֶער גֶעווּאוּסְט אַז אַזוֹי מוּז זִיךְ עֶנְדִיגֶען.

אַז דֶער נָאטַארְיוּס אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער דִי שְׁוֶועלל הָאט עֶר דֶערזֶעהן אִין עֶססצִימֶער אַ אוּנְגֶעבֶעטֶענֶעם גַאסְט. דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ אָפִיצִיער פוּן הוֹיפְּט-שְׁטַאבּ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען אִין מוּנְדִיר מִיט אַ רַאפָּארְט.

— פַּאטִי-דִי-קְלַאם? — הָאט פֶערווּאוּנְדֶערְט פִּיקַאר גֶעפְרֶעגְט.

דֶער אָפִיצִיער אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם טִישׁ, זִיךְ אַ נֵייג גֶעגֶעבֶּען צוּ פִּיקַארוֹ'ן, נָאכְהֶער צוּ לוּצְיֶען.

חָתָן-כַּלָּה הָאבֶּען אִיהם גַאנְץ קַאלְט זִיךְ אָבְּגֶעגְרִיססְט.

— טוֹיזֶענְד מָאל בֶּעט אִיךְ אִיבֶּער — הָאט דֶער מַאיָאר פַּאטִי-דִי-קְלַאם מִיט זַיין טֵייפֶעלְשֶׁער מִיעֶנֶע גֶעזָאגְט — וָואס כ'בִּין אַהֶערגֶעקוּמֶען אוּנגֶעבֶּעטֶען אוּנ שְׁטֶער אַייךְ דִי שִׂמְחָה. אִיהְר וֶועט עֶרלוֹיבֶּען, גֶעעֶהְרְטֶעם פְרַיילַיין, כְ'זָאלל אַייךְ צוּנֶעהֶמֶען דֶעם חָתָן אוֹיף עֶטְלִיכֶע מִינוּט.

סְ'אִיז מִיר זָאגַאר זֶעהר אוּנַאנְגֶענֶעהם דִי וִויזִיט, וָואס קֶענן אִיךְ אָבֶּער טְהוּן? אַ אָפִיצִיער מוּז צֵייטֶענְוַוייז פֶערבֵּייגֶען דִי מָארֶע אוּנ זַיין זָאגַאר גְרָאבּ. מִיט אֵיין זַאךְ קֶענן אִיךְ אַייךְ נוּר טְרֵייסְטֶען, אַז כְ'בְּרֵיינְג זֶעהר גוּטֶע נַייעֶס אוּנ אוּנְזֶער פוּלְקָאוְונִיק וֶועט מִיר גֶעוִויסס דַאנְקְבַּאר זַיין פַאר דִי גוּטֶע יְדִיעוֹת.

הֶערר פוּלְקָאוְונִיק! זַייט אַזוֹי גוּט אוֹיף אַ מִינוּט.

— בִּיטֶע, קַאמֶערַאד.

אוּנ פִּיקַאר אִיז אַוֶועק מִיט דִי-קְלַאמֶען אִין דֶעם צִימֶער, וואו עֶס זַיינֶען בִּיז יֶעצְט גֶעוֶוען דֶער נָאטַארְיוּס מִיט זָאלַאן.

פִּיקַאר הָאט אָנְגֶעוויזֶען דֶעם מַאיָאר אַ שְׁטוּהל זִיךְ צוּ זֶעטְצֶען, נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט:

— אִיהְר בְּרֵיינְגְט עֶטְוַואס נַייעֶס, הֶערר מַאיָאר?

— יָא, הֶערר פוּלְקָאוְונִיק, בִּיטֶע.

אוּנ עֶר הָאט אַרוֹיסגֶענוּמֶען פוּן אוּנְטֶער דֶעם פְלַאשְׁץ אַ פֶערזִיעגֶעלְטֶען פַּאקֶעט אוּנ עֶס דֶערלַאנְגְט פִּיקַארְן.

איידער ווי דער פולקאווניק האט עס געעפּעפענט האט ער שטיל געפרעגט:
— און איהר ווייסט דאך געוויסס, הערר מאיאר, וואס אין דעם פּאקעט שטעהט געשריבען?
— גאנץ געוויסס, הערר פולקאווניק.
— כ'בעט אייך אלזא, הערר מאיאר, זאגט איהר מיר וואס דארטען שטעהט. איהר ווייססט דאך געוויסס אז מארגען איז מיין חתונה און כ'וואללט דאריבער אין דער צייט געוואללט הערען פון אללע זייטען נור גוטע נאכריכטען.
— איהר מעגט דרייסט עפּפענען דעם פּאקעט, הערר פולקאווניק. כ'האב אייך געבראכט די גוטע נאכריכט אז איהר האט אוואנסירט.
דאמאלס האט פּיקאר אויפגעבראכען דעם זיעגעל און געעפּפענט דעם דריי־פאך צוזאממענגעלייגטען פּאפּיער; אז ער איז געוועזען בעשעפטיגט מיט דער ארבייט האט ער ניט בעמערקט די נקמה, מיט וועלכער פּאטי־די־קלאם האט אויף איהם געקוקט.
פּיקאר האט דערוויל א בליק געווארפען אויף דעם פּאפּיער און זיין געזיכט איז בלייך געווארען ווי די שיין פון די עלעקטרישע מאטאווע לאמפּען, וועלכע האבען בעלויכטען דעם צימער.
— נו, וואס זאגט איהר, קאמעראד? — האט זיך באז געוויטצעלט דער טייפעל פּאטי־די־קלאם — אמת, א גוטע בשורה. ניט יעדער אפיציער דערדיענט זיך אזא אוואנס אזוי געשווינד.
דאמאלס וועגן מיר וועללען זיך שטיקען אין די ענגע לופט פון אונזערע שרייב־צימערען, וועט איהר האבען די געלעגענהייט צו בעווייזען אייערע גבורות, אין דער מלחמה פאר דעם פאטערלאנד. אלזא איהר פערשטעהט דאך געוויסס וואס מען מיינט?
מארגען אין דער פריה, זעקס דעם זייגער מוזט איהר פאריז פערלאזען און פאהרען וואס שנעללער קיין אלזיר.
דארטען וועט איהר זיך פארשטעללען אין טונים ביי דעם הויפּט־קאמאנדיר, וועלכער וועט אייך זאגען וואס איהר האט ווייטער צו טהון.
— כ'קענן אייך זאגאר שוין זאגען, קאמעראד — האט ווייטער געצויגען פּאטי־די־קלאם, וועלכער האט, ווי ס'ווייזט אויס, געהאט א בעזונדערען פערגעניגען צו קוועללען דעם פולקאווניק — וועלכע גרויססע אויפגאבען איהר וועט דארטען האבען.
— רעדט! — האט הארט געענטפערט פּיקאר.
— אלזא גוט, אייער ארבייט וועט זיין אכטונג צו געבען אויף די סאלדאטען,

וועלכע זיינען בעשעפטיגט צו פערטרייבען די באנדעס בעדואינען [1]) צוריק אויף זייער ארט, אין דעם ווייטען מדבר.

אמת, העדר פולקאווניק, א וויכטיגע שטעללע פאר א אפיציער?

איהר וועט טאקי גוט אויפפאססען, ס'זאללען זיך ניט ווידערהאלען די אלטע געשיכטעס, ווענן די בעדואינער זיינען פלוצלינג בעפאללען אונזערע סאלדאטען און געמאכט פון זיי א תל, געראביערט און אויסגעהרגעט ביז איין מענש. דא האט איהר א ארט אויסצוווייזען אייערע גבורות, אייער גייסט צו מלחמות.

ליידער ביז יעצט האבען די דארטיגע אפיציערען ניט מאריך ימים געוועזען און געוועהנליך קיין מאל ניט צוריקגעקוממען פון טונים, ווייל די בעדואינען זיינען ווירקליך א עם לא היה, א ווילד פאלק, וואס אויף זיי ווירקט ניט קיין זאך, ניט אונזער בילדונג און ניט די גבורות פון אונזער מיליטער.

איהר אלזא האט יעצט א גליקק אין האנד, צו שטארבען מיט כבוד ווי א העלד אויף דער מלחמה, אויססער ווענן חלילה דער דארטיגער קלימאט קענן אייך אוועקנעהמען פאר דער צייט, אדער אויב איהר אליין וועט פערגעססען וואו איהר זייט און אייך קענן זיך פלוצלינג פערוועללען צו געהען אויף יאגד אויף די דארטיגע לייבען און אנדערע ווילדע חיות.

דעם אמת געזאגט איז ביי אונזערע אללע קאמעראדען קיין ספק ניט, אז דער פולקאווניק פיקאר וועט לייכט קעננען מנצח זיין די בעדואינען ווי די לייבען. איהר זייט דאך א בריה צו רודפ'ן א שונא, דעם בעסטען בעוויז האבען מיר ווי איהר בעגעהט זיך מיט דעם שווארצען מאיאר. ווער איז נאך א בעססערער מייסטער פון אייך צו זוכען פרעמדע חטאים? אייך איז דאך ניט שווער געוועזען צו פערקלאגען עסטערהאזען אויף דעם גראסטען ארט, אבי נור וואס פריהער צו בעפרייען דעם דעגראדירטען יודען, דעם קאפיטאן דרייפוס פון דעם טייפעלס־אינזעל.

קיינער איז דאך ניט שולדיג אין דעם וואס אייער פלאן איז אייך אזוי געשווינד ניט געראטען. אייך האט זיך געדאכט אז ס'איז גאר א קלייניגקייט אריינצוזעטצען א אפיציער פון שטאב, א בלאז מיט'ן מויל און שוין. ניין, מיין פריינד־לעבען, איהר מוזט זיין געדולדיג, אזוי געשווינד געהט עס ניט. דארטען אין אלזיר, אין דעם טרוקענעם מדבר, אדער אויף א רייך געפוצטען אאזיס [2]), וועט איהר, פולקאווניק, קעננען ווייטער קלערען, ווי די וועלט איז פאלש און דער אמת איז ווייט.

---

[1]) בעדואינען — ווילדע אראבער, וועלכע טרייבען זיך ארום פון איין ארט אויף דעם אנדערן, זיי האבען ניט קיין היים, נור שטענדיג אין דערוועגענס. זיי האבען איין מעלה — הכנסת אורחים, דאגעגען אבער בעזיטצען זיי דעם געבארענעם כח אויף רציחות און גזלות.

[2]) אאזיס — א שטיק פלאטץ אין דער מדבר, בעוואקסען מיט גראז און מיט בוימער. געוועהנליך איז דארטען אויך א קוואל פון פריש וואססער.

פאהרשיינליך וועט אייך פון דער ווייטענס אויך טרייסטען אייער שאנע כלה מיט איהרע קלוגע רייד.

מעהר האב איך אייך גאר ניט צו זאגען, הערר פולקאווניק, אונ כ'מוז מיך לײדער שוין שיידען פון אייך.

אונזער קאמעראד עסטערהאזי וואַרט אויף מיך, מיר האבען היינט אבגערעדט זיך צו טרעפפען אין א פראהליכען ארט אונ איהר מעגט זיין זיכער, הערר פולקאווניק, אז ביי דעם גלאזעל וויין וועללען מיר אייער נאמען אויך ניט פערגעסען.

מיר וועללען טרינקען צום געזונד פון דעם צוקינפטיגען בעזיעגער פון די בעדואינען...

אונ פאטי-די-קלאם האט זיך ווידער געגעבען א נייג מיט א פאלשען, היטרען שמייכעל אויף די ליפפען.

פיקאר איז די גאנצע צייט געשטאנען אנגעשפארט אן וואנד. דאס בלוט האט אין איהם געקאכט אונ ער האט געמוזט צוזאממענגעהמען אללע קרעפטען, זיך איינצוהאלטען ניט אויסצופאטשען דעם אונפערשעמטען מאיאר פאטי-די-קלאם.

איהם האט זיך נור ניט געגלוסט צו מאכען א באזען סקאנדאל אין דעם טאג פון ערב חתונה אונ דאריבער האט ער נור שטילל געביססען די ליפפען אונ גע־שטיללט דעם כעס אין זיך.

אונ אז פאטי־די־קלאם האט געענדיגט זיין חוצפה־רעדע, האט פיקאר נאך געהאט אין זיך אזוי פיעל מוטה איהם צו ענטפערען:

— מיין בעסטען דאנק פאר אייער וואונש, מאיאר. כ'האף אז איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין.

כ'פערזיכער אייך, אז כ'וועל אויף איין מינוט ניט אויפהערען די מלחמה צו פיהרען מיט די ווילדע חיות אונ נאך פיעל באזערע מענשען, אונ וויל כ'גע תמיד מיט דעם יושר צוזאממען אין עהרליכען וועג, האף איך שטענדיג גובר צו זיין אללע מיינע אונ דעם אמת'ס שונאים.

אויב איהר האט מיך נאך יעצט ניט גוט פערשטאנען, קעננט איהר עס שפעטער בּרייטער אַרומרעדען ווען איהר וועט זיצען היינט ביי דער נאכט צו־זאממען מיט אייער חבר עסטערהאזי ביי דעם גלאזעל וויין אונ אז איהר וועט קוממען צו דער שטעללע פון דעם נצחון, זאללט איהר הויך אויפהויבען דעם כוס אויף מיין געזונד אונ אויף דעם געזונד פון די אללע, וואס שטרייטען פאר דעם אמת אונ האבען פיינד דעם שקר.

פאטי־די־קלאם האט זיך ניט געריכט אויף אזא קאלטע אונ קלארע תשובה. א ווייל איז ער געשטאנען אבהענדיג אונ ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען אויף פיקארס ריכטיגע ווערטער, ענדליך אבער האט ער געזאגט:

— אויף אַזאַ אַרְט, הָאבּ אִיךְ דָאךְ שׁוין דָא מֶעהר נִיט וָואס צוּ טְהוּן, נוּר אַייךְ צוּ ווִינְשֶׁען אַ גְלִיקְלִיכֶע רַייזֶע. אַדְיֶע, הֶערר פּוּלְקָאוְונִיק!

אוּנ עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן דֶעם צִימֶער זִיךְ נִיט זֶעגֶענֶענְדִיג מִיט דֶעם פּוּלְקָאוְונִיק, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען זִיכֶער, אַז פִּיקַאר וֶועט אִיהם דִי הַאנְד נִיט גֶעבֶּען.

אַז לוּצְיֶעס חָתָן אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אַלֵיין הָאט עֶר נָאךְ אַמָאל דַייטְלִיךְ אִיבֶּער־גֶעלֵייעֶנְט דָאס פַּאפִּיער.

אַ שׁוידֶער אִיז אִיהם אַרִיבֶּער דוּרְךְ דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער, עֶר הָאט פֶערְשְׁטֶעלְט מִיט דִי הֶאנְד דִי אוֹיגֶען נִיט צוּ זֶעהן דִי שַׁיין פוּן דִי לָאמְפֶּען.

עֶנְדְלִיךְ אָבֶּער הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אַ וֵוייטָאג אִין הַארְצֶען:

— אַךְ מַיין גָאטט, מַיין גָאטט! ווִי הוֹיבְּט מֶען עֶם אָן צוּ זָאגֶען לוּצְיֶען! סְ׳אִיז דָאךְ גְלַאט אַ חֶרְפָּה צוּ זָאגֶען פַאר אַ בֶּעקַאנְטֶען, וָואס דִי בַּאנְדִיטֶען, מַיינֶע קַאמֶערַאדֶען הָאבֶּען מִיט מִיר גֶעמַאכְט.

— נֵיין, נִיט מִיךְ מַיינְט מֶען עֶם! — הָאט עֶר גֶערִיהרְט פְּלוּצְלִינְג אַ גֶעשְׁרַיי גֶע־גֶעבֶּען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען הַאסְטִיג צוּ שְׁפַּרֵייזֶען אִיבֶּערן צִימֶער — נִיט מִיר הָאט דִי קוּיל גֶעטְרָאפֶען, נֵיין, זֵיי מַיינֶען גָאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ, דָאס מַיינְט מֶען דֶעם אֱמֶת אוּנ דֶעם יוֹשֶׁר, זֵיי ווִיל מֶען לֶעבֶּעדִיג בֶּעגְרָאבֶּען, טִיעף, גַאנְץ טִיעף!

אַלְם תְּשׁוּבָה אוֹיף דִי וֶוערְטֶער הָאט דֶער פּוּלְקָאוְונִיק פִּיקַאר פְּלוּצְלִינְג דֶער־הֶערְט אַ שְׁטִימֶע הִינְטֶער זִיךְ:

— דֶער אֱמֶת מֶעג וֶוער וַוייסס ווִי טִיעף זַיין בֶּעגְרָאבֶּען, דֶער קֶבֶר קֶענֶען זַיין טִיעפֶער ווִי דֶער אָבְּגְרוּנְד פוּן יַם, אוּנ עֶסְטֶערְהַאזֶעם מִיט־הֶעלְפֶער אוּנ יוֹעֲצִים מֶעגֶען בֶּעשִׁיטֶען דֶעם בֶּערְגֶעל מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנ סְקַאלֶעס פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, וֶועט דֶעמָאלְט אוֹיךְ דֶער אֱמֶת אַרוֹיסְקְרִיעכֶען פוּן דֶער גְרֶעסְטֶען פִינְסְטֶערְנִים אוּנ מִיט כֹּחַ צוּטְרֶעטֶען דֶעם שֶׁקֶר אוּנ דִי אַלֶע וָואס הַאלְטֶען זִיךְ אָן אִיהם. פַאלְלְט נִיט אַרָאבּ בַּיי זִיךְ, הֶערר פּוּלְקָאוְונִיק, הַאלְט אַייךְ פֶעסְט, אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ אַז דֶער אֱמֶת מוּז אַרוֹיסְקוּמֶען, וַוייל אָהן אִיהם וָואלְט קֵיין זַאךְ קֵיין קִיוּם נִיט גֶעהַאט אוֹיף דֶער וֶועלְט. דֶער אֱמֶת מִיט דֶעם יוֹשֶׁר זַיינֶען צְוֵויי זַיילֶען, אוֹיף וֶועלְכֶע דָאס מֶענְשְׁלִיכֶע לֶעבֶּען הַאלְט זִיךְ.

דִי וֶוערְטֶער הָאט גֶעזָאגְט דֶער קְלוּגֶער עֶמִיל זָאלַא, וֶועלְכֶער אִיז גֶע־שְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער שְׁוֶועלֶע אוּנ הִינְטֶער אִיהם הָאבֶּען גֶעוַוארְט נַאטַאסְיוּשׁ מִיט זַיין טָאכְטֶער.

פַייל פוּן בּוֹיגֶען אִיז נָאכְדֶעם גְלַייךְ צוּגֶעלָאפֶען לוּצְיֶע צוּ דֶעם חָתָן אוּנ צוּ־גֶעפַאלֶען צוּ זַיין בְּרוּסְט.

– וואס איז געשעהען, פּיקאר? – האט זי אונרוהיג געפרעגט – כ'שפּיער אַז ס'איז עפּעס אַ אומגליקק. אַ גרויסער אומגליקק האט אונז געטראפפען?

מיט אַ ציטערענדע האנד האט פּיקאר זיי געוויזען דעם ראפּארט, וועלכען פּאטי־די־קלאם האט איהם נור וואס געבראכט.

– לוציע, געליעבטע, טהייערע! – האט ער געזאגט און דער קול האט אין איהם געציטטערט – דו האסט רעכט, אַ גרויסער אומגליקק האט אונז גע־טראפּפען, מיר מוזען עס מקבל זיין באהבה. שטארק דיך, לוציע, ווייז דער וועלט אַז דו ביסט ניט אזוי ווי אַללע מעדכען, נור ענערגישער און מוט־היגער.

אונזער האכצייט, לוציע, קענן אַלענפאללס מארגען ניט זיין, און ווייסס גאטט ווענן יא.

דער פּאקעט האט מיר געבראכט אַ פּסק, נאך ערגער ווי דער טוידט.

ביי די ווארטער האט לוציע זיך שוין לאנגער ניט געקענט איינהאלטען און ווילד אַ געשריי געגעבען.

– אַ פּסק ערגער ווי דער טוידט! – האט זי איהם נאכגעזאגט.

נאטאסיוש האט דערווייל איבערגעלייענט דעם ראפּארט.

– כ'זעה אין דעם קיין שלעכטס ניט – האט ער געזאגט – אין דעם פּאפּיער שטעהט נור אַז דו ביסט געווארען אַ קאמאנדיר אין אַלזיר. לויט מיין מיינונג הייססט עס נאך אַוואנסירט.

פּיקאר האט ביטטער אַ שמייכעל געגעבען.

– אַוואנסירט – האט ער געזאגט און זיינע אויגען זיינען פון אויפרעגונג פער־לאפען מיט בלוט – וואַרט, וועל איך אייך באלד ערקלערען וואס דער אַוואנס בעדייט:

ביי אונז אין פראנקרייך איז שוין איינגעווארצעלט געווארען דער מיאוסער מנהג צו שיקען אין אַלזיר צו בערוהיגען די בעדואינער אַזעלכע אפיציערען. פון וועלכע מען וויל פּטור ווערען. געוועהנליך איז אַלזיר נור אַ אויסרייד, די אפיציערען קוממט דער טוידט, ס'פּאסט אָבער ניט אויפצופיהרען די וועלט, אַז אין פראנק־רייך הערשט נאך היינט אַ טוידט־פּסק, דאריבער מאכט מען עס אין אַ עדעלער פארמע און די אפיציערען שטארבען אַלליין דורך אַ „מיתה יפה", אין דעם קאט, אין די מלחמות מיט די ווילדע אַראבער. פון דארטען קוממט שוין קיינער לעבענ־דיג ניט צוריק. זעלטען ווער ק'זאלל אויסהאלטען עטליכע יאהר. דאס רוב ווערען פערשוואונדען און מען ווייסס גאר ניט וואו זיי זיינען אהינגעקוממען. דער גרויסער שטויב פון דער מדבר בעשיט זייער קערפּער.

און אַזא סוף האבען די גענעראלען פון שטאב פארבערייט פיר מיר.

אין צימער איז געווארען שטאק־שטילל. יעדערער האט מורא געהאט דעם אטהעם אבצוציעהען. פּיקארס ווערטער האבען געמאכט אַ שרעקליכען רושם.

אַיין לוּצְיֶע הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אַיִנְהַאלְטֶען. זִי הָאט נָאךְ הֵייסֶער אַרוּמְגֶענוּמֶען דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען מַאנן אוּנ אִיהרֶע גֶעוואַלְדֶען זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען עַד לֵב הַשָׁמַיִם.

פִּיקַאר הָאט אִיהר אָבְּגֶעוִוישְׁט דִי אוֹיגֶען, גֶעגְלֶעט דִי הָאר, אוּנ זַיין קוֹל הָאט וִויעדֶער הוֹיךְ גֶעקְלוּנְגֶען:

— מַיין מַזָל אִיז שׁוֹין אַזוֹי בִּיטֶער צוּ עֶנְדִיגֶען מַיין לֶעבֶּען אִין דֶער וַויטֶער אַלְזִיר¹) — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — פֶערְפַאלְלֶען. אַוַדַאי אִיז עֶס שׁוֹין אַזוֹי בֶּעשֶׁערְט פוּן הִימֶעל, נוּר וֶוענן סְ'וָואלְט גֶעוֶוען מֶעגְלִיךְ צוּ שְׁטֶעלְלֶען מִיר אַ מַצֵבָה אִין דֶער מִדְבָּר, וָואלְט אִיךְ גֶעהֵייסֶען אוֹיפְשְׁרַייבֶּען מִיט גְרוֹיסֶע אוֹתִיוֹת אַזוֹי:

וֶוער עֶס נֶעהמְט זִיךְ אָן פַאר דְרֵייפוּסֶען מוּז אוּנְטֶערְגֶעהְן. אַ בֶּעוַויז דֶער טוֹידְטֶער וֶועלְכֶער רוּהְט אוּנְטֶער דֶער מַצֵבָה. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ פְרַאנְצוֹיז אוּנ אַ פְרַיינְד פוּן דֶעם אֶמֶת.

— קוּמְמְט אַהֶער, יוּנְגֶער מַאנן, כְ'וֶועלל אַייךְ נָאךְ אַ מָאל הֵייסס אַרוּמְנֶעהמֶען אוּנ פֶעסְט צוּדְרִיקֶען צוּ מַיין בְּרוּסְט — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען זָאלַא מִיט פַייכְטֶע אוֹיגֶען — אִין פְרַאנְקְרַייךְ אִיז יֶעצְט אַ אוּנְאָרְדְנוּנְג, אַ טוּמְמֶעל, אַ רַעשׁ, אֵיינֶער פֶערְשְׁטֶעהט נִיט דֶעם צְוֵייטֶען, שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען מִיט בֶּאזֶע מַחֲשָׁבוֹת פִּיהְרֶען דָאס פֶעבְּלָאנְדְטֶע פָאלְק פַאר דִי נָאזֶער. פוּן וַויטֶען דַאכְט זִיךְ, אַז דָאס אַמָאלִיגֶע קְלוּגֶע אוּנ גוּטֶע פְרַאנְקְרַייךְ גֶעהט שׁוֹין אוּנְטֶער אוּנ וֶוערְט פֶערְדָארְבֶּען פוּן טָאג צוּ טָאג. וִוי גְלִיקְלִיךְ קֶענן אָבֶּער שְׁטָאלְצִירֶען אַ לַאנְד, וָואס פֶערְמֶעגְט נָאךְ אַזֶעלְכֶע יוּנְגֶע לַייט, וִוי אוּנְזֶער פוּלְקָאוְונִיק אִיז. אַזֶעלְכֶע פִּיקַארְס זַיינֶען נִיט פִיעל דָא אִין דֶער וֶועלְט. פָאהְרְט אִין גָאטְס נָאמֶען קַיין אַפְרִיקַא. אִין אַלְזִיר, אִין וַויטֶען פוּסְטֶען מִדְבָּר, אוּמֶעדוּם אִיז דָא דֶער זֶעלְבֶּער גָאטט, וֶועלְכֶער הִיטֶעט זַיינֶע עֶהְרְלִיכֶע קִינְדֶער אוּנ לָאזְט זֵיי נִיט אוּנְטֶערְגֶעהְן.

מֵיינְט אָבֶּער נִיט, אַז חָלִילָה מִיט אַייֶער אָבְּפָאהרֶען וֶועט שׁוֹין נִיט זַיין וֶוער כְ'זָאלל זִיךְ אָנְנֶעהמֶען פַאר דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען קָדוֹשׁ פוּן דֶעם נַיינְצֶעהנְטֶען יָאהר־הוּנְדֶערְט. נֵיין, מַיין פְרַיינְד, פְרַאנְקְרַייךְ אִיז נָאךְ נִיט אִין גַאנְצֶען פֶערְדָארְבֶּען. מִיט דְרֵייפוּסֶעס אִתְּשׁוּלְד וֶועלְלֶען זִיךְ יֶעצְט בֶּעשֶׁאפְטִיגֶען נַייֶע מֶענְשֶׁען, סְ'זַיינֶען נָאךְ דָא זָאגַאר אִין פַּארִיז אוֹיסְגֶעקְלִיעבֶּענֶע מֶענְשֶׁען, פַאר וֶועמֶען סְ'וֶועט נִיט זַיין צוּ שְׁוֶוער דֶעם כָּבוֹד, דָאס פַארְמֶעגֶען, זָאגַאר דָאס לֶעבֶּען צוּ אָפְּפֶערֶען, כְּדֵי צוּ בֶּעפְרַייֶען אַ אוּנְשׁוּלְדִיג פֶערְאוּרְטְהֵיילְטֶען מֶענְשֶׁען. וִוי אִיהר הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט: „וֶוער עֶס נֶעהמְט זִיךְ אָן פַאר דְרֵייפוּסֶען מוּז אוּנְטֶערְגֶעהֶען". גוּט, אִיךְ וֶועלל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער, וֶועלְכֶער וֶועט פְּרוּבִּירֶען דָאס לֶעבֶּען אַיינְצוּשְׁטֶעלְלֶען פַאר דֶעם עֶלֶענְדֶען קַאפִּיטַאן. כְ'הָאב נִיט קַיין גֶעוֶוער, וָואס שִׁיסְט מִיט פוּלְוֶוער אוּנ פֶער־

¹) אלזיר — אַ ווייטע פראנצויזישע קאלאָניע אין אפריקא.

גִיססְט בְּלוּט, מַיין גַאנְץ עֲשִׁירוּת אוּנ מַיין כֹּחַ שְׁטֶעקְט אִין דֶער פֶּעדֶער אוּנ מִיט אִיהר ווִילל אִיךְ אָנְהוֹיבֶּען דִי מִלְחָמָה גֶעגֶען דֶעם שֶׁקֶר.

נָאר אִין קוּרְצֶען װֶעט אִיהר לֵייעֶנֶען מַיין פַייעֶרְדִיגֶען בְּרִיעף צוּ דֶעם פְּרֶעזִידֶענְט פוּן פְרַאנְקְרַייךְ. אִין דֶעם בְּרִיף װֶעל אִיךְ אָפֶפֶען אַרוֹיסְזָאגֶען אַלְץ, װָאס כְ'הָאב בִּיז יֶעצְט גֶעטְרָאגֶען בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען. מִיט הֵייסֶע װֶערְטֶער װֶעלל אִיךְ אוֹיפְװַייזֶען דְרֵייפוּסֶעס אוּנְשׁוּלְד אוּנ עֶסְטֶערְהַאזֶעס פֶערְדָארְבֶּענְהַייט, זָאלל דִי װֶעלְט װִיסֶען װֶער ס'זִיצְט אִין פַּארִיזֶער הוֹיפְּט־שְׁטַאב. װֶער ס'זַיינֶען אוּנְזֶערֶע גֶעלִיעבְּטֶע מַאיָארֶען אוּנ גֶענֶערַאלֶען. זָאלל פְּרַאנְקְרַייךְ װִיסֶען װֶעמֶען זִי טְרוֹיט אָן דִי סוֹדוֹת פוּן אִיהר לַאנְד, אִיהר מַאכְט אוּנ צוּקוּנְפְט.

אַז שְׁרַייבֶּען, װֶעלל אִיךְ שְׁרַייבֶּען אַלְץ, קֵיין זַאךְ נִיט פֶערְבָּארְגֶען אוּנ טַאקִי צוּם פְּרֶעזִידֶענְט אַלֵיין, װַייל עֶר אִיז אוֹיסגֶעקְלִיבֶּען פוּן גַאנְצֶען פָאלְק אוּנ זַיין פְלִיכְט אִיז צוּ דֶערְגֶעהְן דֶעם אֱמֶת. אוּנ פַאללְס מִיר אִיז בֶּעשֶׁערְט אוּנְטֶערְצוּגֶעהְן אִין דֶער בְּלוּטִיגֶער מִלְחָמָה צוּזַאמֶען מִיט אַייךְ, מַיין טְהַייעֶרֶער פִּיקַאר, מַאכְט אוֹיךְ נִיט אוֹיס. אוֹיב הַיינְטִיגֶע פְרַאנְצוֹיזֶען װִיעללֶען אוֹיף אוּנְז קֵיין מְבִינִים נִיט זַיין, װֶעט אָבֶּער אַמָאל קוּמֶען אַ צַייט אוּנ דִי שְׁפֶּעטֶערִיגֶע דוֹרוֹת װֶעללֶען אוּנְז נָאכְזָאגֶען אַ שֶׁבַח:

— „זָאלַא מִיט פִּיקַארְן, זֶענֶען גֶעװֶען צְװֵיי פְרַאנְצוֹיזֶען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעזָאגְט אָפֶפֶען דֶעם אֱמֶת דַאמָאלְס װֶענן אִין גַאנְץ פְרַאנְקְרַייךְ הָאט גֶעהֶערְשְׁט דֶער שֶׁקֶר".

אוּנ זָאלַא הָאט נָאךְ אַמָאל הֵייסס גֶעדְרִיקְט דִי הֶאנְד פוּן פִּיקַארֶען מִיט זַיין כַּלָה. נָאכְדֶעם אִיז עֶר שְׁנֶעלל אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, װַייל עֶר הָאט גֶעשְׁפִּיעְרְט, אַז עֶר װֶערְט װָאס אַמָאל מֶעהר אוֹיפְגֶערֶעגְט.

נַאטַאסְיוּשׁ אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען צוּ בֶּערוּהִיגֶען דִי גֶאסְט.

פִּיקַאר מִיט לוּצְיֶען זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין.

דֶעם נָאטַארְיוּסֶעס טָאכְטֶער אִיז מִיט אַ גֶעװֵיין צוּגֶעפַאללֶען צוּ זַיינֶע פִיסס.

— גֶעהם מִיךְ מִיט אִין אַלְזִיר — הָאט זִי גֶעזָאגְט אִין טְרֶערֶען — כְ'װִילל זַיין מִיט דִיר צוּזַאמֶען, אִין דֶעם מִדְבָּר, אִין אַפְרִיקָא, אִיבֶּערְרַאלל, דֶער טוֹידְט זָאלל אוּנְז אֲפִילוּ נִיט שֵׁיידֶען.

אַנְשְׁטַאט אַ תְּשׁוּבָה הָאט זִי פִּיקַאר הֵיים אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין שְׁטֶערְן אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען.

— נֵיין, מַיין לֶעבֶּען — הָאט עֶר זִיסס גֶעעֶנְטְפֶערְט — כְ'טָאר דִיךְ נִיט מִיט־נֶעהמֶען לוֹיט גֶעזֶעטְץ, ס'אִיז פַאר אוּנְז פֶערְבָּאטֶען צוּ פָאהרֶען אַהִין מִיט דִי פְרוֹיעֶן.

זִי הָאט אִיהם אָנְגֶעקוּקְט מִיט אַ שַׁארְפֶען בְּלִיק, פוּלל עֶנֶערְגִיֶע מִיט קְרַאפְט. נָאכְדֶעם הָאט זִי גֶעזָאגְט:

– דו טארסט מיך אלזא ניט מיטנעהמען, אויך גוט! איך בלייב דא... נור שווערען שווער איך דיר, מיין טהייערער, אז איך וועלל שטענדיג זיין נעבען דיר אין געפאהר.

פרעג ניט ווי אזוי, דו ווייסט דאך אבער אז איך האב ליעב צו האלטען וואָרט.

# XXVI.

## עדיסאנס[1] וואונדער.

אין נויארק, די גרעסטע שטאדט פון אמעריקא, איז דא איין גאסס מיט דעם נאמען באווערי.

דאס איז א זעלטענע גאסס, וועלכע האט ניט צו זיך קיין גלייכען כמעט אין דער גאנצער וועלט. וועניגע הייזער פון דער גאסס זענען בעוואהנט פון מענשען, דענן דאס רוב זענען דארטען דא ספעציעלל געביידען, פאר טהעאטערס, רעסטא-ראנעס, מוזעען, לעבע-הייזער אונ שיינקען;

די גאסס קענן יעדערער, וועד ס'איז נור איין מאל געוועזען אין נויארק. שטענדיג איז אויף דער גאסס פול מענשען אונ ס'קאכט ווי אויף א יריד. פאר די גרויססע טהעאטערס, וועלכע זענען בערעכענט אויף זעהר פיעל מענשען, הייגען ריעזיגע, קאלירטע אפישען, אויף וועלכע ס'זיינען אויסגעמאלט אם מייסטענס די שרעקליכסטע אונ מערקווירדיגסטע סצענען פון דער שטיק, וואס מען שפיעלט דעם אבענד.

מיט איין וואָרט: אמעריקאנער רעקלאמע שלאפט אין ערגיץ ניט, זאנאר די שילדען פון די איינפאכע שיינקען אונ נארקיכע אנאנסירען דעם עולם אין שרעקליך איבערטריעבענע שילדערונגען זייערע עססענס אונ געטרענק, אונ דאריבער איז אומעדום פול מיט מענשען, וועלכע געהען אריין אונ ארויס, אהן אויפהער.

אויף דער גאסס קענט איהר טרעפפען מענשען פון פערשיעדענע לאנדער, נאציאנען אונ פעלקער.

איבערהויפט רוישט דא ווענן ס'קומט אן א נייע שיף אונ דאס טרעפט אין נויארק כמעט יעדען טאג.

דער מאטראז, וועלכער האט זיך א לאנגע צייט געקוועלט אויף דעם ים, שטענדיג אין מורא אונ שרעק פון די שטורמווינדען אונ אנדערע עגמות-נפש'ן,

[1]) עדיסאן איז דער גראָססטער ערפינדער פון היינטיגען יאהרהונדערט, אירם האבען מיר צו פערדאנקען די ערפינדונג פון עלעקטרישע בעלייכטונג, טעלעפאן, פאנאגראף אונ נאך פיעל אנדערע זאכען.

לויפט יעצט געשווינד אין די גאסס באווערי, זיך לאזען וואהל געהען פאר דער גאנצע צייט.

דא לאזט ער איבער אפט אין איין נאכט זיין שווער מיט שווייס פער־הארעוועטע פערדיענסט פון א גאנץ יאהר, ווייל קיין בעלנים אויף זיינע פאר גראשען פעהלען ניט!

יעדער בעזונדער לויערט אויף אזא גאסט!

די קעלנערקע פון ביערהאללע הייסט זיך גוט בעצאהלען פיר יעדען ווינק מיט דעם אונטערגעשוואַרצטען אויגעל, פיר יעדען פאלשען שמייכעל מיט די אריינגעמאכטע ציינער. דער פעדלער [1]) קענן שוין זיין פזמון אויסווייניג אונ מיט א אויסגעטריעבענער צונג ריהמט ער די בעסטע אמעריקאנישע סחורה. דער מאגערער איטאליענער פוצט דעם מאטראז אוים די שטיפעל, זיי זאללען גלאנצען ווי א שפיעגעל אונ מהוט עס אויך ניט לשם שמים, נור מיט א כונה צו דעם מאטראז'ס קעשענע. דער פאלשער שפאניער נעהמט פון איהם צו די פאר גראשען דורך א קערטיל אדער א נ'אנדער שפיעל. דער דיקער דייטש, דער ווירטה פון שיינק, נעהמט פריינדליך אויף דעם האלב־בעטרונקענעם גאסט אונ גיסט איהם נאך צו מעהר ווי פיעל ער פערלאנגט, כדי וואס שנעללער ארויסצוקריעגען פון דעם מאטראז די אויסלענדישע מטבעות אונ איהם צו נארען ביים מאסס אונ וואג. דער שווארצער נעגער גנבה'ט איינפאך דעם טייסטער ארוים, דער אירלאנדער ברייננט איהם אריין אין א געשלעג, כדי אויסצונארען געלד, ווייל די מאטראזען ווייסען אז ביי דעם אמעריקאנער ריכטער וועללען זיי גאר ניט אויספיהרען, ער וועט זיי נאך הייסען איינזעצען אויף עטליכע טאג, ווייל זיי ווייסען ניט ווי זיך צו האלטען אין אמעריקא.

יעדע שטאדט האט איהרע פערוויילונגען. וואס גראססער די שטאדט איז מעהר זענען דא די הונגעריגע מענשען־הייש־עריקען, וועלכע קוקען נור אוים אויף דעם פרעמדען גאסט'ס קעשענע. וואס גראססער דער פערדיענסט איז, לייכטער זענען די אויסגאבען אונ גאנץ אפט גיבט מען אין די גראססערע מקומות אוים מעהר, ווי פיעל מען איז אים שטאנד. דאריבער זענען דארטען אפטער די אומגליקען אונ מענשען ווערען גרוי אונ אלט פאר דער צייט.

אין דער געגענד פון באווערי האבען זיך שטענדיג ארומגעדרייט פער־שיעדענע פערברעכער: קעשענע־גנבים, רוצחים, גזלנים, בעטריגער, מיט איין ווארט: יעדער פערדארבענער מענש זוכט אין דער רוישענדער גאסס זיינע קרבנות.

אויך פעהלען דארטען ניט קיין ארעמע אונ געדריקטע לייט. איבערהויפט

[1]) פעדלער — א קליינער האנדלער, וועלכער טראגט ארום פערשיעדענע סחורות איבער די הייזער. דאס רוב בעשעפטיגען זיך דערמיט אין אמעריקא אונזערע רוססישע יודען.

הייבּען זיי זיך אָן צוּ בֶּעוויייזען בּיי דֶער נאַכְט, וֶוענן זיי גֶעהֶען גֶעכְטִיגֶען אִין דִי סְפֶּעצְיֶעל־אויסגֶעבּוּיטֶע הַייזֶער, פַאר דִי, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט קֵיין אֵייגֶענֶעם בַּיים.

אַמֶערִיקא, בַּיי דֶעם גַאנְצֶען שְׁווינְדֶעל, דֶערְמָאנְט זִי זִיךְ גַאנְץ אָפְט אוֹיךְ אָן דִי גֶעדְרִיקְטֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט וָואס צוּ עֶסֶען אוּנ וואו דֶעם קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֵייגֶען. פַאר צֶעהן סֶענְט קְרִיעגְט יֶעדֶער אָרֶעמַאן אַ אָרְט וואו צוּ שְׁלָאפֶען אִין דֶעם קָהָלְשֶׁען „הַכְנָסַת אוֹרְחִים". אִין דִי הַייזֶער פֶעהלֶען דִי בֶּעקְוֶועמְלִיכְקֵייטֶען נִיט נוּר פוּן אַ גְרוֹיסֶען הָאטֶעל, זָאנְדֶערְן אוֹיךְ פוּן אַ פְּרִיוואַט־הוֹיז.

דָאס גֶעלֶעגֶער אִיז אוֹיף אַ זַאק פוּן שְׁטְרוֹי אוּנ אִין אֵיין שְׁטוּב לִיעגֶען אָפְט דְרַייסִיג פֶּערְזָאן צוּזאַממֶען אֵיינֶער גֶעבֶּען דֶעם אַנְדֶערְן, אַז סְ'פֶערְחַאפְּט דֶעם אָטְהֶעם. אֶמֶת אוֹיךְ, אַז וֶוער סְ'פֶערְמָאגְט 15 סֶענְט קֶענְן זִיךְ עֶרְלוֹיבֶּען צוּ נֶעהמֶען פְּלַאטְץ אִין אַ גֶערוֹימֶערֶען אָרְט, וואו סְ'שְׁלָאפֶען נוּר פִיעֶר פֶּערְזָאן אוּנ פַאר פִינְף אוּנ צְוואַנְצִיג סֶענְט קֶענְן מֶען שׁוֹין וֶוערֶען אַלְלֵיין אַ בַּעַל־הַבַּיִת פוּן אַ אֵייגֶענֶעם בֶּעט אִין אַ בֶּעזוּנְדֶערְן צִימֶער.

דִי מִצְוָה פוּן „הַכְנָסַת אוֹרְחִים" אִיז גְרוֹיסס, זֶעהר וִויכְטִ'ג אוּנ נוּטְצְלִיךְ פַאר דִי טוֹיזֶענְדֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט קֵיין דַאךְ אִיבֶּער'ן קָאפּ. לֵיידֶער אָבֶּער וִוי אוּמֶעדוּם בְּרֵיינְגְט דִי מִצְוָה גַאנְץ אָפְט צוּ אַ עֲבֵרָה אוּנ אִין דִי הַייזֶער קוּממֶען זִיךְ צוּנוֹיף פֶערְשִׁיעדֶענֶע שִׁכּוֹרִים, גַנָבִים, וֶועלְכֶע פֶערְפִיהרֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע אָרֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען... מִיט אֵיין וָוארְט, יֶעדֶע רוֹיז שְׁטֶעכְט; יֶעדֶער מֶענְשׁ, וִוי אוֹיךְ יֶעדֶער גֶעגֶענְשְׁטַאנְד הָאט זַיינֶע גוּטֶע אוּנ שְׁלֶעכְטֶע זַייטֶען. וואהל אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער פֶערְשְׁטֶעהט אוֹיסצוּקְלַייבֶּען דִי קֶערְנֶער פוּן דִי פְּלֶעוֶועס. אַזאַ מֶענְשׁ וֶועט קֵיין מָאל נִיט פֶערְפַאלְלֶען וֶוערֶען...

---

אָבְּגֶעמַאטֶערְט אוּנ אָבְּגֶעשְׁוואַכְט, פֶערְמָרָהשְׁהוֹרָהט פוּן דַאֲגוֹת אוּנ צָרוֹת אִיז גֶעגַאנְגֶען פַאר נַאכְט אַ יוּנְגֶער מַאנן דוּרְךְ דִי גַאסס בָּאוֶוערִי.

אוּנְטֶער'ן אָרֶעם הָאט עֶר גֶעטְרָאגֶען אַ גְרוֹיסֶע טֶעקֶע, פוּן וֶועלְכֶער סְ'הָאבֶּען אַרוֹיסגֶעשְׁטֶעקְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע גֶעדְרוּקְטֶע בְּלֶאטֶער, אַ סִימָן אַז דֶער יוּנְגֶער מַאנן אִיז גֶעוֶוען אַ קָאלְפָּארְטֶער[1].

וִוי סְ'וַוייזְט אוֹיס הָאט עֶר אָבֶּער נִיט גֶעהַאט קֵיין גְלִיק צוּ זַיין גֶעשֶׁעפְט, אִיהם הָאט גֶעפֶעהלְט דִי פֶעהִיגְקֵייטֶען אוּנ דֶער סְפְּרִיט פוּן אַ גֶענִיטֶען קָאלְפָּארְטֶער, וֶועלְכֶער פֶערְשְׁטֶעהט וִוי אַיינְצוּרֶעדֶען דֶעם קוּנְד אַז אַ מֶענְשׁ לֶעבְּט נִיט אוֹיף דֶער

---

[1] „קאלפארטער" איז אַ מאַנן וועלכער בעשעפטיגט זיך דערמיט, וואס ער טראגט ארום צו פערקויפען ביכער אדער זורנאַלען. אין אויסלאנד זיינען דא פיעל אזעלכע, וועלכע געהען ארום איבער די הייזער מיט ביכער אונ זורנאַלען.

װֶועלְט אָנְצוּשְׁטָאפְּפֶען דֶעם גוּף, זִיךְ צוּקְלֵיידֶען אוּנ גוּט צוּ עֶססֶען אוּנ צוּ טְרִינְקֶען, זָאנְדֶערְן יֶעדֶערֶער בֶּעדַארְף צוּ זָארְגֶען אוֹיךְ פַאר דֶער נְשָׁמָה אוּנ שְׁטֶאנְדִיג הָאבֶּען אִין זִינֶען אַז אָהן בִּילְדוּנְג אוּנ אָהן עֶנְטְוִויקְלוּנְג, דָאס הֵייסְט אָהן אַ גוּט בּוּךְ אוּנ אָהן אַ קְלוּג וָוארְט שְׁטַארְבְּט אָב דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער גַייסְט.

אִין אַ נוּטְצְלִיכֶען בּוּךְ גֶעפִינֶען מִיר אַלְץ. אַ פֶעהִיגֶער מְחַבֵּר לֶערְנְט אוּנְז פוּן דֶעם גֶעכְטִיגֶען טָאג זִיךְ אָבְּגֶעהֶמֶען אַ בַּיישְׁפִּיעל אוֹיף הַיינְט אוּנ הַיינְט שׁוֹין צוּ קְלֶערֶען וָואס מָארְגֶען װֶועט זַיין. אוֹיסֶערְדֶעם אִיז דֶער גֶעבִּילְדֶעטֶער שְׁרַייבֶּער, װֶועלְכֶער הָאט אַ װִירְקְלִיכֶען טַאלַאנְט, פֶעהִיגֶער צוּ בֶּעמֶערְקֶען יֶעדֶע זַאךְ, עֶר זֶעהט עֶס קְלֶערֶער, פֶערְשְׁטֶעהט עֶס טִיעפֶער אוּנ עֶפְּפֶענְט עֶרְשְׁט אוֹיף דֶעם לֶעזֶער דִי אוֹיגֶען זִיךְ גוּט אַרוּם צוּקוּקֶען וָואס סְ'טְהוּט זִיךְ אַרוּם אִיהם.

מִיט אַזֶעלְכֶע װָוארְטֶער גִיבְּט דֶער פֶעהִיגֶער קָאלְפָּארְטֶער צוּ עֶרְקְלֶערֶען דֶעם קוּנְד דֶעם װֶוערְטְה פוּן דִי בִּיכֶער אוּנ דֶער קְלוּגֶער פָּאטֶער אָדֶער אִיבֶּערְהוֹיפְּט יֶעדֶער בַּר־דַעַת לָאזְט זִיךְ לַאנְג נִיט בֶּעטֶען אוּנ קוֹיפְט פַאר עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אָדֶער גִילְדֶען בַּיי דֶעם קָאלְפָּארְטֶער עֶטְלִיכֶע נוּטְצְלִיכֶע בִּיכֶער פַאר זִיךְ אָדֶער פַאר דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער.

אַ בּוּךְ שַׁארְפְט דֶעם שֵׂכֶל, אַ בּוּךְ בְּרֵיינְגְט גְלִיק אוּנ בְּרָכָה אַרַיין אִין שְׁטוּב.

אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶער יוּנְגֶער מַאנְן הָאט אֶפְשַׁר אוֹיךְ אַלֵיין פֶערְשְׁטַאנֶען דִי אַלֶע נוּטְצֶען פוּן דִי גֶעדְרוּקְטֶע װֶוארְטֶער, זַיין צוּנְג אִיז אָבֶּער נִיט גֶעװֶעזֶען גֶענוּג גֶעשַׁארְפְט צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען דֶעם גֶעדַאנְקֶען אִין קוּרְצֶע אוּנ שַׁארְפֶע װֶוארְטֶער.

אוּנ דַארִיבֶּער אִיז אִיהם נִיט גֶעלוּנְגֶען אִין גֶעשֶׁאפְט אוּנ זַיין גַאנְץ אוֹיסְזֶעהֶען הָאט גֶעזָאגְט, אַז עֶר הֶערְט נִיט אוֹיף זִיךְ צוּ רַאנְגְלֶען מִיט הוּנְגֶער אוּנ דַחֲקוּת.

דָאס בְּלַאססֶע אוֹיסְגֶעמָאגֶערְטֶע גֶעזִיכְט הָאט אַלֶעמֶען גֶעזָאגְט, אַז דֶער יוּנְגֶער מַאנְן עֶסְט נִיט אָפְט אוּנ נִיט גֶענוּג.

זַיין אַנְצוּג אִיז גֶעװֶען זָאגַאר רֵיין, אָבֶּער גֶעגְלַאנְצְט אוּנ אָבְגֶעלַאקִירְט אוּנ עֶרְטֶערְװַייז זֶענֶען גֶעװֶען קֶענְטִיג לַאטֶעס, פֶערְנֵייט דוּרְךְ נִיט גֶעניִטֶע הֶאנְד.

אַז דֶער יוּנְגֶער מַאנְן הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי פִּיסס הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶען דִי צוּרִיסֶענֶע זוֹילֶען אוּנ קְנַאפֶּעל פוּן דִי קָאמַאשֶׁען. אַזאַ פָּנִים הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט זַיין אַלְטֶע אוֹיסְגֶעטְרָאגֶענֶע הוּט.

אִין אַמֶערִיקָא פָאהְרְט מֶען מַאכֶען גֶעלְד. דָארְטֶען וַואלְגֶערְט זִיךְ גָאלְד אִין דִי גַאססֶען, הָאט אַמָאל דֶער עוֹלָם גֶעזָאגְט. אֶמֶת אַז מִיט הוּנְדֶערְט אָדֶער מִיט פוּפְצִיג יָאהר צוּרִיק אִיז אֶפְשַׁר לַייכְט גֶעװֶען אִין אַמֶערִיקָא צוּ פֶערְדִיעֶנֶען אַ דָאלַאר, הַיינְט אָבֶּער דַאנְקְט מֶען גָאטט אַז מֶען מַאכְט אַ לֶעבֶּען, דָאס הֵייסְט, אַז מֶען הָאט אוֹיף דָאס אוֹיסקוּמֶען. הִיוּנָה בְּכָבוֹד אִיז אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ אוּנ דָאס קְרִיעגְט מֶען אוֹיךְ נִיט אַזוֹי לַייכְט אִין דֶער גָאלְדֶענֶער אַמֶערִיקָא. דַארוּף בֶּעדַארְף מֶען שְׁװֶוער אוּנ בִּיטֶטֶער אַרְבֵּייטֶען מִיט שְׁוַוייסס. סְ'אִיז גַאנְץ מֶעגְלִיךְ, אַז װֶוענְן אוּנְזֶערֶע יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ װֶועלֶען דָא אִין דֶער הֵיים אַזוֹי שְׁװֶוער אַרְבֵּייטֶען וִוי דָארְטֶען, זִיךְ נִיט

שֶׁאמֶען מִיט מְלָאכָה אונ זִיךְ לֶערְנֶען אִין דֶער יוּגֶענְד אַ פַאךְ, וָואלְט זֵיי הִיער אויךְ נִיט גֶעפֶּעהלְט קיין פַּרְנָסָה.

וָוארום אִין אַמֶערִיקַא אַזוי וִוי בַּיי אוּנְז גִילְט נִיט הַיינְט קיין יִחוּס, סְ'הֶעלְפְט נִיט קיין זְכוּת אָבוֹת אונ עֶס וֶוערֶען נור גֶעפָארְדֶערְט גֶעזוּנְטֶע אונ פֶעהִיגֶע הֶאנְד צוּ דֶער אַרְבֵּייט.

אָהן אַ פַאךְ, אָהן אַ פְּרָאפֶעססְיָאן, מִיט דֶעם שֵׁאן פֶּנִימֶל גֶעהט אַ מֶענְשׁ אוים פון הוּנְגֶער, אַזוי דָארְטֶען וִוי הִיעַ.

אַרְמַאנְד בְּאנְגֶע אִיז אויךְ גֶעקוּמֶען מִיט לֵיידִיגֶע הֶאנְד אִין אַמֶערִיקַא אונ עֶר הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט נֶעהמֶען צוּ דֶער עֶרְשְׁטֶער בֶּעסְטֶער בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג, וֶועלְכֶע פָארְדֶערְט נור נִיט קיין גֶאלְד אונ דַארִיבֶּער אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַ קָאלְפָארְטֶער, אָבֶּער אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער קָאלְפָארְטֶער.

יָא, דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער זֶעלְבִּיגֶער אַרְמָאנְד בָּאנְגֶע, וֶועלְכֶער הָאט אַזוי רוּהִיג גֶעלֶעבְּט בַּיי דֶער פְרוֹי גֶעבֶּעל, אֵיידֶער עֶר אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט מַארְיָאנֶען; דֶער זֶעלְבֶּער אַרְמַאנְד, וֶועלְכֶער אִיז מִיט אַמָאל דוּרְךְ אֵיין נַאכְט רַייךְ גֶעוָוארֶען אונ בֶּעקוּמֶען פון פָאטֶער דֶעם נָאטַארְיוּס נַאטַאסְיוּשׁ גַאנְצֶע פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד פְרַאנְק.

דָאס אִיז אָבֶּער אויךְ גֶעוֶוען דֶער זֶעלְבִּיגֶער אַרְמַאנְד, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אַנְטְרִינְקֶען מִיט שַׁאמְפַּאנְיֶער אִין דֶעם לֶעבֶּע-הויז פון פְרוֹי בּוּלַאנְסִי, אונ דוּרְךְ אֵיין נַאכְט פֶערְשְׁפִּיעלְט אִין קָארְטֶען דֶעם פָאטֶערְס גֶעשַׁאנְק.

אַךְ, וִוי שְׁוֶוער קוּמְט עֶר יֶעצְט אָב פַאר דֶעם חֵטְא! פון חֶרְפָּה אִיז עֶר עֶנְטְלָאפֶען פון פְרַאנְקְרֵייךְ, עֶר הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט דִי אויגֶען צוּ ווייזֶען פַאר מַארְיָאנֶען, זַיין לֵייכְטְזִינִיגְקֵייט הָאט אִיהם פֶערְטְרִיעבֶּען פון דֶער הֵיים אונ עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין אַמֶערִיקַא מוּכָן וּמְזוּמָן צוּ אַרְבֵּייטֶען פון אִין דֶער פְרִיה בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, אַבִּי נור צוּ פֶערְדִיענֶען אוֹיפ'ן עֶהְרְלִיכֶען וֶועג אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיד.

זַיין כַּוָּנָה אִיז גֶעוֶוען גוּט, אָבֶּער נִיט אַזוי לַייכְט אִיז עֶס גֶעוֶוען צוּ עֶרְפִילֶלֶען.

אַרְמַאנְד אִיז נִיט קיין אוֹיסְנַאהמֶע, אִין אַמֶערִיקַא קֶענְן מֶען טְרֶעפֶפֶען גַאנְץ אָפְט פִיעל אַזֶעלְכֶע יוּנְגֶע לַייט, וָואס בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים הָאבֶּען זֵיי גֶעשְׁפִּיעלְט אַ גַאנְצֶע רָאלֶע אונ אִין נוּיָארְק קֶענְנֶען זֵיי זִיךְ קיין עֵצָה נִיט גֶעבֶּען וִוי אַזוי צוּ פֶערְדִיענֶען אוֹיף פַּרְנָסָה.

אונ סְ'אִיז נִיט קיין וואוּנְדֶער.

אַ בּוֹים גֶעהמְט זִיךְ אויךְ אַזוי לַייכְט נִיט אָן אִין פְרִישֶׁע עֶרְד, בִּפְרַט אַ מֶענְשׁ.

אַרְמַאנְד הָאט שְׁוַואךְ גֶערֶעדְט עֶנְגְלִישׁ, אוֹיף אַמֶערִיקַאנֶער גֶעשֶׁעפְטֶען הָאט עֶר זִיךְ וֶוענִיג וָואס פֶערְשְׁטַאנֶען. אונ דֶערְבַּיי הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט אִין גַאנְצֶען

אַרויסְשְׁלָאגֶען פון קָאפּ דֶעם רַעיון וֶוענֶען קְרִינֶען אַ שְׁטֶעללֶע און נִיט ווִיללֶענְדִיג וֶוערֶען אַ קָאלְפָּארְטֶער פון עֶנְגְלִישֶׁע און דַייטְשֶׁע בְּלֶעטֶער. און ווִי מִיר וַוייסֶען שוין הָאט עֶר קַיין גְרויסֶע גְלִיקֶען נִיט גֶעמַאכְט.

נָאךְ אַ שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט פון אַ גַאנְצֶען טָאג אִיז אִיהם קוים אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אַזוי פִיעל רֵיין פֶערְדִיענְסְט צוּ קויפֶען נַאכְט־עֶססֶען אִין אַ בִּילְלִיגֶען גָארְקִיךְ און 10 סֶענְט אויף אַ נַאכְט־לֶעגֶער.

דִי 10 סֶענְט הָאט עֶר אָבְּגֶעלֵייגְט נָאךְ אֵיידֶער ווִי עֶר הָאט גֶענוּממֶען אַ בִּיסֶען אִין מויל, וַוייל עֶר הָאט שוין גֶעוואוּסְט וָואס דָאס הֵייסְט נִיט צוּ הָאבֶּען וואוּ דֶעם קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען.

אָה, עֶר גֶעדֵיינְקְט גוּט דֶעם טַעַם פון יֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע נֶאכְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁפַּאצִיערְט אָהן אַ צְוֶועק און אָהן אַ צִיעל אִיבֶּער דִי נוּיָארְקֶער גַאססֶען, בִּיז עֶר אִיז מִיעד אַנִידֶערְגֶעפַאללֶען אויף אַ קַאלְטֶע בַּאנְק פון אַ פַּארְק.

נִיט ווִיללֶענְדִיג פְלֶעגֶען זִיךְ אִיהם אויף דֶער בַּאנְק דִי אויגֶען צוּמַאכֶען און עֶר אִיז אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען.

דַאמָאלְס הָאט עֶר עֶרְשְׁט דֶערְשְׁפִּיערְט וָואס הֵייסְט אָרֶעמְקַייט און עֶלֶענְד. דִי פָּאלִיצֵיי הָאט אִיהם מִיט אַ גְרָאבֶּען שְׁטֶעקֶען גֶעטְרִיעבֶּען פון דֶער בַּאנְק גְלַייךְ ווִי אַ ווִילְדֶען הוּנְד. אָהן רַחֲמָנוּת הָאבֶּען זֵיי אִיהם אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דֶעם שְׁלָאף און עֶר הָאט גֶעמוּזְט וַוייטֶער זִיךְ אַרוּמְטְרַייבֶּען אִין דֶער קֶעלְט.

אַ שוידֶער גֶעהט אִיהם יֶעצְט דוּרְךְ דִי גְלִיעדֶער וֶוען עֶר דֶערְמָאנְט זִיךְ אָן יֶענֶע בִּיטֶערֶע נַאכְט.

עָרְגֶער בֶּעדַארְף שוין אַ מֶענְשׁ נִיט אָבְּקוּממֶען אויף דֶער וֶועלְט.

און פון דַאמָאלְס אָן הָאט אַרְמַאנְד קוֹדֶם כָּל אָבְּגֶעלֵייגְט דִי 10 סֶענְט אויף נַאכְטְלֶעגֶער, דָאס אִיז גֶעוֶוען בַּיי אִיהם דֶער עִיקָר. וֶוענִיגְסְטֶענְס וֶועט עֶר זִיךְ קֶענֶען אויסְשְׁלָאפֶען אוּנְטֶער אַ דַאךְ און הָאבֶּען כֹּחַ ווִיעדֶער אַרוּם צוּ לויפֶען אויף דֶעם צְוַוייטֶען טָאג אִיבֶּער דִי נוּיָארְקֶער גַאססֶען. און אַרְמַאנְד אִיז בִּיסְלִיכְוַוייז גֶעוָוארֶען צוּגֶעוֵוינְט צוּ שְׁלָאפֶען אִין דֶעם "הַכְנָסַת אוֹרְחִים". צוּם אָנְהויב פְלֶעגֶען אִיהם שוידֶערֶען אַללֶע גְלִיעדֶער, וֶוען עֶר פְלֶעגְט זִיךְ אַרוּמְקוּקֶען מִיט וֶועמֶען עֶר דַארְף שְׁלָאפֶען צוּזַאמֶען. דָאס אויסְוואוּרְף פון נוּיָארְק פְלֶעגְט אִיהם עֶקְלֶען מִיט זֵייעֶרֶע פֶערְדָארְבֶּענֶע גֶעשְׁפְּרֶעכֶען און מִאוּסֶע רֵייד, גַאנְץ אָפְט פְלֶעגְט אֵיין שְׁלֶעפֶּער בֶּעגַנְבֶהֶען דֶעם צְוַוייטֶען און צַייטֶענְוַוייז פְלֶעגְט וֶוערֶען אַ גֶעשְׁלֶעג אויף מֶעססֶערְס.

און אַרְמַאנְד הָאט עֶס אַלְץ גֶעמוּזְט אויסְהֶערֶען און צוּקוּקֶען...

נִיט אֵיין מָאל הָאט עֶר זִיךְ צוּוֵויינְט ווִי אַ קְלֵיין קִינְד, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן אַמָאלִיגֶע צַייטֶען, זַיין רוּהִיגֶע שְׁטֶעללֶע אִין דֶער פַאבְּרִיק און נָאכְדֶעם דִי בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט מִיט מַארְיָאנֶען, ווִי גוּט, ווִי וואוֹהל אִיז אִיהם דַאמָאלְס גֶעוֶוען!

יֶעצְט אָבֶּער וֶוערְט פון טָאג צו טָאג דִי לַאנְגֶע עֶרְגֶער אוּנ אַיין גָאטט וַוייס וָואס וַוייטֶער וָועט זַיין.

אִיבֶּערְהויפְּט הַיינְטִיגֶער טָאג זֶענֶען דִי צָרוֹת גָאר נִיט צוּ דֶערְלַיידֶען.

אוּנ אַרְמַאנְד בָּאנְגֶע הָאט שְׁוֶוער אַזִיפְץ גֶעגֶעבֶּען, וֶוענְן עֶר אִיז אַרִיבֶּער דִי שְׁוֶועלל פוּן דֶעם "הַכְנָסַת אוֹרְחִים".

מָארְגֶען אִיז אַיוֹם טוֹב, מָארְגֶען פּוּצְט זִיךְ יֶעדֶער מֶענְשׁ אוֹיס אוּנ רוּהט זִיךְ אָבּ פַאר דֶער נַאנְצֶער צַייט.

וָואס פַאר אַוָוערְטֶה הָאט אָבֶּער דֶער יוֹם טוֹב פַאר אַבֶּעטְלֶער, פַאר אַשְׁלֶעפְּפֶּער? אוּמְגֶעקֶעהְרְט, פַאר אִיהם אִיז נָאךְ דֶער יוֹם טוֹב עֶרְגֶער וִוי אַנְ'אַנְדֶער טָאג, דִי הוֹצָאָה אִיז גְרוֹיס אוּנ דִי הַכְנָסוֹת פוּן דֶעם טָאג וֶועניגֶער וִוי שְׁטֶענְדִיג.

אַרְמַאנְד הָאט יֶעצְט אִין דֶער טַאשׁ דְרַייסִיג סֶענְט אוּנ פוּן דֶעם מוּז עֶר נָאךְ פַאר הַיינְט אוּנ מָארְגֶען בֶּעצָאהלֶען דֶעם נַאכְטְלֶעגֶער אוּנ פַאר דֶעם רֶעשְׁט זִיךְ גֶעהרֶען אַנַאנְצֶען מֵעַט לֶעַת. אַרֶעשְׁט סְ'אִיז דָא פוּן וָואס צוּ רֶעדֶען! אִין גַאנְצֶען צֶעהן סֶענְט, דָאס הֵייסְט פֶּערְצִיג פֶּעננִיג, אָדֶער צְוַואנְצִיג קָאפֶּעקֶעס, אוּנ דֶערְפוּן דַארְף אַמֶענְשׁ לֶעבֶּען פִיער אוּנ צְוַואנְצִיג שָׁעָה! דָאס לֶעבֶּען אוּנְטֶער הַאלְטֶען קֶענְן מֶען אֲפִילוּ יָא, פַאר דִי צֶעהן סֶענְט קְרִיעגְט מֶען נָאךְ אַשְׁטִיק בְּרוֹיט מִיט אַגְלָאז קַאפֶּע, אָדֶער אַבִּיסֶעל גְרִיץ. הֵייסְט עֶס אָבֶּער אַלֶעבֶּען, וֶוענְן אַמֶענְשׁ דַארְף זָאגַאר יוֹם טוֹב זִיךְ שְׁפַּייזֶען מִיט טְרוּקֶען בְּרוֹיט אוּנ וַואסֶער?

דַאכְט זִיךְ גָאטט אַלֵיין הֵייסְט דָאךְ אוֹיךְ נִיט זִיךְ אַזוֹי צוּ קְוֶועלֶען אִין דִי הֵיילִיגֶע טֶאג.

סְ'הֶעלְפְט דָאךְ אָבֶּער נִיט, אַזוֹי אִיז שׁוֹין אוֹיף דֶער וֶועלְט. דֶער גְבִיר, זָאגַאר דֶער קָצִין, בַּיי אִיהם אִיז שְׁטֶענְדִיג יוֹם טוֹב, פְרֵיילִיךְ, אוּנ דֶער אָרֶעמַאן, דֶער גֶעדְרִיקְטֶער וַוייסס נִיט פוּן קֵיין שִׂמְחוֹת:

פֶּערְחשֶׁכְט, פֶּערְמָרָההשְׁחוֹרָהדִיק פֶּערְשִׁילְלְט עֶר תָּמִיד דֶעם טָאג, אִין וֶועלְכֶען עֶר אִיז גֶעבְּארֶען גֶעוָוארֶען אוּנ דָאס לֶעבֶּען וֶוערְט אִיהם וָואס אַמָאל מֶעהר צוּ לַאסְט.

אַרְמַאנְד בָּאנְגֶע, וֶועלְכֶער אִיז נִיט גֶעוָואהנְט גֶעוֶוען צוּ אַזֶעלְכֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע מַחְשָׁבוֹת, הָאט נָאךְ אַמָאל שְׁוֶוער אוּנ בִּיטֶער אַזִיפְץ גֶעגֶעבֶּען אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם הִילְצֶערְנֶעם הַייזֶעל, וואוּ סְ'אִיז גֶעוֶוען דִי קַאססֶע.

פַאר צֶעהן סֶענְט הָאט עֶר גֶעקְרִיגֶען אַבִּילֶעט, מִיט וֶועלְכֶען מֶען הָאט אִיהם נָאכְדֶעם אַרַיינְגֶעלָאזֶען אִין דֶעם שְׁלָאפְצִימֶמֶער.

דִי גְרוֹיסֶע זַאל אִיז גֶעוֶוען בֶּעלוֹיכְטֶען מִיט אַנַאז-לָאמְפּ אוּנ שׁוֹין פוּל מִיט מֶענְשֶׁען.

דִי פָּאדְלָאגֶע אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט מִיט מַאטְרַאצֶען פוּן שְׁטְרוֹי, אוֹיף

וָועלְכֶע סְ'זַיינֶען שׁוֹין גֶעלֶעגֶען אויסְגֶעצְויגֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע מֶאנְנֶער, אַלְט אונ יוּנְג, שְׁטַארְק אונ שְׁוַואךְ, גֶעזוּנְד אונ קְרַאנְק.

אַרְמַאנְד הָאט גֶעזוּכְט מִיט דִי אוֹיגֶען אַלֵיידִיגֶען פְּלַאטְץ זִיךְ אַנִידֶערְ צוּ לֵייגֶען.

דַאמָאלְס הָאט זִיךְ אויפְגֶעהויבֶּען פוּן גֶעלֶעגֶער אַ אַלְטֶער מַאנְן אונ אִיהם אַ ווִינְק גֶעגֶעבֶּען, אַז גֶעבֶּען אִיהם אִיז אֵיין מַאטְרַאץ נִיט פֶערְנוּמֶען.

אַרְמַאנְד אִיז הַאסְטִיג צוּגֶעגַאנְגֶען אויף דֶעם ווִינְק.

דֶער אַלְטֶער, וָועלְכֶער הָאט אִיהם אָנְגֶעווִיזֶען דֶעם לֵיידִיגֶען פְּלַאטְץ, אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְט אַ יָאהר זֶעכְצִיג אונ אויךְ אָרֶעם גֶעקְלֵיידֶעט.

אַ לַאנְגֶע ווַייסֶע בָּארְד בִּיז דֶער בְּרוּסְט הָאט פֶערְשְׁטֶעלְט זַיין גֶעזִיכְט, פוּן וָועלְכֶען סְ'הָאבֶּען זִיךְ נוּר אויסְגֶעגֶעבֶּען צְוַויי קְלוּגֶע אויגֶען.

אַרְמַאנְד הָאט דִי מִינוּט דֶערְקֶענְט זַיין שְׁכֵן. מִיט אַ פָּאר שָׁעָה צוּרִיק הָאט דֶער אַלְטֶער מַאנְן גֶעקויפְט בַּיי אִיהם עֶטְלִיכֶע קְלֵיינֶע בִּיכְלֶעךְ. אַרְמַאנְד הָאט זִיךְ אויף דַאמָאלְס נִיט וֶועגִיג גֶעווּאוּנְדֶערְט, פוּן ווַאנֶען הָאט אַזַא אָרֶעמַאנְן גֶעלְד אויסְצוּגֶעבֶּען אויף בִּיכֶער.

— מַיין נָאמֶען אִיז יָאעֶל — הָאט זִיךְ דֶער גְרוֹיעֶר מַאנְן קוּרְץ אונ שַׁארְף פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט — כְ'הָאבּ גֶעווּאוּסְט אַז מִיר וֶועלֶען זִיךְ טְרֶעפֶען. אָרֶעמֶע לַייט קוּמֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג צוּנוֹיף. נוּ ווִי אִיז אַייךְ הַיינְט גֶעגַאנְגֶען אִין פַּרְנָסָה?

דֶעם אַלְטֶענְס זִיסֶער קוֹל הָאט אויף אַרְמַאנְדֶען גֶעמַאכְט זֶעהר אַ גוּטֶען אַיינְדְרוּק, עֶר הָאט אָבֶער נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעקֶענְנְט פֶערְשְׁטֶעהן מִיט ווָאס דֶער אַלְטֶער בֶּעשֶׁעפְטִיגְט זִיךְ, אַז עֶר קֶענְן הָאבֶּען גֶעלְד אויף בִּיכְלֶעךְ.

— אַ פֶּעדְלֶער — אִיז בַּיי אִיהם עֶנְדְלִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען, וֶוענְן עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט, ווִי דֶער אַלְטֶער יָאעֶל הָאט אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט נֶעבֶּען זִיךְ אַ שֶׁאן פִּיערְקַאנְטִיגֶע פָּאלִירְטֶע קֶעסְטְעלֶע — אונ אַוַדאי מִיט זַייף אָדֶער פֶּערְפוּם.

— ווָאס עֶנְטְפֶערְט אִיהר מִיר נִיט אויף מַיין פְרַאגֶע, יוּנְגֶער מַאנְן? — הָאט ווַייטֶער דֶער אַלְטֶער יָאעֶל גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִיט ווָאס צוּ עֶנְטְפֶערֶען — הָאט אַרְמַאנְד ווַייטֶער גֶעזִיפְצְט — מִיר אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט צוּ מַאכֶען אִין אַמֶערִיקַא קֵיין גְלִיקֶען, סְ'גֶעהט נִיט, חָאטְשׁ צוּרַייסְט זִיךְ. ווָאס אַ טָאג ווַייטֶער אַלְץ עֶרְגֶער. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גְלִיקְ, לַייזֶען אונ פֶעדְדִיעֶנֶען, מִיךְ יָאגְט אָבֶער נָאךְ דֶער שְׁלִימַזָל.

— אַ גְרִינֶער? [1])

— יָא, כְ'בִּין נִיט קֵיין הִיגֶער. אַמָאל אִין מַיין פַאטֶערְלַאנְד, אִין פְרַאנְקְרַייךְ אִיז מִיר גֶעגַאנְגֶען גַאנְץ גוּט. מַיין שְׁלִימַזָל אָבֶער הָאט מִיךְ פֶערְטְרִיבֶּען פוּן דֶער הֵיים אונ דַארִיבֶּער פְּלָאג אִיךְ מִיךְ יֶעצְט אִין נוּיָארְק.

---

[1]) א גרינער הייססט ביי די אמעריקאנער א פרעמדער, וועלכער איז געקוממען נאך אמעריקא מאכען געלד.

אַךְ, איהר זַייט נִיט אֵיינֶער, מַיין לִיעבֶּער פְרַיינְד. אִין אַמֶעריִקא וִוי אִין דֶער גאַנְצֶער וֶועלְט פֶּעהלֶען נִיט קֵיין אָרֶעמֶע לַייט. אִיהר זַייט וֶוענִיגְסְטֶענְס יוּנְג אוּנ הָאט נָאךְ אַ הָאפפְנוּנְג שְׁפֶּעטֶער זִיךְ אויסצוּאַרְבַּייטֶען; אָזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען אָבֶּער וִוי אִיךְ, וֶועלְכֶע מוּזֶען זִיךְ אויף דֶער עֶלְטֶער, בַּיי דִי גְרויֶע הָאר אַזוֹי בִּיטֶער קְוֶואלֶען, וָואס זָאלֶען מִיר שׁוין זָאגֶען? מִיר וֶועלֶען זִיךְ שׁוין אַזוֹי אַרוּמפְּלָאגֶען בִּיז אוּנְזֶער לֶעצְטֶע שָׁעָה וֶועט קוּמֶען. זָאגְט מִיר נוּר, אִין וָואס אֵיינֶענְטְלִיךְ בֶּעשְׁטֶעהט אַייעֶר אָרֶעמְקַייט, אִיהר הָאט נִיט פַאר וָואס צוּ לֵייזֶען?

— נֵיין, נִיט אִין דֶעם אִיז דָאס גאַנְץ אוּנְגְלִיקק, פִיעל עֶרְגֶער אִיז וָואס אִיךְ קֶענְן קֵיין לִיעגֶען נִיט זָאגֶען אוּנ הָאבּ נִיט דִי פֶּעהִיגְקַייט צוּ פֶערְטוּמְמְלֶען דֶעם קוּנְד מִיט שְׁקָרִים, וָואס זַיינֶען נִיט גֶעשְׁטוּיגֶען אוּנ נִיט גֶעפְלוֹיגֶען. אִיבְּרִיגֶענְס הָאט אִיהר דָאךְ הַיינְט אַלֵיין גֶעזֶעהן וִוי אַזוֹי בְּ׳טְרַייבּ מַיין גֶעשֶׁעפְט;

— פוּן מִיר אִיז קֵיין רְאָיָה נִיט, כְּ׳הָאבּ מִיךְ מִיט אַייךְ נִיט גֶעדוּנְגֶען, וַוייל כְּ׳ווייסס אַלֵיין דֶעם טַעַם פוּן נוֹיט. אִיבְּרִיגֶענְס הָאבּ אִיךְ דָאךְ פִיעל נִיט גֶע־קוֹיפְט.

— פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אִיהר מִיךְ דֶערְהַאלְטֶען בַּיים לֶעבֶּען. אָהן אַייעֶר קְנִיָה וָואלְט אִיךְ יֶעצְט גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וָואס מֶען טְהוּט, וַוייל נָאךְ אַלֶע גְלִיקֶען אִיז מִיר דָאךְ אִין דֶער טַאשׁ נִיט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען מֶעהר וִוי צְוֶעהן סֶענְט אויף הַיינְט אוּנ מָארְגֶען.

— אִיז דָאךְ אויף אַייךְ וִוירְקְלִיךְ אַ רַחֲמָנוּת. וַוייסְט אִיהר וָואס כְּ׳הָאבּ אַ פְּלַאן? דִי וָואךְ הָאבּ אִיךְ גוּט פֶערְדִיענְט מִיט מַיינֶע זַאכֶען אוּנ מִיר אִיז נָאךְ אַלֶע אויס־גאַבֶּען בִּיז אִיבֶּער יוֹם טוֹב, נָאךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אַ רֶעשְׁט אַ גאַנְצֶער דָאלַאר. אוֹיבּ אִיהר וִוילְט קֶענְן אִיךְ מִיךְ מִיט אַייךְ טְהֵיילֶען אויף דֶער הֶעלְפְט.

אַרְמַאנְד אִיז בְּלַייךְ גֶעוָוארֶען אוּנ מִיט אַ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶענֶער שְׁטִימֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— זָאלל מִיךְ גָאטט אָבְּהִיטֶען, כְּ׳זָאלל לֶעבֶּען פוּן קְצָבָה. בַּיי מִיר הֵייסְט עֶס קְצָבָה, וַוייל כְּ׳הָאבּ קֵיין שׁוּם הָאפפְנוּנְג נִיט אַייךְ דֶעם חוֹב אַמָאל צוּ בֶּעצָאהלֶען. כְּ׳הָאבּ אויף מַיין לֶעבֶּען קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט קֵיין עַוְלָה גֶעטְהוּן, בִּפְרַט נָאךְ אַזַא אָרֶעמ־מַאנְן וִוי אִיהר זַייט.

— אֱמֶת, אָרֶעם בִּין אִיךְ — הָאט דֶער אַלְטֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען גֶעלַאסֶען — דִי 50 סֶענְט וֶועלֶען מִיךְ אָבֶּער פַאר קֵיין גְבִיר נִיט מַאכֶען, מִיט זַיי וֶועלל אִיךְ נִיט גְלִיקְקְלִיכֶער, אוּנ אָהן זַיי נִיט אוּמְגְלִיקְקְלִיכֶער זַיין וִוי בִּיז יֶעצְט. אִיהר הָאט דַארִיבֶּער נִיט וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען, אַז אִיהר וֶועט חָלִילָה נִיט קֶענֶען מִיר אָבּ־גֶעבֶּען דֶעם חוֹב, כְּ׳שֵׁינְק עֶס אַייךְ סַיי וִוי סַיי.

אַרְמַאנְד הָאט זִיךְ אויפְגֶעהוֹיבֶּען, זַיינֶע אוֹיגֶען זַיינֶען פֶערְלָאפֶען מִיט בְּלוּט אוּנ עֶר הָאט מִיט אַ רֵיינֶער שְׁטִימֶע דַייטְלִיךְ גֶעזָאגְט:

— נֵיין, לִיעבֶּער רָאעֶל, אַזוֹי נִיעדֶערִיג בִּ׳ן אִיךְ נָאךְ נִיט גֶעפַאלֶען, כְּ׳זָאלל

חָלִילָה גֶעהֶמֶען נְדָבוֹת. מַיין שְׁלִימַזָל צְווינְגְט מִיךְ כְּ׳זָאלל דָא גֶעכְטִינֶען צְווַאמֶען מִיט פֶערְשִׁיעדֶענֶע מֶענְשֶׁען, וִוי אויךְ מִיט בֶּעטְלֶער, מַיין שְׁטָאלְץ אָבֶּער הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט פֶערְלָארֶען.

– אִיךְ הָאבּ דָאךְ קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט אויסְסֶען גֶעוֶוען, מַיין כַּוָּנָה אִיז גוּט, כְּ׳הָאבּ חָלִילָה נִיט גֶעמֵיינְט אַייךְ צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען – הָאט זִיךְ פֶערְעֶנְטְפֶערְט דֶער אַלְטֶער מַאנן. וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען גֶערִיהרְט פוּן אַרְמַאנְדְס רֵייד.

נָאכְדֶעם הָאבֶּען זֵיי זִיךְ בֵּיידֶע וֵויטֶער גֶעלֵייגְט אויף דִי מַאטְרַאצֶען אוּנ דֶער אַלְטֶער יָאעֶל הָאט נִיט אויפְגֶעהֶערְט צוּ קוּקֶען מִיט זַיין רַחֲמָנוּתְדִיגֶען בְּלִיקק אויף אַרְמַאנְדֶען, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט בֶּערוּהִיגְט.

– אִיהר זַייט אַלְזָא אַ גֶעבָּארֶענֶער אַ פַּארִיזֶער? – הָאט דֶער אַלְטֶער יָאעֶל גֶע־פְּרֶעגְט נָאךְ אַ קוּרְצֶער פּוֹיזֶע.

– יָא, מַיין הֶערר, גֶעבָּארֶען אוּנ עֶרְצוֹיגֶען אִין פַּארִיז.

בַּיי דֶער תְּשׁוּבָה הָאט זִיךְ אַרְמַאנְד׳ס צְוֵויטֶער שְׁכֵן אַקֶעהר גֶעגֶעבֶּען אויף זַיין גֶעלֶעגֶער, גְלַייךְ וִוי עֶר וָואלְט זִיךְ יֶעצְט אויפְגֶעכַאפְּט פוּן אַ שְׁטַארְקֶען שְׁלָאף. אִין אֱמֶת׳ן אָבֶּער הָאט עֶר מִיט דִי הַאלְבּ צוּגֶעמַאכְטֶע אויגֶען שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דֶעם אָרִימֶען קָאלְפָּארְטֶער.

דֶער מַאנן אִיז גֶעוֶוען וֶועניגֶער אָרֶעם גֶעקְלֵיידֶעט וִוי דִי אִיבֶּערִיגֶע גֶאסְט פוּן דֶעם „הַכְנָסַת אוֹרְחִים” אוּנ זַיין אויסְזֶעהֶען הָאט יֶעדֶען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז דָא נוּר מִיט אַ צוּפַאלל, אַלֶענְפַאללְס נִיט קֵיין שְׁטֶענְדִיגֶער גַאסְט.

– אִיהר זַייט אַלְזָא אַ פַּארִיזֶער? – הָאט זִיךְ וַוייטֶער אִינְטֶערֶעסִירְט דֶער אַלְטֶער יָאעֶל – אוּנ וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאט אִיהר דַארְטֶען פִיעל בֶּעקַאנְנְטֶע יוּנְגֶע לַייט?

– אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגֶען דֶעם אֱמֶת, אַז אִיךְ בִּין אַ מֶענְשׁ וֶועלְכֶער וַוייכְט פוּן גְרוֹיסֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְטֶען. מִיר הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעפֶעהלְט, ווייל כְּ׳הָאבּ גֶעהַאט אַ גוּטֶע שְׁטֶעללֶע אִין אַ בְּלוּמֶענְפַאבְּרִיק אַלְס בּוּכְהַאלְטֶער, נוּר בֶּעקַאנְטֶע הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט גַאנְץ וֶועניג אוּנ דָאס רוֹב עֶלְטֶערֶע מֶענְשֶׁען.

– ס׳אִיז אָן אַייךְ קֶענְנְטִיג אַז אִיהר זַייט אַ סָאלִידֶער מֶענְשׁ, נוּר פוּנְדֶעסְט־וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעוָואלְט פְרֶעגֶען, אוֹיבּ אִיהר הָאט נִיט אָפְט מָאל גֶעטְרָאפֶען אִין פַּארִיז אַ אַמֶערִיקַאנֶערִין מִיט דֶעם נָאמֶען אַלִיצְיַא טֶערְרְהִי?

אַרְמַאנְד הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל פֶערְטְרַאכְט, נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט:

– קֶענֶנֶען קֶענן אִיךְ זִי אַוַדַאי נִיט, דֶעם נָאמֶען אָבֶּער גֶעדֵיינְק אִיךְ יָא. כְּ׳הָאבּ עֶפֶּעס אַמָאל גֶעלֵייעֶנְט אִין דִי צַייטוּנְג אַז אִין אַמֶערִיקַא אִיז דָא אַ בֶּערִיהְמְטֶע פְרוֹי אִין דֶער גֶעהֵיים־פָּאלִיצַיי אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען.

דֶער אַלְטֶער הָאט אַצִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס.

– נֵיין, נִיט דִי הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט. וִוי קוּמְט אִיךְ אָרֶעמֶער פֶּעדְלֶער צוּ אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע פֶּערְזָאנֶען, וִוי אַלִיצְיַא טֶערְרְהִי?

נאכדעם האט ער ווידער זיך אַוויילע אָבגערוהט און דאַנן געזאָגט:

— כ'מיין, דאס בעסטע פאר אונז וועט זיין מיר זאָללען זיך צווואס איבער־שלאָפען. אין שלאָף פערגעססט אַ מענש אַללע צרות.

און דער אַלטער מאַנן האט צוגעמאַכט די אויגען.

באַלד אָבער האט איהם אַרמאַנד אַ ריהר־געגעבען מיט דער האַנד.

— הערר יאַעל — האט ער געזאָגט — איהר שלאָפט?

— נאָך ניט, מיין הערר. וואס ווילט איהר דענן? — אַוודאי זיך אויסרוהען דאס האַרץ. רייד, מיין קינד. פון אויסריידען זיך ווערט שטענדיג לייכטער.

— ניין, הערר יאַעל, איך וועלל אייך שוין מעהר דעם קאָפּ ניט פערדרייען, אין קורצען וועל איך אייך נור זאָגען: אַ גוטע נאַכט אויף שטענדיג.

— כ'פערשטעה אייך ניט. וואס זאלל עס דענן בעדייטען?

— דאס הייסט, כ'וויל מיך מיט אייך זעגענען, אייִדער איך וועלל מיך שיידען מיט'ן לעבען.

— האַ! — האט דער אַלטער פעדלער עטוואס העכער אַ געשריי געגעבען — איהר ווילט אייך אַלליין דאס לעבען נעהמען, דאס איז ניט נור אַ עבֵרה פאר גאָט, זאָנדערען אויך אַ חרפּה פאר מענשען, דער אמתער העלד ענטלויפט ניט פון דער לעבען־מלחמה, נור ער האלט אויס פּלאַטץ ביז צום סוף.

— איך בין אָבער ניט קיין העלד, ליעבער יאַעל, און איך ענטלויף ניט פון דער מלחמה נור פון זיך אַלליין. מיין שׂונא זיצט אין מיר און ער רודפט מיך יעדע מינוט. איך זעה אַז איך וועלל איהם ניט גובר זיין און דאַריבער גיעב איך מיך אונטער. גלויבט מיר, כ'בין ניט קיין טרוסס, נור ווענן איהר ווייססט אַלץ, וואס כ'האב דורכגעמאַכט ביז איך בין געקומען אַהער, וואָללט איהר אַלליין מודה געווען, אַז כ'האב רעכט אויף אַלץ.

אַרמאַנד האט גערעדט מיט פייער און טרערען האבען זיך איהם בעוויזען אין די אויגען. פון גרויסס היטץ האט ער פערגעססען אַז די זאַל איז אַ רשות־הרבים וואו יעדערער וויל שלאָפען רוהיג.

פון איין זייט צימער האט זיך ווירקליך ביי זיינע לעצטע ווערטער אויפגעהויבען אַ שוואַרצער נעגער און אַ געשריי געגעבען אויפ'ן גאַנצען קול:

— צום טייפעל! טאָמער קעננט איהר אויפהערען צו פּלוידערען און לאָזען אָרענטליכע מענשען שלאָפען? ס'איז אַ ריינער אומגליק מיט די גרינע!

— רעדט אַביסעל שטיללער — האט זיך אָבגערופען יאַעל צו אַר־מאַנדען — רוקט זיך צו אַביסעל נאָהנטער צו מיר און ערצעהלט מיר גענוי די גאַנצע געשיכטע פון אייער לעבען:

מיט וואַרעמע ווערטער, וועלכע געהען אַרויס גלייך פון האַרצען, האט אַרמאַנד אָבגעשילדערט זיין לעבענסגעשיכטע, אַלץ וואס מיט איהם האט פּאַססירט אין די לעצטע פאר יאָהרען, זינט ער האט זיך אַריינגעצויגען צו פרוי נאַבעל, ביז

דעם לעצטען אומגליקליכען צופאלל ביי דער פרוי בולאנסי, ווענן דער שוואַרצער מאַאר האט איהם אַזוי מאוס צוגענומען די פאר גראשען.

— וואס אַלזא קענן מיך נאך אָבהאַלטען ביים לעבען? — האט ער געענדיגט זיין ערצעהלונג — פערוואָגעלט, פערטריבען פון דער היים, וועלל איך שוין קיין מאל ניט אָנקוקען מיין ליעבע מאַרזאַנען, וועלכע האט שוין געוויסס פערגעסען אָן מיר אונ איהר האַנד אַוועקגעגעבען אַ ג'אַנגער אָרענטליכען יונגען מאַנן, וועלכער שפיעלט ניט אין קארטען אונ לאָזט זיך ניט פערפיהרען פון שלעכטע מענשען.

דער אַלטער יאָעל האט געגלעט די לאַנגע ווייססע באָרד. נאך אַ קורצער פויזע האט ער געפרעגט:

— איהר זייט אַלזא פעסט בעשלאָססען צו מאַכען אַ סוף מיט זיך?

— גאַנץ פעסט, מאָרגען פריה געה איך אַוועק פון דאַנען אונ מיטטאָג־צייט וועלל איך שוין זיין אויף יענער וועלט.

— גוט אַלזא — האט זיך אָבגערופען דער אַלטער יאָעל, וועלכער האט אַלץ ניט אויפגעהערט צו גלעטען די באָרד — ביי אונז אין אַמעריקא איז אַ אַלטע תקנה קיינעם ניט צו שטערען מיט דאס, וואס איהם געפעלט. נאך אייער מיינונג קענט איהר לייגער ניט לעבען, גוט אַלזא, שטאַרבט געזונדערהייט. איך האב אייך נור געוואָללט געבען פאַרדעם אַ עצה טובה.

אונ דער אַלטער יאָעל האט ביי די ווערטער זיך ניט געענדערט אונ געהאט אַ מינע פון אַ מענשען, וועלכער ווייסס וואס ער רעדט.

אַרמאַנד דאַנגען האט ביטטער אַ שמייכעל געגעבען.

— וואס פאַר אַ עצה קענט איהר מיר געבען אין אַזא געלעגענהייט? האט ער פערוואונדערט געפרעגט.

— לאַכט ניט, מיין פריינד — האט יאָעל אויך געענטפערט מיט אַ שמייכעל — מיינט ניט, דאס לעבען נעהמען קומט אויך ניט אָן אַזוי גרינג. מיט יעדער זאך מוז מען וויסען ווי אַזוי זיך צו בעגעהען. אט זאָגט מיר, אַדרבא, האט איהר שוין אַ קלעהר געגעבען וועגען דעם אויף וואס פאַר אַ אַרט איהר וועט זיך דאס לעבען נעהמען?

— וועגען דעם איז שוין ביי מיר אויך בעשלאָססען זיך אַראָבצוואַרפען פון דער בריק אין דעם טייך, וועלכער גרענעצט זיך מיט דעם אָצעאַן, כדי די חוואַליעס זאללען וואס שנעללער צושמעטטערן מיינע גליעדער.

— איהר קענט שווימען?

— יאָ, אַמאָל בין איך זאַגאַר געוועזען פון די גוטע שווימער.

— זעהט איהר, אָט דאס טויג טאַקי ניט, ווייל אין דער לעצטער מינוט וועט איהר ניט האבען אַזוי פיעל מוטה זיך איינצוהאַלטען אונ ניט צו שווימען אונ פון דעם קענן אַרויסקומען אַ נייעס אומגליקק פיר אייך. דער פּאָליציסט וועט אייך בעמערקען ווי איהר וועט שווימען אונ אייער קערפער לאָזען ראַטעווען.

דאמאלס מאכט זיך אַ נייער פּראַקטאַקאל און לויט אַמעריקאַנישע געזעצען קוממט אַ גרויסע שטראף דערפאר, ווען אַ מענש וויל זיך פרייוויליג דאס לעבען נעהמען.

— זעהט איהר, איך האב עס טאקי ניט בערעכענט, מיילא, וועל איך מיר אויסזעהען אַ נ׳אַנדערע טויט, פאר די צוואַנציג סענט קריעג איך דאך נאך אַ שטריק זיך אויפצוהאַנגען.

— אויך מיר אַ טויט אויף דער תליה! — האט דער אַלטער אַ מאך געגעבען מיט דער האַנד.

— וואס דענן זאלל איך טהון, אַז איך האב קיין געלד ניט אויף אַ פּיסטאַלעט? „אַרעמאַנן זופּ קרופּניק" איז אַ אַלטער ווארטעל.

— זעהט איהר שוין אַז כ׳האב פאַרדעם רעכט געהאט, ווען כ׳האב געזאגט אַז דאס לעבען נעהמען קוממט אויך ניט לייכט אָן אין נויארק און בפרט פאַר אַ אַרעמאַנן. שטענדיג מוז עפּעס שטערען אונזערע, זאגאר די בעסטע פּלאנער, נור ווי די מעשה איז בין איך אייך אַ גוטער פריינד, דערצו אָבער אַ אַרעמאַנן, וועלכער קענן אייך מיט גאר ניט העלפען, נור האבסטענס געבען אַ גוטע עצה, ווי אַזוי וואס גיכער אַראבצוּוואַרפען פון זיך די לאַסט פון לעבען. איהר האט אַמאל געהערט פון דעם מענלאַ־פּאַרק?[1]

— ווער קענן ניט דעם מענלאַ־פּאַרק? — האט האַסטיג געענטפערט אַרמאַנד, וועלכער האט אויף קיין פאלל ניט געקעננט בעגרייפען וואס פאַר אַ שייכות דער פּאַרק האט מיט זיין טויט — וועלכער נויארקער איינוואָהנער קענן ניט דעם פּלאַטץ, וואו דער בעריהמטער ערפינדער, דער גרויסער עדיסאָן, האט אויסגעבויט זיין מהורם און די גרויסע עלעקטרישע פאַבריק? אַך, עדיסאָן, עדיסאָן! אט דאס הייסט אַ גליקקליכער מענש. ער האט ערדייכט וואס ער האט געוואָללט, ער האט דער וועלט גרויסע טובות פערשאפפט און זיך אויך קיין רעה ניט געטהון. מען זאגט אַז ער איז היינט איינער פון די מיליאָנערען.

דער אַלטער יאָעל האט אַראבגעלאָזען די אויגען אויף דער ברוסט, ווען אַרמאַנד האט אָנגעהויבען צו לויבען עדיסאָנס חכמות און עשירות.

— אמת — האט דער אַלטער ענדליך געזאגט — עדיסאָן איז עולה לגדולה געוועזען, איהם איז היינט זעלטען גוט, ניט אומזיסט רופט מען איהם מכשף. כ׳וואָללט, גלויבט מיר, געשוואוירען אַז קיין כשוף מאכט ער ניט, נור גלאט איהם איז געלונגען נחת צו האבען פון זיין אַרבייט.

פונדעסטוועגען ווייסט איהר, יונגער מאַנן, אַז דער זעלביגער גרויסער און בעריהמטער עדיסאָן איז אַמאל געוועזען אַ קבצן און גאר פון די גרויסע. אָנגע־

---

[1]) פּארק — אַ גרויסער פלאַטץ צום שפּאַציערען פאר דעם עולם, געוועהנליך איז ער בעפלאַנצט מיט בוימער.

הויבען האט ער פון קליינינקייטען, נור ביסליכווייז, מיט דער צייט איז ער וואס אמאל ווייטער געקוממען. געוועהנליך האט עם איהם געקאסט גענוג מיה און מאטערנעש, דער עולם האט צום אנהויב חוזק געמאכט פון זיינע ערפינדונגען, זאגאר די געלערנטע מענשען האבען געלאכט אין די הויפענס פון זיינע פלענער. ער האט אבער ניט געקוקט דארויף און געגאנגען ווייטער זיין וועג טריט ביי טריט, ביז ער האט דערגרייכט צו דער שטופע. איהר ווייסט וואס נאך מען זאגט, אז זאגאר יעצט אויף דער עלטער, ווענן ער איז שוין א ביססעל טויב און אבגעשוואכט רוהט ער א מינוט ניט און איז תמיד פערנוממען מיט דעם קלערען וואס אויפצוטהון נייעם.

גענוג אבער וועגען איהם, וואס קענען אונז ווארעמען זיינע מיליאנען? פארלייפיג בעדארפען מיר נור זיין פארק, ניט מעהר.

אלזא אין דעם פארק איז פאראן א הויכער טהורם. פון זיין שפיטץ קענן מען אנקוקען די גאנצע שטאדט. עדיסאן האט איהם עקסטרא געלאזט בויען, כדי צו זיטצען דארטען רוהיג אבגעריסען פון דער גאנצער וועלט און טראכטען וועגען זיינע ערפינדונגען;

דארטען אויבען אויף דעם שפיטץ שטערט קיינער ניט דעם ערפינדער צו טראכטען, ווייל אויף דעם שפיטץ קוממט ניט צו דער גערויש פון גאסס.

אונטען רוישט די שטאדט, מענשען לויפען הין און צוריק ווי משוגעים.

אויבען אבער איז ער אליין, אליין מיט זיינע געדאנקען.

דער טהורם איז א גאנצען טאג אפפען, ניט צוגעשלאססען, פאר מיטטאג געהט דארטען עדיסאן קיין מאל ניט ארויף. אלזא, אויב איהר האט ווירקליך חשק זיך צו שיידען מיט דעם לעבען, איז קיין בעסערער פלאן ניט דא ווי ארויפצוגעהען אויף דעם טהורם און זיך פון אויבען, דורך דעם קליינעם שווינדעל-פענסטעריל אראבוואַרפען אויף דערערד. דער טויט קוממט די מינוט אהן יסורים.

— און איהר זייט זיכער אז ס'איז אזוי אלץ ווי איהר האט געזאגט? — האט ארמאנד געפרעגט נאך א קורצער פויזע.

— גאנץ געוויסס — איז געוועזען יאעלס תשובה — עדיסאנס טהורם איז ניט ווייט פון נויארק, אין גאנצען א שעה וועג און איך קומם דארט אהין כמעט יעדען טאג, ווייסס איך גענוי וואס דארטען טהוט זיך. ניט איינער איז שוין אויף אזא ארט פטור געווארען פון זיינע צרות, דאס טרעפט זיך דארטען גאנץ אפט.

— דאנק אייך, ליעבער יאעל. מיר אליין געפאללט אויך דער פלאן, זיך צו זעגענען מיט דער וועלט פון א גאנץ הויכען טהורם און נאכדעם, איין שפרונג און א סוף מיט'ן לעבען.

— גוט אלזא, יונגער מאנן, זיינען מיר שוין דערמיט פארטיג, יעצט לייגט אייך אוועק און שלאפט זיך נאך וועניגסטענס גוט אויס די לעצטע נאכט.

און יאעל האט הערצליך ארומגענוממען דעם נייען בעקאנטען און באלד זיך ווידער אוועקגעלייגט אויף זיין געלעגער.

דָאס מָאל, דַאכְט זִיךְ, אִיז דֶער אַלְטֶער מַאנן װירְקְלִיךְ אײַנְגֶעשְׁלָאפֶען.

אַרְמַאנְד בָּאנְנֶע דַאגֶעגֶען אִיז נִיט גֶעוֶוען אִים שְׁטַאנְד אַ אויג צוּ צוּטְהוּן.

מִיט אָפֶענֶע אויגֶען הָאט עֶר זִיךְ אוּנרוּהִיג גֶעוָוארְפֶען אויף זַיין גֶעלֶעגֶער.

עֶר הָאט גֶעהֶערְט וִוי דֶער נֶעגֶער הָאט גֶעשְׁמַאק גֶעחְרָאפֶּעט, גְלַייךְ וִוי מֶען זֶענְט הָאלְץ. פוּן נַאסס הָאט זִיךְ אויךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען דֶער גֶערוּישׁ פוּן דִי רֶעדֶער. נָאכְדֶעם זַיינֶען אִיהְם בִּיסְלִיכְוַויז גֶעקוּמֶען פַאר דִי אויגֶען דִי אַללֶע בִּילְדֶער, פוּן וֶועלְכֶע עֶר הָאט נוּר וָואס גֶערֶעדְט מִיט דֶעם אַלְטֶען מַאנן.

אָט זֶעהט עֶר מַארְיָאנֶען מִיט אִיהְר קִינְד!

גַאנְץ גֶעוִויסס, דָאס אִיז זִי, עֶר דֶערְקֶענְנְט זִי אָן דִי גָאלְדֶענֶע הָאר, דִי רָאזֶענְדִיגֶע חֵנֶודִיגֶע לִיפֶּעלַאךְ אוּנ דִי קָאהלֶען־שְׁוַוארְצֶע אויגֶען.

דִי עֶרִינְנֶערוּנְגֶען רֵייצֶען אִיהְם אויף דִי נֶערְוֶוען. נֵיין, עֶר קֶענן מַארְיָאנֶען נִיט פֶערְגֶעסֶען, אִיהְר לִיעבֶּע הָאט אויף אִיהְם גֶעמַאכְט אַ שְׁוֶוערֶען אַיינְדְרוּקק, אַ רוּשֶׁם, וֶועלְכֶער וֶועט זִיךְ נוּר עֶנְדִיגֶען צוּזַאמֶען מִיט זַיין לֶעבֶּען!

יֶעצְט לִיגֶענְדִיג דָא אויף דֶעם שְׁטְרוֹי־זַאק, צְוִוישֶׁען שִׁכּוֹרִים אוּנ בֶּעטְטְלֶער, שְׁפִּיעְרְט עֶר נָאךְ אויף זַיינֶע לִיפֶּען אִיהְרֶע הֵייסֶע בְּרֶענְנֶענְדִיגֶע קוּשֶׁען.

— מַארְיָאן, מַארְיָאן! -- שְׁטַאמְמְלֶען זַיינֶע לִיפֶּען. אוּנ עֶר שְׁפִּירְט, וִוי אִינְוֶוייניג, דָארְטֶען בַּיים הַארְץ גִיט אִיהְם עֶפֶּעס אַ דְרִיקְק. עֶר מַאכְט מִיט פְּלַייסס צוּ דִי אויגֶען, עֶר זָאלל קֶענְנֶען בֶּעססֶער זִיךְ פָארְשְׁטֶעללֶען מַארְיָאנְס בִּילְד.

פְּלוּצְלִינְג אָבֶּער דֶערְשְׁפִּיעְרְט עֶר אויף זַיינֶע פְּלֵייצֶעס אַ הַאנְד.

עֶר עֶפֶענְט הַאסְטִיג דִי אויגֶען אוּנ דֶערְזֶעהְט דֶעם שָׁכֵן פוּן דֶער לִינְקֶער זַייט. זַיין וואוּנְדֶער אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוֶוען, וֶוען דֶער פְרֶעמְדֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט מִיט אַ רֵיינֶער פְרַאנְצוֹיזִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע:

— אִיהְר זַייט אַלְזָא אַ פְרַאנְצוֹיז פוּן פַּארִיז?

— יָא, מַיין הֶערר, אָבֶער...

— שַׁא, רֶעדְט נִיט אַזוֹי הוֹיךְ, מֶען קֶענְן אוּנְז נָאךְ דֶערְהֶערֶען. צוּפֶאללִיגֶער־וַוייזֶע הָאבּ אִיךְ אויסגֶעהֶערְט וָואס אִיהְר הָאט עֶרְצֶעהלְט דֶעם אַלְטֶען מַאנן אוּנ אִיךְ הָאבּ אויף אַייךְ אֱמֶת רַחֲמָנוּת, וַוייל אִיךְ בִּין אויךְ אַ פַּארִיזֶער. מַיין נָאמֶען אִיז מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד. מִיר דַאכְט זִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ אַ פְּלַאן וִוי אַזוֹי אַייךְ אַרוֹיסצוּהֶעלְפֶען פוּן נוֹיט, זָאגְט מִיר נוּר וִוי רוּפְט מֶען אַייךְ מִיט'ן נָאמֶען?

— אַרְמַאנְד בָּאנְנֶע.

— אַלְזָא, שֶׁאן, הֶערר בָּאנְנֶע, גוּט וָואס מִיר הָאבֶּען זִיךְ דָא צוּזַאמֶענְגֶע־טְרָאפֶען, וֶועלל אִיךְ חָאטְשׁ אַ טוֹבָה טְהוּן אַ מֶענְשֶׁען פוּן אֵיין שְׁטָאדְט.

— מִיר פְרֵייט עֶס אויךְ זֶעהר בֶּעקַאנְנְט צוּ וֶוערֶען מִיט אַייךְ, לֵיידֶער אָבֶּער אִיז דֶער אָרְט נִיט פַּאססֶענְד אויף אַזֶעלְכֶע זַאכֶען.

— וֶוענִיגְסְטֶענְס מִיךְ הָאט נִיט דִי נוֹיט אַהֶער גֶעבְּרַאכְט אִין „הַכְנָסַת אוֹרְחִים" — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מַארְצֶעל.

– נור וָואס הֶענן ? – הָאט זיך גֶעוואונדֶערט אַרְמַאנְד – זיינֶען הֶענן דָא נאָהן אַ זָעלְבֶע מֶענְשֶׁען, וָואס קוממֶען אַהֶער פון וואהלְטָאג ? ווייניגְסְטֶענְס איך קֶענן ניט בֶּעגְרַייפֶען ווי אַזוי אַ מֶענְש וָואס הָאט אַ הֵיים, זָאלל זיך בֶּעשְׁלִיסֶען אַהֶערצוקוממֶען חָאטְש אויף אַ פָּאר שָׁעָה.

– זֶעהט אִיהְר טַאקִי אַז אִיהְר הָאט אַ טָעוּת, אָט אִיך בִּין אַהֶערגֶעקוממֶען קֶענן מֶענן זָאגֶען פון וואהלְטָאג. נור צוליעב אַ גֶעוויסֶען גֶעשֶׁאפְט גֶעבְּטִיג איך שוין דָא דִי דְרִיטֶע נַאכְט.

אַלְזָא צו דֶער זַאך. כ'זָאג אַייך נָאך אַ מָאל, הֶערר אַרְמַאנְד, אַז פָּארלֵייפִיג בֶּעדַארְפְט אִיהְר נָאך טְהַייעֶר הַאלְטֶען אַייער לֶעבֶּען.

– נַיין, הֶערר בֶּערנַארְד, וֶוענן אִיהְר וֵוייסְט אַ צֶעהְנְטִיל וָואס אִיך וָואללְט אִיהְר אויך גֶעזָאגְט אַז פַאר מִיר אִיז נור דָא אֵיין בְּרֵירָה – דֶער טוידְט.

– אֲפִילוּ דַאמָאלְס וֶוענן אִיהְר וָואללְט גֶעהַאט אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט צו פֶערדִיעֶנֶען דְרַיי הונְדֶערְט דָאלַאר אַ חוֹדֶשׁ ?

אַרְמַאנְד הָאט אויסגֶעשְׁטֶעללְט אַ פָּאר אויגֶען אויף זַיין נַייעֶן בֶּעקַאנְנְטֶען.

– אִיהְר מַאכְט גְלַאט חוֹזֶק פון מִיר – הָאט עֶר גֶעזָאגְט – גְלויבְּט מִיר, ס'אִיז ווירְקְלִיך אַ עֲבֵירָה צו לַאכֶען פון אַ אָרֶעמַאנן. וָואס בִּין אִיך נֶעבַּאך שולְדִיג אַז גָאטט הָאט מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען קֵיין עֲשִׁירוּת ?

– ווי פָאללְט עֶס אַייך גָאר אַיין אַז כְ'ווילל חוֹזֶק מַאכֶען ? אומְגֶעקֶעהְרְט, כ'מֵיין עֶס גַאנְץ עֶרְנְסְט, כְ'ווילל נור הֶערֶען פון אַייך אַ וָוארְט, אונ דִי דְרַיי הונְדֶערְט דָאלַאר זַיינֶען שוין ווִי בַּיי אַייך אִין דֶער טַאש. אַז מִיר וֶועללֶען נור צְווִישֶׁען זִיך פַּארְטִיג וֶוערֶען, קֶענן אִיך אַייך בַּאלְד דִי מִינוּט זָאגַאר גֶעבֶּען הַאנְדגֶעלְד.

אַרְמַאנְד הָאט טְרויעֶרִיג פֶערבְּרָאכֶען דִי הֶאנְד.

– דְרַיי הונְדֶערְט דָאלַאר ! – הָאט עֶר גֶערֶעדְט ווִי צו זִיך אַז זַיין קוֹל הָאט דַאבַּיי אַ צִיטֶערְנִיש גֶעגֶעבֶּען – אִיך וֶועלל הָאבֶּען אַיינֶע פֶערדִיענְטֶע דְרַיי הונְדֶערְט דָאלַאר, אונ דָאס קֶענן מֶעגְלִיך זַיין נָאך בַּאלְד ? זֶעהט אִיהְר, אִין אַזַא פַאלל וָואללְט אִיך גֶעוֶוען גְלַאט מְשׁוּגָע, כְ'זָאלל דַאמָאלְס טְרַאכְטֶען וֶועגֶען דֶעם, ווִי אַזוי זִיך אַלְלֵיין דֶעם טוידְט צו מַאכֶען.

– אַלְזָא, ווִי אִיך זֶעה בֶּעשְׁטֶעהט אִיהְר אויף מֵיין פָּארשְׁלַאג ?

– אִיך ווייס נִיט אויף וֶועלְכֶען.

– נו, גֶעוויסס אויף דֶעם וָואס כְ'וֶועל אַייך בַּאלְד מַאכֶען. קוּמְט נור אַהֶער נֶאהֶנְטֶער, וֶועט אִיהְר בַּאלְד גֶענוי גֶעוָואהר וֶוערֶען, וֶועגֶען וָואס ס'הַאנְדֶעלְט זִיך.

נִיט מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד אונ נִיט אַרְמַאנְד בַּאנַנֶע אונ זֵיי בֵּיידֶע צוזַאממֶען הָאבֶּען נִיט בֶּעמֶערְקְט ווִי אַ מֶענְשְׁלִיכֶע הַאנְד הָאט שְׁטִיללֶערְהֵייט אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט צְווִישֶׁען זֵיי אַ קְלֵיין פִּיערַקַאנְטִיגֶעס פָּאלִיעֶרְטֶעס קֶעסְטֶעל.

דָאס קֶעסְטֶעל אִיז גֶעוֶוען אָפֶּען.

גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט זִיךְ דִי הַאנְד הַאסְטִיג צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען אוּנְטֶער דֶער וָואלְלֶענֶער טוּךְ, מִיט וֶועלְכֶער יָאעֶל הָאט זִיךְ צוּגֶערֶעקְט.

— רוּקְט זִיךְ צוּ גַאנְץ נָאהֶענְט צוּ מִיר — הָאט דֶערְוַוייל ווייטֶער גֶעזָאגְט מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד — אוּנ לֵייגְט צוּ אַייעֶר קָאפּ צוּ מֵיינֶעם, וֶועלְלֶען מִיר דֶערְפוּן הָאבֶּען צְוֵויי נוּטְצֶען, קֵיינֶער וֶועט אוּנְז נִיט זֶעהֶען אוּנ נִיט הֶערֶען.

אַלְזָא הֶערְט אוּיס מִיט פֶערְשְׁטַאנְד, וָואס כְ׳וֶועלל אַייךְ זָאגֶען. אִיךְ בִּין דָא אַהֶערְגֶעקוּמֶען אוּיפְצוּזוּכֶען אַ עֶהרְלִיכֶען מַאנְן, אוּיף וֶועלְכֶען אִיךְ זָאלל מִיךְ קֶענְנֶען אִין גַאנְצֶען פֶערְלָאזֶען.

— אִין וֶועלְכֶער הִינְזִיכְט?

— כְ׳הָאבּ אַ אַלְטֶען פֶעטֶער, וֶועלְכֶער אִיז גַאנְץ רַייךְ אוּנ קְרַאנְק.

עֶר אִיז שׁוֹין נִיט קֵיין יוּנְגֶער מַאנְן, נוּר דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת, וִוי סְ׳וַוייזְט אוּיס, הָאט בִּיז יֶעצְט אָן אִיהם פֶערְגֶעסֶען. דֶער פֶעטֶער ווילל אוּיף קֵיין פַאלל נִיט שְׁטַארְבֶּען, אָבְּוָואהל עֶר אִיז שׁוֹין אַ זָקֵן פוּן עֶטְלִיכֶע אוּנ זִיבֶּעצִיג יָאהר.

אִיהם אִיז גֶעוִויסס אַ שָׁאד זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען מִיט דִי גְרוֹיסֶע אַייזֶערְנֶע קַאסֶעס, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעפַּאקְט מִיט גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער, ווייל אִיהר דַארְפְט וויסֶען אַז דֶער פֶעטֶער אִיז אַ גֶערָאטֶענֶע בְּרִיָה, אַ קַארְגֶער הוּנְד, וֶועלְכֶער לִיעגְט אוּיפְ׳ן גֶעלְד וִוי אַ טוֹיטְדֶער אוּנ ווילל נִיט דִי וֶועלְט זָאלל פוּן אִיהם הֲנָאָה הָאבֶּען וָואס דָאס אִיז וֶוערְטְה.

אוּנ בֶּערְנַארְד הָאט אִין דֶער פִינְסְטֶער אָבְּגֶעמָאסְטֶען אַ עֶרֶךְ פוּן אַ זַאךְ.

— אַלַאנְגֶע צייט — הָאט ווייטֶער גֶעצוֹיגֶען בֶּערְנַארְד — הָאט עֶר גֶעוָואהְנְט גַאנְץ אַללֵיין אִין זַיין אֵייגֶען הוֹיז אִין אַ פֶערְוָוארְפֶענֶעם ווינְקֶעל אוּנ גֶעקַארְגְט זִיךְ אֲפִילוּ אִין עֶססֶען אוּנ טְרִינְקֶען.

עֶרְשְׁט אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין אַמֶעריקַא הָאבּ אִיךְ אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַיינְצוּרֶעדֶען עֶר זָאלל זִיךְ צוּנֶעהמֶען אַ פְרוֹי, וֶועלְכֶע זָאלל אִיהם פִיהרֶען דִי ווירְטְשַׁאפְט.

דִי שֶׁאנֶע נִינַא פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ פְּרַאכְטְפָאל אוּיף דִי שְׁטוּב־זַאכֶען. וָואס קוּמְט אָבֶּער אַרוֹיס, אַז דֶער אַלְטֶער הָאט צוּ אִיהר קֵיין צוּטְרוֹיֶען נִיט, אוּנ עֶסְט נוּר דָאס וָואס עֶר קָאכְט זִיךְ אַללֵיין מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד. אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט עֶר צוּ קֵיינֶעם נִיט קֵיין צוּטְרוֹיֶען אוּנ אַללֶע אַמֶערִיקַאנֶער דָאקְטוֹרִים אִיז עֶר חוֹשֵׁד, אַז זֵיי קוּמֶען נוּר אִיהם צוּ גִיפְטֶען אוּנ אוֹיסְצוּנַארֶען בַּיי אִיהם זַיין פֶערְמֶעגֶענְס.

מַארְצֶעל בֶּערְנַארְד אִיז אַ וַוייִלֶע שְׁטִילל גֶעבְּלִיבֶּען. עֶר הָאט גֶעוַוארְט צוּ זֶעהֶען דֶעם רוֹשֶׁם, וָואס דִי עֶרְצֶעהלוּנְג וֶועט מַאכֶען אוּיף דֶעם קַאלְפָּארְטֶער.

אַרְמַאנְד אִיז גֶעלֶעגֶען וִוי פְרִיהֶער אוּיף זַיין מַאטְרַאץ, אוּיף אִיהם אִיז נִיט גֶעוֶוען קֶענְנְטִיג קֵיין שׁוּם שִׁינּוּי.

— איהר האָט אַלץ פֶערשטאַנגען וואָס כ'האָב געזאָגט? — האָט נאָך אַקליינער פויזע געפרעגט מארצעל.

— יאָ. אַלזאָ וואָס איז ווייטער?

— אַלזאָ ווי איהר ווייסט שוין האָט מיין פעטער ניט קיין קיין צוטרויען צו קיינעם, נור נאָך לאַנגע מיה און מאַטערנעש האָט ער איינגעוויליגט אויף איין פאָרשלאַג: זיך צו בעראַטען מיט אַ פראַנצויזישען דאָקטאָר, וואָרום, פערשטעהט איהר מיך, מיין פעטער איז אויך ניט קיין היעגער געבאָרענער, ער קוממט אויך ארויס פון פאַריז.

און צוליעב דער זאַך בין איך יעצט דאָ געבען אייך.

— זעהט איהר, יעצט העֶר איך אייך אויף צו פערשטעהען. ווי אַזוי האָט איהר דענן געקענט גאָר רעכענען אין דעם הויז צו טרעפען אַ דאָקטאָר?

— און זעהט איהר דאָך, איך האָב מאַקי געפונען, וואָס כ'האָב געזוכט.

— ווי אַזוי?

— מיט אייך, ווי כ'זעה, איז דאָך אַ שווערער לייענעם. איהר פאַרשטעהט נאָך ניט, אַז איך וויל אייך מאַכען פאַר אַ דאָקטאָר?

— מיך? — האָט אַרמאַנד ווילד אַנגעקוקט מארצעלן.

— מיט וואָס זייט איהר דענן ערגער ווי אַ אמת'ער דאָקטאָר? מאָרגען פריה קענט איהר קוממען אין אַ פאַלערינאַ און זיך לאָזען פאָרשטעללען אַלס דאָקטאָר אַרמאַנד באַנגע, אויס פאַריז. איך וועל שוין זאָרגען דאַפיר ס'זאָלל אייך ניט פעהלען קיין שוואַרצער אַנצוג, קיין גאָלדענער זייגער מיט אַ קייט, זאָגאַר ברילליאַנטען, מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס אַ גרויסער דאָקטאָר בעדאַרף צו האָבען. אַז איך וועלל פון אייך צופריעדען זיין, וועט איהר קריעגען געשאַנקען אויסער די דריי הונדערט דאָללאַר, אַלץ, וואָס איהר וועט טראָגען דעם טאָג אויף זיך.

— גאָטט מיין גאָטט — האָט זיך נאָך אַמאָל אָבגערופען דער עהרליכער אַרמאַנד — כ'פערשטעה אָבער נאָך אַלץ ניט וואָס איהר ווילט האָבען פון מיר. ווי אַזוי קענן איך מיך דענן אונטערנעהמען צו היילען אַ קראַנקען, אַז איך האָב קיין בעגריף ניט אין מעדיצין?

— וועֶר פערלאַנגט דענן פון אייך חכמות און וויסענשאַפט? איהר זייט דאָך מעהר ניט ווי אַ שטעקקען, צו טהון דאָס, וואָס מען וועט אייך הייסען. פון מיין האַנד וועט איהר קריעגען אַ פּראָשעק, און אייער זאַך איז נור אַיינצוגעבען דעם קראַנקען, אַז פון דעם פּראָשעק וועט ער ווערען פאָללקאָמען געזונד.

— ווי, דער פּראָשעק איז ווירקליך אַזוי גוט, אַז ער פערטרייבט אַללע קריינק? — האָט זיך ניט אויפגעהערט צו וואונדערען אַרמאַנד באַנגע.

— דאָס איז דאָך ניט אייער זאַך. איהר קריעגט אָב אייערע פאַר גראָשען און געענדיגט. איהר געהט אייך אַוועק אייער וועג, און וואָס קענן עס אייך אָנגעהען דער סוף פון דער קאָמעדיע?

ערשט יעצט איז אַרמאנד געפאללען אויפ'ן שכל.

— אַזוי איז די מעשה — האט ער האסטיג געזאגט און די ציין האבען איהם געקלאפּט פון כּעס — מיט אַזעלכע געשאפּטען זייט איהר געקומען צו מיר! איהר ווילט אַז דורך מיין האנד זאלל אַ אַלטער מאַן אַוועקגעהן פון דער וועלט, כּדי איהר זאללט געשווינדער אבּקריגען אייער ירושה?

און איהר האט אייך טאקי איינגערעדט, אַז כ'וועלל זיין אַזוי פערדארבען און וועלען אַ שותּף צו אַ רציחה, אבי נור געלד צו פערדינען?

ניין, הערר בערנארד, איהר האט געהאט אַ גראבען טעות. דאס מאל האט איהר גראדע ניט געטראפען. פאר אייך ליעגט יעצט אַ ארעמאַן, זאגאר אַ בעטטלער, וועלכער איז געגרייט אהן זארג זיך דאס לעבען צו נעהמען; יא, אויף מיין קערפּער האב איך ניט קיין רחמנות, עס מעג צו גרונד געהן, מיין נשמה אבער מוז ריין קומען פאר גאטט און זאגען אַז ארמאנד באננע האט צייט דאס לעבען, זאגאר ביי דער גרעססטען נויט, קיינעם ניט געטהון קיין עולה...

געהט אַוועק פון מיר, איהר גזלן איינער!

אייער פּוסם זאלל דא לייננער ניט זיין. איך בין אייך מתרה אַז אויב מארגען אין דער פריה וועלל איך אייך נאך געפינען אין דעם הויז, וועלל איך אייך געוויסס איבערגעבען דער פּאליציי.

דאס וועט זיין די לעצטע מצוה, וואס איך וועלל נאך טהון ביים לעבען.

— איהר זייט אַ נאר! — האט זיך איהם מארצעל אויסגעלאכט אין פּנים, — ווי כ'זעה טאר מען גאר מיט אייך ניט מאַכען קיין שפּאסס. איך ערצעהל איהם אַ געשיכטע, ווייל כ'בין געווען אוו עז און קענען ניט איינשלאפען, מאכט ער דערפון אַ גאַנצע רעד. האב איך דען געקענט וויסען, אַז אייער שוואך קאפּעל פערשטעהט זיך ניט אויף קיין וויטץ? חא! חא! חא! אַ געלעכטער, כ'לעבען, אין אַמעריקע פעהלען אויך ניט קיין נאררען. איהר האט רעכט, הערר באננע, פיר אייך איז טאקי ניט דא קיין בעססערע ברירה ווי זיך צו שיססען אדער צו הייננען.

אַרמאנד האט איהם מעהר ניט געהערט.

ער האט זיך איבערגעדעקט מיט דער וואללענער טוך איבערן קאפּ און אין אַ קורצער צייט ארום האט ער שוין געשמאַק געשלאפען.

ביי נאכט האבען איהם געקוואללט באזע חלומות.

---

אַכט דעם ווייגער אין דער פריה האט זיך אַרמאנד אויפגעכאפּט פון שלאף.

עטליכע מינוטען האט ער זיך געריבען די אויגען און נאכדעם זיך אומגעקוקט אויף די שכנים.

ביידע זענען שוין ניט געווען אין דעם זאל.

פון דעם וועכטער איז ער געוואהר געווארען אז מארצעל איז אוועק באלד אין דער פריה, ווי ס'איז נור טאג געווארען, אונ דער אלטער יאעל מיט א פאר שעה שפעטער.

אין זיך האט זיך ארמאנד שטארק געוואונדערט, וואס דער אלטער מאנן האט זיך מיט איהם ניט געזעגענט.

– פארט א פרעמדער – האט ער זיך אלליין פארענטפערט – געוויס האט ער שוין היינט פערגעססען, וואס מיר האבען נעכטען פאר'ן שלאף גערעדט.

לאנגזאם האט ארמאנד גענוממען זיין טעקע אונ א־ויס אין גאס.

קיין מאל האט איהם נאך די וועלט ניט אויסגעזעהען אזוי שאן ווי יעצט, קיין מאל האט איהם נאך די זונן אזוי ליבליג ניט געשיינט ווי היינט.

אין דרויסען האט שוין גערוישט.

דער עולם איז געלאפפען יעדערער אין זיינע געשאפטען, אונ קיינער האט ניט בעטראכט דעם ארעמאנן, וועלכער געהט זיך יעצט דאס לעבען נעהמען.

ארמאנד האט אויך גאר ניט בעטראכט, וואס ס'טהוט זיך ארום איהם. ער האט שוין ניט געהאט אויף וואס צו האפפען. אין זיין הארצען איז שוין אלץ אבגעשטארבען, וועניגסטענס האט זיך איהם אזוי געדאכט, אז ער האט שוין אויף דער וועלט ניט וואס צו טהון.

ער איז געגאנגען אלץ ווייטער אונ ווייטער, ער האט שוין אפילו זיך ניט אבגערופען צו קיין קונים, ניט גערעדט מיט די מענשען, וואס לויפען הין אונ הער. וואס קענען איהם שוין יעצט אינטערעססירען די מענשען, וואס געהט איהם אן די גאנצע וועלט?

אז ער איז אריבער די גרויסע בריקק האט ער לאנג אבגעצויגען דעם אטהעם.

פאר איהם איז געווען א גרויסער פלאטץ מיט וואססער, דאס איז דער ים דער אצעאן.

די שיפפען האבען גערודערט אונ איבער זיי האבען זיך געטראגען שווארצע וואלקענס.

אך, ווען ער וואלט געקעננט אויף די שיפפען אדער אין די וואלקענס פליהען אהין, דארטען צו מאריאנען!

איין מאל וואלט ער זי נאך געוואלט זעהען, נאך איין מאל איהר א קוש געבען אין די ראזיגע ליפעלעך אונ נאכדעם שטארבען...

ווי שרעקליך איז דער טויט אין דער פרעמד!!

אט לויפט ער יעצט מיט אימפעט צו דעם פארק מענלא, דארטען וועט ער מאכען א סוף מיט זיך. פרעמדע מענשען וועללען געפינען זיינע צומאלענע ביינער אונ אהן טרערען, אהן מיטלייד גלייכגילטיג זאגען:

— אָט איז נָאךְ אַ פֶערְנַארְטֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער איז גֶעקוּמֶען זוּכֶען גְלִיקֶען אִין אַמֶערִיקַא.

נָאכְדֶעם וֶועט מֶען אַוֶועקְפִּיהְרֶען די בֵּיינֶער אִין שְׁטָאדְט, די פָּאלִיצִיי וֶועט שְׁרֵייבֶּען אַ רַאפָּארְט, דֶער דָאקְטָאר וֶועט פַּאלְמֶעסֶען אוּנ נָאכְדֶעם פֶערְשִׁיטֶען מִיט עֶרְד עֶרְגִיץ אוּנְטֶער אַ פַארְקַאן אוּנ אַ סוֹף מִיט דֶעם מֶענְשֶׁענְס לֶעבֶּען.

אַ מֶענְשׁ הָאט גֶעלֶעבְּט אוּנ גֶעשְׁטָארְבֶּען — אוּנ דָאס אִיז דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע, פוּן וֶועלְכֶע מֶען מַאכְט אַזַא פַּארַאד.

אִין אַ שָׁעָה אַרוּם אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶוען אִין עֶדִיסָאנְס פַּארְק.

יֶעצְט הָאט פַאר אִיהם גֶעקְרָאגֶען אַ וֶוערְטָה דִי קְלֶענְסְטֶע זַאךְ, פוּן וֶועלְכֶער עֶר הָאט זָאגַאר נִיט לַאנְג גֶעלַאכְט. אַלְץ אִיז אִיהם גֶעוֶוען טְהַייעֶר, דָאס גְרֶאזֶעלֶע אוֹיף דֶער לָאנְקֶע, דִי בּוֹימֶער פוּן פַּארְק, דָאס קְלֵיין וַואסֶערִיל אִין סַאדְזַאוְוקֶע, אֲפִילוּ דִי אַלְטֶע צוּרִיסֶענֶע טֶעקֶע, וֶועלְכֶע עֶר הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעהַאלְטֶען אוּנְטֶער דֶעם אָרֶעם, מִיט אֵיין וָוארְט: מִיט אַלְץ הָאט עֶר זִיךְ הַייס גֶעזֶעגֶענְט.

אַז אַרְמַאנְד אִיז שׁוֹין גֶעוֶועז נִיט וַוייט פוּן דֶעם טְהוּרְם, הָאט עֶר זִיךְ יֶעצְט דֶערְמָאנְט אַלְץ, וָואס דֶער אַלְטֶער יָאעֶל הָאט אִיהם גֶעבְּטֶען בַּיי דֶער נַאכְט עֶרְצֶעהלְט וֶועגֶען דֶעם וֶועלְט-בֶּערִיהְמְטֶען עֶרְפִינְדֶער.

אָט דֶעם מֶענְשֶׁען עֶדִיסָאנֶען הָאט עֶס גֶעגְלִיקְט צוּ שְׁטַייגֶען וָואס אַמָאל הֶעכֶער, בִּיז עֶר הָאט דֶערְגְרֵייכְט דֶעם הֶעכְסְטֶען שְׁפִּיטְץ פוּן דֶער מֶענְשְׁהַייט.

— אַ מַזָל-זַאךְ? אוּנ אֶפְשַׁר נִיט, אֶפְשַׁר אִיז עֶס גָאר אַ בֶּעזוּנְדֶערֶער כֹּחַ, אַ מִין עֶנֶערְגִיֶע, וֶועלְכֶע נִיט יֶעדֶער מֶענְשׁ פֶערְמָאגְט.

אַרְמַאנְד הָאט נָאךְ אַמָאל אַ זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען אוּנ אַ מַאךְ גֶעטְהוּן מִיט דֶער הַאנְד, גְלַייךְ וִוי עֶר זָאלל וֶועלֶען דַאמִיט זָאגֶען: וָואס קֶענֶען עֶס שׁוֹין מִיךְ אָנְגֶעהְן.

אַרְמַאנְד אִיז דֶערְוַוייל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם אַייזֶערְנֶעם טְהוּרְם. דֶער אַלְטֶער יָאעֶל הָאט רֶעכְט, דִי טְהִיר אִיז גֶעוֶוען אָפֶען.

עֶר הָאט זִיךְ מִיט פְלַייס נָאךְ אַמָאל אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיבּ קֵיינֶער גֶעהט אִיהם נִיט נָאךְ.

נֵיין, רִינְגְס אַרוּם אִיז שְׁטִילל, עֶר הָאט נוּר גֶעהֶערְט דֶעם אָפְּקְלַאנְג פוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע טְרִיט. בַּיי אִיהם הָאט זִיךְ פְלוּצְלִינְג אוֹיפְגֶעוֶועקְט אַ גֶעדַאנְקֶען צוּ עֶנְדִיגֶען מִיט דֶעם לֶעבֶּען וָואס גִיכֶער, אוּנ עֶר אִיז הַאסְטִיג אַרוֹיף אוֹיף דִי טְרֶעפּ.

עֶנְדְלִיךְ אִיז עֶר גֶעוֶוען גָאר אוֹיף דֶעם שְׁפִּיטְץ פוּן דֶעם טְהוּרְם.

דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ רוּנְדֶער צִימֶער, אִין וֶועלְכֶען סְ'אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ טִישׁ אוּנ אַ בְּרֵייטֶער פָאטֶעל אוּנ אוֹיף דֶער וַואנְד זֶענֶען גֶעהַאנְגֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטֶען.

אִין אֵיין ווִינְקֶעל אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער וֶוענֶעצִישֶׁער פֶענְסְטֶער, וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט אוּנ אַרָאבְּגֶעקוּקְט אוֹיף דֶ'רֶערְד.

אין דִי אויגֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעהויבֶּען צוּ שְׁוִוינְדְלֶען, אוּנְטֶען אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער טִיעפֶער אָבְּגְרוּנְד.

יָא, יָאעֶל הָאט רֶעכְט גֶעהַאט, ס'אִיז נִיט דָא קֵיין בֶּעסֶערֶער אָרְט אויף דֶער וֶועלְט, וואוּ מֶען קֶענֶען זִיךְ אַזוֹי לַייכְט דָאס לֶעבֶּען גֶעהֶמֶען וִוי דָא.

אֵיין שְׁפְּרוּנְג נוּר פוּן פֶענְסְטֶער אוּנ אַ סוֹף מִיט דֶעם מֶענְשֶׁען...

אוּנְטֶען דִי עֶרְד הָאט אִיהם וִוי צוּגֶערוּפֶען צוּ זִיךְ: קוּם וָואס גֶעשְׁוִוינְדֶער צוּ דַיין אַלְטֶער מוּטֶער.

– מַארְיָאן! – הָאט אַרְמַאנְד נָאךְ אַמָאל אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען מִיט הַארְץ – מַארְיָאן, גָאטט זָאלל דִיךְ אָבְּהִיטֶען אִין לֶעבֶּען, זַיי גְלִיקְלִיךְ אָהן מִיר.

נָאךְ אַ סֶעקוּנְדֶע הָאט נָאהּ גֶעפֶעהלְט צוּ זַיין טוֹיְדְט.

אוּנ אַרְמַאנְד הָאט פְּלוּצְלִינְג דֶערְהֶערְט גֶעבֶּען זִיךְ אַ קוֹל.

עֶר אִיז נָאךְ מֶעהר בְּלֵייךְ גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם אוּנְפֶערְהָאפְטֶען שְׁרֶעק.

עֶר אִיז גֶעוָוארֶען וִוי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט.

אוּנ דֶער קוֹל הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֵיידֶען צוּ אִיהם.

דִי הָאר הָאבֶּען זִיךְ אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט קַאפּוֹיר. וָואס קֶענֶען עֶס זַיין? עֶר דֶערְקֶענְט דָאךְ זַיין אֵייגֶענֶעם קוֹל, דַייטְלִיךְ זַיין קוֹל.

עֶר הָאט צוּגֶעמַאכְט נָאךְ פֶעסְטֶער דִי לִיפֶּען, דָאס מוֹיל נִיט צוּ עֶפְּפֶענֶען.

אוּנ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר דַייטְלִיךְ גֶעהֶערְט וִוי זַיין אֵיינֶענֶער קוֹל הָאט גֶעזָאגְט נָאכְאַנַאנְד דִי וָוארְטֶער:

– „אויף מַיין קֶערְפֶּער הָאבּ אִיךְ נִיט קֵיין רַחֲמָנוּת, עֶר מֶעג צוּ גְרוּנְד גֶעהֶען, מַיין נְשָׁמָה אָבֶּער מוּז רֵיין קוּמֶען פַאר גָאטט אוּנ זָאגֶען אַז אַרְמַאנְד בָּאנְגֶע הָאט צַייט דָאס לֶעבֶּען, זָאנַאר אִין דֶער גְרֶעסְטֶער נוֹיטְה, קֵיינֶעם נִיט גֶעטְהוּן קֵיין עַוְלָה".

– גָאטט מַיין גָאטט! – הָאט אַרְמַאנְד אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען – וָואס טְהוּט זִיךְ דָא, דָאס זֶענֶען דָאךְ דִי זֶעלְבִּיגֶע וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע כְ'הָאבּ גֶעכְטֶען אויף דֶער נַאכְט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם טוֹיגֶענִיכְטְס, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט אָבְּקוֹיפֶען בַּיי מִיר דִי נְשָׁמָה פַאר גֶעלְד.

עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אַמָאל אוּמְגֶעקוּקְט, אַ שוֹידֶער אִיז אִיהם אַרִיבֶּער אִיבֶּער אַללֶע גְלִידֶער.

– בִּין אִיךְ דֶענֶן מְשׁוּגָע צוּ וָואס? – הָאט עֶר וַוייטֶער גֶערֶעדְט צוּ זִיךְ אַלֵיין – דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין מַיין לֶעבֶּען טְרֶעפְט עֶס מִיר, אַז אִיךְ זָאלל הֶערֶען מַיין אֵייגֶענֶעם קוֹל אַזוֹי דַייטְלִיךְ, גְלַייךְ וִוי אִיךְ וָואלְט עֶס גֶערֶעדְט. אַךְ, יֶעצְט פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ, דָאס אִיז מַאקִי אוּנְנַאטִירְלִיךְ, גָאטט הָאט מִיט מִיר גֶעטְהוּן אַ נֵס כְּדֵי מִיר צוּ וַוייזֶען כְ'זָאלל נִיט טְהוּן קֵיין עֲבֵרָה אוּנ זִיךְ אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען נִיט גֶעהֶמֶען...

בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעווִישְׁט מִיט דֶער טַאשֶׁענְטוּךְ דֶעם שְׁוַוייסס

פון פָּנים און נִיט בֶּעמֶערְקְט ווִי צְווֵיי לָאקַאיֶעס אִין לִיבְּעריֶעס זֶענֶען אַרוּיפְגֶעלָאפֶען אויף דֶעם שְׁפִּיטְץ פון טְהוּרְם.

זַיי זֶענֶען פַּייל פון בּויגֶען צוּגֶעלָאפֶען צוּ אַרְמַאנְדֶען און אִיהם אָנְגֶענוּממֶען אוּנְטֶער דִי אָרֶעמְס.

– וָואס טְהוּט אִיהר דָא? – הָאט אֵיינֶער פון זַיי גֶעפְרֶעגְט – וִוי קוּמְט צוּ אַייךְ אַזַא הֶעזָה אַהֶערְצוּקוּממֶען?

– אִיהר הָאט דֶענְן נִיט גֶעוואוּסְט צוּ וֶועמֶען דֶער טְהוּרְם גֶעהֶערְט? – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער צְווֵייטֶער – וָואס קְרִיכְט אִיהר וואו מֶען בֶּעדַארְף נִיט? קוּמְט מִיט אוּנְז, מִיר וֶועלֶען אַייךְ יֶעצְט פִיהרֶען צוּ אוּנְזֶער הֶערר, זָאלל עֶר טְהוּן מִיט אַייךְ וָואס עֶר וֶועט נוּר וֶועלֶען.

– אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ אָבֶּער אַז כְ'הָאבּ דָא קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶס נִיט גֶעמֵיינְט צוּ טְהוּן – הָאט זִיךְ גֶעפְּרוּבִּירְט צוּ פֶערְעֶנְטְפֶערְן אַרְמַאנְד – כְ'בִּין נִיט קֵיין גַנָב, אִיךְ בִּין אַהֶער גֶעקוּממֶען כְּדֵי...

– בַּיי דֶער פָּאלִיצַיי וֶועט אִיהר זִיךְ פֶערְעֶנְטְפֶערֶען – הָאבֶּען אִיהם דִי לָאקַאיֶעס אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דִי רֵייד – אָדֶער עֶדִיסָאנֶען וֶועט אִיהר עֶרְצֶעהלֶען מַעֲשִׂיוֹת, מִיר מוּזֶען אָבֶּער טְהוּן דָאס אוּנְזְרִיגֶע.

און זַיי הָאבֶּען אַרְמַאנְדֶען אַוֶועקְגֶעפִיהרְט מִיט זִיךְ.

אִיהם הָאט עֶס אַלְץ אויסְגֶעזֶעהֶען וִוי אַ בֶּאזֶער חָלוֹם. עֶר הָאט צוּגֶעמַאכְט גֶעהֶענְדִיג דִי אויגֶען, עֶר זָאלל וֶוענִיגְסְטֶענְס אַללֵיין זַיין חֶרְפָּה נִיט זֶעהֶען.

עֶר הָאט אויךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט ווִי אֵיינֶער פון דִי דִיעֶנֶער הָאט פַארְבַּייגֶעהֶענְדִיג אויפְגֶעהויבֶּען אַ קְלֵיין פָּאלִירְטֶעס קֶעסְטֶעל, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶעם פֶענְסְטֶער, פון וֶועלְכֶען עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אַרָאבְּוַוארְפֶען.

מִיט גְרוֹיסס רֶעשְׁפֶּעקְט הָאבֶּען אִיהם דִי דִיעֶנֶער אַריינְגֶעפִיהרְט אִין עֶדִיסָאנְס וָואהנוּנְג.

יֶעצְט אִיז אַרְמַאנְדֶען עֶטְוָואס לַייכְטֶער גֶעוָוארֶען אויף דֶעם הַארְצֶען.

דֶער גֶעדַאנְקֶען אַז עֶר וֶועט בַּאלְד זֶעהֶען עֶדִיסָאנֶען אַללֵיין הָאט אִיהם צוּגֶעגֶעבֶּען מוּטְה און פֶערְטְרִיבֶּען דֶעם שְׁרֶעק. אִין זִיךְ אִיז עֶר גֶעוָוען אִיבֶּערְצֵיינְט אַז עֶדִיסָאן וֶועט אִיהם גֶעוִויסס מוֹחֵל זַיין, וֶוענְן עֶר וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען דֶעם רִיכְטִיגֶען אֱמֶת, צוּלִיעבּ וָואס אַרְמַאנְד אִיז אַהֶערְגֶעקוּממֶען.

דֶערְוַוייל הָאט אַרְמַאנְד בֶּעוואוּנְדֶערְט דִי עֲשִׁירוּת פון עֶדִיסָאנְס וָואהנוּנְג, גָאלְד און זִילְבֶּער אָהן אַ צָאהל אויף יֶעדֶען שְׁרִיט און טְרִיטט.

אִין אֵיין צִימֶער זַיינֶען זַיי שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען און אֵיינֶער פון דִי דִיעֶנֶער אִיז אַריין מֶעלְדֶען.

– גֶעהט אַריין, יוּנְגֶער מַאנְן! – הָאט דֶערְזֶעלְבֶּער דִיעֶנֶער גֶעזָאגְט וֶוענְן עֶר אִיז צוּרִיק גֶעקוּממֶען – הֶערְר עֶדִיסָאן ווִילל מִיט אַייךְ רֶעדֶען אוּנְטֶער פִיער אויגֶען.

אַרְמַאנְד האָט גֶעשְׁפּיערְט ווי דאָס האַרְץ קְלַאפְּט אִין אִיהם. דֶער דִיעֶנְער האָט אִיהם כִּמְעַט מִיט גֶעוואַלְט אַרֵיינְגֶעשְׁטוּפְּט אִין צִימֶער.

אַרְמַאנְד האָט קֵיין זַאךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט אַרוּם זִיךְ. אוֹיף אֵיין סֶעקוּנְדֶע האָט עֶר נִיט אַרָאבְּגֶענוּממֶען דִי אוֹיגֶען פוּן דֶעם אַלְטֶען הֶערְרֶען, וועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גֶעגֶען אִיהם. אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אָבֶּער האָט דֶער יוּנְגֶער פְרַאנְצוֹיז שְׁרֶעקְלִיךְ אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען – אוּנ נִיט קֵיין וואוּנְדֶער – אִין עֶדִיסָאנְס נָאבִּיגֶעט האָט עֶר זִיךְ גֶעטְרָאפֶען מִיט דֶעם אַלְטֶען יָאעֶל, וועלְכֶער אִיז יֶעצְט גֶעוועֶן אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ רַייכֶען, שְׁווַארְצֶען אַנְצוּג.

דֶער אַלְטֶער אָרֶעמַאנְן האָט יֶעצְט אוֹיךְ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגְלֶעט דִי גְרוֹיסֶע ווייסֶע בָּארְד אוּנ זַיינֶע קְלוּגֶע אוֹיגֶען האָבֶּען שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דֶעם פְרַאנְצוֹיז.

– הֶערְר יָאעֶל – אִיז עֶנְדְלִיךְ אַרְמַאנְד גֶעווֶען אִים שְׁטַאנְד זִיךְ אָבְּצוּרוּפֶען – גוּטֶער הֶערְר יָאעֶל, ווִי קוּמְמְט אִיהר אַהֶער? גָאטט אִיז מִיט אַייךְ, וואָס טְהוּט אִיהר אִין עֶדִיסָאנְס אַרְבֵּייטְס-צִימְמֶער? אִיךְ האָב אַייךְ דָאךְ צוּם אָנְהוֹיבּ נִיט דֶערְקֶענְנְט. פוּן וואַננֶען זַייט אִיהר מִיט אַמָאל בֶּעגְלִיקְט גֶעוואָרֶען אוֹיף אַזֶעלְכֶע נַייֶע אוּנ טְהַייעֶרֶע מַלְבּוּשִׁים? אִיהר ווייסְט, אַז אִין דֶעם אַנְצוּג קֶענְן מֶען ווירְקְלִיךְ מֵיינֶען אַז אִיהר זַייט עֶס....

– עֶדִיסָאן אַלֵיין – האָט אִיהם יָאעֶל אוּנְטֶערְגֶעהַאפְּט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל – גֶעהט צוּ נֶאהֶנְטֶער וועלל אִיךְ אַייךְ ווייזֶען דֶעם אוּנְטֶערְשֵׁייד פוּן מִיר בִּיז אִיהם.

אוּנ אֵיידֶער אַרְמַאנְד האָט נָאךְ גֶעהַאט צַייט גֶענוּי צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען וואָס בֶּעדַייטֶען דִי ווָארְטֶער, האָט דֶער אַלְטֶער יָאעֶל אַרָאבְּגֶעצוֹיגֶען הַאסְטִיג דִי ווייסֶע בָּארְד פוּן זַיין גֶעבְרַאוּנְטֶען גֶעזִיכְט.

– יֶעצְט פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר שׁוֹין ווִי דֶער רַייכֶער עֶדִיסָאן ווֶערְט מִיט אַמָאל אַ אָרֶעמֶער פֶעדְלֶער.

בַּיי דִי ווָארְטֶער האָט זִיךְ אַרְמַאנְדְס גֶעזִיכְט אוֹיסְגֶעלַייטֶערְט אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען האָבֶּען זִיךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען מִיט פַייעֶר.

– הֶערְר עֶדִיסָאן... – האָבֶּען זַיינֶע לִיפֶּען גֶעשְׁטַאמְמֶעלְט – אִיהר זַייט עֶס דֶער גְרוֹיסֶער בֶּערִיהמְטֶער עֶדִיסָאן? גָאטט מַיין גָאטט, כְ'ווֶעלל עֶס הַיינְט נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען.

דֶער ווֶעלְט-בֶּערִיהמְטֶער עֶרְפִינְדֶער האָט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁמֵייכְלֶען אוּנ פְרֶעהלִיךְ דֶערְלַאנְגְט אַרְמַאנְדֶען דִי הַאנְד.

– יָא, לִיעבֶּער אַרְמַאנְד – האָט עֶר גֶעזָאגְט – דָאס בִּין אִיךְ אוּנ נִיט קֵיין אַנְדֶערֶער, אִיךְ בִּין דֶער גְרוֹיסֶער מְכַשֵּׁף אוּנ אִיךְ בִּין ווֶעהר גְלִיקְלִיךְ אַז דוּרְךְ מַיין כִּשּׁוּף אִיז עֶס מִיר גֶעלוּנְגֶען אַייךְ אוֹיסְצוּהַיילֶען פוּן אַ שְׁווֶערֶע קְרַאנְקְהַייט אוּנ אַייךְ דֶערְהַאלְטֶען בַּיים לֶעבֶּען דוּרְךְ אַייעֶר אֵייגֶענֶעם קוֹל.

– וואס האר איך? – האט ווייטער פערוואונדערט ארמאנד געפרעגט – אלזא איהר האט נאכגעמאכט מיין קול?

– ניין, ניט נאכגעמאכט – האט עדיסאן געענטפערט – נור געבעטען, ווענן מיר האבען צוזאממען גענעכטיגט אין דעם „הכנסת אורחים", האב איך מיט פלייסס אנגעשטעללט מיין קעסטעל־פאנאגראף צווישען אייך און דעם טויגעניכטס און אויף אזא ארט האב איך צוגעצויגען מיט עלעקטריע אייער קול[1]. אויב איהר ווילט קענען איך אייך נאך אמאל איבערזאגען אייער גאנצען געשפרעך.

און עדיסאן האט אראבגענומען פון טיש דאס זעלבע פאלירטע קעסטעל, וואס ער האט מיט געהאט אין „הכנסת אורחים". ער האט עס אנגעצויגען מיט א שליסעל און דאס קעסטעל האט אנגעהויבען צו רעדען מיט ארמאנדס און מארצעלס קול.

– אך, הערר עדיסאן! מיט וועלכע ווערטער זאלל איך אייך דאנקען, וואס איהר האט מיר דאס לעבען געראטעוועט און די נשמה אבגעהיט פון א שרעק־ליכער עבירה?

– איך קענן מיך בעגעהען אהן אייער דאנק – האט זיך אבגערופען מיט א שמייכעל דער פערשטעללטער בעטלער – דאס וואס איך וויל טהון פאר אייך איז ניט צוליעב כבוד, נור ווייל איך מיין אייער טובה און דאביי בין איך ממלא מיינעם א אלטען נדר.

זעצט אייך, הערר ארמאנד, אניעדער אט דא אויפ'ן שטוהל און איך וועלל אייך ערצעהלען א ביססעל פון מיין לעבענס געשיכטע, ווי אזוי כ'האב פערבראכט מיינע יונגע יאהרען.

איהר דארפט וויססען, מיין פריינד, אז אין אייערע יאהרען בין איך געוועזען אין פונקט אזא מעמד ווי איהר זייט היינט. אנגעהויבען האב איך דערפון וואס איך בין א בארפוססער און א נאקעטער ארומגעלאפען יונגעלוויז איבער די נויארקער גאססען מיט צייטונגען.

ניט איין מאל האט מיך דער פאליסמען געשלאגען מיט זיין גראבען שטעקען, ניט איין מאל האט מיך א דיקקער סוחר מיט א גראבען בויך אויסגעריססען די אויערען דערפאר וואס איך האב איהם פארביילייפענדיג איינגעשמוצט דעם ראק. מיט דער צייט אבער בין איך געווארען א טעלעגראפיסט, א ביססעל דורך פרא־טעקציע פון דער משפחה אין א ביססעל דורך מיינע פעהיגקייט צו מאשינעריע.

ווי איהר ווייסט בין איך אבער א אונרוהיגער מענש און זוך אין יעדער זאך עפעס א נייעס, מיר ווילט זיך שטענדיג געפינען דאס וואס ס'איז פערבארגען

---

[1] אין דער צייט האט דער גרויססער עדיסאן געענדיגט די לעצטע נייע ערפינדונג, דעם בעריהמטען פאנאגראף, וועלכער מאכט נאך ווארט ביי ווארט אלץ, וואס א מענש רעדט, זינגט אדער שפיעלט.

פון אַללֶעמֶען. דֶער דירֶעקְטָאר פון אונזֶער טֶעלֶעגְרַאפֶען-אַנְשְׁטַאלְט איז גֶעוֶוען אַ שְׁטְרֶענְגֶער אונ אִיבֶּערְהוֹיפְּט זֶעהר אַ פִּינְקְטְלִיכֶער. ער איז נִיט פויל גֶעוֶוען וָואנַאר שְׁפֶּעט אין דֶער נַאכְט צו קָאנְטְרָאלִירֶען אויב מִיר זִיטְצֶען בַּיי דֶער אַרְבֵּייט. אַלְס יוּנְגְסְטֶער הָאבּ אִיךְ כִּמְעַט שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאט מַיין דִיזְשׁוּר אין דֶער נַאכְט אונ דֶער שְׁטְרֶענְגֶער דירֶעקְטָאר הָאט מִיךְ אָהן רַחֲמָנוּת גֶעפְּלָאגְט. קוים הָאבּ אִיךְ אַנִיעדֶערְגֶעלֵייגְט דֶעם מִיעדֶען קָאפּ אויף דֶעם טִישׁ אַ בִּיססֶעל אַ דְרֶעמֶעל צו חַאפֶּען, הָאט מִיךְ דִי מִינוּט אויפְגֶעוֶועקְט דֶעם דירֶעקְטָארְס סִיגְנַאל.

דִין, דִין, דִין — הָאט ער גֶעקְלוּנְגֶען אונ כְ׳הָאבּ גֶעמוּזְט ענְטְפֶערֶען.

לַאנְג הָאבּ אִיךְ גֶעקְלֶערְט וִוי אַזוֹי פָּטוּר צו וֶוערֶען פון זַיין גְלָאק אונ עֶנְדְלִיךְ בִּין אִיךְ גֶעפַאללֶען אויפ׳ן שֵׂכֶל, צו צוּשְׁלָאגֶען צו מַיין טִישׁ אַזַא מַאשִׁינְקֶע, וֶועלְכֶע זָאלל יֶעדֶעם מָאל אַלֵיין עֶנְטְפֶערְן אויף דֶעם סִיגְנַאל.

אונ דִי פְּעוּלָה דֶערְפוּן איז גֶעוֶוען דָאס, אַז כְ׳בִּין גֶעשְׁמַאק גֶעשְׁלָאפֶען אונ מַיין דירֶעקְטָאר איז גֶעוֶוען צוּפְרִיעדֶען פון מַיין פִּינְקְטְלִיכְקֵייט.

דָאס הָאט אָבֶער לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט.

דִי אִינְטֶערֶעססַאנְטֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צו בֶּעקְלָאגֶען, אַז זֵיי קְרִיעגֶען נִיט דִי נַאכְט-דֶעפֶּעשֶׁען צו דֶער צַייט אונ מַיין דירֶעקְטָאר הָאט אויפְגֶעהֶערְט מִיךְ צו קָאנְטְרָאלִירֶען מִיט סִיגְנַאלֶען, נור זִיךְ אַלֵיין מַטְרִיחַ גֶעוֶוען אונ גֶעמַאכְט מִיר אַמָאל בַּיי דֶער נַאכְט אַ אוּנְפֶערְהָאפְטֶען וִויזִיט.

דַאמָאלְס איז ער גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פון דֶעם סוֹד אונ דֶער סוֹף איז גֶעוֶוען, אַז אויף מָארְגֶען הָאט ער מִיךְ צוּזַאממֶען מִיט מַיין עֶרְפִינְדוּנְג מְשַׁלֵחַ גֶעוֶוען פון דֶער אַנְשְׁטַאלְט.

אַז אִיךְ הָאבּ מַיין שְׁטֶעללֶע פֶערְלָארֶען הָאבּ אִיךְ נָאךְ אַ צַייט לַאנְג גֶעאַרְבֵּייט אויסְצוּבֶּעססֶערֶען מַיין עֶרְפִינְדוּנְג אונ אַז מַיין גֶעלְד איז אויסְגֶעגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ בֶּעשְׁלָאססֶען צו מַאכֶען גֶעלְד דֶערְפַאר. כְ׳הָאבּ עֶס פַּאטֶענְטִירְט וִוי גֶעהֶערִיג אונ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צו זוּכֶען אַ קוּנְד.

אִיךְ בִּין אויסְגֶעלָאפֶען גַאנְץ נוּיָארְק, פון אֵיין עֶלֶעקְטְרִישֶׁע פַאבְּרִיק אין דִי צְוֵייטֶע אונ אוּמֶעדוּם אָנְגֶעמוּט מַיין פַּאטֶענְט.

סְ׳אִיז אָבֶער גֶעוֶוען אוּמְזִיסְט דִי אַרְבֵּייט. קֵיין קוּנְד, קֵיינֶער ווִילל עֶס אין דֶער הַאנְד נִיט נֶעהמֶען, אָבְּוָואהל כְ׳הָאבּ עֶס גֶעוָואלְט אָבְּגֶעבֶּען בְּחָצִי חִנָם. מַיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג איז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען אויף אֵיין פִירְמֶע, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט סְפֶּעצִיעלל מִיט אָבְּקוֹיפֶען נַייֶע פַּאטֶענְטִירְטֶע עֶרְפִינְדוּנְגֶען. כְ׳בִּין אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, זִיךְ גֶעזֶעהֶען מִיט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת פון דֶער פִירְמֶע אונ אִיהְם אָנְגֶעמוּט מַיין פַּאטֶענְט. ער הָאט מִיר נִיט גֶעלָאזְט פִיעל וֶוענֶען דֶעם צו רֵיידֶען, נור קוּרְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז אין אַ וָואךְ אַרוּם וֶועלל אִיךְ קְרִיעגֶען אַ תְּשׁוּבָה, אונ דַארִיבֶּער הָאט ער פֶערלַאנְגְט כְ׳זָאלל אויפְגֶעבֶּען מַיין אַדְרֶעסס. דָאס איז אָבֶער גֶעוֶוען פַאר מִיר עֶרְגֶער וִוי אַלְץ,

ווייל עֶסְלִיבְע וָואכְען הָאבּ אִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעהַאט קיין הֵיים, נור גֶענֶעכְטִיגְט אִין דֶעם „הַכְנָסַת אוֹרְחִים" און בַּיי טָאג זִיךְ גֶעדְרֵייט אִין דִי גַאסֶען.

עֶ ד ר י ס ס ָ א ן הָאט זִיךְ אַ ווַיילֶע אָבְּגֶערוהט. אַ ר מַ א נְ ד הָאט בֶּעמֶערְקְט, ווִי עֶר דְרִיקְט מִיט דֶער הַאנְד דֶעם שְׁטֶערְן, גְלֵייךְ ווִי עֶר ווִילל זִיךְ דֶערְמָאנֶנְגֶען אַלְטֶע פֶּערְגֶעסֶענֶע זַאכֶען. נָאךְ אַ קוּרְצֶער פַּויזֶע הָאט עֶר אָבֶּער ווִיעֶדֶער אָנְגֶע־הויבֶּען:

— אַז דִי וָואךְ אִיז פַאְרבֵּיי און ס'אִיז גֶעקוּמֶען דֶער טֶערְמִין פוּן דֶער אַנְטְוָוארְט, הָאבּ אִיךְ אַ גַאנְצֶע נַאכְט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען. מַיינֶע מַחְשָׁבוֹת זַיינֶען מִיר גֶע־קְרָאכֶען אִין קָאפּ, און בַּיי מִיר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען זִיךְ דָאס לֶעבֶּען צוּ נֶעהְמֶען, אוֹיבּ כְ'וֶועלל קְרִיגֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע תְּשׁוּבָה.

מִיט אוּנגֶעדוּלְד הָאבּ אִיךְ דַארִיבֶּער גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם בְּרִיעף. וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאלְלְט אָנְקוּמֶען אוֹיף מַיינֶעם אַ חֲבֵר'ס אַדְרֶעסס.

שְׁטֶעלְלְט אַייךְ אָבֶּער פָאר, לִיעבֶּער אַ רְמַ א נְ ד, מַיין לַאגֶע, וֶוענן כְ'הָאבּ שׁוֹין עֶנְדְלִיךְ דֶערוַוארְט אוֹיף דִי מָארְגֶען־פָּאסְט.

— ס'אִיז דָא אַ בְּרִיעף — הָאט מִיר מַיין חֲבֵר אָנְגֶעזָאגְט בַּיים אַרַיינְקוּמֶען.

לֵיידֶער אָבֶּער הָאט דֶער בְּרִיעף מִיר גֶעבְּרַאכְט אַ פְּסַק אוֹיף מַיין לֶעבֶּען.

אִין קוּרְצֶע וֶוערְטֶער הָאט מִיר דִי פִירְמֶע מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען אַז זִי קֶענן מִיט מִיר קיין גֶעשֶׁעפְטֶען נִיט מַאכֶען.

הַאלְבּ לֶעבֶּענְדִיג בִּין אִיךְ פוּן גְרוֹיסס עַגְמַת נֶפֶשׁ אַנִיעדֶערְגֶעפַאלְלֶען אוֹיף אַ שְׁטוּהל.

מַיין חֲבֵר הָאט מִיךְ גֶעפְּרוּבִּירְט צוּ טְרֵייסְטֶען און צוּ שְׁטַארְקֶען, כְ'הָאט אָבֶּער גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען.

און אִיךְ בִּין אַרוֹיס פוּן זַיין הויז מִיט דֶער כַּוָונָה זִיךְ דָאס לֶעבֶּען צוּ נֶעהְמֶען.

וָואס פַאר אַ צִיעל קֶענן דֶענן הָאבֶּען פַאר מִיר אַ לֶעבֶּען, אָהְן גֶעלְד, אָהְן צוּ־קוּנְפְט, מִיט נוֹיט, עֶלֶענְד און פַּיין?

מִיר אִיז אָבֶּער נָאךְ בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶען צוּ לֶעבֶּען און צוּ הָאבֶּען נַחַת אוֹיךְ.

קוֹים בִּין אִיךְ אָבְּגֶעגַאנְגֶען צְוַואנְצִיג טְרִיטט פוּן מַיין חֲבֵר'ס טְהִיר הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶען אוֹיפ'ן וֶועג אַ דֶעפֶּעשֶׁען־טְרֶעגֶער. דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעזָאגְט כְ'זָאלל מִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען. ווִירְקְלִיךְ, דֶער דֶעפֶּעשֶׁען־טְרֶעגֶער הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען דִי גְלָאק פוּן מַיין חֲבֵרִ'ס טְהִיר און נָאכְדֶעם הָאבּ אִיךְ דֶערהֶערְט זַיין פְרַאגֶע:

— וואו וָואהְנְט דָא מִיסְטֶער עֶ ד ר י ס ס ָ א ן?

— דָאס בִּין אִיךְ — הָאבּ אִיךְ דִי מִינוּט גֶעעֶנְטְפֶערְט און גִיךְ צוּגֶעלוֹפֶען בַּיי אִיהְם דִי דֶעפֶּעשֶׁע.

גֶערֶעזֶע הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגֶערִיסֶען דֶעם סְטֶעמְפֶּעל און צוּ מַיין גְרוֹיסֶם אִיבֶּער־רַאשׁוּנְג דֶערְזֶעהֶען דִי אוּנְטֶערשְׁרִיפְט פוּן דֶער פִירְמֶע, וֶועלְכֶער כְ'הָאבּ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מַיין פַּאטֶענְט.

אִין דֶער דֶעפֶּעשֶׁע אִיז אַזוֹי גֶעשְׁטַאנֶען:

– עַל פִּי מְעוֹת פוּן אוּנזֶער קָארֶעסְפָּאנְדֶענְט הָאט אִיהְר עֶרְהַאלְטֶען נִיט קֵיין רִיכְטִיגֶע תְּשׁוּבָה. קוּמְט זָאפָארְט אִין אוּנזֶער קַאנְטָאר, דָאס גֶעשֶׁעפְט אִיז גֶעמַאכְט.

מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעדַאנְקְט גָאט פַאר דֶעם צוּפַאלל.

מִיט דֶעם אָבֶּער הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ דִי נִסִים אִין דֶעם טָאג נִיט אוֹיסְגֶעלָאזֶען.

אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין קַאנְטָאר אוּנ דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט מִיךְ גֶעפְרֶעגְט ווִי פִיעל אִיךְ פֶערלַאנְג פַאר מַיין פַּאטֶענְט בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אִין גְרוֹיסֶע פֶערלֶע־גֶענְהַייט.

בֶּעדַארְפְט הָאבּ אִיךְ גָאר אַ סַךְ גֶעלְד, וֶוענִיגְסְטֶענְס פִינְף טוֹיזֶענְד דָאלַאר, כְּדֵי כְ'זָאלל קֶענֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ אֵייגֶענֶע קְלֵיינֶע עֶלֶעקְטְרִישֶׁע פַאבְּרִיקֶעל, כְ'הָאבּ אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט צוּ פָארְדֶערְן אַזַא גְרוֹיסֶע סוּמֶע, כְּדֵי נִיט אִיבֶּערְצוּפִיהְרֶען דֶעם גַאנְצֶען עֵסֶק.

מֶען דַארְף זִיךְ בֶּענוּגֶענֶען מִיט דְרֵיי טוֹיזֶענְד דָאלַאר — אִיז בַּיי מִיר גֶעבְּלִיבֶּען. אִין דֶער זֶעלְבֶּער מִינוּט אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אַ קְלֶער גֶעגֶעבֶּען, אַז דֶערמִיט קֶענְן אִיךְ אוֹיךְ דֶערְבַּייזֶערֶען מַיינֶע קוֹנִים.

כְ'הָאבּ שׁוֹין גֶעהַאט בֶּרֵעָה צוּ בֶּעטֶען צְוַויי טוֹיזֶענְד. דִי ווָארְטֶער זַיינֶען מִיר שׁוֹין גֶעלֶעגֶען אוֹיפְן צוּנְג. נוּר דֶער בַּעַל־הַבַּיִת הָאט מִיר גֶעשְׁטֶערְט. עֶר אִיז צוּגֶע־גַאנְגֶען צוּ מִיר נֶאהְנְטֶער, אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען אִין פְּלֵייצֶע אוּנ גֶעזָאגְט:

– אַ שָׁאד דִי צַייט, וָואס טוֹיגֶען אוּנז אִיבְּרִיגֶע רֵייד? מִיר וֶועלֶען עֶס מַאכֶען קוּרְץ אוּנ שַׁארְף. יוּנְגֶער מַאנְן, אוּנְזֶער פִירְמֶע קֶענְן אַייךְ אוֹיסְצָאהֶלֶען פַאר דֶעם פַּאטֶענְט דָאס לֶעצְט פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד דָאלַאר, מֶעהר אַ סֶענְט נִיט.

פוּן גְרוֹיסֶע אִיבֶּערַראשׁוּנְג בִּין אִיךְ נִיט גֶעוֶוען אִים שְׁטַאנְד אַ ווָארְט צוּ רֶעדֶען, כְ'הָאבּ נוּר גֶעקֶענְט אַ שָׁאקֶעל טְהוּן מִיט'ן קָאפּ.

אִין פִינְף מִינוּט שְׁפֶּעטֶער הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער הַאנְד אַ טְשֶׁעק אוֹיף פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד דָאלַאר אוּנ אִין אַ שָׁעָה אַרוּם הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אָבְּגֶענוּמֶען מַיין גֶעלְד פוּן בַּאנְק.

אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג פוּן בַּאנְק מִיט דֶעם גֶעלְד אִין דֶער טַאשׁ הָאבּ אִיךְ דַאמָאלְס גֶעטְהוּן אַ נֶדֶר.

יֶעדֶעס יָאהר אִין דֶעם טָאג פוּן מַיין עֶרְשְׁטֶען גְלִיק מוּז אִיךְ אַ גַאנְצֶען מֵעֵת לְעֵת זִיךְ אַרוּמְדְרֶעהֶען נֶעבֶּען דֶעם „הַכְנָסַת אוֹרְחִים". דָאס הֵייסְט צְווִישֶׁען אָרֶעמֶע לַייט, כְּדֵי אוֹיפְצוּזוּכֶען אַ פֶערְצְווַייפֶעלְטֶען, גֶעדְרִיקְטֶען מַאנְן, וֶועלְכֶען ס'אִיז נָאךְ מֶעגְלִיךְ צוּ דֶערְרַאטֶעוֶוען דָאס לֶעבֶּען.

דָאס מָאל הָאבּ אִיךְ גְרַאדֶע צוּפֶעלִיג גֶעטְרָאפֶען אוֹיף אַייךְ. הֶערר אַרְמַאנְד בָּאנְגֶע אוּנ פוּן הַיינְט מָאל אָן שְׁטֶעהְט אִיהר אוּנְטֶער מַיין שׁוּץ.

איהר װעט שױן פון דאנגען ניט אװעקגעהען. איהר בלײבט בײ מיר אין פאבריק.

איהר װעט מיר גראדע יעצט צו נוטץ קומען, װײל איך אינטערעססיר מיך זעהר פאר דעם אונשולדיג פערארורטהײלטען קאפיטאן דרײפוס, און איהר, אלס פראנצױז, װעט מיר העלפען טראכטען, װי אזױ דער אונגליקליכער פאמיליע צו העלפען.

אויף ארמאנדען האט עדיסאנס ערצעהלונג א גרױסען רושם געמאכט; ער האט בעקוקט דעם ערפינדער פון קאפ ביז די פיסס און ענדליך זענען איהם די אױגען פײכט געװארען מיט א שבח צו גאטט װאס ער האט איהם צוזאממענגעטראפען דורך א זעלטענעם צופאלל מיט אזא װיכטיגען מענשען.

# XXVII.

## יוליאנא איז אנגעשטעקט.

אז סטעפאן איז צוגעפאהרען צו פאסטערס קליניק, האט ער אלײן ניט געװואוסט װאס מיט איהם טהוט זיך, ער האט ניט געװארט אויף דעם דיענערס מעלדונג און אלײן, אונגעבעטענער ארײנגעלאפען אין דעם דאקטארס קאבינעט.

דאקטאר בורגער איז דאמאלס געזעססען בײ זײן ארבײט־טיש און דורך א פערגרעססער־גלאז בעקוקט די פלעגמא פון א קראנקען.

ער האט די מינוט דערקענט דעם פירשט.

– הערר דאקטאר! – האט דערװײל סטעפאן א געשרײ געגעבען – מײן פרױ איז װירקליך טאקי אנגעשטעקט פון דעם דוללען װאלף?

מיט א רחמנותדיגען בליק האט איהם דער דאקטאר װידערהאלט די זעלבע װארטער װעלכע ער האט איהם פריהער געלאזט זאגען דורך דעם טעלעפאן.

סטעפאן האט שרעקליך א געשרײ געגעבען און פערשטעללט דאס געזיכט מיט די האנד.

– לײדער איז אזױ – האט װײטער געצױגען דער יונגער דאקטאר װעלכער איז געװאָ־־ען זעהר געריהרט פון דעם פירשטס צער – װאס אמאל מעהר זעה איך לײדער, אז מײן ערשטע דיאגנאזע [1] איז געװעזען ריכטיג. גלײך נאך אײער אװעקגעהען איז די קראנקע געװארען זעהר אונרוהיג, כ'האב זאגאר פרובירט צו געבען באלד דער

---

[1] דיאגנאזע — די קונסט צו דערקענען א געװיססע זאך און איבערהויפט א קראנקהייט דורך געװיססע סימנים.

פַּאצְיֶענְטְקֶע בֶּערוּהִיגֶענְדֶע מִיטְטֶעלְן, סְ'אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶוען צוּ שְׁפֶּעט אוּנ דֶער קְרִיזִים צוּם שְׁלֶעכְטֶען אִיז אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען.

– אוּנ מַיין לִיעבֶּע, טְהַייעֶרֶע פְרוֹי אִיז פֶערְלָארֶען? -- הָאט סְטֶעפַאן מִיט שְׁרֶעק גֶעפְרֶעגְט אוּנ גֶעבְּרָאכֶען דִי הֶאנְד.

– סְ'זֶענֶען גָאר נִיט דָא קֵיין פַּאסֶענְדֶע ווֶערְטֶער צוּ שִׁילְדֶערֶען דֶעם צוּשְׁטַאנְד פוּן אַזַא קְרַאנְקְהַייט. דָאס אִיז עֶרְגֶער פוּן אַלְץ וָואס אִיהר קֶענְט אַייך נוּר פָארְשְׁטֶעלֶען. כְּ'וָואלְט אַייך קֵיין מָאל נִיט גֶעווּאוּנְשֶׁען צוּ זֶעהֶען מִיט אַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען וָואס פוּן אַייעֶר וַוייבּ אִיז גֶעוָוארֶען.

– אָה, נֵיין, דָאס גְלוֹיבּ אִיךְ נִיט, דָאקְטָאר, כְּ'מוּז גֶעהְן צוּ אִיהר, אוּנ כְּ'בִּין זִיכֶער אַז מַיין פֶּערְזָאן אַלֵיין וֶועט אִיהר בְּרֵיינְגֶען הִילְף, אִין מַיינֶע הֶאנְד וֶועט זִי זִיךְ אִין גַאנְצֶען בֶּערוּהִיגֶען.

– נֵיין, הֶערר פִירְשְׁט, – הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט – פוּן דֶעם אִיז דֶערְוַוייל נִיט דָא וָואס צוּ רֶעדֶען. נִיט אִיךְ אוּנ נִיט אִיהר אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט קֵיין פְּרֶעמְדֶער מֶענְשׁ טָאר דֶערְוַוייל נִיט צוּגֶעהֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶער, וַוייל סְ'אִיז גֶעפֶאהְרְלִיךְ צוּ שְׁטֶעהֶען נִיט וַוייט פוּן אִיהר. פָארְלֵייפִיג מוּזְט אִיהר אַייךְ בֶּענוּגֶענֶען דֶערְמִיט, וָואס אִיהר וֶועט זֶעהֶען אַייעֶר פְרוֹי דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶערל.

– גָאטט מַיין גָאטט, פַאר וָואס מוּז מֶען זִיךְ אַזוֹי הִיטֶען?

– וַוייל דִי קְרַאנְקְהַייט אִיז זֶעהר אַנְשְׁטֶעקֶענְד אוּנ זִי גֶעהט לַייכְט אַרִיבֶּער פוּן אֵיין קָארפֶּער אוֹיף דֶעם צְווַייטֶען.

-- וִוי אַזוֹי אַלְזָא קְרִיעגְט דִי קְרַאנְקֶע צוּ עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען?

– וֶועגֶען דֶעם הָאט שׁוֹין דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער פְּרָאפֶעסָאר פַּאסְטֶער אוּנְז פֶערְזָארְגְט מִיט אַ גוּטֶער תַּקָנָה, אַז וֶוענְן דִי וֶועכְטֶער גֶעהֶען אַרַיין צוּ דִי קְרַאנְקֶע, זֶענֶען זֵיי אָנְגֶעטְהוּן אִין דִיקֶע גוּמֶענֶע פְלַאשְׁצֶען.

– אַךְ, אָרֶעמֶע יוּלְיַאנַא! – הָאט סְטֶעפַאן נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְרֶעכְצֶען, דֶער דָאקְטָאר הָאט אִיהם גֶענוּמֶען פַאר דֶער הַאנְד אוּנ אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט דוּרְךְ אַ לַאנְגֶען קָארִידָאר צוּ אַ קֶעמֶערִיל.

בַּיי דֶער טְהִיר אִיז גֶעזֶעסֶען אַ שְׁטַארְק גֶעבּוֹיטֶע פְרוֹי, דָאס אִיז גֶעוֶוען דִי וֶועכְטֶערִין.

פוּן אִינְוֶוייניג פוּן קֶעמֶערִיל הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען גֶעשְׁרֵייעֶן, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעשְׁוִוינְדֶער גֶעוֶוען עֶהְנְלִיךְ צוּם בִּילֶען פוּן אַ הוּנְד, אֵיידֶער צוּ אַ מֶענְשְׁלִיכֶען קוֹל. גְלַייךְ נָאכְדֶעם אָבֶּער הָאט זִיךְ דִי קְרַאנְקֶע צוּלַאכְט אוֹיפְן גַאנְצֶען קוֹל.

– זִי הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט בֶּערוּהִיגְט? – הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעפְרֶעגְט דִי וֶועכְטֶערִין.

– וואו – הָאט דִי פְרוֹי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער הַאנְד – אוֹיף אַ מִינוּט אוֹיךְ נִיט, וָואס אַמָאל וֶוערְט אַלְץ עֶרְגֶער. דִי קְרַאנְקֶע הָאט אוֹיף קֵיין פַאלל נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען דִי זוּפּ וָואס כְּ'הָאבּ אִיהר אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ אִין

װעלבען כ׳האב אויף דעם דאקטארס בעפעהל אריינגעטהון א פראשעק מעדיצין אונ ניט די אפעלסינען (פאמעראנצען). מיט איין װארט, זי װילל קיין זאך ניט.

— נו, אונ װאסער האט מען איהר פרובירט צו געבען?

— יא, צװיי מאל. צום אנהויב האט זי מיר ארויסגעריסען פון האנד די קװארט מיט װאסער, קוים אבער האט זי בעמערקט װאס דארטען איז דא, האט זי עס מיט כעס אװעקגעװארפען פון זיך.

— דאס איז אויך א סימן אז די משוגעת איז גרויסס! — האט זיך דער דאקטאר טרויעריג געװענדעט צו דעם פירשט — דוללע אנגעשטעקטע מענשען ענטלויפען פון װאסער.

— זי איז אהן האפפנונג? — האט סטעפאן האסטיג געפרעגט מיט פערװיינטע אויגען — כ׳בעשװער אייך דאקטאר, זאגט מיר דעם ריינעם אמת.

— ניין, כ׳האב נאך די האפפנונג ניט פערלארען — האט דער דאקטאר געענטפערט מיט א אונזיכערער שטימע — כ׳פערזיכער אייך, אז כ׳װעלל אלץ אנװענדען — װי װייט מיין קעננטניסס אונ קראפטען װעללען ערלויבען מיר נור — צו רעטטען אייער פרוי.

— א דאנק אייך דאקטאר! איהר קעננט אייך גאר ניט פארשטעללען װי טהייער די פרוי איז מיר. אהן איהר — דאכט זיך מיר — װאללט איך גאר ניט אים שטאנד געװען צו לעבען.

— אלזא, איהר װיללט זיך דורכאוים מיט איהר זעהען?

— יא, הערר דאקטאר, כ׳װיל אלליין מיט מיינע אייגענע אויגען זעהען װאס פון מיין פרוי איז געװארען.

— אלזא גוט. קוממט אהער נאהנטער אונ קוקט אריין דא, אין דעם פענסטערל. כ׳זאג אייך אבער פאראוים, איהר זאללט צו מיר קיין פראטענזיעס ניט האבען װייל איהר האט עס אלליין פערלאנגט.

סטעפאן איז צוגעגאנגען צום פענסטערל אונ פאר איהם איז שוין גענוג געװען, דאס װאס ער האט יעצט געזעהען.

די װאנד אונ די פאדלאגע פון דעם קעמעריל זענען געװען אויסגעשלאגען מיט װייכע אונ דיקע מאטען. די שיין איז אריין דורך דעם גלעזערנעם דאך אונ ביי נאכט האט דארט געברענט א עלעקטרישע לאמפ.

קיין מעבעל זענען אין דעם קעמעריל ניט געװען, אין איין װינקעל נור האבען זיך געװאלגערט עטליכע קישענס אונ א קאלדרע.

אין דעם װינקעל איז יעצט געזעססען יולינא.

סטעפאן האט זי קוים דערקעננט.

פון משוגעת האט זי אויף זיך צוריסען די קליידער אונ יעצט זענען איהר נור נאכגעהאנגען שמיקער לאטעס.

איהרע האר פון קאפ זענען געווען צוּוואָרפען און האָבען בעדעקט אין גאנצען איהר געזיכט.

און דער פּנים אַלליין, געכטען נאָך אַזוי פריש און שאַן, איז יעצט געווען שרעקליך געענדערט דורך די שלאפקייט. די אויגען זענען ארויסגעקראָכען פון די לאָכער און זיי האָבען אויסגעזעהען ווי צוברענענטע קאהלען.

דאָס מויל האָט זי געהאַלטען אָפּען און די ליפּען זענען געווען בעדעקט מיט געלען שוים.

דאָס רויטע געזיכט איז בלוי געוואָרען, די הענד האָבען געציטערט און די פינגער האָבען זיך אויסגעקרימט, יעדעס מאָל, ווען די אַטאַקען זענען געוואַלטיגער צוגעטרעטען.

די קראַנקע האָט געמאַכט גוואַלטען, זיך געוואָרפען אויף דער פּאָדלאָגע, זיך פּרובירט עטליכע מאָל צו קריכען אויף די גלייכע וואַנד און אַז דאָס האָט איהר ניט געראָטען איז זי כּאַז געווען און אין כּעס זיך אַלליין געמאַכט וואונדען.

אַ לאַנגע צייט האָט יולַיאַנאַ ניט בעמערקט סטעפּאַנען, וועלכער האָט זי ווילד אָנגעקוקט.

פּלוצלינג אָבער האָט זי איהם בעמערקט און די מינוט צוגעלאָפען צום פענסטעריל. מיט כּח האָט זי אַ זעטץ געגעבען אין שויב. דאָס גלאָז איז אָבער געווען דיק און שטאַרקער פון איהרע פויסטען. דאָס האָט זי גוואַלטיג צורייצט און זי איז אַריינגעפאַללען אין אַ שרעקליכע ווילדקייט און אין קאָנוואולסיען זיך אַניעדערגעוואָרפען אויף דרערד.

סטעפּאַן איז אויפגעשפּרונגען פון פענסטעריל. לענגער האָט ער עס שוין ניט געקענט דערטראָגען.

— דאָקטאָר! — האָט ער אַ געשריי געגעבען — גיבט מיין פרוי סם, מאַכט איהר בעססער דעם טוידט, איידער זי זאָלל זיין אין אַזאַ צושטאַנד.

— ניין, מען מוז ווירקליך זעהען זי איינצושטיללען — האָט דער דאָקטאָר זיך שטאַרק פערקלערט — כ'האָב אייך דאָך שוין געזאָגט, אַז פאַרלייפיג האָב איך נאָך גרויס האָפנונג זי צוריק געזונד צו מאַכען, נור אַללענפאַללס מוז מען איהר יעצט איינגעבען אַ פּראָשעק צום שלאָפען.

— יאָ, צום שלאָפען — האָט זיך סטעפּאַן האַסטיג אָנגעכאַפּט אין דעם געדאַנקען, גלייך ווי אַ דערטרונקענער אָן אַ שטרוי — דער שלאָף וועט איהר צוגעבען כּח און זי וועט וועניגסטענס דאַמאָלס ניט זעהען איהרע איינענע צרות.

— גאַנץ גוט — האָט דער דאָקטאָר אויך איינגעשטיממט — אמת דער שלאָף קענן איהר מאַכען גאַנץ גוט, ווער וועט איהר אָבער איינגעבען דעם שלאַפּטרונק? דאָס מוז באַלד געשעהען, און דער וועכטער איז גראָדע יעצט אַרויסגעגאַנגען.

— אויב אום דעם זאָלל עס נור געהען איז אַ קלייניגקייט — האָט זיך אָבגערופען

דער פּירשט – איך אַליין, הערר דאָקטאָר, וועלל איינגעבען מיין אומגליקליכער פרוי דעם פּראַשעק.

– איהר ווייסט אָבער אַז דאס הייסט זיך מוסר נפש געווען?

– נו וואָס איז? האָט דען מיין יולי׳אַנאַ ניט פעררדיענט ביי מיר דאַרויף? וואָס טויג מיר איבערהויפּט מיין לעבען, דאַמאָלס ווען זי, יולי׳אַנאַ, איז קראַנק. איבּריגענס בין איך איבערצייגט אַז יולי׳אַנאַ וועט זיך די מינוט בערוהיגען ווען זי וועט מיר זעהען נעבען זיך; שמייכעלט ניט דאָקטאָר, כ׳זאָג אייך נאָך אַ מאָל, די גרויסע ליעבע איז שטאַרקער פאַר אַללע שלאַפקייטען צוזאַממען.

– זאָלל זיין אַזוי! – האָט ענדליך מסכים געווען דער יונגער דאָקטאָר אונד דערלאַנגט דעם פּירשט די האַנד – כ׳וועלל באַלד בריינגען דעם פּראַשעק, איהר טהוט זיך דערווייל איבער אין דעם גומענעם פּלאַשץ.

– צו וואָס? איהר ווילט דען אַז מיין פרוי זאָלל מיך ניט דערקענען? אומגעקעהרט, כ׳וועלל געהען אַזוי ווי כ׳שטעה דאָ.

דער דאָקטאָר האָט אַ ציה געגעבען מיט די פּלייצעס, נאָכדעם איז ער אַוועקגעגאַנגען.

אין עטליכע מינוט אַרום איז ער צוריק געקומען. אין איין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ קליין פלעשעל אונד אין דער צווייטער אַ פּאַר גומענע האַנדשוה.

– דאָ האָט איהר אַ שלאַפּמרונק, איהר מוזט אָבער דורכאויס זעהען, אַז אייער פרוי זאָלל אויסטרינקען דאס גאַנצע פלעשעל.

– גוט, כ׳וועלל שוין אויפּפּאַססען.

– נאָך אַוויילע. נקודם כל מוזט איהר דורכאויס באַלד אָנטהון די האַנדשוה, אַניט וועלל איך אייך ניט אַריינלאָזען צו דער קראַנקער אויף קיין פאַלל ניט.

סטעפאַן האָט געמוזט איבערגוואַלט אָנטהון די האַנדשוה אונד נאָכדעם האָט ער בעהאַלטען דאס פלעשעל מיט דער מעדיצין אין טאַש.

– כ׳בין פאַרטיג – האָט ער געזאָגט אין אַ ווילע אַרום.

– אַלזאָ ווייטער, גאָטט וועט העלפען.

דער דאָקטאָר האָט לאַנגזאַם אָבגערוקט דעם פעררוקער פון דער טהיר.

– די טהיר וועט זיין לייכט צוגעמאַכט – האָט ער געזאָגט – כּדי איהר זאָללט קענען יעדע מינוט אַרויסלויפען. די וועכטערין וועט אויפּפּאַססען אונד די מינוט צומאַכען די טהיר, ווען איהר וועט נור אַרויסגעהען. איך וועלל אַליין אויך אַכטונג געבען דורך דעם פענסטערל.

דער פּירשט איז געווען אַזוי געריהרט, אַז ער האָט אַ וואָרט ניט געקענט ענטפערן.

ער איז אין גאַנצען געווען פערטראַכט נור אין דעם איינעם רעיון, ווי אַזוי

אַיינְצוּגֶעבֶּען יוּלְיַאנַאן דֶעם שְׁלָאף-טְרוּנְק, זִי זָאלל עֶס נִיט אוֹיסְגִיסֶען אָדֶער צוּבְּרֶעכֶען דָאס פְלֶעשֶׁעל.

לַאנְגְזַאם הָאט עֶר גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר.

יוּלְיַאנַא אִיז גֶעזֶעסֶען אוּמְגֶעקֶעהרְט צוּ אִיהם מִיט דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ דַארִיבֶּער הָאט זִי אִיהם צוּם אָנְהוֹיבּ נִיט בֶּעמֶערְקְט, זִי הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעהֶערְט זַיינֶע טְרִיטט אוֹיף דֶער וֵוייכֶער פָּאדְלָאגֶע.

עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען גַאנְץ שְׁטִילל אוּנ גֶעלַאססֶען שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען הִינְטֶער אִיהר.

זֶעלְטֶען גֶעשִׁיקְט הָאט עֶר זִי אַ חַאפּ גֶעגֶעבֶּען פוּן הִינְטֶען מִיט בֵּיידֶע הֶאנְד אַזוֹי אַז אִיהר קֶארְפֶּער הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבּוֹיגֶען אוּנ אִיהר קָאפּ אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאללֶען אוֹיף זַיינֶע קְנִיע.

מִיט אֵיין הַאנְד הָאט עֶר זִי פֶּעסְט צוּגֶעהַאלְטֶען אוּנ מִיט דֶער אַנְדֶערֶער הָאט עֶר גֶעוָואללְט אַרוֹיסְנֶעהמֶען דָאס פְלֶעשֶׁעל.

דִי קְרַאנְקֶע הָאט אַ ווִילְדֶען גְעשְׁרֵיי גֶעגְעבֶען אוּנ זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט מִיט אַללֶע כֹּחוֹת, זִי הָאט דוּרְכְאוֹיס גֶעוָואללְט זִיךְ בֶּעפְרַייֶען פוּן מַאנְנְס הַאנְד.

סְטֶעפַאן אִיז אָבֶער גֶעוֶוען שְׁטַארְקֶער אוּנ זִי פֶּעסְט צוּגֶעהַאלְטֶען מִיט דִי קְנִיע, מִיט דִי צֵיין הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דֶעם פְּרָאפֶּען פוּן פְלֶעשֶׁעל, וֶועלְכֶע עֶר הָאט בַּאלְד מִיט זַיין רֶעכְטֶער הַאנְד צוּגֶעטְרָאגֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶענְס לִיפֶּען.

זִי הָאט אִיהם נָאךְ גֶעוָואלְט אַ בִּיסס גֶעבֶּען אִין הַאנְד, דִי גוּמֶע פוּן דִי הַאנְדְשׁוּה הָאט אִיהר אָבֶער גֶעשְׁטֶערְט.

פְּלוּצְלִינְג אָבֶער אִיז אִיהר פָּנִים גֶעוָוארֶען ווִי אוֹיסְגֶעלַייטֶערְט. דִי ווִילְדְקַייט פוּן אַ חַיָה אִיז פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אוּנ אוֹיף יוּלְיַאנַאס בְּלַאססֶען גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ ווִיעדֶער בֶּעוִויזֶען דֶער אַמָאלִיגֶער, זִיססֶער, פְרֶעהלִיבֶער שְׁמֵייכֶעל.

—סְטֶעפַאן! הָאט דִי קְרַאנְקֶע גֶעזָאגְט, גְלַייךְ ווִי זִי וָואללְט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט פוּן אַ לַאנְגֶען שְׁלָאף—סְטֶעפַאן, דָאס בִּיסְט דוּ? גָאטט מַיין גָאטט, וָואס טְהוּט זִיךְ דָא? וואוּ בִּין אִיךְ? גְוַואלְד ווִי כְ'זֶעה אוֹיס, סְטֶעפַאן, סְ'אִיז מִיר ווִירְקְלִיךְ אַ שַׁאנְדֶע!

סְטֶעפַאן אִיז אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם נַייֶעם נֵס אוּנ פוּן גְרוֹיסס שִׂמְחָה הָאט עֶר גָאר פֶערְגֶעססֶען צוּ וָואס עֶר אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען.

—יוּלְיַא!— הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן — יוּלְיַא, טְהַייֶערֶע, דוּ דֶערְקֶענְסְט מִיךְ? גָאטט צוּ דַאנְקֶען יוּלְיַא!

אוּנ עֶר הָאט אִיהר פְרַיי גֶעמַאכְט דִי הֶאנְד אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אַ פָּאר טְרִיטְט וַוייט פוּן אִיהר.

זִי הָאט אַרוּמְגֶעחַאפְּט מִיט אִיהרֶע הֶאנְד זַיין קָאפּ.

— אַךְ, סְטֶעפַאן! — הָאט זִי טְרוֹיעֶרִיג גֶעזָאגְט — דוּ וֵוייסְסְט גָאר נִיט ווִי

פִּיעל כ׳הָאבּ גֶעלִיטָען. דֶער קָאפּ אִיז מִיר נָאךְ יֶעצְט וִוי מִיט שְׁוֶוערֶען בְּלַיי אָנְגֶע־גָאסֶען אוּנ אִיךְ שְׁפִּיער אִין זִיךְ קַיין גַאנְצֶען גְלִיעד נִיט.

יֶעדֶעם וָוארְט הָאט צוּגֶעגֶעבֶּען סְטֶעפַאנֶען מוּטָה. עֶר אִיז גֶעוֶוען וִוי בֶּערוֹיישְׁט אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט וָואס אָנְצוּהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען טוֹדִיעַ צוּ זַיין דֶעם דָאקְטָאר פוּן דֶער גוּטֶער עֶנְדֶערוּנְג.

עֶר אִיז אַלֶזָא צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פֶּענְסְטֶער אוּנ אָנְגֶעקְלַאפְּט אוֹיף דֶעם דָאקְטָאר. גֶעוֶוהנְלִיךְ הָאט עֶר דַאבֵּיי גֶעמוּזְט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען מִיט דֶעם רוּקֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶער.

— הֶערְר דָאקְטָאר! — הָאט זַיין קוֹל פְרֶעהלִיךְ גֶעקְלוּנְגֶען — קוּמְט אַהֶער גֶעשְׁוִוינְדֶער, מַיין פְרוֹי וֶועט שׁוֹין בֶּעגֶעהֶען אָהן אַ שְׁלָאף־טְרוּנְק, גָאט הָאט גֶעהָאלְפֶען, מַיין פְרוֹי אִיז....

עֶר הָאט נִיט גֶעעֶנְדִיגְט, וַוייל פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר אוּנְפֶערְהָאפְט גֶעקְרָאגֶען אַנָא קְלַאפּ פוּן הִינְטֶען אִין קָאפּ, אַז עֶר אִיז עֶטְלִיכֶע מִינוּט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען וִוי אַ צוּמִישְׁטֶער. וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהֶען הָאט עֶר אַ לַאנְגֶע צַייט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט. עֶר הָאט נוּר גֶעהֶערְט אַ ווִילְדֶען גֶעשְׁרֵיי אוּנ אִין אַ וַויילֶע אַרוּם הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט אַז עֶר שְׁטֶעהט אַלֵיין אִין קֶעמֶערִיל.

זַיין וַוייבּ, זַיין יוּלְיַאנַא אִיז מֶעהר נִיט גֶעוֶוען נֶעבֶּען אִיהם.

סְטֶעפַאן אִיז הַאסְטִיג צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶער טְהִיר.

ס׳אִיז אִיהם שׁוֹין קְלָאר גֶעוָוארֶען אַז זַיין וַוייבּ אִיז עֶנְטְלָאפֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ יֶעצְט גֶעאַיילְט זִי צוּרִיק צוּ חַאפֶּען.

מִיט כֹּחַ הָאט עֶר אַ שְׁטוּפּ גֶעגֶעבֶּען דִי טְהִיר.

ס׳אִיז אָבֶּער אוּמְזִיסְט גֶעוֶוען דִי אַרְבֵּייט. דִי טְהִיר הָאט זִיךְ נִיט גֶערִיהְרְט פוּן אָרְט.

דֶער פִירְשְׁט סְטֶעפַאן רוּבִּינְסְקִי אִיז יֶעצְט גֶעוֶועסֶען פֶערְשְׁלָאסֶען אִין דֶעם זֶעלְבֶּען קֶעמֶערִיל, וָואס אִיז גֶעוֶוען בֶּעשְׁטִימְט פַאר זַיין דוּללֶער פְרוֹי.

עֶר הָאט פוּן וַוייטָאג אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען אוּנ אִין אָנְמַאכְט אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער וַוייכֶער פָּאדְלָאגֶע.

אוּנ יוּלְיַאנַא?—

לֵיידֶער אִיז זִי גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען נוּר אוֹיף אַ קִירְצֶער צַייט אוּנ דַאמָאלְס וֶוען דֶער אִיבֶּערְגְלִיקְלִיכֶער סְטֶעפַאן אִיז גֶעלָאפֶען אָנְזָאגֶען דֶעם דָאקְטָאר דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה, הָאט זִי ווִיעדֶער פֶערְלָארֶען דֶעם זִינְן.

אוּנ אִין דֶער זֶעלְבֶּער מִינוּט הָאט זִי שׁוֹין פֶערְגֶעסֶען וֶוער ס׳שְׁטֶעהט נֶעבֶּען אִיהר, זִי הָאט שׁוֹין נִיט דֶערְקֶענְט סְטֶעפַאנֶען אוּנ אִיהם אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען מִיט אַ ווִילְדֶער רְצִיחָה אִין קָאפּ.

נָאכְדֶעם אִיז זִי הַאסְטִיג צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶער טְהִיר אוּנ אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען דוּרְךְ דֶעם קָארִידָאר.

די וועכטערין, וואס איז געזעסען ביי דער טהיר, איז אין שרעק ענטלאפען געווארען.

דאקטאר בורגער איז עטליכע מינוט געשטאנען ווי א פערשטיינערטער אונ האט ניט געוואוסט וואס מען הויבט אן צו טהון. אז ער איז געקוממען צו זיך פון דעם ערשטען שרעק האט ער זאגאר פרובירט נאכצויאגען די קראנקע, ס'איז שוין אבער געוועזען צו שפעט.

אין קארידאר איז געוועזען פינסטער אונ דאריבער האט יעדערער געווייכט פאר דער משוגענער אין די צוריסענע קליידער.

אפילו דער דיענער, וועלכער שטעהט ביים טויער פון קליניק איז אבגעשפרונגען פון זיין שטענדיגען ארט אונ געלאזט יוליאנען לויפען.

דער דיענער איז געוועזען גענוג שטארק, א אויסגעדיענטער סאלדאט האט ער מיטגעמאכט פיעל מלחמות אונ געוואוסט דעם טעם פון פולווער.

פונדעסטוועגען האט ער אין זיך ניט געהאט אזוי פיעל מוטה, צו פער־האלטען יוליאנען דעם וועג.

אונ זי איז פריי אונגעשטערט ארויסגעלאפען אויף דער גאסס. אין עטליכע מינוט ארום איז זי פערשוואונדען געווארען אין דעם גרויסען פאריז.

XXVIII.

# אליציעס רינג.

מתית דרייפוס האט געשטעלט אונרוהיגע שפרייזען אין זיין עלעגאנטען גאבינעט.

ער האט שלעכט אויסגעזעהן, שטארק פערזארגט אונ ניעדערגעשלאגען. ס'איז אויך ניט קיין וואונדער. די לעצטע צוויי יאהר מיט די אונפערהאפפטע דאגות אונ מאראלישע יסורים האבען איהם עלטער געמאכט אויף א יאהר צעהן.

דאס שטענדיגע עגמת נפש פון דעם ברודער אונ זיין פאמיליע האט איהם צוגענוממען דאס רעשט ביסעל כחות. אויסערדעם זייגען איהם נאך צוגעקוממען נייע זארג, זינט אליציא איז אבגעפאהרען.

טאג אונ נאכט האט מתית'ס הארץ ניט גערוהט אונ ער האט אויף איין מינוט ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דער שאנער אונ קלוגער ענגלענדערין.

ער האט ניט געוואוסט פון ברינטמאס אונגליקק אונ דאריבער האט איהם די אונוויסענהייט נאך מעהר געערגערט.

ווי געוועהנליך האט ער זיך אויסגעלייגט אויף צום ערגסטען, אונ זיין

מַח הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעאַרְבֵּייט אִיבֶּער דֶעם, וָואס פוּן אַלִיצְיַאן הָאט גֶעקֶענְנְט וֶוערֶען.

וִוי טְהַייעֶר וָואלְט עֶר בֶּעצָאהלְט יֶעדֶען, וֶוער ס'וָואלְט אִיהם גֶעבְּרַאכְט דִי קְלֶענְסְטֶע יְדִיעָה אִיבֶּער זַיין גֶעלִיעבְּטֶע.

וִוי נַייגִיעְרִיג אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען צוּ וִויסֶען, אוֹיבּ בְּרִיגִיטְטָא הָאט עֶרְרַייכְט אִיהר צִיעל, אוֹיבּ אַלִיצְיַא הָאט אוֹיפְגֶעזוּכְט הֶערְמִינְיֶען אוּנ וואו זַיינֶען זַיי יֶעצְט אַללֶע? אֶפְשַׁר הָאט שׁוֹין אַלִיצְיַא עֶפֶּעס אוֹיפְגֶעטְהוֹן פַאר דֶעם אָרֶעמֶען אַלְפְרֶעדֶען?

אָט אוֹיף דִי פְרַאגֶען הָאט מַתִּית אוּמֶעדוּם אוּמְזִיסט גֶעזוּכְט אַנְטְוָוארְט, ס'אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין מֶענְשׁ, וֶוער ס'זָאלל אִיהם דַארוֹיף קֶענֶנֶען עֶנְטְפֶערְן.

עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גֶעהְן אִיבֶּערן צִימְמֶער אוּנ זִיךְ צוּרִיק אַנִיעדֶערְגֶעזֶעצְט בַּיי דֶעם שְׁרַייבּ־טִישׁ, אוֹיף וֶועלְכֶעם ס'זַיינֶען נָאךְ אַלְץ גֶעלֶעגֶען דִי לַאנְדְקַארְטֶען, לוֹיט וֶועלְכֶע „בְּרִיגִיטְטָא" הָאט גֶעזָאלְט פִיהְרֶען אִיהְרֶע פַּאסַאזִירֶען.

— אַלִיצְיַא, טְהַייעֶרֶע לִיעבֶּע אַלִיצְיַא — הָאט עֶר שְׁוֶוער אַ זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען — אוֹים, נִיט דָא, מִיר וֶועלֶּען זִיךְ שׁוֹין קֵיינְמָאל נִיט זֶעהֶען, גֶעשִׁיעדֶען אוֹיף עֶבִּיג. מַיין אֵיינְצִיגֶע טְרֵייסְט זַיינֶען נוּר דִי גְלִיקְלִיכֶע מִינוּטֶען, וֶוען כְ'הָאבּ דִיךְ בֶּעגְלֵייט אוֹיף דַיין רֵייזֶע אוּנ אָהן וֶוערְטֶער אוֹיסְגֶעדְרִיקְט דִיר מַיין לִיעבֶּע אוּנ צוּבִּינְדְלִיכְקַייט, דוּרךְ דֶעם רִינְג, וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ דִיר דַאמָאלְס גֶעשֵׁיינְקְט.

בַּיי דִי וֶוערְטֶער הָאט וֶוער אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין טְהִיר.

אִין צִימְמֶער אִיז אַרַיין זָארְזֶעטְטַא.

אַנְדְרֶעעֶ'ס גוּבֶּערְנַאנְטִין אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אוֹיף אִיהר שְׁטֶעללֶע, זָאגַאר נָאכְדֶעם וֶוען דָאס אוּמְגְלִיקְק הָאט גֶעטְרָאפֶפֶען מִיט דֶעם קִינְד.

— וָואס אִיז גֶעשֶׁעהְן? — הָאט מַתִּית הַאלְבּ בָּאז גֶעפְרֶעגְט, וֶוען זָארְזֶעטְטַא הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דִי גֶעדַאנְקֶען.

— אִין פָאר־צִימְמֶער, הֶערר דְרֵייפוּס! — הָאט דָאס מֶעדְכֶען מִיט רֶעשְׁפֶּעקְט גֶעעֶנְטְפֶערְט — שְׁטֶעהְט עֶפֶּעס אַ מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער ווִילל זִיךְ דוּרְכְאוֹיס בַּאלְד זֶעהֶען מִיט אַייךְ.

— יֶעצְט אַזוֹי פְרִיה?

— עֶבֶּען דָאס הָאט מִיךְ אוֹיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אִיהם בַּאלד נִיט אַרַיינְגֶעלָאזֶען, אוֹיסֶערְדֶעם גֶעפֶעללְט עֶר מִיר אִיבֶּערְהוֹיפְּט נִיט.

— מִיט וָואס דֶענְן?

— כ'ווייסס אַללֵיין נִיט גֶענוּי צוּ עֶנְטְפֶערְן, נוּר אַללֶענְפַאללְס הָאט עֶר אַ מֶערְדֶערִישֶׁע גֶעזִיכְט אוּנ כְ'הָאבּ מוֹרָא עֶר זָאלל מִיט אַייךְ בְּלַייבֶּען אוֹיף פִיעֶר אוֹיגֶען אִין קַאבִּינֶעט.

— דַאגָּה נִיט, זָארְזֶעטְטַא, מִיךְ הַרְגֶעט מֶען נִיט אַזוֹי שְׁנֶעל, אוּנ וָואס

אַנבֶּעקַאנגט זַיין אויסְזֶעהן, קֶענן מֶען דַארויף גַאנְץ וֶועניג בויעֶן, וַוייל דָאס רוב איז דֶער פָּנִים אַ שְׁלֶעכְטֶער בֶּעווייז, מֶען קֶענן גָאר נִיט וִויסֶען. זַייט אַזוי גוט אונ רופְט אִיהם אַרַיין צו מִיר.

זָארְזֶעטְטַא הָאט גֶעטְהון וָואס מֶען הָאט אִיהר גֶעהֵייסֶען אונ אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אִיז אַרַיין אִין גַאבִּינֶעט אונְזֶער אַלְטֶער בֶּעקַאנְטֶער פְּרַא־צֶענְטְנִיק.

— הֶערר סַאלָאמָאן בֶּענַאם! — הָאט מַתִּית אויסְגֶערופֶען בַּאלְד ווי עֶר הָאט אִיהם דֶערזֶעהן — זֶעה׳ איהר כְּ׳הָאבּ אַייך דִי מִינוּט דֶערְקֶענְט. ווִי קוּמְט איהר אַהֶער? וֶועלכֶע אִינְטֶערֶעסֶען קֶענֶען אַייך בְּרֵיינְגֶען אִין מַיין הויז? לויט ווי כְּ׳גֶעדֶענְק הָאבּ איך דָאך מִיט אַייך קֵיין מָאל קֵיין גֶעשֶׁעפְט נִיט גֶעהַאט.

סַאלָאמָאן בֶּענַאם הָאט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען, עֶר אִיז נִיט גֶעוֶוען פון דִי מֶענְשֶׁען וָואס זָאלְלֶען זִיךְ בַּאלְד בֶּעלֵיידִיגֶען. זַיינֶע אויעֶרֶען, ווִי סְ׳וַוייזְט אויס, זַיינֶען שׁוין גֶעוֶוען בֶּעשַׁאפֶען צוּ הֶערֶען נור דָאס וָואס טוֹיג פַאר אִיהם.

— אִיךְ וַוייס גָאר נִיט — הָאט עֶר גֶעלַאסֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט — מִיט וָואס כְּ׳זָאל מִיךְ בֶּעדַאנְקֶען פַאר דֶעם גְרויסֶען כָּבוֹד, וָואס דֶער הֶערר דְרֵייפוּס אַלֵיין הָאט מִיךְ אַזוי שְׁטַארְק אִין זִינֶען, אַז נָאךְ אָנְדֶערְהַאלְבּ יָאהר אַרוּם, זִינְט דֶער הֶערר הָאט מִיךְ בֶּעעֶהרְט מִיט זַיין וִויזִיט, דֶערְקֶענְט עֶר מִיךְ דִי מִינוּט.

— עֶפֶּעס רֶעכְטְס פֶערְגֶעסְט מֶען קֵיין מָאל נִיט — הָאט מַתִּית דְרֵייפוּס אויךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ ווִיטְץ — אִיבְּרִיגֶענְס לָאזֶען זִיךְ אַייעֶרֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים גַאנְץ אָפְט הָערֶען, אַז פַּארִיז, דַאכְט זִיךְ וֶועט אַייךְ גֶעדֵיינְקֶען אֵייבִּיג. נור וָואס טוֹיגֶען אוּנְז דִי אִיבְּרִיגֶע רֵייד, זָאגְט מִיר בֶּעסֶער קוּרְץ אונ שַׁארְף, וָואס פֶערְלַאנְגְט אִיהר פון מִיר.

— אִיהְר הָאט רֶעכְט, צו וָואס נָאךְ דִי אִיבְּרִיגֶע אוּנְנוּצְלִיכֶע הַקְדָמוֹת? אַ שָׁאד, כְּ׳לֶעבֶּען, דִי צַייט. כְּ׳בֶּעט אַייךְ, הֶערְט נור מִיט קָאפּ וָואס בְּ׳וֶועלל אַייךְ עֶרְצֶעהלֶען, וֶועט אִיהְר טַאקִי אַלֵיין מוֹדֶה זַיין, אַז סַאלָאמָאן בֶּענַאם אִיז נָאךְ נִיט אַזוי שְׁלֶעכְט ווִי דִי וֶועלְט מֵיינְט.

— נור נָאךְ פִיעל עֶרְגֶער — הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶעווִיצֶעלְט מַתִּית.

בֶּענַאם הָאט זִיךְ ווִיעדֶער גֶעמַאכְט נִיט הֶערֶענְדִיג דִי לֶעצְטֶע בֶּעמֶערקוּנְג.

— הֶערר דְרֵייפוּס! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט נָאךְ אַ קוּרְצֶער פּויזֶע אונ זַיינֶע אויגֶען הָאבֶּען שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט מַתִּית׳ן — הֶערר דְרֵייפוּס, זָאגְט מִיר דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת, אַייךְ אִיז קֵיין מָאל נִיט פֶערלָארֶען גֶעגַאנְגֶען אַ טְהַייעֶרֶער רִינְג?

מַתִּית הָאט זִיךְ אַ ווַיילֶע פֶערְטְרַאכְט אונ נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעזָאגְט:

— נֵיין, כְּ׳הָאבּ קֵיין מָאל נִיט פֶערלָארֶען קֵיין רִינְג.

— אויסְטֶערְלִישׁ! — הָאט אַ מוּרְמֶעל גֶעגֶעבֶּען סַאלָאמָאן בֶּענַאם — לויט ווִי אִיךְ וַוייס זַייט אִיהְר נור דֶער אֵיינְצִיגֶער מַתִּית דְרֵייפוּס, וָואס אִיהְר וָואהְנְט אִין

פּאַריז. קיין צווייטער רייבער מיט איער נאָמען איז ניט דאָ ביי אונז. האָרט נור אָבער אויס, וואס כ'וועלל אייך ערצעהלען.

ווילענדיג ניט ווילענדיג האָט מ ת י ת געמוזט בעשטעהן אונ דאבּיי אָנמוטהען דעם פּראַצענטניק א שמוהל.

— איהר ווייססט דאָך, הערר דרייפוס — האָט ער נאָך דער איינלאַדונג צום זיצען מיט מעהר פרייהייט געזאָגט — איהר ווייססט דאָך גאַנץ גוט אַז כ'האָב אַ לאַמבּאַרד. היינט זעהט איך מיר אַזוי שטאַרק פערוואָרגט אין מיין פאַטערשטוהל אונ קלער וועגען דעם, אַז אויף דער וועלט ווערען וואס אַ טאָג אַלץ די געשעפטען ערגער אונ סוף כל סוף וועלל איך מוזען צומאַכען דאס קרעמיל, איך קלער מיר אַזוי אונ זיפץ דאַבּיי. פּלוצלינג אָבער עפפענט זיך אויף די טהיר אונ אין מיין געשעפט קומט אריין א יונגע שיקסע.

דאס איז מיינע אַ אַלטע בעקאַנטע.

אין די לעצטע דריי יאָהר האָט זי שוין געהאַט דריי געליעבטע, אויסער די וואס איך קען ניט.

זי איז זאַגאַר אַ גוטע שיקסע. אַז זי האָט געלד צושפּרייט זי זיי אויף אַללע זייטען. קוים ווערט אָבער אין דער טאַש אַ לאָך, הויבּט זי אָן אַלץ צו פערזעטצען, אפילו דאס בעט־געוואַנד.

אונ היינט איז זי אויך געקומען מיט אַזא געשעפט.

אָבער וואס פאַר אַ געשעפט?

כ'האָב געמיינט כ'וועל משוגע, ווען כ'האָב דערזעהען ווי די אָרעמע שיקסע שלעפּט אַראָב פון פינגער אַ בּרילליאַנטענעם רינג, וועלכער איז ווערטה צווישען אונז, גוטע בּרידער, וועניגסטענס צוויי טויזענד פראַנק.

— פריילין פּ י פּ י — אַזוי רופט מען די שיקסע — זאָג איך צו איהר — איהר ווילט מיר אונגליקליך מאַכען? ווי אַזוי קומט צו אייך אַזא טהייערער רינג?

מיין שיקסע האָט זיך צולאַכט אונ פריילאַך געענטפערט:

— כ'האָב עס געקריגען אַ מתנה פון מיין חתן.

— אַ שיינע תשובה. גלייך ווי אויף דער וועלט וואָלט נור געווען איין חתן? דאַכט זיך מיר, פריילין פּ י פּ י, אַז אייך פעהלט די סחורה ניט?

— איהר האָט רעכט, הערר בּ ע נ א ס, נור דער חתן איז אָבער טאַקי דער ערשטער אונ דער לעצטער. אַמאָל איז ער געווען בּעשעפטיגט מיט אַ מאָדען־מאַגאַזין. שפּעטער אָבער איז ער אַריינגעטרעטען אין מיליטער אונ מען האָט איהם פערשיקט ווייט, גאַנץ ווייט פון פּאַריז. זאָלל עס בּלייבּען צווישען אונז, כ'האָבּ וועניג וואס געוויינט נאָך איהם, וויילע, ווי זאָגט איהר, מיר האָט די סחורה קיין מאָל ניט געפעהלט. צוויי וואָכען צוריק אָבער בּין איך געבּליבּען „אָהן אַ קנעלונג־ אונ כ'האָב געמיינט אַז כ'בין שוין פערפאַללען אויף עבּיג. גאָטט פערלאָזט אָבער ניט. אין עטליכע טאָג אַרום, זינט מיין לעצטער געליעבּטער האָט מיך אַוועקגע־

וואַרפֿען, עפּפּענט זיך אויף וויעדער מיין טהיר און אין מיין צימער קוממט אַריין דער אַלטער, גאר דעם ערשטער בעקאננטער, וועלכער איז אַמאל געווען בעשעפֿטיגט אין אַמאַרען־מאַגאַזין און היינט איז ער אַ קאַפּראַל.

און שטעללט אייך פאָר, אַז ער איז ניט געקומען מיט ליידיגע האַנד. אַ וואהלער יונג, כ'לעבען, ער האַט מיר געבראַכט די מטבע און אויסערדעם האַט ער נאָך געקויפט אין דער פרעמד אַ שענע מתנה, אַט דעם רינג.

געוואהנליך האָב איך איהם אויפגענומען מיט ביידע האַנד און פרעהליך פערבראַכט די צייט אין די עטליכע טאג. מיר זיינען אויסגעווען אין פּאַריז אומעדום, וואו מען קענן נור אויסגעבען די פּאָר גראָשען. אַז דאס געלד האַט זיך אויסגעלאָזען האָב איך מיך דערמאַנט אָן אייך, העדר בענאַס, און געקומען אַהער צו פערזעצען דעם רינג.

דער פראַצענטניק האַט זיך אַ ביסעל אָבגערוהט. נאַכדעם האַט ער אַרויסגענומען פון דער טאַש, דעם רינג, וועלכער איז געווען איינגעוויקעלט אין אַ פּאַפּיער.

דאַמאלס, ווען דאס פריילין האָט מיר ערצעהלט די געשיכטע — האָט ער זיך ווייטער אָבגערופען — האָב איך צייט געהאַט גוט צו בעקוקען דעם רינג.

און פּלוצלינג האָב איך בעמערקט אַז אינווייניג אין דעם רינג זיינען דאַ בוכשטאַבען.

כ'האָב צוגערוקט דעם רינג צו די אויגען און דייטליך איבערגעלייענט די ווערטער: „מתית דרייפוס".

ביי די ווערטער איז מתית אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט. ער איז געוואָרען זעהר אונרוהיג.

— איהר האָט דעם רינג ביי זיך? — האָט ער האַסטיג געפרעגט — וואהרשיינליך זייט איהר דאָך ניט געוועזען אַזוי אונפאָרזיכטיג און עס אַרויסלאָזען פון דער האַנד?

— זאלל גאָטט אָבהיטען, העדר דרייפוס. איהר האַלט מיך דען פאַר אַזאַ נאר? איהר קענט שוין זיין גאַנץ זיכער, און אין גאַנץ פּאַריז וועט איהר ניט געפינען נאָך איינעם וואָס טוט זיך אַזוי צו די געשעפטען ווי איך. קאַלטבלוטיג האָב איך צוגענומען דעם רינג און געזאָגט צו דער שיקסע:

— פריילין פּיפּי, מיט דעם רינג איז עפּעס ניט אין אָרדנונג. איידער מיר וועללען מאַכען דאס מאָל אַ געשעפט מוז איך קודם כל גענויער ווערען, אויב דער רינג איז אַ עהרליכער, איהר פערשטעהט דאָך שוין וואָס כ'מיין. און אויב ס'איז אַלץ ריכטיג אַזוי ווי איהר האָט דאָ מיר יעצט ערצעהלט, וועלל איך אייך היינט אויף דערנאַכט געבען דאַרויף פינף הונדערט פראַנק.

— נו, און זי איז בעשטאַנען? — האָט אונרוהיג געפרעגט מתית דרייפוס.

— אַ ברירה האָט זי געהאַט? וואָס דען זאלל זי טהון? דערווייל האָט זי מיך

נור גֶעבֶּעטֶען כְ'זָאלל אִיהְר בְּארְגֶען וֶוענִיגְסְטֶענְס דְרַייא פְרַאנְק בִּיז פַאר נַאכְט.

— וַוייזְט נור אַהֶער דֶעם רִינְג! — הָאט זִיךְ וָואס אַמָאל אַלְץ מֶעהר גֶעהִיצְט מַתִּית.

סַאלָאמָאן בֶּענַאס הָאט אִיהְם צוּלִיעבּ גֶעטְהוּן אוּנ דֶערלַאנְגְט דֶעם רִינְג.

— אָט הָאט אִיהְר אִיהְם — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — זֶעהְט אַלֵיין אוּיבּ מַיין אַיינְפַאלל אִיז נִיט אַ רִיכְטִיגֶער.

מַתִּית הָאט נור אַ בְּלִיק גֶעוָוארְפֶען אוּיף דֶעם רִינְג אוּנ זַיינֶע אוּיגֶען זַיינֶען פֶערלָאפֶען מִיט בְּלוּט. עֶר הָאט טְרוּקֶען אַ זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען אוּנ וִוי אַ טוּידְטֶער אַנִיעדֶערגֶעפַאלֶען אוּיף דֶעם פַאטֶערשְׁטוּהל.

— עֶר שְׁטַארְבְּט — הָאט בֶּענַאס גֶעזָאגְט אוּנ זִיךְ אַ קְרַאטְץ גֶעגֶעבֶּען אִין בָּארְד — גְוַואלְד, רַאטֶעוֶועט, וַואסֶער! הֶערר דְרֵייפוּס, הָאט רַחֲמָנוּת אוּיף זִיךְ אַלֵיין אוּנ קוּמְמְט צוּ זִיךְ.

— לָאזְט מִיךְ צוּרוּה — הָאט קוּים מַתִּית אַרוּיסגֶעזִיפְצְט — גֶעהְט אַרוּיס אוּיף אַ פָּאר מִינוּטֶען אוּנ וַוארְט דָארְטֶען פַאר דֶער טְהִיר, כְּ'מוּז אַלֵיין בְּלַייבֶּען אִין צִימֶער אוּנְגֶעשְׁטֶערְט. אַ גוּטֶע בֶּעלָאהנוּנְג וֶועט אַייךְ סַיי וִוי סַיי נִיט מַיידֶען.

— אַזוי, אַ גוּטֶע בֶּעלָאהנוּנְג, אַדְרַבָּא כְ'קֶענֶן בֶּעשְׁטֶעהֶען.

אוּנ בֶּענַאס הָאט שְׁטִילל צוּגֶעמַאכְט דִי טְהִיר הִינְטֶער זִיךְ.

עֶרְשְׁט דַאמָאלְס הָאט זִיךְ מַתִּית צוּוַויינְט וִוי אַ קְלֵיין קִינְד.

— יָא — הָאט עֶר גֶעחְלִיפֶּעט — דָאס אִיז דֶער זֶעלְבֶּער רִינְג וָואס כְ'הָאבּ גֶעגֶעבֶּען אַלִיצְיַאן פַאר'ן אָבְּפָאהְרֶען, גַאנְץ גֶעוִויסס, יֶעצְט דֶערְקֶענֶן אִיךְ אִיהְם.

וִוי אַזוי קוּמְמְט עֶר אָבֶּער אַהֶער?

אַלִיצְיַא וָואלְט אִיהְם צַייט דָאס לֶעבֶּען נִיט אַרָאבגֶענוּמֶען פוּן פִינְגֶער, דָאס אִיז אַלְזָא אַ סִימָן — אוּנ אַ שוידֶער אִיז אַרִיבֶּער אִיבֶּער אַלֶע מַתִּיתֶעס גְלִיעדֶער — אַז אַלִיצְיַא לֶעבְּט נִיט.

זִי לֶעבְּט נִיט... אַלִיצְיַא לֶעבְּט נִיט...

טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהְם גֶעגָאסֶען פוּן דִי אוּיגֶען אוּנ עֶר הָאט נִיט אוּיפְגֶעהֶערְט צוּ קוּשֶׁען דֶעם רִינְג.

פִינְף מִינוּט הָאט גֶעדוּיעֶרְט אֵיידֶער עֶר אִיז גֶעוֶוען אִים שְׁטַאנְד צוּזַאמֶמֶענְצוּנֶעהמֶען דִי גֶעדַאנְקֶען.

— וֶוענִיגְסְטֶענְס — הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ טְרוּיעֶרִיג גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ אַלֵיין — מוּז אִיךְ גֶענוֹי וִויסֶען אוּיף וָואס אַ אַרְט אַלִיצְיַא הָאט זִיךְ גֶעשֵׁיידְט מִיט דֶעם רִינְג.

כְּ'מוּז מִיךְ מִיט אִיהְם דוּרְכְאוּיס זֶעהֶען.

אוּנ גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט מַתִּית אוּיפְגֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר אוּנ אַרַיינְגֶערוּפֶען בֶּענַאסֶען.

— הֶערר סַאלָאמָאן! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — כְ'וֶועלל אַייךְ אָרֶענְטְלִיךְ בֶּעצָאהלֶען, נוּר הֶעלְפְט מִיר אוּיפְצוּזוּכֶען דֶעם רִיכְטִיגֶען שְׁלְיַאד פוּן דֶעם רִינְג.

בֶּענַאס הָאט אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי אויגֶען.

– דָאס אִיז אַ קְלֵיינִיגְקַייט – הָאט עֶר גֶעזָאגְט -- אויבּ אִיהְר ווִילּלְט קֶענֶען מִיר בַּאלְד גֶעהְן צוּזַאמֶען צוּ דֶעם שֶׁאנֶעם פְרַיילֵיין פִּיפִּי אוּנ דָארְטֶען וֶועלְלֶען מִיר אַלְץ גֶעוָואהר וֶוערֶען.

מַתִּית אִיז אויף אַלְץ בֶּעשְׁטַאנֶען.

עֶר הָאט גֶעשְׁווִינְד אָנְגֶעזָאגְט זָארְזֶעטטֶען, אַז אַוויבְּטִיגֶעס גֶעשֶׁאפְט וֶועט אִיהְם גֶעוִויסס פֶערהַאלְטֶען אִין גַאסס בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט. יֶעצְט אִיז גֶעוֶוען פִיער דֶער זֵייגֶער נָאךְ מִיטטָאג. אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז עֶר אַרויסגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם פְּרֶעצֶענְטְנִיק פוּן הויז אוּנ זִיךְ אַריינְגֶעזֶעצְט אִין דִי עֶרְשְׁטֶע בֶּעסְטֶע דָארָאשְׁקֶע, וֶועלְכֶע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אויף דֶער גַאסס.

---

אִין אַ פֶערְטִיל שָׁעָה נָאךְ מַתִּית׳ס אַוֶועקגְעהֶן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אויף זַיין נָאמֶען אַ דֶעפֶּעשֶׁע.

זָארְזֶעטטַא הָאט צוּגֶענוּמֶען דִי טֶעלֶעגְרַאממֶע אוּנ הָאט זִי גֶעוָואלְלְט, ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז גֶעוֶוען, אַוֶועקלֵייגֶען אויף מַתִּית׳ס שְׁרַייבּ־טִישׁ.

נִיט ווִילְלֶענְדִיג אָבֶּער הָאט זִיךְ דֶער סְטֶעמְפֶּעל אָבְּגֶעקְלֶעבְּט אוּנ דִי דֶעפֶּעשֶׁע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אָפֶּען.

זָארְזֶעטטַא הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען, וֶוען זִי הָאט דֶערזֶעהֶען דִי אוּנְטֶערשְׁרִיפְט: „הֶערְמִינְיֶע".

יֶעצְט הָאט זִי שׁוין קֵיין כֹּחַ נִיט גֶעהַאט זִיךְ אָבְּצוּהַאלְטֶען דִי דֶעפֶּעשֶׁע נִיט אִיבֶּער־צוּלֵייעֶנֶען.

זִי הָאט מִיט הַאסְט גֶעשְׁלוּנְגֶען אִין זִיךְ דִי פָאלְגֶענְדֶע וֶוערְטֶער: „כְּ׳בִּין נוּר וָואס גֶעקוּמֶען צוּ פָאהרֶען פוּן נויאָרְק קֵיין הַאוְור, אַכְט בַּיי דֶער נַאכְט וֶועלל אִיךְ זַיין אִין פַּארִיז. בִּיטֶע מִיךְ צוּ עֶרְוַוארְטֶען בַּיים צוּג.

הֶערמִינְיֶע דְרֵייפוּס".

זָארְזֶעטטַא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶן ווִי פֶערשְׁטֵיינֶערְט. אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט הָאט זִי נִיט גֶעוואוּסְט, וָואס מֶען הויבְּט אָן צוּ טְהוּן. מַתִּית הָאט דָאךְ אויסדְרִיקְלִיךְ גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט זִיךְ פֶערְזַאמֶען אִין גַאסס בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, עֶר זָאלל אַלְזָא טְרֶעפֶען הֶערְמִינְיֶען, פוּן דֶעם אִיז שׁוין גָאר נִיט דָא וָואס צוּ רֶעדֶען.

אִיהְר אַלֵיין לָאזֶען קוּמֶען אִיז דָאךְ אויךְ נִיט קֵיין זִינְן. אוּנ זָארְזֶעטטַא הָאט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אַלֵיין צוּ פָאהרֶען אָבְּוַוארְטֶען הֶערְמִינְיֶען.

אָבְּוָואהל זִי הָאט דֶעם קַאפִּיטַאנְס פְרוֹי פֶערזֶענְלִיךְ נִיט גֶעקֶענְט, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען

איז איהר הֶערמִינְיֶעס גֶעזִיכְט גֶעוֶוען בֶּעקַאנְנט פון דִי פָּאטָאגְרַאפְיֶעס אונ דֶעם בִּילְד, וֶועלְכֶעס אִיז גֶעהַאנְגֶען בַּיי מַתִּית'ן אִין שְׁטוּב.

וָואס וֶועט זִי אָבֶּער זָאגֶען, וֶוענן דִי עֶלֶענְדֶע פְרוי וֶועט זִיךְ אָנְהֵויבֶּען נָאכצוּפְרֶעגֶען אוֹיף אַנְדְרֶעֶען?

אונ וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ וֶועט דָאךְ דָאס זַיין דִי עֶרְשְׁטֶע פְרַאגֶע.

— כְ'שְׁטֶעלל מִיר פָּאר — הָאט זָארְזֶעטטַא גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ אַללֵיין — הֶערמִינְיֶעס לַאגֶע, וֶוענן זִי וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען פון דֶעם נַייֶעם אוּנגְלִיקְק. אַךְ, גָאטט מֵיין גָאטט, וָואס וֶועלל אִיךְ אָנְהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען דֶער עֶלֶענְדֶער פְרוי?

סְ'הֶעלְפְט אָבֶּער נִיט, כְ'מוּז מִיר מַאכֶען אַהַארְץ פוּן אַייזֶען אונ פָאהְרֶען צוּ דֶער בַּאהן.

אַז זָארְזֶעטטַא הָאט אָנְגֶעזָאגְט דֶער קְרַאנְקֶער טַאנְטֶע גֶערָאלְדִינְגֶע פון הֶערמִינְיֶעס קוּמְמֶען, הָאט דִי אַלְטֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צוּ וַויינֶען.

— אַךְ — הָאט זִי גֶעקְרֶעכְצְט — בֶּעסֶער וָואלְט זִי אוּמְגֶעקוּמְמֶען אוֹיף דֶעם יַם, דִי אָרֶעמֶע הֶערמִינְיֶע וָואלְט וֶוענִיגְסְטֶענְס פֶּערְשְׁפָּארְט דִי נַייֶע צָרוֹת.

אַךְ, דִי נַאכְרִיכְט וֶועגֶען אִיהר קִינְד וֶועט אִיהר דִי יָאהרֶען מְקַצֵּר זַיין. מִיךְ שְׁלֶעפְּט דִי גֶעשִׁיכְטֶע אוֹיךְ אַריין אִין קֶבֶר. אָה, זָאלל גָאט זִיךְ אָבְרֶעכֶענֶען מִיט דִי וָואס הָאבֶּען אוּנְז אוּמְגֶעבְּרַאכְט דָאס קִינְד. זָאלל זַיי גָאטט צוּשְׁטֶערֶען זֵייעֶרֶע שִׂמְחוֹת אונ פֶּערבִּיטטֶערְן זֵייעֶרֶע יָאהרֶען...

זָארְזֶעטטַא הָאט זִיךְ מִיהֶע גֶעגֶעבֶּען צוּ בֶּערוּהִיגֶען דִי אַלְטֶע וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ, בַּיי זִיךְ אָבֶּער הָאט זִי גֶעוואוּסְט, אַז דִי אַלְטֶע אִיז אָהן הִילְף.

זִי הָאט דַארִיבֶּער מִיט אוּנְגֶעדוּלְד גֶעוַוארְט סְ'זָאלל שׁוֹין וֶוערֶען נַאכְט.

דִי אוֹיגֶען הָאט זִי נִיט אַרָאבְּגֶענוּמֶען פון פֶּענְסְטֶער. טָאמֶער וֶועט זִי בֶּעמֶערְקֶען מַתִּית'ן, זִי הָאט אוֹיךְ נִיט אוֹיסְגֶעמַייְדֶעט דִי טְהִיר, יֶעדֶעס מָאל וֶוענן דָאס עֶלֶעקְטְרִישׁ גְלֶעקֶעל הָאט אָנְגֶעקְלוּנְגֶען.

דֶער זֵייגֶער הָאט שׁוֹין אָבֶּער גֶעשְׁלָאגֶען זִיעבֶּען אונ מַתִּית אִיז נָאךְ אַלְץ נִיט דָא.

אונ זָארְזֶעטטַא הָאט זִיךְ גֶעשְׁווִינְד אָנְגֶעטְהוּן, כְּדֵי צוּ בֶּעוַוייזֶען צוּם צוּג.

# XXIX.

## סוֹף גַּנָּב לִתְלִיָּה.

בֶּעגַנָאס הָאט אַרוֹיפְגֶעפִירְט מַתִּיתן אוֹיף דֶעם צְוַוייטֶען שְׁטָאק פון אַ קְלֵיין הַייזֶעל אִין אַ הִינְטֶער גֶעסֶעל.

אַז זיי האָבען אויפגעעפענט די טהיר האָבען זיי דערזעהן אַ קליין שטיבעל פול מיט רויך פון פאפיראָססען.

אין דער פינסטערניש פון דעם רויך האָבען זיי קוים בעמערקט די איינוואוינער פון דעם שטיבעל.

אויף דער סאָפע איז געזעססען אַ שאָן מעדכען מיט אַ בלאַססען, כמעט אַ קינדערשען געזיכט.

געבען איהר אַ פראַנצויזישער סאָלדאַט.

הערר בענאס! — האָט דאָס מעדכען פרעהליך אויסגערופען ווען זי האָט דערזעהן דעם פראָצענטניק — איהר זייט געקוממען נאָך פריהער ווי כ'האָב גע־רעכענט.

— און ווער איז דער הערר? — האָט זי פלוצלינג אַ פרעג געגעבען, ווען זי האָט בעמערקט מתיתן.

דער קאפראַל האָט זיך אויפגעהויבען און אָנגעקוקט די פרעמדע מאַנגער.

— פרײלין פּיפּי — האָט בענאס זיך אָבגערופען זיין זאַך — איהר ווייסט, מיט דעם רינג איז טאקי אַלץ ניט אין אָרדנונג.

— וואָס הייססט? — האָט דער קאפראַל זיך שוין אָבגערופען און זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט פייער, ווען ער איז צוגעגאַנגען נאָהנטער צום פראָ־צענטניק.

— הערר אפיציער! — האָט געענטפערט דער איבערגעשראָקענער בענאס הינטער מתית'ס פלייצעם — זייט ניט אַזוי בּאָז, ס'איז ניט דאָ פון וואָס זיך צו קאַלֶעמאַכען דאָס געזונד; נור כ'זאָג אייך, מיין פריינד, אַז דער רינג איז ניט קיין עהרליכער. כ'מיין ניט, חלילה, דערמיט, אַז איהר זייט אין דעם שולדיג, אָבער ווי די מעשה איז, דער רינג קוממט ניט אַרויס פון אַ עהרליכען וועג.

— אָה, מיין גאָטט! — האָט פּיפּי געחאַפּט דעם קאפראַל ביי דער האַנד — דו זאָללסט ניט האָבען קיין עגמת נפש דערפון.

— זייט רוהיג, פּיפּי — האָט ער זי געטרייסט — כ'קען יעדע מינוט אויפ־ווייזען מיט עדות, פון וואַנען דער רינג קוממט צו מיר אין די האַנד.

— און דאָס איז אַלץ וואָס מיר ווילען וויסען — האָט זיך אָבגערופען מתית, וועלכער האָט ביז יעצט געשוויגען — איהר מוזט אונז ענטשולדיגען וואָס מיר בע־אונרוהיגען אייך גאָר אָהן צערעמאָניע. איהר וועט אָבער אַלליין פערשטעהן מיין לאַגע, ווען כ'וועלל אייך זאָגען, אַז דעם זעלבען רינג האָב איך מיט אַ יאָהר צוריק געגעבען אַ דאַמע, וועלכע וואָללט זיך געוויסס צייט איהר לעבען מיט איהם ניט געשיידט.

— אָה, אַ גאַנצער ראָמאַן! — האָט פרעהליך זיך אָבגערופען פריילין פּיפּי.

— איהר וועט אַלזאָ אַזוי גוט זיין, הערר קאפראַל — האָט ווייטער געצויגען מתית — מיר צו זאָגען, וואו, ווען און פון וועמען האָט איהר געקויפט דעם רינג;

כ׳בֶּעט נור נאָך אַ מָאל זאָגט מִיר דִי רֵיינֶע וואַהרהייט אונ כ׳פֶערזִיכֶער אַייך מִיט מַיין עֶהרֶענְוואָרט אַז אִיהר וֶועט חָלִילָה דֶערְפוּן נִיט הָאבֶּען קֵיין שׁוּם עַגְמַת נֶפֶשׁ אונ אויך קֵיין גֶעלְד נִיט פֶערְלִירֶען.

– זֶעצְט זִיךְ, לִיעבֶּער הֶערר! – אִיז שׁוֹין וַוייךְ גֶעוָוארֶען פוּן מַתִּיתְ׳ס רֵייד דֶער יוּנְגֶער סָאלְדַאט – דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם רִינְג אִיז אַ גַאנְץ אֵיינְפַאכֶע אונ אַ קוּרְצֶע.

כ׳דִיעֶן אִין קַאיֶענַא.

וַואהרְשַׁיינְלִיךְ וַוייסְסְט אִיהר אַלֵיין, אַז דִי דִיעֶנְסְט דָארְטֶען, דוּרְךְ דֶעם פֶערִ־דָארְבֶּענֶעם קְלִימַאט אִיז זֶעהר שְׁוֶוער. דִי גַאנְצֶע זַאךְ אִיז נוּר וָואס מֶען צָאהלְט דָארְט אַ דְרֵייפַאכֶעם גֶעהַאלְט אונ אַ מֶענְשׁ וָואס לֶעבְּט מִיט חֶשְׁבּוֹן קֶענְן לַייכְט קוּמֶען צוּם גְרָאשֶׁען, דָאס וַוייסס אִיךְ אָן זִיךְ.

כ׳הָאבּ שְׁטַאנְדִיג גֶעטְרָאגֶען מַיין בֵּייטֶעל מִיט גֶעלְד אויף דֶער בְּרוּסְט אונ דֶער בֵּייטֶעל אִיז וָואס אַמָאל שְׁוֶוערֶער גֶעוָוארֶען.

אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעקְרָאגֶען אַ בֶּעפֶעהל מִיט מַיינֶע צְוַואנְצִיג סָאלְדַאטֶען זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצְטֶען אויף דֶעם אָרְט וואו דִי פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע קַאיֶענַא גְרֶענֶעצְט זִיךְ מִיט בְּרַאזִילְיֶען.

ס׳הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען קֵיין גֶעשְׁרֵיי אונ מִיר הָאבֶּען גֶעמוּזְט מַאכֶען דִי שְׁוֶוערֶע פַּיינְלִיכֶע רַייזֶע.

גֶעוֶועהנְלִיךְ הָאבֶּען מִיר גֶעטְהוּן, וָואס ס׳אִיז נוּר גֶעוֶוען מֶעגְלִיךְ, כְּדֵי לַייכְטֶער צוּ מַאכֶען דֶעם וֶועג.

מִיר זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען בַּיי נַאכְט אונ גֶערוּהְט בַּיי טָאג, וֶוענְן דִי זוּנן בְּרֶענְנְט אָהְן רַחֲמָנוּת, אויךְ הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעהַאלְטֶען בַּיים יַם, כְּדֵי אוֹיסְצוּמַיידֶען דִי אוּנ־גֶעזוּנְדֶטֶע זוּמְפֶּען.

אִין אֵיין פְרִיהמָארְגֶען, וֶוענְן מִיר זַיינֶען שׁוֹין גֶעוֶוען נִיט וַוייט פוּן דֶער גְרֶענֶעץ, הָאבּ אִיךְ בֶּעמֶערְקְט פוּן וַוייטֶען אויף דֶעם יַם אַקְלֵיינֶע לָאדְקֶע.

חֲוַואלְיֶעס הָאבֶּען זִי גֶעטְרָאגֶען כִּמְעַט אִין דֶער לוּפְטֶען, אונ אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז זִי שׁוֹין גֶעוֶוען נִיט וַוייט פוּן אוּנְז.

עֶרְשְׁט יֶעצְט הָאבּ אִיךְ בֶּעמֶערְקְט אַז אויף דֶעם דֶעקק פוּן דֶער לָאדְקֶע לִיעגְט אַ מֶענְשׁ.

אַ טוֹידְטֶער צוּ אַ לֶעבֶּענְדִיגֶער הָאבּ אִיךְ אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט אויף גֶעוִויסס נִיט גֶעקֶענְנְט זָאגֶען.

דוּרְךְ פִּיעל מִיה אִיז עֶס מִיר גֶעלוּנְגֶען מִיט מַיינֶע מֶענְשֶׁען דִי לָאדְקֶע אויף דֶער יַבָּשָׁה אַרוֹיסְצוּקְרִיעגֶען.

אִינְוֶוענְדִיג אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער מַאוּסֶער מֶענְשׁ.

– שֶׁאן אָדֶער מֵאוּס – הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען צוּ מַיינֶע מֶענְשֶׁען – אָבֶּער אַ מֶענְשׁ אִיז עֶר אונ מִיר מוּזֶען אִיהם רַאטֶעוֶוען.

אַ פֶּעלְדְשֶׁער אִיז צְווִישֶׁען אוּנְז גֶעוֶוען, עֶר הָאט אוּנְטֶערזוּכְט דֶעם כִּמְעַט טוֹידְטֶען מֶענְשֶׁען אוּנ גֶעזָאגְט:

— אִיהם הָאט נִיט גֶעשַׁאדְט דֶער הוּנְגֶער, נוּר דִי הִיטְץ. עֶטְלִיכֶע טֶאג אִיז עֶר גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם אָפֶּפֶענֶעם יַם אוּנ עֶר לַיידְט אוֹיף אַ שְׁלַאג פוּן דֶער זוּנְן.

לֶעבֶּען וֶועט עֶר, אוּנ אֶפְשַׁר גָאר אִין קוּרְצֶען, כְ'וֶועלל אִיהם נוּר לָאזֶען עֶטְוָואס בְּלוּט.

דִי קְלֵיינֶע אָפֶּעראַצְיֶע הָאט גֶעהָאלְפֶען.

אִין דֶער צַייט, וָואס דֶער פֶּעלְדְשֶׁער אִיז גֶעוֶוען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם קְרַאנְקֶען, הָאבּ אִיךְ בֶּעקוּקְט דִי לָאדְקֶע. עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען אַ אוֹיפְשְׁרִיפְט: דִי רֶעטטוּנְגְס־לָאדְקֶע 3 № פוּן דֶער שִׁיף „בְּרִינְגִיטַמַא".

מַתִּית הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט מִיט אַללֶע קְרֶאפְטֶען נִיט קֵיין גֶעשְׁרֵיי צוּ גֶעבֶּען, עֶר אִיז אָבֶּער אָהן כֹּחַ אַגִיעדֶערְגֶעפַאללֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהל אוּנ זַיין קָאפּ הָאט זִיךְ אִין אָנְמַאכְט אַרָאבְּגֶעלָאזֶען.

פְרַיילַיין פִּיפִּי הָאט אִיהם צוּגֶעטְרָאגֶען אַ פְלֶעשֶׁעל קֶעלְנִישֶׁע וַואסֶער, עֶר זָאלל זִיךְ גֶעשְׁווִינְד אוֹיסרַייבֶּען דֶעם שְׁטֶערְן.

— כְ'דַאנְק אַייךְ — הָאט מַתִּית צוּ אִיהר גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁוַואכֶען קוֹל — בֶּעמִיהט אַייךְ נִיט, מִיר אִיז שׁוֹין לַייכְטֶער, כְ'בִּין נִיט גֶעוואֹהְנְט צוּ דֶעם רוֹיךְ אוּנ דַארִיבֶּער שְׁטִיקְט עֶס מִיר. זַייט אַזוֹי גוּט, הֶערר קַאפְּרַאל, אוּנ עֶרְצֶעהלְט אוּנְז וַוייטֶער דִי אִינְטֶערֶעססַאנְטֶע גֶעשִׁיכְטֶע.

— ס'אִיז שׁוֹין נִיט דָא פִיעל וָואס צוּ עֶרְצֶעהלֶען — הָאט דֶער יוּנְגֶער קָאלְדַאט וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען — דֶער הַאלְבּ טוֹידְטֶער מַאנְן מִיט דִי הַאלְבּ רוֹיטֶע הָאר, הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד עֶרְהָאלְט, אַז אוֹיף מָארְגֶען הָאט עֶר שׁוֹין אַלֵיין גֶעוָואלְט גֶעהן וַוייטֶער.

עֶר הָאט זִיךְ גֶעאַיילְט צוּ גֶעהֶען אִין קַאיֶענַנַא, וואוּ עֶר הָאט גֶעהַאט אַ נָאטְהִיגֶען גֶעשֶׁאפְט.

עֶר הָאט זִיךְ בַּיי מִיר גֶענוֹי אוֹיסְגֶעפְרֶעגְט וָואס פַאר אַ מֶענְשׁ דֶער קַאיֶענְנֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִיז אוּנ אוֹיךְ אִיז עֶר גֶעוֶוען זֶעהר אִינְטֶערֶעססִירְט צוּ וִויסֶען אוֹיף וָואס פַאר אַ אַרְט ס'וֶוערֶען אוֹיפְגֶעפַאססְט דִי פֶערְשִׁיקְטֶע אִין קַאיֶענַנַא בִּכְלַל אוּנ אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל בִּפְרַט.

— הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ אִינְטֶערֶעססִירְט וֶוענֶען דֶעם פֶערְשִׁיקְטֶען קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס? — הָאט מַתִּית טְרוֹיֶערִיג גֶעפְרֶעגְט.

— וֶוענֶען אִיהם נָאךְ מֶעהר וִוי פוּן אַללֶעמֶען. עֶטְלִיכֶע מָאל הָאט עֶר זִיךְ אַלְץ אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט, אוֹיבּ דֶער דְרֵייפוּס לֶעבְּט נָאךְ, אוּנ אוֹיבּ עֶר מֵיינְט נִיט צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען.

— הָאט אַייךְ אוֹיךְ דֶער מַאנְן נִיט גֶעזָאגְט וִוי אַזוֹי עֶר קוּמְט צוּ דֶער לָאדְקֶע אִין דִי גֶעגֶענְדֶען?

– געוויסס איז פאר מיר נעווען אינטערעססאנט צו וויססען אונ ער האט מיר ערצעהלט, אז אויף דער שיף „בריגיטטא“ איז ער געפאהרען פון פראנקרייך נאך בראזיליען.

ביי דער בראזילישער גרענעץ איז די שיף ארויף אויף א שטיין אונ געקראגען א לאך אין באדען.

די שיף איז אונטערגעגאנגען אונ איהם האט עס גליקליכער ווייזע געלונגען זיך צו ראטעווען אויף דער לאדקע, אין וועלכער ער איז ארומגעפאהרען צעהן טאג אויף דעם גרויססען ים.

עססען אונ טרינקען האט איהם ניט געפעהלט, נור די זונן האט געמאכט פון איהם א תל ביז ער איז סוף כל סוף געבליבען ליעגען אין אנמאכט.

מתית דרייפוס האט שוין ניט געהערט די לעצטע ווארטער, זיינע אויגען זענען איהם פערלאפען מיט טרערען. מיט גרויסס מיה האט ער זיך איבערגעבויגען צו דעם סאלדאט אונ גאנץ שטיל געפרעגט:

– האט איך... דער מאנן... אפט מאל ניט ערצעהלט... אויב אנדערע... פאססאזירען... פון דער שיף... זענען געבליבען לעבען?

– איך האב איהם וועניגסטענס געפרעגט דאריבער, לויט זיין מיינונג אבער איז ער נור אלליין נצול געווארען פון דעם אונגליק. אין זיינע אויגען האט געפלאצט דער קעססעל אונ די שיף איז אונטערגעגאנגען.

יעצט האט זיך שוין מתית ניט געקעננט לאנגער איינהאלטען. יעדע מינוט האט ער צוגעטראגען די טאשען־טוך צו די אויגען אבצווישען די טרערען, וועלכע האבען זיך געגאססען ווי פון א קוואל.

– ארעמע אליציא – האט ער געחליפעט – צוליעב מיר ביסט דו אומגע־קוממען פון דער וועלט אין דיינע בעסטע יאהרען.

דער סאלדאט מיט פרייליין פיפי האבען מיט רחמנות אנגעקוקט ווי מתית האט זיך געקוועללט פון די יסורים, אפילו סאלאמאן בענאם האט איהם ניט געוואללט שטערען. ער איז אוועקגעגאנגען אין א ווינקעל אונ דארטען שטילערהייט בערעכענט וויפיעל זיין היינטיגע ארבייט איז ווערטה פאר דרייפוסען. אויסערדעם איז זיין קאפ געווען בעשעפטיגט מיט אנדערע געדאנקען.

נאך א קליינער פויזע האט זיך מתית אזוי ווייט בערוהיגט, אז ער איז שוין געווען אים שטאנד צו געבען א נייע פראגע דעם יונגען סאלדאט.

– קעננט איהר מיר ניט זאגען, הערר קאפראל, צו וואס האט יענער מאנן – ווי הייסט ער דארטען מיט זיין נאמען?

– מיר האט ער געזאגט אז זיין נאמען איז זשאק.

– אלזא, צו וואס האט דער זשאק אייך פערקויפט דעם רינג?

– ער האט עס מיר פערקויפט, ווייל איהם האט אויסגעפעהלט געלד צו

פֿאהרען קיין קאיעננא. א ביסעל האבען מיר זיך געדונגען. ער האט פערלאנגט זיעבען הונדערט פראנק און איך האב איהם געגעבען פינף הונדערט.

— איהר האט געמאכט א וואהל געשעפט, הער קאפראל — האט זיך פלוצלינג אבגערופען סאלאמאן בענאם פון זיין ווינקעל — הלואי שיקט מיר גאטט צו אללע טאג ניט ערגער.

— און מעהר האט איהר דעם מאנן ניט געזעהן? — האט זיך וויעדער אינטערעסירט מתית.

— ניין, געזעהען. אין צוויי מאנאט ארום, ווען כ'בין מיט מיין חברה צוריק געקוממען אין קאיעננא, האב איך איהם געטראפפען ביים גובערנאטאר אין הויז. דאמאלס בין איך פון איהם געוואהר געווארען אז ער דיענט יעצט ביים גובערנאטאר און ס'איז איהם וואהל אין דער וועלט.

פון דעם טאג האבען מיר זיך אפט געטראפפען און איין מאל האט מיך זאגאר זשאק ארייגעשלעפט אין א טראקטיר און מכבד געוועזען מיט א פאר גוטע פלאשלעך וויין.

ער האט געטרונקען מעהר פון מיר און נאך עטליכע פוללע גלאזלעך האט ער אנגעהויבען צו רעדען איבער שטיינער און ביינער.

עפעס האט ער מיר אנגעדוללט א קאפ פון זיינעם א חבר "דער פגר", וואס וואהנט אין פאריז, פון א פרוי "פוטיפרע", פון א שווארצען מאיאר און פון נאך פיעל זאכען, וועלכע כ'פערשטעה ביי נאך עד היום ניט.

נאכדעם האט ער זיך בעקלאגט אז דעם רינג האט ער מיר צו ביללינג פערקויפט. ער האט פיעל א גראססערען ווערט, און ער, זשאק, ווייסס עס גאנץ גוט. פונדעסטוועגען האט ער אויף דעם געשעפט ניט קיין חרטה, ווייל ער האט פון דעם רינג סיי ווי סיי געוואלט פטור ווערען, עפעס דערמאנט ער איהם שרעקליכע זאכען, פון א געבונדענער, שאנער פרוי;

זשאק איז אבער געוועזען אזוי שכור, אז כ'האב מיר ווייניג וואס געמאכט פון זיינע רייד.

אט דאס איז די גאנצע געשיכטע פון דעם רינג און יעצט זאגט אלליין, אויב איך האב ניט אויף א עהרליכען וועג געקויפט דעם רינג?

— איהר האט געוויסס אין דעם קיין שולד ניט — האט זיך אבגערופען מתית דרייפוס — דעם בעסטען בעווייז האט איהר, אז כ'וויל מיט דעם גראסטען פערגעניגען ביי אייך צוריק אבקויפען דעם רינג פאר טויזענד פראנק.

די קליינע פיפי האט געטאנצט פון גרויס שמחה. מתית האט אבגעצעהלט דאס געלד און געזאגט:

— כ'וואלט גערן פינף מאל אזוי פיעל געגעבען דעם מאנן, ווער ס'וואללט מיר געקעננט זאגען דעם אמת'ען נאמען פון דעם באנדיט זשאק. ער איז געוויסס א גנב, אין דעם איז קיין ספק ניט דא.

סַאלָאמָאן בֶּענַאם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין אָרְט, גְלַייךְ וִוי עֶר וָואלְט גֶעזֶעסֶען אוֹיף הֵייסֶע קאהְלֶען.

— וָואס הָאט אִיהר גֶעזָאגְט, הֶערר דְרֵייפוּס! — הָאט דֶער פְּרָאצֶענְטְנִיק קוים אוֹיסגֶערֶעדְט פוּן גְרוֹיס אִיבֶּערְרַאשוּנְג — אִיהר ווִילְט גֶעבֶּען פִינְף מָאל אַזוֹי פִיעל, דָאס הֵייסְט פִינְף טוֹיזֶענְד פְרַאנְק, ווִילְט אִיהר גֶעבֶּען דֶערְפַאר, מֶען זָאל אַייךְ זָאגֶען, וֶוער סְ'פֶערְבָּארְגְט זִיךְ אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען „זְשַׁאק" — גוּטְט, הֶערר דְרֵייפוּס, כְ'הַאלְט אַייךְ בַּיים וָוארְט. אִיךְ וֶועל דָאס גֶעלְד עֶהרְלִיךְ פֶערְדִיענֶען אוּן דַאבַּיי אֲפִילוּ נִיט אַ מַאךְ גֶעבֶּען מִיט דִי לִיפֶּען.

וָואס טוֹיגֶען מִיר דִי וִויטְצֶען — הָאט זִיךְ הַאלְב בֶּאז אָבְגֶערוּפֶען מַתִּית — רֶעדְט קְלָארֶע דִבּוּרִים אוּן צוּרֵייצְט מִיךְ נִיט בְּחִנָם.

אָנְשְׁטַאט אִיהם צוּ עֶנְטְפֶערֶען הָאט זִיךְ בֶּענַאם אָבְגֶערוּפֶען צוּ דֶעם קַאפְּרַאל:

— הֶערר אָפִיצִיער! אַז כְ'זָאל אַייךְ וַוייזֶען זְשַׁאקְס פָאטָאגְרַאפְיֶע וָואלְט אִיהר אִיהם בַּאלְד דֶערְקֶענְט?

— גַאנְץ גֶעוִויס, אַזַא גֶעזִיכְט לָאזְט זִיךְ נִיט לַייכְט פֶערְגֶעסֶען.

סַאלָאמָאן בֶּענַאם הָאט גֶערִיבֶּען דִי הֶענְד פוּן שִׂמְחָה.

— אַלְזָא גוּט, מַיינֶע הֶערֶען — הָאט עֶר לוּסְטִיג גֶעזָאגְט — הֶערר דְרֵייפוּס, קוּמְמְט מִיט אוּנְז, כְ'וֶועל אַייךְ אַוֶועקְפִיהרֶען אִין אַזַא אָרְט, וואו אִיהר וֶועט גֶעוִויס גֶעפִינֶען זְשַׁאקְס בִּילְד.

---

בֶּענַאם הָאט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט.

אִין פַּארִיזֶער פְּרֶעפֶעקְטוּר זַיינֶען גֶעוֶוען גַאנְצֶע אַלְבָּאמְס מִיט פָאטָאגְרַאפְיֶעס פוּן מֶערְדֶער אוּן גַנָבִים פוּן דִי קְלֶענְסְטֶע בִּיז דִי גְרֶעסְטֶע. אִין אֵיינֶעם פוּן דִי בִּילְדֶער הָאט דֶער יוּנְגֶער סָאלְדַאט דֶערְקֶענְט זַיין חָבֵר זְשַׁאק.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט נָאךְ הָאט דֶער נַייעֶר קָאמְמִיסַאר פוּן פַּארִיזֶער פָּאלִיצֵיי, הֶערר גִילְבֶּערְט, גֶעהַאט אַ לַאנְגֶערֶע קָאנְפֶערֶענְץ מִיט דֶעם פְּרֶעפֶעקְט הֶערר לַא־בְּרִיעֶר'ן אוּן סְ'אִיז גֶעבְּלִיבֶּען צוּ דֶעפֶּעשִׁירֶען צוּ דֶעם פְרַאנְצוֹיזִישֶׁען אַמְבַּאסַאדָאר אִין וַואשִׁינְגְטָאן, עֶר זָאל עֶס וַוייטֶער מוֹדִיעַ זַיין אִין קַאנַאדַא.

צְווִישֶׁען קַאנַאדַא אוּן פְרַאנְקְרַייךְ אִיז נָאךְ עַד הַיוֹם נִיט דָא קַיין טֶעלֶעגְרַאפֶען־פֶערְבִּינְדוּנְג.

דִי דֶעפֶּעשֶׁע הָאט גִילְבֶּערְט אַזוֹי אוֹיפְגֶעזֶעצְט:

„צוּ דֶעם גֶענֶערַאל־גוּבֶערְנַאטָאר פוּן פְרַאנְצוֹיזִישֶׁער קַאנַאדַא, הֶערֶען גְרֶעפִּין אִין קַאנַאדַא!

„בַּיי אַייךְ אִיז דָא אַ דִיענֶער מִיט דֶעם נָאמֶען זְשַׁאק. עֶר הָאט רוֹיטֶע הָאר, אַ גֶעזִיכְט פוּל מִיט פָּאקֶען, אַ בְּרֵייטֶע נָאז אוּן קְלֵיינֶע אוֹיגֶען. דֶער מַאנְן הָאט

אַייך פֶערפִיהרְט אונ גֶענאַרְט, עֶר הֶייסְט ניט זְשַאק, נור רַאוַואַיאַק, דֶער בֶּעוואוּסְטֶער פְרויעֶן-מֶערדֶער, וֶועלכֶער איז עֶנְטלָאפֶען פון אונְטֶער דֶער תְּלִיָה אונ דִי פָאלִיצֵיי זוכְט איהם שוין אַרום עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים. מִיר בֶּעטֶען אַייך אַלְזָא, דֶעם מַאנְן דורכְאויס בַּאלְד צו אַרֶעסְטִירֶען אונ גֶעשְׁמִיעדְט אין קֵייטֶען צושְׁטֶעלֶען מִיט דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוריק אין פַּאריז, דֶער פָאלִיצֵיי אין דִי הֶאנְד.

גֶעצֵייכֶענְט פָאן לַא-בְּרִיעֶר
דֶער פְּרֶעפֶעקְט פון פַּאריזֶער פָאלִיצֵיי".

---

מִיט דֶער דֶעפֶּעשֶׁע הָאט דֶער קַאיֶענֶער גוּבֶּערְנאַטָאר גֶעקְרָאגֶען נָאךְ אֵיינֶע אונ אויךְ פון פַּאריז.

גְרֶעפּפֶין איז שְׁטַארְק בְּלֵייךְ גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט דורכְגֶעלֵייעֶנְט פָאל-גֶענְדֶעס:

„צוּ דֶעם גֶענֶעַראל גוּבֶּערְנַאטָאר פון דֶער פְרַאנְצויזִישֶׁער קַאיֶעננַא!

„איהר זַייט פֶערַאנְטְוָוארְטְלִיךְ פִיר דֶעם דֶעגְרַאדִירְטֶען קַאפִּיטַאן אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּסֶעם לֶעבֶּען אונ גֶעזוּנְד. פָארְלֵייפִיג בְּלַייבְּט עֶר נָאךְ אונְטֶער אַייעֶר שוּטְץ אויף דֶעם טַייפֶעלְס אינְזֶעל. איהר מוּזְט איהם אָבֶּער גוּט אויפְפַּאסֶען, סְ'זָאלל איהם גָאר נִיט שַׁאדֶען. אין זַיין מִשְׁפָּט איז אויפְגֶעטְרֶעטֶען אַ סָפֵק.

„אַ גֶענוֹיעֶר בְּרִיעף גֶעהט נָאךְ.

פֶעלִיקְס פָאר
דֶער פְּרֶעזִידֶענְט פון דֶער פְרַאנְצויזִישֶׁער רֶעפּוּבְּלִיק".

---

## XXX.

## דִי אונְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער.

זָארְזֶעטטַא איז צוגֶעפָאהרֶען צום וָואקְזַאל, וואו זִי הָאט בֶּעדַארְפְט אויפ-טוארְטֶען אויף הֶערְמִינְיֶען.

זִי הָאט גֶעצִיטֶערְט בַּיי דֶעם גֶעדַאנְקֶען ייִ נָאךְ אין אַ פֶערְטִיל שָׁעָה אַרום וָועט זִי שוין בֶּעקַאנְנְט וֶוערֶען מִיט דֶעם אונְגְלִיקְלִיכֶען קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּסֶעס

פּרוֹי, װעלכע װעט מוזען האָרען פון איהר מויל די טרויעריגע בשורה װעגען אנדרעען.

צום אונגליק נאָך האט זיך היינט גראדע דער צוג פערשפּעטיגט אויף א האלבע שעה אונ זאַרזעטטא האט געמוזט זיטצען איינזאם אונ װאַרטען.

איהר מח האט שטאַרק געארבייט. זי האט אָנגעשפּאַרט דעם קאפּ אויף ביידע האַנד אונ זיך שטאַרק פערקלערט.

זי האט זיך דערמאָננט אמאליגע יאָהרען, װענן זי איז נאָך געװען ביי איהר פאָטער אין בעללמור, דאמאלס איז איהר געװען גוט, זעהר גוט, דאמאלס האט זי נאָך לעאָן בענארד ליעב געהאט אונ זי איז געװען גליקליך, איבער־גליקליך.

די זיסע גוטע יאָהרען זיינען שוין אָבער פאַרביי....

לעאָן איז אַװעקגעפאָהרען װייט, גאַנץ װייט אונ זי איז געבליבען עלענד װי א שטיין.

זי קענן דרייסט זאָגען, אז ס'איז נאָך איין טאָג, זאָגאר איין שעה ניט פאַרביי, זי זאלל װעגען איהם ניט טראַכטען. זי האָט איהם אין זינען שטענדיג, װאהין זי געהט אונ שטעהט.

אונ ער? וואו װאַלגערט ער זיך יעצט אַרום?

װאס האט ער פון איהר דאמאלס געװאללט האָבען? איז דענן איהר שולד אז עסטערהאזי האט זיך אַריינגעגנבעט שטיללערהייד צו איהר אין שלאָפצימער? האט זי זיך דענן ניט געראַנגעלט מיט אַללע כחות? האט זי דענן ניט גאַטט גע־דאנקט פאר דעם פייער, דורך װעלכעם איהר פאָטער האט פערלאָרען זיין פער־מעגען, אָבער איהר עהרע איז געבליבען גערעטטעט? איז דענן װירקליך פון לעאָנען דאמאלס ניט געװעזען א באָזע עקשנות, װענן ער האט אפילו ניט געװאָללט אויסהערען איהר פערטהיידיגונג אונ געפּסקעט אונטער די אויגען?

ניין, דאס מאָל איז לעאָן געװען אונגערעכט אונ גאָטט מעג איהם מוחל זיין װאס ער האט אַזוי צובראָכען דאס גליקק פון איהר לעבען...

זאַרזעטטאס געזיכט האט זיך אויסגעקרימט, איהר שטערן איז פול געװאָרען מיט קנייטשען אונ אין די אויגען האָבען זיך געװיזען טרערען...

צום גליקק איז אָנגעפאהרען דער צוג, װעלכער האט איהר געשטערט צו קלערען װייטער.

אויפ'ן װאָקזאל איז געװאָרען א געפּילדער, א רעש, די קאָנדוקטאָרען האבען האסטיג געעפענט די טהירען, מענשען האבען אָנגעהויבען צו לויפען הין אונ הער אונ זוכען איינער דעם אנדערן.

זאַרזעטטא האט אויך געװאָרפען די אויגען אויף אַללע זייטען אונ געזוכט הערמינען.

ענדליך האט זי בעמערקט, דאס איז געװיסס זי, זאַרזעטטא האט זי דער־

קֶענְנְט אָן דִי שְׁוַוארְצֶע לַאנְגֶע הָאר אוּנ דִי בְּרֶענֶנְדִיגֶע אוֹיגֶען, אִין וֶועלְכֶע סְ'הָאט זִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען דֶער פְלַאמֶענְדֶער חֵן.

דְרֵייפוּסֶעס גוּבֶערְנַאנְטִין הָאט שׁוֹין גֶעהַאט בְּדֵעָה צוּצוּלוֹיפֶען אוֹיף דֶעם אָרְט, וואוּ סְ'אִיז גֶעשְׁטַאנֶען מַתִּיתֶ'ס שְׁוֶועגֶערִין.

קוֹים אָבֶּער הָאט זִי גֶעוָואלְט שְׁטֶעללֶען אַ פוּסס, הָאבֶּען אִיהר פֶערְשְׁטֶעלְלְט דֶעם וֶועג אַנְדֶערֶע צְוֵויי פַּאססַאזִירֶען.

דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ הוֹיכֶער, עֶלֶעגַאנְט גֶעקְלֵיידֶעטֶער, נוּר זֶעהר אַ בְּלַאססֶער יוּנְגֶער מַאנן, וֶועלְכֶער הָאט גֶעפִיהרְט אוּנְטֶער דֶער הַאנְד אַ זֶעלְטֶען שֶׁאנֶע בְּרוּ־נֶעטְקֶע, אָנְגֶעטְהוּן אִין שְׁוַוארְצֶען.

דֶער יוּנְגֶער מַאנן הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער הַאנְד אַ רַייזֶע־זֶאקֶעל מִיט אַ רֶעגֶענְשִׁירם.

יֶעצְט הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע פַּאססַאזִירֶען אוֹיסְגֶעגְלַייכְט מִיט זַארְזֶעטְטַאן.

דָאס מֶערְכֶען הָאט זִיךְ שְׁנֶעלל אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען צוּרִיק אוּנ וִוילְד אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען פוּן שְׁרֶעק:

— לֶעאָן! דָאס בִּיסְט דוּ לֶעאָן?

דֶער יוּנְגֶער מַאנן אִיז שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען וִוי אַ פֶערְשְׁטֵיינֶערְטֶער.

אָן זַיין גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶועזֶען קֶענְנְטִיג, אַז עֶר הָאט אַשְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה מִיט זִיךְ אַלֵיין. אִין אַ וַוייל֑ע אַרוּם אָבֶּער אִיז בַּיי אִיהם שׁוֹין פַארְטִיג גֶעוָוארֶען אַ בֶּעשְׁלוּסס.

עֶר הָאט אָבְּגֶעמַאסְטֶען זַארְזֶעטְטַאן פוּן קָאפּ בִּיז דִי פִּיסס, נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִיךְ קוּרְץ אוּנ שַׁארְף אָבְּגֶערוּפֶען:

— אִיהר הָאט אַ טָעוּת, פְרֵיילִין, כְ'בִּין נִיט דִי פֶּערְזָאן, וָואס אִיהר זוּכְט. זַייט אַזוֹי גוּט אוּנ פֶערְשְׁטֶעלְלְט אוּנְז נִיט דֶעם וֶועג.

אוּנ עֶר הָאט גֶעוָואלְט גֶעהן וַוייטֶער.

זַיין דַאמֶע הָאט אִיהם אָבֶּער אָבְּגֶעהַאלְטֶען אוּנ שְׁטִילל אַיינְגֶערוּימְט אִין אוֹיעֶר:

— הֶערר בֶּערְנַארד! דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר, אַז דָאס פְרֵיילַיין אִיז דִי זֶעלְבֶּע פְרוֹי, צוּלִיעב וֶועלְכֶער אִיהר הָאט פֶערְלָאזֶען אֵייראָפָּא. כְ'בֶּעט אַייךְ אַלְזָא, בֶּע־הַאנְדֶעלְט נִיט דָאס מֶעדְכֶען וִוי אַ פְרֶעמְדֶע. כְּרִיסְטָא וַואנְיֶער הָאט מִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעלֶערֶענְט, אַז דִי בֶּעסְטֶע מִדָּה אוּנ דִי גְרֶעסְטֶע מִצְוָה אִיז מוֹחֵל צוּ זַיין אֲפִילוּ דֶעם עֶרְגְסְטֶען שׂוֹנֵא. שְׁטוֹיסְט אַלְזָא נִיט אָב פוּן זִיךְ דָאס מֶעדְכֶען, אֵיידֶער אִיהר וֶועט אוֹיסְהֶערֶען אִיהרֶע טַעֲנוֹת. פֶערְגֶעססְט נִיט אַז אִיהר הָאט זִי דָאךְ אַמָאל לִיעב גֶעהַאט.

— נִיט אַמָאל, נָאר זָאגַאר יֶעצְט, יֶעצְט אוֹיךְ, פְרֵיילַיין דָאלָארֶעס — הָאט דֶער בְּלַאססֶער יוּנְגֶער מַאנן גֶעעֶנְטְפֶערְט — אוּנ דַארִיבֶּער קֶענן אִיךְ אִיהר טַאקִי נִיט מוֹחֵל זַיין, נֵיין, קֵיין מָאל נִיט...

זארזעמטא איז דערווייל געשטאנגען פון דער ווייטענס און ניט אראב־גענוממען איהרע אויגען פון לעאנען און זיינע בעגלייטערין.

גרויסער גאטט אין הימעל! קוממט דאס אלץ פאר אין חלום, אדער וואכענדיג? זעהט זי ניט מיט איהרע אייגענע אויגען, ווי איהר טהייערער, גוטער, זיסער, הייליגער לעאן, פיהרט געארמט א פרעמדע פרוי?

ווער איז דאס פרעמדע מעדכען? זיינס א ווייב, א כלה, אדער סתם א געליעבטע?

א שוידער איז איהר דורך איבער אללע גליעדער, די ציין האבען איהר געקלאפט ווי אין א פיבער, די קניע האבען זיך געבראכען אונטער איהר און מיט א אימפעט, ניט וויסענדיג אליין וואס זי טהוט, איז זי נאכגעלאפען נאך איהר אמאליגען געליעבטען.

— לעאן, לעאן! — האט זי געשריען אויפ׳ן קול און גאר פערגעסען אז זי איז ניט ביי זיך אין דערהיים, נור צווישען פרעמדע מענשען — ניין, לעאן, כ׳וועל דיך ניט אבלאזען ביז דו מוזט מיך אויסהערען. כ׳שווער דיר ביי אללעם הייליגען, אז דו ביסט מיך אומזיסט חושד. דער באזער שווארצער אפיציער איז ווירקליך מיך בעפאללען מיט א שלעכטער כונה, גאטט אבער איז מיין עדות אז כ׳בין אונשולדיג. צו וואס האסט דו מיך נאך דאמאלס געראטעוועט פון דער שרפה, בעסער וואללט איך פערברענט געווארען איידער צו דערלעבען אזא צייט, ווען דו, לעאן, וועסט מיך אבשטויסען פון דיר...

— אומזיסטע טענות — האט דייטליך און הארט געענטפערט לעאן — כ׳מיין אייך ניט צו בעליידיגען, פרייליין נור גלויבען קענן איך אייך ניט. אדיע, זעהט בעסער צו פערגעסען די גאנצע געשיכטע, אזוי ווי איך גיב מיר מיה ניט צו דערמאנען אמאליגע צייטען.

— און דאס איז דיין לעצטערווארט, לעאן! — האט דאס מעדכען אין פערצווייפלונג א געשריי געגעבען.

— מעהר האב איך אייך ניט וואס צו זאגען — האט לעאן טרויעריג געענטפערט און איז געגאנגען ווייטער.

זארזעטטא האט זיי נאך א ווייל נאכגעקוקט, נאכדעם האט זי ווידער ווילד א געשריי געגעבען און אין אנמאכט אניעדערגעפאללען אויף דער פאדלאגע פון וואקזאל.

לאנג האט עס געדויערט איידער זי איז געקוממען צו זיך. די ערשטע ווערטער איהרע, ווען זי האט זיך אויפגעחאפט פון חלשות, זיינען געווען:

— אך גאטט מיין גאטט, כ׳האב דערווייל פערזאממט...

---

איידער ווי דער צוג איז נאך צוגעפאהרען צו דער סטאציאן, האט שוין הערמיניע ארויסגעקוקט דורך דעם וואגאן־פענסטעריל.

מְען קֶען זיך לַייכְט פָארְשְׁטֶעלֶען ווִי גְרויסס אִיהר אונגֶעדולְד איז גֶעוֶועֶן, צו זֵיין וָואס פְרִיהֶער אין פַּארִיז.

אִין נויָארְק אִיז זִי גֶעקוּמֶען צוּפָאהרֶען צוּזַאמְמֶען מִיט דִי גְעוֶועזֶענֶע פֶּער־שִׁיקְטֶע פון דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל. קוים אָבֶער הָאט זִי דֶער פְרִישֶׁער קְלִימַאט אויסגֶעהֵיילְט פון דֶעם פִיעבֶער, הָאט זִי זִיך גֶעזֶעגֶענְט מִיט דֶער חֶבְרָה אוּנ אַלֵיין אָבְּגֶעפָאהרֶען נָאך אֵייראָפַּא.

זִי אִיז אַזוֹי הַאסְטִיג אַרִיבֶּער פון אֵיין שִׁיף אויף דֶער צְוֵוייטֶער אַז עֶרְשְׁט אִין הַאוְור הָאט זִי גֶעהַאט צַייט צוּ דֶעפֶּעשִׁירֶען אַהֵיים.

דָאס גֶעזֶעגֶענֶען זִיך מִיט דִי נַייעֶ בֶּעקַאנְנְטֶע אִיז אויך נִיט גֶעוֶועֶן אַזוֹי לַייכְט, אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז אִיהר גֶעוֶועֶן שְׁוֶוער זִיך צוּ שֵׁיידֶען פון דֶעם וִויצֶע־גְרַאף עֶמִיל־דֶע־פִּיקַארְדִין, צוּ וֶועלְכֶען זִי אִיז שׁוין גֶעוֶועֶן צוּגֶעוָואהנְט ווִי צוּ אַ בְּרוּדֶער.

צוּזַאמְמֶען הָאבֶּען זֵיי פֶּערבְּרַאכְט אַזוֹי פִיעל שְׁלֶעכְטֶע אוּנ גַאנְץ וָועניג גוּטֶע צַייט. מִיט אִיהם צוּזַאמְמֶען הָאט זִי מָאנַאטֶע לַאנְג פֶּערבְּרַאכְט אויף דֶעם פֶּערוָואר־פֶענֶעם אִינְזֶעל, פון וֶועלְכֶעם זֵיי זַיינֶען נִצוֹל גֶעוָוארֶען נוּר דוּרְך אַרֵיינֶעם נֵס. דֶער וִויצֶע־גְרַאף הָאט זִי דַארִיבֶּער גֶעטְרֵייסְט אַז אִין קוּרְצֶען וֶועלֶען זֵיי זִיך וִויעדֶער טְרֶעפֶען אִין פַּארִיז, וואו עֶר רֶעכֶענְט אוּנגֶעזַאמְט אַהִינְצוּפָאהרֶען. פַארְדֶעם אָבֶער מוּז עֶר דוּרְך זֶעהר אַ פֶּעהִיגֶען אַדְוָואקַאט אויפְוֵוייזֶען זַיין אוּנשׁוּלְד, כְּדֵי עֶר זָאלל קֶענֶען קוּמֶען אַהֵיים אָהן שׁוּם מוֹרָא פַאר דֶער פָּאלִיצֵיי.

בִּיז דֶער צַייט מוּז עֶר אָבֶער גֶעדוּלְדִיג בְּלַייבֶּען אִין נויָארְק.

דֶער אַלְטֶער לֶעאָנִיעֶ הָאט אויך צוּגֶעזָאגְט אִין קוּרְצֶען צוּ זַיין אִין פַּארִיז, עֶר וֶועט זוּכֶען ווִי מִיט לִיכְט זַיין פֶּערלָארֶענֶע טָאכְטֶער דָאלָארֶעס.

פָּארְלֵייפִיג אָבֶער מוּז עֶר נָאך פֶּערבְּלַייבֶּען אִין אַמֶעריקַא, כְּדֵי אַיינְצוּאָרְדְנֶען אַדֶעטֶעטְעֶן מִיט אִיהר מַאנְן עֶרְוִוינֶען אויף אַ שְׁטִיקֶעל גְרוּנְד, וָואס זֵיי הָאבֶּען זִיך גֶעוָואלְלְט קויפֶען.

הֶערְמִינִיעֶ הָאט דַארִיבֶּער גֶעמוּזְט אָבְּפָאהרֶען אַלֵיין.

דִי גַאנְצֶע צַייט פון דֶער רֵייזֶע אִיז זִי גֶעוֶועֶן שְׁטַארְק אוּנרוּהִיג. זִי אִיז גֶעקוּמֶען צוּרִיק מִיט דֶעמוּעלְבֶען, מִיט וָואס זִי אִיז אַהִינְגֶעפָאהרֶען, אֵיינְזַאם אוּנ עֶלֶענְד. אִיהר גֶעלִיבְּטֶער מַאנְן אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּס קְוֶואללְט זִיך וַייטֶער ווִי פְרִיהֶער אויף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל.

— אֵיינְס אִיז מִיר נָאך אִיבֶּערגֶעבְּלִיבֶּען: אַנְדְרֶעעֶ — הָאט דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹי זִיך אַלֵיין גֶעטְרֵייסְט — עֶר וֶועט מִיר פֶּערגִיטִיגֶען פַאר אַללֶע צָרוֹת. — אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַרוּם וֶועלל אִיך שׁוין צוּדְרִיקֶען מַיין קִינְד צוּ דֶער בְּרוּסְט אוּנ פַאר אִיהם אויסגִיססֶען מַיין בִּיטֶער הַארְץ...

עֶנְדְלִיך הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען אַ לַאנְגֶען פַייף אוּנ דֶער צוּג אִיז שְׁטֶעהֶן גֶעבְּלִיבֶּען.

הערמינגיע איז עקסטרא געבליבען לאנגער אין וואגאן, כדי ס׳זאלל זיין לייכטער זי אויפצוזוכען.

זי האט אבער אומזיסט געווארט.

קיינער איז ניט געקומען זי צו ערווארטען. אפילו מתית איז אויך ניט געווען.

וואס קען עס בעדייטען? מתית איז דאך שטענדיג געווען אזוי פונקטליך אונ גאסטפריינדליך. וועלכע געשעפטען האבען איהם געקענט אויפהאלטען אין שטוב, ווען זיין געליעבטע שוועגערין קוממט צופאהרען נאך אזא ווייטע נסיעה?

אויף די אללע פראגען האט הערמינגיע ניט געפונען קיין אנטווארט, אונ וויללענדיג ניט וויללענדיג האט זי געמוזט נעהמען דאס קליין פעקיל אין דער האנד אונ פאהרען אלליין אהיים.

אין דער דראשקע האט זי זיך בעגאססען מיט טייבען טרערען, ווען זי האט זיך דערמאנט, וואס פון איהר איז געווארען. געבליבען עלענד ווי א שטיין, אזוי זי, אזוי איהר מאנן.

אונ וואס וועט ווייטער זיין?

לאנג האט זי דאריבער ניט געקענט טראכטען, ווייל די דראשקע איז שטעהן געבליבען אונ זי האט דערקענט מתית׳ס הויז. איהר שוואגער איז געוויסס אין דער־היים ניט דא, ווייל אין זיין גאבינעט איז פינסטער.

אהן געדולד האט איהר געפעפט פון אונטען די טהיר דער בעקאנטער וועכטער אונ זי איז שטילל אריין אין עססצימער אונ גאכדעם אין זאל.

קיין זאך האט זיך ניט געענדערט אין דעם הויז, גלייך ווי זי וואללט גאר קיין מאל ניט אוועקגעפאהרען פון דאנגען.

די זעלבע מעבעל, די זעלבע בעלייכטונג, דערזעלבער טיש, מיט די שטוהלען, אפילו די בלומען אין די פענסטער. נור די דיענער מיט די דיענסטען האבען געוואוסט, אז קיינער פאסט זיי ניט אויף אונ דאריבער האבען זיי זיך געלאזט וואהל געהן אונ זיך פערשמעלט אין קיך אויף א פריילינגען שמועס ביי א גלעזעל שנאפס.

זיי האבען ניט בעמערקט הערמינגיעס אריינקוממען אונ ניט געהערט ווי זי איז געגאנגען פון איין צימער אין דעם צווייטען.

אויף אזא ארט איז זי אונגעשטערט געקוממען ביז דעם קינדער־צימער.

דארטען איז פאר איהר אוועקפאהרען געשלאפען דער קליינער אנדרע.

וואהרשיינליך שלאפט ער שוין יעצט אויך אונ די טאנטע געראלדינע זיצט געבען זיין בעטטעל.

פאר דעם צימער איז זי א ווייללע שטעהן געבליבען אונ לאנג געהאלטען די קלאמקע אין דער האנד.

דָאס האַרץ הָאט אִיהר שְׁטאַרק גֶעקְלַאפְּט אוּנ דִי טְרֶערֶען הָאבֶּען אִיהְר גֶעשְׁטִיקְקְט.

אִין צִימְמֶער אִיז גֶעוֶועֶן גַאנְץ שְׁטִילל, גְלַייךְ וִוי אַ לֶעבֶּענְדִיגֶער מֶענְשׁ וָואלְלְט דָארְטֶען נִיט גֶעוֶועֶן.

לַאנְגְזַאם הָאט זִי אַ דְרִיקק גֶעגֶעבֶּען דִי קְלַאמְקֶע אוּנ אַרַיין אִין דֶעם בֶּעקַאנְטֶען צִימְמֶער.

דָארְטֶען אִין וִוינְקֶעל, נִיט וַוייט פוּן פֶענְסְטֶער, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִיהְר זוּהנְס בֶּעטטֶעל, אִיבֶּער וֶועלְכֶער סְ׳הָאט זִיךְ גֶעבְּרֶענְנְט דִי זֶעלְבֶּע נַאכְט־לָאמְפּ וָואס אַ מָאל.

אוּנ נִיט וַוייט פוּן בֶּעטטֶעל, נֶעבֶּען דֶעם קְלֵיינֶעם טִישֶׁעל, אוֹיף וֶועלְכֶעם סְ׳אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ שְׁרַייבּ־גֶעצַייג, אִיז גֶעזֶעססֶען אוֹיף אִיהְר שְׁטֶענְדִיגֶען שְׁטוּהל דִי טַאנְטֶע גֶערָאלְדִינֶע.

דִי אַלְטֶע הָאט זִיךְ מִיט דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער אִיבֶּערגֶעבּוֹיגֶען אִיבֶּער דֶעם טִישֶׁעל.

וִוי סְ׳וַוייזְט אוֹיס אִיז זִי אֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען שְׁרַייבֶּענְדִיג אַ בְּרִיעף, וַוייל אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד הָאט זִי גֶעהַאלְטֶען אַ פֶּעדֶער.

— אַךְ, וִוי בְּלַייךְ דִי טַאנְטֶע אִיז — הָאט הֶערְמִינְיֶע אַ קְלֶער גֶעגֶעבֶּען — זִי אִיז נֶעבַּאךְ גְרוֹי וִוי אַ טוֹיבּ אוּנ זֶעהט גַאנְץ שְׁלֶעכְט אוֹיס.

זִי הָאט זִי נִיט גֶעוָואלְלְט אוֹיפְוֶועקֶען אוּנ גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער צוּ דֶעם בֶּעטטֶעל.

מִיט פְלַייסס אָבֶּער אִיז זִי וָואס אַמָאל גֶעגַאנְגֶען לַאנְגזַאמֶער.

— סְ׳טוֹיג נִיט דָאס קִינְד אִיבֶּערצוּוֶועקֶען — הָאט זִי גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ אַלֵיין — לָאז עֶס שְׁלָאפֶען גֶעזוּנְדֶערהֵייט. אַךְ, גָאטט מַיין גָאטט, וָואס וֶועט אַנְדְרֶעעֶ זָאגֶען, וֶוענן עֶר וֶועט זִיךְ אוֹיפְכַאפֶּען פוּן שְׁלָאף אוּנ דֶערזֶעהֶען דִי מוּטטֶער?

וֶועט עֶר מִיךְ וֶועניגְסְטֶענְס דֶערקֶענְנֶען? קִינְדֶער הָאבֶּען דָאךְ אַזאַ קוּרְצֶען זִכָּרוֹן.

נֵיין, מַיין אַנְדְרֶעעֶ וֶועט דֶערקֶענְנֶען זַיין מוּטטֶער.

טְהַייעֶר קִינְד מַיינְס, יֶעצְט בִּיסְט דוּ דָאךְ מַיין אֵיינְצִיגֶע נֶחָמָה, מַיין אֵיינְצִיגֶע דֶערקְוִויקוּנְג אִין לֶעבֶּען, מַיין אֵיינְצִיגֶע הָאפְפְנוּנְג!

אוּנ טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהְר גֶעגָאססֶען פוּן דִי אוֹיגֶען, וֶוענן דִי אוּנ־גְלִיקְלִיכֶע מוּטטֶער הָאט פוּנַאנְדֶערגֶעצוֹיגֶען דִי פָּארְהַאנְגֶען פוּן אִיהְר קִינְדְס בֶּעטטֶעל.

פְּלוּצְלִינְג אָבֶּער אִיז זִי גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶן וִוי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט. זִי הָאט מִיט הַארְצְוֶועהְטָאג אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען אוּנ אַ אִיבֶּער־גֶעשְׁרָאקֶענֶע אָבְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען עֶטְלִיכֶע טְרִיטט.

אִיהְר גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ וִוי אוֹיסגֶעקְרִימְט, דִי אוֹיגֶען פֶערְלָאפֶען מִיט בְּלוּט, אִיהְרֶע גְלִיעדֶער הָאבֶּען גֶעצִיטטֶערְט וִוי פוּן קֶעלְט.

הֶערמִינְיֶען זַיינען נָאךְ גֶעוֶוען וֶועניג דִי יְסוּרִים, וָואס זִי הָאט גֶעלִיטֶען בִּיז יֶעצְט, צוּם פוּללֶען רוּמֶעל הָאט אִיהְר נָאךְ גֶעפֶעהלְט דָאס לֶעצְטֶע אוּמגְלִיקק...

אִיהְר קִינְדְס בֶּעטטֶעל אִיז גֶעוֶוען לֵיידִיג, אִיהְר טְהַייעֶרער אַנְדְרֶעעֶ אִיז דָארְטֶען נִיט גֶעשְׁלָאפֶען.

וִוי אַ מְשׁוּגָענֶע אִיז דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע מוּטטֶער צוּגֶעפַאללֶען צוּ דֶער בֶּעטטֶעל, זִי הָאט דוּרכְגֶעשָׁאקֶעלְט יֶעדֶעס קִישֶׁען, דָאס גַאנְצֶע בֶּעטגֶעוַואנְד, אוֹיסגֶעטַאפְּט יֶעדֶען ווִינְקֶעלֶע, אוֹיסגֶעטְרַייסֶעלְט דִי שְׁטְרוֹי, אוּמגֶעקֶעהרְט אַלְץ פוּן אוֹיבֶען אַרָאב, סְ'הָאט אָבֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אַנְדְרֶעעֶ אִיז נִיט דָא!

נָאכדֶעם אִיז זִי אַהִינְגֶעלָאפֶען צוּ דֶער טַאנְטֶע אוּנ זִי אַ טְרַייסֶעל גֶעגֶעבֶען פוּן הִינְטֶען.

דִי אַלְטֶע הָאט זִיךְ נִיט גֶערִיהרְט פוּן אָרְט.

— טַאנְטֶע גֶערָאלְדִינֶע! — הָאט דִי אוּמגְלִיקְלִיכֶע גֶעשְׁרִיגֶען נִיט מִיט אִיהְר קוֹל — — דָאס בִּין אִיךְ הֶערמִינְיֶע — דַיין הֶערמִינְיֶע, כְ'בִּין צוּרִיקגֶעקוּמֶען פוּן מַיין לַאנְגֶער רַייזֶע אוּנ ווִילל זִיךְ זֶעהֶען מִיט מַיין קִינְד. שְׁטֶעה אוֹיף, טַאנְטֶע גֶערָאלְדִינֶע!

וואוּ אִיז אַנְדְרֶעעֶ? פַאר וָואס שְׁלָאפְט עֶר נָאךְ נִיט אַזוֹי שְׁפֶּעט! טַאנְטֶע, טַאנְטֶע, פַאר וָואס עֶנְטפֶערְט אִיהְר מִיר נִיט?

הֶערמִינְיֶע הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבוֹיגֶען אַ קוּק צוּ גֶעבֶען דֶער טַאנְטֶע אִין גֶעזִיכְט. דִי שַׁיין פוּן דֶער לָאמְפּ הָאט בֶּעלוֹיכְטֶען גֶערָאלְדִינֶעס פָּנִים אוּנ הֶערמִינְיֶע הָאט עֶרְשְׁט בֶּעמֶערְקְט אַז זִי רֶעדְט מִיט אַ טוֹידְטֶען קֶערְפֶּער.

— זִי לֶעבְּט נִיט! — הָאט זִי נָאךְ הָאבֶער אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶען — זִי לֶעבְט נִיט, רַאטֶעוֶועט!

בַּיי דֶעם גֶעשְׁרַיי הָאט זִי בֶּעמֶערְקְט אוֹיף דֶעם קְלֵיינֶעם טִישֶׁעל אַ נִיט גֶע־עֶנְדִיגְטֶען בְּרִיעף.

דִי אַלְטֶע הָאט גֶעוִויסס אָנְגֶעהוֹיבֶען צוּ שְׁרַייבֶען, נוּר דִי אוּנפֶּערְהָאפְטֶע נַאכְרִיכְט פוּן הֶערמִינְיֶעס קוּמֶען הָאט אוֹיף אִיהְר גֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען אַיינְדְרוּקק אוּנ זִי הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ לֶעבֶען אִין מִיטטֶען שְׁרַייבֶען.

הֶערמִינְיֶע הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס זִי טְהוּט, זִי הָאט גֶענוּמֶען דֶעם בְּרִיעף אִין דֶער הַאנְד אוּנ הוֹיךְ גֶעלֵייעֶנְט:

„צוּ מַיין טְהַייעֶרֶע, לִיעבֶּע, אָרֶעמֶע הֶערמִינְיֶע!

„אִין אַ שָׁעָה אַרוּם וֶועסְט דוּ שׁוֹין זַיין אִין דַיין שְׁוָואגֶערְס וָואהנוּנְג, כְּדֵי וָואס גִיכֶער צוּ דְרִיקֶען צוּ דַיין בְּרוּסְט דַיין טְהַייעֶר קִינְד.

„כְ'צִיטטֶער פוּן שְׁרֶעק, וֶוענְן כְ'דֶערמָאנְן מִיךְ אָן דַיין קוּמֶען.

„דוּ וֶועסְט דָאךְ גֶעוִויסס פֶערלַאנְגֶען פוּן מִיר כְ'זָאלל דִיר אָבְגֶעבֶען רַאפּאָרְט פוּן דֶעם וָואס סְ'אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין דֶער צַייט, וָואס דוּ בִּיסְט הִי נִיט גֶעוֶוען. מִיר הָאסְט דוּ דָאךְ אָנְגֶעטְרוֹיט אַנְדְרֶעעֶ'ן אוּנ גָאטט אִיז מַיין עֵדוּת, אַז כְ'הָאב דָאס קִינְד

געהיט ווי אַ אויג אין קאפ, כ'האב עס אויפגעפאסט נאך בעסער ווי זיך אלליין. הערמינע! גלויב מיר, כ'בין ניט שולדיג אין דעם וואס ס'איז געשעהען, ניט איך, און ניט קיינער האט שולד אין דעם, וואס דו וועסט איהם יעצט ניט טרעפען אין דער היים. דאס איז א גאטט׳ס זאך און דער אויבערשטער ווייסס געוויסס וואס ער טהוט. אהן זיין וויללען וואלט אנדרעע אונז ניט פערפאללען געווארען... אך, גאטט מיין גאטט... וואס טהוט זיך מיט מיר, דער קאפ דרעהט זיך מיר... איך... איך... דאס קינד..."

אויף די פונקטען האט זיך דער בריעף געענדיגט.

די אלטע האט געוויסס ארויסגעלאזען די נשמה ביי דעם ווארט: „קינד".

הערמיניע האט יעצט וועגען דעם ניט געקלערט: איהר מח איז געווען פערנומען מיט א נ'אנדער ארבייט. די אונגליקקליכע פרוי האט זיך יעצט איבערצייגט, אז די באזע חלומות האבען זי ניט גענארט, איהר שרעק וועגען דאס קינד איז ניט געוועזן אומזיסט.

— אנדרעע לעבט ניט! — האט זי געשריגען און אין פערצווייפלונג גע־בראכען מיט די האנד — מיין קינד, מיין בן יחיד, וואו ביסט דו?

וואס א מינוט לאנגער האט זי זיך אלץ געשפירט שוואכער. גלייך ווי א שכורע האט זי זיך צוגעשלעפט צום קינדם בעטטעל און מיט הארץ גע־חליפעט:

— אנדרעע, קינד מיינס, ארעם שעפעלע, וואו ביסט דו? און דערצו האב איך בעדארפט אויסשטעהען אזוי פיעל צרות, כדי נאכדעם צו דערלעבען אזא אומגליק? צו וואס ביסט דו מיר, גאטט, בעהילפיג געוועזן אויף דעם וויסטען אינזעל? צו וואס האסט דו מיר אבגעהיט מיין לעבען פון די ווילדע מענשען, געראטעוועט צוויי מאל אויף דעם ים? וואלט ניט גלייכער געוועזן מיין טוידט, איידער דער טוידט פון מיין ארעם קינד!

הערמיניעס גוואלטען זיינען וואס אמאל געווארען שרעקליכער, ביז ענדליך האט זי דעם זינן פערלארען און געבליבען ליעגען אויף איהר קינדס בעטטעל אין חלשות...

---

דער זייגער האט שוין געשלאגען ניין, ווען מתית איז צוריקגעקוממען אהיים. ער איז געוועזן זעהר אויפגערעגט פון דעם גאנצען טאג, און שלאפריג.

— כ'מוז געהען רוהען — האט ער געזאגט צו זיך און איז דאריבער אהינ־געגאנגען זאגען „א גוטע נאכט" דער טאנטע געראלדינען.

ווי ערשטוינט איז ער אבער געווארען, ווען ער האט געעפענט די טהיר און זיין בליק איז געפאללען אויף דער אלטענס טוידטען קערפער.

פון איהר האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען ווייטער און דאמאלס האט

ער דערזעהען הערמינע'ן, וועלכע איז געלעגען אין חלשות אויף אנדרע'ס בעטטעל.

דער קלוגער מתית האט באלד פערשטאנען אז מיט דער אלטער איז גאר ניט דא וואס צו טהון און דאריבער האט ער יעצט זיין גאנצע ענערגיע אנגעווענדעט אויף די שוועגערין.

יעדע מינוט איז געווען א שאד און ער האט האסטיג אנגעקלונגען אויף דיענסט־לייט.

אין א מינוט ארום איז אריינגעלאפען דאס דיענסט־מעדכען מיט מתית'ס קאממערדיענער.

– וואו איז פרייליין זארזעמטא? – איז געווען מתית'ס ערשטע פראגע.

– זי איז אוועקגעפאהרען צום וואקזאל – האט דאס דיענסטמעדכען געענטפערט – צו ערווארטען מאדאם דרייפוס...

– שנעלל וואסער! – האט מתית א געשריי געגעבען און ניט געהערט וואס זי האט ווייטער געזאגט – זאלל ווער לויפען געשווינד נאך דעם דאקטאר בורגער!

דער קאממערדיענער איז די מינוט אוועקגעלאפען נאך דעם דאקטאר און דאס דיענסטמעדכען האט מיט טרערען אין די אויגען געהאלפען אבצומינטערען הערמינען.

מתית האט איהר אויסגעריבען די אויגען מיט קאלן וואסער, מיט עססיג, געשפריצט מיט קאלטע וואסער און ענדליך האט הערמינע געעפענט די אויגען.

אז דער דאקטאר בורגער איז אריין אין צימער איז שוין הערמינע אין גאנצען געקומען צו זיך, זי איז נור געווען שרעקליך אבגעשוואכט און בלאס ווי א טוידטע.

דער דאקטאר האט פערשריבען א רעצעפט און בעפאהלען, הערמינע זאלל זיך באלד די מינוט לייגען אין בעט. ביי דער טאנטע געראלדינען דאנעגען האבען שוין ניט געהאלפען קיין חכמות, זי איז געווען טוידט, מיט איהר האט געטראפען א נערווען שלאג, פון וועלכען דער קראנקער שטארבט די מינוט, אהן רעטטונג.

– כ'בעט אייך, דאקטאר – האט זיך אבגערופען מתית, ווען ער האט בעמערקט אז דער דאקטאר האט בדעה אוועקצוגעהען – פערווייל'ט נאך ביי אונז עטליכע שעה, ביז מיין שוועגערין וועט אין גאנצין קומען צו זיך.

– ליידער קען איך אייך דאס מאל ניט צוליעב טהון – האט דער יונגער דאקטאר געענטפערט – כ'וועלל אייך באלד אהערשיקען מיינעם א קאלעגע, אבער איך אליין מוז אוועקגעהן. אונטער מיין אויפזיכט אין פאסטערס קליניק ליעגט יעצט א קראנקער, פון וועלכען כ'טאר ניט אבטרעטען אויף איין מינוט.

מיין נייער פאציענט איז א אונגארישער מאגנאט, ער הייסט פירשט סטעפאן דובינסקי. מיט זיין פרוי האט פאססירט א שרעקליכער אומגליקק, א ווילדע דוללע חיה האט זי איינגעביססען אונ די פירשטין איז פון זינן ארויס. דער מאנן איז זעלטען אין איהר פערליעבט אונ פון גרויסס עגמת נפש איז ער געווארען שרעקליך נערוועז אונ אויפגערעגט. כ'האב מיט איהם גרויסס מיטלייד אונ ווי ווייט מעגליך גיעב איך מיר מיה איהם צוריק אויף די פיסס צו שטעללען, ליידער אבער מוז עס נאך לאנג דויערען אונ דאריבער איז מיר יעדע מינוט טהייער. וועגען פרוי דרייפוס קענט איהר בלייבען גאנץ רוהיג, זי איז נור שטארק אויפגערעגט, אבער געזונד; די שלאפפקייט וועט לייכט פארבייגעהן.

אונ דער דאקטאר האט זיך נאך אמאל א נייג געגעבען צו מתית'ן. פון דער טהיר אבער האט ער זיך אומגעקעהרט צוריק.

— יא, אונ די הויפט־זאך האב איך פערגעססען. מיין פאציענט האט פון היטץ עטליכע מאל דערמאנט אייער נאמען אונ געזאגט אז ער מוז זיין מיט א וויזיט ביי דרייפוסעס פאמיליע.

קענט איהר אייך ניט דערמאנגען פון וואנגען דער פירשט איז מיט אייך בעקאננט?

מתית האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אז ער ווייסס ניט פון וואס צו זאגען.

דער דאקטאר האט ווידער אבשייד גענוממען אונ מתית איז אריין צוריק צו דער קראנקער שוועגערין.

דארטען האט ער שוין געטראפען זארזעטטא'ן, וועלכע האט איהם ערצעהלט, ווי אזוי זי האט זיך דורך א צופאלל פערשפעטיגט.

א גאנצע נאכט איז ער מיט איהר צוזאממען געזעססען ביי דער קראנקער.

הערמיניע האט געהאלטען אין איין שלאפען, נור צייטענווייז האט זי ארויסגערעדט אונפערשטענדליכע ווארטער.

דעם דאקטארס מעדיצין האט אבער געהאלפען אונ פארטאג איז איהר געווארען פיעל בעססער.

זי האט די מינוט דערקענט מתית'ן אונ אויסגעצויגען צו איהם ביידע מאגערע אויסגעדארטע האנד.

זארזעטטא האט ניט געוואללט שטערען די ריהרענדע סצענע.

מתית'ס אויגען זיינען פייכט געווארען אונ א לאנגע צייט האט ער ניט געקענט ריידען א ווארט.

די ערשטע האט אנגעהויבען הערמיניע.

— ווען איז ער געשטארבען? – האט זי געפרעגט גאנץ שטילל אונ ס'איז געוועזען קענטיג אז זי שטארקט זיך רוהיג צו בלייבען.

— ווער? – האט אונרוהיג איבערגעפרעגט מתית.

— אנדרעע, מיין קינד – איז געוועזען איהר תשובה.

– אַנְדְרֶעֶ איז גֶעשְׁטאָרבֶּען? – האָט זיך גְעוואונדערט מַתִּית – ווער האָט עֶס דיר גֶעזאָגט, הֶערמִינְיֶע?

– לֵיידֶער בִּין איך עֶס אַללֵיין געוואָהר גֶעוואָרֶען – האָט הֶערמִינְיֶע לֶאנְגֶער שוין נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען דִי טְרֶערֶען – כְּהאָבּ אוּמְזִיסְט אַרוּמְגֶעזוּכְט מַיין קִינְד און דֶער טאַנְטֶעס בְּרִיעף האָט מִיר אויסגֶעזאָגְט דֶעם רֶעשְׁט.

מַתִּית האָט יֶעצְט פֶערְשְׁטאַנֶען פון וואָס הֶערמִינְיֶע איז אין חֲלָשׁוֹת גֶעבְּלִיבֶּען און עֶר האָט האַסְטִיג אִיבֶּערגֶעלֵייֶענְט דֶעם בְּרִיעף, וועלכֶער איז נאָך אַלְץ גֶעלֶעגֶען אויף דֶעם טִישֶׁעל.

– נֵיין, הֶערמִינְיֶע – האָט עֶר גֶעזאָגְט – דוּ בִּיסְט אִין אִירְתּוּם, דֶער בְּרִיעף איז נִיט קֵיין בֶּעוַוייז. נאָך מַיין מֵיינוּנְג איז אַנְדְרֶעֶ נִיט גֶעשְׁטאָרבֶּען.

– דוּ בִּיסְט אַלְזאָ אין סָפֵק? – האָט דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹי אוּנְרוּהִיג גֶעפְרֶעגְט.

– בֶּעשְׁטִימְמְט קֶענְן איך דִיר עֶס נִיט זאָגֶען, ווייל עֶטְלִיכֶע מאָנאַט זַיינֶען שוין אַרִיבֶּער זִינְט אַנְדְרֶעֶ איז פֶערְפַאלֶען גֶעוואָרֶען.

– וואו איז עֶר דֶענְן?

– מֶען האָט אִיהם בַּיי אוּנְז צוּגֶענוּמֶען.

– גֶערוּיבְּט... מַיין קִינְד, וֶוער, וואו, וֶוענְן? – האָט הֶערמִינְיֶע ווילְד גֶעשְׁרִיגֶען.

– וֶוער קֶענְן עֶס ווִיסֶען, לִיעבֶּע הֶערמִינְיֶע. אַללֶענְפַאללְס וואָללְט איך גֶעשְׁוואָרֶען, אַז דֶער לֶעצְטֶער פַאלל האָט אַ שַׁיִיכוּת מִיט דַיין מַאנְס אוּנְגְלִיקק און אוּנְזֶער פַאמִילְיֶע רוֹדֵף בְּחִנָּם אַ פֶערְבּאָרְגֶענֶער שׂוֹנֵא.

– מַתִּית, דוּ מֵיינְסְט דֶערמִיט דֶעם שְׁוואַרְצֶען מַאיאָר?

– יאָ, עֶסְטֶערהַאזִי מִיט זַיין בַּאנְדֶע.

דאַמאָלְס האָט זִיך הֶערמִינְיֶע אַ חַאפּ גֶעגֶעבֶּען פון גֶעלֶעגֶער, אִיהְרֶע אויגֶען האָבֶּען זִיך אָנְגֶעצוּנְדֶען מִיט אַ פַייעֶר פון נְקָמָה און אוֹיפְהוֹיבֶּענְדִיג דִי האַנְד אִין דֶערְהוֹיך האָט זִי מִיט הַארְץ גֶעזאָגְט:

– גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי, דוּ האָסְט מִיט גְוואַלְט אוּנְז צוּגֶענוּמֶען מַיין מַאנְן דֶעם לִיעבֶּען אַלְפְרֶעדֶען. בִּיז יֶעצְט האָבֶּען מִיר לֵיידֶער אוּמְזִיסְט אָנְגֶעווֶענְדֶעט אַללֶע קְרֶעפְטֶען דִיר פון דִי האַנְד דֶעם קָרְבָּן אַרוֹיסְצוּנֶעהמֶען, ווייל דַיינֶע אַללֶע חֲבֵרִים, דֶער גַאנְצֶער שְׁטַאבּ מִיט דֶעם מִינִיסְטֶערִיוּם זַיינֶען פֶּעראַיינְטֶערֶעססִירְט אִין דֶעם אַז דֶער אוּנְשׁוּלְדִיגֶער זאָלל אויסגֶעהֶען ווִי אַ לִיכְט אויף דֶעם טֵייפֶעלְס-אִינְזֶעל.

אַיין גאָט קֶענְן נוּר אַלְזאָ הֶעלְפֶען דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס.

אַיך איז אָבֶּער גֶעוֶוען וֶועניג אוּמְגְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען מַיין מַאנְן אַללֵיין, האָט אִיהְר מִיר נאָך צוּגֶענוּמֶען דאָס אֵיינְצִיג קִינְד אויך און דאָס וֶועט דִיר שוין גֶעווִיסס נִיט וֶוערֶען גֶעשְׁאַנְקֶען, גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי!

איך וועלל מיך אן דיר נוקם זיין פאר אונזערע אללע יסורים. איך בין ניט מעהר ווי א שוואכע פרוי, אבער ווענן ס'האנדעלט זיך אום מיין קינד שפיער איך דאמאלס אין מיר שמשון הגבור'ס כחות אונ כ'בין שטארקער פאר דער גאנצער וועלט. ציטטער, גראף עסטעראזי! שפיעל דיך ניט מיט א נקמה פון א אונגליקקליכער מוטטער.

— אונ אן מיר, הערמינע, האסט דו שוין פערגעססען? — האט זיך אבגערופען מתית — צוזאמען וועללען מיר זוכען נקמה, דיין מוטה אונ מיין קראפט מוזען עפעס אויפטהון. ליידער פעהלט אונז נאך א דריטטע פערזאן, זי וואלט אונז געוויסס געקעננט אין דעם העלפען, האט זי גאטט צוגענוממען פון אונז. אך, אליציא, אליציא!

אונ מתית האט אין פערצווייפלונג אראבגעלאזען דעם קאפ, זיין שוועגערין האלל ניט בעמערקען זיינע טרערען.

הערמינע אבער האט עס פערשטאנען אונ האסטיג איהם גענוממען פאר דער האנד.

— מתית, וואס רעדסט דו? אליציא לעבט אונ איז פאללקאממען געזונד. יעצט איז זי שוין וואהרשיינליך אין קאיעננא.

— זי לעבט? — האט מתית קוים ארויסגערעדט.

— גאנץ געוויסס, פון גרויס אויפרעגונג האב איך ביז יעצט פערגעססען דיר צו איבערגעבען איהר פריינדליכען גרוסס. דו מעגסט זיין גליקליך, מתית, געליעבט צו זיין פון אזא פרוי ווי אליציא טערהי.

קומס, זעטץ דיך אניעדער דא נעבען מיר, וועלל איך דיר ערצעהלען די גאנצע געשיכטע, ווי אזוי מיר האבען זיך געטראפפען אויף דעם פערוואָרפענעם אינזעל אונ וואס אלץ וואס מיט אונז האט פאססירט נאכדעם ביז מיין אבפאהרען.

די געעהרטע לעזער קעננען די געשיכטע גאנץ גענוי.

---

## XXXI.

# וואס פון ציגיינער קענן ווערען.

פומפערע, אדער ווי מען רופט זי יעצט, פרוי בולאנזשי איז ניט אומזיסט באו געוועזען אויף דעם שווארצען מאיאר.

גראף עסטעראזי האט אין דער לעצטער צייט געזוכט זיינע פערווילונגען אונ כמעט יעדען אבענד פערפאללען געווארען פאר זיין געליעבטער.

ער האט תמיד געהאט א אויסרייד אויף וויכטיגע געשעפטען, אין אמת'ן

אָבֶער הָאט ער נאכְט פאר נאכְט פֶערבְּרַאכְט אִין דֶעם לוּסְטִיגֶען פַּארִיזֶער רֶעסְטָארַאן: „פַּאלֶערְמָא".

דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ אָרְט, וואו רייכֶע יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען גוּט, נָאךְ זֵייעֶר נַארִישֶׁען שֵׂכֶל, פֶערבְּרַאכְט דִי צַייט. גֶעלְד הָאט דָארְטֶען קַיין וֶוערְטְה נִיט גֶעהַאט אוּנ דֶער ווירְטְה פוּן דֶעם רֶעסְטָארַאן הָאט פֶערְשְׁטַאנְגֶען ווִי אַזוֹי דִי פָאר גְרָאשֶׁען אוֹיסְצוּנַארֶען.

אוֹיסֶער דִי לַייכְטְזִינִיגֶע אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶע זִינְגֶערִינְס, הָאבֶּען אִין דֶעם רֶעסְטָארַאן פָארְגֶעטְרֶעטֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע קוּנְצֶענְמַאכֶער, פָּאקוֹסְנִיקֶעס אוּנ וֶועלְטֶענֶע בְּרוּאִים: וֶועלְטֶען הוֹיךְ גֶעוַואקְסֶענֶע קִינְדֶער, מֶאנֶער מִיט אוּנְנַאטִירְלִיכֶע בֶּארְד, קַארְלִיקֶעס אוּנ רִיזֶען, מֶענְשֶׁען, וָואס מָאהלֶען מִיט דִי פִּיסס אוּנ גֶעהֶען אוֹיף דֶעם קָאפּ אוּנ נָאךְ פִיעל אַנְדֶערֶע אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְטֶע זַאכֶען.

אִין דֶעם סֶעזָאן אָבֶער שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען פְּלַאן צְוֵויי שְׁפִּיעלֶער. דָאס וֶועגֶען צִיגַיינֶער.

פוּן זֵייעֶר שְׁפְּרַאךְ אִיז לַייכְט צוּ דֶערְקֶענֶען אַז זֵיי קוּמֶען אַרוֹיס טִיעף פוּן אוּנְגַארְן.

ס'אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶוען צוּ דֶערְגֶעהֶען פוּן זֵיי דִי פְּרָטִים פוּן זֵייעֶר לֶעבֶּען. אִין אַפִּישׁ [1] אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אֵיינְפַאךְ אַז דֶער צִיגַיינֶער הֵייסְט אַלַאדַאר פָּארְקַאשׁ אוּנ עֶר אִיז דֶער קֶענִיג פוּן אַלֶע אוּנְגַארִישֶׁע צִיגַיינֶער.

אֶפְשַׁר אִיז עֶס גֶעוֶוען נִיט מֶעהר ווִי אַ רֶעקְלַאמֶע, נוּר אַלֶענְפַאלְס אִיז דֶער צִיגַיינֶער גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער אַרְטִיסְט אִין שְׁפִּיעלֶען. גַאנְץ פַּארִיז הָאט בֶּעוואוּנְדֶערְט זַיין טַאלֶענְט.

אוּנ צוּלִיעבּ דֶעם פִיעדְלֶער אִיז שְׁטֶענְדִיג פוּלל גֶעוֶוען אִין דֶעם רֶעסְטָארַאן.

נִיט וֶוענִיגֶער אִיז גֶעוֶוען בֶּערִיהמְט זַיין פְרוֹי, דִי שֶׁאנֶע מֶעלְיָארֶע, וֶועלְכֶע אִיז פָארְגֶעטְרֶעטֶען ווִי אַ יַם־קֶענִיגִין.

אִיהר קוּנְסְט אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם, וָואס זִי הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעלָאזְט אִין אַ טִיעפֶען בַּאסֵיין וַואסֶער, וואו ס'הָאבֶּען אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִיעֶרְט, גְלַייךְ ווִי אִין אַ יַם, קְלֵיינֶע קְרָאקָאדִילֶען, שְׁלַאנְגֶען אוּנ אַנְדֶערֶע גֶעפֶאהרְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפְנִישֶׁען.

אַז דִי שֶׁאנֶע מֶעלְיָארֶע פְלֶעגְט זִיךְ בֶּעווַייזֶען אוֹיף דֶער סְצֶענֶע אִין אִיהר אַנְצוּג פוּן לַייבּ־קָאלִיר, הָאט דִי זַאל גֶעצִיטֶערְט פוּן „בְּרַאוָוא" אוּנ אַלֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען מִיט וואוּנְדֶער אָנְגֶעקוּקְט ווִי דִי צִיגַיינֶערְקֶע טוּנְקְט זִיךְ אוּנְטֶער אִין וַואסֶער אוּנ הוֹיבְּט אָן צוּ בֶּעווַייזֶען דָארְטֶען אִיהרֶע קוּנְצֶען. לִיעגֶענְדִיג אוּנְטֶערְן וַואסֶער, פְלֶעגְט זִי צוּזַאמֶען מִיט דִי וַואסֶער־חַיוֹת עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ שְׁפִּיעלֶען אוֹיף אַ זִילְבֶּערְנֶע טְרָאמְפֶּעטֶע.

---

[1]) אַפִּישׁ — הייסט אַ בלאַט, אויף וועלכער ס'איז אויפגעדרוקט וואס פֿאר אַ שטיק מען שפּיעלט אין דעם אָבענד אונ ווער די שפּיעלערס זענען.

און דאס פובליקום האט ליעב געהאט די ציגיינערקע.

יעדען אבענד, נאך דער פארשטעללונג האט מען זי ארויסגערופען עטליכע מאל און בעשאטטען מיט בלומען אהן א צאהל.

אלאדאר פארקאש איז ניט געוועז שטארק צופרידען פון די בלומען, ער האט איבערהויפט ניט געליטטען, ווען א פרעמדער האט געווארפען א אויג אויף זיין מעליארען.

ער האט אבער געשוויגען ביז א צייט.

און די צייט איז געקוממען פריהער ווי ער האט גערעכענט.

צווישען „פאלערמאס" בעזוכער איז געוועזען, ווי מיר ווייסען שוין, א שטענדיגער גאסט דער שווארצער מאיאר און ער איז געווארען ענטציקט פון מעליארעס שאנהייט.

ער אלליין איז געוועזען אין פיעל זאכען געראטען אין א ציגיינער, און דאריבער האט איהם זיין הארץ נאך מיט מעהר היטץ געצויגען צו דער שאנער מעליארע.

אויססערדעם האט ער דאביי געהאט נאך א בעזונדערען אינטערעס. די ציגיינער האבען איהם דערמאנט זיין פעטער דובינסקעס ערצעהלונג און אויב דאס זענען די זעלביגע, וועלכע האבען אונגליקליך געמאכט דעם פעטערס ווייב, קענגען זיי איהם יעצט זעהר צונוטץ קוממען אין זיינע מערדערישע פלאנער.

אללענפאללס מוז ער בעקאנט ווערען מיט מעליארען.

ער האט בענוצט די געלעגענהייט, ווען פארקאש האט צוליעב זיין ערקעלטונג א פאר טאג ניט געקענט קוממען אין רעסטאראן.

צום אנהויב איז מעליארע געוועזען גאנץ קאלט געגען איהם, נור ווען זי איז אבער געוואהר געווארען, אז ער איז אויך א שונא פון דובינסקען, האט ער ביי איהר שטארק נושא חן געוועזען און זיי זענען געווארען ביידע די בעסטע גוטע פריינד.

דערצו האט נאך עסטערהאזי אנגעווענדט אללע זיינע פעהיגקייטען געגען פרויען, ער איז געוועזען זיסס און גוט און ביסליכווייז האט ער צורייצט מעליארעס הארץ.

דאס מאל איז איהם געוועזען גאך לייכטער עס אויסצופיהרען, ווייל ווי מיר ווייסען האט מעליארע קיין מאל ניט ליעב געהאט פארקאשען און זי איז געווארען זיין געליעבטע נור דאמאלס, ווענן ער האט אזוי פארטרעפפליך זיך גענוקם געוועזן אן דובינסקען פאר איהר חרפה, וואס דער פירשט האט איהר אנגעטהון.

מען קענן ניט זאגען אז זי האט יעצט געקושט עסטערהאזין פון הייסער ליעבע, מעליארע האט קיינעם ניט ליעב געהאט נור איהר אייגענע

פֶּערְזָאן אוּנ אַלִין, וָואס זִי הָאט גֶעטְהוּן אִין אִיהר לֶעבֶּען אִיז סוּר גֶעוֶוען בֶּערֶעכֶענְט אוֹיף כָּבוֹד אוּנ אֵייגֶענְנוּטְצֶען.

צוּ עֶסְטֶערְהַאזִין הָאט זִי זִיךְ אוֹיךְ מְקַרֵב גֶעוֶוען נוּר דֶערְפַאר, וַוייל זִי הָאט שְׁנֶעלל בֶּערֶעכֶענְט, אַז אוֹיב אִיהם וֶועט גֶעלִינְגֶען אוּמְצוּבְּרִינְגֶען דֶעם פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי, וֶועט עֶר דָאךְ בְּלֵייבֶּען דֶער אֵיינְצִיגֶער יוֹרֵשׁ פוּן קְרַאסְנָאהָארְקֶער גִיטֶער אוּנ דַאמָאלְס זִיצְט זִי ווִיעדֶער אוֹיף דֶעם טְרָאן.

אַז דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר וֶועט דַאמָאלְס מִיט אִיהר חֲתוּנָה הָאבֶּען אִיז בַּיי אִיהר גָאר נִיט גֶעוֶוען קֵיין סָפֵק...

אֵיין זַאךְ הָאט זִי נָאךְ אָבְּגֶעשְׁרָאקֶען, דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער פַּחַד פַאר אַלַאדַארְס נְקָמָה. זִי הָאט גוּט גֶעוואוּסְט, אַז עֶר וֶועט אִיהר קֵיין מָאל נִיט מוֹחֵל זַיין דִי אוּנְגֶעטְרַייקַייט. אוּנ דַארִיבֶּער הָאט זִי וָואס גִיכֶער גֶעוָואלְט מַאכֶען אַ סוֹף מִיט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר, יָא אָדֶער נֵיין...

אֵיין מָאל, וֶוען אַלַאדַאר פָּארְקַאשׁ הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט אוֹיף דֶער צֶעֶנְטֶע אֵיינְס פוּן זַיינֶע קָאנְצֶערְטֶען, אִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף דֶער פִידֶעל זַיין גַאנְץ הַארְץ, אַללֶע גֶעפִיהלֶען, אִיז מֶעלְיָארֶע גֶעזֶעסֶען אִין אִיהר גַאבִּינֶעט מִיט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.

— דוּ ווִילְלְסְט אַלְזָא וֶוערֶען מַיין גֶעלִיעבְּטֶע? — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט — אִין גַאנְצֶען זַיין מַיינְס, צוּ קֵיינֶעם נִיט גֶעהֶערֶען, נוּר צוּ מִיר אַלֵיין?

ווִי אַ אֱמֶת'ע אַרְטִיסְטִין הָאט מֶעלְיָארֶע אָבְּגֶעשְׁפִּיעלְט אִיהר רָאללֶע. פֶערְלֵייגֶענְדִיג דִי הָאנְד אוֹיף דֶער בְּרוּסְט הָאט זִי אָנְגֶעקוּקְט עֶסְטֶערְהַאזִין מִיט אִיהרֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען.

— אוּנ דוּ רֶעדְסְט עֶס מִיט אֱמֶת? — הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט אוּנ אִיהר קוֹל הָאט דַאבַּיי קִינְסְטְלִיךְ גֶעצִיטֶערְט — דוּ לִיעבְּסְט מִיךְ ווִירְקְלִיךְ?

— מַיין לִיעבֶּע בְּרֵיינְגְט מִיךְ צוּ מְשׁוּגַעַת.

— אוּנ דוּ בִּיסְט בֶּעשְׁלָאסֶען מִיט מִיר חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען?

בַּיי עֶסְטֶערְהַאזִין אִיז אַ שְׁבוּעָה אֵיינֶע פוּן דִי קְלֶענְסְטֶע זַאכֶען. ווִיפִיעל מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר שׁוֹין גֶעשְׁווֹאוֹרֶען פַאלְשׁ. עֶר הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעעֶנְדֶערְט אִין גֶעזִיכְט אוּנ דִי מִינוּט גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— אַ שֶׁאנֶע פְרַאגֶע, טָאג ווִי נַאכְט קְלֶעהר אִיךְ נוּר וֶועגֶען דֶעם, וֶוען וֶועלל אִיךְ דִיךְ שׁוֹין קֶענֶען אָנְרוּפֶען מַיין וַוייבּ. דוּ מוּזְט זַיין גְלִיקְלִיךְ מִיט מִיר, אוּנ אַז דִי גוּטֶע שָׁעָה וֶועט קוּמֶען אוּנ מַיין פֶעטֶער דוּבִּינְסְקִי וֶועט אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט זַיין, מוּזְט דוּ וֶוערֶען דִי גְרֶעפִין פוּן קְרַאסְנָאהָארְקָא.

— מִיט מַיין הִילְף וֶועסְט דוּ אַלְץ אוֹיספִיהרֶען — הָאט מֶעלְיָארֶע גֶערִיהרְט גֶעזָאגְט אוּנ אִיהרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען אַ גְלַאנְץ גֶעגֶעבֶּען בַּיי דֶעם גֶעדַאנְקֶען, אַז זִי וֶועט נָאךְ ווִיעדֶער אַ מָאל הֶערְשֶׁען אִין קְרַאסְנָאהָארְקָא.

עֶסְטֶערְהַאזִי אִיז גֶעוֶוען עֶנְטְצִיקְט פוּן אִיהר שֶׁאנְהַייט אִין דֶער מִינוּט.

– אַמְבְּעסְטֶען וָואלְט גֶעוֶוען – הָאט עֶר גֶעזָאגְט – וֶוענן דו קֶענְנְסְט בַּאלְד מִיט מִיר מִיטְגֶעהֶען אונ אַוֶועקְטְרָאגֶען דֶעם צִיגַיינֶער, וֶועלְכֶען כְ'קֶענן נִיט אָנְקוּקֶען.

– נֵיין, לִיעבֶּער גְרַאף – הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דִי חִיטְרֶע מֶעלְיָארֶע – מִיר מוּזֶען זַיין זֶעהר פָארְזִיכְטִיג, אַלַאדַאר פָּארְקַאשׁ זָאלל נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶען, וואו כְ'בִּין אַהִינְגֶעקוּממֶען.

– וָואס קֶענן עֶר דִיךְ דֶענן אָנְגֶעהֶען, דו בִּיזְט דָאךְ נִיט זַיין וַוייבּ לוּיט גֶעזֶעטְץ.

– לוּיט אוּנְזֶער צִיגַיינֶערְשֶׁען גֶעזֶעטְץ טָאר אִיךְ צוּ קֵיין אַנְדֶערְן נִיט גֶעהֶערֶען, נוּר צוּ אִיהם אַלֵיין, וַוייל עֶר הָאט מִיךְ מְקַדֵשׁ גֶעוֶוען אִין אַ לִיכְטִיגֶע נַאכְט, בַּיי דֶער שַׁיין פוּן דֶער לְבָנָה.

– אַזֶעלְכֶע קִדוּשִׁין הָאבֶּען אָבֶּער קֵיין וֶוערְט נִיט אונ זֵיי וֶוערֶען בָּטֵל יֶעדֶע מִינוּט – הָאט זִיךְ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר אויסגֶעלַאכְט.

– אַ צִיגַיינֶער קוּקְט אָבֶּער נִיט אויף דֶער וֶועלְט אונ רִיכְט זִיךְ נוּר נָאךְ זַיינֶע גֶעזֶעטְצֶען. לוּיט אוּנְזֶער דִין בִּין אִיךְ פָּארְקַאשֶׁעס וַוייבּ אונ עֶר הָאט רֶעכְט מִיךְ צוּ טוֹידְטֶען, וֶוענן עֶר וֶוערְט נוּר גֶעוָואהר אַז אִיךְ בִּין אִיהם נִיט גֶעטְרַיי.

– נֵיין, דֶערְצוּ וֶועט קֵיין מָאל נִיט קוּממֶען – הָאט זִי בֶּערוּהִיגְט דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר – כְ'וֶועלל שׁוֹין וִויסֶען וִוי צוּ בֶּעהַאלְטֶען מַיין אוֹצָר, סְ'זָאלל אִיהם קֵיין עַיִן־הָרָע נִיט שָׁאדֶען.

– הֶער מִיךְ אוּיס, מַיין פְרַיינְד לֶעבֶּען, וָואס כְ'וֶועלל דִיר זָאגֶען – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מֶעלְיָארֶע אונ נָאךְ מִיט מֶעהר צֶערְטְלִיכְקַייט זִיךְ צוּגֶעדְרִיקְט צוּ עֶסְטֶערְהַאזִין – כְ'הָאבּ אַ גוּטֶען פְּלַאן.

מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה וֶועלל אִיךְ צוּם לֶעצְטֶען מָאל פָּארְמֶערְטֶען אִין דֶעם רֶעסְטָארַאן. נָאךְ מִיר קוּמְט שְׁטֶענְדִיג פָאר אַלַאדַאר פָּארְקַאשׁ, עֶר שְׁפִּיעלְט דָאךְ צְוַויי מָאל יֶעדֶע נַאכְט. דִי צַייט פוּן זַיין שְׁפִּיעלֶען וֶועט מִיר קֶלֶעקֶען זִיךְ אִיבֶּער־צִיהֶען אִין מֶענְגְלִיכֶע קְלֵיידֶער.

דוּ וֶועסְט וַוארְטֶען מִיט אַ דְרָאשְׁקֶע אונ מִיר וֶועלֶען גִיךְ אַהִינְפָאהְרֶען צוּ דִיר אִין וָואהנוּנְג.

– בַּיי מִיר אִין וָואהנוּנְג? – הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט עֶסְטֶערְהַאזִי – דָארְטֶען וֶועט עֶר דִיךְ דָאךְ גֶעוִויסס בַּאלְד אוֹיפְזוּכֶען.

אִין דֶער מִינוּט הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמָאנְנְט אָז פּוּטִיפְרַען, זִי וֶועט דָאךְ גֶעוִויסס נִיט שְׁוַויינֶען אונ זִיךְ שְׁטַארְק נוֹקֵם זַיין.

– נֵיין – הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעזָאגְט – דֶער פְּלַאן גֶעפֶעלְט מִיר גְרַאדֶע נִיט, בַּיי מִיר אִיז נִיט גַאנְץ פָארְזִיכְטִיג, אויסֶערְדֶעם וַוייסְט דוּ דָאךְ אַז אִיךְ דִיען אִין שְׁטַאב, אונ סְ'וֶועט נִיט שֶׁאן זַיין פַאר מַיינֶע קַאמֶערַאדֶען, וֶוענן פָּארְקַאשׁ וֶועט מַאכֶען אַ סְקַאנְדַאל בַּיי מִיר אִין הויז צוּלִיעבּ אַ בֶּעהַאלְטֶענֶע פְרוֹי.

– זֶעהְסְט דוּ, מַיין פְרַיינְד, וִוי דוּ הָאסְט מִיךְ שְׁלֶעכְט פֶערְשְׁטַאנֶען – הָאט

מיט א שמייכעל געענטפערט מעלאַרע – כ'וועלל דאך צו דיר אין הויז ניט קוממען אלס פּרויענצימער, נור ווי א דיענער. וועלכער וועט שטענדיג טראגען מעננער־קליידער.

– וועהסט דו, דאס געפעללט מיר – האט עסטערהאזי לוסטיגער זיך אבגערופען – אויף אזא אַרט האבען מיר ביידע גאר ניט וואס מורא צו האבען פאר קיינעם. מיר אלליין וועללען וויססען דעם סוד, פאר דער וועלט אָבער וועסט דו הייססען מיין נייער דיענער אונ אויף מעהר זיכערהייט וועל איך היינט נאך אבשאפען מיין ביסהעריגען דיענער.

מעלאַרע האט זיך הייסס צוקושט מיט דעם שוואַרצען מאַיאר.

– גענוג אויף היינט – האט זי געזאגט – געה געשווינד ארויס, ווייל אלאדאר ענדיגט שוין זיין קאנצערט אונ ער וועט געוויסס באלד דא קוממען צו לויפען. זארג ניט, ער שפּירט פון דערוואַיטענס וואס דא טהוט זיך.

– אלזא איז געענדיגט, מארגען גאנץ פריה וועל איך דיר פּארזיכטיג צושיקען א צעטטעל, אין וועלכען כ'וועלל דיר בעצייכנען, וואו מיין וואגען וועט אויף דיר ווארטען.

ער האט נאך אמאל זיך צוקושט מיט דער נייער געליעבטער אונ איז האסטיג ארויס פון איהר גאבינעט.

ער האט עס גוט געמאכט, ווייל אין א מינוט שפּעטער איז שוין אנגעקוממען אלאדאר פּארקאש.

דער ציגיינער האט גאר ניט בעמערקט. מעלאַרע איז געוועזען גענוג קלוג צו וויססען ווי זיך אויפצופיהרען. כדי צו פערבלענדען דעם מאנס אויגען האט זי איהם אין די לעצטע פאר טאג געוויזען אזוי פיעל ליעבע, אז ער איז געוועזען איבערגליקליך.

ער האט זיך געשמאלצען פון איהרע קושען אונ אין היטץ פון דער ליעבע האט ער היליג געגלויבט אין איהר ערנסט...

עסטערהאזי איז דערוויל געקוממען אהיים אין זיססע מחשבות איבער זיין צוקינפטיגען לעבען מיט דער שאנער מעלאַרען.

זיין דיענער באפּטיסט האט אויף איהם ווי שטענדיג געוואַרט אין פארדערצימער אונ פון גרוים מיעדיגקייט ענטשלאפען געווארען.

– ווי האסט דו די חוצפה צו שלאפען, אז כ'בין אין דערהיים ניט דא – האט הויך א געשריי געגעבען דער שוואַרצער מאַיאר, וועלכער האט די גאנצע וועג געזוכט א מיטטעל ווי אזוי פּטור צו ווערען פון באפּטיסטען.

אין דער ערשטער מינוט האט דער דיענער ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן ער איז ניט געוואהנט געוועזען עסטערהאזי זאלל מיט איהם אזוי ריידען.

– א מענש איז דאך ניט קיין מלאך – האט ער ענדליך געענטפערט מיט האלב

פֿערמאַכטע אויגען — יענע נאַכט האָב איך דאָך געמוזט אויף זיין ביז פֿיער דעם זייגער פֿאַרטאָג, בין איך הײַנט עטוואָס פֿריהער איינגעשלאָפֿען.

— דו ביסט געוואָרען אַ גוטער חצוף, באַפּטיסט, ס׳איז שוין לאַנג צייט געווען צו שלאָגען מיט דיר כּפּרות. פֿון גרויסם היטץ פֿערגעססט דו דערווייל מיט וועמען דו רעדסט.

— הערר גראַף! — האט זיך דער דיענער שוין רוהיגער אָבגערופען — דער־מאָנט אייך נור, ווי לאַנג כ׳דיען אייך שוין אַזוי געטרײַ, דער הערר דאַרף ניט פֿערגעססען אַז כ׳האָב איהם ניט איין מאָל אויסגעהאָלפֿען אין אַ נויט...

מעהר האט עסטערהאַזי ניט בעדאַרפֿט, ער האט אין כּעס אַ קלאַפּ געגעבען מיט דער פּוסט אונ זיך צושריען אויפֿ׳ן הויכען קול:

— שטיל! ווי קומען צו דיר גאַר אַזעלכע ווערטער? נײן, לאַנגער האָב איך שוין קיין געדולד ניט. מאָרגען פֿריה מאַכסט דו דיר אײַנפּאַקען דײנע זאַכען אונ פֿאַרבערייטען אַ חשבון, וועלל איך דיר בעצאָהלען פֿאַר די גאַנצע צייט. גענוג געליטען ביז יעצט, שוין צייט צו ווערען אוים מחותּנים...

באַפּטיסט האט אַ וואָרט ניט געענטפֿערט.

אין זיך האט ער געלאַכט פֿון עסטערהאַזיעס ווערטער. ער איז געווען זיכער אַז דער גראַף האט געוויסס ווי תּמיד צו פֿיעל געזופּט פֿון פֿלעשעל אונ דאַריבער ווייסס ער אַלליין ניט וואָס ער פּלוידערט.

מאָרגען וועט ער זיך אויסניכטערן אונ אַלליין ניט געדיינקען וואָס ער האט דאַ יעצט געזאָגט. ס׳טרעפֿט איהם שוין ניט צום ערשטען מאָל, ער זאָלל קומען אַהיים יום־טובדיג.

אונ באַפּטיסט האט זיך דאַריבער גאָר ניט בעליידיגט. נור ווי געוועהנליך געהאָלפֿען דעם גראַף זיך אויסטהון אונ בײַם אַוועקגעהען געוואונשען אַ גוטע נאַכט...

דאָס מאָל אָבער האט זיך באַפּטיסט אַלליין גענאַרט.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה, ווען ער האט דעם הערן, ווי שטענדיג דערלאַנגט אַ גלאָז קאַפֿפֿע, האט איהם דעם שוואַרצער מאַיאָר אונפֿערהאָפֿט געפֿרעגט:

— נו, דער רעכנונג איז פֿאַרטיג? דו האסט פֿערפּאַקט דײנע זאַכען?

— נײן, הערר גראַף! — האט דער דיענער געענטפֿערט ווי צומישט פֿון דער אונפֿערהאָפֿטע פֿראַגע — כ׳האָב געמיינט... מיר האט זיך געדאַכט...

— דו האסט געוויסס געמיינט אַז כ׳בין געווען געבעטען בײַ נאַכט שכּור? — האט דער גראַף ווייטער בּאַז געזאָגט — אַלזאָ זאָג איך דיר נאָך אַמאָל, אַז דו האסט געהאַט אַ גראָבען טעות, כ׳האָב מיך שוין לאַנג געקליבען צו מאַכען מיט דיר אַ סוף.

באַפּטיסט׳ס בלאַססע געזיכט איז רויט געוואָרען.

– און איהר מיינט עס טאַקי מיט ערנסט ? – האָט ער געפרעגט – איהר ווילט מיר טאַקי אָבזאָגען די שטעללע ? און איהר האָט אייך גוט איבערלעגט די זאַך ? הער גראַף , קוקט מיך ניט אַזוי בּאַ אָן , כ'האָב פאַר אייך ניט וואָס מ'ייא צו האָבען , געשווינדער בעדאַרפט איהר אייך שרעקען פאַר מיר .

עסטערהאַזי איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט .

ער האָט אַ שטויסס געגעבען דעם טיש און נאָך אַ האָר ניט צובּראָכען דעם קאווע־סערוויז .

– אַרויס פון מיין שטוב , חצוף איינער – האָט ער אַ געשריי געגעבען און אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף דער טהיר – אַרויס , בּריינג מיך ניט אין כּעס כ'זאָלל ניט געצוואונגען זיין צו נעהמען מיין בּייטש .

בּאַפּטיסט איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר מיט אַ שמייכעל .

– לאָזט דעם בּייטש היינגען אין זיין רוה , הער גראַף ! – האָט ער געזאָגט – איהר פערשפּאָרט מיך צו טרייבּען , כ'געה אַלליין אַוועק , נור זאָגען זאָג איך אייך , אַז איהר וועט אַמאָל חרטה האָבען אויף היינטיגען טאָג . בּאַפּטיסט וועט אייך די חרפּה ניט פערגעססען . יאָהרען־לאַנג האָב איך אייך געדיענט געטריי , געווען פערטרויט אין אַללע סודות , און היינט יאָגט איהר מיך אַרויס פון אייער שטוב ווי אַ הונד , גוט , דער שפּאַסס וועט אייך גאַנץ טהייער קאָסטען .

אין אַ פערטיל שעה אַרום האָט שוין געהאַט בּאַפּטיסט זיינע זאַכען פערפּאַקט און ער איז אַרויס פון עסטערהאַזיס וואָהנונג .

פון יענער זייט טהיר , אויף די טרעפּ האָט ער ניט אויפגעהערט צו שילטען . דערבּיי האָט ער געזאָגט אַ פּאָר ווערטער , פון וועלכע עסטערהאַזי וואָלט געוויסס בּלייך געוואָרען ווען ער האָרט זיי .

דער שוואַרצער מאַיאָר האָט איהם לאַנג נאָכגעקוקט דורכ'ן פענסטער . אַז בּאַפּטיסט האָט צוגעמאַכט די טהיר , האָט עסטערהאַזי שוין געהאַט בּרעה איהם צוריק צו רופען . זיין גנבהשער שכל האָט גוט פערשטאַנען אַז מיט פייער טאָר מען זיך ניט שפּיעלען , אַז בּאַפּטיסט'ס רוגז קענן זיך אַמאָל גאַנץ שלעכט אויסלאָזען ...

עסטערהאַזיס שכל האָט אָבער געמוזט שטילל ווערען געגען דער הייססער תאווה , מיט וועלכער דער שוואַרצער מאַיאָר האָט געטראַכט וועגען מעלי יאַרען . דאָרטען וואו ס'האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ נקבה האָט עסטערהאַזי ניט געזעהען און ניט געהערט וואָס ס'טוהט זיך אַרום איהם .

טראַכטענדיג וועגען מעליאַרעס שאָנהייט האָט ער פערגעססען אָן זיין דיענערס התראה .

און אויף אַזאַ אָרט האָט דער שוואַרצער מאַיאָר געקראָגען אַ פרישען געפאַהר־ליבען שונא ...

# XXXII.

# אַ אוּנְפֶערְהָאפְטֶער סְקַאנְדַאל אִין טְהֶעאַטֶער.

אִין „פַּאלֶערְמָא“ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי פָארְשְׁטֶעללוּנְג.

דֶער דִירֶעקְטָאר הָאט פְּרֶאהלִיךְ גֶערִיבֶּען דִי הֶאנְד. דִי קַאססֶע אִיז גֶעוֶוען צוּגֶעמַאכְט אוּנ אַללֶע בִּילֶעטֶען פֶערְקוֹיפְט.

דִי גֶאסְט הָאבֶען וֶועניג וָואס בֶּעמֶערְקְט דִי רֶעשְׁט קוּנְצֶענְ־מַאבֶער, וַייעֶר גַאנְצֶע בֶּענֶעהמוּנְג אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעוֶוענְדֶעט אוֹיף דִי צִיגַיינֶער פָּאר, וֶועלְבֶע טְרֶעט הַיינְט פָאר צוּם לֶעצְטֶען מָאל.

אַלַאדַאר פּ א רְ ק א ש, וֶועלְבֶער אִיז שְׁטֶענְדִיג פָארְגֶעטְרֶעטֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז יֶעצְט גֶעזֶעססֶען אוּנ צוּגֶעקוּקְט ווִי מֶ ע ל יָ א ר ֶ ע מַאכְט דִי פָארְבֶּערַייטוּנְגֶען.

דֶער פִידְלֶער הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעקֶעננְט אָנְקוּקֶען אִין מֶעלְיָארֶעס גֶעזִיכְט. זַיינֶע הֵייסֶע לִיפֶּען הָאבֶען אָהן אוֹיפְהֶער גֶעקוּשְׁט אִיהר רֶעקְאלְטִירְטֶע לַייבּ מִיט דִי וֶוארְטֶער: דוּ בִּיסְט, מֶעלְיָארֶע, דֶער שְׁטֶערְן פוּן מַיין לֶעבֶּען, דִי נְשָׁמָה פוּן מַיין נְשָׁמָה, מַיין גְלִיקְק, מַיין רַייכְטְהוּם!

אוּנ אַלַאדַארְס אוֹיגֶען זַיינֶען פְּלוּצְלִינְג פוּלל גֶעוָוארֶען מִיט טְרֶערֶען.

— וָואס וַויינְסְט דוּ? — הָאט גֶעפְרֶעגְט מֶעלְיָארֶע.

עֶר הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס.

— מִיר אִיז עֶפֶּעס אַזוֹי שְׁוֶוער אוֹיפ'ן הַארְצֶען — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — גְלֵייךְ ווִי ס'וָואללְט גֶעוֶוען גֶעשְׁנִירְט מִיט שְׁטְרִיק.

— וָואס קֶענְן דִיר פֶּעהלֶען, לִיבֶּער אַלַאדַאר — הָאט אִיהם דִי צִיגַייגֶערֶקֶע בֶּערוּהִיגְט מִיט אַ גֶעמַאכְטֶער פְּרֶאהלִיכֶער מִיעֶנֶע — מִיר פַארְדִינֶען גֶעלְד בֵּיי גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ אִיךְ, דַיין וַוייבּ, בִּין דָאךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעבֶּען דִיךְ.

אַלַאדַאר אִיז אַ וַויילֶע שְׁטִילל גֶעבְּלִיבֶּען.

עֶר הָאט אָבְּגֶעשְׁטֶעללְט זַיינֶע קָאהלֶען שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען אוֹיף דֶער פָּאד־לָאגֶע, נָאכְדֶעם הָאט עֶר אַ גְלֶעט גֶעגֶעבֶּען זַיין שְׁוַוארְצֶען בָּארְדֶעל אוּנ גֶעלַאססֶען גֶעזָאגְט:

— דוּ וַוייסְסְט דָאךְ, מֶעלְיָארֶע, אַז מִיר צִיגַיינֶער גְלוֹיבֶּען אִין סִימָנִים אוּנ מוֹפְתִים אוּנ דַארִיבֶּער בִּין אִיךְ אַזוֹי אוּנמוּטִיג. מִיט מִיר הָאט הַיינְט פַּאססִירְט אַ זַאךְ, וָואס זָאגְט אוּנְז נִיט אָן קַיין גוּטְס.

— צוּם בֵּיישְׁפִּיעל? — הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט הַאסְטִיג גֶעפְרֶאגְט מֶעלְיָארֶע.

— ס'אִיז זָאנַאר אַ קְלֵיינִיגְקֵייט, נוּר פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען גֶעהט עֶס מִיר פוּן קָאפּ נִיט אַרוֹיס. אִין דֶער פְרִיה בִּין אִיךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאסס מִיט דֶער מֵיינוּנְג

צו קויפֶען נַייעֶ סְטְרוּנֶעס צוּם פִידֶעל אוּנ צוּפֶעלְלִיג בִּין אִיךְ פֶּערְקְרָאכֶען אִין אַ פֶערְוָוארְפֶענֶעם ווִינְקֶעל פוּן פָאַרְשְׁטָאדְט.

כְ'בִּין גֶעוֶוען פֶערְטְרַאכְט אוּנ אַלְלֵיין נִיט גֶעוֶועהן וואוּהִין אִיךְ גֶעה. פְּלוּצְלִינְג – יֶעצְט גֶעהְט מִיר נָאךְ דוּרְךְ אַ שוֹידֶער אִיבֶּער אַללֶע גְלִידֶער, וֶוען כְ'דֶערמָאנְן מִיךְ אָן דֶעם – הָאבּ אִיךְ מִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיךְ בֶּעשֶׁאפֶענִיש. דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ פְרוֹי אָנְגֶעטְהוּן אִין צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער, מִיט אַ בְּלַאסֶען פָּנִים, וֶועלְכֶען הָאבֶּען בֶּעדֶעקְט זֶעלְטֶען שֶׁאנֶע, נוּר ווִילְד צוּוָוארְפֶענֶע בְּלָאנְדֶע הָאר.

דִי אוֹיגֶען אִיהְרֶע הָאבֶּען גֶעבְּלִישְׁצֶעט ווִי צְוֵויי שְׁטֶערֶען.

פוּן ווַייטֶען הָאט זִיךְ מִיר גֶעדַאכְט אַז דִי אָרֶעמֶע פְרוֹי פֶערְלַאנְגְט פוּן מִיר אַ נְדָבָה אוּנ כְ'הָאבּ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דִי הַאנְד אִין דֶער טַאשׁ אַרוֹיסְצוּנֶעהמֶען פוּן דָארְטֶען אַ מַטְבֵּעַ, קוּים אָבֶּער בִּין אִיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען נֶעהְנְטֶער אוּנ אָנְגֶעקוּקְט דִי פְרוֹי אִין גֶעזִיכְט, בִּין אִיךְ מִיט גְוַואלְט אָבְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען צוּרִיק...

דוּ ווַייסְט, מֶעלְיָארֶע, מִיט וֶועמֶען כְ'הָאבּ מִיךְ גֶעטְרָאפֶען? דוּ קֶענְנְסְט עֶס דִיר נִיט פָארְשְׁטֶעלְלֶען, סְ'אִיז גָאר שְׁוֶוער צוּ גְלוֹיבֶּען. מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהן דִי פִירְשְׁטִין יוּלְיַאנַא!

— סְ'אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אִין דֶער וֶועלְט – הָאט זִיךְ צוּהִימְצְט דִי צִיגַיינֶערְקֶע – דוּ הָאסְט גֶעמוּזְט הָאבֶּען אַ טָעוּת, אֶפְשַׁר אִיז דָאס אַ נְ'אַנְדֶער מְשׁוּגָענֶע, וֶועלְכֶע זֶעהט אַזוֹי אוֹיס ווִי יֶענֶע?

— הַלְוַאי וָואלְט עֶס אַזוֹי גֶעוֶוען – הָאט אַלַאדַאר גֶעזִיפְצְט – לֵיידֶער אָבֶּער הָאט זִי אַלְלֵיין פֶערְטְרִיבֶּען פוּן מִיר יֶעדֶען סָפֵק. דִי אוּנגְלִיקְלִיכֶע בֶּעטְלֶערְקֶע הָאט מִיךְ אוֹיךְ דֶערְקֶענְנְט אוּנ מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען בֵּיידֶע הֶענְד צוּ מִיר:

— צִיגַיינֶער! – הָאט זִי ווִילְד גֶעשְׁרִיעֶן – דוּ צִיגַיינֶער! דֶער וָואלְף! – דֶער וָואלְף!

אוּנ גְלַייךְ ווִי וֶוער יָאגְט זִי נָאךְ, אִיז זִי הַאסְטִיג, מִיט דֶעם גַאנְצֶען אִימְפֶּעט פוּן אַ מְשׁוּגַעַת אַרַיינְגֶעלָאפֶען אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען בֶּעסְטֶען טְהוֹיעֶר פוּן אַ הוֹיז.

גֶעוֶואהְנְלִיךְ הָאבּ אִיךְ גֶאטְט גֶעדַאנְקְט וָואס כְ'בִּין אַזוֹי גִיךְ פָּטוּר גֶעוָוארֶען פוּן אִיהר אוּנ אַלְלֵיין זִיךְ גֶעאַיילְט צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶעם פֶערְוָוארְפֶענֶעם גֶאסְסֶעל...

— אָט זֶעהְסְט דוּ – הָאט אַלַאדַאר ווִיעדֶער גֶעזָאגְט נָאךְ אַ קְלֵיינֶער פּוֹיזֶע – דָאס בֶּעגֶעגְנִישׁ אִיז נִיט אַ גוּטֶער סִימָן אוֹיף גוּטְס.

כְ'פֶערְשְׁטֶעה אַלְלֵיין אַז סְ'אִיז נִיט קֵיין מֶעגְלִיכֶע זַאךְ, דֶעם רַייכֶען פִירְשְׁט דוּבִּינְסְקִים ווַייבּ זָאלל זִיךְ אַרוּמְטְרַייבֶּען אִין צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער אִין פַּארִיזֶער

גַאסםֶען אונ דַארִיבֶּער בִּין אִיךְ אִין שְׁרֶעק אַז דָאס הָאט מִיךְ גֶערוּהֲפֿט אִיהר גייסְט , אַ בֶּאזֶער גִלְגוּל .

דורךְ יוּלְיַאנַאס גַייסְט הָאט מִיךְ גָאטט דֶערְמָאנְט אָן מַיין גְרויסֶען חֵטְא, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען דֶער אוּנְשׁוּלְדִיגֶער פְרוי .

יָא , מַיין טְהַייעֶרֶע , קֵיין זַאךְ אויף דֶער וֶועלְט בְּלַייבְּט נִיט אוּנְגֶעשְׁטְרָאפְט , אַזוי גוּטְס אַזוי בֵּייזֶעס .

די שְׁטְרָאף קֶענֶען אַמָאל פֶערְשְׁפֶּעטִיגֶען , אָבֶּער קוּמֶען קוּמְט זִי גַאנְץ גֶעוִויסְס .

כְ'הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט גַאנְץ שְׁטַארְק אוּנ דַארִיבֶּער מָאג אִיךְ מִיךְ רִיכְטֶען אויף אַ שְׁוֶוערֶען עוֹנֶשׁ .

די טְהַייעֶרְסְטֶע זַאךְ אויף דֶער וֶועלְט אִיז פַאר מִיר דַיין פֶערְזָאן אוּנ כְ'הָאבּ דַארִיבֶּער שְׁטֶענְדִיג מוֹרָא , כְ'זָאלל דִיךְ וִוי עֶס אִיז נִיט פֶערְלִירֶען .

דָאס אִיז אויךְ די סִבָּה פוּן מַיין הַיינְטִיגֶען טְרוֹיעֶר . וָואס מֶעהר אִיךְ לִיעבּ דִיךְ צִיטֶער אִיךְ אַלְץ מֶעהר אִיבֶּער דִיר . —

אַלַאדַאר פְּארְקַאשׁ אִיז שְׁטִילל גֶעוָוארֶען . שְׁטַארְק אויפְגֶערֶעגְט הָאט עֶר גֶע־חַאפְּט מֶעלְיָארֶען פַאר דֶער הַאנְד .

די צִיגַיינֶערְקֶע הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אויף אִיהם די אויגֶען אויפְצוּהוֹיבֶּען . וֶוער נָאךְ אַזוי וִוי זִי הָאט גֶעוואוּסְט , וִוי וַוייט עֶר הָאט רֶעכְט צוּ צִיטֶערֶען וֶועגֶען אִיהר .

צוּם גְלִיקְק הָאט דֶער עֶלֶעקְטְרִישֶׁער גְלֶעקֶעל גֶעגֶעבֶּען אַ סִיגְנַאל אַז אִין קוּרְצֶען וֶועט זִיךְ אָנְהוֹיבֶּען אַלַאדַארְס נוּמֶער .

עֶר הָאט זִי נָאךְ אַמָאל שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט אוּנ הַאסְטִיג אַרויס פוּן צִימֶער .

דַאמָאלְס הָאט מֶעלְיָארֶע גֶעשְׁווִינְד פֶערְרִיגֶעלְט די טְהִיר אויף אַ קְלַאפּ-שְׁלָאסס אוּנ הַאסְטִיג צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהר קָארְבּ , וואוּ סְ'זַיינֶען שׁוֹין גֶעלֶעגֶען פֶערְפַּאקְט אִיהרֶע זַאכֶען .

אָן אַ זַייט אִיז גֶעלֶעגֶען אַ בֶּעזוּנְדֶער פֶּאקֶעל , דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען די מֶענְנִישֶׁע קְלֵיידֶער , וֶועלְכֶע זִי הָאט הַיינְט אִין דֶער פְרִיה אויף גֶעשְׁווִינְד אָנְגֶעגְרֵייט , וֶוען אַלַאדַאר אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאךְ די סְטְרוּנֶעס .

אַלְזָא אַלְץ אִיז פַארְטִיג , סְ'פֶעהלְט נוּר עֶסְטֶערְהַאזִיס בְּרִיעף אִין וֶועלְכֶען עֶר בֶּעדַארְף אִיהר שְׁרֵייבֶּען , וואוּ זַיין וָואגֶען וֶועט אויף אִיהר וַוארְטֶען .

וָואס גֶעדוֹיעֶרְט עֶס אָבֶּער אַזוי לַאנְג ? זִי הָאט דָאךְ אָבְּגֶערֶעדְט מִיט דֶעם גְרַאף , עֶר זָאלל אִיהר צוּשְׁטֶעלֶען דֶעם בְּרִיעף דַאכְּאלְס , וֶוענְן אַלַאדַאר וֶועט שׁוֹין זַיין אויף דֶער סְצֶענֶע ?

אוּנ מֶעלְיָארֶע אִיז גֶעוָוארֶען וָואס אַמָאל אוּנְרוּהִיגֶער ...

אִיהר הַארְץ וָואלְט נָאךְ גֶעוִויסס גֶעקְלַאפְּט הַאסְטִיגֶער , וֶוענְן זִי זָאלל

קענגען זעהן וואס ס'טוהט זיך יעצט אויף דעם קארידאר, דורך וועלכעם ס'איז דורכגעגאנגען אלאדאר פארקאש.

קוים האט דער ציגיינער צוגעמאכט די טהיר הינטער זיך איז איהם אנטקעגען געקומען א יונגער מאן, וועלכער האט געהאלטען אין האנד א גרויסען בוקעט בלומען.

— וועמען זוכט איהר? — האט דעם יונגען מאן אלאדאר געפרעגט.

— די שאנע וואסערקעניגין מעלאריע, פאר איהר טראג איך דעם בוקעט — האט דער יונגער מאן געענטפערט.

— פון וועמען איז עס דענן?

— דאס ווייסט איך אליין ניט, מיין הערר! היינט אין דער פריה האט עס א קונד בעשטעללט ביי אונז אין בלומען־געשעפט. כ'בין דאך ניט מעהר ווי א דינער, וועלכער טראגט אב די בלומען, וואו דער בעל הבית הייסט.

— איהר האט אפילו קיין וויזיט־קארטע אויך ניט? — האט זיך ווידער געוואונדערט דער ציגיינער.

— ניין — האט געענטפערט דער דינער, נאכדעם ווען ער האט גוט בעקוקט דעם בוקעט פון אללע זייטען — וואהרשיינליך איז עס א סוד זאך, די ארטיסטין וועט שוין אבער וויסען פון וועמען דאס איז.

— ווי איך זעה זייט איהר ניט קיין נאר? — האט נאך אמאל געפרעגט אלאדאר, ביי וועמען ס'האט זיך יעצט אויפגעוועקט די גאנצע אייפערזיכטיגקייט.

— אין פאריז ווערט מען פון אלץ געוואהר — האט דער יונגער מאן געענטפערט מיט א שמייכעל — ביי אונז אין געשעפט זעהט מען זיך אויך גענוג אן, און וואס מען דערזעהט ניט דערהערט מען, אדער דערטאפט מען.

— גוט, כ'האב פון אייך הנאה, איהר רעדט ווי א קלוגער מאן. דא האט איהר פינף פראנק און ווייזט אהער דעם בוקעט.

דער יונגער מאן האט די אויגען ניט געקענט אראבנעהמען פון די פינף פראנק שטיק, פונדעסטוועגען האט ער זיך ניט געאיילט צו געבען דעם בוקעט.

— כ'טאר עס ניט טהון, ליעבער הערר — האט ער נאך א קורצער פויזע געזאגט — מיר האט מען אין געשעפט בעפאהלען די בלומען צו דערלאנגען דער ארטיסטין אלליין אין דער האנד.

די בעמערקונג איז דעם ציגיינער גאר ניט געפאללען געוואָרען. ער האט זיך אבער מיה געגעבען גלייכגילטיג צו בלייבען און רוהיג געזאגט:

— מיינט ניט, יונגער מאן, אז כ'וויל פון אייך דעם בוקעט אויסנארען; איך בין מעלאריעס מאן און וויל זי טהוט זיך יעצט אן דעם קאסטיום קענן זי אייך אלליין ניט אויפנעהמען.

אַלאַדאַר האָט גערעדט מיט אַזאַ פעסטען און רוהיגען טאָן, אַז דער יונגער מאַנן האָט זיך ענדליך בעשלאָססען איהם די בלומען צו איבערגעבען.

אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען האָט דער ציגיינער עטליכע מינוטען גוט בעטראַכט דעם בוקעט.

דאָס האַרץ האָט איהם געזאָגט אַז די בלומען בעהאַלטען אין זיך אַ גרויסען סוד, וועלכען ער בעדאַרף וויסען.

אַלאַדאַר איז בּאַז געוואָרען אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט און אין כּעס שטאַרק אַ שאָקעל געגעבען מיט דעם בוקעט.

די שוואַכע דרעטלעך האָבען זיך פונאַנדערגעלאָזען, די בלומען האָבען זיך צושאָטען און פון אינוויינינג איז אַרויסגעפאַללען אַ קליינע פערשריבענע וויזיט־קאַרטע.

דער ציגיינער האָט זיך געמוזט פעסט האַלטען אָן וואַנד, כּדי ניט אַניעדער־פאַללען אויף דער ערד פון גרויסס אויפרעגונג.

די עטליכע ווערטער פון דעם קאַרטעל האָבען איהם געעפענט די אויגען.

— זי וויל מיך אַוועקוואַרפען — האָט ער געברוממט צו זיך אַלליין — און פאַר וועמען, פאַר איהם?

אין כּעס האָט ער צוטרעטען מיט די פיסס דעם בוקעט און דאָס קאַרטיל בעהאַלטען אין וועסט־טאַש.

— מעליאַרע! — האָט ער אַ געשריי געגעבען און טרערען האָבען זיך איהם געשטעללט אין די אויגען — מעליאַרע, מיר קומט אַזאַ פסק?

זיין געזיכט איז איהם פערקרימט געוואָרען און די אויגען זיינען איהם פער־לאָפען מיט בלוט.

— דאָס וועט איהר ניט ווערען געשאָנקען — האָט ער שוין שטיללער געמור־מעלט — זי מוז שטאַרבען פון מיין האַנד.

דער גלעקעל האָט געגעבען דעם צווייטען סיגנאַל און אַלאַדאַר האָט געמוזט זיך איילען אויף דער סצענע.

פון גרויסס כּעס און ערגערניש האָט ער ניט געזעהען דעם וועג, אויף וועלכען ער איז געגאַנגען, ניט געהערט וואָס די מענשען האָבען גערעדט אַרום איהם.

זיינע אַללע רעיונות האָט ער יעצט געשטיקט אין זיך, וואו ס'האָט זיך אָנגע־צונדען אַ הייססע נקמה פאַר די זינדיגע פרוי, וועלכע איז זיך מיט איהם אַזוי שלעכט בעגאַנגען.

— זי טאָר ניט לעבען — האָט ער ניט אויפגעהערט צו ברוממען — איהר קוממט דער טוידט, כ'האָב זי פיינד, אַזוי ווי ביז יעצט ליעב געהאַט.

— הערר פּאַרקאַש — האָט ער פלוצלינג דערהערט דעם דירעקטאָרס קול

איבּער זיך — זייט אַזוי גוט הייבּט אָן, דער פּארהאַנג איז שוין אויפגעהויבּען און דאס פובּליקום ווערט אונגעדולדיג.

— וואס גערט מיך אָן דאס פובּליקום — האָט דער ציגיינער האַרט געענטפערט — אַז כ'האָב נִיט מיין פידעל?

— איהר האַלט איהם דאך אין דער האַנד, הערר פּאַרקאַש — האָט דער די־רעקטאָר פּערוואונדערט געענטפערט — וואס טהוט זיך מיט אייך? איהר זייט חלילה נִיט געזונד?

דער פידלער האָט אָבּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און גאר ניט גע ענטפערט.

בּאַלד נאָכדעם איז ער אַרויף אויף דער סצענע.

דאס פובּליקום האָט איהם מקבל פּנים געוועזען מיט אַ לאַנגען „בּראַוואָ".

ער האָט זיך קוים קענטיג בּעדאַנקט און בּעקוקט גענוי די סטרונעס. נאָכדעם האָט ער אַ קלאַפּ געגעבּען מיט דעם סמיטשיק און דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבּען.

אַזאַ קאָנצערט האָט פּאַריז נאָך קיין מאָל נִיט געהערט, דער ציגיינער האָט געוויזען וואס ער קען.

בּאַלד בּיי די ערשטע אַקאָרדען איז אין זאַל שטילל געוואָרען, יעדער האָט מורא געהאַט דעם אָטהעם אָבּצוציהען און איז געזעסען ווי צוגעשמידט צו זיין שטוהל.

אַלאַדאַר פּאַרקאַש האָט ניט געשפּיעלט מיט די פינגער, נור מיט אַ אונגאַטיר־ליכען כּח אָבּגעזונגען אַ מלאָכים־ליעד אין וועלכען ס'האָבּען זיך געהערט די טרויעריגע טאָנער פון מענשליכע טרערען, די שמערצען פון אַ קראַנקען האַרץ, די עבּיגע ליעבּע־יסורים, וועלכע עקזיסטירען זינט חוה האָט צום ערשטען מאָל געזינדיגט. און יעדער קלאַנג פון דער סטרונע האָט געמאַכט אַ ווייכטיגען רושם אויף די צוהערער.

נאָכדעם האָט זיך דער שפּיעלער אַוועקגעלאָזען אין די ריכע ציגיינערשע פּאַנטאַזיע, און יעדער נאָכט פון טהעאַטער האָט פערשטאַנען וואס ער מיינט.

אָט, דאַכט זיך שילדערט דער פידלער די הייסע ראָמאַנטישע ליעבּע פון אַ ציגיינער־פּאָר אין דער פּוסטאַ [1] בּיי אַ לבנה־נאַכט.

פון ווייטען הערט דאס פּאָר־פּאָלק ווי אַנדערע ציגיינער טאַנצען אַ טשאַרדאַש און דער עולם איז פריילאַך.

זיי ווילען עס אָבּער ניט הערען, זיי געהען אַלץ געדיכטער אין וואַלד און די ציגיינערקע דריקט זיך צו וואס אַמאָל מיט מעהר היטץ צו איהר געליעבּטען. און אַלאַדאַרס פידעל שילדערט דעם זיסען חלום פון דער פערליעבּטער

---

[1] פוסטא הייססט דער ארט, פון וואננען די ציגיינער קוממען ארויס.

פָאר. אויף אַזַא רַייכֶע פַאנְטַאזְיֶע אִיז נוּר פֶעהִיג אַ צִיגַיינֶער, דִי סְטְרוּנֶעס צַאפְּלֶען אוּנְטֶער זַיינֶע פִינְגֶער. עֶר עֶרְצֶעהלְט דִי לִיעבֶּע גֶעשִׁיכְטֶע אַלְץ מִיט מֶעהר הִיטְץ אוּנ דִי אָבְּגֶעלֶעבְּטֶע פַּארִיזֶער שְׁלִינְגֶען יֶעדֶען טָאן, זַייעֶרֶע גְלִיעדֶער שְׁטַארְבֶּען אָבּ בַּיי דֶער זִיסֶער מֶעלָאדִיע.

פְּלוּצְלִינְג אָבֶּער אִיז עֶר שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען.

דִי גֶעשִׁיכְטֶע אִיז נִיט גֶעעֶנְדִיגְט אוּנ דֶער פִיעדֶעל הָאט זִיךְ אִיהְם. אַרוֹיסגֶעגְלִיטְשְׁט פוּן דֶער הַאנְד.

וָואס אִיז דָא גֶעשֶׁעהֶען? קַיין וִויכְטִיגֶע זַאךְ. דֶער גְרַאף עֶסְטֶערהַאזִי אִיז נוּר אַרַיין אִין זַיין לָאזְשֶע אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט גֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם שְׁפִּיעלֶער.

אַלַאדַאר פָארקַאש הָאט אָנְגֶעקוּקְט אוּנ דִי הַאנְד הָאט אִיהְם אַ צִיטֶער גֶעגֶעבֶּען.

בַּאלְד אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ וִויעדֶער גֶעמַאכְט אַ בֶּערוּהִיגְטֶע מִיענֶע אוּנ גֶעשְׁפִּיעלְט וַוייטֶער.

יֶעצְט אָבֶּער הָאבֶּען דִי סְטְרוּנֶעס גָאר אַנְדֶערְשׁ גֶעזוּנְגֶען.

אוּיס לִיעבֶּע, אוּיס צֶארְטְלִיכְקַייט, דִי עֶדֶעלֶע טֶאנֶער פוּן דֶער זִיסֶער צִיגַיינֶער־שֶׁער לִיעבֶּע זַיינֶען פֶערשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אוּנ יֶעצְט שְׁרַייט דֶער פִיעדֶעל מִיט טוֹידְטֶע קְלָלוֹת. דִי סְטְרוּנֶעס בֵּייזֶערֶען זִיךְ מִיט כַּעַס אוּנ אַלַאדַארְס פִינְגֶער לוֹיפֶען ווִילְד אַרוּם אִיבֶּער דִי סְטְרוּנֶעס.

אוּנ עֶר אַלַיין אִיז ווִי צוּמִישְׁט. פֶערְצְוֵוייפֶעלְט שְׁפִּיעלְט עֶר וָואס אַמָאל הַאסְטִיגֶער, זַיין קָאפּ וַוארְפְט זִיךְ הִין אוּנ הֶער אוּנ דִי פִינְגֶער טַאנְצֶען אִיבֶּער דִי סְטְרוּנֶעס גְלַייךְ אַ אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע מַאשִׁין.

עֶנְדְלִיךְ אָבֶּער פְּלַאצְט דִי לֶעצְטֶע סְטְרוּנֶע, דֶער טָאן הַאקְט זִיךְ אִיבֶּער אוּנ דֶער צִיגַיינֶער שְׁלַיידֶערְט אַוֶועק מִיט כַּעַס דֶעם פִיעדֶעל אוּנ לוֹיפְט גְלַייךְ אַוֶועק הִינְטֶער דִי קוּלִיסֶען.

דִי זַאל צִיטֶערְט, דָאס פּוּבְּלִיקוּם פַּאטְשְׁט „בְּרַאוָוא״, דִי גֶעסְט קֶענֶען נָאךְ צוּ זִיךְ נִיט קוּמֶען פוּן גְרוֹיס וואוּנְדֶער אוּנ עֶנְטְצִיקקוּנְג. ס׳אִיז שְׁוֶוער אָנְצוּרוּפֶען מִיט אַ נָאמֶען דִי שְׁמִיקק, וָואס זַיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט, נוּר אַללֶענְפַאללְס אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען אוּנ־נַאטִירְלִיךְ, וואוּנְדֶערבַּאר.

— מֶען רוּפְט אַייךְ — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער דִירֶעקְטָאר צוּ דֶעם צִיגַיינֶער — דֶער עוֹלָם הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ פַּאטְשֶׁען אוּנ פֶערלַאנְגֶען דוּרכְאוּיס, אִיהְר זָאללְט אַייךְ נָאךְ אַמָאל בֶּעווַייזֶען אוֹיף דֶער סְצֶענֶע.

דֶער צִיגַיינֶער הָאט אָבְּגֶעמָאסְטֶען דֶעם דִירֶעקְטָאר מִיט אַ קַאלְטֶען, שְׁטָאלְצֶען בְּלִיק אוּנ זִיךְ אוּמגֶעקֶעהרְט צוּ אִיהְם מִיט׳ן רוּקֶען.

— עֶר אִיז שִׁכּוֹר — הָאט אַ מוּרְמֶעל גֶעגֶעבֶּען דֶער דִירֶעקְטָאר צוּ זִיךְ אַלַיין — מֶען דַארְף אִיהְם לָאזֶען לוֹיפֶען, מִיט אַזֶעלְכֶע אִיז גְלַייכֶער נִיט אָנְצוּהוֹיבֶּען. יֶעדֶער אַרְטִיסְט הָאט זַיין מְשׁוּגַעַת.

דָאס פּוּבְּלִיקוּם הָאט בֶּענוּצְט דִי גֶעלֶעגֶענְהַייט פוּן דֶער לַאנְגֶער פּויזֶע אוּנ פַּארְטַייֶען־וַוייז גֶענַאנְגֶען צוּם בּוּפֶעט .

עֶסְטֶערהַאזִי הָאט זִיךְ נִיט גֶערִיהְרְט פוּן אָרְט . אִין בְּרֵייטֶען פָּאטֶעל אִין דֶער לָאזְשֶע הָאט עֶר זִיךְ פֶערקְלֶעהְרְט וֶוענֶען מֶעלְיָארֶען . הַיינְט אוֹיף דֶער נַאכְט וֶועט זִי שׁוֹין זַיין בַּיי אִיהְם .

אוֹיף דֶער סְצֶענֶע אִיז דֶערוַוייל דֶער פָּארהַאנְג אַרָאבּגֶעפַאלֶען אוּנ דִי מַאשִׁינִיסְטֶען הָאבֶּען פְּארבֶּערֵייטֶעט דֶעם וַואסֶערבַּאסֵיין , אִין וֶועלְכֶעם מֶעלְיָארֶע אִיז פָארגֶעטְרֶעטֶען .

אוֹיף דֶעם דֶעק פוּן דֶעם בַּאסֵיין הָאבֶּען שׁוֹין אַרוּמגֶעשְׁפַּאצִירְט דִי שְׁלַאנְגֶען מִיט דִי קְלֵיינֶע קְרָאקָאדִילֶען .

אַלַאדַאר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען וִוי שְׁטֶענְדִיג בַּיי דֶער אַרְבַּייט . אַז דִי אַרְבַּייטֶער זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיז עֶר צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם בַּאסֵיין צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ אַלְץ אִיז אִין אָרְדְנוּנְג .

אִיבֶּער דֶעם וַואסֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיסגֶעשְׁפְּרֵייט אַ גֶעפְלָאכְטֶענֶער נֶעטְץ פוּן דְרָאט , וֶועלְכֶער הָאט בֶּעוָוארֶענְט דִי שְׁלַאנְגֶען זָאלֶען נִיט אַרוֹיסשְׁפְּרִינְגֶען פוּן וַואסֶער .

דָאס פּוּבְּלִיקוּם הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן דֶעם נֶעטְץ אוּנ קֵיינֶער הָאט גֶעוִויסְס נִיט בֶּעמֶערְקְט אַז פוּן דָארְטֶען צִיהֶען זִיךְ דֶעלִיקַאטֶע דְרָאטֶען בִּיז הִינְטֶער דִי קוּלִיסֶען .

אַז מֶעלְיָארֶע פְלֶעגְט אַרוֹיסגֶעהֶען פוּן וַואסֶער הָאט זִי נוּר בֶּעדַארְפְט אַ דְרִיקְק גֶעבֶּען אַ קְנֶעפֶּעל , וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם דֶעק פוּן בַּאסֵיין אוּנ דֶער נֶעטְץ הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהְר פֶערלַאנְג גֶעעֶפֶענְט אוּנ פֶערמַאכְט .

אַלַאדַאר הָאט יֶעצְט , וִוי זַיין שְׁטַייגֶער אִיז גֶעוֶוען , גֶעפְּרוּבִּירְט דִי דְרָאטֶען אוּנ צוּפְרִידֶען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אוֹיף דִי לִיפֶּען אָבְגֶעגַאנְגֶען פוּן בַּאסֵיין .

בַּאלְד נָאכְדֶעם אִיז אָנְגֶעקוּמֶען מֶעלְיָארֶע אִין אִיהְר רַייכֶען קָאסְטִיוּם , זִי הָאט וִוירְקְלִיךְ אוֹיסגֶעזֶעהֶען וִוי דִי וַואסֶער־קֶענִיגִין .

— דוּ הָאסְט אַלְץ גוּט־ נָאכגֶעזֶעהֶען ? — הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט , גְלֵייךְ וִוי דָאס הַארְץ הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט , אַז סְ'אִיז עֶפֶּעס נִיט אִין אָרְדְנוּנְג .

אַלַאדַאר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט הֶערֶענְדִיג .

— דֶעם פָּארהַאנְג אוֹיפהוֹיבֶּען — הָאט עֶר בֶּעפָאהְלֶען ;

אֵיידֶער וִוי מֶעלְיָארֶע אִיז אַרוֹיף אוֹיף דֶער סְצֶענֶע , הָאט זִי אִיהְם דֶערלַאנְגְט דִי הַאנְד .

— דַיין הַאנְד אִיז קַאלְט וִוי אַייז — הָאט זִי אִיהְם אַיינְגֶערוּימְט אִין אוֹיעֶר .

— אוּנ דַיינֶע דֶערפַאר בְּרֶענְנְט וִוי פַייעֶר — אִיז גֶעוֶוען זַיין תְּשׁוּבָה , אוּנ עֶר הָאט זִי בֶּעגְלֵייט אוֹיף דֶער סְצֶענֶע .

דָאס פּוּבְּלִיקוּם הָאט זִי אוֹיךְ פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען .

מֶעלְיָארֶע הָאט שְׁנֶעלל אַ בְּלִיק גֶעוָוארְפֶען אוֹיף עֶסְטֶערהַאזִים לָאזְשֶע

— ער איז דא — האט זי פרעהליך צו זיך אליין א מורמעל געגעבען — אלזא מיינע פינאנסען שטעהען גוט.

אלאדאר האט בעמערקט דעם בליק און די צופריעדענהייט אויף איהר געזיכט. ער איז געוואָרען אויסער זיך. מיט אלע כחות האט ער זיך איינגעהאלטען ניט צו דערשטיקען מעלאניען מיט זיינע פויסטען:

— נישט קשה — האט ער געקלעהרט — מיין נקמה וועט זי ניט מיירען, נאך א ווייל, אויף אלץ וועט קומען א צייט...

---

אלאדאר האט קיין ליעגען ניט געזאגט. אויף מארגען זענען אלע צייטונגען פול געווען מיט דעם צופאלל אין „פאלערמא“, רעפארטערען אהן א צאהל זענען געלאפען צום דירעקטאר געוואהר צו ווערען, וואס דא איז אייגענטליך פארגעקומען.

דער אלטער דירעקטאר האט אין קורצע ווערטער יעדערען דאס זעלבע געמוזט ענטפערען.

— דעם אמת מוז איך אייך זאגען, אז איך ווייסס אליין אויך ניט גענוי די גאנצע געשיכטע. דער בעריהמטער פיעדלער האט מיר נאך פארדעם אויך אויסגעזעהען ווי בעטרונקען. נאכדעם האט זיך אויסגעוויזען, אז ער האט איבערגעשניטען די דראטען מיט א כונה, כדי צו דערטרינקען די וואססער־קעניגינען. ביז יעצט איז נאך ביי מיר א סוד צו וואס ער האט עס געטהון, ווייל ווי כ׳וויים, האט ער זי שטארק ליעב געהאט.

איך האב שוין געוואללט געהן אהיים, ווען כ׳האב פלוצלינג דערהערט דעם גראף עסטערהאזים געשריי:

— די וואססער־קעניגין ווערט דערשטיקט, ראטעוועט!

צוזאממען מיט דעם גראף זענען מיר האסטיג ארויף אויף דער סצענע און געהייסען באלד אראבלאזען דעם פארהאנג. מעלאניע איז ווירקליך געווען האלב דערשטיקט און מיט פיעל מיה האבען מיר זי אבגעמינטערט. אומזיסט האבען מיר געזוכט איהר מאנן, דעם פיעדלער, ער איז פערשוואונדען געוואָרען און ניט דא.

יא, יא, יעדער ארטיסט האט זיין משוגעת, און מיט דער חברה איז די בעסטע זאך נור פון דערווייטענס.

שטעללט אייך פאר מיין קריינקונג פון דעם סקאנדאל.

די רעפארטערען האבען צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ, אז זיי פערשטעהען זיין לאגע...

〰〰〰

# XXXIII.

## דאָס נייע שטובמעדכען ביי פרוי בולאַנסי.

אַז הערמינע איז געקומען עטוואָס צו זיך נאָך דער שווערער קראַנקהייט, איז ביי איהר געווען די ערשטע זאַך אויפצווזכען איהר בן־יחיד.

געוועהנליך איז איהר מתית געווען ביי־הילפיג.

הויפּטזעכליך האָבען זיי געוואָללט נאָכגעהן עסטערהאַזין יעדען טריטט, ווייל ביי איהם האָבען זיך אָנגעהויבען און אויסגעלאָזען אַללע צרות פון דרייפוסעס פאַמיליע.

דאָס איז אָבער ניט געווען אַזוי לייכט צו טהון, ווי צו זאָגען.

אין עסטערהאַזים הויז זיך אַריינצוקריגען איז אונמעגליך. ער ווייטער איז צו זיי אויך ניט געקומען.

מתית איז דאַריבער געפאַללען אויף אַ נייעם פּלאַן.

— „זאָג מיר ווער דיין חבר איז און כ׳וועלל דיר די מינוט זאָגען וואָס פאַר אַ מענש דו ביסט“ — האָט מתית געזאָגט צו זיין שוועגערין — אַט מיט דעם אַלטען שפּריכוואָרט וועלל איך מיר אויך אַ עצה געבען אין אונזער זאַך, האָר מיר נור גוט אוים.

דער שוואַרצער מאַיאָר איז טאָג ווי נאַכט ביי אַ געוויסער פרוי בולאַנסי. לויט ווי כ׳האָב געהערט שפּיעלט מען דאָרטען אין קאָרטען גאָר אויף דעם גרויסען אופן און איך בין חושד, אַז די זעלבינע בולאַנסי, וואָס וואוינט יעצט אין אַ רייכער ווילע, האָט אַ שייכות מיט אונזער געגנבעטען קינד.

דו געדיינקסט דאָך נאָך געוויס ליעבע הערמינע, אַז ביי אונזער לעצטען אונגליק מיט דעם קינד איז געווען אַ פרוי, וועלכע האָט צוגערעדט זאָרגעטטען מיט דעם קאַפּראַל מישאַנע, זיי זאָללען ערלויבען אַנדרעען זיך איבערצופאָהרען אויף דעם לופט־באַלאָן און פון איהר אייגענטליך שטאַממט דאָס גאַנצע אומגליק.

די פרוי האָט געטראָגען אַ געדיכטען שלייער. מישאַנע האָט אָבער בעמערקט אַז זי האָט אַ גרויסען ראָץ אויפ׳ן פּנים.

און לויט ווי מיינע אַגענטען האָבען מיר געזאָגט האָט פרוי בולאַנסי אויך אַ צוראָצטען פּנים פון אַ מעסער. דאַריבער איז נאָך מיין מיינונג די בעסטע זאַך ווי ס׳איז זיך אַריינצוקריגען אין דעם הויז פון דער פרוי בולאַנסי.

הערמינע האָט אַ ווייל׳ע נאָכגעקלערט דעם שוואָגערס רייד, נאָכדעם האָט זי געזאָגט:

— איז דאָך פיעל גלייכער צו געהן מיט דעם גלייכען וועג און אַריינקלאַגען

די פְרוי בּוּלַאנְסִי, אז זי האט גענגבֶהט דאס קינד. אַלְס עדות קענגען מיר שְטֶעלֶלען מִישְׁאנֶע, וועלכער וועט זי געוויסס דערקֶענגען.

מַתִּית דְרֵייפוּס האט בּיטֶער אַ שְׁמֵייכֶעל געגֶעבֶּען.

— וֶוענן דאס וואללט נור געוועזען מֶעגלִיך, ליעבֶּע שְׁוֶועגֶערין, וואללט איך עֶס שוין לַאנג געטהון — האט ער געזאָגט — וואס מיינסט דו, כ'בּין בִּיז יעצט געזעססען רוהיג און גאר ניט געפּרוּבִּירט צו זוּכען דעם ריכטִיגען גַנָב?

לֵיידער אָבּער זענען פַאר אונז אַללע וועגען פֶערשְׁלָאססען.

כ'בּין געוועזען זיכער אַז מִיט מיין גרויסע פְּרָאטֶעקְצְיֶע בַּיים פְּרֶעפֶעקט — דוּ ווייסט דאך, אַז כ'האב זיין פרוי געהאָלפען דאמָאלְס ראטעוועז פון די מערדערס האנד — וועל איך אַלֶץ אויספִּיהרען, אָבּער וואו!

דער פְּרֶעפֶעקט האט אויסגעהערט די גאנצע געשִׁיכטֶע ווי אַזוי זיי האבּען אַנְדְרֶעעֶן אַריינגענארט אויף דעם לופט־בַּ[illegible] און ענדליך מיר אָבּגעזאגט צו אַרֶעסטִירען די פרוי בּוּלַאנְסִי, ווייל ער האט ניט קיין ריכטִיגע בעווייזע אין האנד. די שְׁטְרִיק האט געקענט אוּנְטֶערְשְׁנַיידען אַ נ'אַנדערער און מיט דעם יוּנְגֶעל איז פארגעקוממען אַ איינפאכער אונגליק, וועלכער האט זיך שלעכט אויסגעלאָזען.

איך האב איהם אויפגעוויזען מיט ראיות, מיט סימָנים, אַז ער האט אַ טָעוּת, ס'האט אָבּער ניט געהאָלפען. דער פְּרֶעפֶעקט איז געוועזען געגען איהר אַרֶעסט.

— ווי כ'זעה בּיזט דו גערעכט, מיין ליעבּער שְׁוואגער. אוּנז קוּמט קיין זאך ניט אָן לייכט און יעצט מוזען מיר אויך אויף זיך געהמען די שווערע אַרבּייט די פְרוי בּוּלַאנְסִי ניט אַראבּצולאזען פון אויג. יעצט איז נור די פְּרַאגע, ווי אַזוי עס צו טהון...

און גאר אין קורצען האט זיך געמאכט אַ צופאלל...

אין איין פְרִיה־מָארגען האט מַתִּית דְרֵייפוּס צוּפֶעלִיג דוּרכגעלייענט אַ מודָעה (אַנָאנס) אין דער צייטונג:

„ס'ווערט געזוכט אַ שטוּב־מֶעדבען, וועלכע קענן דורכאויס גוט פְּרִיזִירען. מיט גוטע רעקאָמענדאציעס זאלל מען זיך ווענדען יעדען טאג פון זייגער 4 בּיז 6 צו דער פְרוי בּוּלַאנְסִי, עליזעעשעס פֶעלד 46 א".

ער האט די מינוט געוויזען דעם אַנָאנס דער שְׁוועגערין.

— אט יעצט איז אַ גוטע געלעגענהייט זיך אַריינצוקריעגען צו איהר אין הויז — האט ער געזאָגט — אויף אַזא אַרט וואלט געוועזען לייכטער פאר אונז צו קאָנטראָלירען דעם שְׁווארצען מַאיָאר און בּיסלִיכווייז געוואהר צו ווערען ווי אונזער אָרעם קינד איז אַהינגעקוממען. וואו נעהמט מען אָבּער אַזא פאסענדע פערזאָן, וועלכע זאלל איינשטיממען אויף זיך צו נעהמען אַזא שווערע און אונאַנגענעהמע אַרבּייט? ווער וועט עס וועללען אויסשטעהן דער פרויס קאפּריזען און ווערען אַ שטוּב־מעדכען בּיי עֶסְטֶערְהַאזִים געליעבּטע?

— איך — האט זיך פלוצלינג אבגערופען זארזעטטאס קלינגענדער קול.

מיט איבעררַאשונג האבען מַתּית מיט הערמינ׳ע אנגעקוקט דאס יונגע מעדכען.

— איך, און נור איך וועל עס אויפטהון — האט זי דערוויילע ווידער געזאגט — כ׳וועלל מיך אַריינגנארען אין בולאנסים הויז פאר א שטוב־מעדכען און איהר מענט שוין זיכער איבערצייגט זיין, אז פאר מיינע אויגען וועט קיין זאך אונבעמערקט ניט פערביינגעהן. כ׳וועלל זיין איהר באזער גייסט, וועלכער וועט פון איהר ניט אבטרעטען ביי טאג און ביי נאכט.

הערמיני׳ע האט אין טרערען ארומגענוממען דאס יונגע מאדכען.

— און איהר ווילט זיך ווירקליך אלס אפפער ברענגען פאר אונזער עלענדע פאמיליע? ווייסט איהר אבער מיין טהייערע, אז ביי דעם שטעללט איהר איין דאס לעבען אין געפאהר?

— איך ווייס — האט רוהיג און מיט א שמייכעל זארזעטטא געענטפערט — כ׳וויים גאנץ וואהל מיט וועמען כ׳האב צו טהון, דאס זענען א באנדע רוצחים, וועלכע וועללען געוויסס ניט שווייגען, ווענן זיי וועללען געוואהר ווערען אז א שפיאן געהט זיי נאך יעדען טריטט. פון אזעלכע מענשען קענן מען אלץ דערוואַרטען, אפילו דעם טויד, נור פונדעסטוועגען בלייב איך ביי דאס מיינינע און קיין זאך קענן מיך ניט אבהאלטען צו טהון דאס, וואס איך בין פערפפליכטעט צו טהון.

— וואס הייסט? — האט זיך הערמיני׳ע געוואונדערט.

— גאנץ איינפאך, פון מיין האנד — אלזא דורך מיר — איז אנדרעע פערשוואונדען געווארען און איך בין מחויב איהם ווידער אויפצוזוכען.

מתית איז אויך געווארען געריהרט פון איהרע רייד. ער האט איהר דערלאנגט זיין האנד און געזאגט:

— כ׳האב איך שטענדיג געהאלטען, זארזעטטא, פאר א ארדענטליכעס מעדכען, היינט זעה איך אבער, אז כ׳האב גאר קיין בעגריף ניט געהאט פון אללע אייערע מעלות. מיר מוזען אלזא וויללענדיג ניט וויללענדיג אננעהמען אייער קרבן און יעצט נור בערעדען גענוי, ווי אזוי דעם פלאן אויסצופיהרען.

---

אלץ איז געווארען גענוי אבגערעדט. פאללס זארזעטטאן וועט געלונגען זיין עטוואס צו דערגעהען נייעס, וועט זי שרייבען אויף דאקטאר בורגערס אדרעססע, דערוויילע מוז זי זיך איבערפארבען די האר און זיך פערשטעללען אונטער א נ׳אנדערע נאמען.

דאס הארץ האט איהר שטארק געקלאפט, ווענן זי איז אריין אין וואהנונג פון פרוי בולאנסי.

זי האט זי די מינוט דערקענט. דאס איז די זעלבע פרוי, וועלכע האט געגעכטיגט ביי איהר פאטער אין הויז אין דער נאכט פון דער שרפה אונ די זעלבע, וועלכע האט אריינגענארט דעם קליינעם אנדרעע אין לופט־באלאן.

יעצט איז שוין ביי זארזעטטא קיין שום ספק, אז פון איהר, פון דער זינדיגער פרוי שטאממען אללע לעצטע אונגליקען פון דרייפוסעס פאמיליע. זי האט געמוזט אללע כחות אנווענדען ניט א געשריי צו געבען בולאנסין אין פנים:

– רשעת, מערדערין!

נאך א שווערען נסיון האט זי געמוזט אויסשטעהען, ווענן זי האט אין זאלאן פלוצלינג דערזעהען דעם שווארצען מאיאר. דאס בלוט האט איהר א שלאג געגעבען אין פנים. זי האט זיך אבער איינגעהאלטען, ניט ארויסצווייזען דעם כעס.

רוהיג אונ געלאסען האט זי זיך אויך פארגעשטעללט מיט דעם נאמען: זאנעטטא לעמור.

די פרוי בולאנסי, אדער ווי מיר ווייסען – פוטיפרע, האט זי שארף אנגעקוקט אונ ווי ס'ווייזט אוים איז זי געבליבען מיט איהר צופריעדען. זארזעט־טא איז אזוי געווען פערענדערט, אז אפילו איהר אייגענער פאטער וואלט זי געוויסס יעצט ניט דערקענט.

– פון ערשטען בליק געפעללט איהר מיר גוט – האט זיך ענדליך אבגערופען פוטיפרע – אונ ב'קען אייך צונעהמען אויף דער שטעללע – ב'מוז אייך דאריבער פאראוים זאגען, וואס כ'פערלאנג הויפטזאכליך פון מיינע שטוב־מעדכען:

ערשטענס בין איך ניט שטענדיג ביים גוטען מוטה אונ ווענן איך ווער באז מוזט איהר אלזא, מיין פרייליין, פערשטעהן פון איין ווארט צעהן אונ ניט ווארטען ביז כ'וועלל זאגען.

– כ'בין שטענדיג אונ איבעראלל געהארזאם.

– אלזא גוט, דאס איז איינס אונ צווייטענס מוזט איהר וויססען, אז ביי מיר אין הויז קוממען אפט פערשיעדענע געסט, דאס רוב מאננער; זיי האבען ליעב צו מאכען קאמפלימענטען. אייער פפליכט איז צו זיין פריינדליך מיט יעדען בעזונדער, אבער אלץ ביז א מאס אונ דער עיקר איז קיין מאל ניט צו פערגעססען וועד איהר זייט.

זארזעטטא האט פערשטאנען פוטיפרעס כונה, אז הויפטזעכליך האט זי מורא פאר דעם שווארצען מאיאר.

– די מאדאם קענן רוהיג בלייבען – האט זי געזאגט – כ'געדיינק שטענדיג ווער אונ וואס כ'בין.

– דאס איז גאנץ גוט פון אייער זייט, נור אויף אזא ארט קענן איך מיט אייך צופריעדען זיין. נור אויסער די צווייא בעדינגונגען האב איך אייך נאך

גֶעוָואלְט עֶפּעס זָאגֶען, אוּנ דָאס אִיז דִי הויפְּט־זַאךְ. הֶארְט אַלְזָא מִיט קָאפּ:

כְּ'בִּין אַ לֶעבֶּע־מֶענְשׁ אוּנ אַ גְרויסֶע לִיעבּהָאבֶּערִין פוּן גֶעזֶעלְלְשַׁאפְטֶען. בַּיי מִיר אִין שְׁטוּבּ אִיז שְׁטֶענְדִיג פְרֶעהלִיךְ, מֶען שְׁפִּילְט, מֶען טְרִינְקְט אוּנ דֶער עוֹלָם אִיז זִיךְ מְשַׂמֵחַ. מִיר אִיז זָאגַאר וֶועניג גֶעלֶעגֶען דַארוֹיף, וָואס דִי וֶועלְט טְרַאכְט וֶועגֶען מִיר. נוּר פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ זֶעהר אוּנצוּפְרִיעדֶען, וֶוענן מַיינֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען צוּ לַאנְגֶע צִינְגֶער אוּנ רֶעדֶען וָואס מֶען דַארְף נִיט.

אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט שׁוֹין אַלְזָא וָואס כְּ'מֵיין?

– כְּ'פֶערְשְׁטֶעה נָאךְ צוּ גוּט – הָאט זָארְזֶעטטַא פֶעסְט גֶעעֶנְטְפֶערְט – פוּן מַיין מוֹיל וֶועט וֶוענִיגְסְטֶענְס קֵיינֶער קֵיין מָאל נִיט הֶערֶען אַ וָוארְט אִיבֶּער מַיינֶע בְּרוֹיט־גֶעבֶּער.

– אַלְזָא גוּט – הָאט הַאסְטִיג זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען פּוֹטִיפֶרַע, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק צוּפְרִיעדֶען פוּן זָארְזֶעטטַאס קְלוּגֶע אַנְטְוָוארְטֶען – אִיהר בְּלֵייבְּט בַּיי מִיר, אַייעֶר גֶעהַאלְט אִיז הוּנְדֶערְט פְרַאנְק אַ מָאנַאט. וֶוענן כְ'וֶועלל אָבֶּער זַיין פוּן אַייךְ צוּפְרִידֶען שְׁפִּילְט אַ גֶאלְד־שְׁטִיק קֵיין רָאלֶע.

– מַיין בֶּעסְטֶען דַאנְק גֶעעֶהרְטֶע מַאדַאם – הָאט פְרֶעהלִיךְ מִיט אַ נֵייג זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען זָארְזֶעטטַא וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ וָואס אִיהר אִיז אַזוֹי לַייכְט גֶעלוּנְגֶען אַרַיינְצוּטְרֶעטֶען צוּ דְרֵייפוּסֶעס שׂוֹנְאִים אִין הוֹיז.

פַאר נַאכְט אִיז אַרִיבֶּערְגֶעפָאהרֶען צוּ פּוֹטִיפֶרַען דָאס נַייעֶ שְׁטוּבּ־מֶעדְכֶען – זָארְזֶעטטַא לֶעמוּר.

XXXIV.

# אַ שְׁפֶּעטִיגֶע וִויזִיט.

אַכְט טָאג זַיינֶען שׁוֹין פַארְבַּיי זִינְט זָארְזֶעטטַא אִיז אַרַיינְגֶעטְרָאטֶען צוּ דֶער פְרוֹי בּוּלַאנְסִי אוּנ דִי לֶעצְטֶע אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק צוּפְרִיעדֶען מִיט דֶער נַייעֶר שְׁטוּבּ־מֶעדְכֶען, וֶועלְכֶע הָאט פָארְטְרֶעפְלִיךְ פֶערְשְׁטַאנְגֶען אִיהר אַלְץ צוּלִיעבּ טְהוּן. בַּיי דֶעם אַללֶעמֶען הָאט זָארְזֶעטטַא גֶעהַאלְטֶען קָאפּ אוּנ גוּט בֶּעטְרַאכְט אַלְץ, וָואס קוּמְמְט פָאר אִין שְׁטוּבּ.

זִי הָאט שׁוֹין זָאגַאר בֶּעמֶערְקְט אַז דֶער קָארְטֶען־שְׁפִּיעל גֶעהט נִיט עֶהרְלִיךְ צוּ, אַז דָאס רוּבּ גֶעוִוינְט דֶער שְׁוַוארְצֶער מֵאיָאר אוּנ פֶערְשְׁפִּיעלֶען דִי אָנְגֶעשִׁכּוֹרְטֶע גֶאסְט. גֶעוִויסס שְׁטֶעקְט אִין דֶעם אַ פַאלְשְׁקֵייט, אוֹיף וֶועלְכֶעם זִי אִיז נָאךְ קֵיין מֵבִין נִיט.

דִי הויפְּט־זַאךְ אָבֶּער, צוּלִיעבּ וֶועלְכֶער זִי הָאט זִיךְ פֶערְדוּנְגֶען אִין דֶעם הוֹיז – הָאט זִי לֵיידֶער נִיט גֶעקֶענְנְט דֶערְטַאפֶּען.

ווי אויף צו לְהַכְעִיס איז די גאנצע צייט אין איהר געגענוואַרט א וואָרט ניט דערמאנט געוואָרען וועגען דרייפוסעס פאַמיליע און זאַרזעטטאַ האָט די געלעגענהייט ניט געהאַט ווענינסטענס איין מאָל צו שרייבען מְתִּיתְ'ן ניַיעס.

אויף אַלץ קוממט אָבער אַ צייט. אין איין טאָג איז בעשערט געווען דער שטוב-מעדכען געוואָהר צו ווערען מיט אַמאָל זעהר פיעל נייעס...

דאָס איז געווען ציינער צוויי ביי דער נאַכט.

זאַרזעטטאַ האָט נור וואָס בעגלייט די לעצטע גאַסט פון שטוב. געהענדיג צוריק פון דעם גאָרטען איז זי נאָהענט פאַר דער טְהיר אָבגעשפּרונגען פון שרעק, ווען זי האָט פּלוצלינג דערזעהען אַ פרעמדען מענשען אין גאָרטען.

דער מאוסער פיגור, אָנגעטהון אין לומפּען, איז גאָר געווען שווער אָנצו־רופען מיט דעם נאָמען: מענש, געשווינדער איז דאָס געווען אַ בעוואַקסענע חיה אין אַ מענשליכען געשטאַלט, דערצו איז ער קוים געשטאַנען אויף די פיסס פון גרויסס שִׁכְרוּת.

— וואָס טהוט איהר דאָ אין אַ פרעמדען גאָרטען? — האָט זאַרזעטטאַ מיט אַ ציטטערענדען קול געפרעגט, נאָכדעם ווען זי איז געקוממען צו זיך.

אַנשטאָט אַ אַנטוואָרט האָט זיך דער שכּור ווילד צולאַכט.

— איהר געהט אַרויס מיט גוטען, אַ ניט וועלל איך מאַכען אַ גוואַלד און מענשען וועללען זיך צונויפלויפען.

— האַ, איהר ווילט מיך אַרויסטרייבען פון דאַנען — האָט דער שכּור ווייטער געשטאַממעלט מיט די ליפּפּען — גוט, וואָס וועט אָבער זאָגען אייער בעל הבית'טע? זי וועט אייך מאַמזעל מְכַבֵּד זיין מיט אַ בּאַזען פּסק, וואָס איהר נעהמט אַזוי שלעכט אויף דעם אַלטען קאַרוסע.

זאַרזעטטאַ איז געוואָרען אויפמערקזאַם, „ווען דער ווייַן קוממט אַריין, איז דער סוד אויס“ — האָט זי זיך דערמאַנט אַ אַלטען שפּריכוואָרט.

— ביי דעם שכּור קענן מען עפּעס געוואָהר ווערען — האָט זי געקלעהרט אין זיך.

— הייַ — האָט זי געזאָגט האַרט און איז צוגעגאַנגען נאָהנטער צו איהם — איהר קענט אַלזאָ מיין מאַדאַם?

— האַ, האַ, האַ, אַ שעהנע פראַגע כ'לעבען, אויב איך קענן די פרוי בּוּלאַנְסִי, און ווער האָט זי אויף די האַנד געטראַגען קינדווייז, אַ ניט איך?

— אַזוי איהר זייט נאָך בעקאַנט מיט איהר פון דערהיים? וואו וואָהנען דען איהרע עלטערען?

— איהר ווילט טאַקי וויססען, מאַמזעל, זייט אַזוי גוט און ווערט געוואָהר, אָבער ניט ביי מיר, כ'בין שוין קיין קינד ניט. אַ שנאַפּסעל זעהט איהר, איז אַ נאַנדער זאַך, ריינעם שפּירט אָדער אַ קאָניאַק, דאָס איז ניט קיין אונטערשיער.

אָבֶער פְּלוירֶערְן וָואס מֶען דאַרף נִיט, וֶועט דֶער אַלְטֶער קארוּסֶע אֲפִילוּ שִׁכּוֹרֶער־הַייט אוֹיךְ נִיט.

זארְזֶעטטא הָאט פֶּערְשְׁטאנֶען אַז זִי הָאט נִיט גֶעטְרָאפֶען דֶעם רִיכְטִיגֶען וֶועג אוּנ גְלַייךְ גֶעעֶנְדֶערְט דֶעם טָאן:

— אַלְזָא הֶערְט קוּרְץ אוּנ שַׁארְף, וָואס פֶּערְלַאנְגְט אִיהר דָא?

— וָואס כְּ'פֶּערְלַאנְג? גָאר נִיט, כְּ'בִּין גֶעקוּמֶען מִיט אַ וִויזִיט.

— מִיט אַ וִויזִיט צוּ וֶועמֶען?

— גֶעוִויסס נִיט צוּ אַייךְ, מַאמְזֶעל, נוּר צוּ פְרוֹי בּוּלַאנְסִי.

— אַזוֹי שְׁפֶּעט בַּיי דֶער נאַכְט?

— וָואס אִיז דֶער אוּנְטֶערְשַׁייד, בַּיי נאַכְט צוּ בַּיי טָאג, אַ וִויזִיט אִיז אַ וִויזִיט — הָאט דֶער אַלְטֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ בַּיי דִי וֶוארְטֶער אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן דֶער טַאשׁ אַנִיט גֶעעֶנְדִיגְטֶע פְלֶאשֶׁעל.

עֶר הָאט אַ פָּאר זוּפֶּען גֶעגֶעבֶען אוּנ ווִיעדֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען:

— אַ שְׁנַאפְּס אִיז פָארְט אַ שְׁנַאפְּס, דָאס אִיז אַ דֶערְקְוִויקוּנְג, אַ מְחַיֶה. יֶעצְט קֶענְט אִיהר שׁוֹין, מַאמְזֶעל, מִיךְ דְרַייסְט מֶעלְדֶען בַּיי פְרוֹי בּוּלַאנְסִי.

— נַיין דָאס טְהוּ אִיךְ נִיט, מַיין מַאדַאם קֶענֶן נָאךְ מִיר פָאר אַזַא מַעֲשֶׂה דִי שְׁטֶעלֶע אָבְזָאגֶען.

— אַזוֹי גָאר? אִיהר הָאט מוֹרָא? הֶ־רְט־זֶע אַלְזָא ווִי דֶער אַלְטֶער קַארוּסֶע מֶעלְדֶעט זִיךְ אַלַיין.

אוּנ אַרַיינְלַייגֶענְדִיג צוּ צְווַיי פִינְגֶער פוּן יֶעדֶער הַאנְד אִין מוֹיל הָאט דֶער אַלְטֶער אַ פַייף גֶעגֶעבֶען, אַז עֶס הָאט אַ הִילךְ גֶעגֶעבֶען רִינְגְס אַרוּם.

אִין אַ מִינוּט נָאךְ דֶעם הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט אַ פֶענְסְטֶער אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק אוּנ פְרוֹי בּוּלַאנְסִי הָאט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיפ'ן גָארְטֶען.

זארְזֶעטטא הָאט זִיךְ גֶעשְׁווִינְד בֶּעהַאלְטֶען מֶען זָאל זִי נִיט זֶעהֶען.

— וֶוער פַייפְט? — הָאט הֶערְוַוייל פוֹטִיפַרְע גֶעפְרֶעגְט דוּרךְ דֶעם פֶענְסְטֶער.

— דֶער אַלְטֶער קַארוּסֶע, וָואס הַאנְדֶעלְט מִיט לוּמְפֶּען.

— אִיךְ ווייסס נִיט, אִיךְ קֶענֶן אַייךְ נִיט — הָאט עֶסְטֶערְהַאזָעס גֶעלִיעבְּטֶע הַאסְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט — גֶעהְט אַייךְ אִין גָאטְטֶעס נָאמֶען אוּנ שְׁטֶערְט נִיט מֶענְשֶׁען צוּ שְׁלָאפֶען, אַנִיט וֶועל אִיךְ אַייךְ הַייסֶען אַרֶעסְטִירֶען.

— אָט דָאס גֶעפֶאלְט מִיר, כְּ'לֶעבֶּען — הָאט בָּאז גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער שִׁכּוֹר — זִי וֶועט מִיךְ הַייסֶען אַרֶעסְטִירֶען. לַאנְגְזַאם, גֶענֶעדִיגֶע מַאדַאם בּוּלַאנְסִי, אַיילְט זִיךְ נוּר נִיט, מִיר מוּזֶען זִיךְ דוּרְכְאוֹיס זֶעהֶען וַוייל כְּ'הָאב אַ בְּרִיעף צוּ אַייךְ.

— צוּ מִיר אַ בְּרִיעף, פוּן וֶועמֶען?

— פוּן אַזַא מֶענְשֶׁען, וָואס אִין פִיער וָואכֶען אַרוּם וֶועט עֶר שׁוֹין זַיין מִיט אַ קָאפּ קְלֶענֶער ווִי הַיינְט.

– כ׳פֶערְשְׁטֶעה נָאךְ אַוָואְרט נִיט, רֶעדְט דַייטְלִיכֶער, נור הִיט אַייךְ אונ דֶער־מָאנְט קֵיין נָאמֶען נִיט.

– אַלְזָא מַאדַאמֶקֶע, אִין פַּאריז אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אַ מֶענְשֶׁעל. וָועלְכֶער הָאט גֶעמַאכְט אַ לַאנְגֶע נְסִיעָה אויף דֶעם יַם. אִיהם הָאט גֶעשִׁיקְט אַייעֶרער אַ גוּטֶער בֶּעקַאנְטֶער, נו, יֶעצְט פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר שוין, וֶועמֶען אִיךְ מַיין, אָדֶער כ׳בֶּע־דַארְף נָאךְ שְׁרַייעֶן אויפ׳ן הויכֶען קול אֶז דָאס אִיז רַא....

– שַׁא, אַ וָואְרט נִיט מֶעהר, דִי מִינוּט גֶעה אִיךְ אַרָאב אונ לָאז אַייךְ אַרַיין.

אונ וִוירְקְלִיךְ, דֶער פֶענְסְטֶער הָאט זִיךְ שְׁטִילל צוּגֶעמַאכְט אונ אִין אַ פָּאר מִינוּט שְׁפֶּעטֶער הָאט זָארְזֶעטְטַא בֶּעמֶערְקְט פון אִיהר בֶּעהֶעלְטֶענִיש, ווי פְּרוּי בוּלַאנְסִי הָאט גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר מִיט אַ לִיכְט אִין דֶער הַאנְד, נָאכְדֶעם אִיז דֶער אַלְטֶער בֶּעטְלֶער אַרַיין אִין פָארְדֶערְצִימֶער.

זָארְזֶעטְטַא הָאט אַ ווַיילֶע גֶעוַוארְט בִּיז זֵיי זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, נָאכְדֶעם אִיז זִי לַאנְגְזַאם אָהן גֶערוּדֶער דוּרְךְ דִי הִינְטֶערְטְהִירֶען אַרַיין אִין דֶעם צִימֶער, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעגְרֶענֶעצְט מִיט בוּלַאנְסִים שְׁלָאפְצִימֶער.

אַריינְגֶעהֶענְדִיג הָאט זָארְזֶעטְטַא דֶערְהֶערְט פּוֹטִיפֶרַעס קוֹל:

– דָא מֶעגֶען מִיר רֶעדֶען אָפֶען, כְ׳בֶּעט אַייךְ אָבֶער, מַאכְט דֶערְפוּן, מַיינֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶלֶען אַייךְ צוּפֶאלִיג נִיט דֶערְזֶעהֶען.

– כְ׳וֵויים שוין, מַיין טוּאַלֶעט פַּאסְט נִיט פַאר דִי עֶלֶעגַאנְטֶע מֶעבֶּעל. דוּ וַוייסְט, פּוֹטִיפֶרַע, דוּ בִּיסְט אַ בְּרִיָה, כְ׳הָאב שְׁטֶענְדִיג גֶעזָאגְט אַז פון דִיר וֶועט אַרוֹיס אַ לַייט.

– וָואס טוֹיגֶען מִיר דִי נַארִישְׁקַייט, רֶעדְט צוּ דֶער זַאךְ.

– צוּ דֶער זַאךְ, אויךְ גוּט, דִי זַאךְ אִיז אָבֶער גֶעוֶוען גָאר אַ שְׁלֶעכְטֶע, פֶערְשְׁטֶעהְסְט דוּ מִיךְ, דִי חֶבְרָה הָאט מִיךְ דֶערְטַאפְּט, וֶוענְן כְ׳הָאב מִיט גֶע־נוּמֶען אַ פָּאר זִילְבֶּערְנֶע לֶעפֶעל.

לוּמְפֶּען מִיט שְׁמַאטֶעס מֶעג אִיךְ קְלוֹיבֶּען אונ לֶעפֶעל נִיט, אויךְ אַ יוֹשֶׁר. קוּרְץ דֶערְפוּן מֶען הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען „זִיצְצֶען״ אויף אַ יָאהר. דִי גַאנְצֶע צַייט בִּין אִיךְ גֶעזֶעסֶען עֶלֶענְד ווִי אַ שְׁטֵיין, סְ׳אִיז נִיט גֶעוֶוען מִיט וֶועמֶען אַ וָוארְט צוּ רֶעדֶען. דוּ וַוייסְסְט דָאךְ, אַז מִיר, גֶענִיטְטֶע גַנָבִים, הָאבֶּען אִין תְּפִיסָה אַ בֶּעזוּנ־דֶערֶע שְׁפְּרַאךְ. מִיר רֶעדֶען מִיט דִי הָאנְד, מִיט דִי פִיסס אונ אַמָאל דוּרְךְ קְלֶאפּ אִין דִי וָואנְד.

אַכְט טֶאג, פַאר מַיין אַרוֹיסְגֶעהֶען פון דֶער תְּפִיסָה, וֶוענְן דֶער וֶועכְטֶער הָאט מִיר אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען מַיין פְרִיהשְׁטִיק, אָהן אַ טְרָאפֶּען בְּרָאנְפֶען – הָאב אִיךְ פְּלוּצְלִינְג דֶערְהֶערְט אַ קְלַאפּ אִין וַואנְד.

כְ׳הָאב מִיךְ גוּט צוּגֶעהֶערְט, רִיכְטִיג גֶעצֶעהלְט דִי קְלֶאפּ אונ אויף אַזָא אַרְט הָאב אִיךְ פֶערְשְׁטַאנֶען, וָואס מַיין שְׁכֵן מַיינְט.

דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ פְרַאגֶע, וֶוער ס׳זִיצְט אִין מַיין קֶעמֶערִיל.

הַאסְטִיג הָאבּ אִיךְ אוֹיסְגֶעטְהוּן מַיין שְׁטִיוֶועל אוּנ אָבְּגֶעקְלַאפְּט צוּרִיק אַ תְּשׁוּבָה וֶוער כְ׳בִּין.

אוּנ בִּיסְלִיכְוַוייז הָאבֶּען מִיר זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶערֶעדְט.

מַיין שָׁכֵן הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אָבְּצוּגֶעבֶּען דֶעם בְּרִיעף אַייךְ, אָדֶער גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִין, וֶוענן כְ׳וֶועלל שׁוין זַיין אוֹיף דֶער פְרַייֶער וֶועלְט. צוּם גְלִיק הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט בַּיי מִיר אַ שְׁטִיקֶעל פַּאפִּיער, וָואס כְ׳הָאבּ אָבְּגֶערִיסֶען פוּן מַיינֶע אַקְטֶען, וֶועלְכֶע מַיין אַדְוָואקַאט הָאט מִיר אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען אוֹיף אַ שָׁעָה, דוּרְכְצוּזֶעהֶען, אוּנ מִיט אַ בְּלַייעֶרְנֶע לֶעפֶּעל הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי וָוארְטֶער, וָואס עֶר הָאט מִיר דִיקְטִירְט דוּרְךְ דִי וַואנְד.

מִיט גְרוֹיס מִיה אוּנ מַאטֶערְנִישׁ בִּין אִיךְ גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וואו אִיהר זָואהנְט — וֶוער הָאט זִיךְ דֶענן גֶעקֶענְט רֶעכְטֶען, אַז פוּן אַייךְ וֶועט אַרוֹיסוַואכְּסֶען אַזַא גְבִירְתֶּה — אוּנ דָא הָאט אִיהר דֶעם בְּרִיעף. דֶער אַלְטֶער קַארוּסֶע הָאט דָאס זַיינִיגֶע אָבְּגֶעטְהוּן.

פּוֹטִיפֶרַע הָאט אַ וָוארְט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ הַאסְטִיג צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם מִישֶׁעל אוּנ בַּיי דֶער שַׁיין פוּן אַ לִיכְט דוּרְכְגֶעלַייעֶנְט דֶעם שְׁמוּטְצִיגֶען צֶעטֶעל.

וִוי טְהַייעֶר וָואלְט זַארְזֶעטַא בֶּעצָאהלְט דֶערְפַאר, זִי זָאלל קֶענֶען שְׁטֶעהֶן בַּיי דֶער מַאדַאם הִינְטֶער דִי פְּלַייצֶעס אוּנ צוּזַאמֶען דוּרְכְלַייעֶנֶען דֶעם בְּרִיעף.

זִי הָאט גָאר אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וִוי וִויכְטִיג עֶר אִיז.

פְרוֹי בּוּלַאנְסִי הָאט דֶערְוַוייל גֶעלַייעֶנְט.

„אַייעֶר פְרַיינְד רַאווַאיַאק אִיז וִויעדֶער דָא. אִין קַאיֶענַא הָאט מֶען מִיךְ דֶערְטַאפְּט אוּנ גֶעשְׁמִידְט אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט צוּרִיק קַיין פַּארִיז.

יֶעצְט הַאלְט עֶס דֶערְבַּיי, דֶער קַאט זָאל מִיר דֶעם קָאפּ אַרוּנְטֶערְנֶעהמֶען.

פּוֹטִיפֶרַע, קְרוֹין! וָועה דוּרְכְאוֹיס, דַיין גוּטֶער פְרַיינְד, דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר זָאלל מִיךְ בֶּעצַייטֶענְס בֶּעפְרַייעֶן פוּן דֶעם לוּמְפִּיגֶען אָרְט. עֶר דַארְף דָאךְ נִיט פֶּערְגֶעסֶען, וָואס כְ׳הָאבּ פַאר אִיהם גֶעטְהוּן. וִוי פִיעל הָאט עֶס מִיר גֶעקָאסְט גֶעזוּנְד אוּנ לֶעבֶּען בִּיז כְ׳הָאבּ דִי „בְּרִיגִיטַא“ מִיט אִיהרֶע מֶענְשְׁלֶעךְ אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין דִי גֶעוַאלְצֶענֶע וַואסֶער פוּן יַם.

פֶּערְגֶעסְט אוֹיךְ נִיט אַז צְווִישֶׁען דִי דֶערְטְרוּנְקֶענֶע אִיז גֶעוֶוען דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּסֶעס וַוייבּ אוֹיךְ אוּנ וָואס אִיז דָאס וֶוערְטְה.

בִּיז יֶעצְט הָאבּ אִיךְ מַיין לֶעבֶּען פַאר דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ וֶוענן עֶר וֶועט מִיר יֶעצְט נִיט זַיין בַּייהִילְפִיג, וֶועלל אִיךְ מוּזֶען אַ פִּיפְס גֶעבֶּען אוּנ דֶער הֶערר גְרַאף וֶועט וֶוערֶען מַיינֶער אַ שָׁכֵן אִין דֶער תְּפִיסָה.

אַלְזָא, גֶעדֶיינְקְט אוּנ פֶּערְלִיעֶרְט נִיט קֵיין אִיבְּרִיגֶע צַייט, וַוייל יֶעדֶע מִינוּט אִיז טְהַייעֶר וִוי גָאלְד.

קוים װער איך װיעדער פְרַיי מֶעג עֶר אויף מִיר רֶעכֶענֶען אונ דְרַייפוּסֶעס פַאמִילְיֶע װֶעט דַאמַאלְס הָאבֶּען אויף מִיר װָאס צוּ װיינֶען.

„אַייעֶר בֶעסְטֶער גוּטֶער פְרַיינְד

ראוואַאק דֶער פְרוֹיֶענְמֶערְדֶער".

XXXV.

# דִי אוּנְשׁוּלְדִיגֶע גְנֵבָה.

פְרוי בּוּלַאנְסִי אִיז בְּלַאס גֶעוָוארֶען, וָוענְן זִי הָאט דוּרְכְגֶעלֵייֶענְט דֶעם בְּרִיעף. מִיעד אונ נִיעדֶערְשְׁלָאגֶען אִיז זִי אַנִיעדֶערְגֶעפַאללֶען אויף דֶער סָאפֶע. זִי הָאט שׁוין פֶערְגֶעסֶען דִי רָאללֶע פוּן אַ גְרויסֶער דַאמֶע, װעלְכֶע זִי הָאט שְׁטֶענְדִיג אָבְּגֶעשְׁפִּיעלְט פַאר דֶעם אַלְטֶען קַארוּסֶע אונ מִיט אַ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶענֶעם פְּנִים גֶעקוּקְט אִיהם גְלַייך אִין גֶעזִיכְט, גְלַייך ווִי זִי וָואלְט בַּיי אִיהם װעלֶען פְרֶעגֶען אַ עֵצָה וָואס צוּ טְהוּן.

אִיהר לַאגֶע אִיז װירְקְלִיך גֶעוֶוען טְרוֹיֶערִיג.

ראוואַאק אִיז װיעדֶער אִין פַּארִיז אונ דִי בְּשׂוּרָה אִיז נִיט אַזוי שְׁלֶעכְט פַאר אִיהר, ווִי פַאר אִיהר גֶעלִיעבְּטֶען, פַאר דֶעם שְׁווַארְצֶען מַאיָאר...

דֶער בֶּערִיהמְטֶער פְרוֹיֶענְמֶערְדֶער ראוואַאק װעט זִיך לַאנְג נִיט שְׁפִּיעלֶען. עֶר אִיז נִיט פוּן דִי מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען לִיעב נוּר צוּ רֶעדֶען. אַז עֶסְטֶערְהַאזִי װעט אִיהם נִיט צוּלִיעב טְהוּן וַוייסס עֶר שׁוין וָואס עֶר הָאט צוּ טְהוּן. סְ'אִיז גֶענוּג עֶר זָאלל אַ פִּיפְּס טְהוּן, ווִי אַזוי דֶער שְׁווַארְצֶער מַאיָאר הָאט אִיהם דַאמָאלְס בֶּעפְרַייט פוּן דֶער תְּלִיָה אונ דוּרְך וָועמֶען עֶר הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִי „בְּרִיגִיטַא".

וָואס טְהוּט מֶען אָבֶּער, ווִי אַזוי בֶּעפְרַייט מֶען אִיהם?

אִין פּוּטִיפֶרַעס קָאפּ זֶענֶען דוּרְכְגֶעלָאפֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע גֶעדַאנְקֶען, אָבֶּער אַלְץ נִיט צוּ דֶער זַאך...

— גֶעהמְט זִיך עֶס נִיט אַזוי צוּם הַארְצֶען, קַאזֶעטַאס טַאכְטֶער! — הָאט זִיך פְּלוּצְלִינְג אָבְּגֶערוּפֶען דֶער אַלְטֶער קַארוּסֶע — סְ'אִיז נִיט דָא פוּן וָואס זִיך דָאס לֶעבֶּען צוּ גֶעהמֶען. אַז סְ'װעט הַאלְטֶען בַּיי עֶפֶּעס, בֶּעדַארְפְט אִיהר נִיט פֶערְגֶעסֶען אָן מִיר אונ צוזַאמֶען װעלֶען מִיר שׁוין ווִי סְ'אִיז דֶעם רוֹיטֶען הוּנְד בֶּעפְרַייֶען. כְּ'לֶעבֶּען, אַ שָׁאר, אַ גוּטֶער קַאמֶעראד.

עֶרְשְׁט יֶעצְט הָאט זִיך פּוּטִיפֶרַע דֶערְמָאנְט אַז זִי אִיז נִיט אַלֵיין. זִי הָאט הַאסְטִיג אַרויסְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם טַייכְטֶער אַ גָאלְדְשְׁטִיק אונ דֶערְלַאנְגְט דֶעם שִׁכּוֹרְן בֶּעטְלֶער.

— אָרְדֶענְטְלִיך! — הָאט דֶער אַלְטֶער קַארוּסֶע צוּפְרִיעדֶען גֶעזָאגְט — דָאס

הייסט גוט בעפריעדיגט. איהר מעגט שוין, מאדאם, רעכענען אויף מיר.

– וואו קענן מען איך טרעפפען? – האט עסטערהאזיס געליעבטע האסטיג געפרעגט.

– דאס רוב אין שיינק, ביי דעם לוסטיגען דייטש, אַ ניט בין איך אונטען אין קעללער וואו כ'ספארטיר מיינע לוטפען. איהר בעדארפט אפשר עפעס בעזארגען צו אייער מוטטער?

– ניין – האט איהם פוטיפרע האלב באז געענטפערט.

– איז ניט. עפפענט מיר אויף די טהיר, כ'וויל נאך היינט זיין אין שיינק.

– ווארט אַ ווייל, כ'וועלל נור פערשליסען דעם בריעף ביי מיר אין ביורעקע.

– ענטשולדיגט, מאדאם, דאס איז שוין ניט גלייך. לויט מיין מיינונג וואללט בעססער געוועזען דעם צעטטעל צו פערברענגען.

– איך וועלל עס אויך טהון, פארדעם אבער מוז איך עס ווייזען אַ צווייטער פערזאן. פארלייפיג האב איך ניט וואס מורא צו האבען. אין מיין ביורעקע קענן עס זיבער ליעגען אונגעריהרט.

זארזעטטא האט יעצט נאך מעהר אויפגעשטעללט די אויערען אונ מיט מעהר כונה גוט בעטראכט פון איהר בעהעלטעניש וואס איהר מאדאם טהוט.

זי האט בעמערקט ווי פרוי בולאנסי איז צוגענאנגען צום שרייב־טיש אונ געעפפענט אַ קליינע שופלאדע.

דארטען האט זי בעהאלטען דעם בריעף אונ געמורמעלט מיט די ליפפען:

– מארגען באלד אין דער פריה מוז איך עס עסטערהאזין ווייזען. דאס איז ניט קיין קלייניגקייט, מיט פייער שפיעלט מען זיך ניט.

נאכדעם האט זארזעטטא פון דערווייטענס געהערט ווי איהר מאדאם האט געעפפענט די טהיר אונ דורכגעלאזען דעם אלטען שכור בעטטלער.

זארזעטטא איז אבגעשפרונגען פון איהר ארט.

דאס הארץ האט איהר געזאגט, אַז די וויזיט פון דעם שכור האט פיעל צו בעדייטען.

ווענן מתית דרייפוס זאלל זיך דערוויסען, אַז עסטערהאזי מיט זיין געליעבטע שטעהען אין פערבינדונג מיט אַזא באנדע גנבים אונ רוצחים, וואללט עס שוין געוויס געווען דערמיט אלליין אראבצוגייסען דעם שלייער פון דעם פערדארבענעם שווארצען מאיאר.

אונ בעדארף מען נאך צו האבען אַ בעססערען בעווייז ווי דער בריעף, וואס דער שכור האט געבראכט פון יענעם מערדער, וועלכער ריכט זיך אללע טאג אַז דער קאט זאלל איהם דעם קאפ ארונטערהאקען?

געוויסס, דעם בריעף מוז זי האבען אין דער האנד דורכאויס.

ווי אַזוי אָבֶער? דֶער בְּרִיעף אִיז דָאךְ פֶערְשְׁלָאסֶען אונ בּוּלַאנְסִי הַאלְט דִי שְׁלִיסֶעל בַּיי זִיךְ צוּ קָאפֶּענְס.

ס'הֶעלְפְט נִיט, זִי מוּז וֶוערֶען אַ גַנָב.

אונ זָארְזֶעטטַא הָאט זִיךְ מִיט אַ וֶועהטָאג אִין הַארְצֶען בֶּעשְׁלָאסֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִין לֶעבֶּען צוּ טְהוּן אַזַא גְרוֹיסֶע עֲבֵרָה...

— נִיט פַאר זִיךְ — הָאט זִי זִיךְ בַּאלְד אַלֵיין פַאר זִיךְ פַארֶענְטְפֶערְט — נִיט פַאר זִיךְ, נוּר פַאר זַיי — פַאר דִי עֶלֶענְדֶע דְרֵייפוּסֶעס פַאמִילְיֶע, וָואס לַיידְט גֶעבָּאךְ אַזוֹי פִיעל פוּן דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָארְס בֶּאזֶע הֶאנְד...

---

צְוַויי פֶּאלְלִיגֶע שָׁעָה הָאט זִיךְ זָארְזֶעטטַא גֶעוָוארְפֶען אוֹיף אִיהר גֶעלֶעגֶער. דִי לְבָנָה הָאט אַרַיינְגֶעקוּקְט דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער אונ בֶּעשַׁיינְט יֶעדֶען גֶעגֶענְשְׁטַאנְד בֶּעזוּנְדֶער.

דָאס הַארְץ הָאט אִיהר הַאסְטִיג גֶעקְלַאפְּט, אִין דִי שְׁלֵייפֶען הָאט גֶעשְׁלָאגֶען ווִי מִיט אַ הַאמֶער, אונ אִין גַאנְצֶען אִיז זִי גֶעוֶוען שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט.

אַז זִי הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן גֶעלֶעגֶער אִיז אִיהר דוּרְכְגֶעלָאפֶען אַ שוֹידֶער דוּרְךְ דָאס גַאנְצֶע לַייבּ. דֶער נִסָיוֹן אִיז גֶעוֶוען צוּ שְׁוֶוער. אַ „גַנֶבְתֶּע", אִיז אִיהר דוּרְכְגֶעפְלוֹיגֶען אַ רַעְיוֹן אִין קָאפּ. בַּאלְד אָבֶער הָאט זִי זִיךְ ווִיעדֶער גֶעשְׁטַארְקְט אונ אִין זָאקֶען שְׁטִילל, אָהן גֶערוּדֶער צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם שְׁלָאפְצִימֶער, וואוּ פְרוֹי בּוּלַאנְסִי הָאט יֶעצְט זִיסס גֶעשְׁלָאפֶען.

מִיט צִיטֶערֶענְדֶע הֶאנְד הָאט זִי לַאנְגְזַאם אַרוֹיסגֶעצוֹיגֶען פוּן אוּנְטֶער דֶער מַאדַאמְס קִישֶׁען אַ בּוּנְד שְׁלִיסֶעל... זִי הָאט שְׁטִילל אָבְּגֶעצוֹיגֶען דֶעם אָטְהֶעם.

גָאטט צוּ דַאנְקֶען, ס'הָאט אִיהר גֶערָאטֶען, דִי שְׁלִיסֶעל זֶענֶען שוֹין בַּיי אִיהר אִין הַאנְד אונ דִי מַאדַאם שְׁלָאפְט נָאךְ ווִי פְרִיהֶער, זִי בֶּעמֶערְקְט גָאר נִיט.

נָאךְ שְׁטִילֶער ווִי פְרִיהֶער אִיז זִי צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם שְׁרֵייבּ־טִישׁ אונ לַאנְגְזַאם גֶעעֶפֶענְט דִי שוּפְלַאדֶע.

אָט צִיעהט זִי שוֹין אוֹיס דִי רֶעכְטֶע הַאנְד צוּ דִי פַּאפִּירֶען אונ מִיט דֶער לִינְקֶער הַאלְט זִי זִיךְ צוּ אָן דֶעם שְׁרֵייבּ־טִישׁ.

פְּלוּצְלִינְג אָבֶער אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ אוּנֶערְווַארְטֶעטֶע זַאךְ...

זָארְזֶעטטַא הָאט גֶעשְׁפִּיעֶרְט ווִי אִיהרֶע הַאנְד גֶעהֶמֶען אַרוּם צְוַויי אַייזֶערְנֶע רַייפֶען אונ גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ קְלִינְגֶען אַ עֶלֶעקְטְרִישֶׁע גְלֶעקֶעל.

דְרֵייפוּסֶעס גוּבֶערְנַאנְטִין הָאט אַלְץ גוּט בֶּערֶעכֶענְט, דֶערְפוּן אָבֶער הָאט זִי נִיט גֶעוואוּסְט אַז פּוֹטִיפֶרַע אִיז אַלֵיין אַ גֶענִיטֶער גַנָב אונ דַארִיבֶּער הָאט זִי זִיךְ גוּט בֶּעוָוארֶענְט פוּן אַנְדֶערֶע גַנָבִים. אִין אִיהר שְׁרֵייבּ־טִישׁ זֶענֶען גֶעוֶוען פֶערְבָּארְגֶענֶע שְׁפְּרִינְגְפֶעדֶער אונ קוֹים הָאט אַ פְרֶעמְדֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט

דעם סוד, אָנגעהויבען צו זוכען אין די שופלאַדען, וועגען די אַיזערנע רייפען ווי פון דער לופט אַרויסגעשפּרונגען און אַרומגענומען דעם גנב. דאס רעשט האט שוין געמאַכט דער גלאָק, וועלכער האט אויפגעוועקט די הויז־לייט.

אומזיסט האט זארזעטטא יעצט מיט אַללע כחות זיך געוואָלט אַרויס־רייסען פון די רייפען, זי האט זיך נור צובלוטיגט די האנד, אָבער אָהן נוטצען...

נאָך גראָססער איז געוואָרען איהר שרעק, ווען בולאנסי האט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם קלונג.

וואס וועט זי איהר טהון? דעם טוידט מאַכען?

מיט א בעוועגונג פון אַ ווילדע חיה איז עסטערהאזים געליעבטע צו־געלאָפען צו איהר מיט אַ ליכט אין האנד.

— אזוי גאר! — האט זי ווילד אויסגעשריען — דאס האט איהר געזוכט אין מיין שרייב־טיש מיינע בריעף?

ווי אַ בליטץ איז איהר דורכגעלאָפען דער געדאַנקען, אַז זארזעטטא האט געוויסס געמיינט ראַוואַיאַקס בריעף.

פּוטיפרע האט אַ מינוט ניט געקלעהרט און גיך פערבּרענט דעם שמוטציגען צעטטעל אָן דער ליכט.

— גנבתה! — האט זי נאָך אַמאל מיט רציחה אויסגעשריען, נאָכדעם ווענן פון דעם פרויענמערדערס בריעף איז שוין נור געבליבען אַש — שפּיאָן! און איך האב געהאט אַזעלכע פערבלענדעטע אויגען און דעם שלאַנג אַלליין אַריינגעבעטטען צו זיך אין שטוב! וואו זענען דאַמאלס געווען מיינע אויגען, מיין קאָפּף? דו האסט מיך גענאַרט און איך, אַלטע בהמה, האב זיך געלאָזט פערפיהרען פון דיר! יעצט אָבער ווייסס איך שוין פון אַלץ, כ'קענן דיר שוין אין גאַנצען.

כ'וואללט שווערען אַז דו ביסט אונטערגעשיקט פון מתית דרייפוס, אָדער דעם פּאָלקאָווניק פּיקאר, מיט געלד האבען ניי דיך אָבגעקויפט. זיי דיך מודה, שפּיאָן, אויב דו ווילסט זיך ניט זעהען מיט מיין רעוואָלווער.

— שיססט אוים, מאַדאם! — כ'האב פאר דעם טוידט קיין מורא ניט, איהר וועט אָבער דאדורך טהון נאָך איין עבירה אין אַיער לעבען.

— גנבתה, דו האסט נאָך אַ העזה צו רעדען געגען מיר?

— ביי מיין גנבה שטעה איך נאָך העכער פאר אייך.

פּוטיפרע איז רויט געוואָרען פון רציחה.

— מיין ניט — האט זי געשריען — אַז ס'וועט דיר ווערען געשאָנקען, ניט אזוי גיך וועסט דו שטאַרבען, פארדעם וועסט דו צוזאַממען מיט אַללע גנבים פערפוילט ווערען אין תפיסה.

זארזעטטא איז בלייך געוואָרען ביי די ווערטער.

— ניין, פרוי בולאנסי — האט זי זיך געשטאַרקט צו ענטפערען — אין אַיער אינטערעססע איז פון דעם אַללעמען קיין רייד ניט צו מאַכען, אַניט וועלל איך

גֶעצְווּאוּנְגֶען זַיין אִין סוֹד צוּ עֶרְצֶעהלֶען, וָואס בַּיי מַיין מַאדַאם אִיז פָארְגֶעקוּמֶען בַּיי טָאג אוּנ בַּיי נַאכְט.

— פַאר דֶעם הָאבּ אִיךְ נִיט קֵיין מוֹרָא, מַיינֶע אַלֶע מֶענְשֶׁען וֶועלֶען עֵדוּת זָאגֶען גֶעגֶען דִיר אוּנ פְּרָאטֶעקְצִיָאן פֶעהלְט מִיר אוֹיךְ נִיט.

זארזעטטאס גֶעזִיכְט אִיז נָאךְ בְּלַאסֶער גֶעוָוארֶען, אִין הַארְצֶען הָאט אִיהר אַ שְׁטָאךְ גֶעגֶעבֶּען אוּנ זִי הָאט קוֹים אַיינְגֶעהַאלְטֶען דִי טְרֶערֶען. וַוייטֶער דִי זֶעלְבֶּע זַאךְ, דֶעם רָשָׁע גֶעהט גוּט אוּנ עֶר טְהוּט וָואס זַיין הַארְץ גְלוּסְט, אוּנ דֶער עֶהרְלִיכֶער מַאנְן גֶעהט גֶעבֶּאךְ אוּנְטֶער פוּן טָאג צוּ טָאג...

פּוּטִיפֶרַע אִיז דֶערוַוייל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פֶענְסְטֶער, עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען אִיז זִי גֶעשְׁטַאנֶען שְׁטִילל אוּנ נָאכְדֶעם גֶעזָאגְט:

— וַוייסְט דוּ וָואס בְּ'וֶועלל דִיר פָארשְׁלָאגֶען? זָאג מִיר דֶעם אֱמֶת, וֶוער הָאט דִיךְ אוּנְטֶערְגֶעקוֹיפְט, דוּ זָאלְלסְט וֶוערֶען אַ שְׁפְּיָאן בַּיי מִיר אִין הוֹיז, אוּנ כְ'לָאז דִיךְ דִי מִינוּט אַרוֹים פְרַיי.

— כְ'שְׁוֶוער בַּיי גָאטט, אַז כְ'הָאבּ פוּן קֵיינֶעם קֵיין גֶעלְד נִיט גֶענוּמֶען.

— אַנְטָאנִינַא לֶעמוֹר! אָדֶער דָאס גוּטֶע יָאהר וַוייסס דָארְטֶען וִוי מֶען רוּפְט דִיךְ, הָאבּ שֵׂכֶל אוּנ לַייקֶען נִיט פוּן מִיר דֶעם אֱמֶת. אוֹיסֶער דֶער פְרַייהַייט קְרִיגְסְט דוּ נָאךְ פוּן מִיר אַ שֶׁענֶע מַתָּנָה אוֹיךְ, נוּר זָאג מִיר אוֹיס, וֶועלְכֶער שׂוֹנֵא הָאט דִיךְ צוּגֶערֶעדְט דֶערצוּ.

— אוּמְזִיסְט אַייעֶר מִיה, מַאדַאם בּוּלַאנְסִי! — הָאט שׁוֹין רוּהִיגֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט זארזעטטא — פוּן מַיין מוֹיל וֶועט אִיהר קֵיין זַאךְ נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶען.

— אַלְזָא גֶעדֵיינְק־זְשֶׁע, דוּ הָאסְט דִיר אַלֵיין אוֹיסגֶעבֶּעטֶען אַ פְּסַק. דֶערבַּיי הָאסְט דוּ אָבֶער, נַארֶעלֶע, פֶערגֶעסֶען, מִיט וֶועמֶען דוּ הָאסְט צוּ טְהוּן: בַּאלְד וֶועסְט דוּ אוֹיף דַיין אֵיינֶענֶעם קָארְפֶּער שְׁפִּירֶען וֶוער אִיךְ בִּין.

אוּנ בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט בּוּלַאנְסִי אָנְגֶעקְלוּנְגֶען.

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם זַיינֶען אַרַיינְגֶעלָאפֶען אִין צִימֶער דִי קֶעכִין, צְוַויי לָאקַאיֶען אוּנ דֶער פוּהרְמַאנְן.

— אִיהר זֶעהט וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהֶען! — הָאט פּוּטִיפֶרַע צוּ זַיי הוֹיךְ גֶעזָאגְט — אָט שְׁטֶעהט פַאר אַייךְ דִי זֶעלְבֶּע שְׁטָאלְצֶע מַאמְזֶעל, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעשֶׁעמְט גָאר מִיט אַייךְ צוּ רֶעדֶען. קוּקְט זִי גוּט אָן, דִי גַנָּבְתֶּה, וֶועלְכֶע אִיז אַזוֹי מֵאוּס אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין מַיינֶע אַייזֶערְנֶע רַייפֶען!

שְׁפַּייט אִיהר אָן אִין פְּנִים! זִי הָאט גֶעמֵיינְט אַז סְ'וֶועט אִיהר גֶערָאטֶען דִי גְנֵבָה נָאכְדֶעם אוֹיף אַייךְ אַרוֹיפצוּוַוארְפֶען. נִיט אוּמְזִיסְט הָאט זִי שְׁטֶענְדִיג אַזוֹי לִיעבּ גֶעהַאט צוּ טְרַייבֶּען אוֹיף אַייךְ רְכִילוּת...

פּוּטִיפֶרַע הָאט גֶעקֶענֶנְט דִי שְׁוַואכֶע זַייט פוּן דִי דִינְסְט־מֶענְשֶׁען, זִי הָאט גֶעוואוּסְט מִיט וָואס זַיי צוּ נֶעהמֶען, קֵיין זַאךְ הָאט אוֹיף זַיי אַזַא רוֹשֶׁם נִיט גֶעקֶענֶנְט

מאַכֶען וִוי דָאס אַז זַארֶזֶעטטַא הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט מִיט זַיי צוּ הַאנְדְלֶען אוּנ שְׁטִילְלֶערהַייט גֶערֶעדְט אוֹיף זַיי שְׁלֶעכְטֶס פַאר דֶער מַאדַאם.

— רוּפְט דִי פָּאלִיצַיי — הָאט דֶערוַוייל פּוֹטִיפֶרַע וַוייטֶער גֶעשְׂרִיגֶען — זָאלְלֶען זַיי אַוֶועקְפִיהרֶען דִי מַאמְזֶעל אִין גֶעפֶנגְנִיס, דָארְטֶען אִיז אִיהְר אָרְט, אָבֶער נִיט אִין אַ אָרְדֶענְטְלִיךְ הױז צְווִישֶׁען עֶהְרְלִיכֶע לַייט.

דֶער קוּטְשֶׁער הָאט זִיךְ לַאנְג נִיט גֶעלָאזְט בֶּעטֶען אוּנ אִין אַ פֶערְטִיל שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער הָאט עֶר גֶעבְּרַאכְט צוּ פִיהְרֶען דִי פָּאלִיצַיי.

— אַרֶעסְטִירְט דָאס מֶעדְכֶען — הָאט בּוֹלַאנְסִי אָנְגֶעוִויזֶען אוֹיף זַארֶזֶעטטַא וֶועלְכֶע אִיז נָאךְ אַלֶץ גֶעשְׁטַאנֶגען גֶעשְׁמִידְט אִין דִי אַייזֶערְנֶע רֵייפֶען — אַ גְלִיק, וָואס כְ'הָאב גֶעלָאזְט אִין מַיין שְׁרַייב־טִישׁ אַרַיינְמַאכֶען אַ וֶועקֶער מִיט אַ מֶעכַאנִישֶׁע שְׁפְּרִינְגְ־פֶעדֶער, אַ נִיט וָואלְט מִיר דִי גַנֶבְתֶה בְּדַלוּת גֶעשְׁטֶעללְט.

דֶער פָּאלִיצִיסְט אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם שְׁרַייב־טִישׁ.

— וִוי הַייסְט אִיהְר מִיט'ן נָאמֶען ? — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט זַארֶזֶעטטַאן.

— אַנְטָאנִינַא לֶעמוּר — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיהְר קוֹל הָאט גֶע־צִיטְטֶערְט.

— אִיהְר זַייט אַרֶעסְטִירְט אַנְטָאנִינַא לֶעמוּר, מֶען הָאט אַייךְ גֶעחַאפְּט בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ אִיהְר וֶועט דָאךְ גֶעוִויסס נִיט לַייקֶענֶען, אַז אַייעֶר כַּוָנָה אִיז גֶעוֶוען צוּ בֶּעגַנְבֶהנֶען דִי פְּרוֹי בּוֹלַאנְסִי.

— כְ'הָאב אַייךְ נִיט וָואס מוֹדֶה צוּ זַיין — הָאט זַארֶזֶעטטַא גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— אַ חוּצְפָּה אַ בִּיסֶעל ! — הָאט בֶּאז אַ מוּרְמֶעל גֶענֶעבֶען פּוֹטִיפֶרַע.

— נִישְׁט קָשֶׁה, מַאדַאם, מֶען וֶועט אִיהְר שׁוֹין דִי צוּנְג עֶפְּפֶענֶען — הָאט זִיךְ גֶעוִוינְטְצֶעלְט דֶער פָּאלִיצִיסְט — פָארלַייפִיג אָבֶער מוּז אִיךְ אוּנְטֶערזוּכֶען דִי טַאשֶׁען...

נָאכְדֶעם וִוי דֶער פְּרָאטָאקָאל אִיז גֶעוֶוען אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶען הָאט פּוֹטִיפֶרַע בֶּע־פְרַייט זַארֶזֶעטטַאס הֶאנְד פוּן דִי מֶעכַאנִישֶׁע שְׁפְּרִינְגְפֶעדֶערֶען אוּנ דֶער פָּאלִיצִיסְט הָאט זִי אַוֶועקְגֶעפִיהרְט מִיט זִיךְ. זִי אִיז אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען נִיט טוֹידְט אוּנ נִיט לֶעבֶּעדִיג, אַלֶץ הָאט זִיךְ גֶעדְרֶעהט אַרוּם אִיהְר אוּנ זִי הָאט רֶעכְט נִיט פֶערשְׁטַאנֶען וואוּ מֶען פִיהְרְט זִי...

# XXXVI.

## גאסט אין קאיעננא.

אין פראנצויזישען קאיעננא איז געוועזען א מענש, וועלכער האט געלעבט פריי ווי א פויגעל אונ פונדעסטוועגען איז איהם געוועזען ערגער פון אללע אונגליקליכע פערשיקטע אויף דעם טייפעלס אונ אנדערע אינזעלען.

דער מענש האט געוואהנט אין א רייכען פאלאץ, ער האט געהאט צו זאגען איבער פיעל דיענער אונ אנדערע מענשען, זיין קלענסטער פערלאנג איז אויף דעם וואונק די מינוט ערפיללט געווארען אונ פונדעסטוועגען האט ער זיך יעדען טאג געווינשט דעם טויט;

דאס איז געוועזען דער גובערנאטאר פון קאיעננא — גרעפפין.

זינט ער האט צוריקגעבראכט דרייפוסען האט איהם א אונגליקק פאססירט אונ ער איז געווארען מרה שחורה.

דער באזער גובערנאטאר האט נור איין בעשעפעניש ליעב געהאט, דאס איז געוועזען זיין פרוי, וועלכע ער האט אראבגעבראכט פון אמעריקא.

איהר וואללט ער אלץ צוליעב געטהון, פאר איהר איז איהם גאר קיין זאך ניט שווער געוועזען אונ טאג ווי נאכט האט ער איהר נור געקוקט אין די אויגען.

אונ די העכסט געליעבטע פרוי איז איהם קראנק געווארען אונ אין א פאר וואכען נאך דרייפוסעס ענטלויפען — געשטארבען.

פארן טויט האט זי צוגערופען דעם גובערנאטאר צו זיך אונ מיט א שוואכען קול געזאגט, אז זי שטארבט נור דערפאר, ווייל זי האט ניט געקענט לייגער צוקוקען, ווי ער קוועלט די פערשיקטע ארעסטאנטען אונ בעגעהט זיך שלעכט מיט אללע איינוואהנער פון קאיעננא.

גרעפפין האט אנגעווענדט אללע מיטטלען צו דערראטעוועו דאס לעבען פון זיין געליעבטער פרוי, זיין גאנצע מיה איז אבער געוועזען אומזאנסט אונ די דאקטורים האבען געמוזט מודה זיין, אז אין זייער האנד איז ניט איהר הילף, זי האט א הארץ-פעהלער אונ דארויף איז קיין תרופה — ניט דא.

די יונגע פרוי איז געשטארבען אונ פון דעם טאג אן האט דער גובערנאטאר פערלארען זיין מוטה. ס'איז שוין א געשיכטע פון עטליכע מאנאט אונ אויף גרעפפינס פנים האט זיך נאך ניט בעוויזען קיין שמייכעל, קיין פרעהליכע מינע. פערמרה-שחורהט געהט ער שטענדיג ארום בייז אונ רעדט ניט א ווארט.

דאס אלץ איז נאך אבער א קלייניגקייט געגען די צרות, וואס ער ליידט ביי נאכט אונ פון וועלכע קיינער ווייסס ניט, אויסער איהם.

דאמאלס, ווענן אללע מענשען געניסען פון דעם זיסען שלאף, קען ער

אַ אויג גיט צוּמַאכֶען אוּנ דֶער פְּרוּיס בִּילְד קוּמְמְט אִיהְם פָאר פַאר דִי אוֹיגֶען, ס'דַאכְט זִיךְ אִיהְם, אַז זִי רֶעדְט אִיהְם אוּיס, וָואס זִי אִיז אַזוֹי יוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט גֶעגַאנְגֶען צוּלִיעבּ אִיהְם. עֶר הֶערְט אִיהְר קוֹל, עֶר זֶעהט אִיהְר בְּלַאסֶען פָּנִים אוּנ אַ שׁוּידֶער גֶעהט אִיהְם דוּרְךְ אִיבֶּער אַלֶע גְלִידֶער.

ס'אִיז נִיט דָא קֵיין עֶרְגֶערֶע זַאךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט וִוי נִיט שְׁלָאפֶען בַּיי דֶער נַאכְט. גְרֶעפְּפִין וֵוייס עֶס פוּן פְּרַאקְטִיק.

עֶר הָאט שׁוֹין אָנְגֶעוֶוענְדְט אַלֶע מִיטְטֶעלְן, זִיךְ בֶּעְרַאטֶען מִיט דָאקְטוֹרִים, ס'אִיז אָבֶּער אוּמְזִיסְט דִי אַרְבֵּייט.

זַיין לַייבּ-דָאקְטָאר, הֶערר רָאַאן, צִיעהט מִיט דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ וֵוייסס נִיט וִוי אָנְצוּרוּפֶען דִי קְרַאנְקְהֵייט.

— דָאס אִיז אַלְץ נֶערוֶוען — זָאגְט עֶר אַבִּי נוּר פְּטוּר צוּ וֶוערֶען — אִין מֶעדִיצִין אִיז נִיט דָא דַארוּיף קֵיין מִיטְטֶעל, נוּר אוֹיבּ דֶער הֶערר גוּבֶּערנַאטָאר זָאלל מִיר וֶועלֶען פָאלְגֶען הָאבּ אִיךְ פַאר אִיהְם אַ עֵצָה.

— רֶעדְט, דָאקְטָאר, אוֹיבּ ס'אִיז נוּר מֶעגְלִיךְ וֶועלל אִיךְ גֶעוִויסס אַייךְ פָאלְגֶען, אִיךְ בִּין שׁוֹין אוֹיס מֶענְשׁ פוּן דֶעם נִיט-שְׁלָאפֶען.

— אִין יֶעדֶער קְרַאנְקְהֵייט מוּזֶען מִיר זוּכֶען דִי רִיכְטִיגֶע סִבָּה פוּן וַואנֶען דִי שְׁלַאפְקֵייט הוֹיבְּט זִיךְ אָן. אַייעֶר נֶערוֶוען-שְׁוַואכְקֵייט קוּמְמְט אַרוֹיס דֶערפוּן, וָואס אִיהְר הָאט צוּ פְרִיה פֶערלָארֶען אַייעֶר גֶעלִיעבְּטֶע פְרוֹי. דָאס אִיז דָאךְ אָבֶּער שׁוֹין אַ פֶערְפַאלֶלֶענֶע זַאךְ, דִי טוֹידְטֶע קוּמֶען נִיט צוּרִיק אוּנ דַארִיבֶּער מוּז דֶער הֶערר גוּבֶּערנַאטָאר זִיךְ אוֹיסזוּכֶען צְוִוישֶׁען דִי לֶעבֶּענְדִיגֶע אַ פַּאסֶענְדֶע פְּרוֹיֶענְצִימֶמֶער, וֶועלְכֶע זָאלל אִיהְם מַאכֶען פֶערגֶעסֶען דִי גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע.

גְרֶעפְּפִין הָאט אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ גֶעגֶעבֶּען.

— אַ אוּנְגְלִיקק מִיט דִי דָאקְטוֹרִים — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — זֵיי הָאבֶּען תָּמִיד לִיעבּ צוּ גֶעבֶּען עֵצוֹת דַאמָאלְס, וֶוענן זֵיי וֵוייסֶען גַאנְץ גוּט אַז דֶער פַּאצִיֶענְט אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד זֵיי אוֹיסצוּפִיהְרֶען. דַארְף אִיךְ אַייךְ דֶענן עֶרְשְׁט נָאךְ אוֹיפְקְלֶעהְרֶען, אַז אִין קַאיֶענַא אִיז פַאר מִיר קֵיין פַּאסֶענְדֶעס מֶעדְכֶען נִיט דָא, אִיהְר קֶענְנְט דֶענן נִיט אוּנְזֶער גֶעגֶענְד?

אוּנ גְרֶעפְּפִין אִיז וָואס אַ טָאג אַלְץ טְרוֹיעֶרִיגֶער גֶעוָוארֶען. עֶר הָאט שׁוֹין זָאגַאר גֶעשְׁרִיבֶּען אִין פַּארִיז, מֶען זָאלל אִיהְם עֶרְלוֹיבֶּען אַ לֶענְגֶערֶען אוּרְלָאפּ אָדֶער אִין גַאנְצֶען בֶּעפְרַייעֶן פוּן דֶער שְׁטֶעלֶע.

— אַז כְ'וֶועלל זַיין אַ פְרַייעֶר מֶענְשׁ — הָאט עֶר גֶעקְלֶעהְרְט בַּיי זִיךְ — וֶועלל אִיךְ מִיר לָאזֶען וואהְלְגֶעהְן. אִין פַּארִיז, אִין לוּסְטִיגֶע גֶעזֶעלְלְשַׁאפְטֶען פוּן שֶׁאנֶע דַאמֶען, בַּיי אַ גְלֶעזֶעל שַׁאמְפַּאנְיֶער וֶועלֶען מִיךְ דִי טוֹידְטֶע נִיט שְׁרֶעקֶען. וַויין אוּנ פְרוֹיֶען וֶועלֶען מִיר דִי מָרָה שְׁחוֹרָה פֶערטְרַייבֶּען.

אֵיין מָאל זִיצֶענְדִיג פֶערטְרַאכְט בַּיים שְׁרַייבּ-טִישׁ הָאט עֶר דֶערהֶערְט אַ קְלוּנְג אִין זַיין פָאדֶערצִימֶמֶער.

גְלַייך נָאכדֶעם אִיז אַרַיין דֶער דִיעֶנֶער.

– וָואס ווִילְלְסְט דוּ? – הָאט אִיהְם וִוי שְׁטֶענְדִיג בְּאז גֶעפְרֶעגְט דֶער גוּבֶּער־נַאטָאר.

דֶער דִיעֶנֶער הָאט אִיהְם הֶעפְלִיךְ דֶערלַאנְגְט אַ זִילְבֶּערְנֶע טֶאצֶעל, אוֹיף וֶועלְכֶער ס'אִיז גֶעלֶעגֶען אַ וִויזִיט־קַארְטֶע.

– דִי הֶערְשַׁאפְט הָאבֶּען דִי עֶהרֶע צוּ בֶּעטֶען, דֶער הֶערר גוּבֶּערְנַאטָאר זָאלל אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ זַיין אוּנ זַיי עֶרְלוֹיבֶּען אַרַיינְצוּקוּמֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע וָוארְטֶער.

גְרֶעפְּפִין הָאט צוּגֶענוּמֶען דִי קַארְטֶע אוּנ פֶערווָאוּנְדֶערְט אִיבֶּערגֶעלַייעֶנְט אַ אוּנְבֶּעקַאנְנְטֶע פַאמִילְיֶע:

„מִיסְטֶער אוּנ מִיסְטְרִיס בָּאב פָארְשְׁטֶער. לָאנְדָאן”.

– אִיךְ ווייסס נִיט וֶוער זַיי זַיינֶען. דֶעם נָאמֶען הֶער אִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל. זָאג זַיי אז אִיךְ בִּין שְׁטַארְק פֶערנוּמֶען אוּנ בִּין אִיבֶּערהוֹיפְּט יֶעצְט נִיט גֶענֵייגְט צוּ מַאכֶען נַייעֶ בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט.

דֶער דִיעֶנֶער אָבֶּער, וִוי ס'וַוייסְט אוֹיס, הָאט גֶעמוּזְט קְרִיעֶגֶען אַ גוּטֶע נָאב פוּן דִי נַייעֶ גֶאסְט, ווייל עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעללְט אוּנ גֶעעֶנְטְפֶערְט:

– כְּ'מוּז מִיר עֶרְלוֹיבֶּען אוֹיפְמֶערְקְזַאם צוּ מַאכֶען דֶעם הֶערְן גוּבֶּערְנַאטָאר, אַז דָאס פָּאר־פָאלְק זֶעהֶען אוֹיס זֶעהר רַייךְ אוּנ עֶדֶעל, אֶמֶתֶע עֶנְגְלֶאנְדֶער. לוֹיט וִוי מֶען רֶעדְט אִין שְׁטָאדְט זַיינֶען זַיי גֶעקוּמֶען צוּ פָאהְרֶען פָארגֶעסְטֶערְן אוּנ דִי נְסִיעָה דוּרְךְ קַאיֶענֶער זוּמְפֶּען אִין בֶּעגְלֵייטוּנְג פוּן שְׁוַוארְצֶע גֶעגֶערְם הָאט זַיי גֶעקָאסְט אַ אוֹצָר מִיט גֶעלְד.

אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען זַיינֶען זַיי אִין דֶעם גְרֶאסְטֶען הָאטֶעל אוּנ פִיהְרֶען זִיךְ גְרוֹיסס־אַרְטִיג, אִיבֶּערהוֹיפְּט אִיז זֶעהר אִינְטֶערֶעססַאנְט דִי פְרוֹי, אַ זֶעלְטֶענֶע שֶׁאנְהַייט מִיט אַ פָּאר שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען.

גְרֶעפְּפִין הָאט דָאס מָאל מוֹחֵל גֶעוֶוען דֶעם דִיעֶנֶער פַאר זַיין דְרַייסְטִיגְקַייט. רַייכֶע אוּנ אָרְדֶענְטְלִיכֶע גֶאסְט קוּמֶען אִין קַאיֶענְנֶא זֶעהר זֶעלְטֶען. אֶפְשַׁר אִיז דָאס טַאקִי אַ צוּפַאלל זִיךְ אַבִּיסֶעל צוּ צוּשְׁטְרַייעֶן.

– לָאז זַיי אַרַיין – הָאט עֶר נָאךְ אַ קְלֵיינֶער פוֹיזֶע בֶּעפָאהְלֶען דֶעם דִיעֶנֶער.

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם הָאט דֶער קַאיֶענֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גְרֶעפְּפִין דֶער־זֶעהֶען פַאר זִיךְ צְווֵיי זֶעלְטֶענֶע פִיגוּרֶען.

דֶער מַאנְן אִיז גֶעוֶוען עֶלֶעגַאנְט גֶעקְלֵיידְט אוּנ שְׁטַארְק גֶעבּוֹיט. הוֹיךְ אִין וואוּקס, מִיט אַ פִיגוּר פוּן אַ רִיז, אַ פָּאר עֶנְגְלִישֶׁע בַּאקֶענְבַּארְדֶען מִיט הֶעללְבְּלוֹיֶע רוּהִיגֶע קַאלְטְבְּלִיטִיגֶע אוֹיגֶען. ס'אִיז גֶעוֶוען קֶענְנְטִיג, אַז דֶעם מֶענְשֶׁען וֶועט קֵיין זַאךְ נִיט פוּן גֶעדוּלְד אַרוֹיסבְּרֵיינְגֶען, עֶר וֶועט זִיךְ זָאגַאר נִיט אוֹיפְרֶעגֶען, וֶוענְן דֶער צִילִינְדֶער זָאלל אִיהְם אַרוֹיספַאללֶען פוּן דֶער הַאנְד, אָדֶער דֶער הַאלְז־טוּךְ פוּן קַארְק.

מִיט אֵיין וָוארְט, דֶער גוּבֶּערנַאטָאר הָאט דֶערזֶעהֶען אַ אֶמֶת'ן טִיפּ פוּן אַ עֶנְגְ־לֶענְדֶער, וֶועלְכֶער רֶעדְט וֶועניג, נוּר גְהוּט פִיעל אוּנ פַאר וֶועלְכֶעם ס'איז נִיט צוּ שְׁוֶוער אַרִיבֶּער צוּ פָאהֶרֶען אֲפִילוּ אִין דֶער וַוייטֶער אוּנ פָערלָאזֶענֶער הַייסֶע קַאיֶענֶנַא.

אַ קָאנְטְרַאסְט פוּן אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין פְרוֹי.

אִין אִיהְרֶע מַאנִיעֶרֶען אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען לַייכְט צוּ דֶערקֶענֶנֶען אַ עֶנְגְלֶענְדֶערִין.

פוּן מִיטְטֶעלְן וואוּקְס מִיט אַ שְׁלַאנְקֶער פִיגוּר, גֶעקְלֵיידֶעט אֵיינְפַאךְ, נוּר מִיט גֶעשְׁמַאק, הָאט דִי יוּנְגֶע פְרוֹי אוֹיסגֶעזֶעהֶען זֶעהר שֶׁאן.

דֶער גוּבֶּערנַאטָאר הָאט זַיי בֶּעגְרִיסְט שְׁטְרֶענְג, זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער לַאנְג אָבְּגֶעשְׁטֶעללְט אוֹיף דֶער פְרוֹי'ס שֶׁאן גֶעזִיכְט, גְלַייךְ וִוי עֶר זָאל וֶועללֶען מִיט זַיין בְּלִיק פְרֶעגֶען:

— וִוי אַזוֹי הָאט אַזַא שֶׁאן בְּלוּם פֶערבְּלָאנְזֶעט אִין דָאס אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע קַאיֶענְנַא?

אוּנ גְלַייךְ וִוי זִי וָואלְט פֶערשְׁטַאנֶען דִי שְׁטוּמֶע פְרַאגֶע, הָאט דִי יוּנְגֶע עֶנְגְלֶענְדֶערִין בַּאלְד גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— בְּ'פֶערשְׁטֶעה אַז דֶער הֶערר גוּבֶּערנַאטָאר וֶועט זַיין זֶעהר פֶערוואוּנְדֶערְט פוּן אוּנְזֶער אוּנְפֶערהָאפְּטֶען בֶּעזוּךְ אוּנ דַארִיבֶּער ווִילל אִיךְ דִי עֶהרֶע הָאבֶּען קוֹדֶם־כָּל אִיהְם צוּ דֶערלַאנְגֶען דֶעם בְּרִיעף, מִיט וֶועלְכֶעם דֶער עֶנְגְלִישֶׁער קָאנְזוּל אִין פַּארִיז שְׁטֶעללְט אוּנְז פָאר.

דֶער עֶנְגְלִישֶׁער קָאנְזוּל אִין פַּארִיז אִיז גֶעוֶועזֶען גְרֶעפְּפִינְס אַ בֶּעקַאנְטֶער פוּן דֶער יוּגֶענְד. אִין דֶעם בְּרִיעף הָאט עֶר אִיהְם הֶערצְלִיכְסְט רֶעקָאמַאנְדִירְט דָאס פָּאר־פָּאלְק פָארשְׁטֶעטֶער אַלְס זַיינֶע גוּטֶע בֶּעקַאנְטֶע אוֹיס לָאנְדָאן. וֶוען דֶער גוּבֶּערנַאטָאר הָאט גֶעלֵייעֶנְט דֶעם בְּרִיעף אִיז פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען נִיט אַוֶועק דִי בֶּעמֶערקוּנְג, אַז רֶעדֶען רֶעדְט נוּר דִי פְרוֹי אוּנ דֶער עֶנְגְלֶענְדֶער שְׁטֶעהט דִי גַאנְצֶע צַייט וִוי אַ זַייל, גְלַייךְ וִוי אִיהְם גֶעהט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט נִיט אָן.

וִוי ס'וַוייזְט אוֹיס אִיז גְרֶעפְּפִין גֶעבְּלִיבֶּען צוּפְרִידֶען מִיט דֶעם בְּרִיעף, ווַייל גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעעֶנְדֶערְט דֶעם טָאן אוּנ פִיעל וַוייכֶער גֶעזָאגְט:

— מִיר אִיז זֶעהר אַנְגֶענֶעהם, מַיינֶע הֶערְשַׁאפְט, אַייךְ אוֹיפְצוּנֶעהְמֶען. לֵיידֶער קֶענְן אִיךְ מִיר נִיט אַיינְרֵיידֶען, אַז אִיהְר וֶועט אַייךְ גוּט וַויילֶען אִין אוּנְזֶער פֶערוָוארְפֶענֶעם ווִינְקֶעל. וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ וַוייסְט אִיהְר דָאךְ שׁוֹין מִיט וָואס אַזַא מֶענְשׁ וִוי אִיךְ בִּין לֵיידֶער בֶּעשֶׁעפְטִיגְט.

מַיין אַרְבֵּייט בֶּעשְׁטֶעהט אִין דֶעם, אוֹיפְצוּפַּאסֶען דִי אַללֶע אוֹיסוואוּרְפֶען, וָואס דִי גֶעבִּילְדֶעטֶע וֶועלְט וַוארְפְט מִיט חֶרְפָּה אַרוֹיס פוּן זִיךְ.

— נִיט יֶעדֶערֶער קֶענְן אָבֶּער רֵיינִיגֶען דֶעם שְׁמוּטְץ — הָאט דִי יוּנְגֶע עֶנְגְלֶענְ־דֶערִין גֶעעֶנְטְפֶערְט — דֶערצוּ בֶּעדַארְף מֶען הָאבֶּען פִיעל כֹּחַ אוּנ אַ בֶּעזוּנְדֶערְן מוּטְה.

די תשובה איז דעם גובערנאטאר געפאללען געווארען.

— ליעבער ב א ב! — האט זיך דערווייל די ענגלענדערין אבגערופען צו איהר מאן — זיי אזוי גוט און לויף גיך אוועק אין האטעל. די מינוט האב איך מיר ארומגעזעהן אז כ'האב אין האטעל פערגעסען מיין רייזע־טאש. מיר געהט ניט אזוי פיעל וועגען די עטליכע טויזענד פראנק, וואס דארטען ליגען, נור מיר איז א שאד די רייזע־טאש אליין, וועלכע כ'האב ערהאלטען א פרעזענט פון פרוי ס א ל י ס ב ו ר י[1].

מיסטער פ א ר ש ט ע ר האט זיך א נייג געגעבען, גלייך ווי א מעכאנישע פיגור און מיט רעשפעקט געזאגט:

— דיין וואונש, טהייערע א ל י צ י א, איז פאר מיר א בעפעהל, וועלבער וועט די מינוט געשעהען.

— און דער הערר גובערנאטאר וועט אזוי גוט זיין אויף דער קורצער צייט צו ווערען מיין קאוואליר.

— מיט דעם גראססטען פערגעניגען — האט צופריעדען ג ר ע פ פ י ן געענטפערט.

אז דער דיקער ענגלענדער איז אוועקגעגאנגען, האט זיך אליציא'ס געזיכט אין גאנצען געענדערט און זי האט אין פערצווייפלונג פערבראכען מיט די האנד...

---

דער גובערנאטאר האט זיך ניט אויף א געלעכטער דערשראקען פון דער ענדערונג וואס ס'איז פארגעקוממען אין דער פרוי.

— וואס איז מיט אייך, געעהרטע מאדאם? — האט ער אונרוהיג געפרעגט — איהר זייט עטוואס ניט געזונד?

— אה, הערר גובערנאטאר — האט די יונגע פרוי אויסגעשריגען און איהרע אויגען זיינען פייכט געווארען — איך בין ניט קראנק, נור אונגליקליך. וואס פאר א מיינונג קענט איהר אבער האבען וועגען מיר? וואהרשיינליך האט איהר דאך בעמערקט אז כ'האב מיט פלייסס אוועקגעשיקט מיין מאנן, כדי מיר זאללען קענען בלייבען אליין.

— דעם אמת גערעדט האב איך עס בעמערקט, כ'האב אייך אבער גאר ניט חושד געווען.

— א דאנק אייך, הערר גובערנאטאר, דאס איז נאך א בעווייז, אז כ'האב צו טהון מיט א ארדענטליכען מענשען און דאריבער בין איך דרייסטיגער אייך צו פערטרויען מיין סוד.

ביי די ווערטער האט די שאנע ענגלענדערין געווארפען אויף ג ר ע פ פ י נ ע ן אזא פייערדיגען בליק אז ס'איז איהם געווארען ווארם אין אללע גליעדער.

---

[1]) סאליסבורי איז איינער פון די גראססטע מיניסטארען אין ענגלאנד.

— איהר מֶעגט אייך גאַנץ זיכער פֶערלאָזען אויף מיר — האָט ער געזאָגט — זאלל זיך אייך דאַכטען אַז איהר רעדט צו אַ ברודער, ניט צו אַ פרעמדען, אונבעקאַנטען מענשען.

— אַלזאָ גוט. הערט אויס וואס כ'וועלל אייך זאָגען:

נייט וויסען אַז כ'בין ניט געקומען מיט מיין מאַנן אויף אַ לוסט-רייזע, נור דאַבּיי האָבען מיר אַ פיעל וויכטיגערען צוועק, וועלכער היינגט נור אָב פון אייך.

— פון מיר?

— יאָ, פון אייך, אונ גלייכצייטיג מוז איך אייך אויפמערקזאם מאַכען, אַז מיין מאַנס לעבען היינגט אָב דערפון.

דעם גובערנאטאָרס נערווען האָבען זיך בּיי די ווערטער אויפגערעגט אונ ער איז געוואָרען מלא חשד.

— מאַדאם, ענטשולדיגען זי, לויט ווי כ'זעה געהט איהר אויף אַ פאַלשען וועג. אין אייערע אויגען דערקענן איך אַז ס'האַנדעלט זיך וועגען אַ אַרעסטאַנט — האַ, איהר ווערט רויט — כ'האָב אַלזאָ געטראָפען. איהר, מאַדאם, האָט אָבער אַ שטאַרקען טעות. איך בין ניט אים שטאַנד צו בעפרייען זאָגאר דעם קלענסטען פערברעכער, דארויף מוז איך האָבען אַ שריפטליכע ערלויבּניס אויס פּאַריז. נור אפשר מיינט איהר מיך אונטערצוקויפען מיט געלד, זאָג איך אייך פאָראויס אַז ס'איז גאָר אַזוי פיעל געלד ניט דאָ אויף דער גאַנצער וועלט מיר צו געבען שוחד.

די יונגע ענגלענדערין האָט ענערגיש אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

— הערר גובערנאטאָר, איהר בעליידיגט מיך. פאַר ווּעמען נעמט איהר מיך אָן? ווי קומם איך צו אייערע אַרעסטאַנטען, וואס פאַר אַ געשעפטען קענן איך האָבען מיט זיי?

דאָ האַנדעלט זיך גאָר וועגען אַ נ'אַנדער זאַך אונ כ'מוז פון אייך האָבען אַ תשובה, נאָך עהדער ווי מיין מאַנן וועט קומען צוריק.

דער גובערנאטאָר האָט העפליך זיך אַ נייג געגעבען, וואס האָט געזאָללט בעדייטען, אַז ער הערט גערן אויס די אינטערעסאַנטע געשיכטע.

— מיין מאַנן, מיסטער באָב פּ א ר ש ט ע ר — האָט די ענגלענדערין מיט דעם נאָמען אַ ל י צ אַ אנגעהויבען איהר ערצאַהלונג — איז איינער פון די רייכסטע לאָנדאָנער קויפלייטע. זיין פאָטער איז שוין געוועזען אַ בעריהמטער סוחר אונ נאָך יענעמס טויט האָט מיין מאַנן איבערגעגעבען אַללע געשאַפטען אין די מענשענס האַנד אונ אַלליין האָט ער זיך בעזעצט אין זיין גוט ניט ווייט פון לאָנדאָן, וואו ער האָט געלעבט רוהיג אונ גוט.

פערציג יאָהר איז ער געוועזען אַקאַוואליר, נאָכדעם איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט מיר אונ זיך בעשלאָסען חתונה צו האָבען.

— דארויף וואונדער איך מיר גאָר ניט.

אַלִיצְיַא הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט הֶארֶענְדִיג דֶעם קָאמְפְּלִימֶענְט אוּנ וַוייטֶער גֶעזָאגְט :

– פַּארדֶעם הָאט אִיהְר מִיר צוּגֶעזָאגְט , אַז כְּ'מָאג מִיט אַייךְ רֶעדֶען וַוי צוּ אַ בְּרוּדֶער אוּנ דַארִיבֶּער וֶועלל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען אָפֶּען , אַז אִיךְ הָאבּ חֲתוּנָה גֶעהַאט פַּאר מַיין מַאנן אָהן לִיעבֶּע. כְּ'בִּין גֶעוֶוען אַ עֶלֶענְדֶע , אַ אָרֶעם מֵיידֶעל אוּנ עֶר שְׁטַארְק רַייךְ. כְּקֶענן נִיט זָאגֶען , דִי עֶרְשְׁטֶע יָאהֶרֶען נָאךְ אוּנזֶער חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיר גֶעלֶעבְּט גַאנְץ גְלִיקְלִיךְ , בִּיז דָאס אוּנְגְלִיקק הָאט נִיט גֶעטְרָאפֶען .

דָאס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְלַייךְ נָאךְ דְרֵייפוּסֶעס פְּרָאצֶעס .

גְרֶעפְּפִין הָאט פְּלוּצְלִינְג אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ .

– וָואס ? – הָאט עֶר זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט – דְרֵייפוּס דֶער אַרֶעסְטַאנְט פוּן טֵייפֶעלְס־אִינְזֶעל אִיז דִי אוּרְזַאכֶע פוּן אַייעֶר אוּנגְלִיקק ?

– לֵיידֶער דוּרךְ אִיהְם אוּנ פוּן אִיהְם שְׁטַאמְמְט דָאס גַאנְצֶע אוּנגְלִיקק .

– אִיהְר וֵוייסְט , מַאדַאם , יֶעצְט אִינְטֶערֶעסִירְט מִיךְ אַייעֶר עֶרְצֶעהלוּנְג דָאפֶּעלְט .

דִי שֶׁאנֶע עֶנְגְלֶענְדֶערִין הָאט זִיךְ פְּלוּצְלִינְג צוּוֵוינְט .

– אַךְ , הַלְוַאי וָואלְט עֶר גָאר קֵיין מָאל נִיט גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען – הָאט זִי רִיהֶרֶענְד גֶעזָאגְט – הַלְוַאי וָואלְט עֶר גָאר אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט גֶעוֶוען דֶער קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס. צוּלִיעבּ אִיהְם מוּז אִיךְ אַזוֹי פִיעל לֵיידֶען. וֶוענן אִיךְ בִּין אִים שְׁטַאנְד וָואלְט אִיךְ אִיהְם פֶערְשָׁאלְטֶען .

– אִיהְם שֶׁילְט שׁוֹין סַיי וַוי סַיי דִי גַאנְצֶע וֶועלְט .

– אָט אִין דֶעם שְׁטֶעקְט טַאקִי דָאס אוּמְגְלִיקק , וָואס דִי גַאנְצֶע וֶועלְט בֶּעשֶׁעפְטִיגְט זִיךְ מִיט אִיהְם – הָאט אַלִיצְיַא זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען הַאלְבּ אִין כַּעַס – אַללֶע צַייטוּנְגֶען רֶעדֶען נוּר פוּן אִיהְם , גַאנְצֶע בִּיכֶער זַיינֶען שׁוֹין פֶערְשְׁרִיעבֶּען וֶוענֶען אִיהְם , וָואהִין מֶען קוּמְמְט נוּר אִין יֶעדֶער גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט , אוֹיף יֶעדֶען אָרְט , אִין טְהֶעאַטֶער , אִין שְׁפַּאצִירגָארְטֶען , מִיט אַיין וָוארְט : אִיבֶּערַאלל , וואוּ מֶענְשֶׁען קוּמֶען זִיךְ נוּר צוּנוֹיף , הֶערְט מֶען נוּר רֵיידֶען וֶוענֶען דְרֵייפוּסֶען .

זָאגַאר מַיין מַאנן , וֶועלְכֶער אִיז צַייט דָאס לֶעבֶּען גְלַייכְגִילְטִיג גֶעוֶוען צוּ אַללֶע פְרַאגֶען פוּן דֶער וֶועלְט , הָאט זִיךְ פְּלוּצְלִינְג אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אִינְטֶערֶעסִירֶען וֶוענֶען דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס , אוֹיבּ עֶר אִיז וִוירְקְלִיךְ שׁוּלְדִיג פֶערשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם טֵייפֶעלְס־אִינְזֶעל .

צוּם אָנְהוֹיבּ הָאבֶּען מִיךְ וֶועניג וָואס גֶעקִימֶערְט מַיין מַאנְנְס רֵייד. דִי גַאנְצֶע וֶועלְט רֶעדְט , זָאלל עֶר אוֹיךְ .

אִין עֶטְלִיכֶע טֶאג אַרוּם אָבֶּער הָאבּ אִיךְ שׁוֹין לֵיידֶער בֶּעמֶערְקְט , אַז מַיין מַאנן אִיז אִין גַאנְצֶען אַרַיינְגֶעטְהוּן אִין דֶעם רַעְיוֹן אוּנ טְרַאכְטֶענְדִיג וֶוענֶען דֶעם פֶערגֶעסְט עֶר דִי גַאנְצֶע וֶועלְט .

עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין נִיט בֶּענוּגֶענְט דֶערמִיט , וָואס עֶר הָאט דַארִיבֶּער גֶערֶעדְט

טאג און נאכט ביי זיך אין שטוב, זאנדערן ביי איהם איז שוין אריין אין א מאניע צו פאהרען צו אללע גרויססע ארוואקאטען, כדי מיט זיי צו איבערשפּרעכען וועגען דרייפוסעס פּראצעס.

ביסליכווייז האט ער זיך איינגעקויפט א גאנצע ביבליאטעק פון געזעץ־ביכער און פערשריעבען בערג מיט פּאפּירען וועגען דער זאך.

און ווי א צומישטער איז ער ניט געבליבען ביי איין רעיון, נור שטענדיג געביטען די מיינונג, איין טאג איז דרייפוס געוועזן אין זיינע אויגען אונשולדיג ווי א קינד און מארגען האט ער דעם זעלבען קאפּיטאן שוין געהאלטען פאר דעם גרעססטען מורד־במלכות.

ערגער ווי אלץ איז אבער געוועזן דאס, וואס כ'האב געמוזט טאג ווי טאג אויס־הערען די אללע לאנגע געשריעבענע ארטיקלען איבער דרייפוס. צייטענווייז פלעגט זיך דאס פערציעהען ביז שפּעט אין דער נאכט און ווענן כ'פלעג צופעלליג ביי דעם איינדרימלען, איז מיין מאנן באזו געוואָרען און זיך מיט מיר געצאנקט אויף דעם ערנסטען אופן.

מיך האט די זאך אנגעהויבען שטארק צו ערגערען און כ'האב געאיילט זיך צו בעראטען מיט מיינע גוטע פריינד און מיט דאקטורים.

די גוטע פריינד האבען געצוינגען מיט די פּלייצעס און געהייסען מאכען א קאנסיליום פון עטליכע נערווען־דאקטורים.

דאמאלס בין איך געוואהר געוואָרען אז מיין מאנן האט דעם זינן פערלאָרען אויף דעם איינציגען פונקט איבער דרייפוסען.

— אויסטערליש! — האט זיך א בגערופען דער גובערנאטאר — ס'איז ווירקליך א מעשה נורא.

— יא, הערר גובערנאטאר, ס'איז זעהר טרויעריג. אזוי איז מיין מאנן פאלל־קאמען געזונד, איהר מעגט מיט איהם רעדען פון אלץ אין דער וועלט און ער וועט אייך ווי א אמתער דזענטעלמאנן לאגיש ענטפערען, נור סוף כל סוף וועט ער אייך ארויפברינגען אויף א שמועס איבער דרייפוסען און דאמאלס בין איך אייך ניט מקנא. אללענפאלס, אין דער לעצטער צייט האט ער זיך עטוואס בערוהיגט און ער איז נור בעשעפטיגט מיט איין משוגעת.

— איין משוגעת, זאגט איהר? — האט איהר איבערגעשלאגען די ריידע גרעפּין — אה, כ'קען גענוג מענשען, וואס ליידען פון א פיקסער אידעע. איך אלליין האב א בעקאנטען, וועלכער האט זיך איינגערעדט א משוגעת און קענן דאריבער אויג ניט צומהון, ער איז שוין אויס מענש פון דעם ניט שלאפען.

די ענגלענדערין איז געוועזן גענוג קלוג צו בעמערקען די ענדערונג, וועלכע ס'איז פארגעקומען אין דעם גובערנאטארס געזיכט, ווענן ער האט ארויסגערעדט די לעצטע ווארטער.

— איך, ליידער, בעדארף ניט קיין ביישפּיעלען — האט זי ווייטער געזאגט

נאָך מיט מעהר היטץ – כ'האב עס אַלץ געמזט אויף זיך אַלליין אויספּרובירען.

מיין מאַנן טראָגט זיך אַרום מיט דעם פיקסען געדאַנקען, אַז יעדע נאַכט, אום אַ געוויססע צייט, זעהט ער נעבען זיך דעם פערשיקטען קאַפּיטאַן אַלפרעד דרייפוס.

דער אונגליקליכער אַרעסטאַנט איז געשמידט אין קייטען. זיינע אויגען זייגען בלייך און איינגעפאַללען און מיט אַ געבעט שטרעקט ער אויס צו מיין מאַנן די האַנד און מיט אַ ציטערענדען קול שרייט ער צו איהם:

„דו ביסט דער איינציגער מענש, וואס האט אויף מיר ווירקליך רחמנות. דיר וויל איך אַלץ מודה זיין, דיר וויל איך פערטרויען אַללע מיינע סודות. קומם אַהער, בעוויז דיך נאַהענט פון מיר, און כ'וועלל דיר אויסזאָגען דעם ריינעם אמת אויב איך בין שולדיג, אָדער ניט.

און מיין מאַנן הערט זאַגאר ווי די קייטען קלינגען און ער זעהט ווי דרייפוס ווערט פערשוואונדען אין דער לופטען. געוויסס פערשטעהט איהר דאָך אַלליין, העררר גובערנאַטאר, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ בייזער חלום. וועלכען מיין מאַנן זעהט אין וואַכען, נור ווי די מעשה איז, איך בין דאַדורך אומגליקליך.

דער גובערנאַטאר האט זיך פערקלעהרט, ניט וויללענדיג האט ער זיך דער־מאַנט אָן זיין איינענעם אונגליקק, אויך אַ חלום, פון וועלכעם ער קענן ניט פטור ווערען.

– און וואס האט איהר געטהון דערצו? – האט ער נייגיעריג געפרעגט – וועלכע מיטטעלן האט איהר אַנגעווענדעט דעם חלום־גייסט צו פערטרייבען?

– אַך, פרעגט שוין גאר ניט, העררר גובערנאַטאר, ס'איז אַלץ אַנגעווענדעט געוואָרען וואס איינער האט נור געזאָגט. דערפון רעד איך שוין ניט, ווי פיעל געלד די דאָקטורים האָבען אונז געקאָסט.

– און ס'האט גאר ניט געהאָלפען?

– ניין, אַזוי לאַנג ווי כ'פלעג נאָך מיט איהם זיצען און פלוידערען איז נאָך געוועזען ווי ס'איז. אָהן מיר אָבער איז געוועזען גאר שלעכט.

גרעפּפּין האט אַ זיפץ געגעבען. ווי גוט וואָלט עס געוועזען ווען ער זאָלל האָבען נעבען זיך אַזאַ יונגע שאָנע פרוי. וואָלטען איהם אויך די חלומות קיין באַז ניט געטהון;

– ווען מיר האָבען אַלזאָ געזעהען – האט וויטער ערצעהלט פרוי פּאַר־שטער – אַז ס'העלפען ניט קיין מיטטעלען פון דאָקטורים און פּריוואַט־מענשען איז אונז איינגעפאַללען צו מאַכען אַ רייזע אין פרעמדע לאַנדער.

דאָס האט אָבער אויך ניט געהאָלפען.

ביי טאָג האט זיך באַב געהאַלטען ווי ס'איז, קוים אָבער קוממט אָן די נאַכט איז ווייטער דאָס זעלבע ליעד: דרייפוס און דרייפוס.

און ס'איז גלאַט אַ רחמנות אויף איהם דאַמאָלס צו קוקען. ער הויבט אָן צו

ציטטערען ווי אין פיבער, א קאלטער שווייסס בעגיסט איהם דאס לייב און ער קוקט ווילד פאר זיך.

אז מיר זיינען געקומען אין מאדריד, די הויפטשטאדט פון שפאניען, האב איך זיך צופעלליג געטראפפען מיט א קלוגען אלטען גייסטליכען.

— אויב איהר ווילט אייער מאנן זאלל זיך אויסהיילען פון דער פיקסער אידעע — האט צו מיר געזאגט דער קלוגער גייסטליכער, ווען כ'האב איהם ערצעהלט מיין טרויעריגע געשיכטע — איז נור דא איין עצה:

„פאהרט מיט איהם אוועק אין פראנצויזישע קאיעננא און שוינט ניט קיין מיה צו בעקאממען די ערלויבניס, אייער מאנן זאל אויף איין שעה בעטרעטען דעם טייפעלס-אינזעל. אייער מאנן מוז מיט זיינע אייגענע אויגען זעהען ווי דרייפוס זיצט פערשלאססען אויף דעם אינזעל, ער מוז פון דעם ארעסטאנטס מויל הערען, אז ער, דרייפוס, זיצט דארטען די גאנצע צייט.

„דאס וועט זיין פאר אייער מאנן די בעסטע תרופה.

„די גרעססטע משוגעת קענן מען אויסווארצלען מיט'ן אמת, דאס איז שוין א בעוואוסטער כלל אין אללע דולל־הייזער.

דער פארשלאג האט מיך צום אנהויב שטארק איבערגעשראקען. פון די ציימונגען האב איך געוואוסט, אז דרייפוס ווערט שטארק געהיט פון אללע זייטען און ס'איז גאר ניט קיין מעגליכע זאך א מענש זאלל איהם קעננען זעהען אדער ריידען.

„פאהרט אין גאטטס נאמען אהין — האט מיך דער גייסטליכער געטרייסט — ערצעהלט דעם קאיעננער גובערנאטאר די גאנצע געשיכטע און כ'בין זיכער, אז ער וועט אזוי שלעכט ניט זיין און געוויסס וועללען בייהילפיג זיין א מאנן, וועלכען גאטט האט געשטראפט מיט אזא שלאפקייט.

„פאהרט וואס געשווינדער, אויב איהר ווילט נאך דערראטעווען אייער מאנן, אזוי לאנג ווי ס'איז נאך צייט.

„געוועהנליך לאזט זיך אזא משוגעת ניט גוט אויס און גאנץ אפט ענדיגט עס מיט'ן טוידט.

ביי די ווארטער איז גרעפפין אין אנמאכט אניעדערגעפאללען אויף זיין פאטערשטוהל.

— גאטט מיין גאטט! וואס פעהלט אייך, העדר גובערנאטאר! — האט אליצא איבערגעשראקען געפרעגט — איהר זייט בלאסס געווארען, איהר ציטטערט.

גרעפפין איז ווירקליך וואס אמאל בלייכער געווארען און זיינע ליפפען האבען געשטאמעלט:

— עביגע משוגעת, זי לאזט זיך אויס מיט דעם טוידט... שרעקליך... שרעקליך...

— בְּזאלל אֶפְשַׁר אָנְקְלִינְגֶען אויף דֶעם דִיעֶנֶער ? — הָאט דֶערוַויל דִי עֶנְגְלֶענְדֶערִין גֶעפְרֶעגְט.

— נֵיין, דַאנְק אַייך — הָאט גְרֶעפּפִּין זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט צוּ עֶנְטְפֶערֶען — מִיר אִיז שׁוין וִויעדֶער גוט. אִיהְר הָאט אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג אָבְגֶעשִׁילְדֶערְט דִי לַאגֶע פוּן אַייעֶר אוּנגְלִיקְלִיכֶען מַאנן, אַז סְ'הָאט מִיךְ דוּרְכְגֶענוּמֶען.

דִי עֶנְגְלֶענְדֶערִין, ווִי סְ'וַויְיזְט אוֹיס, אִיז גֶעוֶועזֶען צוּפְרִיעדֶען פוּן דֶער תְּשׁוּבָה.

— דַארְף אִיךְ אַלְזָא הָאפֶפֶען — הָאט זִי הַאסְטִיג גֶעזָאגְט — אַז מַיין בִּיטֶע וֶועט עֶרְפִילְלְט וֶוערֶען אוּנ מִיר וֶועלֶען גֶענִיסֶען פוּן אַייעֶר רַחֲמָנוּת ? ...

אוּנ בַּיי דִי וֶוערְטֶער אִיז דִי שֶׁאנֶע עֶנְגְלֶענְדֶערִין אַנִיעדֶערְגֶעפַאלְלֶען פַאר דֶעם גוּבֶערְנַאטָאר אוֹיף דִי קְנִיע.

גְרֶעפּפִּין הָאט זִי הַאסְטִיג אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען פַאר דִי הֶאנְד.

— בֶּערוּהִיגְט אַייךְ, מִיסְטְרִיס פָּארְשְׁטֶער — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — פָּארְלֵייפִיג קֶענֶן אִיךְ אַייךְ זָאגַאר קֵיין רִיכְטִיגֶע אַנְטְוָוארְט נִיט גֶעבֶּען, וַוייל אַייעֶר בִּיטֶע אִיז נִיט אַזוֹי לַייכְט ווִי אַייךְ דַאכְט זִיךְ.

בַּיי אוּנְז אִיז זֶעהר שְׁטְרֶענְג פֶערְבָּאטֶען אַ פְרֶעמְדֶען מֶענְשֶׁען אוֹיף אֵיינֶעם פוּן דִי אִינְזֶעלְן אַרוֹיפְצוּלָאזֶען אוּנ זָאגַאר אִיךְ, דֶער גוּבֶערְנַאטָאר, הָאבּ דֶערְצוּ קֵיין רֶעכְט נִיט.

נָאךְ שְׁטְרֶענְגֶער אִיז עֶס בַּיי אַזַא פֶערְבְּרֶעכֶער, ווִי דְרֵייפוּס.

פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען זָאלְלְט אִיהר קֵיין הָאפְנוּנְג נִיט פֶערְלִיעֶרֶען : מִיר זֶענֶען דָאךְ אוּנְטֶער פִיער אוֹיגֶען, מֶעגֶען מִיר דָאךְ רֵיידֶען אָפֶען ! יֶעדֶער גֶעזֶעטְץ קֶענֶן פֶערְשִׁיעדֶען עֶרְקְלֶעהְרְט וֶוערֶען, אוּנ סְ'אִיז נִיט דָא אֵיין חוק אוֹיף דֶער וֶועלְט, וֶועלְכֶער זָאלל אַ מָאל נִיט הָאבֶּען אַ אוֹיסְנַאהמֶע. זוּכֶענְדִיג וֶועלֶען מִיר שׁוֹין גֶעפִינֶען אַ מִיטֶעל, ווִי אַזוֹי אַייעֶר מַאנן צוּ בְּרֵיינְגֶען אוֹיף דֶעם פֶערְבָּאטֶענֶעם אִינְזֶעל.

— מִיט וָואס זָאלל אִיךְ אַייךְ אָבְּדַאנְקֶען, הֶערר גוּבֶערְנַאטָאר, פַאר אַייעֶר גוּט הַארְץ ? — הָאט פְרוֹי פָּארְשְׁטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— פָּארְלֵייפִיג אִיז נָאךְ נִיט דָא פַאר וָואס, שְׁפֶּעטֶער וֶועלֶען מִיר זֶעהֶען, נוּר אַלְלֶענְפַאללְס מוּז אִיךְ שְׁטֶעלֶען אֵיין בֶּעדִינְגוּנְג.

— אַ בֶּעדִינְגוּנְג ? — הָאט דִי עֶנְגְלֶענְדֶערִין כִּמְעַט עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעפְרָאגְט.

— אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט דָאךְ אַלֵיין, גֶעעֶהרְטֶע פְרוֹי פָּארְשְׁטֶער — הָאט גְרֶעפּפִּין מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעעֶנְטְפֶערְט — אַז אוּם אַייךְ צוּ גֶעבֶּען אַזַא עֶרְלוֹיבְּנִיס, מוּז אִיךְ גוּט קֶענֶנֶען אַייךְ ווִי אַייעֶר מַאנן. אָבְּוָואהל אִיךְ הָאבּ נִיט דִי דְרַייסְטִיגְקֵייט צוּ צְוַוייפֶלֶען אִין אַייעֶר עֶהְרְלִיכֶען כַארַאקְטֶער, נוּר ווִי זָאגְט דִי וֶועלְט, פָארְזִיכְטִיגְקֵייט שַׁאדְט נִיט.

אוּם אַייךְ גוּט קֶענֶנֶען צוּ לֶערְנֶען, מוּז אִיךְ זַיין צוּזַאמֶען מִיט אַייךְ אַ גֶעוִויסֶע צַייט אוּנ דָאס אִיז נוּר מֶעגְלִיךְ, וֶוענְן אִיהר וֶועט אַזוֹי פְרֵיינְדְלִיךְ זַיין דֶעם הָאטֶעל צוּ פֶערְלָאזֶען אוּנ זִיךְ אַרִיינְצוּצִיעהֶען אִין מַיין הוֹיז.

– כ'ווייסס אללײן ניט וואס איך צו זאגען דארויף, הערר גובערנאטאר – האט אליציא אויך געענטפערט מיט א שמייכעל – אין אונזער האטעל פעהלט אונז זאגאר נאך זעהר פיעל צו בעקוועמליכקייט, כ'האב אבער מורא אייער פארשלאג אנצונעהמען, מיר זאללען אייך צופיעל ניט בעלאסטיגען.

– וועגען דעם האט איהר גאר ניט וואס צו טראכטען. מיין פאלאץ איז גענוג גרויס, דיענער פעהלען מיר אויך ניט און מיר וועט זיין זעהר אנגענעהם, ווענן כ'וועלל האבען מיט וועמען צו פערברייינגען.

ביי די ווארטער איז אנגעקוממען מיסטער באב.

אין דער האנד האט ער געהאלטען די קליינע רייזע־טאש.

– דאנק דיר, ליעבער מאנן. ווי שפיערסט דו דיך יעצט?

דער דיקער ענגלענדער האט גאנץ קאלטבלוטיג געענטפערט:

– פיעל בעססער, איבערהויפט דאמאלס, ווענן כ'דערמאנן מיך, אז כ'וועלל איהם גאר אין קורצען זעהען פערזענליך. ענדליך וועלל איך מיט מיינע אויערען הערען וואס ער האט מיר צו זאגען.

– אלץ איהם מיינט ער דאס? – האט גרעפפין שטילל געפרעגט די ענגלענדערין.

פרוי פארשטטער האט איהם א וואונק געגעבען, אז ער האט געטראפפען.

נאך אין דעם זעלבען טאג האט דאס פאר־פאלק שוין געוואהנט אין דעם גובערנאטארס הויז.

---

אז אונזער פאר־פאלק איז געבליבען אליין האבען זיי זיך גוט ארומגעקוקט, אויב קיינער הערט זיי ניט נאך. נאכדעם האט זיך די יונגע פרוי ברייט צוזעצט אין א שטוהל און אויף איהר געזיכט איז געוועזען קענטיג, אז זי איז העכסט צופריעדען מיט זיך.

– גאטט צו דאנקען – האט זי געזאגט – פארלייפיג איז אונז אלץ געלונגען, מיר זיינען שוין אין דעם לייבס נארע.

– וועלכער וועט אונז צורייססען אויף שטיקלעך, ווי באלד ער וועט געוואהר ווערען, אז מיר האלטען איהם ניט פאר א לייב, נור פאר א עזעל.

די יונגע פרוי האט זיך צולאכט פון דעם וויטץ...

– פאר א משוגענעם איז די תשובה געוועזען צו גוט – האט זי זיך אבגערופען – זייט אבער פארזיכטיג אדוני מיין מאנן, איהר קענט נאך מיט אייער חכמה איבער-פיהרען דעם גאנצען עסק:

– גיין, זאגט וואס איהר ווילט, נור כ'בין דא מאום אריינגעפאללען. ס'איז טאקי ווי דער עולם זאגט: „געזונד, פריש און משוגע”.

– שא, אום גאטטעס ווילען, קאפיטאן, נור ניט אזוי הויך.

דער פערשטעללטער ענגלענדער האט זיך שטארק צוהיצט.

– אונ איהר, אַליצְיַא טֶערְרְהִי, הָאט שוין אויך גָאר נִיט וָואס צו מְהוּן, נור מִיר צו שְׁטֶען זַאלְץ אויף די וואוּנְדֶען; „קַאפִּיטַאן" זָאגְט איהר? אַ שֶׁאנֶער קַאפִּיטַאן! דֶער קָאפּ דְרֶעהט זִיךְ מִיר אַזוֹי, אַז סוֹף כָּל סוֹף דֶערְקֶענֶן אִיךְ מִיךְ שוין אַלֵיין נִיט. מִיט וָואס וֵויים אִיךְ דֶענֶן אויף גֶעוִויסס אַז אִיךְ בִּין דֶער זֶעלְבֶּער שִׁיפְס־קַאפִּיטַאן קְלוֹיס גְרָאט, וֶועלְכֶער אִיז אַמָאל גֶעוֶוען אַ בְּרֵייטֶער בַּעַל־הַבַּיִת אִיבֶּער זַיין שִׁיף „בְּרִיגִיטַטא"? אֶפְשַׁר בִּין אִיךְ אַ דַייטְשׁ, אָדֶער גָאר אַ עֶנְגְלֶענְדֶער? מִיט אַ מָאל הַיים אִיךְ מִיסְטֶער בָּאב פָּארְשְׁטֶער – טְרָאג מִיךְ אַרוּם מִיט אַ אַיינְגֶעְרֶעדְטֶער קְרֵיינְק – אויף צוּגָאב וֶוערְט אִיהר מַיין וַוייב – אונ צוּזַאמֶען וָואהְנֶען מִיר בַּיי דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר אִין הויז, נוּ זָאגְט אַלֵיין, קֶענֶן מֶען וִוירְקְלִיךְ נִיט מְשׁוּגָע וֶוערֶען פוּן אַזַא מִישׁ־מַאשׁ אִין קָאפּ?

אַליצְיַא אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען גֶעהֶענְטֶער צו דֶעם דִיקֶען דַייטְשׁ אונ מִיט אַ עֶרְנְסְטֶען שְׁמֵייכֶעל גֶעזָאגְט:

– קוּקְט נור מִיךְ גוּט אָן, מַיין פְרַיינְד, נָאךְ אַ בִּיסֶעל פְרַיינְדְלִיכֶער -- אָט אַזוֹי אִיז גוּט, יֶעצְט דֶערְקֶענֶן אִיךְ אַייךְ שוין גוּט. אִיהר זַייט וִוי גֶעוֶוען, דֶער בֶּערִיהמְטֶער, דַייטְשֶׁער שִׁיפְס־קַאפִּיטַאן קְלוֹיס גְרָאט, אַזוֹי וִוי אִיךְ, דִי אַמֶערִיקַאנֶערְקֶע פָּאלִיצֵיי־גֶעהַיים־אַגֶענְטִין אַליצְיַא טֶערְרְהִי. פָּארְלֵייפִיג אָבֶּער, אויף אַ גֶעוִויססֶע צַייט, מוּזֶען מִיר בְּלַייבֶּען אִין אוּנְזֶער פֶערְשְׁטֶעלְטֶער רָאלֶע אונ פַאר דֶער וֶועלְט הַייסֶען דָאס פָּאר־פָאלְק פָּארְשְׁטֶער.

– אַ שֶׁאן פָּאר־פָאלְק, נִיט רִיהר מִיךְ אָן.

– לֵייגְט אָב אַייֶער גֶעלֶעכְטֶער אָן אַ זַייט – הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען אַליצְיַא – מִיר זַיינֶען אַהֶער נִיט גֶעקוּמֶען אויף חוֹזֶק צו מַאכֶען.

אויף אוּנְז לִיעגְט אַ חַל דֶעם קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס צו בֶּעפְרֵייעֶן אונ אִיהם צוּרִיק צו אִיבֶּערְגֶעבֶּען זַיין פַאמִילְיֶע. פָּארְלֵייפִיג אִיז עֶס אוּנְז גֶעלוּנְגֶען גוּט אָבְּצוּשְׁפִּיעלֶען דִי קָאמֶעדְיֶע אונ וַוייטֶער וֶועט גֶעוִויסס אויךְ גָאטט נִיט פֶערְלָאזֶען.

דָאס פֶערְשְׁטֶעלְטֶע פָּאר־פָאלְק הָאט זִיךְ צוּפְרִידֶען אָנְגֶעקוּקְט. זַייעֶרֶע אויגֶען הָאבֶּען דַייטְלִיךְ גֶעזָאגְט, אַז זֵיי זַיינֶען בֶּערֵייט אויף אַלֶץ.

XXXVII.

# דֶער קְלֵיינֶער גַנָב.

– הַאלְט מִיךְ נִיט אָב, מַתִּית, כְ'מוּז מְהוּן מַיין פְפְלִיכְט.

– הֶערְמִינְיֶע, גֶעדֵיינְק אָן גָאטט, וָואס מְהוּסְט דוּ?

– נֵיין, לִיעבֶּער שְׁוָואגֶער, כְ'הָאב שוין גֶענוּג גֶעקְלֶעהרְט, כְ'וֵוייסס אַלֶץ

גוט, אז דאס וואס איך גיה יעצט טהון, וועט מיין געליעבטען מאנן קיין גוטס ניט ברײנגען, בײַ ווייסס אז כ'גיה אנטקעגען דער סכנה, ווען כ'וועלל מיך אלליין אנרופען אלס שותפתה צו זארזעטטאס עבירה, דאס אלץ קענן מיך אבער ניט אבהאלטען, מיך שטיקט אבער דער געדאנקען אז צוליעב אונז וועט ליידען א אונשולדיגע בעשעפעניש.

מיט פיעל מיה איז עס געלונגען מתית דרייפוסען, הערמינע זאלל איהם וועניגסטענס אויסהערען, נאכדעם האט ער אנגעצונדען א ציגאר, זיך אלליין צו בערוהיגען אונ זיך געשטעללט געגענאיבער הערמינען.

– אמת – האט ער אנגעהויבען זיין רעדע – אז אויף אונזער פארשלאג איז זארזעטטא אריינגעטרעטען אין הויז פון בולאנזי.

אמת איז אויך, אז נור אונז צוליעב האט זי זיך בעשלאססען אויף אזא זאך, אריינצולאזען די האנד אין א פרעמדענס שופלאד.

צוליעב אונז שטעהט זי היינט אויך אין סוד, אונ וועט געוויסס בעקוממען א שווערען פסק.

מיר אלליין איז די זאך זעהר אונאנגענעהם אונ כ'האב מיר איינגעמאך צו־געשוואורען פון היינט מאל אן צו זארגען וועגען זארזעטטאס צוקונפט אונ ווי ווייט מעגליך פערזיכערען איהר א גוטען צושטאנד אין לעבען.

וואס ס'וועט נור זיין אין מיינע כחות וועלל איך געוויסס טהון. וואס קענן אבער העלפען, הערמינע, דיין אויסשטעללען זיך? דו וועסט נור זיך אונגליק־ליך מאכען אונ איהר קיין טובה ניט טהון.

פאקטיש האבען מיר גאר ניט וואס אויפצווייזען אויף עסטערהאזין מיט זיין געליעבטער. צו זייער טרעפהנעם מזל האבען זיי גענוג שכל יעדע זאך צו פערבארגען פון פרעמדע אויגען. מיט וואס וועללען מיר אלזא פארטרעטען? דער סוד וועט נאך אויף אונז קוקען ווי אויף שותפים צו דער גנבה. דרייפו־סעס נאמען איז שוין אזוי אויך בעשמוצט אונ דאס וועט נאך צוגעבען מעהר פייער.

אויסערדעם פערגעסס ניט, אז מיר טארען זיך מיט דיין פערזאן ניט צופיעל שפיעלען.

דו ווייסט דאך אלליין גאנץ גוט, אז אללע קרעפטען מוזען מיר אנווענדען דיין מאנן צו בעפרייען אונ אנדרעען אויפצוזוכען. דאס איז דער צוועק פון אונזער לעבען אונ דאריבער מוזען מיר האלטען טהייער אונזער קערפער אונ גייסט.

דאס זעלבע האט אויך גוט פערשטאנען זארזעטטא אליין אונ דורך דעם אדוואקאט לאבארי, וועלכען כ'האב געשטעללט זי צו פערטהיידיגען, האט זי אונז אריינגעשיקט שטיללערהייט, קיינער זאלל ניט וויסען, אט דעם בריעף.

— אַ בְּרִיעף פוּן זַארְזֶעטטַאז ?— הָאט זיך הֶערְמִינְיֶע גֶעוואוּנְדֶערְט — וַוייז נוּר גֶעשְׁווינְד.

מַתְּילְד הָאט הויך גֶעלֵייֶענְט:

„מַיינֶע יְסוּרִים זַיינֶען גְרויסס. טויזֶענְד מָאל גְרֶעססֶער וָואלְטֶען אָבֶּער גֶעוָועזֶען מַיין עֶלֶענְד אוּנ פַּיין, וֶוענן אַייֶער נָאמֶען וָואלְט חָלִילָה גֶעוָועזֶען אַריינְגֶעמִישְׁט אִין מַיין פְּרָאצֶעס. דֶער גֶעדַאנְקֶען אַז אִיך הָאב מִיט מַיין פֶּערְזָאן גֶעאָפּפֶערְט פַאר אַייֶער פַאמִילְיֶע הַאלְט מִיך אוֹיף בַּיים לֶעבֶּען אוּנ גִיבְּט מִיר צוּ מוּטְה.

„מִיר אִיז יֶעצְט אַלְץ אַיינְס וָואס דִי וֶועלְט וֶועט טְרַאכְטֶען וֶוענֶען מִיר.

„כְ'וָואלְט אִין מַיין לֶעבֶּען סַיי וִוי סַיי נִיט קַיין נַחַת גֶעהַאט. מִיר קֶענן נוּר גְלִיקְלִיך מַאכֶען אַיין מֶענְשׁ, עֶר אָבֶּער הָאט זִיך דֶערְוַוייטֶערְט פוּן מִיר.

„אַלְזָא, נָאך אַ מָאל בֶּעשְׁוֶוער אִיך אַייך, מִיך לָאזֶען לוֹיפֶען אוּנ זִיך נִיט אָבְּרוּפֶען מִיט אַיין וָוארְט אוֹיף מַיין פֶערְטְהֵיידִיגוּנְג, וַוייל כְ'וֶועלל אַלְץ פֶערלַייקְנֶען.

„דָאס זֶעלְבֶּע הָאבּ אִיך גֶעזָאגְט מַיין אַדְוָואקַאט, הֶערר לַאבָּארִי;

„בְּלַייבְּט גְלִיקְלִיך אוּנ דֶערְמָאנְנְט צוּ גוּטֶען אַייֶער

זַארְזֶעטטַא".

דֶער בְּרִיעף הָאט גֶעמַאכְט זַיין ווירְקוּנְג, הֶערְמִינְיֶע הָאט נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערֶען אוּנ מַתְּילְד אִיז צוּפְרִיעדֶען אַוֶועק פוּן שְׁטוּב.

דָאך אִיז הֶערְמִינְיֶע נוּר רוּהִיג גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אַ וַוײלֶע. קוים אִיז זִי גֶעבְּלִיעבֶּען אַלֵיין הָאט אִין אִיהר מֹחַ ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רוֹישֶׁען אוּנ נִיט ווִיללֶענְדִיג הָאבֶּען אִיהרֶע אוֹיגֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעזֶעהן פַאר זִיך דִי בְּלַאססֶע זַארְזֶעטטַאן.

אָט זֶעהט זִי הֶערְמִינְיֶע שוֹין אַריינְגֶעהֶענְדִיג אִין סוּד, אָט הֶערְט זִי אִיהר שְׁוַואכֶען קוֹל, מִיט וֶועלְכֶען זִי שְׁוֶוערְט אַז זִי אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג.

הֶערְמִינְיֶען דַאכְט זִיך, אַז זַארְזֶעטטַאס אוֹיגֶען קוּקֶען אוֹיף אִיהר בֶּאז אוּנ אִיהר וֶוערְט מִיט אַ מָאל אַזוֹי בַּאנְג, אַזוֹי אוּנְמוּטְהִיג, סְ'דְרִיקְט אִיהר בַּיים הַארְצֶען אוּנ גְרוֹיססֶע טְרֶערֶען בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהֶען אִין דִי אוֹיגֶען.

אוּנ וָואס מֶעהר הֶערְמִינְיֶע טְרַאכְט וֶוענֶען דֶעם, אַלְץ טְרוֹיֶערִיגֶער קוּמְמְט אִיהר פָאר דָאס בִּילְד פוּן דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער.

הֶערְמִינְיֶע גֶעהט אַרַיין אִין אִיהר לַאגֶע אוּנ שְׁטֶעלְלְט זִיך פָאר, וִוי סְ'מוּז זַארְזֶעטטַאן זַיין צוּ מוּטְה, וֶוענן דִי בֶּעוָואפְפְנֶעטֶע סָאלְדַאטֶען בְּרֵיינְגֶען זִי צוּ-פִיהרֶען אוּנ דָאס גַאנְצֶע פּוּבְּלִיקוּם קוּקְט אוֹיף אִיהר וִוי אוֹיף אַ גַנָב.

דְרֵייפוּסֶעס פְרוֹי גֶעהט דוּרך אַ שוֹידֶער אִיבֶּער אַלֶע גְלִיעדֶער!

זִי וַוייסְט שוֹין דֶעם טַעַם פוּן דֶעם, וָואס סְ'הֵייסְט אוּנְשׁוּלְדִיג פֶערְאוּרְטְהֵיילְט צוּ זַיין. וֶוער נָאך אַזוֹי וִוי זִי וַוייסס וִוי שְׁלֶעכְט סְ'אִיז, וֶוענן אַ מֶענְשׁ בְּלַייבְּט אַלֵיין שְׁטֶעהן גֶעגֶען דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוּנ סְ'אִיז נִיט דָא קַיין אַיינְצִיגֶער, וֶועֶר זָאלל אוֹיפְוַוייזֶען זַיין אוּנְשׁוּלְד.

מַתִּית האָט רֶעכְט, איהר אונ איבֶּערהויפּט דְרֵייפוּסֶעס לַאנְגֶע קֶענֶן זִיךְ נאָךְ פֶּערְגֶערְגֶערְן דורךְ דֶעם, וואָס הֶערְמִינְיֶע ווילל יֶעצְט טהון. וואס איז אָבֶּער אין דֶעם שולְדִיג די עֶלֶענְדֶע זאַרְזֶעטטאַ? איז דֶענן אַ יוֹשֶׁר אַז איהר נאָמֶען זאלל צו שַׁאנְדֶע ווערֶען צוליעב דְרֵייפוּסֶעס כָּבוד?

— נֵיין, אונ נאָךְ אַ מָאל נֵיין — האָט הֶערְמִינְיֶע שוין הויךְ גֶעזָאגְט צו זִיךְ אַלֵיין — אַ מִינוּט לֵיינְגֶער טָאר איךְ נִיט וואַרְטֶען. יֶעצְט איז דֶער זֵייגֶער צֶעהן, באַלְד הויבְּט זִיךְ אָן דֶער פְּראָצֶעס, כְּ׳מוז אַהִינְלוֹיפֶען אונ די גאַנְצֶע שולְד אויף זִיךְ נֶעהמֶען, ווֶענִיגְסְטֶענְס וועט איהר פְּסַק לַייכְטֶער ווֶערֶען.

הֶערְמִינְיֶע האט שוין לֶענְגֶער נִיט גֶעטְרַאכְט, נור גְלַייךְ זִיךְ אַנְגֶעטְהון אונ אַרוים פון שְׁטוּב. דֶעם דִינֶער האט זִי גֶעזָאגְט, מַתִּית זאלל אויף איהר מִיט דֶעם מִיטָאג נִיט וואַרְטֶען, ווייל סְ׳קֶענֶן זַיין אַז זִי וועט זִיךְ פֶּערְזאַמֶען אין גַאסס.

אַז די דְראָשְׁקֶע, אויף ווֶעלְכֶער זִי איז גֶעפָאהרֶען, האט זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם גֶערִיכְט, האָט הֶערְמִינְיֶע מִיט שְׁרֶעק בֶּעמֶערְקְט, ווי אַרום דָאס גֶערִיכְטְס־הויז שְׁטֶעהט אַ מֶענְגֶע מֶענְשֶׁען אונ סְ׳איז גאָר גִיט קֵיין מֶעגְלִיכְקֶייט זִיךְ דורְכְצוּשְׁטוּפֶּען.

פֶּערְשִׁיעדֶענֶע מֶענְשֶׁען, דאַמֶען מִיט הֶערֶען, יונְג אונ אַלְט, זַיינֶען גֶעקְרָאכֶען אִיבֶּער די קָאפּ אונ יֶעדֶערֶער האט גֶעוואָלְט זִיךְ אַרֵיינְקְרִיגֶען אין גֶערִיכְטְס־הויז.

לֶעדִיג־גֶעהֶער פֶּעהלֶען אוּמֶעדוּם נִיט, בִּפְרַט אין פַּאריז. אויסֶערְדֶעם האבֶּען מֶענְשֶׁען שְׁטֶענְדִיג הֲנָאָה זִיךְ צו ווַיילֶען אויף יֶענֶעמְס אונְגְלִיק, סְ׳איז אַ בֶּעוואונְדֶערֶער פֶּערְגְנִיגֶען צו זֶעהֶען, ווי יֶענֶער קְוֶואלְט זִיךְ. דאַרִיבֶּער לויפְט מֶען נאָךְ אין גַאסס אַ מְשׁוּגָעְנֶעם, אָדֶער אַ פֶּערְבְּרֶעכֶער, ווֶעלְכֶער איז אויךְ גֶעוויסס נִיט בַּיים רֵיינֶעם זִינֶן.

הֶערְמִינְיֶע האט מִיט אַלֶע קְרֶעפְטֶען זִיךְ מִיה גֶעגֶעבֶּען דֶעם ווֶעג צו מַאכֶען, סְ׳איז אָבֶּער גֶעווֶען אונְמֶעגְלִיךְ.

— אום גאָטֶעס ווִילֶען, לָאזְט מִיךְ דורךְ — האט זִי זִיךְ גֶעבֶּעטֶען — כְּ׳בְּרוּךְ נויטהִיג צו זַיין בַּיי דֶעם פְּראָצֶעס.

— נִיט נויטְהִיגֶער פַאר אונְז — האָבֶּען די לֵיידִיג־גֶעהֶער גֶעלַאכְט.

— נִיט אֱמֶת — האט הֶערְמִינְיֶע ווייטֶער גֶעשְׁרִיֶען — כְּ׳האב די רִיכְטֶער אַ ווִיכְטִיגֶע נַייֶעס מִיטצוּטְהֵיילֶען.

— מִיר קֶענֶען זִיךְ אויף אַזֶעלְכֶע פַאלְשֶׁע תֵּרוּצִים — האט די ווייסס־חֶבְרָה ווידֶער גֶעלַאכְט — נֵיין, מַאדַאם, אונְז וועט איהר מִיט זִיסֶע רֵייד נִיט פֶּערְפִיהרֶען.

אונ די עֶנְגֶענִישׁ איז גֶעוואָרֶען נאָךְ עֶרְגֶער. אַיינֶער האט גֶעדְרִיקְט דֶעם אַנְדֶערֶען אונ אַלֶע זַיינֶען גֶעוואָרֶען ווִי צוגֶעפְּרֶעסְט.

פְלוּצְלִינְג הָאט הֶערְמִינְיֶע דֶערְשְׁפִּיעֶרְט אַז אִימֶעצֶער קְרִיכְט אִיהר נָאךְ פוּן הִינְטֶען, אֶט שְׁפִּירְט זִי שׁוֹין אַ הַאנְד בַּיי זִיךְ אִין דֶער טַאשׁ.

— אַ גַנָב! — הָאט זִי אַ גֶעשְׁרַיי גֶעגֶעבֶּען — אַ גַנָב!

פוּן אִיהר נַייעֶם גֶעשְׁרַיי הָאט זִיךְ דֶער עוֹלָם עֶטְוָואס אָבְּגֶערוּקְט אוּנ זִי הָאט זִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעהט מִיט דֶעם גֶעזִיכְט.

יֶעצְט אָבֶּער אִיז זִי גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶן וִוי צוּמִישְׁט אוּנ הָאט נִיט גֶעקֶענְנְט אַ וָוארְט אוֹיסְרֶעדֶען.

---

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר מִיט זַיין גֶעלִיעבְּטֶער פּוּטִיפָרַע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, מִיט וָואס זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער דְרַייפוּסֶעס פַאמִילְיֶע. גְלַייךְ וִוי בֶּאֶנֶע שְׁלַאנְגֶען הָאבֶּען זֵיי זַייעֶר גִיפְט גֶעלָאזְען אַלְץ טִיעפֶער אוּנ טִיעפֶער אוּנ וָואס אַ מָאל אִיז דִי נְקָמָה גֶעוָוארֶען שְׁרֶעקְלִיכֶער.

אוּנ דֶער צוּפַאלל אִיז זֵיי שְׁטֶענְדִיג גֶעלוּנְגֶען.

צוּם אוּנְגְלִיק הָאט דֶער פִּירְשְׁט דוּבִּינְסְקִי גֶעמוּזְט אַוֶועקְלוֹיפֶען פוּן הָאטֶעל, וֶוענְן עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט צוּזַאמֶען מִיט דֶער פֶערְשְׁטֶעללְטֶער רִיטַא אַוֶועקְגֶעפִיהרְט דְרַייפוּסֶעס קִינְד אוּנ אַנְדְרֶעע אִיז ווִיעדֶער אַרַיינְגֶעפַאלֶען צוּ פּוּטִיפְרַען אִין הַאנְד.

קַאנְעטטֶעס טָאכְטֶער הָאט לַאנְג נִיט גֶעקְלֶעהרְט אוּנ דְרַייפוּסֶעס צֶערְטְלִיךְ קִינְד אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען אִיהרֶען אַ פֶעטטֶער, וֶועלְכֶער אִיז נִיט גֶעוֶוען בֶּעסֶער פַאר דֶער גַאנְצֶער זִינְדִיגֶער מִשְׁפָּחָה אוּנ זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶעם, וָואס עֶר הָאט עֶרְצוֹיגֶען יוּנְגֶע גַנָבִים.

דִי קְלֵיינֶע אוּנְשוּלְדִיגֶע קִינְדֶער זַיינֶען גֶעצְוואוּנְגֶען דוּרְךְ הוּנְגֶער אוּנ דוּרְשְׁט צוּ טְהוּן דָאס, וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען: דָאס הֵייסְט צוּ לוֹיפֶען אִיבֶּער דִי גַאססֶען אוּנ צוּ גַנְבֶהנֶען אַלְץ, וָואס ס׳פַאללְט נוּר אוּנְטֶער דֶער הַאנְד.

אַנְדְרֶעע הָאט גֶענוּג גֶעוויינְט אוּנ גֶעקְלַאגְט, בִּיז עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט דִי מִאוּסֶע „מְלָאכָה" אוּנ הַיינְט אִיז עֶר אַרוֹיס צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל מַאכֶען דִי פְּרָאבֶּע אוֹיף דֶער גַאסס. אִיהם הָאט בֶּעגְלֵייט אַ אַלְטֶער גֶענִיטֶער גַנָב, וֶועלְכֶער אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען טְרִיטט בַּיי טְרִיטט, כְּדֵי צוּ הֶעלְפֶען אִין אַ נוֹיט.

---

אַז הֶערְמִינְיֶע אִיז נָאךְ לֶעבֶּען גֶעבְּלִיבֶּען נָאךְ דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער סְצֶענֶע אִיז ווִירְקְלִיךְ אַ וואוּנְדֶער. דָאס אִיז נוּר אַ נַייעֶר בֶּעוַוייז, אַז אַ מֶענְשׁ אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן אַייזֶען.

אִיז דֶענְן צוּ פֶערְשְׁטֶעהן ווִי אַזוֹי הֶערְמִינְיֶע הָאט אִין גַאנְצֶען דֶעם זִינְן נִיט פֶערְלָארֶען, וֶוענְן זִי הָאט פְּלוּצְלִינְג אִין דְרַיי טְרִיטט פוּן זִיךְ דֶערְזֶעהֶען אִיהר

קינד, וועלכעס זי זוכט ארום טאג און ווי נאכט, דאס קינד, וואס האט זיך איהר שטענדיג געמאלט ווי א מלאך׳ל פון גאטט און יעצט...

איז עס ניט קיין מלאך, נור א „פערזעהעניש״, א ברודיגער, שמוטציגער, אבגעריסענער, בארפוסער יונגעל און דערצו נאך א גנב.

ניין, דאס איז ניט איהר קינד, ניט אזוינס האט זי אויסגעצויגען מיט איהר מילך, געהיט טאג און נאכט. ניין, דאס איז גאר א נ׳אנדערער, דאס איז א גנב...

אין דעם איז שוין קיין ספק ניט, דער בעסטער בעווייז איז איהר פארטמאנע, וואס ער האלט אין דער האנד.

די מוטטער מיט דעם זוהן זיינען א האלבע מינוט געשטאנען און אהן ווארטער.

דער ערשטער האט א געשריי געגעבען אנדרעע.

– מאמא! מוטטער, מיינע מוטטער!

– אנדרעע, מיין קינד! – האט ער דערהארט א תשובה, און הערמינע האט שוין אויסגעצויגען די האנד ארומצונעהמען איהר קינד...

דאמאלס אבער איז צוגעלאפען א הויכער, ריעזיגער יונגער מאנן (דאס איז געוועזען דער גנב, וועלכער האט בעגלייט אנדרעען) און מיט א זעלטענער געשווינדיגקייט ארויסגעכאפט דאס קינד פון דער מוטטער...

– מיין קינד – האט הערמינע ניט אויפגעהערט צו שרייען – גיבט מיר אוועק מיין קינד, מיין אנדרעען, אנדרעען, אנדרעען...

ס׳איז שוין אבער געוועזען צו שפעט, פון דעם גנבס א שטויסס איז זי אנידערגעפאללען און אנדרעע איז וויעדער פערשוואונדען געווארען.

פערשוואונדען, כדי צו ליידען נאך גרעססערע און ערגערע צרות.

## XXXVIII.

## אלטע ליעבע ווערט ניט פערראסט.

צווישען די מענשען, וועלכע זיינען געוועזען אין געריכטס־הויז ביי זארזעטטאס פראצעס איז צופעללינ אויך געזעססען לעאן בערנארד.

די עטליכע שעה, וואס דער פראצעס האט געדויערט, זיינען פאר איהם געוועזען לאנג ווי יאהרען.

ער האט באלד דערקענט זארזעטטאן און צום אנהויב איז ער געווארען ווי צומישט, ווען ער האט דערהערט וועגען וואס ס׳האנדעלט זיך.

זארזעטטא א גנב! זיין געוועזענע געליעבטע ווערט בעשולדיגט אויף אזא

זאך! ניין, אויף אלץ אין דער וועלט וואלט ער געגלויבט, נור ניט אויף דאס.

אונ ער האט מיט כוונה אויסגעהערט דעם גאנצען פראצעס, איבערהויפט לאבאריס גלענצענדע רעדע, ווען דער אדוואקאט האט זיך געשטארקט אויפצווייזען, אז גאנץ אפט ווערט דער אונשולדיגער פערמשפט, ווייל ס'פעהלען איהם די פאקטישע בעווייזען צו זיין פערטהיידיגונג.

— וואס וואלט געווען — האט געדונערט מיט זיין ריזענשטימע דער וועלט-בעריהמטער אדוואקאט לאבארי — ווען די אנגעקלאגטע האט ביי דער אויסגעטראכטער גנבה געהאט גאר א נ'אנדער צוועק, וועלכער איז פערבארגען פון אונז אללעמען. ס'איז דאך גאנץ מעגליך, אז זי איז מיט פלייסס אריינגעטרעטען אין הויז פון פרוי בולאנסי, כדי צו דערגעהן וואס פאר א לעבען די גרויסע דאמע פיהרט אונ ווער ס'פערברייננגען ביי איהר אין שטוב. מיט דעם רעטזעל אינטערעססירט זיך דאך היינט גאנץ פאריז.

וואס וואלט אלזא געווען, ווען דאס יונגע מעדכען, אנשטאט צו זיין א גנב, איז זי אין דער אמת'ן געווען נור א שליח פון מענשען, צוליעב וועלכע זי איז זיך יעצט מקריב, כדי זיי ניט ארויסצוגעבען?

קענן דענן זיין א העכערער אידעאל פאר דער גנבה?

דער בעסטער בעווייז איז געווען דער מערדער ראוואיאק. ליידער אבער איז דעם פרויענמערדער געלונגען צום צווייטען מאל זיך ארויסצוקריעגען פון פאריזער פעסטונג. וועמען ער האט עס צו דאנקען ווילל איך אונ טאר יעצט ניט זאגען, ס'וועט אבער קומען א צייט, ווען פאריז אונ גאנץ די גאנצע וועלט וועט געוואהר ווערען גאר פיעל אינטערעסאנטע זאכען, וועלכע זיינען יעצט פערבארגען פון אללעמען.

געעהרטע העררען ריכטער! יעדער מענש האט א מתנה פון גאטט, וועלכע איז טהייערער פון אללע געלטען; דאס איז א פאספארט, וועלכער ווערט קיין מאל ניט געפעלשט אונ דורך דעם ווערען מיר געוואהר פיעל הארץ־סודות, אונ ווייסען ליעב אדער פיינד צו האבען יעדען מענשען.

דער פאסס איז דאס געזיכט אונ דאריבער איז דא א שפריכווארט: „דער פנים איז א מוסר".

קוקט זיך גוט איין אין די צוויי געזיכטער אונ זאגט אפפען, העררען ריכטער, וועלכעס איז סימפאטישער אונ וועלכע פון די ביידע פרויען פערדיענען אייער צוטרויען, די יונגע ארעסטאנטקע, אדער די „גרויסע דאמע", וואס שעמט זיך ניט אלליין צו קוממען אהער אונ אהן רחמנות צו רודפ'ן א אונשולדיג קינד.

ניין, העררען ריכטער, זא לאנג ס'איז נאך צייט בעט איך אייך גוט צו בעטראכטען די זאך. ס'איז שטענדיג בעססער צעהן שולדיגע צו בעפרייען איידער איין אונשולדיגען צו פערארורטהיילען".

אזוי האט גערעדט לאבארי. אומזיסט זיינען אבער געווען זיינע אויס-

גֶעקְלִיבֶּענֶע, קְלִינְגֶענְדֶע פְרַאזֶען. דֶער פְּרָאקוּרָאר, וֶועלְכֶער הָאט אַמָאל גֶעלֶערֶענְט צוּזַאמֶען מִיט עֶסְטֶערְהַאזִים גוּטֶען פְרַיינְד, דֶעם פוּלְקָאווְנִיק פַּאטִי־דִי־קְלַאם, אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעבֶּעטֶען דִי זַאךְ שְׁטְרֶענְג פָארְצוּנֶעהֶמֶען אוּנ נִיט לָאזֶען בֶּעלֵיידִיגֶען דִי פְרוֹיִ בּוֹלַאנְסִי.

דֶער פְּרֶעזֶעס הָאט דַארִיבֶּער לַאנְג נִיט גֶעדוּיֶערְט אוּנ דֶער פָארְזִיצְצֶער (יוֹשֵׁב ראֹש) הָאט גֶעגֶעבֶּען זָארְזֶעטַאן דִי לֶעצְטֶע פְרַאגֶע:

— וָואס הָאט אִיהר נָאךְ צוּ זָאגֶען צוּ אַייעֶר פֶערְטְהֵיידִיגוּנְג?

— כְ׳שְׁוֶוער בַּיי גָאטט אוּנ אִין גֶעגֶענְוַוארְט פוּן דִי מֶענְשֶׁען, אַז אִיךְ בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג.

דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען זָארְזֶעטַאס לֶעטְצְטֶע וָוארְטֶער.

וֶועניג מֶענְשֶׁען אָבֶּער פוּן דֶעם פוּבְּלִיקוּם הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דֶער שְׁבוּעָה.

אַז דֶער פָארְזִיצְצֶער הָאט מוֹדִיעַ גֶעוֶוען דֶעם פְּסַק: „דְרַיי יָאהר תְּפִיסָה" אִיז דֶער עוֹלָם גֶעוֶוען שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען, אוֹיסֶער לַאבְּארִי אוּנ לֶעאָן בֶּערְנַארְד, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוָוארֶען זֶעהר אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף דִי רִיכְטֶער.

---

— אִיהר זֶעהט דָאךְ, כְ׳הָאבּ דִי עֶרְלוֹיבְּנִיסס מִיט דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער צוּ רֶעדֶען אוּנְטֶער פִיער אוֹיגֶען — הָאט גֶעזָאגְט פַאר נַאכְט אַ רַייךְ גֶעקְלֵיידֶעטֶער יוּנְגֶער מַאנְן, צוּ דֶער וֶועכְטֶערִין וֶועלְכֶע הָאט אוֹיפְגֶעפַּאסְסְט זָארְזֶעטַאס צֶעלְט.

דִי פְרוֹיִ הָאט בֶּעקוּקְט דִי עֶרְלוֹיבְּנִיסס אוּנ זִיךְ אַ נֵייג גֶעגֶעבֶּען.

— גוּט — הָאט זִי גֶעזָאגְט — סְ׳אִיז אַלְץ אִין אָרְדְנוּנְג, גֶעהט אַרַיין.

אוּנ זִי הָאט גֶעוָואלְלְט דִי טְהִיר אוֹיפְשְׁלִיסֶען.

דֶער פְרֶעמְדֶער אָבֶּער הָאט זִי נָאךְ אָבְּגֶעהַאלְטֶען.

— כְ׳הָאבּ אַייךְ נָאךְ עֶפֶּעס גֶעוָואלְט פְרֶעגֶען — הָאט עֶר שְׁטִילל גֶעזָאגְט — אִיהר זַייט דָאךְ גֶעוֶוען מִיט דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער דִי גַאנְצֶע צֵייט, זָאגְט מִיר דֶעם אֱמֶת, וָואס פַאר אַ אַיינְדְרוּק הָאט זִי אוֹיף אַייךְ גֶעמַאכְט?

— דֶעם בֶּעסְטֶען אַיינְדְרוּק — הָאט דִי וֶועכְטֶערִין גֶעזָאגְט מִיט אַ צוּפְרִידֶענֶע מִיענֶע פוּן אַ מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ קוֹים דֶערְוַוארְט אוֹיף אַזַא פְרַאגֶע — כְ׳גֶעדֶיינְק נִיט, אַ גֶעפַאנְגֶענֶע זָאלל אוֹיף מִיר מַאכֶען אַזַא גוּטֶען רוֹשֶׁם. וָואס זָאלל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען, דָאס מֶעדְכֶען אִיז אַ מַלְאָךְ, נִיט קֵיין מֶענְשׁ, כְ׳הָאבּ נָאךְ אַזַא גוּט בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ נִיט גֶעזֶעהֶען.

דֶער פְרֶעמְדֶער, וִוי סְ׳וַוייזְט אוֹיס, אִיז גֶעוֶוען צוּפְרִידֶען פוּן דֶער אַנְטְוָוארְט אוּנ דָאס הָאט נָאךְ צוּגֶעגֶעבֶּען מֶעהר מוּטְה דֶער אַלְטֶער וֶועכְטֶערִין.

— וִוי אִיהר קוּקְט מִיךְ אָן, לִיעבֶּער הֶערר, בִּין אִיךְ שׁוֹין אַ וֶועכְטֶערִין פִיער אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר אוּנ בִּין גֶענוּג גֶעוְנִיט צוּ דֶערְקֶענֶען מַיינֶע קְלִיעֶנְטֶען, אוּנ

דאַריבּער זאָג איך, אַז לויט מײן מײנונג איז דער פּסק געװען אַ צו שטרענגער. דאָס מערדען איז ניט קײן גנב, כ'װאָלט מײן קאָפּ געגעבּען דאַרױף.

דער פרעמדער האָט אַרױסגענומען אַ מטבע און דערלאַנגט דער פרױ, װעלכע האָט איהם באַלד געפּפּענט די טהיר.

זאַרזעטטאַ איז געזעססען אויף איהר שטרױענעם געלעגער.

איהרע בײדע הענד האָבּען אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ און פון די אויגען האָבּען זיך געגאָססען טרערען.

זי האָט ניט בעמערקט װי די טהיר האָט זיך געעפּפענט, אַזױ איז זי געװען פערטיפט אין איהרע געדאַנקען.

פּלוצלינג האָט זי דערהערט װי אַ מענשישער קול האָט אַ רוף געגעבּען:

— זאַרזעטטאַ, זאַרזעטטאַ!

גיך האָט זי אויפגעהויבּען דעם קאָפּ און ווילד אַ געשרײ געגעבּען:

— לעאָן!

— יאָ, דאָס בין איך, זאַרזעטטאַ!

אַ װײלע זײנען זײ בײדע געזעססען שטיל, נאָכדעם האָט זאַרזעטטאַ נאָך אַ מאָל אויפגעהויבּען די פערװײנטע אויגען און שטיל, קוים צו דערהערען געפרעגט:

— לעאָן, דו דאָ? דו שעמסט דיך ניט צו רעדען מיט אַ פעראורטהײלטער? צו בעזוכען אַ געפאַנגענע?

— נײן, זאַרזעטטאַ. װען כ'װאָלט געװען איבּערצײגט אין דײן זינד, װאָלט דאָ מײן פוס ניט געװען, כ'װײסס אָבּער — און זײן קול האָט בײ די װערטער געקלונגען רײן און הויך — אַז דו לײדסט אונשולדיג, דײן נשמה איז רײן, אַזױ װי דײן קערפּער... דו ביסט אונשולדיג, גאַנץ אונשולדיג... און װען די גאַנצע װעלט האָט דיך אָבּגעמשפּט, קומם איך בײ דיר בעטטען פערצײהונג; זײ מיר מוחל, זאַרזעטטאַ, פאַר אַללע שלעכטס, װאָס כ'האָבּ געגען דיר בעװיזען, נעהם ניט פאַר אומגוט װאָס אין דער האַסט בין איך אַלײן געװאָרען היטציג און אָהן רחמנות זיך בעגאַנגען מיט דיר, זאַרזעטטאַ!

— לעאָן, לעאָן! — איז נור געװען אים שטאַנד זאַרזעטטאַ צו ענטפערען — אַ דאַנק דיר, גאָטט, װאָס כ'האָבּ נאָך דערלעבּט צו הערען די װערטער.

און זי איז צוגעפאַללען צו לעאָנס ברוסט און מיט צערטליכקײט פון אַ קינד אָנגעהויבּען איהם צו גלעטען און צו קושען.

— זײ ניט בּאָז, מײן טהײערע זאַרזעטטאַ! — האָט לעאָן דערנאָך װײטער מיט היטץ געזאָגט — מײן אײנציגע און די בעסטע פערטהײדיגונג איז, װאָס כ'האָבּ קײן מאָל קײן שלעכטס ניט געמײנט און דאָס, װאָס כ'האָבּ געטהון איז געװען בלויס פון ליעבּע. כ'האָבּ דיך שטענדיג ליעבּ געהאַט, זאַרזעטטאַ, און אויף דעם

איין גערדאַנקען, אַז דו האָסט מיר אויף איין מינוט געקענט אונגעטריי זיין, בין איך געוואָרען אויסער זיך אונ פערגעסען אַלץ אין דער וועלט.

יעצט אָבער ווייס איך שוין אַלץ גענוי. אין פּאַריז בין איך געוואהר געוואָרען וועגען דער שוואַרצער מאַיאָר איז אונ כ'שווער דיר ביי גאָט אַז דיין חרפּה אונ דיינע יסורים וועללען ניט ווערען געשאָנקען.

נאָך אַמאָל בעט איך דיך, מיין טהייערע, זיי ניט בייז אונ פערגעס וואָס ס'איז געווען.

— פערגעסען, געשאָנקען, מוחל — האָט זאַרזעטטאַ געפּאַטשט מיט די הענד ווי אַ קליין קינד.

— אונ דו ווערסט מיך ווייטער אויך ליעב האָבען? — האָט לעאָן געפרעגט.

— נאָך מעהר ווי פריהער — האָט זאַרזעטטאַ צופריעדען געענטפערט. פּלוצלינג אָבער איז זי אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— ניין, וואַרט נאָך, לעאָן, כ'האָב מיך דערמאַנט, צווישען אונז קענן נאָך ניט זיין אַלץ אין אָרדנונג. דו האָסט פערגעסען יענעם פריילין, מיט וועלכער דו ביסט דאַמאָלס געקומען צו פאָהרען.

— דו האָסט אַ טעות, ליעבע זאַרזעטטאַ, דו ביסט מיך חושד אומזאָנסט. יענעם פריילין איז אַ כלה פון מיינעם אַ גוטען בעקאַנטען כריסטאָ וואַנזער מיט דעם נאָמען. זי הייסט דאָלאָרעס אונ זיי ביידען האָב איך צו פערדאַנקען מיין לעבען.

דו האָסט ניט קיין בעגריף, טהייערע זאַרזעטטאַ, וואָס כ'בין אויסגעשטאַנען פון דער צייט אָן, זינט כ'האָב דיך פערלאָזען. גאָט אַלליין האָט מיך בעשטראָפט פאַר דיינע יסורים.

מיין ברודער מאַרצעל איז מיך בעפאַללען אין לאָנדאָן אין אַ פינסטערער גאַס אונ האָט מיך געוואָללט דעם טויט מאַכען, כדי צו בערויבען מיין געלד.

צום גליקק איז איהם די צווייטע זאַך גראָדע געלונגען אונ דאָס ערשטע ניט, וויל ווי דו זעהסט, בין איך דאָך לעבען געבליבען.

ס'איז געווען אַ נס פון הימעל, וואָס גראָדע אין דער פינסטערער נאַכט איז שפּעט געקומען אַהיים כריסטאָ וואַנזער. ער האָט אויפגעהויבען מיין האַלב טויטען קערפּער אונ צוזאַממען מיט זיין כלה דאָלאָרעס אַריינגעטראָגען אין שטוב.

דאָרטען בין איך געלעגען אַ צייט, ביז כ'האָב געקראָגען פריש געלד אונ בין געווען אים שטאַנד אַריבערצופאָהרען אין אַ האָטעל.

כ'קען דיר גאָר ניט איבערגעבען מיט ווערטער, וואָס די גוטע מענשען האָבען אַלץ בעוויזען געגען מיר גוטס. דאָלאָרעס איז מיט מיר מיטגעפאָהרען, וויל זי האָט געהאַט אַ ידיעה אַז איהר מוטטער האַלט ביים שטאַרבען. כריסטאָ

נואנזער, וועלכער האט ניט דאס רעכט צו קומען קיין פאריז, האט זיך בעזעצט אין נויארק און פון דארטען האט ער מיר געשריבען, אז מיין ברודער מארצעל מיט זיין געליעבטער נינאן, די אמאליגע בעריהמטע זינגערין פון בריסעל, זיינען ענדליך אריינגעפאללען צו דער פאליציי אין דער האנד פאר א גרויסע גנבה און זיינען געוואָרען פערשיקט אויף א ווייטען אינזעל, ווייל אין אמעריקא איבערהויפט ווערט שטריינג בעשטראפט פיר גנבות.

יעצט אלזא, ליעבע זארזעטטא, ווייסט דו שוין אלץ. קומם אהער צו מיר, מיין כלה, מיין ווייב!

— דיין ווייב? — האט זארזעטטא האסטיג איבערגעפרעגט — און דו רעדסט עס ערנסט, לעאן, דו ווילסט ווירקליך נעהמען א ווייב פון דער הפקה?

— גאנץ געוויס, מיין זארזעטטא, כ'האב ניט קיין מורא פאר די וועלט, מיין ווי דיין געוויסען זיינען ריין, גאט איז אונזער עדות.

— גוטער, ליעבער, עדעלער מאנן! — האט זארזעטטא מיט טרערען פון שמחה געזאגט און וויעדער צוגעפאללען צו לעאנס ברוסט.

יעצט האט זי איהם ערצעהלט די גאנצע געשיכטע, ווי אזוי זי איז געקוממען ביי בולאנזשי אין הויז און געבעטען ער זאלל לאזען מתיר די דרייפוסען געריסען אין איהר נאמען.

די פערליעבטע פאר האבען גאר ניט בעמערקט ווי גיך די צייט איז פארביי־געלאפען.

ענדליך איז לעאן אויפגעשטאנען פון זיין ארט און זיי האבען זיך געזעגענט ווי צוויי אמתע העלדען אויף דריי יאהר...

אויף מארגען, אז דער ארעסטאנטען־וואגען איז געקוממען אבנעהמען די געפאנגענע, האט זארזעטטא מיט א שמייכעל געזאגט צו דער וועכטערין:

— אין דעם צעלט האב איך פערבראכט די גליקליכסטע שעהן פון מיין לעבען.

די אלטע האט איהר נאכגעשאקעלט מיט'ן קאפ און שטילל געמורמעלט:

— אה, די יוגענד, די יוגענד!

# XXXIX.

## דרייפוסעס פּאטאגראף.

ס'איז שוין אוועק א גאנצע וואך זינט אליציא טעררהי מיט דעם שיפּס־קאפּיטאן קלוים גראט האבען זיך בעזעצט אונטער דעם נאמען הערר אונ פרוי פארשטער אין דעם קאיעננער גובערנאטארם הויז.

ביידע האבען גוט אבגעשפּיעלט זייער ראלע. שווערער געוואהנליך איז די זאך פארגעקומען דעם דיקען דייטשען. א היטציגער פון נאטור האט ער געמוזט שטיל זיין ווי א שעפּעלע אונ דערצו נאך זיך מאכען משוגע.

גרעפּפּין איז געוועזען שטארק צופריעדען פון דעם בעזוך אונ ער וואלט זיך געוואונשען, אליציא זאל גאר קיין מאל ניט אוועקפאהרען. זינט זי איז אריבער די שוועללע פון זיין הויז, איז איהם די גאנצע מרה שחורה אוועק ווי פון דער האנד אונ די געשטארבענע ווייב האט איהם אין גאנצען אויפגעהערט צו קומען צו חלום.

אונ דאריבער קוים האט נור דער גובערנאטאר געהאט א פרייע מינוט, פלעגט ער ניט אבטרעטען פון דער שאנער אמעריקאנערין.

איין מאל נאך מיטאג זיינען זיי געבליבען זיצען אללע דריי אין עססצימער.

דער גובערנאטאר איז געוועזען ביי א גוטען מוטה אונ האט פול געמאכט זיין גלאז וויין איינעם נאך דעם אנדערן.

— ווי גוט וואלט עס געוועזען — האט ער זיך אבגערופען מיט א לוסטיגער מינע — מיר זאללען אזוי שטענדיג קעננען זיצען צוזאממען.

— ליידער אבער איז עס אונמעגליך — האט זיך העפליך אבגערופען אליציא — איך בעדויער ווירקליך אייער איינזאמקייט, איבערהויפט, ווען כ'דערמאנן מיר, אז גאר אין קורצען וועללען מיר זיך מוזען שיידען.

— ווי שיידען? — האט דער גובערנאטאר האלב איבערגעשראקען געפרעגט — איהר מיינט דענן ווירקליך אבצופאהרען?

— געוויסס, הערר גובערנאטאר. פון אייער זייט איז זעהר שאן וואס איהר האט אונז אזוי פריינדליך אויפגענוממען, איהר מוזט דאך אבער אלליין פערשטעהן, אז עביג קעננען מיר דא ניט בלייבען. מיר זיינען דאך אהער געקוממען צו א געוויססען צוועק, וועלכער, ווי ס'ווייזט אויס וועט קיין מאל ניט ערפיללט ווערען.

— פאר וואס? — האט זיך געוואונדערט דער גובערנאטאר אונ האסטיג אויסגעטרונקען די אנדערע העלפט פון דעם גלאז וויין.

— ווייניגסטענס, אזוי פערשטעה איך פון אייער שווייגען ביז יעצט. כ'האב מיט

פְלַייסִם אַייךְ דַארִיבֶּער נִיט גֶעפְרֶעגְט, וַוייל כְ'בִּין זִיכֶער אַז אַ גוּטֶע נַייעֶס וָואלְט אִיהְר מִיר אַללַיין אָנְגֶעזָאגְט.

— נֵיין מַאדַאם, אִיהְר הָאט אַ טָעוּת, כְ'וָועלל מַיין וָוארְט נִיט בַּייטֶען. דִי זַאךְ הָאט זִיךְ עֶטְוָואס פֶערצוֹיגֶען, אָבֶער פֶערלָאהרֶען קֶענֶן מֶען עֶס נָאךְ נִיט אָנְרוּפֶען.

וִוי אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין אֵיין מָאל גֶעזָאגְט אִיז מִיר שְׁטְרֶענְג פֶערבָּאטֶען פוּן פַּארִיז אִימֶעצֶען צוּצוּלָאזֶען צוּ דֶעם שְׁפְּיָאן דְרֵייפוּסֶען אוּנ דַארִיבֶּער בִּין אִיךְ גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶוען עֶטְוָואס עֶנְטְשְׁלוּסס צוּ וַוארְטֶען, כְּדֵי דוּרְךְ דֶער צֵייט צוּ עֶרְפַאהרֶען גֶענוֹיֶע אוֹיסְקִינְפְטֶע אִיבֶּער אַייעֶרֶע פֶערזָאנֶען.

— נוּ? — הָאט אַלִיצְיַא גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — הָאט אִיהְר גֶעהַאט גוּטֶע נַאכְרִיכְטֶען אִיבֶּער אוּנְז, אָדֶער אִיהְר זַייט נָאךְ אַלְץ אִין חָשַׁד, אוֹיבּ מִיר זַיינֶען נִיט קֵיין שְׁפְּיָאנֶען אָדֶער כִּשׁוּף־מַאכֶער?

גְרֶעפְפִין הָאט אָבְּגֶעשְׁטֶעללְט זַיין גְלָאז וַויין אוּנ זִיךְ צוּגֶערוּקְט מִיט זַיין שְׁטוּהל צוּ אַלִיצְיַאן.

— יָא, שֶׁאנֶע פְרוֹי — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — אִיהְר מַאכְט ווירְקְלִיךְ אִיבֶּער מִיר כִּשׁוּף.

אַלִיצְיַא הָאט אַ וָוארְף גֶעגֶעבֶען מִיט דִי אוֹיגֶען אוֹיף דֶעם קַאפִּיטַאן קְלוֹיס גְרָאט. עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען וִוי אַ אֶמֶתֶער עֶנְגְלֶענְדֶער, פֶערטִיעֶפְט אִין אַ בְּלַאט צַייטוּנְג.

— וָואס קוּמְט אָבֶער אַרוֹיס — הָאט זִי וַוייטֶער גֶעזָאגְט — אַז מַיין כִּשׁוּף הֶעלְפְט גָאר נִיט.

גְרֶעפְפִין אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ בִּיסֶעל בֶּערוֹישְׁט פוּן דֶעם וַויין, אוֹיסֶערְדֶעם הָאט אַלִיצְיַאס זִיסס קוֹל אוֹיךְ גֶעמַאכְט אוֹיף אִיהְם אַ רוֹשֶׁם.

— אַייעֶרֶע וֶוערְטֶער קְלִינְגֶען מִיט אַ פְּרָאטֶעזְיֶע — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — גוּט אַלְזָא, הַיינְט נָאךְ וֶועט אִיהְר זֶעהְן, אַז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גְרֶעפְפִין הָאט לִיעבּ צוּ הַאלְטֶען וָוארְט. מִיסְטֶער פָּארְשְׁטֶער, זַייט אַזוֹי גוּט אוֹיף אֵיין וָוארְט.

דֶער שִׁיפְס־קַאפִּיטַאן הָאט גֶעלַאסֶען אַוֶועקְגֶעלֵייגְט דִי בְּלַאט צַייטוּנְג אוּנ נָאךְ גֶעלַאסֶענֶער גֶעפְרֶעגְט:

— מִיט וָואס קֶענֶן אִיךְ אַייךְ דִינֶען?

— אוּמְגֶעקֶעהרְט, מִיסְטֶער פָּארְשְׁטֶער, כְ'ווִילל עֶפֶּעס פַאר אַייךְ טְהוּן. לוֹיט ווִי כְ'הָאבּ גֶעהֶערְט ווִיללְט אִיהְר אַייךְ זֶעהֶען אוּנ פֶערזֶענְלִיךְ רֶעדֶען מִיט דֶעם פֶער־שִׁיקְטֶען אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס־אִינְזֶעל, קַאפִּיטַאן אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּס. מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה וֶועט גֶעשֶׁעהֶען אַייעֶר וואוּנְשׁ.

קְלוֹיס גְרָאט הָאט אָבְּגֶעשְׁפִּיעלְט זַיין רָאלֶע ווִי אַ קִינְסְטְלֶער, אַ אַרְטִיסְט, עֶר הָאט פָּשׁוּט גֶעצִיטֶערְט פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה אוּנ לוּסְטִיג אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען:

— איך, זאָגט איהר, וועלל דרייפוסען זעהן . . . גאָטט צו דאַנקען, קוים אַמאָל, יעצט וועלל איך שוין וויסען די ריכטיגע וואהרהייט און ער וועט פערשפּאָרען צו שטערען מיין שלאָף ביי דער נאַכט.

גרעפפּין האָט זיך קוים איינגעהאַלטען ניט אַלאַך צו געבען אויפ'ן הויכען קול.

— אַלזאָ גוט, הערר פּארשטער, מאָרגען גאַנץ פריה וועט איהר אויף מיין דאַמפּף־שיף אַריבערפאָהרען אויף דעם טייפעלס־אינזעל און דאַרטען זיך אויסרעדען מיט דעם פערשיקטען קאַפּיטאַן, ווי פיעל אייער האַרץ וועט נור גלוסטען.

— מיין בעסטען דאַנק, הערר גובערנאַטאָר. מיין פרוי קענן דאָך מיט מיר מיט־פאָהרען?

— ליידער קענן איך אייך דאָס מאָל ניט צוליעב טהון — האָט גרעפפּין געענטפערט מיט אַ שמייכעל — אַ דאַמע טאָר איבערהויפּט זיך ניט איינגעפינען אויף דעם טייפעלס־אינזעל. איך וויל האָפפען אַז מיסטריס פּארשטער וועט זיך גוט ווייצען אין מיין געזעללשאַפט.

— גאַנץ געוויסס — האָט אַליציאַ געענטפערט האַלב קאָקעטיש — דער הערר גובערנאַטאָר איז איינער פון די איינגענעהמסטע קאַוואַלערען.

— אויף נאָך איין זאַך האָב איך אייך געוואָללט אויפמערקזאַם מאַכען, הערר פּארשטער!

די וועכטער פון דעם אינזעל טאָרען ניט וויסען, צוליעב וואָס איהר זייט דאָרט געקומען. איהר קענט דאָך אַלליין פערשטעהן, אַז וואָנד האָבען אויערען און שונאים פעהלען דאָך אומעדום ניט. דאַריבער, ליעבער פריינד, וועלל איך ביי אייך בעטטען אַ קליינינקייט, איהר זאָללט זיך אויף מאָרגענדיגען טאָג פערשטעללען פאַר אַ פאָטאָגראַפיסט און פאַר מיינע מענשען וועט עס הייסען, אַז איהר זייט געקומען פון פּאַריז עקסטרא דרייפוסען צו פאָטאָגראַפירען. ביי מיר שטעהט גראַדע אַ אַפּאַראַט, וועלל איך עס אייך בארגען.

קלויס גראַט האָט זיך צופריעדען צולאַכט.

— אַ פאָטאָגראַפיסט אויך וועלען אויף דער עלטער. נאָך דאָס האָט מיר גע־פעהלט! זאָלל זיין אַזוי, אויך רעכט.

— אַלזאָ, איז אָבגעערעדט, מאָרגען פריה פאָהרט איהר! — האָט דער גובער־נאַטאָר געפרעגט און איז אויפגעשטאַנען צו געהן ווי שטענדיג נאָך מיטטאָג אין זיין קאַנצעלאַריע.

אַליציאַ האָט בעטראַכט אויב די טהיר איז גוט צוגעמאַכט, נאָכדעם האָט זי געזאָגט:

— ענדליך אַלזאָ, קאַפּיטאַן, איז געקומען די שעה, אויף וועלכער מיר האָבען אַזוי לאַנג געוואַרט. יעצט וועט עס אונז געלינגען ביםליכוויז מיט דעם טייפעלס־

אִינְזֶעל בֶּעקַאנְט צוּ וֶוערֶען אוּנ אִין אַ פָּאר וָואכֶען אַרוּם וֶועט שׁוֹין אֶפְשַׁר מִיט גָאטֶעס הִילְף דְרֵייפוּס זַיין פְרַיי.

– אוּנ דָאס וֶועט עֶר נוּר אַייךְ הָאבֶּען צוּ דַאנְקֶען – הָאט לוּסְטִיג גֶעזָאגְט דֶער גֶעוֶועזֶענֶער שִׁיפְס־קַאפִּיטַאן.

---

אוֹיף מָארְגֶען גַאנְץ פְרִיה אִיז שׁוֹין קְלוֹיס גְרָאט גֶעזֶעסֶען מִיט זַיין פָּאטָא־גְרַאפִישֶׁען אַפַּאראט אִין דֶעם גוּבֶּערנַאטָארס דַאמְפְשִׁיף. גְרֶעפְּפִּין הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט בֶּעגְלֵייטֶען, ווייל נָאךְ נֶעכְטִיגֶען טַאג הָאט עֶר גֶעהַאט זֶעהר אַ שְׁלֶעכְטֶע נַאכְט אוּנ דֶער דָאקְטָאר רָאהַאן הָאט אִיהְם פֶערבָּאטֶען אַרוֹיסצוּגֶעהן אַ גַאנְצֶען טָאג פוּן בֶּעט.

דֶער דַייטְשֶׁער שִׁיפְס־קַאפִּיטַאן הָאט אָבְּגֶעלֶעבְּט אוֹיף דֶעם יַם, נָאךְ וֶועלְכֶען עֶר הָאט שׁוֹין אַזוֹי לַאנְג גֶעבֶּענְקְט.

פוּן וַוייטֶען הָאט שׁוֹין דֶער טַייפֶעלְס-אִינְזֶעל אוֹיסגֶעזֶעהן שְׁרֶעקְלִיךְ.

– אוּנ אִין אַזַא אָרְט מוּז דֶער אוּנגְלִיקְלִיכֶער פֶערבְּרֵיינְגֶען זַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרֶען – הָאט קְלוֹיס גְרָאט שְׁטִילל גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ אַללֵיין מִיט אַ זִיפְץ.

אוֹיף דֶעם אִינְזֶעל הָאט מֶען אִיהְם אוֹיפְגֶענוּממֶען זֶעהר גוּט. עֶר הָאט גֶעוִויזֶען דֶעם עֶלְטֶסְטֶען פוּן דִי וֶואכְטֶער דֶעם גוּבֶּערנַאטָארְס עֶרְלוֹיבְּנִיסס אוּנ גְלַייךְ נָאכְדֶעם הָאט מֶען אִיהְם צוּגֶעפִיהְרְט צוּ דְרֵייפוּסֶעס הַייזֶעל.

– מַאכְט זִיךְ גְרֵייט, דְרֵייפוּס – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער וֶואכְטֶער צוּ דֶעם דֶעגְרַאדִירְטֶען קַאפִּיטַאן – דֶער גוּבֶּערנַאטָאר הָאט אַהֶערגֶעשִׁיקְט אַ פָאטָאגְרַאפִיסְט, עֶר זָאל אַרָאבְּנֶעהמֶען אַייעֶר בִּילְד.

דְרֵייפוּס הָאט אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס.

וָואס ווילל מֶען נָאךְ פוּן אִיהְם הָאבֶּען?

צוּ וָואס קֶענֶען זַיי נוּטְצֶען זַיין בִּילְד?

שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען וֶועללֶען זִיךְ נָאךְ דֶערמִיט אַרוּמטְרָאגֶען אִין אַללֶע שְׁטֶאדְט אוּנ דֶארְפֶער פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ, כְּדֵי צוּ וַוייזֶען וָואס סְ'קֶענֶען וֶוערֶען פוּן אַ מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער אִיז מוֹרֵד בְּמַלְכוּת.

סְ'הָאט אִיהְם אַ דְרִיקק גֶעגֶעבֶּען בַּיים הַארְצֶען. אַללֶע גְלִידֶער הָאבֶּען אִין אִיהְם גֶעצִיטֶערְט. וֶוענן וֶועט שׁוֹין אַמָאל נֶעהמֶען אַ סוֹף פוּן זַיינֶע צָרוֹת? ווִי לַאנְג נָאךְ וֶועט עֶר זִיךְ קְוֶואללֶען אוּנ בָּאדֶען אִין חֶרְפּוֹת אוּנ יִסוּרִים?

– נָאךְ וֶוענִיג גֶעלִיטֶען? – הָאט עֶר זִיךְ אַללֵיין גֶעפְרֶעגְט – מִיר פֶעהלֶען נָאךְ נַייעֶ שְׁמֶערְצֶען. אָה גָאט, מַיין גָאט, שֵׁיינְק מִיר שׁוֹין וָואס שְׁנֶעללֶער דֶעם טוֹידְט, זָאלל עֶס אֵיין מָאל פַאר אַללֶע מָאל נֶעהמֶען אַ סוֹף.

בַּיי דִי וָוארְטֶער אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין הַייזֶעל אַ הוֹיכֶער, דִיקֶער מַאנְן.

הִינְטֶער אִיהְם הָאבֶּען צְוַויי מֶענְשֶׁען נָאכְגֶעטְרָאגֶען אַ אַפַּאראט צוּ פָאטָא־גְרַאפִירֶען.

— זייט אַזוי גוט — האָט זיך דער פערשטעללטער פאָטאָגראַפיסט אָבגערופען צו די טרעגער — און לאָזט מיך איבער אַלליין מיט דעם געפאַנגענעם. כ'האָב אַ בעפעהל פון פּאַריז דרייפוסען צו פאָטאָגראַפירען אין עטליכע פאָזען, און פרעמדע מענשען קענענען מיר נור שטערען.

דעם פרעמדענס זיסער קול האָט אַ גוטען רושם געמאַכט אויף דעם פערשיקטען קאַפּיטאַן און ער האָט פרייער אָבגעצויגען דעם אָטהעם.

דער פאָטאָגראַפיסט האָט דערווייל אַנגעשטעללט דעם אַפּאַראַט און ווען די וועכטער זיינען שוין געווען אָבגעגאַנגען אַ היבשע צאָהל טריטט האָט ער ווידער געזאָגט:

— הערר קאַפּיטאַן דרייפוס! זייט אַזוי גוט און שטעללט אייך גלייך ניט ווייט פון דעם אַפּאַראַט, אָט אַזוי, — וואַרט נור אַ מינוט, כ'מוז אייך נאָך די האַנד גוט צוזאַממענלייגען.

ביי די ווערטער איז ער צוגעגאַנגען דיכט צו דעם קאַפּיטאַן און איהם אָנגענוממען פאַר די האַנד.

— קאַפּיטאַן דרייפוס — האָט ער נאָך אַמאָל שטילל געזאָגט, ווען ער איז שוין געשטאַנען נעבען איהם — קאַפּיטאַן דרייפוס, כ'בין אייער אַ גוטער פריינד און האָב בדעה צו ווערען אייער רעטטער.

האַלט אייך פעסט, קאַפּיטאַן, היט אייך מיט יעדער בעוועגונג, מאַכט קיין מיענע ניט אַז מיינע ווערטער מאַכען אויף אייך אַ ווירקונג.

דאָס איז געווען לייכט צו זאָגען אָבער ניט צו טהון. דרייפוסען איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען און איהם האָט זיך געדאַכט אַז די ערד זינקט אונטער איהם.

— אַ פריינד, אַ רעטטער — אַ בעפרייער — פון אַזעלכע ווערטער האָט ער שוין לאַנג ניט געהערט. איז דענן אַ מעגליכע זאַך, אַז נאָך אַזאַ לאַנגע, פינסטערע נאַכט, הייבט ווידער אָן די זונן אויפצוגעהען?

— ווי איהר קוקט מיך אָן, הייב איך גאַר ניט אָן צו זיין קיין פאָטאָגראַף — האָט ווידער אָנגעהויבען דער פרעמדער — זיין בין איך אַ דייטשער שיפס-קאַפּיטאַן און מיין נאָמען איז קלויס גראַט.

אייער ברודער מתיתיהו האָט ביי מיר אַ שיף געדונגען — אייער ברודער איז אַ זעלטענער יונגערמאַן, כ'ווייסט ניט אויב ס'איז דאַ זיין גלייכענס אין פראַנקרייך. איך צוזאַממען מיט דער אַמעריקאַנערקע אַליציאַ טערקהי — אויך אַ זעלטענע פרוי־צימער — האָבען מיר געזאָלט אייך בעפרייען.

לייִדער אָבער איז מיין שיף, די אָרעמע „בריגיטאַ", געגאַנגען צו גרונד ניט ווייט פון בראַזיליען. אַ ניעדערטרעכטיגער מענש מיט דעם נאָמען ראַוואַאַק, האָט אויסגעבויערט אַ לאָך אין דעק, דאָס וואַסער איז אַריין אין שיף און דער קעססעל האָט געפּלאַצט.

— ראוואיאק ! — האט דרייפוס איבערגעשלאגען דעם שיפס-קאפיטאנס ערצעהלונג — דער פרויען-מערדער ראוואיאק ? אה, איך קען דאס פויגעל, ניט אויפגעוואכסען וואלט ער געווארען פון דערערד, בעססער וואלט איך איהם דערשטיקט נאך דאמאלס, ווען ער איז געוועזען אונטער מיין מאכט.

— זארגט ניט, קאפיטאן, אויף איהם וועט אויך קומען א סוף. זאל נור גאטט געבען אונז זאל ווענינגסטענס געלינגען אייך, יעצט צו רעטטען. גליקליך וועט דאמאלס זיין אייער פרוי, זי איז דאך אויך געוועזען ביי מיר אויף דער שיף.

— מיין פרוי, זאגט איהר ? — האט זיך האסטיג אבגערופען דרייפוס — הערמיניע, זי איז אויך געוועזען ביי דעם אונגליק ?

— אונ גאטט צו דאנקען אויך גליקליך מיט גאנצע ביינער ארויס בשלום — האט איהם גלייך אונטערגעכאפט קלויס גראט — זי האט זאגאר נאכהער געוואלט מיט אונז אריבערגעהען די בראזילישע זומפען, ליידער אבער האט זי דער פיבער געצוואונגען זיך אומצוקעהרען קיין פאריז ;

— אונ זי איז אליין געפאהרען די גאנצע שטרעקע ?

— ניין, צופאלליג האבען מיר זיך געטראפפען מיט אייערע חברים די פערשיקטע, וועלכע זיינען געררעטטעט געווארען. ערווין אונ זיין פרוי לעאניע מיט אנטאניען האבען בעגלייט אייער פרוי ביז נויארק, פון דארטען איז זי אליין געפאהרען.

— ארעמע הערמיניע, ליעבע הערמיניע, וויפיעל ביסט דו שוין אויס־געשטאנען צוליעב מיר ! — האט זיך דרייפוס צוויינט ווי א קינד.

— וויינט, קאפיטאן, וויינט זיך אויס דאס הארץ — האט זיך אבגערופען דער דייטשער שיפס-קאפיטאן אונ זיינע אויגען זיינען אויך פייכט געווארען — פון טרערען ווערט שטענדיג לייכטער. מיט אייער פרוי מעגט איהר שטאלץ זיין. זי איז גוט, שאן אונ קלוג.

אויסערדעם האט איהר אויך גוטע פריינד, אויף וועלכע איהר מעגט רעכענען. די גאנצע געבילדעטע וועלט קלערט וועגען אייך. פארלייפיג איז נאך ליידער ווייניג געלונגען עטוואס אויפצוטהון, מיר האבען נאך אבער די האפנונג ניט פערלארען.

דרייפוס האט הייסס געדריקט דעם שיפס-קאפיטאנס הענד.

— איך ווייסס ניט מיט וואס כ'זאלל אייך אבדאנקען, גוטער מענש. איינס קען איך אייך נור פערזיכערען, אז אייערע ווארטער האבען מיר צוגעגעבען נייעם מוטה אונ כ'שפיר מיך יעצט קרעפטיגער אונ רייכער ווי א פערטיל שעה צוריק.

— דאס פרייט מיך זעהר, ליעבער קאפיטאן, דאנקען איז ניט דא פאר וואס,

ווייל דעם אמת געזאגט אינטערעסירט ניט די וועלט אזוי ווייט איער פערזאן, ווי דער אונרעכט געגען דעם אמת, די עולה פון דעם יושר.

אונ קלוים גראט האט ערצעהלט אין קורצע ווארטער וואס ס'קוממט יעצט פאר אין פאריז. דרייפוס איז פון איהם געוואהר געווארען אלץ וואס זאלא, פיקאר, שערער־קעסטנער אונ נאך פיעל אנדערע עהרליכע פראנצויזען האבען אנגעווענדעט מיה אונ קרעפטען אויפצוווייזען זיין אונשולד.

דרייפוס האט געשלונגען די ווארטער. צום ערשטען מאל זינט ער איז אהער געבראכט געווארען קוממט איהם אוים די געלעגענהייט צו רעדען מיט א גוטען פריינד, מיט א געבילדעטען מענשען, וואס קענן איהם בעקאננט מאכען מיט דער גאנצער קלוגער וועלט.

– דאס איז אלץ פארלייפיג וואס כ'האב אייך געוואללט זאגען, דעם רעשט לאזט אונז איבער.

איהר ווייסט דאך שוין ווער אליציא טעררהי איז אונ איהר מעגט זיין זיכער, אז זי וועט אויספיהרען וואס זי געהמט זיך אונטער, פריהער אדער שפעטער, דא צו דארטען.

אדיע, קאפיטאן דרייפוס! כ'האף נאך מיט אייך זיך ניט איין מאל צו זעהען.

פארלייפיג אדיע, לעבט מיט דער האפפנונג אונ פערגעססט ניט אז די געבילדעטע אונ קלוגע וועלט האלט מיט אייך.

געדיינקט אן גאטט אונ אן דעם אמת, וועלכער מוז סוף כל סוף גובר זיין דעם שקר.

– אדיע, מיין גוטער פריינד! – האט דרייפוס מיט טרערען געזאגט אונ נאך א מאל הייסס געדריקט דעם קאפיטאנס האנד.

קלוים גראט איז אוועקגעגאנגען רופען די וואכטער.

---

## XL.

## דער לעצטער ודוי.

אז הערמינע האט זיך אויפגעכאפט פון דעם אנמאכט, אין וועלכען זי איז אריינגעפאללען, נאכדעם, ווען זי האט זיך אויף אזא אונגליקליכער ווייזע געטראפפען מיט איהר פערפאללענעם זוהן, איז זי געווארען אויססער זיך.

דאס נייע אונגליק איז פאר איהר געוועזען נאך פיעל ערגער ווי דאס ערשטע, ווענן איהר ליעבער טהייערער אלפרעד איז פון איהר צוגענוממען געווארען ארעסטירט אין קייטען.

מַתִּית דְרֵייפוּס אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיי דֶער שְׁוָואגֶערִין אוּנ מִיט אַלֶע מֶעגְלִיבֶע מְרֵייסְט־וָוארְטֶער גֶעזוּכְט זִי צוּ בֶּערוּהִיגֶען.

— וויין נִיט, לִיעבֶּע הֶערְמִינֶע, צוּ פִיעל — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — דוּ הָאסְט שׁוֹין הַיינְט גֶענוּג טְרֶערֶען פֶערְגָאסֶען.

— נֵיין, מַתִּית. וָואס מֶעהר אִיז בֶּעסֶער. מַיינֶע טְרֶערֶען וֶועלֶען זִיךְ גִיסֶען בִּיז דֶער טוֹידְט וֶועט מִיר צוּמַאכֶען דִי אוֹיגֶען.

— נֵיין הֶערְמִינֶע — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מַתִּית אוּנ ס'אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג אַז אִיהם אַלֵיין קָאסְטֶען דִי וָוארְטֶער פִיעל מִיה אוּנ אָנְשְׁטְרֵיינְגוּנְג — לוֹיט מַיין מֵיינוּנְג בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ גָאטט צוּ דַאנְקֶען פִיר הַיינְטִיגֶען טָאג, וַוייל עֶר הָאט אוּנְז גֶעעֶפֶענְט דִי אוֹיגֶען אוֹיף צְוֵויי וִויכְטִיגֶע זַאכֶען.

עֶרְשְׁטֶענְס וֵוייסֶען מִיר שׁוֹין אוֹיף זִיכֶער, אַז אוּנְזֶער לִיעב קִינְד לֶעבְּט אוּנ צְוֵוייטֶענְס, אַז אַנְדְרֶעעֶ אִיז אִין פַּארִיז.

הַיינְט אִין דֶער פְרִיה אִיז נָאךְ בֵּיי אוּנְז גֶעוֶוען אַ שְׁטַארְקֶער סָפֵק, אוֹיב עֶר לֶעבְּט. וִוי וַוייט הָאט עָס דֶענְן גֶעפֶעהלְט דִי בֶּאזֶע חֶבְרָה זָאלֶען אִיהם דֶעם טוֹידְט מַאכֶען? בֵּיי אַ זֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען קֶענְן מֶען זִיךְ אוֹיף אַלֶץ רִיכְטֶען.

— פַאר אִיהם וָואלְט אֶפְשַׁר גְלַייכֶער גֶעוֶוען דֶער טוֹידְט — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דִי עֶלֶענְדֶע מוּטֶער מִיט אַ הַארְץ־וֵוייטָאג — וָואס הָאבּ אִיךְ פוּן זַיין לֶעבֶען, אַז זַיין נְשָׁמָה'לֶע אִיז טוֹידְט?

שְׁטֶעלל דִיר פָאר, אַז גָאטט טְהוּט אַ נֵס אוּנ אַלְפְרֶעד קוּמְט צוּרִיק וָואס וֶועלל אִ'ךְ אִיהם זָאגֶען אוֹיף דֶער פְרָאגֶע: וואוּ זַיין קִינְד אִיז אַהִינְגֶעקוּמֶען? כְּ'וֶועלל דָאךְ אִיהם נִיט עֶנְטְפֶערֶען, אַז אַנְדְרֶעעֶ, דָאס לִיעב טְהַייעֶר קִינְד אִיז צְוִוישֶׁען גַנָבִים אוּנ הַיינְט הָאט עֶר בֶּעגַנְבְהֶט זַיין אֵייגֶענֶע מוּטֶער. נֵיין, בֶּעסֶער וֶועלל אִיךְ אִיהם זָאגֶען, אַז זַיין קִינְד לֶעבְּט נִיט מֶעהר.

אָה גָאטט, גָאטט, פַאר וָואס קוּמְט עֶס מִיר?

דִי עֶלֶענְדֶע פְרוֹי אִיז מִיעד אַנִיעדֶערְגֶעפַאלֶען צוּרִיק אוֹיפ'ן קִישֶׁען.

מַתִּית'ן הָאבֶּען זִיךְ טְרֶערֶען גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִי אוֹיגֶען. עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמוּזְט שְׁטַארְקֶען אוּנ עֶס נִיט אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען פַאר דֶער קְרַאנְקֶער.

— הֶערְמִינֶע! — הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ זַיין קוֹל הָאט גֶעקְלוּנְגֶען נָאךְ זִיסֶער וִוי שְׁטֶענְדִיג — צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל, זִינְט מִיר קֶענֶען זִיךְ מוּז אִיךְ דִיר מַאכֶען פָאְרוָוירְפֶע אוּנ נִיט מַסְכִּים זַיין צוּ דַיינֶע וָוארְטֶער, וַוייל דוּ הָאסְט יֶעצְט נִיט גֶערֶעדְט וִוי אַ מוּטֶער, נוּר וִוי אַ נַארִישֶׁע פְרוֹי, אָהן גֶעפִיהל אוּנ אָהן הַארְץ.

וִוי אַזוֹי הָאסְט דוּ גָאר גֶעקֶענְנְט אִיבֶּער דַיין מוֹיל אַרִיבֶּערְבְּרֶענְגֶען אַזֶעלְכֶע וָוארְטֶער? זָאג אַלֵיין, אִיז עֶס דֶענְן אִין אָרְדְנוּנְג צוּ וִויסֶען, זִיךְ מְיָאֵשׁ צוּ זַיין פוּן אַ לֶעבֶּעדִיגֶען קִינְד אוּנ אִיהם הַאלְטֶען פַאר אַ גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם?

וָואס אִיז גֶעבַּאךְ דָאס קִינְד שׁוּלְדִיג?

עס איז אַריינגעפֿאַללען צו שלעכטע מענשען אין די הענד און זיי לערנען איהם אויס אַללעם בעזו. אַ קינד לערנט זיך אויס צו גנבה'נען, גלייך ווי אַ הונד צו האַלטען אַ שטעקען אין מויל.

דאס איז ניט מעהר ווי אַ געוואָהנהייט, אַ אויסגעלערענטע תורה.

אַז גאָטט וועט אונז העלפען דאס קינד צוריק צו בעקוממען אין אונזער מאַכט, וועט עס אַזוי לייכט זיך אָבגעוואָהנען פון די בעזע תורות. אַז דו וועסט דיך אַלליין איבערצייגען ווי גיך דאס איז געשעהען, אַנדרעע וועט ווערען אַ ניי־געבאָרען קינד, און די מוטטער, ווי אויך דער פאָטער וועללען זיך מיט איהם ניט קעננען זאַט אנפרייען, דער עיקר, ליעבע הערמינע, צו זאַממעלן כוחות אויף שפּעטער, ווענן די גוטטע צייטען וועללען פערטרייבען אונזערע אַללע צרות.

– שמאַרק דיך ליעבע שוועגערין, און גיב מיר די האַנד, אַז דו האָסט נאָך יעצט אַנדרעען ליעבער ווי פריהער.

הערמינע האָט זיך איבער אַ נייעס צוויינט.

– דו האָסט רעכט, מתיח, כ'האָב געזינדיגט מיט מיינע ווערטער, זיי אָבער ניט בעז און געה אַריין אין מיין לאַגע אויך. אַ מענש ווערט אַזוי צומישט פון די אַללע אונפערהאָפפטע יסורים, אַז ער ווייס אַלליין ניט, וואָס ער רעדט. אויך יעצט ברעכט אין מיר דאס האַרץ, ווענן כ'דערמאַנן מיך אין וועלכע האַנד מיין קינד איז און ס'איז גאָר ניט דאָ קיין וועג ווי אַזוי איהם אַרויס צוקריעגען.

– פערצווייפעל ניט, הערמינע, און פערליער ניט קיין מוטה – האָט דער גוטער שוואָגער געענטפערט – פון מאָרגען אָן הויב איך אָן אויפצווזוכען אַנדרעען און כ'שווער דיר, אַז קיין זאַך וועט מיר ניט צו שווער זיין אַבי נור דאס קינד צו געפינען. דער פרעפעקט, הערר לאַ־בריער האָט מיר צוגעזאָגט מיטצוגעבען דעם פאָליציי־דירעקטאָר גילבערט און צוזאַממען וועללען מיר אַזוי לאַנג אַרום־געהן פערקלייעדעט אין אַללע שיינקען און קעללערס, ווי די גנבים זיטצען, ביז אַנדרעע וועט זיך געפינען.

– אַ דאַנק דיר, מתיח; גאָטט אַלליין מעג דיר פערגיטיגען פיר אַלץ, וואָס דו טהוסט געגען אונז. אַ פאָטער ברויכט מעהר ניט צו טהון פיר זיינע קינדער. ביי די ווערטער האָט ווער אָנגעקלונגען אין טהיר.

– ווער קענן עס זיין אַזוי שפעט? – האָט מתיח זיך געוואונדערט? ס'איז שוין דאָך באַלד צעהן דער זייגער.

אין צימער איז האַסטיג אַריין דער הויז־דאָקטאָר בורגער.

– הערר דרייפוס! – האָט ער האַסטיג געזאָגט -- איהר מוזט די מינוט מיט מיר אַוועקגעהן.

– וואָהין? – האָט זיך נאָך מעהר געוואונדערט מתיח.

– טְהוּם אַייך אָן אוּנ כְ'וֶועלל אַייך דֶערנאַייל אִין קוּרְצֶען עֶרְצֶעהלֶען וֶועגֶען וָואס סְ'גֶעהט.

מִיט אַ פָּאר שָׁעָה צוּרִיק בִּין אִיךְ גֶעזֶעסֶען מִיט מַיין מוּטטֶער בַּיי דֶעם נאַכְט-עֶסֶען. מִיט אַיין מָאל פָּאלְט אַריין צוּ מִיר אִין הויז אַ אָרֶעמֶע פְרוֹי מִיט אַ גֶעשְׁרַיי:

– קוּמְמְט, הֶערר דָאקְטָאר, גֶעשְׁווִינְד, דִי מוּטטֶער קַאנְעטטַא הַאלְט בַּיים אָבְשְׁטַארְבֶּען.

צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַזַא נָאמֶען אוּנ בִּין נַייגִיעריג גֶעוֶוען צוּ ווִיסֶען וֶוער דִי פַּאצְיֶענְטִין אִיז.

דַאמָאלְס הָאט מִיר דִי פְרוֹי עֶרְצֶעהלְט, אַז דִי „מוּטטֶער קַאנֶעטטַא" הֵייסְט דִי ווִירְטִהין פוּן „דֶעם רוֹיטֶען שֵׁיינְק" אוֹיף דֶער גַאסס מַאדָאנְנֶע.

פוּן אִיהר בִּין אִיךְ אוֹיךְ גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז דִי אַלְטֶע קַאנֶעטטַא הָאט נִיט גֶעהֶערְט צוּ דִי עֶהרְלִיכֶע פְרוֹיעֶן אוּנ דָאס גַאנְץ לֶעבֶּען פֶערבְּרַאכְט אִין שְׁמוּטְצִיגֶע חֲמָאִים אוּנ דַארִיבֶּער ווִילל קֵיין דָאקְטָאר יֶעצְט צוּ אִיהר נִיט גֶעהן.

– קוּמְמְט מִיט מִיר, הֶערר דָאקְטָאר – הָאט דִי פְרוֹי גֶעעֶנְדִיגְט אִיהר עֶרְצֶעה-לוּנְג – סְ'אִיז דָאךְ אַ רַחֲמָנוּת אוֹיף אַ מֶענְשׁ, דִי אַלְטֶע אִיז גֶענוּג רֵייךְ אוּנ זִי וֶועט אַייךְ גֶעווִיסס אָרְדֶענְטְלִיךְ בֶּעפְרִידִיגֶען אוֹיךְ. אִיךְ בִּין אַ שְׁכֵנְתָּה אוּנ הָאבּ אוֹיךְ נִיט גֶעקֶענְנְט צוּזֶעהֶען, ווִי דִי אַלְטֶע קְרֶעכְצְט אוּנ וַויינְט אָהן אוֹיפְהֶער.

מִיעד בִּין אִיךְ גֶעוֶוען פוּן אַ גַאנְצֶען טָאג, כְ'הָאבּ גְרַאדֶע הַיינְט גֶעהַאט זֶעהר פִּיעל פַּאצְיֶענְטֶען אוּנ דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעהַאט שְׁטַארְק חֵשֶׁק צוּ גֶעהן אוּנ אַ מוּרֶמֶעל גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶערְן נָאז:

– סְ'וָואלְלְט גְלַייכֶער גֶעוֶוען צוּ רוּפֶען אַ פְּרִיסְטֶער, עֶר וֶועט דָארְטֶען בֶּעסֶער טוֹיגֶען.

מַיין מוּטטֶער אָבֶּער אִיז דִי תְּשׁוּבָה נִיט גֶעפָאלְלֶען גֶעוָוארֶען אוּנ זִי הָאט זִיךְ דַאסְמִיג אָבְגֶערוּפֶען:

– נֵיין, מַיין זוּהן, דָאס מָאל טָארְסְט דוּ דִיךְ גֶעווִיסס נִיט אָבְזָאגֶען, אוּנ טַאקִי דֶערְפַאר, וַוייל קֵיינֶער ווִילל צוּ אִיהר נִיט גֶעהן. אִין אַ נוֹיט, דַאמָאלְס וֶוען דֶער מֶענְשׁ לַיידְט, וֶוערֶען אַללֶע זִינְד פֶערְגֶעסֶען אוּנ בַּיי אוּנְז אִין הַארְצֶען בְּרוֹיכְט זִיךְ אוֹיפְצוּוֶועקֶען נוּר אַיין גֶעפִיהל – רַחֲמָנוּת.

דֶער מוּטטֶערְס וָוארְטֶער הָאבֶּען אוֹיף מִיךְ אַ גוּטֶען רוֹשֶׁם גֶעמַאכְט אוּנ אִיךְ בִּין אַוֶועק מִיט דֶער פְרוֹי.

כְ'וֶועלל אַייךְ יֶעצְט נִיט שִׁילְדֶערֶען מִיט ווִיפִיעל שְׁוֶועריגְקֵייטֶען דֶער וֶועג אִיז גֶעוֶוען פֶערְבּוּנְדֶען אוּנ דוּרךְ וֶועלְכֶע פִינְסְטֶערֶע גֶאנְג הָאבּ אִיךְ גֶעמוּזְט דוּרְכְ-גֶעהן, בִּיז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶענְס בֶּעט.

קוּרְץ דֶערְפוּן, עֶנְדְלִיךְ בִּין אִיךְ אַריין אִין אַ שְׁמוּטְצִיגֶען בְּרוּדִיגֶען צִימֶער אוּנ

פאַר מײנע אויגען איז געלעגען אויסגעצויגען אַ אַלטע, גרויע, געשוואָלענע פרוי, מיט איין וואָרט, זי האָט אויסגעזעהן שרעקליך.

— מוטטער קאַזעטטאַ! — האָט מיין בעגלייטערין הויך אַ געשריי געגעבען, ווענן מיר זיינען אַריין אין צימער — איך האָב געבראַכט אַ דאָקטאָר!

— אַ דאָקטאָר! — האָט די אַלטע זיך צובייזערט — ווער האָט דיך געבעטען? בעצאָהל אַז דו האָסט, כ'האָב ניט פון וואַנען צו צאָהלען.

דאָס איז געווען די ערשטע אויפנאַהמע, נאָכדעם האָב איך מיך בעגאַנגען מיט שוויים ביז מיר איז געלונגען די קראַנקע צו אונטערזוכען.

— איהר זייט ערנסט קראַנק — האָב איך צו איהר געזאָגט — וואַהרשיינליך האָט איהר דאָך קרובים, קינדער, סוואָלט געווען אַ יושר זיי צו וויסען צו געבען.

ביי דער בעמערקונג האָט די אַלטע אויפגעהויבען דעם געשוואָלענעם קאָפּ.

— דו ביזט געווען ביי מיין טאָכטער? — האָט זי געפרעגט ביי דער שבנתה.

— ניט איין מאָל, נור צוויי מאָל — האָט די פרוי באַז געענטפערט — דאָס ערשטע מאָל האָט זי מיר מיט רוגז געענטפערט, אַז זי האָט היינט קיין צייט ניט צו קומען צו איך, זי האָט אַלליין אַ פערדרעהטען קאָפּ מיט איהרע געשעפטען. שטאַרבען, זאָגט זי, קענענט איהר אָהן איהר אויך.

— פערשאָלטען זאָלל זי ווערען — האָט די אַלטע אַרויסגעגורגעלט.

— צום צווייטען מאָל — האָט זוייטער די שבנתה ערצעהלט — האָט זי מיך פּשוט געהייסען אַראָבוואַרפען פון די טרעפּ, ווענן כ'האָב איהר געזאָגט אַז ס'איז ניט גלייך אַזוי זיך ניט צו געזעגענען מיט אַ מוטטער פאַר'ן טויט.

— ווער איז דאָס אַזאַ שלעכטע טאָכטער? — האָב איך געפרעגט.

די שבנתה האָט שוין געעפענט דאָס מויל מיר צו ערצעהלען, די קראַנקע האָט זיך אָבער צושריען:

— קיין וואָרט... קיין איינציג וואָרט... קיינער טאָר דערפון ניט וויסען, נור איין מענש, און איהם וועלל איך אַל'ץ זאָגען.

איהרע קראַנקע אויגען האָבען זיך ביי די וואָרטער אָנגעצונדען מיט אַ זעלטענעם פייער און מיט די רעשט קרעפטען האָט זי געקריצט מיט די צאָהן:

— כ'מוז זי אומברענגען, הי, הי, הי, זי וועט מיך געדענקען נאָכ'ן טויט אויך צוזאַממען מיט איהר שוואַרצען יונגען מאַנן... זאָלל די וועלט וויסען ווער ער איז... אויך ניט בעססער פאַר אונז אַללעמען... אַ טויגעניכטס... אַ פערברעכער.

נאָכדעם האָט זי מיט אַ וואונק צוגערופען די שבנתה און נאָך שטיללער געמורמעלט:

— זייט אַזוי גוט... כ'וועלל איך די טובה ניט פערגעססען, רופט מיר אַהער... אַ מענשען מיט דעם נאָמען... מתית דרייפוס... כ'האָב איהם צו זאָגען אַ סוד... אַ וויכטיגען סוד... פון וועלכען ס'וועט איהם ווערען קאַלט און

אָרם ... דאַגעגען אָבער וועלען אונגליקליך זיין אַנדערע צוויי מענשען ...
פערשאָלטענע מענשען ... אונגליקליך וועלען זיי זיין ...

דער דאָקטאָר האָט זיך אַ ווײַלע אָבגערוהט. הערמינִיע מיט דעם שוואַנגער האָבען איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט.

– און איהר זייט זיכער אַז די אַלטע האָט טאַקי געמיינט מיך? – האָט מתית געפרעגט.

– גאַנץ געוויסס – האָט דער דאָקטאָר בורגער געענטפערט – דער בעסטער בעווייז, אַז נאָכדעם, ווענן די שבנתה האָט קאָזעטטאַן געפרעגט, וואָס זי זאָלל איך זאָגען, האָט די אַלטע אַ ציטטער געגעבען מיט דעם גאַנצען לייב און מיט די לעצטע כחות אַרויסגעשטאַמעלט:

– געהט ... זאָגט איהם ... וויכטיגע נייעס ... פון זיין ברודער ... דעם פערשיקטען ... און דעם קליינעם יונגעל ... ווי הייסט ער דאָרטען ... אַנדרע דאָכט זיך ...

יעצט האָט שוין מתית מעהר ניט געפרעגט. הערמיניע האָט איהם אויך געבעטען מיט די אויגען, ער זאָל וואָס געשווינדער אַוועקגעהן מיט דעם דאָקטאָר.

אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער זיינען שוין ביידע מאַננער געוועזן אויף דער גאַסס.

---

– איך האַלט עס קוים אויס פון נייגיער צו הערען וואָס די אַלטע וועט מיר זאָגען – האָט מתית זיך אָבגערופען, ווענן זיי זיינען שוין געוועזן אויף דער גאַסס – יעצט דערמאָנן איך מיך, אַז די פרוי מיט דעם צוראַצטען פּנים, וועלכע האָט פערפיהרט אַנדרעען, האָט אַ מוטטער מיט דעם נאָמען „קאָזעטטאַ". אפשר איז דאָס די זעלבע?

– אַללענפאַללס שאַדט ניט – האָט זיך אָבגערופען דער דאָקטאָר בורגער – וואָס כ'האָב מיך געאײלט צו פאָהרען נאָך איך. ווי די מעשה איז, וועללען מיר פון איהר עפּעס געוואָהר ווערען, זי זאָלל אונז נור ניט אָבשטאַרבען פאַר דער צייט.

– אַך, ווענן איך קריעג די פרוי ביי מיר אין די האַנד – האָט מתית זיך צוהיצט – דאָס הארץ זאָגט מיר אַז זי האָט דעם שליסעל פון אונזער גאַנצען אונגליק.

– אָט זיינען מיר אויף דעם אָרט – האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און געהייסען אָבשטעללען דעם וואָגען.

די שבנתה איז זיי אַרויס אַנטקעגען.

– וואָס מאַכט די קראַנקע? – האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— כ׳וויים אַלליין נִיט וָואס צוּ זָאגֶען — הָאט דִי פְרוֹי גֶעעֶנְטפֶערְט אִיבֶּער־גֶעשְׁרָאקֶען — עֶפֶּעס לִיעגְט זִי מִיר אַזוֹי שְׁטִילל אוּנ רִיהרְט נִיט מִיט קֵיין גְלִיעד.

דָאקְטָאר בּוֹרְגֶער אִיז גִיךְ צוּגֶעלָאפֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶער. עֶר הָאט הַאסְטִיג אַרוֹיסְגֶענוּממֶען אַ פְלֶעשֶׁעל אוּנ מִיט גְוַואלְט גֶעעֶפֶנֶט קַאזֶעטטַאס מוֹיל.

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען שְׁפֶּעטֶער הָאט זִי גֶעעֶפֶנְט דִי אוֹיגֶען אוּנ ווִילְד אָנְגֶעקוּקְט דִי פְרֶעמְדֶע מָאנגֶער.

— מַתִית דְרֵייפוּס! — הָאט זִי פְּלוּצְלִינְג אַרוֹיסְגֶערֶעדְט מִיט אַ הַאלְבֶּע צוּנְג.

דֶער דָאקְטָאר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבּוֹיגֶען אִיבֶּער אִיהר אוּנ אוֹיסְגֶעהֶערְט דָאס הַארְץ.

— דִי מִינוּטֶען זַיינֶען גֶעצֶעהלְט — הָאט עֶר אַ ווִאוּנְק גֶעגֶעבֶּען צוּ מַתִּית׳ן אוּנ אַלליין אַרַיינְגֶעשְׁרִיעֶן דֶער קְרַאנְקֶער אִין אוֹיעֶר:

— אָט אִיז דֶער מַאנן, וָואס אִיהר הָאט אִיהם פֶערְלַאנְגְט צוּ זֶעהֶען.

— אוּנְשׁוּלְדִיג — הָאט דִי אַלְטֶע אַזוֹי שְׁטִילל גֶעמוּרְמֶעלְט, אַז בֵּיידֶע מָאנגֶער הָאבֶּען עֶס קוֹים דֶערְהֶערְט — קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס... אִיז... אוּנְשׁוּלְדִיג — קְלוֹידְרַיאַ לָארֶעטטַא — עֶסְטֶערְהַאזִי — גֶעלְד — פֶערְקוֹיפְטֶע כְּתָבִים... דֶער... פוּן... לָארֶעטטַא... עֶסְטֶערְהַאזִי... אַ שְׁוַוארְץ יָאהר אוֹיף דֶעם שְׁוַוארְצֶען מַאיָאר.

דֶער קְרַאנְקֶענְס שְׁטִימֶע הָאט זִיךְ אָבְּגֶעהַאקְט, גְלַייךְ ווִי אַ פֶּעדֶער וָואלְט דָארְטֶען גֶעפְּלַאצְט.

— שְׁלֶעכְט — הָאט דֶער דָאקְטָאר אוּנְצוּפְרִידֶען גֶעזָאגְט — זִי שְׁטַארְבְּט אָבּ אוּנ מִיר וֶועללֶען נִיט גֶעוָואהר וֶוערֶען דִי וִויכְטִיגֶע סוֹדוֹת.

פְּלוּצְלִינְג אָבֶּער הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אַ מָאל קַאזֶעטטַאס לִיפֶּען בֶּעוֶועגְט. מַתִּית אִיז צוּגֶעפַאלֶען צוּ דֶער קְרַאנְקֶער אוּנ כִּמְעַט צוּגֶעלֵייגְט זַיין אוֹיעֶר צוּ אִיהר מוֹיל.

דַאמָאלְס הָאט עֶר דֶערְהֶערְט דֶעם לֶעצְטֶען וִדוּי..

— בּוּלַאנְזִי... פּוֹטִיפֶרַע... דִי אֵייגֶענֶע קִינְד... מַיין בְּרוּדֶער... מַיין בְּרוּדֶער... בַּיי מַיינֶעם... פֶערְשָׁאלְטֶען... זָאלל זַיין מַיין... טָאכְטֶער...

נָאכְדֶעם אִיז גֶעוָוארֶען גַאנְץ שְׁטִילל... גָאר שְׁטִילל...

— קַאזֶעטטַא אִיז טוֹידְט — הָאט דֶער דָאקְטָאר טְרוֹיעֶרִיג גֶעזָאגְט.

— זִי אִיז טוֹידְט — הָאט מַתִּית דְרֵייפוּס מִיט פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג פֶערְבְּרָאכֶען מִיט דִי הָאנְד... — אוּנ דִי וִויכְטִיגֶע סוֹדוֹת נֶעהמְט זִי מִיט מִיט זִיךְ אִין קֶבֶר.

גָאטט הָאט נִיט צוּגֶעלָאזֶען, אַז דִי אַלְטֶע זִינְדִיגֶע פְרוֹי זָאלל אוֹיסְקוֹיפֶען אִיהרֶע חֲטָאִים מִיט אַזַא הֵיילִיגֶע תְּשׁוּבָה אוּנ דוּרְךְ אִיהר זָאלל גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען אַ אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מִשְׁפָּחָה.

— דָא הָאט אִיהר אַ גָאלְד־שְׁטִיק — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען צוּ דֶער שְׁכֵנְתָּה פַאר׳ן אַוֶועקְגֶעהֶען — אוּנ זֶעהט מֶען זָאלל דִי פְרוֹי בֶּעגְרָאבֶּען. זִי אִיז דָאךְ אַ מֶענְשׁ...

# XLI.

# געשטאָרבען מיט דער פידעל אין האַנד.

אויף מאָרגען נאָך ־קאָנזעמטאָס טויט איז איהר טאָכטער פּוֹטיפֶרַע געפּאהרען שפּאַציערען אויף אַ רייבען שליטען אויסען שטאָדט אין וואַלד.

זי האָט מיט פלייס אויסגעמיידט דעם שוואַרצען מאָאר, ווייל זי האָט געוואָללט אַליין בלייבען מיט איהרע מחשבות.

אונ טראַכטען האָט זי געהאַט וועגען וואָס...

בּיסליכוויז איז זי געוואָהר געוואָרען, אַז מעלאַרע די ציגיינערקע איז בּיי עסמעראַלדאַ פערשטעללט אין מאָנגער־קליידער. דאָס אַלליין איז שוין געווען גענוג אויפצוועקען אין פּוֹטיפֶרַעס האַרץ פיעל אייפערזוכט. אויך יעצט אַרבּייט בּיי איהר שטאַרק דער מח, ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון דער נייער צרה.

די פערד לויפען געשווינד, דער שנעע סקריפּעט אונטער די פיסס אונ די גלעקלעך קלינגען לויט אונ אין פּוֹטיפֶרַעס מח געהט דורך אַ גאַנצע רייהע בּילדער פון די יונגע יאָהרען בּיז היינטיגען טאָג. געבּאָהרען אין אַ זינדיגען אָרט, ערצויגען אין פּאַריזער שמוטץ, אין געזעללשאַפט פון גנבים אונ רוצחים איז איהר ענדליך געלונגען צו געניסען פון אַ בּכבודען לעבען אונ האָבּען געלד מיט אַ געליבּטען, אַ יונגען שאָנעם אָפיציער פון אַ רייכער פאַמיליע אונ וויכטיגער שטעללע אין דעם גענעראַל־שטאַבּ. פון אַזאַ גליק האָט ־קאָנזעמטאָס טאָכטער אַ מאָל גאָר ניט געקעננט חלומען...

אונ דאַריבּער איז איהר אַ שאָד געווען יעדע מינוט, וואָס דער האַרץ־געליבּטער מאַנן האָט געוואָללט טהיילען מיט אַ נ'אַנדער פרוי. אַלם פרוי בּוּלאַנז'י האָט פּוֹטיפֶרַע זיך ווענינ וואָס געענדערט, איהר געוויסען האָט לייכט פערטראָגען די גראָבּסטע רציחה, די ערגסטע גזלה.

פאַר איין קוש פון דעם שוואַרצען מאָאר וואָללט ־קאָנזעמטאָס טאָכטער אויסגעהרגעט אַ גאַנצע שטאָדט מענשען, פאַר זיין געלט איז זי געווען אים שטאַנד צו טרעטען איבּער פגרים.

אונ דער שליטען טראָגט זיך האַסטיג איבּער דעם טרוקענעם שנעע, די פערד לויפען לעבּענדיג אונ דער שוים ווערט זיי פערפראָהרען בּיי די צוימען. פּוֹטיפֶרַע דערמאָנט זיך ווי גוט איהר איז יעצט אונ אַ צופריעדענער שמייכעל רוהט אויף איהרע ליפּפען, זי איז גליקליך...

ווער געהט דאָרטען ניט וויים פון וועג? אַ הויכער יונגער מאַנן מיט אַ שוואַרצען בּאָרד. וואָס קענן ער דאָ טהון איינזאַם אין וואַלד? ־קיין יאָגער קענן דאָס

ניט זיין, ווייל ער האט ניט קיין געווער אונ א לעדערנע טארבע אויף די פלייצעס.

פוטיפרע האט זיך זעהר פעראינטערעססירט אונ געהייסען אבהאלטען דעם שליטען.

פאר איהר איז געשטאנען א הויכער, יונגער, שאנער ציגאנער.

אז ער איז ניט קיין ארעמאן האט אנגעוויזען זיין קאסטיום: רויטע הויזען, שטיפעל מיט גאלדענע שניר, א העמד מיט רייכע שטיקעריי, איבער וועלכע ס'האט ארונטערגעהאנגען א יאק-ראק מיט זילבערנע קנעפ, אויפ'ן קאפ א ווייכער, ברוינער פילצענער הוט,

דער ציגאנער איז ווי איבערגעשראקען געווארען פון פוטיפרעס שליטען, ער האט ווילד אנגעקוקט עסטערהאזיס געליעבטע.

א ווייל'ע האבען זיי זיך ביידע שטיל אנגעקוקט.

– קוקט מיך ניט אזוי אן – האט זיך דער ערשטער אבגערופען דער ציגא-נער – ווינדערט אייך ניט אז אלאדאר פארקאש, דער בעריהמטער פידלער פון „פאלערמא“, שפאצירט ארום איינזאם אין אזא פראסט. פאר ציגאנער פאסט אלץ.

פוטיפרע איז אויפגעשפרונגען פון ארט.

– איהר... זייט... אלאדאר פארקאש? – האט זי פערוואונדערט גע-פרעגט.

פוטיפרע האט געקענט דעם נאמען פון די צייטונגען אונ איהר האט זיך גאר ניט געגלויבט ווי אזוי דער בעריהמטער ארטיסט טרייבט זיך ארום ביי דער נאכט אין א פוסטען וואלד.

אלאדאר האט פערשטאנען איהר ווינדער אונ שנעלל זיך אבגערופען:

– אוים ארטיסט, די סטרונעס פון מיין פידעל האבען געפלאצט צוזאממען מיט מיין הארץ.

פערשאלטען זאלל זיין די שעה, ווען כ'האב מיך געלאזט איינרעדען צו קוממען אין פאריז.

פארדעם האט זי געהערט נור צו מיר, מיינע איז מעלוארע אונ טויזענד מאל בעסער וואלט פאר אונז געווען צו בלייבען אין די היימישע וועלדער, זיך חברה'ן מיט'ן וואלף, עהדער צו ווערען בעשאטען מיט בלומען אין פאריז.

דער וואלף רייסט די מענשען נור דאמאלס ווען ער איז הונגריג, א מאנס-ביל פערפיהרט די פרויען שטענדיג אונ פרעגט ניט ווי שפעט ס'איז.

מיין לעבען איז צושטערט, מיין פידעל איז צובראכען אונ כ'האב געשוואוירען ביז א געוויסער צייט די סטרונעס ניט צו בעריהרען.

דעמאלט אבער וועלל איך אויפשפיעלען א נייעם ליעד, אזוי לוסטיג, אזוי פרעהליך, מיט אזא היטץ, אויף וועלכער ס'איז נור פעהיג א ציגאנער, וועלכער רעדט זיך איין אז די גאנצע וועלט איז זיינע.

און ווייסט איהר, מאדאם, וואו כ'וועלל אין יענעם טאג שטעהן בלייבען מיט מיין פידעל?

פון גרויסס היטץ האט זיך אלאדאר פערגעססען אז ער רעדט מיט א פרעמדער אונבעקאנטער פרוי און געהמענדיג פוטיפרע פאר דער האנד האט ער מיט א שטארק אויפגערעגטען קול געזאגט:

— אין דעם טאג, ווענן כ'וועלל לוסטיג זיין, ווי קיין מענש אין דער וועלט און שפיעלען ווי גאטט אין גן עדן און טאנצען דעם משארדאש, ווי א אמתער ציגיינער, דאמאלס וועט זיין עסטערהאזים לויה און כ'וועלל מיך לוסטיג מאכען אויף זיין קבר.

פוטיפרע איז בלאס געווארען, א שוידער איז איהר דורך איבער אללע גליעדער. א ווייל איז זי שוין געוועזען צופריעדען פון דעם ציגיינערס נקמה, ער וועט זיך שוין אברעכענען פאר איהר אויך, באלד אבער האט גובר געוועזען די הייססע תאוה צו דעם שווארצען מאיאר און זי האט זיך בעשלאססען, ווי ס'איז דעם געליעבטען צו רעטטען.

— ווי כ'זעה האט איהר ווירקליך פיינד דעם גראף?

— אה, מעהר ווי דעם ערגסטען שונא. ער האט מיר מיין ווייב געראובט און פון דאמאלס אן ווייסס איך ניט קיין טרייסט. וואס פאר א ווערטה האט היינט פאר מיר די וועלט? די זונן, די לבנה מיט די שטערען האבען אויפגעהערט פאר מיר צו שיינען, כ'האב ניט מעהר קיין פריהלינג און קיין גליק אין מיין לעבען.

מעליארע איז געוועזען פאר מיר ווי די זונן, דאס זיינען געוועזען מיינע שטערען, מיינע פריהלינג און מיין גליק... יעצט אלץ אויס...

— נאך מיין מיינונג אבער — האט זיך שטילל אבגערופען פוטיפרע — איז אין דעם מעהר שולדיג זי ווי ער.

עסטערהאזים געליעבטע האט מיט פלייסס ניט דערמאנט מעליארעס נאמען.

— ניט איין מאל האב איך שוין וועגען דעם געטראכט, ליידער אבער איז עס מיר ניט געלונגען מיין נקמה אויסצופיהרען.

— און איהר זייט ווירקליך בעשלאססען דער פרוי שוין קיין מאל ניט מוחל צו זיין? — האט פוטיפרע נאך א מאל געפרעגט און ביי איהר אין קאפ איז שוין פארטיג געוועזען א נייער פלאן. —

— איך מעליארען מוחל זיין? — האט זיך צוהיצט אלאדאר — נאכדעם וואס זי האט מיט מיר געטהון, זיינען ביי מיר אין הארץ אללע גוטע געפיהלען אויסגעלאשען, טאג און נאכט טראכט איך נור וועגען איינם, ווי אזוי זיך בעססער נוקם צו זיין אן די שלעכטע פרוי.

— אלזא גוט, אלאדאר פארקאש, כ'וויל מיט אייך אויך אפפען רעדען, ווי איהר קוקט מיך אן בין איך עסטערהאזים געליעבטע און איך געהם מיך

אונטער איך מעליארען צוצושטעללען, מיט דער בעדינגונג, איהר זאללט מיר שווערען עסטערהאזין קיין באז ניט צו טהון.

– גוט, איך שווער! – האט דער ציגיינער האסטיג געענטפערט.

– פאהרט אלזא מיט מיר אין מיין שליטטען ביז אין שטאדט אריין. אויף דעם וועג וועלל איך זאגען מיין פלאן.

דער ציגיינער האט איינגעווילליגט אונ דער שליטטען איז האסטיג באלד געפלויגען צוריק...

---

– וואו זיינען מיר? – האט ערשראקען געפרעגט די פערקליידעטע אין א מאננער־אנצוג מעליארע איהר בעגלייטער, א הויבען גייסטליכען.

– האט דיר, מיין זוהן, דענן פרוי בולאנסי ניט געזאגט, וואהין מיר וועללען געהן? – האט געלאססען געפרעגט דער גייסטליכער.

– ניין! – האט מעליארע נאך מיט מעהר שרעק געענטפערט.

– ווייסס אלזא, מיין קינד, אז פון דעם ארט וועסט דו שוין קיין מאל ניט ארויסקוממען אויף דער ליכטיגער שיין. דו ביסט לעבענדיג בעגראבען.

– וואס רעדסט דו, היילינגער מענש, דארטען זעה איך דאך א טהיר, וועלכע פרוי בולאנסי האט מיר אנגעוויזען.

– דו האסט א טעות, די טהיר איז א פאלשע. דער איינציגער איינגאנג איז דורך דעם זייל, דורך וועלכען מיר זענען אריינגעגאנגען אונ ער וועט זיך שוין קיין מאל ניט עפפענען.

– איך בין אלזא פערפיהרט געווארען מיט פלייסס.

– יא – האט דער אלטער גייסטליכער הארט געענטפערט אונ די תשובה האט ווי מיט א שפיז געטראפפען מעליארען – שלעכטע מענשען האבען דיך אבגענארט, דערפאר וואס דו האסט פערפיהרט אנדערע.

– דו ווייסט אלזא ווער איך בין?

– דו ביסט מעליארע די ציגיינערקע, צום אנהויב די געליעבטע פון דעם פירשט סטעפאן דובינסקי אויס קראסנאהארקא, נאכדעם ביזט דו, לויט דעם ציגיינערשען גלויבען געווארען א ווייב פון אלאדאר פארקאש, צום סוף אבער ביזט דו א איינפאכע געליעבטע פון דעם שווארצען מאיאר גראף עסטערהאזי.

דער אלטער גייסטליכער האט גערעדט שארף אונ לויט, יעדעס ווארט האט ווי מיט א האממער געשלאגען דער ציגיינערקע אין קאפ.

– אונ יעצט – האט ווייטער געצויגען דער גייסטליכער – וועסט דו לעבענדיג ווארטען צווישען די טויטע, ביז ס'וועט קוממען דיין סוף אויך.

מעליארע האט א געשריי געגעבען. דער גייסטליכער האט נאך ליכטיגער

גֶעמַאכְט זַיין פַּאקֶעל אוּנ דִי צִיגַיינֶערְקֶע הָאט מִיט שְׁרֶעק דֶערְזֶעהֶען אַז זִי שְׁטֶעהט יֶעצְט אִין אַ פִינְסְטֶערֶען אַיינְזַאמֶען קֶעללֶער אוּנְטֶער דְ'רֶערְד אוּנ אַרוּם אִיהר וַואלְגֶערֶען זִיךְ שְׁטִיקְלֶעךְ מַצֵבוֹת, בֵּיינֶער פוּן טוֹידְטֶע מֶענְשֶׁען, אַ מָאל גַאנְצֶע סְקֶעלֶעטֶען אוֹיךְ.

— כְ'וֶוער מְשׁוּגָע — הָאט זִי גֶעשְׁרִיעֶן נִיט מִיט אִיהר קוֹל — הֶעקַאטַא, דוּ גְרוֹיססֶע הֶעקַאטֶע, דִי מוּטֶער פוּן אַלֶע צִיגַיינֶער, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוּנ וַוייז מִיר אַ וֶועג ווִי אַרוֹיסְצוּגֶעהֶען.

— אוּמְזִיסְט דַיין גֶעבֶּעט! — הָאט אִיבֶּער אִיהר גֶעדוּנֶערְט דֶעם אַלְטֶענְס קוֹל, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ נָאךְ יֶעצְט שְׁרֶעקְלִיכֶער אָבְּגֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶעם פּוּסְטֶען קֶעללֶער — פוּן דַאנֶען קוּמְט קֵיינֶער נִיט אַרוֹיס. מִיר שְׁטֶעהֶען יֶעצְט אִין פַּארִיזֶער קאטַאקָאמְבֶּעס [1], וֶוער ס'פֶערְבְּלָאנְדְזֶעט זִיךְ דָא קוּמְט שׁוֹין קֵיין מָאל לֶעבֶּעדִיג נִיט אַרוֹיס. דִיךְ הָאבּ אִיךְ מִיט כַּוָנָה פֶערְפִיהרְט אִין אַזֶעלְכֶע אָרְטֶער, וואוּ ס'אִיז שׁוֹין הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶעוֶועֶן.

— נֵיין, כְ'גְלוֹיבּ דִיר נִיט — הָאט מֶעלְיָארֶע גֶעיָאמֶערְט — כְ'קֶענְן דִיר נִיט גְלוֹיבְּעֶן. דַיינֶע רֵייד זָאלֶען זַיין אֱמֶת וָואלְסְט דוּ דָאךְ מִיט מִיר נִיט גֶעגַאנְגֶען, דַיין לֶעבֶּען שְׁטֶעהט דָאךְ אוֹיךְ אִין אַ סַכָּנָה?

— גַאנְץ גֶעוִויסס — הָאט דֶער אַלְטֶער רוּהִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט — כְ'וִויל גָאר נִיט פוּן דִיר אָבְּלֵייקֶענֶען אַז אוֹיף מִיר וַוארְט אַ בֶּעססֶערֶער סוֹף. מִיר וֶועלֶען צוּזַאמֶען שְׁטַארְבֶּען, וַוייט פוּן דֶער וֶועלְט, פוּן דֶער זוּנן אוּנ שְׁטֶערְן, וַוייט פוּן אַלֶע תַּאֲווֹת אוּנ מֶענְשְׁלִיכֶע לַיידֶענְשַׁאפְטֶען, וֶועלֶען מִיר דָא בֵּיידֶע צוּזַאמֶען אוֹיסגֶעהן ווִי אַ לִיכְט.

דוּ ווִילְסְט וִויססֶען ווִי אַזוֹי דָאס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען? הֶער זִיךְ אַלְזָא גֶענוֹי אַיין.

צוּם אָנְהֵויבּ וֶועלֶען אוּנְז פַּיינִיגֶען אוּנ קְוֶועלֶען דֶער הוּנְגֶער מִיט דֶעם דוּרְשְׁט, נָאכְדֶעם וֶועט אוּנְז פֶערְגִיפְטֶען דֶער גֶערוּךְ פוּן דִי טוֹידְטֶע פְּגָרִים, דֶערְפוּן וֶועלֶען מִיר מְשׁוּגָע וֶוערֶען אוֹיף דֶעם הֶעכְסְטֶען אוּנ שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶען אַרְט, נָאךְ דֶעם אַלֶעמֶען קוּמְט עֶרְשְׁט דֶער זִיססֶער טוֹידְט. אוֹיף וֶועלְכֶען מִיר וֶועלֶען זִיךְ כּוֹים עֶרְוַוארְטֶען.

אוֹיף אַזַא סוֹף הָאבֶּען מִיר זִיךְ צוּ רִיכְטֶען אוּנ דוּ מֶעלְיָארֶע הָאסְט, דַאכְט זִיךְ, אוֹיף אִיהם עֶהרְלִיךְ פֶערְדִיענְט.

בַּיי דִי וֶוארְטֶער הָאט דֶער גַייסְטְלִיכֶער שְׁנֶעלל אַרָאבְּגֶערִיססֶען פוּן זִיךְ דֶעם לַאנְגֶען שְׁוַוארְצֶען מַאנְטֶעל אוּנ מֶעלְיָארֶע הָאט פְּלוּצְלִינְג דֶערְזֶעהֶען פַאר זִיךְ דֶעם לַאנְג פֶערְגֶעססֶענֶעם... אַלַאדַאר פֶּארְקַאשׁ.

---

[1]) קאַטאַקאָמבעס — קעללערען אונטער ד'רערד, וואו די ערשטע קריסטען פלעגען מקבר זיין זייערע טוידטע.

מֶעלְיָארֶע האָט נִיט גֶעהאַט די דְרייסְטִיגְקֵייט צוּ עפְּפֶענֶען דאָס מויל. אָהן וָוארְטֶער איז זי אִיהם אַנִידֶערְגֶעפָאללֶען צוּ די פִּיסס.

זי אִיז גֶעוֶוען זִיכֶער, אַז אַלאַדַאר וֶועט לַאנג נִיט קְלֶעהרֶען אוּנ אִיהר מַאכֶען דֶעם טוידְט דָא אויף דֶעם אָרְט אוּנ שְׁטֶעללֶע.

דֶער צִיגַיינֶער אָבֶער האָט זִי אָנְגֶענוּממֶען פַאר די הֶאנְד אוּנ גֶעצְווּאוּנְגֶען, זי זָאלל אִיהם גְלַייךְ אִין די אויגֶען קוּקֶען.

— דוּ דֶערְקֶענְנְסְט מִיךְ? — האָט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

— יָא — האָט זי מִיט שְׁרֶעק גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— יֶעצְט פֶערְשְׁטֶעהסְט דוּ שׁוֹין פַאר וָואס מִיר וֶועללֶען שְׁטַארְבֶּען צוּזַאממֶען?

— שְׁטַארְבֶּען? — האָט זי פֶערְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט.

— דוּ האָסְט נִיט גֶעוָואלְט מִיט מִיר צוּזַאממֶען לֶעבֶּען — האָט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט רוּהִיג אוּנ דֶער טָאן אִיז פַאר אִיהר גֶעוֶוען עֶרְגֶער ווִי דֶער גְרָאסְסְטֶער בֵּייזֶער — מוּזֶען מִיר וֶועניגְסְטֶענְס צוּזַאממֶען שְׁטַארְבֶּען.

אִין דֶעם פַּאֶקֶעל אִיז דָא גֶענוּג שְׁטָאף אויף אַ לַאנְגֶע צַייט. כְ'האָבּ מִיר מִיה גֶעגֶעבֶּען זִיךְ מִיט דֶער לִיכְטִיגְקֵייט צוּ בֶּעזָארְגֶען, כְּדֵי נִיט צוּ בְּלַייבֶּען אִין דֶער פִינְסְטֶער, וַוייל כְ'ווִילל זֶעהֶען דַיין גֶעזִיכְט, דַיין שֶׁאנֶעם פַאלְשֶׁען פָּנִים, כְ'ווִילל זֶעהֶען ווִי דַיין פַיין פֶּנִימֶעל וֶועט זִיךְ עֶנְדֶערֶען בַּיי דֶעם הוּנְגֶער, בַּיי דֶעם דוּרְשְׁט אוּנ בַּיי דֶער מְשׁוּגַעַת.

— רַחֲמָנוּת — האָט מֶעלְיָארֶע גֶעחְלִיפֶּעט — האָבּ רַחֲמָנוּת!

— דוּ בִּעסְט אוּמְזִיסְט — האָט דֶער צִיגַיינֶער גְלַייכְגִילְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט — וֶוענְן כְ'זָאלל זָאנַאר וֶועללֶען קֶענְן אִיךְ דִיךְ אויךְ נִיט רֶעטטֶען, אִיךְ ווַייסס אַלֵיין נִיט קֵיין וֶועג ווִי אַרויסְצוּגֶעהְן אוּנ דוּ וֶועסְט אִיהם אויף גֶעווִיסס נִיט גֶעפִינֶען.

האָבּ נִיט קֵיין מוֹרָא, כְ'וֶועל דִיר נִיט פֶערְבִּיטְטֶערֶען די לֶעצְטֶע טֶאג מִיט מוּסָר אָדֶער אויסְרֵייד.

קֵיין מָאל אִין דֶער וֶועלְט האָבּ אִיךְ נִיט גֶעלִיעבְּט אַ פְרוֹי אַזוֹי ווִי דִיךְ, מֶעלְיָארֶע, אוּנ אויבּ אִין דֶער בֵּייזֶער מְשׁוּגַעַת וֶועלל אִיךְ דִיךְ אֶפְשַׁר שִׁילְטֶען אוּנ זִידְלֶען, זָאלְלְסְט דוּ מִיר נִיט גְלויבֶּען. דַאמָאלְס וֶועסְט דוּ האָבֶּען צוּ טְהוּן מִיט אַ מְשׁוּגָעֶנֶעם, יֶעצְט אָבֶער, אַזוֹי לַאנג ווִי כְ'בִּין נָאךְ בַּיים גֶעזוּנְדְטֶען שֵׂכֶל, זָאג אִיךְ דִיר צוּם לֶעצְטֶען מָאל קְלָארֶע ווֶערְטֶער:

— כְ'לִיעבּ דִיךְ, מֶעלְיָארֶע, כְ'לִיעבּ דִיךְ נָאךְ אַזוֹי ווִי אַ מָאל.

אִין מֶעלְיָארֶעס מֹחַ אִיז דוּרְכְגֶעפְלויגֶען אַ שְׁטְרַאהל פוּן האָפְפְנוּנְג;

אַלַאדַאר פְּאַרְקַאשׁ — האָט זִי גֶעזָאגְט מִיט אַ גֶעמַאכְטֶען זִיסס קוֹלְכֶעל — אִין די עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען האָבּ אִיךְ אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט גַאנְצֶע וֶועלְטֶען אוּנ כְ'האָבּ אֱמֶת חֲרָטָה אויף מַיינֶע זִינְד בִּיז יֶעצְט. כְ'שְׁווֶער דִיר בַּיי הֶעקַאטֶא, אוּנְזֶער מוּטְטֶער אוּנ קֶעניגֶען, אַז פוּן הַיינְט מָאל אָן וֶועלל אִיךְ נוּר לִיעבֶּען דִיךְ אַלֵיין, דִיךְ דֶעם

איינציגען וועלל איך ליעבען טריי אונ עהרליך, נור פיהר אונז ארויס פון דער היל.

לאז מיר ענדיגען, שלאג מיר ניט איבער די רייד. א שעה וועללען מיר ניט בלייבען לייגער אין פאריז. כ'האב ביי מיר עטליכע טויזענד פראנק, דאס איז אונזער ביידענס פערמעגען, קומט אונ מיר וועללען פאהרען אהין צוריק אין אונזער פאטערלאנד, דארטען אין אונגארן וועללען מיר קויפען א קליין היזעל אין א וואלד אונ לוסטיג פערברייגגען אונזערע יונגע יאהרען.

דו לאכסט, אלאדאר, – טרערען שטעללען זיך דיר אין די אויגען – דאס איז א גוטער סימן. קומט געליעבטער אונ מיר וועללען זוכען צוזאממען דעם אויסגאנג.

א ביטטערער שמייכעל איז אריבער אלאדארס ליפפען.

מיט געוואלד האט ער זיך ארויסגעריססען פון מעליזארעס אָרעמס.

– צו שפעט – האט ער הארט געזאגט אונ זיך אומגעקעהרט פון איהר.

פון אונטער דעם ראק האט ער ארויסגעצויגען זיין פידעל.

ניט רעדענדיג מעהר א ווארט האט ער זיך אניעדערגעזעצט אויף א בארג פון טוידטע ביינער.

ער האט אנגעשטעללט דעם פידעל אונ א ציה געגעבען איבער די סטרונעס.

זיין פידעל האט געשפיעלט וואונדערבאר, אזוי טיעף, אזוי שאן ווי אין אמאליגע גוטע צייטען, ווען ער איז נור וואס געקוממען אין פאריז;

ניין, אזא קאנצערט איז נאך גאר קיין מאל ניט געהערט געווארען. דער ציגיינער האט אויסגעגעדרט אין די סטרונעס זיין גאנץ הארץ, ס'האט זיך געעפפענט דער קוואלל פון זיינע יסורים.

צווישען ביינער אונ שטיינער, אפגעריססען פון דער גאנצער וועלט, ביי דעם האלב ליכטיגען שיין פון דעם דונקעלען פאקעל, קוקענדיג דעם טוידט אין פנים אריין, האט אין דעם פייכטען שמוטציגען קעללער א געטליכער קינסטלער געוויזען וואס ער קענן...

שעהן געהען, שעהן פליהען. אויבען אויף דער פרייער וועלט האט שוין דער מארגענשטערן פערטריבען די פינסטערע נאכט אונ דער בעריהמטער פידלער אלאדאר פארקאש שפיעלט נאך.

ענדליך זיינען די טאנער פערשוואונדען געווארען, ס'איז געווארען שטילל. אלאדאר איז איינגעשלאפען.

ער איז געפאללען הינטער זיך אויסגעצויגען אויף דעם בארג ביינער.

ניט ווייט פון איהם איז געלעגען דער פיעדעל.

ער איז געשלאפען פעסט אונ רוהיג, אפּוואהל ער האט געוואוסט, אז מעליזארע קענן יעצט מיט איהם מאכען, וואס זי וויל נור.

דאנגענן אבער איז ער געווען זיכער, אז זי וועט איהם קיין באז ניט טהון, ווייל זי האט מורא אלליין צו בלייבען אין דעם איינזאממען קעללער.

אַז אַלאַדאַר האָט זיך אין אַ צייט אַרום אויפגעכאַפּט פון דעם שטאַרקען שלאָף, איז רינגס אַרום געווען פינסטער. ער האָט געטאַפּט אין דער לופטען צו זוכען דעם פּאַקעל — ניט דאָ.

יעצט איז שוין ביי איהם קיין ספק ניט געווען אַז מעלאַרע איז פערשוואונדען געוואָרען צוזאַממען מיט דעם פּאַקעל.

— זאָלל זי לויפען, ס'מאַכט ניט אויס, זי וועט צוריק קומען — האָט ער מיט אַ שמייכעל אַ מורמעל געגעבען.

און ווירקליך, אונגעפעהר אין אַ שעה אַרום איז מעלאַרע צוריק געקוממען מיט דעם פּאַקעל אין דער האַנד.

מיט אַ ווילדען געשריי פון אַ האַרץ־ווייטאָג איז זי מיעד אַניעדער געפאַללען אויף דער ערד.

— ניט דאָ קיין אויסגאַנג — האָט זי געשריען — ניט דאָ קיין רעטטונג — פערלאָרען ... פערלאָרען אויף עביג ... יעצט וואַרט אויף אַ הונגער־טויט ... גיין, כ'וויל ניט שטאַרבען ... כ'בין אַזוי יונג ... רחמנות, רחמנות!

---

דריי נאַכט און צוויי טאָג זיינען שוין פאַרביי געגאַנגען פון דער צייט, זינט פּאָטיפאַר צוזאַממען מיט אַלאַדאַרען איז געלונגען צו פערפיהרען מעלאַרען אין די פּאַריזער קאַטאַקאָמבען.

דער הונגער און איבערהויפּט דער דורשט האָט געגעבען אָנצוהערען די פּאָר ציגיינער אַז זיי האָבען זיך שוין לאַנג ניט וואָס צו קוואַללען.

אַלאַדאַר האָט צום אָנהויב אָבגעשטויססען פון זיך מעלאַרען און ניט געוואָללט קוקען אויף איהר, זי איז אָבער יעדעס מאָל צוריק געקוממען צו קריעכען און זיך געלעגט ווי אַ קאַטץ.

— שטויס מיך ניט אָב — האָט זי זיך געבעטטען — כ'האָב מורא אַלליין צו זיין, נעהם מיך אַרום ... כ'האַלט ניט אויס.

און אַלאַדאַר האָט זיך געלאָזט איבערבעטען.

— אפשר וועט דער טויט לייכטער קוממען, אַז מיר וועללען זיין צוזאַממען — האָט ער געזאָגט.

און זיי זיינען ביידע געזעססען אויף דעם הויפען ביינער. זי האָט אַוועקגעלייגט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט, כדי אַמאָל צו געניססען פון אַ קורצען שלאָף, און ער האָט איהר ניט געשטערט די פערלאַנגטע רוהע, אָבוואָהל ער האָט זיך געשפּירט פיעל שוואַכער פאַר איהר.

איבערהויפּט האָט זיי צוגעדריקט דער דורשט און אַללע גליעדער זיינען זיי געוואָרען שווער ווי בליי.

זײ האָבען געמוזט אויפהערען צו רעדען צווישען זיך, ווייל די טרוקענע צונג האָט זיך ניט געוואָללט דרעהען אין מויל.

נאָכדעם האָט דער הונגעריגער מאָגען ניט געלאָזט רוהען. די אויגען האָבען זײ זיך צוגעקלעבט פון מיעדיגקייט, די שרעקליכע חלומות האָבען זײ אָבער ניט געלאָזט רוהיג דרימלען.

איין מאָל איז מעליאָרען איינגעפאללען א שרעקליכער געדאנקען: זי האָט בײ זיך א קלײנעם קינזאל, מיט דעם קענן זי הרגענען אַלאַדאַרען און זיך אַנטרינקען מיט זיין בלוט.

זי האָט זיך אָבער באלד אַלליין איבערגעשראָקען פון דעם מערדערישען געדאנקען און גיך אויפגעוועקט דעם ציגיינער.

— נא, נעהם צו — האָט זי געזאָגט, איהם דערלאַנגענדיג דעם קינזאל — כ'בין ניט זיכער אין זיך אַלליין, בעהאַלט עס.

אַלאַדאַר האָט א וואָרט ניט גערעדט און אַוועקגעוואָרפען ווייט פון זיך דעם קינזאל.

— וואָס האָסט דו עס געטהון? — האָט ערשראָקען געפרעגט מעליאָרע, קוקענדיג ווי דער קלײנער קינזאל האָט זיך פערוואַלגערט אין א ווייטען ווינקעל, פון וועלבען ס'איז שוין אונמעגליך איהם אויפצוזוכען — דאָס איז דאָך געווען אונזער לעצטע האָפנונג די שרעקליכע יסורים צו פערקירצען.

— און דאָס האָב איך טאַקי ניט געוואָללט.

— אונמענש! יעצט זאָגאר קעננסט דו מיר ניט מוחל זיין.

— נאָך דיין טוידט וועט דיר אַלץ געשאָנקען ווערען, יעצט אָבער ניט.

און די אויגען האָבען זיך איהם ווידער צוגעקלעבט אין א קורצען דרימעל.

אנגעפעהר מיט א זעקס שעה שפּעטער האָט זיך אַלאַדאַר אויפגעכאַפּט פון מעליאָרעס געוויין.

— וואָס פעהלט דיר — האָט ער ווי שטענדיג רוהיג געפרעגט.

— דער דורשט — האָט זי זיך געקלאָגט — דער דורשט מאַכט מיך דול... אך א טראָפּפּעלע וואַססער... די צונג קלעבט זיך דאָך מיר צו צום גומען.

— קוש מיך אין די ליפּען — האָט ער איהר געענטפערט.

— קוים אַמאָל — האָט זי פרעהליך אויסגערופען — אט זײ א מענש, דו ביסט דאָך מיר שוין מוחל?

— ניין, כ'וויל נור דיר א קוש געבען אין די ליפּען.

און ער האָט איהר אַריינגעהויבט דאָס רעשט פייכטיגקייט, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין מויל.

און ס'זיינען ווייטער פאַרבײ טאָג און נאַכט, אַלץ א חלום. אַלאַדאַר האָט שוין פערלאָרען דעם קלאָרען זינן. יעצט האָט ער אָנגעהויבען ווילד צו חלומען

פון זאַבען, וואָס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, די ווילדע פאַנטאַזיע האָט איהם אַוועקגעטראָגען אין זיין הײם, די אונגאַרישע וועלדער.

— דו זעהסט, אָט איז די צאַרדאַ — און דאַרטען וויימער שיינט אַ ליכט... איינזאַם איז דער וואַלד, האַ, פאַר וואָס קענן איך ניט שפּיעלען אויף מיין פידעל... ווער האָט מיר צוגעבונדען די האַנד, בינדט מיך אָב, טייפעלס! — פירשט דובינסקי, איהר זייט אַזוי גוט געווען און מיר בעפאָהלען צוצושפּיעלען אין קראַסנאָהאָרקאַ צום טאַנץ... האַ, איהר ווילט טאַנצען מיט מעלאַנע... אַ אַרעמער ציגיינער מוז שפּיעלען, זאָגאַר דאַמאַלס, ווען דאָס האַרץ פּלאַצט אין איהם און איבער די סטרונעס גיסען זיך טרערען... טרערען... שפּיעלען... שפּיעלען... טרערען...

און פון גרויס משוגעת האָט דער אַמאָליגער אַרטיסט יעצט זיך געשפּיעלט ווי אַ קליין קינד, מיט איין האַנד נאָכגעמאַכט דעם פידעל און מיט דער צווייטער דעם סמיצעק.

מעלאַנע האָט רחמנות געקראָגען אויף אַלאַדאַר'ן און איהם געבראַכט צו טראָגען דעם אמתען פיעדעל.

אַלאַדאַר האָט געוואָלט שפּיעלען ווי אַ מאָל, די משוגעת האָט אָבער דעם טאַלאַנט פערטריבען.

די אַמאָליגע קינסטלּיכע פידעל האָט יעצט געקראַצט מיט פאַלשע טאָנער, אוים מלאָכים-ליעדעלעך... אוים קונסט...

דער ווילדער ציגיינער האָט זיך געוואָרפען הין און הער, איבערגעשטעלט די סטרונעס... אַלץ אומזיסט.

דאַמאָלס האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען דאָס רעשט בלוט און מיט די לעצטע כחות האָט ער פעסט געדריקט צו זיך דעם פיעדעל.

מיט אַ געשטיקטען קול האָט זיך דער ציגיינער צושריען:

— אַלזאָ, דו ביסט אויך געגען מיר... דו אויך... דאָס גאַנצע לעבען האָב איך דיך געליעבט, געהאַלזט, געגלעט און געקושט... און אַזאַ בעלאָהנונג... ניין, דו וועסט מיך ניט איבערלעבען...

קיינער אויף דער וועלט וועט שוין ניט זינגען אויף דיר די שאָנע ליעדער, מיט מיר האָסט דו געלעבט און מיט מיר וועסט דו שטאַרבען...

איך צושמעטטער דיך, צושמעטטער אויף שטיק שטיקלעך, אַוועק פון מיינע אויגען!..

און מיט דעם גאַנצען אימפעט האָט דער משוגענער ציגיינער אַוועקגעוואָרפען פון זיך די פידעל, וועלכע האָט זיך צובראָכען אויף שטיק-שטיקלעך.

אין פוסטען פייכטען קעללער האָט אַ הילך געגעבען און אַלאַדאַר האָט זיך בעגאָסען מיט טרערען.

— פאָהר געזונדערהייט — האָט ער געפלוידערט — פאָהר אַוועק, מיין געליעבטע

פּיעֶדעל . . . דֶער טוֹירְט הָאט פֶּערְגֶעבֶּען דַייגֶע זִינְד . . . יֶעצְט לִיעבּ אִיךְ דִיךְ ווִיעדֶער , נָאךְ הֵייסֶער ווִי פָאר׳דָעם . . .

בַּאלְד אָבֶּער נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִיךְ אַרָאבְּגֶעגְלִיצְט פוּן דֶעם הוֹיפֶּען בֵּיינֶער אוּנ אוֹיסְגֶעגְלָאצְט דִי אוֹיגֶען .

זַיין קֶארְפֶּער הָאט גֶעצִיטֶערְט ווִי אִין פִיבֶּער .

– עֶר שְׁטַארְבְּט ! – הָאט עֶרְשְׁרָאקֶען אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן מֶעלְיָארֶע , ווֶעלְכֶע הָאט זִיךְ אוֹיךְ קוֹים גֶעהַאלְטֶען אוֹיף דִי פִיסֶּס אוּנ אַלֵיין נִיט גֶעשְׁפִּירְט וָואס זִי רֶעדְט – אַלַאדַאר שְׁטַארְבְּט . . . נֵיין , נֵיין . . . סְ׳קֶענֶן נִיט זַיין , אַלַאדַאר טָאר נִיט שְׁטַארְבֶּען , דָאס אִיז נוּר . . . אַ אוּנְמַאכְט , כְ׳וֶועלל אִיהם נָאךְ אָבְּמִינְטֶערֶען .

זִי הָאט גֶערִיסֶּען פוּן זִיךְ דָאס פְלֵייש אוּנ אִיהם גֶעגֶעבֶּען טְרִינְקֶען אִיהר בְּלוּט , סְ׳אִיז אָבֶּער אַלְץ גֶעוֶוען אוּמְזִיסְט . . . דֶער צִיגַיינֶער הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ צִיטֶערֶען אוּנ מִיט דִי לֶעצְטֶע כּחוֹת גֶעשְׁמַאמֶעלְט מִיט דִי לִיפֶּען :

– דֶער וָואלְף . . . זַיין בְּלוּט אִיז פֶערְגִיפְטֶעט . . . דִי אַלְטֶע מוּשַׁא הָאט אִין דֶעם וָואלְף אַרַיינְגֶעלָאזְט דֶעם דוּלֶען הוּנְדְס בְּלוּט . . . אַוֶועק . . . אַוֶועק פוּן מִיר מִיט דֶעם וָואלְף . . . דוּ ווִילְסְט מִיךְ צוּרַייסֶען . . . דוּ ווִילְסְט פְרֶעסֶען מַיין הַארְץ . . . אַ שָׁאד . . . אַלַאדַארְס הַארְץ . . .

דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען דֶעם צִיגַיינֶערְס לֶעצְטֶע ווָארְטֶער . בַּיי נַאכְט אִיז שׁוֹין אַלַאדַאר פַּארְקָאשׁ גֶעלֶעגֶען טוֹידְט . אִין אַטָאג אַרוּם הָאט מֶעלְיָארֶע אוֹיךְ נִיט גֶעלֶעבְּט . . .

---

# XLII.

## דֶער דוּעֶלל לָאזְט זִיךְ נִיט גוּט אוֹיס .

אִין אֵיינֶעם פוּן דִי גְרֶעסְטֶע פַּארִיזֶער רֶעסְטָארַאנֶען אִיז גֶעזֶעסֶען בַּיי אֵיין טִישֶׁעל גְרַאף עֶסְטֶערְהַאזִי מִיט זַיין חַבֵר פַּאטִי־דִי־קְלַאם אוּנ לוּסְטִיג פֶערְבְּרַאכְט דִי צַייט בַּיי אַ גְלֶעזֶעל ווַיין .

אוֹיף דֶעם טִישֶׁעל זַיינֶען שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע לֵיידִיגֶע פְלֶעשֶׁער אוּנ דִי חֲבֵרִים הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רוֹיכֶען שְׁטַארְקֶע צִיגַארֶען .

נִיט ווַייט פוּן זֵיי , אִין דֶעם זֶעלְבֶּען צִימֶער בַּיי אַ נְ׳אַנְדֶער טִישֶׁעל אִיז גֶעזֶעסֶען אַ בְּלָאנְדֶער יוּנְגֶער־מַאנְן , ווֶעלְכֶער הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען שְׁטַארְק פֶערְטִיעפְט צוּ זַיין אִין דֶער בְּלַאט־צַייטוּנְג , ווֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער הַאנְד . גַאנְץ זֶעלְטֶען הָאט עֶר עֶטְוָואס אָבְּגֶעזוּפְּט פוּן דֶעם קוּפֶּעל ווַיין .

דַאמָאלְס הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען זַיין בְּלִיק פוּן דֶער צַייטוּנְג אוֹיף דֶעם

צימֶמער און זַיינע אויגען הָאבען שַׁארף אָנגֶעקוקט בּיידע אָפִיציערען, וועלכֶע הָאבען אויף אַיין מִינוּט נִיט אויפגֶעהֶערט צוּ פּלוידערען.

— אַלזָא פון אַלזִיר איז נאָך אַלץ נִיט דָא קיין נַייעס? — הָאט דֶער שְׁווַארצֶער מַאיָאר גֶעפְרֶעגט זַיין קאמערַאד.

פּאַטִי־דִי־קלַאם הָאט אָבְגֶעקְלַאפּט זַיין צִינַאר אין אַ יַאפּאַנִישֶׁען אַש־בֶּעכֶער און מִיט אַ לַייכְטֶען זִיפְץ גֶעעֶנְטפֶערְט:

— קיין יְדִיעוֹת פון דָארְטֶען פֶּעהלֶען נִיט. לֵיידער אָבֶער נִיט דִי וואס מִיר דַארְפֶען. פִּיקַאר הָאט שוּתְפוּת גֶעמַאכְט מִיט דֶער הַצְלָחָה און וואס אַ מָאל אִיז אַלץ בֶּעסֶער. ס׳גֶעהט נִיט פָארְבַּיי אַ טָאג, עֶר זָאלל נִיט בֶּעזִיגֶען אַ בַּאנְדֶע בֶּעדוּאִינֶעס און אין קוּרצֶען וועט שוין גאר נִיט זַיין מִיט וועמֶען מִלְחָמָה צוּ האַלטֶען.

סוף כָּל סוף וועללֶען מִיר זִיך נָאךְ דֶערְוַוארְטֶען, אַז דֶער מִינִיסְטֶער וועט איהם נָאךְ מוּזֶען צוּרִיק בְּרַיינְגֶען קיין פַּארִיז מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, ווי אַ אֶמֶהֶען הֶעלְד.

— אַ אוּנְגְלִיק מִיט דעם מֶענְשֶׁען, קיין קויל טְרֶעפְט איהם נִיט — הָאט דֶער שְׁווַארצֶער מַאיָאר פֶערְזָארְגְט בֶּעמֶערְקְט — כ׳ווייסס אָבֶער נִיט וואס טְהוּען דָארְטֶען אוּנְזֶערֶע צְוַויי מֶענְשֶׁען, דֶער וויצֶע־גְרַאף דִי־פִּיקַארְדִין און דֶער פֶערְשְׁטֶעללְטֶער רַאוואַיאַק.

— אין דֶעם עֶרְשְׁטֶען בִּין אִיךְ זִיכֶער, אַז עֶר וועט טְהוּן זַיין זַאךְ און פִּיקַארְ׳ן דאס לֶעבֶּען צוּנֶעהמֶען, אויב עֶר וויל נור, זַיין פְּרַאצֶעס זָאלל גוּט דוּרְכְגֶעהֶען. דוּ ווייסְסְט דָאךְ, מַאיָאר, וואס כ׳הָאבּ איהם גֶעזָאגְט פַאר׳ן אַוועקְפָאהרֶען, אַז זַיין בֶּעפְרַייאוּנְג איז אָבְהֶענְגִיג נור פון דֶעם פִּיקַארְס לֶעבֶען.

און וועגען רַאוואַיאַקֶען, אָדער ווי מען רוּפט איהם יֶעצְט, סֶערְזַאנְט פּוֹיל, בִּין אִיךְ אויךְ גַאנְץ רוּהִיג, עֶר וועט אוּנְז אויךְ נִיט פֶערְפִיהרֶען, נור ווי דִי זַאךְ איז, פִּיקַאר הָאט אַ זֶעלְטֶענֶעס גְלִיק, שְׁטַארְבֶּען זָאלל עֶר.

— און לֶעבֶּען זָאלל דֶער פֶערְשְׁטֶעללְטֶער סֶערְזַאנְט פּויל — הָאט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעעֶנְטפֶערְט פַּאטִי־דִי־קלַאם און מִיט אַ מָאל אויסְגֶעטְרוּנְקֶען דִי פּוּללֶע גְלָאז וויין.

בַּיי דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט זִיךְ דֶער בְּלָאנְדֶער יוּנְגֶער מַאנן אין גַאנְצֶען פֶער־שְׁטֶעלְט מִיט דֶער גְרוֹיסֶער בְּלַאט צייטוּנְג, עֶר הָאט אָבֶער וועניג וואס גֶעלֶעזֶען, וויל עֶר הָאט זִיךְ גֶענוֹי אַיינְגֶעהֶערט וואס דִי אָפִיצִיערען רֶעדֶען צְווִישֶׁען זִיךְ.

— זָאג נור, קאמערַאד — הָאט זִיךְ ווידער אָבְגֶערוּפֶען פַּאטִי־דִי־קלַאם — אִיז ווירְקְלִיךְ אַלץ אֶמֶת, וואס מען רֶעדְט וועגען דִיר אין שְׁטָאדְט? עֶפֶּעס עֶרְצֶעהלְט מֶען דָאךְ אַ גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע, אַז דִי בֶּערִיהמְטֶע צִיגַיינֶערְקֶע טֶעלְיָארֶע איז אַ לַאנְגֶע צייט גֶעוועזֶען בַּיי דִיר אין הויז אָנְגֶעטְהוּן ווי אַ מַאנְנְסְבִּיל, נָאכְדֶעם אִיז זִי מִיט אַיין מָאל פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעווָארֶען.

עסטערהאזי האט פריילין א מאך געגעבען מיט די אויגען און אויך אויס־געטרונקען זיין גלאז וויין.

— דו ווייסט מאיאר — האט ווייטער געזאגט פאטי־די־קלאם — אז דו ביסט א זעלטענער בריה אין ליעבע זאכען. דו ווייסט ווי אזוי צו פאקען פרויען און נאך מעהר ווי אזוי פון זיי פטור צו ווערען. זאג נור דעם אמת, מאיאר, איז שוין א מאל געווען אויף דער וועלט א פרויענצימער וואס זאלל דיר אבזאגען?

— ניין — האט עסטערהאזי מיט א זיכערען קול געענטפערט. — ס'איז נאך ניט געבארען געווארען די פרוי, אדער דאס מעדכען וואס זאל מיר אבזאגען.

— א ליעגען! — האבען די ביידע קאמעראדען פלוצלינג דערהערט א קול הינטער זיך.

עסטערהאזי האט אויפגעהויבען דעם קאפ און ערשט יעצט האט ער דערזעהען דעם בלאנדען יונגען מאנן, וועלכער האט אבגעלייגט אן א זייט די צייטונג און שארף אנגעקוקט דעם שווארצען מאיאר.

— איהר האט עפעס געוואלט אונז זאגען? — האט עסטערהאזי געפרעגט און זיין קול האט געקלונגען עטוואס אויפגערעגט.

— איך האב איך עבען געמיינט, גראף עסטערהאזי. איהר האט נור וואס געזאגט אייער קאמעראד א גראבען ליעגען — האט דער בלאנדער יונגער מאנן געענטפערט גאנץ רוהיג.

די ווערטער האבען געמאכט א רושם אין זאל, דער סקאנדאל האט אללעמען פעראינטערעססירט.

דער שווארצער מאיאר איז בלייך געווארען.

— וואו־שיינליך ווילט איהר דאך וויסען מיט וואס — האט ווייטער דער בלאנדער יונגער מאנן רוהיג געזאגט און צוגעגאנגען געהענטער צו די אפיציערען — ב'ווער עס אייך אלזא אין קורצען ערקלעהרען.

מיט אייער קאמעראד האט איהר אזוי הויך גערעדט, אז ניט וויללענדיג האב איך געמוזט הערען דעם גאנצען געשפרעך. צולעצט האט איהר אייך בעריהמט, אז קיין פרויענצימער האט אייך נאך קיין מאל אין קיין זאך ניט אבגעזאגט, און דאס איז עבען א גרויסער ליגען.

כ'ווייס גאנץ גוט, און האב דארויף בעווייזע, אז א איינפאכע בויערמעדכען, ניט ווייט פון פאריז, האט בחרפה געטריעבען פון זיך דעם גראף עסטערהאזי, ווען ער האט פערגעססען ווי א ערדענטליכער מענש ברויכט זיך אויפצופיהרען.

דער שווארצער מאיאר איז יעצט רויט געווארען, די רציחה האט אין איהם געקאכט.

— איהר זייט משוגע צו חסר־דעה... געהט צום טייפעל שכור! — האט ער באז געזאגט און מיט כעס געווארפען דעם ליידיגען קופעל אין דעם בלאנדען יונגען מאנן.

צום גְלִיק אָבֶּער הָאט עֶר נִיט גֶעטְרָאפֶפֶען אוּנ דֶער גְלֶעזֶערְנֶער קוּפֶּעל אִיז אוֹיף שְׁטִיק־שְׁטִיקְלֶעךְ צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער פָּאדְלָאגֶע.

— אִיהר מֶעגְט אַייךְ בֵּייזֶערֶען וִוי פִיעל אִיהר וִוילְט -- הָאט דֶער יוּנְגֶער מַאנן ווייעדֶער רוּהִיג גֶעזָאגְט — דֶער קוּפֶּעל אִיז דָא גָאר נִיט שׁוּלְדִיג, וֶוענן זָאגַאר אַ גְרַאף ווִיל זָאגֶען לִיגֶען. אִיבְּרִיגֶענְס גֶעהט דָא נִיט וֶועגֶען דָאס בּוּיֶערְמֶערְבֶען אַלֵיין, זָאנְדֶערֶען אִיהר הָאט מִיט אַייֶערֶע גְרָאבֶּע וָוארְטֶער בֶּעלֵיידִיגְט אַלֶע פְרוֹיֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעמוּזְט זַיי פֶערְטְהֵיידִיגֶען.

— נֵיין, דָאס וֶועט אִיהם נִיט וֶוערֶען גֶעשְׁאנְקֶען אַזוֹי לַייכְט — הָאט זִיךְ עֶסְטֶערְהַאזִי צוּהִיצְט אוּנ אִין הַאסְט גֶעוָואלְט בֶּעפַאלֶען דֶעם יוּנְגֶען מַאנן.

פַּאטִי־דִי־קְלַאם, וָואס אִיז גֶעוֶוען עֶטְוָואס וֶועניגֶער בֶּעזָאפֶען, הָאט אִיהם קוֹים אַיינְגֶעהַאלְטֶען.

— בֶּערוּהִיג דִיךְ, קַאמֶערַאד, אוּנ מַאךְ נִיט קֵיין לַיארְם אִין אַ אֶפֶּענְטְלִיכֶען אָרְט. דוּ וֶועהסְט רֶעדֶען נִיט, אַז דוּ הָאסְט צוּ טְהוּן מִיט אַ אוּנְטֶערְגֶעשִׁיקְטֶען מֶענְשֶׁען פוּן דְרֵייפוּסֶעס בַּאנְדֶע, זֵיי ווִילֶען עֶקְסְטְרַא דִיךְ אַרוֹיסְרוּפֶען אוֹיף אַ סְקַאנְדַאל.

— אָבֶּער אַזוֹי בְּלֵייבֶּען טָאר דִי זַאךְ אוֹיךְ נִיט — הָאט עֶסְטֶערְהַאזִי בַּאז גֶעעֶנְטְפֶערְט — כְּ'בֶּעט דִיךְ מַיין פְרֵיינְד, גֶעה אַהִין צוּ דֶעם טוּגֶעניכְטְס אוּנ בֶּעשְׁפְּרֶעךְ מִיט אִיהם דִי בֶּעדִינְגוּנְגֶען פוּן דוּעֶלל.

— אָט, וֶועהסְט דוּ, מַאיָאר, דָאס פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ. דֶעם טוֹידְט מֶעגְט אִיהר אִיהם מַאכֶען, נוּר שְׁטִילֶערְהֵייט, אָהן לְיַארְם.

פַּאטִי־דִי־קְלַאם הָאט גְלֵייךְ נָאכְדֶעם אַיינְגֶעלַאדֶען דֶעם בְּלָאנְדֶען יוּנְגֶען מַאנן אִין אַ קְלֵיינֶעם קַאבִּינֶעט, וָואס הָאט זִיךְ גֶעגְרֶענֶעצְט מִיט דֶעם זַאל.

עֶהדֶער אָבֶּער דֶער יוּנְגֶער מַאנן אִיז אַרַיין אִין קַאבִּינֶעט, הָאט אִיהם פֶּערְשְׁטֶעלְט דֶעם וֶועג אַ אַלְטֶער בְּכָבוֹדֶער הֶערר.

עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט — הָאט דֶער אוּנְבֶּעקַאנְטֶער גֶעלַאסֶען גֶעזָאגְט — וָואס כְּ'שְׁטֶער אַייךְ. אִיהר זַייט אָבֶּער יֶעצְט אִין אַזַא לַאגֶע, וואו אִיהר בֶּעדַארְפְט צוּ הָאבֶּען אַ גוּטֶען פְרֵיינְד בַּיי זִיךְ אוּנ אִיךְ בִּין דַארִיבֶּער גֶעצְווְאוּנְגֶען אַלֵיין זִיךְ אָנְצוּשְׁלָאגֶען פַאר אַ יוֹעֵץ.

ס'אִיז נִיט דָא פִיעל צֵייט אוּנ דַארִיבֶּער מוּז אִיךְ אַייךְ אִין קוּרְצֶען אוֹיפְמֶערְקְזַאם מַאכֶען, אַז אִיהר הָאט דָא צוּ טְהוּן מִיט זֶעהר גֶעפֶאהְרְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע זֶענֶען פֶעהִיג אוֹיף אַלְץ אִין דֶער וֶועלְט.

אִין אַ דוּעֶלל בְּרוֹיכְט מֶען צוּ זַיין זֶעהר אוּנ זֶעהר פָארְזִיכְטִיג. עֶרְלוֹיבְּט מִיר אַלְזָא, כְּ'וָואלל זַיין דֶערְבַּיי, ווִי אִיהר וֶועט אַיינִיג וֶוערֶען אִיבֶּער דִי בֶּעדִינְגוּנְגֶען פוּן דוּעֶלל. פִיער אוֹיגֶען זֶעהֶען בֶּעססֶער ווִי צְווֵיי.

מַיין נָאמֶען אִיז נָאטַארְיוּס פְּיֶער נַאטַאסְיוּשׁ.

— אוּנ אִיךְ הֵייסס לֶעאָן בֶּערְנַארְד — הָאט דֶער בְּלָאנְדֶער יוּנְגֶער מַאנן הַאסְטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ צוּפְרִיעדֶען אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען צוּם נָאטַארְיוּס דִי הַאנְד — כְּ'דַאנְק

איך פיעל מאל פיר די פריינדשאפט, וואס איהר טהוט פיר מיר אונבעקאנטערווייזע.
לוציעס פאטער האט זיך מיט א שמייכעל א נייג געגעבען.
אין א פערטיל שעה ארום איז דער דועלל געוואָרען בעשלאָססען.
עסטערהאזי מיט פאטי־די־קלאמען זיינען באלד אוועק אין א צווייטען רעסטאראן צו טרינקען ביז פארטאג, ווען ס'האט געזאָללט פארקומען דער דועלל און דער נאטאריום מיט לעאָנען האבען נאך א שעה פערבראכט צוזאממען ביי א גלעזעל וויין.
— וועגען א דאָקטאר צום דועל — האט לוציעס פאטער געזאגט — וועלל איך שוין זארגען. מיין הויזדאָקטאר, העדר בורגער וועט מוזען בעשטעהען.
נאכדעם האט דער אלטער ערצעהלט לעאָנען אין קורצע ווערטער, ווער דער שווארצער מאַאָר איז, ווי אזוי עסטערהאזי האט אונטערגענארט זיין טאכטער לוציען. אויסערדעם איז לעאָן געוואָהר געוואָרען פון דעם נאטאריוס, אז לאנג וועט שוין עסטערהאזי ניט געוועלטיגען אין שטאב. מתית דרייפוס האט וויכטיגע בעווייזע, אז ער, דער גראף, איז א מורד במלכות און צוליעב איהם ליידט אונשולדיג דער פערשיקטער קאפיטאן אלפרעד דרייפוס אויף דעם טייפעלס־אינזעל.
די לעצטע נייעס זיינען געוועזען פאר לעאָנען זעהר וויכטיג, ווייל זיין גוטער פריינד בריסטא וואנייער האט איהם שוין לאנג געבעטען ער זאלל איהם שרייבען, וואס מען הערט איבער דרייפוסעס פראצעס. דער ארמעניער איז געוועזען איבערצייגט אז דרייפוס איז אונשולדיג.
לעאָן האט נאך אין דער נאכט אויפגעשריעבען איין הייססען בריעף צו דעם ארמעניער און נאך איינעם צו זארזעטטאן אין געפענגניסס.
נאכדעם האט ער פארבעריטעט א קורצע צוואה, אין וועלכער ער האט איהר אבגעשריעבען זיין גאנץ פערמעגען.

---

א גרויער, אונמוטהיגער פריהמארגען איז געוועזען דעם טאג אין פאריז.
אין בולאָנער וועלדעל איז געוועזען שטילל און איינזאם.
קיין ווינדעל, קיין גערודער, און דער שניי איז געלעגען רוהיג ווי אבגעשוואכט.
ציימענווייז האט א קראה געגעבען א פויגעל...
באלד אָבער האבען זיך דערהערט טריט.
אויף א שמאלען שטעגעל זיינען שטילל געגאנגען צוויי אפיציערען און איינער האט געהאלטען אין דער לינקער האנד א קליין קעסטעל מיט פיסטאלעטען.
— שוין האלב זעקס — האט זיך אבגערופען דער ערשטער, אין וועלכען ס'איז לייכט געוועזען צו דערקענען דעם פולקאווניק פאטי־די־קלאם — מיר האבען

נאָך אין גאַנצען צייט אַ פֿערטיל שָׁעָה. דו וֶועהסט שְׁלֶעכט אויס, מַאָאר. אַ שָׁאד וָואס דו הָאסְט מִיר נִיט גֶעפָאלְגְט אונ זִיךְ פֶערְרוהט.

עסטערהאזי האט זיך צולאַכט, אין דעם געלעכטער האט מען נאָך געשפּירט דעם וויין, וָואס דער שְׁוַוארְצֶער מַאָאר הָאט די גאַנְצֶע נאכט נָאכְאַנאַנְד געטרונקען.

אין עטליכע מינוט אַרום זיינען אָנגעקומען נאָך דריי מענשען: דער נאָטאריוס נאטאסיוש, לעאָן בערנארד אונ דער דאָקטאר בורגער.

– ס'איז צייט אָנצוהויבען – האט זיך אָבגערופען דער ערשטער דער נאָטאַריוס.

דער דאָקטאר האט זיך די מינוט געזעצט ביי אַ בוים, אין אָרדנונג צו ברייננגען די אינסטרומענטען.

ביידע געגנער האָבען זיך אָנגעקוקט מיט פֿעראַכטונג.

נאָך אַ קורצער פויזע האט יעדערער אויסגעקליבען זיין פּיסטאָלעט.

נאטאסיוש איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו בערנאַרדען אונ האט איהם איינגערוימט אויפ'ן אויער:

– שיסט, מיין פריינד, ווי געהעריג איז. האט ניט קיין רחמנות אויף דעם טויגעניכטס, ער וועט מיט אייך אויך קיין מיטלייד ניט האָבען.

פּאַטי־די־קלאַם האט אויך עטוואס שטיל געזאָגט צום שוואַרצען מאַאר.

קיינער פון דער קליינער קאָמפּאַניע האט דערווייל ניט בעמערקט, ווי פון אונטער די בוימער איז אויף די שפּיץ פינגער אַרויסגעגאַנגען אַ שוואַכע פרוי, אָרעם געקליידעט מיט אַ קראַנקליכען פּנים.

– פערטיג, מיינע הערען? – האט דער נאָטאַריוס געפרעגט.

– פערטיג – האָבען ביידע געגנער מיט אַמאָל געענטפער'ט.

– איינס – צוויי – אונ דריי! – האט לאַנגזאם אָבגעציילט דער נאָטאַריוס.

פּאַטי־די־קלאַם האט אַ מאַך געגעבען מיט אַ ווייסער טאַשענטוך אויף אַ צייכען אַז ס'איז צייט אויסצושיסען.

אין דערזעלבער מינוט איז אָבער די קראַנקע אָבגעריסענע פרוי צוגעלאָפען צו דעם שוואַרצען מאַאר פון הינטען אונ ווילד אויסגעשריען:

– טייפעל! טייפעל!... דיר האָב איך פערקויפט מיין נשמה, גיב זי מיר אַוועק, גיב זי מיר אָב צוריק...

גלייכצייטיג האט אַ קנאַלל געגעבען פון ביידע פּיסטאָלעטען אונ אָהן שאָדען. לעאָנס קויל איז אַריבערגעפלויגען איבער עסטערהאזיס קאָפּ אונ עסטערהאזי'ן האט די משוגענע פרוי אַ שאָקעל געגעבען די האַנד.

– גיב מיר אָב דעם בריעף – האט זי געקריצט מיט די ציין – דו טאָרסט איהם ניט אומברייננגען, ער בעדאַרף נאָך לעבען... ער מוז פריי זיין... ער מוז זיין אַ פאָטער צו מיין קינד... הונדערט טויזענד פראַנק... אַ כפּרה... מיין געוויסען... פערקויפט... אומגליקליך געמאַכט...

וואס אַ וואָרט האָט זי אַלץ געַרעדט האַסטיגער און איהר לייב האָט דאַביי געציטטערט ווי אין פיבער.

נאָכדעם איז זי מיט כּעס צוגעפאַללען צום שוואַרצען מאַיאָר און איהם געשטיקט דעם האַלז.

מיט כּח האָט ער זיך פון איהר אַרויסגעריסען און זיין געזיכט איז ווייס געוואָרען מיט דעם שנייא צוגלייך.

די גאַנצע שכּרות איז איהם אַרויס פון קאָפּ. די פּאָר ערנסטע ווערטער, וועלכע ער איינער האָט נור פערשטאַנען, האָבען איהם אין גאַנצען אויסגעניכטערט; זיין בליק האָט שאַרף אָנגעקוקט די משוגענע פרוי, גלייך ווי ער וואָללט דערזעהען פאַר זיך אַ אונפערהאָפּטע, אויסטערלישע „פערזעהענעס“.

זי אָבער האָט זיך ווילד צוטאַנצט און מיט אַ זינגענדיגען קול ווייטער געשריען:

– ער האָט מיך ערקאַננט, חאַ, חאַ, חאַ, ער דערמאָנט זיך שוין ווי ער האָט דאָס גאָלד בעצאָהלט פאַר מיין נשמה... חאַ, חאַ, חאַ, שוואַרצער מאַיאָר, וואו איז דיין מאַסקע?

– קלאָוידיאַ לאָרעטטאַ! – האָט זיך דעם שוואַרצען מאַיאָר אַרויסגעכאַפּט פון מויל.

דער איבערגעשפּיטצטער פּאַטי־די־קלאַם האָט באַלד פערשטאַנען, אַז די בעגעגעניש קענען קיין גוטס ניט ברענגען זיין קאַמעראַד.

– אַוועק! – האָט ער אַ געשריי געגעבען און אַ מאַך געגעבען מיט זיין שטעקען – דו געהסט אַוועק, משוגעת, אַ ניט מאַך איך דיר באַלד דעם טוידט.

די משוגענע האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

– שלאָג, הרגה, – האָט זי ניט אויפגעהערט צו שרייען – כ'האָב עס עהרליך פערדיענט, מען זאָלל מיר דעם טוידט מאַכען, ווייל כ'האָב מיט מיינע איינענע האַנד פערקויפט דעם מאַנן, וועלכער איז מיר געווען טהייערער פון אַלץ אין דער וועלט. כ'האָב איהם געליעבט און ער... דער שוואַרצער טייפעל – האָט מיך פערפיהרט, צוגערעדט צו אַללעם בעזען... זאָג אַלליין, שוואַרצער מאַיאָר, אויב ס'איז ניט ריכטיג... רעד, רעד... רעד...

– דו זעהסט דאָך אַז זי איז משוגע – האָט עסטערהאַזי זיך אָבגערופען צו זיין קאַמעראַד – גיב איהר אַ קלאַפּ מיט דיין שטעקען, אַנדערש וועסט דו דאָך פון איהר ניט פּטור ווערען.

דער פּולקאָווניק האָט שוין אויפגעהויבען דעם שטעקען, דער דאָקטאָר האָט איהם אָבגעהאַלטען.

– משוגעים שלאָגט מען ניט, דאַרויף בין איך אַ דאָקטאָר און ווייס וואָס ס'איז צו טהון.

– זאָגט מיר, אָרעמע פרוי – האָט ער זיך אָבגערופען צו דער קראַנקער –

װער זײט איהר און װי קומט איהר אַהער ? שרעקט אײך ניט, כ'בין אַ דאָקטאָר און מיט מיר קענט איהר רעדען אָפען. אויב ס'איז מעגליך װעלל איך אײך געװיס העלפען.

– דאס װעט איהר אם בעסטען העלפען – האט איהם האַסטיג איבערגעשלאָגען די רייד דער שװאַרצער מאַיאָר און האַסטיג צוגעװאָרפען דער משוגענער זיין פּאָרטמאָנעט, אין װעלכען ס'זיינען געװען עטליכע גאָלדשטיק.

דאס גאָלד האט זיך אָבגעשלאָגען אָן די װילבערגע מאָנעטען.

קלאָודיאַ לאָרעטטאַ האט דערהערט דעם קלונג און נאָך העכער זיך צושריען:

– גאָלד, װיעדער גאָלד... דו װיללסט מיך נאָך אַמאָל אונטערקױפען, גראף עסטערהאַזי... נײן, כ'בעדאַרף ניט דײן גאָלד, דאס מאָל װעלל איך שױן ניט זײן אַזאַ נאַר... צו פּוסט בין איך געקומען צו געהען פון אונגאַרן אַהער, כּדי צו פערריכטען דאס, װאס כ'האב אַלײן איבערגעפיהרט און צו ראַטעװען אַ אונשולדיגען.

כ'בין משוגע, װעניגסטענס זאָגען אַזױ אַללע מענשען, און אפשר איז אױך אמת, דאס װאס די מענשען טראַכטען; דאס אָבער װאס איך װײס, װײס איך אױף געװיס און איך בין איִם שטאַנד צו קוקען דורך דעם שלײער, װעלכער פערשטעללט מײן פערגאַנגענהײט. כ'קען דיך גאַנץ גוט, שװאַרצער מאַיאָר, כ'קען דיך, און דאַריבער מוז איך דיך צװינגען דעם פעהלער צו פערריכטען.

שטאַרק אױפגערעגט איז די משוגענע װיעדער צוגעלאָפען צו דעם שװאַרצען מאַיאָר און איהם אַ זעטץ געגעבען מיט דער פױסט אין געזיכט.

– זײ געצײכענט, דרײפוסעס מערדער ! – האט זי געשריען מיט אַללע כּחות – דרײפוסעס מערדער, פערשאָלטען זאָללסט דו זײן. – און פײל פון בױגען איז זי אַװעקגעפלױגען פון דעם אָרט, נאָך אײדער װי עסטערהאַזי האט געהאט צײט זיך צו װערהען.

האַסטיג האט ער געחאַפּט אַ פּיסטאָלעט און געװאָללט איהר נאָכשיסען. פּאַטי־די־קלאַם האט איהם אָבער אָבגעהאַלטען.

– דו װײסט שױן גאָר ניט װאס דו טהוסט – האט ער איהם געדרױמט אין אױער – יענע װאַרטען נאָר דאַרױף דיך צו חאַפּען בײ דער האַנד. אומגעקעהרט, דו בעדאַרפסט װײזען אַ מיענע, אַז דיך געהט עס גאָר ניט אָן און זיך אױסלאַכען פון דער גאַנצער מעשה.

אין דער זעלבער צײט האבען זיך דער דאָקטאָר מיט דעם נאָטאַריוס שאַרף אָנגעקוקט. זײערע אױגען האבען גערעדט, אַז דער משוגענערס װאָרטער װעללען ניט זײן אַרױסגעװאָרפען אומזיסט.

– ?יינע הערען – האט זיך דער ערשטער אָבגערופען לעאָן – מיר דאַרפען דאָך נאָך צו ענדיגען אונזער זאַך:

עֶסְטֶערְהַאזִי הָאט זִיךְ דֶערְפְרַייט. אויף אַזאַ אַרְט וֶועט אֶפְשַׁר דֶער עֶרְשְׁטֶער רוֹשֶׁם פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען.

– סְ'וָואלְט גֶעוֶוען אַ יוֹשֶׁר אויסְצוּטוּישֶׁען דִי פִּיסְטָאלֶעטֶען – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער נָאטַארְיוּס.

– ווִיעֶדֶער אַ אוּמְזִיסְטֶער אָבְּהַאלְט – הָאט זִיךְ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר גֶעקְרִימְט – אַ מָארְגֶער דוּעֶלל, סְ'וֶוערְט מֶעהר גֶערֶעדְט ווִי גֶעטְהוּן.

– וֶוער אִיז דֶענְן אִין דֶעם שוּלְדִיג – הָאט מִיט אַ אִירָאנְיֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶער נָאטַארְיוּס – אַז אִיהר, הֶערר גְרַאף, הָאט זִיךְ דָא צוּפֶעלְלִיג גֶעטְרָאפֶען מִיט אַ אַלְטֶער בֶּעקַאנְנְטֶער.

דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאיָאר הָאט אִין כַּעַס פֶערְבִּיסֶען דִי לִיפֶּען אוּנ נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אַ וָוארְט.

– אַ סוֹף! – הָאט דֶערְוַוייל פַּאטִי־דִי־קְלַאם קָאמַאנְדִירְט – סְ'וֶוערְט שְׁפֶּעט.

אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם אִיז שׁוֹין עֶסְטֶערְהַאזִי גֶעלֶעגֶען פֶערְוואוּנְדֶעט.

– אַ טָאג פוּן אוּנְגְלִיקֶען – הָאט עֶר גֶעמוּרְמֶעלְט פוּן וֶועהְטָאג.

דָאקְטָאר בּוּרְגֶער אִיז דִי מִינוּט צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהם.

– קֵיין גְרוֹיסֶע גֶעפַאהר אִיז נִיט דָא, גְרַאף – הָאט עֶר גֶעזָאגְט אַרוּמְזֶעהֶענְדִיג דִי רַאנֶע – אַלֶעְנְפַאלְלְס אָבֶּער וֶועט אִיהר מוּזֶען בְּלַייבֶּען עֶטְלִיכֶע טָאג אִין שְׁטוּבּ.

שְׁטִילל אִיז זִיךְ דִי קְלֵיינֶע קָאמְפַּאנְיֶע צוּנַאנְגֶען;

– עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט, הֶערר בֶּערְנַארְד, וָואס אִיךְ קֶענְן אַייךְ נִיט בֶּעגְלֵייטֶען, אִיךְ מוּז אַוֶועקְגֶעהְן אִין אַ אָרְט מִיט דֶעם דָאקְטָאר – הָאט דֶער נָאטַארְיוּס הֶעפְלִיךְ זִיךְ בֶּעגְרִיסְט מִיט לֶעאָנֶען.

– צוּ אִיהם? – הָאט דֶער דָאקְטָאר בּוּרְגֶער גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ מִיעֶנֶע פוּן מֶענְשֶׁען, וָואס וַוארְט נִיט, מֶען זָאלל אִיהם גֶעבֶּען צוּ עֶרְקְלֶערֶען, אוּם וָואס סְ'הַאנְדֶעלְט זִיךְ.

דֶער נָאטַארְיוּס הָאט אַ שָׁאקֶעל גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן קָאפּ אוּנ אִין אַ שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער זַיינֶען זֵיי שׁוֹין בֵּיידֶע גֶעזֶעסֶען בַּיי מַתִּית דְרֵייפוּסֶען אִין גַאבִּינֶעט.

– ווִיכְטִיגֶע נַייעֶס – הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעזָאגְט, וֶוענְן מַתִּית הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט דִי אוּנְפֶערְהָאפְטֶע גֶעסְט אִין אַזַא פְרִיהֶע שָׁעָה.

– דֶער אֶמֶת קוּמְט אַרוֹיס – הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען פוּן זַיין זַייט דֶער נָאטַארְיוּס – סְ'הוֹיבְּט אָן טָאג צוּ וֶוערֶען. אַייֶער אוּנְשׁוּלְדִיגֶער בְּרוּדֶער וֶועט נָאךְ מִיט גָאטֶעס הִילְף פְרֵיי וֶוערֶען.

– אוּם גָאטֶעס ווִילְלֶען, כְּ'פֶערְשְׁטֶעה דָאךְ אַ וָוארְט נִיט – הָאט נָאךְ מִיט מֶעהר וואוּנְדֶער אוּנ אוּנְרוּהִיג גֶעזָאגְט מַתִּית דְרֵייפוּס.

– אִיהר גֶעדֵיינְקְט, הֶערר דְרֵייפוּס, אַז דִי אַלְטֶע קָאזֶאטַא הָאט פַאר'ן טוֹידְט דֶערְמָאנְט אַ נָאמֶען קְלוֹידְיַא לָארֶעטַא.

– כְּ'גֶעדֵיינְק גַאנְץ גוּט אוּנ ווַייסס זָאגַאר וֶועמֶען זִי הָאט גֶעמֵיינְט דֶערְמִיט.

— דו ווייסט אַלזאָ ווער קלאָודיאַ איז?

— לײדער יאָ, זי איז אַמאָל געווען אַ ביישטערקע אין צירק און מיין ברודער איז מיט איהר געווען בעקאַנט, די וועלט האט גערעדט זאָגאַר אַז ער איז געווען אין איהר פערליעבט. ביסלעכווייז בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז די זעלבע קלאָודיאַ לאַרעטטאַ איז געווען באַז אויף מיין ברודער אַלפרעד וואָס ער האט מיט איהר ניט חתונה געהאט און פון איהר שטאַממט זיין אונגליק. ווי און וואָס געגוי קענן איך אייך ניט זאָגען, נור כ'ווייס אַז זי איז געווען אין פערבינדונג מיט אונזערע שונאים.

— יעצט אַלזאָ פערשטעה איך שוין — האָט אַ ברומם געגעבען דער נאָטאַריוס — באַלד וועללען מיר אייך ערצעהלען וואָס מיר האָבען יעצט נור וואָס ערפאַהרען, און פון דעם וואָס מיר אַללע צוזאַממען ווייסען, איז שוין ביי מיר אַ קלאָרע זאַך, אַז עסמטערהאַזים מפלה איז ניט ווייט. זי וועט קומען גאַר אין קורצען און נאָך איהר וועט אויך באַלד אייער ברודער בעפרייט ווערען.

— פון אייער מויל אין גאָטטס אויערען — האָט מתית געענטפערט מיט אַ זיפץ — ביטע ערצעהלט מיר געגוי, וואָס איהר ווייסט, אפשר וועללען מיר צוזאַממען קענען עפעס אָבקלערען.

XLIII.

# המלאך הגואל.

נאָך קלוים גראַמ'ס אָבפאַהרען אויף דעם טייפעלס־אינזעל איז אַליציאַ געוועסען פערטראַכט אַללײן אין איהר צימער.

זי האָט געקלערט וועגען דעם ווי אַזוי דעם דייטשען שיפס־קאַפּיטאַן וועט געלינגען זיך צו זעהען מיט דרייפוסען, וואָס וועט ער מיט איהם רעדען. איהר שטערען האָט זיך אויך געקנייטשט טראַכטענדיג וועגען דעם, ווי אַזוי זי וועט ווייטער איינרעדען דעם גובערנאַטאָר, איהר פערשטעללטען מאַנן ווידער צו לאָזען פאַהרען אויף דעם פערבאָטענעם אינזעל. דערביי זיינען איהרע געדאַנקען אַריבער קיין פּאַריז, און זי האָט זיך דערמאַנט אין די עלענדע הערמינגען, דעם עדעלען מתית'ן און דעם טויגעניכטס עסטערהאַזין.

— שווער, שווער צו ראַטעווען איין אונשולדיגען מענשען — האָט זי שטילל געמורמעלט צו זיך אַללײן — פיעל שווערער ווי צו הרגנען צעהן שולדיגע. דער שקר פליהט פייל פון בויגען און ווייזט זיך אומעדום, דאַגעגען דער אמת ליעגט טיעף בעגראָבען און איז פערבאָרגען פון אַללעמען.

און דערווייל שמאַכט געבאָך אין אַ פערוואָרפענעם ווינקעל, אָבגעריסען פון

דֶער וֶועלְט, פוּן דֶער פַאמִילְיֶע, פוּן בֶּעקַאנְטֶע, אַ עֶלֶענְדֶער אוּנְשׁוּלְדִיגֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט דְאס אוּמְגְלִיק גֶעבֶּארֶען צוּ וֶוערֶען אַ יוּד, דָאס אִיז זַיין אֵיינְצִיגֶער פֶעהלֶער, אוּנ דַארִיבֶּער מוּז עֶר לַיידֶען.

אַלִיצְיַא'ס אוֹיגֶען זַיינֶען פַייכְט גֶעוָוארֶען.

פְּלוּצְלִינְג הָאט זִי דֶערְהֶערְט אַ קְלַאפּ אִין טְהִיר.

– וֶוער קֶענֶן עֶס זַיין? – הָאט זִי זִיךְ אַלֵיין גֶעפְרֶעגְט – דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר, לוֹיט וִוי כְּ'הָאבּ גֶעהֶערְט, לִיעגְט דָאךְ קְרַאנְק, צוּם מִיטָאג אִיז נָאךְ וַוייט. מִיט דִי דִיענֶער הָאבּ אִיךְ קֵיין גֶעשֶׁעפְט נִיט; סְ'אִיז זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְט, וֶוער קֶענֶן מִיךְ בֶּעזוּכֶען אִין קַאיֶענַא?

– אַנְטְרֶע! – הָאט אַלִיצְיַא הוֹיךְ גֶעזָאגְט אוּנ צוּ אִיהר הָאט זִיךְ צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט דֶער גַאנְצֶער מוּטְה מִיט דֶער עֶנֶערְגִיֶע.

אִין צִימֶער אִיז גְלַייךְ נָאכְדֶעם אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אַ הוֹיכֶער, בְּלָאנְדֶער יוּנְגֶער־מַאנְן.

– הָאבּ אִיךְ דִי עֶהרֶע מִיט פְרַיילֵיין אַלִיצְיַא? – הָאט עֶר שְׁטִילל גֶעפְרֶעגְט.

אַלִיצְיַא טֶערְהִי אִיז בְּלַאס גֶעוָוארֶען, זִי הָאט אַ טַאפּ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער טַאשׁ דֶעם קְלֵיינֶעם רֶעוָואלְוֶוער, וֶועלְכֶען זִי הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעטְרָאגֶען בַּיי זִיךְ, אוּנ שַׁארְף גֶעעֶנְטְפֶערְט:

– אִיהר הָאט אַ טָעוּת לִיעבֶּער הֶערר, אִיהר נֶעהמְט מִיךְ אָן פַאר אַ פְרֶעמְדֶע, כְּ'בִּין נִיט קֵיין פְרַיילֵיין אוּנ הֵייס נִיט אַלִיצְיַא, מַיין נָאמֶען אִיז מִיסְטְרִיס פָארְשְׁטֶער.

– בֶּערוּהִיגְט אַייךְ, פְרַיילֵיין טֶערְהִי, מִיט מִיר מָאגְט אִיהר רֶעדֶען אָפֶען, אוּנְז הֶערְט יֶעצְט קֵיינֶער נִיט.

– וֶוער זַייט אִיהר דֶענְן? – הָאט דִי אַמֶערִיקַאנֶערְקֶע שְׁטְרֶענְג גֶעפְרֶעגְט, וֶוענְן זִי הָאט בֶּעמֶערְקְט, אַז דֶער פְרֶעמְדֶער לָאזְט זִיךְ נִיט אָבְּנַארֶען.

אִיהר גַאנְצֶער קֶערְפֶּער הָאט גֶעצִיטֶערְט, אִין דִי שְׁלֵייפֶען הָאט גֶעקְלַאפְּט וִוי מִיט אַ הַאמֶער אוּנ זִי הָאט גֶעמוּזְט צוּזַאמֶענְנֶעהמֶען אַללֶע כֹּחוֹת צוּ בְּלַייבֶּען גְלַייכְגִילְטִיג.

– זַיין בִּין אִיךְ דֶעם גוּבֶּערְנַאטָארְס לַייבּ־דָאקְטָאר אוּנ בִּין בֶּעקַאנְט אִין קַאיֶענַא אַלְס דָאקְטָאר רָאהַאן.

אוּם אַייךְ אָבֶּער צוּ וַוייזֶען אַז כְּ'מֵיין נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטְס אוּנ בִּין נִיט אוֹיסְגֶען אַייךְ אוֹיסְצוּפָארְשְׁטֶען, נוּר אוּמְגֶעקֶעהרְט, מַיין גַאנְצֶער צְוֶועק אִיז אַייךְ צוּ טְהוּן אַ טוֹבָה, הָאבּ אִיךְ אַייךְ מִיטְגֶעבְּרַאכְט דִי דֶעפֶּעשֶׁע. בִּיטֶע לֵייֶענְט עֶס דוּרְךְ, וֶועט אִיהר אַלְלֵיין וִויסֶען אוּם וָואס עֶס גֶעהט.

אַלִיצְיַא הָאט צוּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם דָאקְטָאר אַ אוֹיפְגֶעזִיגֶעלְטֶע דֶעפֶּעשֶׁע, דַאבַּיי אָבֶּער הָאט זִי בֶּעמֶערְקְט אַז דֶער זִיגֶעל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען גַאנְץ.

סְ'אִיז גֶענוּג גֶעוֶוען דוּרְכְצוּלֶעזֶען דִי עֶרְשְׁטֶע עֶטְלִיכֶע שׁוּרוֹת, אַז אַללֶע

גליעדער זאללען אבשטארבען, נור אזא שטארקע און דורכגעטריעבענע פרוי ווי אליצא, איז געוועזען אים שטאנד צו ענדיגען ביז׳ן סוק פאלגענדע דעפעשע:

„פון דעם פרויענמערדער ראוואַאק זיינען מיר געוואָהר געוואָרען, אז מיט פיער מאנאט צוריק איז ארויסגעשיקט געוואָרען א דייטשע שיף „בריגיטטא“ פון האמבורג, וועלכע האט געזאללט בעפרייען דעם פערשיקטען קאפיטאן אלפרעד דרייפוס פון דעם טייפעלס־אינזעל.

„דער זעלבער ראוואַאק זאגט, אז די שיף איז דורך א צופאלל אונטער־געגאנגען, ער איז אבער זיכער, אז פיעל פערזאנען זיינען געראטעוועט געוואָרען, און איבערהויפט צוויי: דער שיפס־קאפיטאן קלויס גראט און די בעריהמטע אמעריקאנישע פרוי, אליצא טעררהי, וועלכע דיענט אין דער געהיים־פאליציי פון נויארק.

„די ביידע דרעהען זיך געוויסס ארום ערגיץ ניט ווייט פון דעם טייפעלס־אינזעל און א לאַדע טאג וועללען זיי וואהרשיינליך קוממען אין קאיעננא אויך.

„די פאריזער פאליציי מאכט אייך אלזא, העדר גובערנאטאר, אויפמערקזאם גוט אכטונג צו געבען און זאבאלד איהר וועט זיי בעמערקען אין קאיעננא, די מינוט ארעסטירען.

„דער שיפס־קאפיטאן קלויס גראט איז הויך געוואקסען, שטארק געבויט מיט בלויע אויגען, דאגעגען אליצא טעררהי איז א שלאנקע ברונעטקע מיט שווארצע אויגען“.

א ווייילע איז שטילל געוואָרען אין צימער.

— וואס זאגט איהר אלזא יעצט? — האט דער ערשטער זיך אָבגערופען דער דאקטאר.

— די זעלבע וואס פריהער, וואס קענן מיך אנגעהען אזא דעפעשע?

— פריילין טעררהי! — האט מיט הארץ געענטפערט דער דאקטאר ראהאן — אייער נאמען איז מיר בעקאנט ניט פון היינט און כ׳ווייסס גאנץ גוט, אז אויב איהר ווילט קענט איהר אָבנארען נאך גרעססערע חכמים, ווי אונזער גובערנאטאר גרעפפין איז, יעצט אבער רעדט מיט אייך א מענש, וואס מיינט נור אייער טובה און צוליעב דעם האט ער איינפאך איינגעשטעללט דאס לעבען.

דער דאקטאר האט גערעדט אזוי היים, אז אליצא האט זיך איבערציינגט אין זיין ערנסט און בערוהיגטער געפראגט:

— ווי אזוי קוממט איהר צו דער דעפעשע, העדר דאקטאר?

— וואהרשיינליך ווייסט איהר דאך שוין, פריילין טעררהי, אז דער גובערנאטאר ליעגט קראנק און קיינער אויסער מיר טאר צו איהם אין נאכט ניט אריינקוממען. גרעפפין איז זעהר נערוועז און אללע שארפע געטראנק, איבערהויפט שאמפאניער־ווייין איז פאר איהם האבסט שעדליך, כ׳האב איהם עס ניט

איין מאל געזאגט אונ געווארנט זיך אויפצופאססען, מיין פאציענט אבער איז איינגעוואהנט צו בעפעהלען אונ ניט צו האָרכען.

נעכטען ביים מיטטאג האט ער געטרונקען איבער דער מאס אונ יעצט וועט ער מוזען א פאר טאג ליעגען אין בעט. א גאנצע נאכט האב איך צוליעב איהם א אויג ניט צוגעטהון אונ ניט אבגעטרעטטען פון זיין נאבינעט. אז גרעפפין האט זיך נאך דער מעדיצין עטוואס בערוהיגט אונ איינגעשלאפען האט מען אריינגעבראכט אין נאבינעט די דעפעשע. גרעפפין האט שוין דאמאלס זיסס געשלאפען. אויססער מיר איז קיינער אין צימער ניט געוועזען. א מענש האט דאך איבערהויפט א שוואכהייט צו פרעמדע סודות, בפרט נאך אין קאיעננא. אונ איך בין געוועזען שטארק נייגיעריג צו וויססען וואס פאר א ידיעות קענן אונזער גובערנאטאר בעקומען דורך דעם טעלעגראף. לויט ווי איך ווייס שרייבט ער צו קיינעם ניט אונ ס'איז נאך דער פאלל ניט געוועזען ער זאלל א מאל קריעגען פון עמיצין א בריעף. עטליכע מינוט האב איך מיך געשפיעלט מיט דער דעפעשע אונ דאמאלס האב איך ערשט בעמערקט אז זי איז ניט פעסט פערזיגעלט. דאמאלס האט מיך שוין קיין כח ניט געקענט אבהאלטען דורכצולעזען דעם אינהאלט. אויף אזא ארט בין איך געוואהר געווארען פון דער געפאהר וואס הענגט איבער אייער קאפ. יעצט פערשטייט איהר שוין, פריילין טעררהי, פאר וואס כ'בין געקומען אהער אונגעבעטען?

– ניין, הערר דאקטאר, פון אייער ערצעהלונג בין איך נור געוואהר געווארען, אז איהר האט ליעב פרעמדע סודות. ב'ווייסס אבער ניט וואס פאר א שייכות דאס האט מיט מיין פערזאן.

דער דאקטאר האט צוגערוקט נאהנטער זיין שטוהל צו אליציאן אונ נאך שטיללער געענטפערט:

– איהר האט רעכט, פריילין טעררהי, פארלייפיג האב איך אייך איבערגעגעבען נור דעם צווייטען טהייל פון מיין ערצעהלונג, יעצט אבער מוז איך אייך ערצעהלען דעם ערשטען טהייל אויך, כדי איהר זאללט מיך פערשטעהן אין גאנצען. איהר וועט אבער ניט נעהמען פאר א אומגוט, געעהרטעס פריילין, אויב איהר וועט אייך שלעכט ווייליען אין מיין געזעללשאפט. זיצענדיג אין קאיעננא קענן א מענש גאר פערגעססען צו רעדען ווי געהעריג.

– אומגעקעהרט – האט זיך אבגערופען אליציא, וועלכע איז שוין געוועזען זיכער ביי זיך, אז דער אונבעקאנטער מענש וועט איהר קיין שלעכטס ניט טהון – וואס א מאל פעראינטערעססירט מיך אלץ מעהר אונ כ'בין זעהר נייגיעריג צו וויססען, ווי איהר זאגט, דעם ערשטען טהייל פון אייער לעבענס-בעשרייבונג.

– ווירקליך לעבענס-בעשרייבונג – האט דער דאקטאר ראהאן געענטפערט מיט א שמייכעל – אלליין בין איך געבארען אין פאריז, מיין מוטטער איז געוועזען א נעהטארין, וועלכע האט געהאט שטענדיגע ארבייט אין רייכע הייזער. קיין ברויט האט אונז קיין מאל ניט געפעהלט, אבער ניט מעהר ווי ברויט, אללע

איבּריגע זאכען וואס א מענש ברויכט צו האבען אין לעבען, א קלייד, א שוך און דאס גלייכען האבען מיר קיין מאל ניט געהאט גענוג. מיין פאטער איז געשטארבען יונג און מיין מוטטער האט נאך זיין טויט ניט פערמאגט מעהר ווי איהרע געזונטע האנד צו ארבייט. אויף ארבייט אבער איז זי ניט געווען פויל, ניט אזוי פאר זיך ווי פאר מיר. דער העכסטער אידעאל איז ביי איהר געווען צו מאכען פון מיר א מענש;

אז כ'האב געענדיגט די אללגעמיינע "עלעמענטאר־שוהלע"[1], האט די עלענדע פרוי, מיין גוטטע, זעליגע מוטטער, אנגעהויבען צו פאנטאזירען וועגען א תכלית פאר מיר און איבערהויפט האט זי געוואללט מקיים זיין מיין פאטערס צוואה, כ'זאלל מיט דער צייט ווערען א געבילדעטער מענש.

די גוטע, ענערגישע פרוי האט זיך אבגעזאגט דעם ביסען פון מויל, געארבייט ביז שפעט אין דער נאכט, אבי נור אבצושפארען עטליכע פראנק פאר מיר אויף א לעהרער. די פיעלע און שווערע ארבייט און די וועניגע און שלעכטע פפלעגונג האבען אבער געהאט א אנדער ווירקונג און מיין מוטטער האט באלד געמוזט די ערשטע אבגעשפארטע פראנקען אויסגעבען אויף דאקטוירים און מעדיצין. אין איין פריה־מארגען איז זי שוין ניט געווען אים שטאנד זיך אויפצוהויבען פון בעט און דער דאקטאר האט געגעבען שוואכע האפנונג, זי זאלל אין גיכען געזונד ווערען. אין עטליכע טאג ארום איז שוין ביי אונז אין דעם ענגען קאמעריל ניט געווען פאר וואס צו קויפען ניט נור מעדיצין, נור זאגאר א שטיקעל טרוקען ברויט.

מיין מוטטער איז געווען אין פערצווייפלונג. אויסער וואס זי האט זיך אלליין געשפירט גאנץ שוואך, האט זי נאך ניט געקענט צוזעהען דעם צער פון מיר, ווי איך קוואלל מיך אהן געגעססען. אין קאממעריל איז געווען קאלט און דער הונגער האט יעדע מינוט דערמאנט, אז אזוי קענן לענגער ניט זיין. . . ;

דער דאקטאר האט זיך אבגערוהט. די זכרונות פון אמאליגע שלעכטע יאהרען האבען איהם אויפגערעגט.

אליציא איז אויך געווען געריהרט פון זיין עלענדע פערגאנגענהייט.

א ווײלע זיינען זיי ביידע שטילל געזעססען. נאך א קורצער פויזע האט דער דאקטאר ווייטער אנגעהויבען:

— אז מיין מוטטער האט זיך שוין גוט אויסגעוויינט, האט זי מיר א וואונק געגעבען, כ'זאלל נעהמען די טינט און פעדער. נאכדעם האט זי אויסגעריססען א בלעטטעל פון א העפט און מיט א שוואכער האנד אויפגעשריבען עטליכע ווארטער;

— נעהם — האט זי געזאגט און דערלאנגט מיר דעם אויפגעשריבענעם צעטטעל — און טראג עס אוועק אויף די גאסס פורשאמבא און גיב עס אב דעם הויזבעזיטצער פון נומער 25.

---

1) עלעמענטאר־שוהלע — איז א חדר פאר אנפאנגער.

— דָארְטֶען וואו מַתִּית דְרֵייפוּס וָואהנְט? — הָאט אִיהם הַאסְטִיג אִיבֶּערְגֶע־שְׁלָאגֶען דִי רֵייד אַלִיצְיַא.

— נֵיין, דַאמָאלְס — הָאט דֶער דָאקְטָאר רָאהַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט — הָאט נָאךְ דָארְ־מֶען גֶעוָואהנְט דֶער אַלְטֶער דְרֵייפוּס אוּנ מַתִּית אִיז גֶעוֶועזֶען בַּיים פָאטֶער.

וָואס אִין דֶעם בְּרִיעף אִיז גֶעוֶועזֶען פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהר דָאךְ שׁוֹין גֶעווִיס אַלֵיין, מַיין מוּטֶער הָאט גֶעמַאכְט דִי לֶעצְטֶע פְּרָאבֶּע אוּנ זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּ גוּטֶע מֶענְשֶׁען, זֵיי זָאלֶען רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף אִיהר אוּנ אוֹיף אִיהר קִינְד.

דִי גוּטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוּנ דִי מִינוּט אִיז מַתִּית מִיט מִיר אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען צוּרִיק אִין מַיין מוּטֶער׳ס אַיינְגֶען וָואהנוּנְג, לֵיידֶער אִיז זִי שׁוֹין שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען צוּ דֶערְרַאטֶעוֶוען, אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם אִיז מַיין מוּטֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין שְׁפִּיטַאל.

דֶער דָאקְטָאר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דָאס נָאז־טִיכֶעל אוּנ זִיךְ אוֹיסְגֶעווִישְׁט דִי טְרֶערֶען פוּן דִי פַייכְטֶע אוֹיגֶען.

— מִיךְ אָבֶּער — הָאט ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאךְ אַ קוּרְצֶער וַוייל — הָאבֶּען דִי גוּטֶע מֶענְשֶׁען דֶערְהַאלְטֶען בַּיים לֶעבֶּען אוּנ אַ דַאנְק זֵיי בִּין אִיךְ הַיינְט אַ דָאקְטָאר אִין קַאיֶענְנַא, מַתִּית דְרֵייפוּס הָאט גֶעזָארְגְט דַאפִיר, כְּ׳זָאלל הָאבֶּען מַיין אוֹיס־קוּמֶען אוּנ גוּטֶע לֶעהרֶערְס, מִיט זַיין הִילְף בִּין אִיךְ אַרַיין אִין גִימְנַאזְיוּם אוּנ נָאכְדֶעם גֶעעֶנְדִיגְט דִי אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט. .

— יֶעצְט בֶּעגְרֵייף אִיךְ שׁוֹין אַייֶער כַּוָנָה — הָאט צוּפְרִיעדֶען זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַלִיצְיַא — אִיהר ווִיללְט אַייךְ אָבְּדִינֶען דֶער גוּטֶער פַאמִילְיֶע אוּנ הֶעלְפֶען אִין אַ נוֹיט מַתִּית׳ס גוּטֶע פְרַיינְד, אַדַאנְק אַייךְ, הֶערְר דָאקְטָאר; עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט וָואס כְּ׳הָאבּ אַייךְ בַּאלְד נִיט פֶערְשְׁטַאנְגֶען אוּנ צוּם אָנְהוֹיבּ שְׁלֶעכְט אָנְגֶענוּמֶען.

— צוּ אַייךְ, פְרֵיילֵיין טֶערְרְהִי, הָאבּ אִיךְ גָאר נִיט, אִיהר הָאט גֶעמוּזְט זַיין פָארְזִיכְטִיג אוּנ כְּ׳בִּין אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ, וָואס דוּרְךְ מַיין הַאנְד וֶועלֶען הַיינְט גֶעהָאלְ־פֶען וֶוערֶען אַזֶעלְכֶע צְוֵויי אָרְדֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען ווִי אִיהר מִיט אַייֶער פֶערְשְׁטֶעלְטֶען מַאנְן, דֶער בְּרַאוֶוער שִׁיפְס־קַאפִּיטַאן קְלוֹיס גְרָאט.

— אִיהר הָאט דֶענְן שׁוֹין אַ פַארְמִיגֶען פְּלַאן? — הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט אַלִיצְיַא גֶעפְרֶעגְט.

— גַאנְץ גֶעווִיסס — הָאט דֶער דָאקְטָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט — אוּנ וַוייל דִי צַייט אִיז קוּרְץ מוּזֶען מִיר עֶס טַאקִי מַאכֶען אִין גִיכֶען.

— זָאגְט אַלְזָא, לִיעבֶּער פְרַיינְד! אוּנ אִיךְ בִּין גֶעגְרֵייט אוֹיף אַלְץ, אַבִּי נוּר וָואס גִיכֶער אַרוֹיסְצוּפָאהרֶען פוּן דֶעם בֶּאזֶען אָרְט, אוּנְגְלִיקְלִיכֶער קַאפִּיטַאן דְרֵייפוּס, דִיר אִיז נָאךְ נִיט בֶּעשֶׁערְט פְרַיי צוּ וֶוערֶען פוּן דַיינֶע צָרוֹת אוּנ אֶפְשַׁר מַאכְט עֶס גָאט עֶקְסְטְרָא, דֶער עֶהרְלִיכֶער קַאפִּיטַאן זָאלל נִיט עֶנְטְלוֹיפֶען ווִי אַ גַנָב נוּר בֶּעפְרַייט וֶוערֶען אָפֶּענְבַּאר מִיט דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת.

— וואהרשיינליך וועט נאטש העלפען — האט זי דער דאָקטאָר פון זיין זייט געטרעסט, וועלכער איז אויך געוואָרען געריהרט פון איהרע הייסע ווערטער — אונ דער אמת וועט אין קורצען ארויסקוממען, כ׳האב שטענדיג געהאט מיטלייד מיט דעם עלענדען קאפּיטאן אונ ווי וויט מעגליך האב איך איהם לייכטער געמאכט די צרות, דאס הארץ האט אין מיר געבלוטיגט צוקוקענדיג ווי דרייפוסעס אקינד ווערט פערשמאכט אויף דעם טייפעלס-אינזעל...

יעצט אלזא צו דער זאך, פריילין טעררהי, די צייט איז קורץ.

אין א שעה ארום געהט אב א שיף קיין נויארק אונ איהר מוזט אייך באלד פארטיג מאכען צו דער רייזע, כ׳וועלל די דעפּעשע אזוי אויסקלייגען אז דער גובערנאטאר וועט עס פאר איבערמארגען ניט בעמערקען אונ דאמאלס וועט איהר שוין זיין וויט, געוועהנליך וועט איהר איהם איבערלאָזען א בריעף, אז א אונפערהאפּטע ידיעה פון דער היים, האט אייך געצוואונגען פלוצלונג אבצו רייזען.

— וואס וועט אבער זיין מיט דעם שיפּס-קאפּיטאן? וועגען איהם האט איהר פערגעסען? — האט אליציא אונרוהיג געפרעגט.

— ניין, געעהרטע פריילין, כ׳האב אן קיינעם ניט פערגעסען, צום גליקק האב איך היינט א וויכטיגען קראנקען אויף דעם טייפעלס אינזעל. דער אויפזעהער מורילא האלט ביים שטארבען אונ כ׳מוז דארטען זיין, מיט דער געלעגענהייט וועלל איך מיך בענוטצען אונ צווישען געבען דעם שיפּס-קאפּיטאן, וועגען וואס ס׳געהט, פון אייער זייט וועט איהר בעטען דעם אמעריקאנער שיפּס-קאפּיטאן, ער זאלל זיך עטוואס אויפהאלטען ביי דעם טייפעלס-אינזעל אונ מיטנעהמען נאך א פּאסאזיר פּאר א ענגלענדער וועט ער עס געוויס טהון.

— העדר דאָקטאָר, איהר זייט ניט נור גוט, זאנדערען אויך קלוג — האט אליציא פרעהליך אויסגעשטעקקט ביידע הענד צום דאָקטאָר — מיר פעהלען ווערטער אייך צו דאנקען, כ׳קענן אייך נור אין קורצען פערזיכערען, אז איך וועניגסטענס וועלל אייך די טובה קיין מאל ניט פערגעסען.

אז א טובה קוממט צו ניטץ האט איהר היינט געהאט דעם בעסטען בעווייז. א געפעללינקייט, וואס איין ארדענטליכער מענש טהוט דעם צווייטען אין א נויט, איז ווי א ברעטעל וואס פאללט צופעלליג אריין אין א וואסער. זי שווימט אונ שווימט אונ דערגרייכט דאך א מאל א ברעג. דער וואס געפינט זי ווייסט גאר אלליין ניט, פון וואנען ס׳קוממט צו איהם אזא אונפערהאפּטע מציאה..........

מיט א שעה שפּעטער איז שוין אליציא געזעסען אויף דער אמעריקאנער שיף אונ אין א קורצע צייט ארום איז שוין קלוים גראט געזעסען נעבען איהר. פון דער פּאלובא האבען זיי לאנג זיך געזעגנט צו דעם בראווען מאנן, וועלכער איז פאר זיי פארגעקוממען ווי „המלאך הגואל"........

........................

---

# עֶפִּילָאג.

## I.

## אִין פַּארִיז.

מַהַ׳ית דְרַייפוּסֶעס עֶכּסְצִימֶער אִיז רַייךְ בֶּעלוֹיכְטֶען, אַרוּם אַ בְּרַייטֶען טִישׁ זִיטְצֶען פִיעל גֶעסְט. אויבֶען אָן זִיצְט דֶער ווירְטה אַלֵיין, נֶעבֶּען אִיהם הֶערְמִינְיֶע מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם אַנְדְרֶע׳ע, נָאךְ אִיהר אַלִיצְיַא טֶערְרְהִי. דֶער ווִיצֶע־גְרַאף עָמִיל דִי פִּיקַארְדִין, דֶער פּוֹלְקָאוְנִיק פִּיקַאר מִיט זַיין כַּלָה לוּצְיַא אוּנ אִיהר פָּאטֶער נַאסְטַאסְיוּשׁ, נָאךְ וַוייטֶער זִיטְצְט לֶעאָנְיֶע מִיט זַיין טָאכְטֶער דָאלָארֶעס, לֶעאָן בֶּערְנַארְד, קְלוֹיס גְרָאט אוּנ דֶער גֶעוֶועזֶענֶער קַאפְּרַאל מִישָׁאנֶע. יֶעדֶערֶער פוּן דִי גֶעסְט אִיז אויפְגֶערֶעגְט, דָאס עֶסֶען שְׁטֶעהט אוּנְגֶערִירְט אוּנ קֵיינֶער פוּן דֶער גֶעזֶעללְשַׁאפְט רִיהְרְט זִיךְ נִיט צוּ צוּ דִי גֶעטְרֶענְק, אָבְּוָואהל אויפ׳ן טִישׁ גֶעפִינְט זִיךְ אַלְץ וָואס דָאס הַארְץ קֶען גְלוּסְטֶען.

דִי הֶערְלִיכֶע בֶּעלַייכְטוּנְג, דֶער גְלַאנְץ פוּן דִי גָאלְדֶענֶע אוּנ זִילְבֶּערְנֶע גֶעשִׁירְר, דִי טְהַייֶערֶע בֶּעפּוּצְטֶע מֶעבֶּעל זַיינֶען נִיט אִים שְׁטַאנְד אויפְצוּמוּנְטֶערֶען דֶעם עוֹלָם. מֶען שְׁפִּיערְט אִין דֶער לוּפְט דֶעם אוּנְמוּטה פוּן הוי׳ז, אִין יֶעדֶען ווִינְקֶעל אִיז קֶענְטִיג אַז דָא פֶעהלְט עֶפֶּעס. אַ וַוייל אִיז שְׁטִילל, קֵיינֶער אַיילְט זִיךְ נִיט אָנְצוּהוֹיבֶּען דָאס גֶעשְׁפְּרֶעךְ, אֲפִילוּ דֶער קְלֵיינֶער אַנְדְרֶע׳ע אִיז ווִי אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען אויף דֶער מוּטֶטֶערְ׳ס שׁוֹיס. דָאס קִינְד זֶעהט אוֹיס בְּלַאס אוֹיסְגֶעמַאגֶערְט, דִי מוּטֶטֶער וַוארְפְט אויף אִיהם פוּן צַייט צוּ צַייט אַ בְּלִיקְק אוּנ אִיהרֶע אויגֶען וֶוערֶען פַייכְט. זִי גְלֶעט צַארְט מִיט לִיעבֶּע זַיינֶע גֶעקְרוֹיזֶעלְטֶע הֶערְלֶעךְ, נוּר אִיהר הַאנְד צִיטֶערְט דַאבַּיי.

— מִיר אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט קֵיין פוּללֶע שִׂמְחָה — זָאגְט זִי עֶנְדְלִיךְ מִיט אַ זִיפְץ — אַז כְ׳הָאבּ שׁוֹין דָאס קִינְד פֶעהלְט מִיר דֶער פָאטֶער.

דִי טְרֶערֶען שְׁטִיקֶען זִי אוּנ דִי ווָארְטֶער בְּלַייבֶּען אִיהר שְׁטֶעהן אִין הַאלְז.

מַהַ׳ית דְרַייפוּסֶעס גֶעזִיכְט ווֶערְט עֶרְנְסְט, עֶר גִיבְּט אויךְ אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ אויסְשְׁטֶעקֶענְדִיג דִי רֶעכְטֶע הַאנְד צוּ דֶער גֶעזֶעללְשַׁאפְט זָאגְט עֶר:

— בֶּערוּהִיג דִיךְ, שְׁוֶועגֶערִין, אוּנ דַאנְק גָאטט דֶערְפַאר, מִיט אַ יָאהר צוּרִיק אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ עֶרְגֶער. מִיר מוּזֶען זַיין צוּפְרִיעדֶען דֶערְמִיט וָואס אַנְדְרֶע׳ע אִיז שׁוֹין בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ אוּנ הָאפֶען צוּ גָאטט, אַז מַיין לִיעבֶּער בְּרוּדֶער וֶועט אויךְ אִין קוּרְצֶען זַיין צְווִישֶׁען אוּנְז. מִיט אַ יָאהר צוּרִיק הָאט אוּנְז קֵיינֶער נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, שְׁטִיללֶערְהַייט אִין זִיךְ הָאבֶּען מִיר בֶּעוַויינְט דָאס אוּנְגְלִיקְק פוּן אוּנְזֶער

פַאמִילְיֶע הַיינְט דַאנְגֶען, זִינְט דֶער עֶדְלֶער, גֶעבִּילְדֶעטֶער מַאנן זָאלַא הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מִיט זַיין פֶעהִיגֶער פֶעדֶער, קוּמֶען אוּנְז צוּ גוּטֶע פְרַיינְד פוּן טָאג צוּ טָאג אוּנ דֶער גְרֶאסְטֶער טְהֵייל פוּן דֶער וֶועלְט זַיינֶען שׁוין אִיבֶּערְצַייגְט פוּן אַלְפְרֶעדְס אוּנְשׁוּלְד.

— גוּט גֶעזָאגְט — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער אַלְטֶער נַאטַארְיוּס נַאסְטַאסְיוּשׁ — דֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד פוּן הַיינְט בִּיז אַ יָאהר צוּרִיק אִיז זֶעהר אַ גְרוֹיסֶער. דִי גֶעבִּילְדֶעטֶע מֶענְשֶׁען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ פֶערְשְׁטֶעהֶען שׁוין יֶעצְט זֶעהר גוּט, וָואס דֶער גֶענֶעראַל-שְׁטַאבּ הָאט אָנְגֶעטְהוּן, סְ'אִיז שׁוין יֶעצְט מֶעהר קַיין סָפֵק נִיט אַז דֶער קַאפִּיטַאן דְרַייפוּס אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג אוּנ אַז דִי גַאנְצֶע זַאךְ אִיז נִיט מֶעהר וִוי אַ אִינְטְרִיגֶע פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען. מִיר דַארְפֶען דַארִיבֶּער צוּפְרִידֶען זַיין אוּנ זִיךְ אוּמְזִיסְט נִיט צוּ עֶרְגֶערֶען, נוּר אוּמְגֶעקֶעהְרְט, גֶעדוּלְדִיג וַוארְטֶען בִּיז דֶער גַאנְצֶער אֶמֶת וֶועט אַרוֹיס אוֹיף דִי לִיכְטִיגֶע שֵׁיין פוּן אוּנְזֶער פִינְסְטֶערֶער וֶועלְט.

— בִּיז דִי זוּנְן וֶועט אָבֶּער אוֹיפְגֶעהֶען קֶענְן דֶער טְהוֹי דִי אוֹיגֶען אוֹיפְעֶסֶען — הָאט הֶערְמִינְיֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט נָאךְ מִיט אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ — אִיהר, פְרֶעכְרֶע מֶענְשֶׁען וָואס שְׁטֶעהט פוּן וַוייטֶען, אִיז אַייךְ לַייכְט צוּ זָאגֶען: „וַוארְט אוֹיף שְׁפֶּעטֶער". אִיךְ אָבֶּער הָאבּ שׁוין קַיין גֶעדוּלְד נִיט. וֶוענִיג זַיינֶען מִיר שׁוין אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער קוּרְצֶער צַייט, יֶעדֶע מִינוּט הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז אָט אָט קוּמְט שׁוין דִי גוּטֶע שָׁעָה, אַלְץ אָבֶּער אִיז גֶעוֶוען גֶעגֶען אוּנְז. דֶער טוֹיגֶעניכְטְס, דֶער פַאלְשֶׁער עֶסְטֶערְהַאזִי גֶעהט אַרוּם פְרַאנְק אוּנ פְרַיי, פַּאטִי-דִי-קְלַאם מַאכְט לוּסְט-רַייזֶעס, הַאנְרִי זִיצְט מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוֹיף זַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ דַאגֶעגֶען מַיין מַאנן שְׁמַאכְט וַוייטֶער אוֹיף דֶעם טַייפֶעלְס-אִינְזֶעל. אוּנ צוּלִיעבּ אִיהם אִיז פַארְוָואגֶעלְט גֶעוָוארֶען פוּן זַיין פַאטֶערְלַאנְד דֶער גְרוֹיסֶער. קְלוּגֶער אוּנ גוּטֶער עֶמִיל זָאלַא.

— לִיעבֶּע גוּטֶע הֶערְמִינְיֶע — הָאט גֶערִיהְרְט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַלִיצְיַא טֶערְהִי אוּנ אִיז הַאסְטִיג צוּ גֶעלָאפֶען צוּ דְרַייפוּסֶעס פְרוֹי אוּנ זִי הֵייסס צוּגֶעדְרִיקְט צוּ דֶער בְּרוּסְט — אוּם גָאטֶעס ווִילֶען, רֶעג דִיךְ נִיט אוֹיף, דוּ מוּזְט זַיין אַ מוּטֶער צוּ דַיין קִינְד אוּנ דוּ הָאסְט קַיין רֶעכְט נִיט לַייכְטְזִינְנִיג צוּ פֶערְדַארְבֶּען דַיין גֶעזוּנְד. הֶערְמִינְיֶע! גֶעדֵיינְק נוּר, וִויפִיעל לֵיידֶען אוּנ צָרוֹת עֶלֶענְד אוּנ פַּיין זַיינֶען מִיר שׁוין אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען בִּיז הַיינְט אוּנ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אוּנְז דֶער גוּטֶער גָאטט נִיט פֶערְלָאזֶען, מוּזֶען מִיר הָאפֶען אַז וָואס וַוייטֶער וֶועט אַלְץ בֶּעסֶער זַיין. אִיךְ זָאג דִיר נְבִיאוּת אַז כְּ'שְׁפִּיעֶר אִין דִי לוּפְטֶען אַז דִי טֶעג וֶועט פָארְקוּמֶען עֶפֶּעס נַייעֶס, אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים הָאבֶּען שׁוין מֶעהר קַיין כֹּחַ נִיט צוּ רַאנְגְלֶען מִיט דֶעם אֶמֶת. דְרִימַאן, רַאשְׁפָּאר אוּנ זַייעֶרֶע חֲבֵרִים דִי אוּנְמֶענְשֶׁען וַוייסֶען שׁוין אַלֵיין נִיט מִיט וָואס צוּ נֶעהמֶען דָאס פֶערְבְּלֶענְדֶעטֶע פָאלְק, אוּנ פְרִיהֶער אָדֶער שְׁפֶּעטֶער מוּז דֶער אֶמֶת אַרוֹיס. נִיט גֶעזָארְגְט, מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד, דִי גַאנְצֶע קְלוּגֶע, גֶעבִּילְדֶעטֶע וֶועלְט הַאלְט מִיט אוּנְז אוּנ גָאטט וֶועט מוּזֶען הֶעלְפֶען.

אַליצַיאַס אויגען האָבען גענלאַנצט מיט פייער, זי האָט יעצט אויסגעזעהן ווי בעגייסטערט, איהר יעדעס וואָרט, ווי ס'ווייזט אויס, איז טיעף אַריין אין האַרצען פון די געסט און מתּית האָט זי אָנגעקוקט צופריעדען, גלייך ווי ער וואָלט זי וועללען דאַנקען מיט זיין וואַרעמען בליקק.

ס'איז ווידער שטילל געוואָרען אין צימער. די דינער האָבען אַריינגעטראָגען אַ פרישׁ געריכט און בּיסליכוויז האָט יעדער זיך גענומען צום עססען.

דער קליינער אַנדרע'ע האָט שוין יעצט פרייער אָנגעקוקט די פרעמדע געזיכטער, צו וועלכע ער האָט זיך ביסליכוויז צוגעוואוינט, נור מעהר ווי מיט אַלעמען האָט ער זיך געפרייט מיט דעם אַלטען קאַפּראַל מישׁאַנגע.

— מיר וועללען שוין קיין מאָל ניט פאָהרען אויף דעם לופט-באַלאָן? — האָט דאָס קינד געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

— ניין, מיין קינד, ניין ליעבער אַנדרע'ע — האָט דער אַלטער געענטפערט גערירט, זיך שפּיעלענדיג מיט אַנדרע'עס לאָקען — פּוטיפרע וועט שוין פון קבר ניט אויפשטעהען, אָה, אָה, די פיש האָבען דאָס מאָל געהאַט אַ גוטען מאָלצייט.

— אַט ערצעהלט אונז בעססער, מישׁאַנגע, ווי אַזוי אייך איז געלונגען דעם שאַרען צו געפינען — האָט לוסטיג געזאָגט דער קאַפּיטאַן קלוים גראַט.

— אָה, אָה, דאָס איז אַ לאַנגע מעשה — האָט שוין אויך פרעהליכער געענטפערט דער קאַפּראַל, ווי אַ מענש וואָס איז שטאַרק צופריעדען דערמיט וואָס ער האָט אַ געלעגענהייט זיך אויסצורעדען — דאָס איז אַ לאַנגע געשיכטע אָבער אַ שאַנע. דאָס איז געוועזען אין דעם טאָג, ווען ס'האָט זיך געענדיגט דער בעריהמטער זאָלאַס פּראָצעס, איך בין דאַן געוועזען ניט ווייט פון סוד, אַז דער גרעלער געבילדעטער מאַנן איז מיט זיין אַדוואָקאַט לאַבאָרי אַרויסגעפאָהרען פון דעם סודעבנעם הויף, זיינען אויף דעם וואַגען בעפאַללען אַ באַנדע לעדיגגעהער, וועלכע זיינען געוויס געוועזען אונטערגעקויפט פון דעם שוואַרצען מאַיאָר. איינער איז מיר געוועזען עפּעס בעקאַנט, איך קוק מיך נור גוט צו... האַ!... האַ!... דאָס איז דער בעוואוסטער פּראַצענטניק און גנב בענאַס. ער האָט געהאַלטען אין האַנד אַ גרויסע פלאַש, געוויס מיט וויטריאָל, און האָט וואַהרשיינליך געהאַט די מיינונג, דערמיט אָבצוגיסען דעם בעריהמטען שרייבער. איך האָב אָבער לאַנג ניט געקלערט און מיט איין קלאַפּ פון מיין גראָבען שטעקען צוברָאָכען די פלאַש און אין דער דערזעלבער מינוט איז בענאַס אומגעפאַללען אונטער די פיסס פון זאָלאַס פערד.

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָט זיך צולאַכט דער געוועזענער שיפס-קאַפּיטאַן — אַזאַ סוף אויף אונזערע אַללע שונאים. אויף דעם — גנב איז טאַקי מקוים געוואָרען דאָס אַלטע שפּריכוואָרט: ווער ס'גראָבט אַ גרוב פאַר עמעצען, פאַלט אַליין אין איהר אַריין.

– דִי גֶעשִׁיכְטֶע אִיז עֶטְוָואס עֶהנְלִיךְ צוּ רַאנַואַיַאקְ'ס סוֹף – הָאט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען דֶער וִויצֶע-גְרַאף עֶמִיל דִיפִּיקַארְדִין, וֶועלְכֶער אִיז בִּיז יֶעצְט גֶעזֶעסֶען שְׁטִילל פֶערְטְרַאכְט אִין זַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת – נִיט וַואהר פּוּלְקָאוְנִיק? – הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין גֶעוֶוענְדֶט צוּ פִּיקַאר'ן.

– גַאנְץ רִיכְטִיג – הָאט דֶער פּוּלְקָאוְנִיק פִּיקַאר צוּגֶעשְׁטִימְט – אִיהר הָאט אָבֶּער פֶערְגֶעסֶען אַז דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְט וֵויים דָאךְ נָאךְ גָאר נִיט פוּן דֶער גַאנְצֶער גֶעשִׁיכְטֶע.

– וִוי, דֶער פְּרוּיֶענְמֶערְדֶער, דֶער בַּאנְדִיט רַאנַואַיַאק עֶקְזִיסְטִירְט שׁוֹין אוֹיךְ נִיט מֶעהר? – הָאט אַלִיצְיַא זִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעקֶענְט לֶענְגֶער אַיינְהַאלְטֶען – אַךְ, שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, וִוי אִיז עֶס גָאר מֶעגְלִיךְ צוּ הָאבֶּען אַזֶעלְכֶע אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע נַייעֶס אוּנ קֵיינֶעם אַוָוארְט נִיט צוּ עֶרְצֶעהלֶען? פּוּלְקָאוְנִיק פִּיקַאר! וֵוייסְט אִיהר גָאר נִיט אַז דֶער גֶעלֶער מֶערְדֶער הָאט אוּנְז אַמָאל גֶעקֶענְט אַלֶעמֶען אוּמְבְּרֵיינְגֶען – אוּנְזֶער קַאפְּרַאל מִישָׁאנֶע וֶועט אוּנְז גֶעוִויס עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען וָואס מִיר שְׁלָאגֶען אִיהם אִיבֶּער זַיין גֶעשִׁיכְטֶע, רַאנַואַיַאקְ'ס סוֹף אִיז וֶועניגְסְטֶענְס פַאר מִיר נָאךְ פִיעל וִויכְטִיגֶער, וַוייל כְ'הָאב פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען שְׁטַארְק מוֹרָא גֶעהַאט.

– וֶועגֶען מַיין כָּבוֹד בִּין אִיךְ גֶעוִויסס מוֹחֵל – הָאט דֶער אַלְטֶער קַאפְּרַאל עֶרְנְסְט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ נָאךְ צֶערְטְלִיכֶער צוּגֶעדְרִיקְט צוּ זִיךְ דֶעם קְלֵיינֶעם אַנְדְרֶע'ע – כְ'וֶועלל מִיט מַיין גֶעשִׁיכְטֶע נִיט פֶערְזוֹימֶען, דֶערְוַוייל בִּין אִיךְ זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְט צוּ וִויסֶען וָואס פַאר אַ סוֹף סְ'הָאבֶּען דְרֵייפוּסֶעס שׂוֹנְאִים.

דֶער פּוּלְקָאוְנִיק פִּיקַאר הָאט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעעֶנְפֶערְט:

– נוּ. אוֹיב דִי פֶערְזַאמְלוּנְג פֶערְלַאנְגְט דוּרְכְאוֹיס צוּ הֶערֶען דֶעם סוֹף פוּן דֶעם זִינְדִיגֶען פְרוֹיעֶנְמֶערְדֶער, וֶועל אִיךְ גֶעוִויס נִיט זַאלֶעוֶוען מַיין מִיה, כְ'וֶועל עֶס אָבֶּער מַאכֶען אִין קוּרְצֶען, וַוייל אוּנְזֶער אַנְדְרֶע'ע, דַאכְט זִיךְ, וֶועט בַּאלְד אַיינְשְׁלָאפֶען אוּנ אָהן אִיהם וֶועט דָאךְ גֶעוִויס מַאדַאם דְרֵייפוּס מִיט אוּנְז נִיט בְּלַייבֶּען.

– אָה נֵיין, פוּן הַיינְט אָן וֶועל אִיךְ מִיךְ שׁוֹין מִיט מַיין אוֹצָר נִיט שֵׁיידֶען – הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט הֶערְמִינְיֶע אוּנ צוּ פְרִיעדֶען מִיט לִיעבֶּע אָנְגֶעקוּקְט אִיהר בֶּן־יָחִיד.

– גֶעוִויס אִיז עֶס אַייךְ אַלֶעמֶען בֶּעקַאנְט – הָאט דֶערְוַוייל אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַיין עֶרְצֶעהלוּנְג דֶער פּוּלְקָאוְנִיק פִּיקַאר – אַז אַ טָאג פַאר מַיין חֲתוּנָה מִיט מַיין יֶעצְטִיגֶע כַּלָּה הָאט מִיךְ דֶער גֶענֶערַאל מֶערְסְיֶע פֶערְשִׁיקְט אִין טוּנִיס אִין אַפְרִיקַא. דָאס אִיז גֶעוֶוען עֶקְסְטְרַא מִיט כַּוָונָה, כְ'זָאלל דָא נִיט בְּלַייבֶּען, אוּנ אוֹיסֶערְדֶעם הָאט דֶער גֶענֶערַאל-שְׁטַאבּ גֶעהָאפְּט, אַז מִיךְ וֶועט דָארְטֶען גָאר אִין קוּרְצֶען גֶעהמֶען דִי קוֹיל פוּן אַרַאבֶּערְס פַייֶלֶען, נָאטְט אָבֶּער הָאט גֶעשׁוֹינְט מַיין גֶעזוּנְד אוּנ כְ'לֶעב נָאךְ בִּיז יֶעצְט. עֶסְטֶערְהַאזִי מִיט פַּאטִי דִי־קְלַאמֶען זַיינֶען אָבֶּער גֶעוֶועזֶ

זֶעהר אוּנרוּהִיג אִיבֶּער דֶעם, וָואס דִי קויל וָויל מִיךְ נִיט נֶעהמֶען אוּנ זַיי הָאבֶּען אויסְגֶעקְלֶערְט אַ נַייֶעם מִיטֶעל, וִוי אַזוֹי מִיךְ אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט. מִיט גֶעלְד הָאבֶּען זַיי אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דֶעם מֶערְדֶער רַאנַואַיַאק פוּן גֶעפֶענְגְנִיס אוּנ מִיט אַ פַאלְשֶׁען פַּאס אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צוּ מִיר אִין אַפְרִיקָא. דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעהַאט פוּן זַיי אַ בֶּעפֶעהל, וִוי ס'אִיז מִיךְ אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט. כ'הָאבּ גֶעוָואהְנְלִיךְ דֶערְפוּן נִיט גֶעוואוּסְט אוּנ בִּין זִיךְ מִיט אִיהם בֶּעגַאנְגֶען, וִוי מִיט אַלֶע קַאלְרַאמֶען.

נָאר אִין קוּרְצֶען אָבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעמוּזְט אוֹיף זִיךְ שְׁפִּיעֶרֶען זַיין נְקָמָה, דֶער גֶעלֶער גַנָב הָאט שְׁטִילֶערְהֵייט פוּן מַיין שְׁרַייבּ-טִישׁ אַרָאבְּגֶעגַנְבֶעט אַ פַּאפִּיער אוּנ דוּרְךְ דֶעם אָנְגֶעמַאכְט אַ בֶּאזֶע אִינְטְרִיגֶע צְווִישֶׁען מִיר אוּנ צְווִישֶׁען דִי אַנְפִּיהְרֶער פוּן דִי בֶּעדוּאִינֶער, צוּפֶעלִיג בִּין אִיךְ דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אוּנ וִוירְקְלִיךְ דוּרְךְ אַ נַאהֶערֶען וואוּנְדֶער אִיז עֶס מִיר גֶעלוּנְגֶען דִי אִינְטְרִיגֶע אויפְצוּקְלֶערֶען, אִין דֶעם הָאט מִיר פִיעל גֶעהָאלְפֶען דֶער אַדְיוּטַאנְט, וֶועלְכֶער הָאט פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט אָן נִיט גֶעקֶענְט לַיידֶען דֶעם פֶערְשְׁטֶעלְטֶען פְרוֹיעֶנְמֶערְדֶער. עֶר אִיז אִיהם נָאכְגֶע-נַאנְגֶען טְרִיט בַּיי טְרִיט, בִּיז עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין בֶּאזֶע כַּוָונָה, גֶעוִויכְס וֵוייס דָאךְ יֶעדֶערֶער פוּן אוּנְזֶער גֶעעֶהרְטֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט וִוי וַוייט דִי אַרַאבֶּער לַיידֶען נִיט דָאס פַאלְשְׁקֵייט אוּנ רְכִילוּת, דָאס אִיז בַּיי זַיי אֵיינֶע פוּן דִי גְרֶעסְטֶע עֲבֵרוֹת, דֶער אַנְפִּיהְרֶער פוּן דִי בֶּעדוּאִינֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם הֶעכְסְטֶען אַרְט אויפְגֶערֶעגְט, וֶוען עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וִוי וַוייט דֶער מֶערְדֶער רַאנַואַיַאק הָאט אִיהם גֶעוָואלְט פֶערְפִיהְרֶען.

— „כ'וֶועלל מִיךְ שׁוֹין מִיט אִיהם אָבְּרֶעכֶענֶען אוֹיף אוּנְזֶער אוֹפֶן" — הָאט דֶער עֶהרְלִיכֶער בֶּעדוּאִינֶער גֶעזָאגְט אוּנ עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט.

עֶר הָאט פוּן מִיר אַ וָוארְט גֶענוּמֶען, כ'זָאלל פַאר רַאנַואַיַאקֶען קֵיין מִיעֶנֶע נִיט וַוייזֶען, אַז כ'ווייס פוּן עֶפֶּעס אוּנ עֶר הָאט אִיהם גֶעלָאזְט רוּפֶען צוּ זִיךְ.

מַיין אַדְיוּטַאנְט הָאט מִיר נָאכְהֶער אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶענוֹי, וִוי דִי זַאךְ אִיז פָארְגֶעקוּמֶען.

— אִיהר הָאט בַּיי מִיר אַ חוֹב — הָאט דֶער אַנְפִּיהְרֶער פוּן דִי בֶּעדוּאִינֶער גֶעזָאגְט, וֶוען דֶער פֶערְשְׁטֶעלְטֶער רַאנַואַיַאק אִיז אַרַיין צוּ אִיהם אִין גֶעצֶעלְט —

— כ'בִּין זָאגַאר נִיט אויסֶען גֶעוֶועזֶען קֵיין בֶּעלָאהנוּנְג — הָאט דֶער מֶערְדֶער גֶעפְּרוּ-בִּירְט זִיךְ צוּ צוּ חַנְפֶענֶען צוּ דֶעם עֶהרְלִיכֶען אַרַאבֶּער.

דֶער קְלוּגֶער אַנְפִּיהְרֶער אָבֶּער הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט הֶערֶענְדִיג אוּנ וַוייטֶער גֶעזָאגְט:

— אַלְזָא, מַיין פְרַיינְד, יֶעצְט אִיז גֶעקוּמֶען דִי צַייט מִיר זָאלֶען זִיךְ אָבְּרֶעכֶענֶע-נֶען, דוּ הָאסְט בֶּעווִיזֶען גֶעגֶען מִיר אַ פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ אִיךְ בִּין מְחוּיָב דִיר גֶעהֶערִיג אָבְּצוּדִינֶען. מִיר, בֶּעדוּאִינֶער, הָאבֶּען לִיעבּ דַאנְקְבַּאר צוּ זַיין. אָט דָא אוֹיף דֶעם

מ'ש האָט דו ליעגען גאָלדענע מַטְבֵעוֹת מאַך דיר פול דיינע טאַשען, ווי פיעל ס'וועט נור אַריין.

דער געשיקטער גַנָב האָט זיך דאָס מאָל געלאָזט פערפיהרען, ער איז געוועזען זיכער אַז דער אַראַבער רעדט עס ערנסט, ער האָט זיך אויך לאַנג ניט געלאָזט בעטען און אָנגעשטאָפּט פולע טאַשען מיט גאָלד.

– דאָס איז נאָך אָבער ניט אַלץ – האָט אונטערדרעסט ווייטער געזאָגט דער אַנפיהרער פון די בעדואינער – דו ביזט ווערט נאָך אַ גראָסערע בעלאָהנונג און כ'מוז דיר שיינקען דאָס טייערסטע פון מיינע אַלע זאַכען. דו ווייסט דאָך אַז בּיי אונז אַראַבער איז דאָס פערד נאָך טהייערער ווי גאָלד און זילבער, איין פערד האָב איך וואָס אויף איהם איז נאָך קיינער ניט געריטען און דאָס שיינק איך דיר אויך אַוועק.

דער פרויענמערדער איז צוגעפאַללען דעם עדעלען אַראַבער צו די פיסס, ער האָט גאָר פון גרויס שִׂמְחָה ניט געהאַט קיין ווערטער אין מויל.

דער אַנפיהרער, האָט אָבער דערווייל אַ צייכען געגעבען מיט דער האַנד און די מינוט איז פאַר זיין פאַלאַטקע שטעהן געבליבען אַ יונג שאַן פערד.

– זעץ דיך אַרויף – האָט ער בעפאָהלען דעם מערדער מיט די רויטע האָר – דו וועסט אָבער ניט קענגען אייגזיצען אויף דעם אונרוהיגען פערד, וועלען דיך מיינע מענשען פעסט צובינדען.

און אינדעם האָט געשטעקט דער גאַנצער וויטץ.

די מינוט האָבען די אַראַבער צוגעבונדען פעסט ראַוואַיאַקען צום פערד, דער אַנפיהרער האָט גאָבדעם אַ שמיץ געגעבען דאָס פערד מיט אַ בייטש און אין אַ ווייליע שפּעטער האָט מען נור געזעהען פון ווייטען, ווי ס'הויבט זיך אויף אין דער הויך אַ באַרג מיט שטויב פון דעם אַפריקאַנישען מִדְבָּר.

– און דאָס איז שוין דער סוף? – האָט אינטערעססאַנט געפרעגט דער געוועזענער שיפס-קאַפּיטאַן.

– ניין, נאָך ניט אין גאַנצען – האָט געלאַסען געענטפערט פּיקאַר – ראַוואַיאַק האָט געהאַט אַ סוף ווי ער האָט עס עהרליך פערדיענט.

צוריקקאָהרענדיג פון אַפריקא קיין פראַנקרייך בין איך ערשט געוואָהר געוואָרען, אַז דאָס פערד האָט איהם פערטראַגען ווייט אין דער מִדְבָּר און דאָרטען זיינען דאָס פערד מיט זיין רייטער דערשטיקט געוואָרען פון אַלייב. ראַוואַיאַק, וואָס ער האָט אין זיין לעבען געשטיקט אַזוי פיעל אונשולדיגע פרויען, האָט צום סוף אויך געמוזט ענדיגען מיט אַזאַ סוף, איהם האָבען אַפילו ניט געהאָלפען די גאָלד-שטיקער, מיט וועלכע ס'זיינען פול געוועזען זיינע טאַשען.

– אֶפְשַׁר איז עס אין דעם דער זְכוּת פון מיין עלענדען מאַנן? – האָט מיט אַ זיפץ זיך אָבגערופען הערמינע – ניט ווילענדיג מוזען מיר גלויבען אַז ס'איז

דא אַ גאַנץ אויף דער וועלט, וואס רעכענט זיך אָב מיט יעדעם לויט זיין פערדיענסט.

—דאס זעלבע איז אויך געוועזען מיט אונזער פּוטיפרע'ן—האט לוסטיג געזאגט מישאנגע, וועלכער האט זיך קוים דערווארט פּיקאר זאל ענדיגען זיין געשיכטע—זי האט געוואָללט ערטרינקען אונזער ליעבען אנדרע'ע איז זי אלליין אומגעקומען אין ים.

ביי די ווארטער האט ווער אנגעקלונגען אין טהיר.

—ווער קען עס זיין אזוי שפּעט? —האט זיך געוואונדערט מתית—אונזערע געבעטענע גאסט זיינען, דאכט זיך, אַלע שוין דא.

—וואהרשיינליך קריעגען מיר גוטע נייעס—האט אליציא בעמערקט פון איהר זייט און די אויגען ניט אראבגענומען פון די טהיר.

אין עטליכע מינוט שפּעטער איז אין צימער אריין דאקטאר בורגער. ס'איז גענוג געוועזען צו ווארפען א בליק אויף זיין צופריעדענעם געזיכט, כדי צו וויסען אז ער האט געבראכט גוטע און וויכטיגע נייעס.

—מענשען זיצען דא גאנץ געלאססען און ווייסען גאר ניט וואס ס'טהוט זיך אין גאסס—האט ער געזאגט אין איין אטהעם.

—וואס? —האבען אלע געסט געפרעגט אין איין קול.

—פיעל נייעס, גאנץ פּאריז איז שוין אויף דערמיט. הענרי לעבט ניט מעהר.

—הענרי? —האט מתית שוין האסטיגער איבערגעפרעגט און שנעלל זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט.

—יא, היינט אין דער פריה איז הענרי אויף דעם מיניסטער קאוואניאק'ס בעפעהל געווארען ארעסטירט און מיט א שעה צוריק האט ער זיך אלליין דאס לעבען גענומען מיט א גאָל-מעססער. לויט די עקסטראבייללאגען פון די צייטונגען, ווייזט אויס האט הענרי זיך מודה געווען, אז ער האט געפעלשט פיעל פּאפּירען פאר דעם גענעראל-שטאב, און דאריבער איז דער שווארצער מאיאר, גראף עסטערהאזי היינט ענטלאפען פון פאריז. אין שטאדט רעדט מען שוין אז פאטי-די-קלאם קלויבט זיך אויך אין וועג.

—נאכדעם וואס מיר האבען דא געהערט—האט דער נאטאריוס נאסטאסיוס זיך אבגערופען, איז ניט דא קיין פיעל צייט צו פערליערען, מיר מוזען די מינוט אויפזעטצען א נייע ביטטע, אין וועלכער מאדאם דרייפוס וועט נאך אמאל בעטען איבערצוזעהען דעם מאננס פּראצעס...

אין צימער איז ווידער געווארען שטילל, יעצט אבער איז געוועזען קענטיג אז דא האט אויפגעהערט דער אונמוטה און ס'הויבט זיך אן א וועלט פול מיט האפ-פנונג אויף די צוקונפט.

גוטע פריינד האבען זיך געקושט, הערמיניע האט פון פריידע לאנג ניט

גֶעקֶענְט אַוָוארְט רֶעדֶען און מַתִּית אִיז גֶעוֶוען ווִי צוּמִישְׁט פוּן אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אֵיין ווִיצֶע-גְרַאף אִיז נוּר גֶעשְׁטַאנֶען אַלֵיין בַּיי דֶער קְהָלִישֶׁער שִׂמְחָה אִיז אִיהם דוּרְכְגֶעפְלוֹיגֶען אִין קָאפּ אַ טְרוֹיעֶרִיגֶער גֶעדַאנְקֶען. עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט דִי שֶׁאנֶע פַאאָלֶען, וואו אִיז זִי יֶעצְט? וָואס טוּיג אִיהם זַיין לֶעבֶּען אָהן אִיהר? צוּ וָואס הָאט אִיהם גֶעלָאהנְט דוּרְכְפִּיהרֶען אַזַא פְּרָאצֶעסס, זִיךְ בֶּעפְרַייעֶן פוּן דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען חֵטְא כְּדֵי נָאכְדֶעם זִיךְ אַרוּמְטְרַייבֶּען אֵיינְזַאם אִיבֶּער דִי וֶועלְט, אֵיינְזַאם און עֶלֶענְד, אָהן לִיעבֶּע, אָהן הָאפְנוּנְג . . .

– לֶעבֶּען זָאלל דְרַייפוּס, גֶעווֶעלְטִיגֶען זָאלל דֶער יוֹשֶׁר! – הָאט פְּלוּצְלוּנְג דֶער ווִיצֶע-גְרַאף דֶערְהֶערְט אַ קוֹל הִינְטֶער זִיךְ.

עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט און דֶערְזֶעהֶען ווִי דֶער דָאקְטָאר בּוּרְגֶער טְרִינְקְט בְּרוּדֶערְשַׁאפְט צוּ דֶעם אַלְטֶען לֶעאָנֶע.

– סְ'זָאלֶען לֶעבֶּען אַללֶע גֶעדְרִיקְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס לַיידֶען אוּנְשׁוּלְדִיג אוֹיף דֶער זִינְדִיגֶער וֶועלְט – הָאט דֶער אַלְטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט און אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען דִי גְלָאז ווַיין . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## II.

# אויף דעם טייפעלס-אינזעל.

נאך דעם ווי דער קאיענער גובערנאטאר האט דערהאלטען די בעוואוסטע דעפעשע פון פאריז, איז דרייפוסעס לאגע אויף דעם טייפעלס-אינזעל געוואלדיג ליכטער געווארען. דער געוועזענער קאפיטאן האט שוין יעצט געהאט די מעגליכקייט ווען ניט ווען ארויסצוגעהען פון זיין קאמעריל שפאצירען אויפ'ן אינזעל, וואנאר אהן א וועכטער, אונ [illegible]האט אנצוקוקען מיט דעם רוישענדען ים, מיט די הויכע סקאלעס. דרייפוס איז אבער ניט גערן געגאנגען ביי טאג שפאצירען, די קאיענער זונן ברענט שרעקליך אונ די בייזע קאמארעס בייסען, אז ס'גלוסט זיך ניט צו בעווייזען אויף דער לופט. דאגעגען אבער פלעגט ער מיט פערגניגען טרעפפען די קיהלע נאכט. קוים האט זיך די זונן בעהאלטען אין מערב זייט אונ אויף דעם בלויען הימעל האט זיך בעוויזען די שאנע לבנה מיט איהר כאר שטערן, פלעגט דרייפוס האסטיג זיך אויפהויבען פון געלעגער אונ שנעלל לויפען צו דעם אלטען אדער דעם קאלעקען מיראוויטץ. אונ ווי א שאטען פלעגט זיין דארע אויסגעמאגערטע פיגור דורכלויפען דעם שטיללען אינזעל. ס'איז שווער געווען אין דעם אויסגעדארטען אויסגעטריקענטען יונגער מאנן צו דער קאנען דעם אמאהליגען שאנען אונ געזונדטען קאפיטאן אלפרעד דרייפוס. די אמאליגע פוללע באקען זיינען יעצט איינגעפאללען, אונטער די אויגען בלוי, דאס געזיכט בלאס אונ דער גאנצער קערפער איז געווארען ווי דורכזיכטיג, אריינער סקעלעט פון טרוקענע ביינער דערצו איז דער קאפיטאן ווילד אין גאנצען בעוואקסען מיט האר וואס מאכט נאך זיין פיגור שרעקליכער אונ פיעל פעראלטערט.

ס'איז געווען א שטיללע רוהיגע נאכט, איינע פון יענע קאיענער נאכט ווען די נאטור איז ווי איינגעשלאפען אונ די הויכע שפיטציגע סקאללעס שטעללען אוים זייערע קעפ, גלייך ווי זיי וואללטען זיך פלייסיג צו הערען צו דער ווילדע מעלאדיע פון דעם ים, וועלכער וויל ניט וויסען, וואס טהוט זיך ארום איהם, נור האלט אין איין זינגען, תמיד די זעלבע מעלאדיע פון גליקק אונ אונגליקק,

פון צרות און נחת פון קלאגען און פרייד. דער ים זאגט דאס זיינע און די הויכע סקאלעס שאקלען צו מיט׳ן קאפ, גלייך ווי זיי ווילען אויך מסכים זיין אז אויף דער וועלט איז ניט אלץ אין ארדנונג. דער שקר שפרינגט אין דער הויך, פערנעהמט דען בעסטען און שענסטען פלאץ אומעדום. און דער אמת מוז זיך ניט ווילענדיג אונטערגעבען. —

אין אזא נאכט איז דרייפוס געזעססען ביי דעם קראנקען בעט פון זיין חבר מיראוויטץ. דער אלטער האט שוין קוים געמאכט מיט די ליפען און ס׳איז געווען קאנטיג, אז ער גויססעט.

— זייט ניט אזוי פערצווייפעלט — האט איהם פרובירט צו טרייסטען דער געוועזענער קאפיטאן — גאטט קען נאך העלפען און איהר וועט נאך געזונד ווערען.

— ניין ליעבער פריינד — האט דער אלטער מיט מיהע איהם געאנטווארט — איהר ווייסט גאנץ גוט, אז כ׳האב ניט קיין מורא פאר דעם טויט, אין מיין לעבען האב איך ווענינ גליקק און נחת געהאט, כ׳זאלל אזוי באנגען נאך איהם, מיר שרעקט נאר איבער דער געדאנקען, וואס ס׳איז געווארען מיט מיין עלענדער מאכטער, נאך עהדער ווי כ׳וועלל צומאכען די אויגען, וואלט איך נאך געוואללט וויססען, וואו זיינען אהינגעקומען איהרע עלענדע ביינער.

פון גרויסס אויפרעגונג האט זיך דער אלטער צו הוסט, מ׳האט איהם אנגעהויבען צו שטיקען אין האלז.

— פאאללא — האט ער ווייטער געהארכעלט מיט׳ן האלז... קינד מיינס... זיי געזונד... צוליעב דיר האט דיין פאטער... ניט איין... מאל געזינדיגט... געווארען א מארדער... א פאלשער — אלץ — צו ליעב דיר... גאט זאלל מיר... מוחל זיין... פאללא... פאאללא... א...

ער אלטער האט נאך אמאל שטארק א הארכעל געגעבען מיט׳ן האלז אנ־ געהאפט מיט ביידע הענד אן דרייפוססעס האנד, באלד אבער איז ער צוריק אנידערגעפאללען אויף דעם געלעגער און אהן בעוועגונג געבליבען ליעגען.

ער איז געשטארבען... איז דרייפוססען דורכגעפלויגען א געדאנקען אין מוח... געשטארבען... און א שוידער איז איהם אריבער איבער אללע גליעדער. מירא־ וויטץ איז געוועזען דער איינציגער מענש, וועלכער האט איהם דרייפוסען געקענט צוגעבען מוט אין לעבען, ער איז געוועזען דער איינציגער, פאר וועלכעם דער פערוואגעלטער קאפיטאן האט געקענט אויסוויינען זיין פערביטטערט הארץ, אויסרעדען די צרות. יעצט בלייבט ער עלענד ווי א שטיין, ניט דא מיט וועמען א ווארט צו רעדען, קיין טרייסט קיין האפנונג.

און ווי פיל פון בויגען לויפען דורך פאר דרייפוססען פערשיעדענע בילדער פון זיין לעבען. פיער יאהר זיינען שוין פערלאפען זינט איהם האט דאס אונגליקק

געטראָפען, דריי יאָהר פלאגט ער זיך שוין דא אויף דעם טייפעלס אינזעל. דריי יאָהר האט ער שוין ניט געזעהען די ווייב דאס קינד און די ליעבע פאמיליע. אומזיסט האט ער אנגעווענדעט אללע מיטטעלן זיך צו פערטיידיגען, אומזיסט האט ער געשריבען צו זיינע געוועזענע גענעראלען, אומזיסט פארגאסען טרערען. און די ביטטעס צו דעם פּרעזידענט, צו גאנץ פראנקרייך מע זאלל אויפהערען זיינע טענות... דער שונא איז שטארקער פון איהם און ער, דער אומגליקליכער, מוז זיך קוועללען אונשולדיג ווי דער ערגסטער מענש אויף דער וועלט.

און וואס וועט זיין דער סוף... ער איז נאך יונג, דער בייזער מזל וויל איהם דען טוידט פאר דער צייט ניט ברייננגען און ער וועט נאך מוזען אין דער איינזאמקייט זיך קוועללען אהן אויפהער א לאנגע רייהע פון יאהרען.

א קאלטער שווייס בעדעקט דרייפוסעס שטערן, ער פערגעסט שוין אן דעם טוידטען חבר, וועלכער ליעגט יעטצט בנעימות אויף דעם בעט. גלייך ווי אויף דער וועלט וואללט גאר קיין צער ניט געוועזען, דרייפוסעס מחשבות זיינען יעטצט ווייט, גאר ווייט דארט אהין, וואו ס'געפינען זיך הערמיניע, אנדרע'ע מיט דעם געליעבטען ברודער מתיה.

ווי פיעל וואללט דרייפוס געגעבען, ער זאלל קענען אויף איין ווייל א קוק געבען, וואס ס'טהוט זיך יעטצט אין פאריז, צעהן יאהר לעבען וואלט ער אוועקגעשאנקען פאר א בריעף, א בלאט צייטונג.

נור ניין די אמת'ע געגענווארט וויל ניט אנדערש ווערען.

אט זינגט ווייטער דער ים זיין ליעדעלע, די הויכע שפּיטציגע קקאלעס פון דעם פערשאלטענעם טייפעלס־אינזעל ריהרען זיך פון ארט ניט און דרייפוסען קלעבען זיך ניט ווילענדיג די אויגען צו. ער וויל זיך מיט געוואלד אברייסען פון שלאף, ס'געהט אבער ניט, אומזיסט די מיהע. די אויגען קלעבען זיך וואס א מאל מעהר און ער שלאפט איין, און דאכט זיך איהם אז ער פאהרט שנעלל שנעלל, זעהער שנעלל, ווי אויף פליגלען, אט זעהט ער שוין דעם הויכען שפּיטץ פון אייפעל־טהורם, אט איז שוין דער שפּיטץ פון דעם קאסטיאל נארמאנדאי און האט רוישען שוין און זידען פאריזער גאססען, נאך א מינוט און ער איז שוין אין פאריז, נור אויף דעם ארט פון זיין הויז פון זיין וואהנונג איז א בארג מיט אש, די גאנצע גאסט איז פול מיט בעשאפּפענטע קאלדאטען און דער שווארצער מאיאר גראף עסטערהאזי געהט פאראוים מיט א בלויזען שווערט און פיהרט די קאנאנדע.

— וועמען פיהרט מען דא? — פרעגט דרייפוס זיך אליין אין שלאף. ניט לאנג ווארטענדיג קריגט ער א אנטוואָרט, דאס פיהרט מען זיין אלטען גרויסען זיידען. ער דערקאנט איהם אין אויגענבליק לויט דעם פארבערט, וואס ס'איז געהאנגען ביי אלפרעדס פאטער אין גאבינעט.

— פַאר וָואס, זֵיידֶעשֶׁע, הָאט מֶען דיר גֶעבּוּנְדֶען דִי הֶענְד מִיט דִי פִּיסִם? פְרֶעגְט דְרֵייפוּס אוּנ וָויל צוּלוֹיפֶען צוּם זֵיידֶען.

בַּיי דֶער פְרַאגֶע לַאכְט זִיךְ דֶער שְׁוַוארְצֶער מַאוְאר אוֹיס מִיט אַ ווִילְדֶען א בֵּייזֶען גֶעלֶאכְטֶער אוּנ אַלְפְרֶעד דֶער גֶעוֶועזֶענֶער קַאפִּיטַאן הֶערְט דֶעם אַלְטֶע תְשׁוּבָה:

— וואוּנְדֶער דִיךְ נִיט מַיין קִינְד, אַזוֹי, לִיעבֶּער אַלְפְרֶעד, אִיז שׁוֹין דֶער מַ פוּן אוּנְזֶער מִשְׁפָּחָה... אָבְּגֶעלֶעבְּט אַ גַאנְץ לֶעבֶּען בְּשַׁלְוָה, נִיט גֶעוואוּסְט פוּן קַ נוֹיט, אוּנ פְּלוּצְלוּנְג אוֹיף דֶער אֶלְטֶער פַאלְלְט מֶען אַרַיין אִין אַ מַאוּסֶען חְשַׁד א ס'הֶעלְפֶען דַאמָאלְס נִיט דִי בֶּעסְטֶע אַדְוָואקַאטֶען, דִי קְלוּגְסְטֶע טַעֲנוֹת.

רוּהִיג דַאכְט זִיךְ הָאבּ אִיךְ אָבְּגֶעלֶעבְּט מַיין בִּיסֶעל יָאהְרֶען, קַיין פְּ אוֹיף דֶער וַואנְד נִיט גֶעריהְרְט, גֶעהַאט כָּבוֹד אִיבֶּעראַל, אִי פוּן דִי שְׁכֵנִים, אִי פ בֶּעקַאנְנְטֶע, אוּנ אוֹיסְגֶעלַאזֶען הָאט זִיךְ מַיין לֶעבֶּען זֶעהֶער, זֶעהֶער שְׁלֶעכְט.

— וָואס אִיז דֶען גֶעשֶׁעהֶען? — הָאט ווִיעדֶער עֶרְשְׁרָאקֶען אַלְפְרֶעד דְרֵייפוּ גֶעפְרֶעגְט.

— יָא! — הָאט בִּיטֶער דֶער אַלְטֶער אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען, אוּנ מִיט אַ שְׁוֶוערֶ זִיפְּטְץ וַוייטֶער גֶעזָאגְט!

דוּ ווייסְט, אַלְפְרֶעד, וֶוענְגֶען וָואס מֶען בֶּעשׁוּלְדִיגְט דַיין אַלְטֶען, גְרוֹיסֶען זֵיידֶע אִיךְ אַלְטֶער מַאן בִּין פֶערְקְלָאגְט פַאר אַ רְצִיחָה, שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען זָאגֶען פַאלְ עֵדוּת, אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אַ קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד גֶעהַרְגֶעט כְּדֵי פוּן זַיין בְּל מַצוֹת צוּ בַּאקֶען, דוּ קֶענְסְט דָאךְ דֶען אַלְטֶען בִּלְבּוּל, עֲלִילַת־הַדָם... אָט אִין דֶ אִיז מֶען מִיךְ חוֹשֵׁד.

— שְׁרֶעקְלִיךְ! הָאט דְרֵייפוּס פוּן שְׁלָאף אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן!... אוּנ דוּ שְׁוַוייגְסְ לִיבֶּער גְרָאסְפָּאטֶער, דוּ לָאזְט דִיךְ רוּהִיג פִּיהְרֶען גֶעשְׁמִיעדְט אִין קֶעטֶען?

— נֵיין, מַיין קִינְד, כְּ'שְׁוַויג גָאר נִיט, כְ'הָאבּ וֶועלְטֶען אוֹיפְגֶערוּדֶערְט, אַלֵ מַיינֶע בֶּעקַאנְנְטֶע אוֹיף דִי פִּיסִם גֶעשְׁטֶעלְלְט, פְּ'קָאכְט מִיר גֶענוּג גֶעלְד אוּנ בְּלוּ וָואס קוּמְמְט אָבֶּער אַרוֹיס, אַז דֶער שׂוֹנֵא אִיז שְׁטַארְקֶער פַאר אוּנְז, אוּנ כְ'מוּז ג ווִילֶענְדִיג גֶעדוּלְדִיג לֵיידֶען דִי צָרוֹת.

דָאךְ בַּיי דֶען אַלֶעמֶען פֶערְצְוַוייפֶעל נִיט מַיין קִינְד, מִיר יוּדֶען הָאבֶּען נ אֵיין הִילְף — אַ גָאטְט אִין הִימֶעל, עֶר וֶועט אוּנְז בֵּיידֶען אוֹיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען, כ שְׁטַאמֶען אוֹיךְ אַרוֹיס פוּן דֶעם פָאלְק, וֶועלְכֶער הָאט אִין זַיין צְוֵוייטוֹיזֶענְד־יָאהְרִיגִ גֶעשִׁיכְטֶע נִיט אֵיינְמָאל גֶעלִיטֶען פַאר אַ פַאלְשֶׁען בִּלְבּוּל, נִיט אֵיינְמָאל הָאט מֶ אִיהם גֶעבְּרֶענְט אוֹיף פַייעֶר, גֶעשְׁטָאכֶען מִיט שְׁפִּיזֶען, אָהְן אַ סִבָּה, נִיט אֵיין קְדוֹ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן יְסוּרִים מִיט דֶעם גֶעשְׁרֵיי: כְ'בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג, נִיט אֵיין עֶהְרְלִיכֶ יוּד הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט מֵמִיתוּן, אוּנ נִיט גֶעשְׁוָוארֶען פַאלְשׁ.

אזוי איז שוין דער מַזָל פון אונזער אָרעם פָאלק, און מיר זיינע קינדער מוזען אויך ליידען.

ס'וועט אָבער קומען א צייט, ווען די זונן וועט שיינען אין אונזער פענסטער אויך, ווען דער אֱמֶת וועט גוֹבֵר זיין דעם שֶׁקֶר און דעמאָלט וועט אונזער אונשולד אויך קלאָהר ווערען, און....

אַלפרעד דרייפוס האט נאך געוואָלט עפּעס פרעגען, ס'איז אָבער געווען צו שפּעט, מיט איינמאל איז געוואָרען א איבערקערעניש אויף אַלץ. די שאַנע גאַססען פון פּאריז זיינען פערשוואונדען געוואָרען פון זיינע פערשלאָפּפענע אויגען און אויף זייער אָרט האט ער יעטצט געזעהען אין חָלוֹם א גרויסען וויסטען אינזעל.

— דאס איז דער טייפעלס אינזעל — האט דרייפוס צו זיך אַלליין געזאָגט אין שלאָף — און פּלוצלינג האט אָנגעהויבען רוישען א שטאַרקער שטורם־ווינד, די סקאַלעס האָבען געפּלאַצט פון גערודהער, די בלומען זיינען אומגעפאַללען און דער יַם האט זיך ווי אויסגעגאָססען פון זיינע ברעגעס.

דער אַלטער גרויער זיידע מיט זיינע ווערטער איז אויך פערשוואונדען געוואָרען און פאַר דרייפוס'עס אויגען לויפען יעטצט פאַרביי אין דעם געטומעל דער רויטער ראַוואַיאַק, דער בייזער סערזאַנט זיראַרדין, דער שלעכטער אויפזעהער מורילא און דער בייזער גובערנאַטאָר גרעפּפין און איבער זיי אַללעמען שוועבט אין די לופטען די טייפעלשע פיגור פון דעם שוואַרצען מאיאָר.

— גאָטט, מיין גאָטט, וואו בין איך — האט דרייפוס געקרעכצט פון שלאף און פּלוצלינג האט ער דערשפּירט ווי עמעציר וועקט איהם אויף ביי דער האַנד.

אַז דרייפוס האט נאך א לאַנגער ווייל די אויגען מיט געוואַלד געעפּפענט איז געבען איהם געשטאַנגען דער וועכטער ראַזע.

— א דעפּעשע איז דא צו אייך — האט איהם דער וועכטער מיט א שמייכעל געזאָגט.

— צו מיר — האט דרייפוס האַסטיג געפרעגט און אויסגעשטעלט אויף דעם וועכטער א פּאָר אויגען.

צו מיר זאָגט איהר א דעפּעשע, פון וועמען? כ'האָב דאך שוין עטליכע יאָהר פון קיין מענשען קיין נאַכריכט געהאט, אַפילו פון מיין איינענער פאַמיליע, און דער געוועזענער קאַפּיטאַן אַלפרעד דרייפוס האט זיך צוויינט ווי א קינד.

דער שרעקליכער חָלוֹם און די אונפערהאָפטע נאַכריכט האָבען אויף איהם א שטאַרקען רושם געמאַכט, יעדער גליעד אין איהם איז ווי פערגליווערט געוואָרען און ער האט אַלליין ניט געוואוסט וואס דא טהוט זיך ארום איהם.

— יאָ צו אייך — האט דער גוטער וועכטער ראַזע דערווייל ווייטער געזאָגט — וואס האט מען די דעפּעשע פון גובערנאַטאָר דורך א עקסטרען שליח געבראַכט,

כ'האב איך אַ לאַנגע צייט אַרומגעזוכט און קוים געפונען דאָ בײַ דעם טוידטען מיראָוויצען.

דער וואָרט „טוידטען" האָט דרייפוסען אין גאַנצען אויפגעמונטערט פון שלאָף. האַסטיג האָט ער געעפענט די דעפּעשע קוים אָבער האָט ער איבערגעלייענט עטליכע שורות האָט ער ווילד אַ געשריי געגעבען.

– הערמיניע... מיין גאָטט... רעוויזיאָן... און ער איז אין אונמאַכט געפאַללען.

דער עדעלער ראָזע האָט איהם אָבגעמינטערט מיט קאַלט וואַסער און נאָכדעם האָבען זיי ביידע צוזאַמען שוין געלאַסענער איבערגעלייענט פאָלגענדען אינהאַלט פון דער דעפּעשע!

– „היינט איז בעשטעטיגט געוואָרען די רעוויזיאָן פון דיין פּראָצעס, כ'איז אַ גרויסע האָפפנונג, אַז דער אמת וועט ענדליך אַרויסקומען, האָפף צו גאָטט און צום יושר. זיי געזונד און געגריסט פון דיין געטרייע הערמיניע..."

דער געוועזענער קאַפּיטאַן אַלפרעד דרייפוס האָט ווידער אַ שווערע זיפץ געגעבען און אין זיינע אויגען האָבען זיך ווידער בעוויזען טרערע אָבער שוין ניט פון פערצווייפלונג, נור פון פרייד.

# ענדע פון צווייטען און לעצטען טייל.



# מודעה

די הערויסגעבער פון דעם בעריהמטען ראמאן „קאפיטאן דרייפוס" זוענגע
מודיע די געעהרטע לעזער דאס זיי איז געלונגען צו בעקוממען אויס פארי

## דרייפוס'ס בריעף געשריבען איי־געהענטיג צו זיין פרוי אונ פאמיליע פון געפאנגנים אונ פון טייוועלס־אינזעל.

די בריעף ערשיינען אין העפטען, פרייז פיר יעדען העפט **5** קאפ׳, מיט פארטא **7** קאפ׳

אין גאנצען וועט זיין אונגעפעהר 8 העפטען.

עס איז ארויס פון דרוק דאס **3**-טע העפט.

צו בעקוטמען אין אללע בוכהאנדלונגען.

אדרעססע פון הויפטפערקויף:

**Книжный магазинъ А. Цукермана,** Варшава, Налевки № 15.

---

# דער ראמאן

# קאפיטאן דרייפוס

וועט אין גאנצען בעשטעהען פון **54** העפטען.



